דער

# ווילנער באַלעבעסל

אָריגינעלער היסטאָרישער ראָמאַן פון 19טען יאָרהונדערט

פון

שאול ספיר

בוך צוויי

# DER VILNER BALEBESL

**Historical Novel**

**By SAUL SAPHIRE**

# קאפיטעל 1

שפעטער, צו מיטאָג, ווען ר׳ מרדכי און ריינקע זיינען געקומען פון געשעפט און אלע האָבען זיך געזעצט ביים טיש, האָט לאה׳לע זיך קוים באַהערשט ארויסצואווייזען איהר גרויסע פרייד. זי האָט געוואוסט, אז איהרע עלטערען זאָלען אנפאנגען ריידען מיט איהר וועגען דעם, זיי זאָלען פריהער איהר ווינשען גליק. אָבער ווען זי האָט געזעהן, אז זיי ריידען ניט וועגען דעם, איז זי געוואָרען אומרוהיג... ווער ווייסט, אפשר האָבען זיי שוין חרטה... אָדער אפשר האָט חנה׳לע זיי ניט ריכטיג פארשטאנען...

אלע האָבען געשוויגען. איהר פאָטער און יואל דוד האָבען גענומען בענשען און די דינסט האָט שוין אוועקגענומען די געפעס פון טיש.

חנה׳לע און יואל דוד האָבען זיך צוריקגעצויגען צו זייער צימער...

— לאה׳לע, קום אריין, מיר ווילען מיט דער עפעס ריידען — האָט ריינקע זיך צו איהר אָנגערופען.

לאה׳לע איז נאָכגעגאנגען איהר מוטער און זיי זיינען אריינגעקומען אין גאסט צימער... ר׳ מרדכי איז געזעסען אויף א שטוהל און אריינגעקוקט אין א ספר. ווען ער האָט דערזעהן זיין פרוי און טאָכטער אריינקומענדיג, האָט ער צוגעמאכט דעם ספר.

— זעץ זיך, לאה׳לע — האָט ר׳ מרדכי אָנגעוויזען אויף א שטוהל נעבען איהם.

לאה׳לע האָט עפעס א ריס געטאָן אין הארצען... לויט ווי חנה׳לע האָט איהר איבערגעגעבען, אז זיי האָבען איהר שוין געוואונשען גליק, האָט זי ערוואַרטעט, אז איהר מאמע זאָל זיך מיט איהר צעקושען און ווינשען איהר מזל טוב, פונקט ווי זלאטע, לייב׳ס מאמע האָט עס צו איהר געטאָן... אָבער אנשטאט דעם האָט זיך איהר מאמע אנידערגעזעצט נעבען איהר און זי קוקט גאָר אויף איהר טאטען...

— הער זיך איין, לאה׳לע — האָט ר׳ מרדכי מיט צערטליכקייט זיך אנגערופען — געוויס האָט דיר שוין חנה׳לע איבערגעגעבען וועגען אונזער געשפּרעך נעכטען אָווענט.

— גוט, גוט, איצט וויל איך דיך פרעגען איינינע פראגעס — האָט ער איהר ניט געלאָזט ענדיגען — זאָג מיר לאה׳לע, האָסטו לייבקען באמת ליב מיט דיין גאנצען לייב און לעבען...

— יע טאטע! איך האָב איהם ליב מיט מיין לייב און לעבען.

— ביזטו גרייט צו ברייגנען קרבנות פאר דיין ליבע... אָט וועל איך דיר ערקלערען וואָס איך מיין: דו ביזט אויפגעבראכט געוואָרען אין א רייכע הויז פון דיין קינדהייט אָן האָסטו ניט געוואוסט פון נויט... דו האָסט שטענדיג געהאט א שעהנע, באקוועמע היים. די בעסטע שפּייזען און גע־טראנקען. מען האָט דיך באדינט און דיר האָט גאָרניט געפעהלט. די שענסטע קליידער האָט מען פאר דיר גענייט. דיין מאמע האָט דיך ניט געלאָזט איינטונקען א פינגער אין קאלטע וואסער... איצט פרעג איך דיך, ווייסטו וואָס פאר א לעבען דו האָסט זיך אויסגעקליבען?

— איך ווייס, טאטע.

— לייבקע איז א בעל מלאכה, א סטאָליער... איך דאַרף דיר ניט דער־צעהלען וואָס פאר א גליקען עס ערווארט א סטאָליער, דו זעהסט עס טאקע פון לייבקע׳ס טאטען ר׳ יהושע זעליג. ער איז א איד אן אָרימאן. ער מוטשעט זיך... ווען ער האָט ארבייט פארדינט ער קוים אויף פּרנסה, בפרט ווען ער קאָן קיין ארבייט ניט געפינען... איצט מעג איך דיר עס זאָגען. עס זיינען געווען צייטען ווען ער האָט געוואוינט אין מיין הויף וואָס ער האָט זיין דירה געלט ניט געקענט צאָהלען... איך האָב איהם פון איהם ניט געמאָנט. פּארקעהרט, איך האָב איהם נאָך אויסגעבאָרגט עטליכע רובעל און איהם געזאָגט, אז ער וועט ביי מיר פּאר דעם אָפּארבייטען... דו דארפסט וויסען, אז ר׳ יהושע זעליג איז א גוטער בעל מלאכה... און איצט דיין לייבקע... גלויבסטו, אז דו וועסט קאָנען זיין גליקליך מיט איהם אין אָרימקייט און אין נויט... אויב דו האָפּסט אויף דעם, אז מיר וועלען איהם אריינגעמען אין אונזער געשעפט. קאָן זיין אז דו וועסט זיך נאכהער ענטוישען. ווייל אונזער געשעפט איצט איז שוין ניט דאָס וואָס עס איז געווען מיט צעהן יאָהר צוריק. מיר האָבען צוגעקראָגען א סך קאָנקורענטען... דערווייל שלאָגען מיר זיך נאָך ווי עס איז דורך. אביסעל פון הויף, אביסעל פון קראָם. אָבער דו דארפּסט וויסען, אז מלוכה לייגט מיט יעדען יאָהר ארויף אַלץ מעהר שטייערען, די שכנים מיינע זיינען דאָס רוב זעהר אָרים און צאָהלען די דירה געלט ניט פּינקטליך... איינינע האָבען שוין מיר קיין דירה געלט ניט געצאָהלט שוין באלד זעקס מאנאטען וואָס קאָן איך טאָן? פון דירה ארויסוואַרפען זיי ווילט זיך ניט, אָבער ווייטער אָנהאלטען אזוי איז אויך אונמעגליך... און ווען די לאגע וועט זיך ניט פארבעסערען קאָן איך דיר ניט צוזאָגען, אז מיר וועלען איהם

אַריינגעמען אין אונזער געשעפט, בפרט ווען ער האָט אפילו ניט קיין ער־פאַהרונג.

— אַט דאָס, טאַטע, האָב איך זיך געקליבען דיך טאָקע צו זאָגען — האָט לאה'לע אויסגערופען — איך וועל זיך שעצען אַ סך גליקליכער ווען מיין ליבעלע וועט בלייבען ביי זיין מלאכה.

— וואָס?! דו ווילסט ער זאָל פאַרבלייבען אַ סטאָליער! — האָט ריינקע שוין זיך אַריינגעמישט.

— פון די רייד פון טאַטען זעה איך דאָך, אז אַ געשעפטסמאַן! שטעהט אויך ניט פאַר קיין גרויסע גליקען... אַט איז ער אַליין באַזאָרגט וועגען קאָנקורענטען, וועגען די גרויסע שטייערען וואָס מלוכה לייגט אַרויף... אמת, אַ געשעפטסמאַן קאָן זיין פאַרדינט מעהר, אָבער דערפאַר מוז ער אָנהאַלטען זיין שטאַט. ער מוז פיהרען אַ רייכע הויז. ער מוז האָבען אַ דינסט. אַ בעל מלאכה אָבער האָט זיך ניט וואָס צו שעהמען. ער לעבט זיך לויט זיינע פאַר־דינסטען, און ער דאַרף ניט זאָרגען, אַז די מלוכה וועט אַרויפלייגען שטייערן אויף זיין אַרבייט. יע, טאַטע, איך וועל זיך שעצען אַ סך גליקליכער ווען ליבעלע בלייבט אַ סטאָליער. איך דאַרף ניט קיין רייכע וואוינונג, איך ברויך ניט קיין דינסט. אַ דאַנק גאָט, איך בין געזונט און איך קאָן אַליין טאָן די שטוב אַרבייט. און אויב איך בין דערצו ניט געוואוינט, וועל איך זיך צוגעוואוינען... וויפיל מאָל האָב איך געהערט ווי דו ברענגסט פון תנ"ך אַ פסוק אַז עס איז בעסער אַ שטיקעל טרוקען ברויט מיט רוהיגקייט און ליבע... יע, איך וועל זיין אַ סך גליקליכער צו לעבען מיט מיין ליבעלען אין נויט און אין אָרימקייט, איידער אין לוקסוס און רייכטום מיט איינעם וועמען איך האָב ניט ליב.

— נו, דאָס אַלעס וואָס איך האָב געוואָלט הערען פון דיר — האָט ר' מרדכי זיך אויפגעשטעלט און אַ קוש געטאָן זיין טאָכטער אין קאָפּ זאָל גאָט געבען, אַז עס זאָל דיר זיין ווי דו ווינשט זיך אַליין.

— אַ, טאַטע! — איז לאה'לע איהם געפאַלען אויפ'ן האַלז און גע־נומען קושען.

— זאָל דיר זיין מיט גליק, מיין טאָכטער — האָט ריינקע זי אַרומ־גענומען און באַדעקט מיט קושען — איך ווייס, אַז ליבעלע וועט דיר זיין אַ געטרייער און איבערגעגעבענער מאַן... אַז ער איז אַן עהרליכער און פרו־מער בחור. יע, מיין טאָכטער, מיר ווילען איהם איינלאַדען ער זאָל קומען צו אונז פרייטאָג צו נאַכט צום עסען. מיר וועלען זיך דאָן דורכריידען און מיר וועלען באַשטימען דעם טאָג פון אייער חתונה.

— אַ, מאַמע, ווי גליקליך איך בין! — האָט לאה'לע זי ווידער גע־קושט — איך וועל זיך מיט איהם היינט זעהן און דאָס איהם זאָגען.

— וואו וועסטו זיך זעהן מיט איהם? פרעגט די מאַמע.

— ביי יאַכע'ן אין שטוב!

— נו, איצט פאַרשטעה איך שוין — האָט ריינקע געלאַכט — איך האָב אַ פּאָר מאָל באַמערקט לייבקען אַריינקומען צו יאַכע'ן אין שטוב און

איך האָב זיך געוואונדערט וואָס ער טוט דאָרט. איצט פארשטעה איך, אז דו פלעגסט זיך מיט איהם טרעפען ביי איהר.

— יע, מאמע, אז צו אונז אין הויז איז ער ניט געווען ערלויבט אריינצוקומען, האָב איך זיך געמוזט טרעפען מיט איהם ערגעץ אנדערש און יאַכע איז געווען אזוי גוט צו מיר.

— נו, פון איצט אָן וועסטו שוין ניט דארפען זיך טרעפען מיט איהם אין יאַכע'ס הויז. ער וועט שוין קאָנען ארויפקומען אהער. ער איז דיין חתן... יע, נאָך א זאך וויל איך דיר זאָגען, מיין טאָכטער. איך און דיין טאטע האָבען באשלאָסען איהם אריינצונעמען אין אונזער געשעפט, און דאָס וואָס דיין טאטע האָט דיר געזאָגט פריהער, אז עס איז אונמעגליך, האָט ער דיר געוואָלט אויספּרובירען ווי שטארק דיין ליבע איז צו לייבקע'ן. אמת, די געשעפטען זיינען איצט ניט ווי געווען, אָבער איך גלויב, אז מיר וועלען אלע צוזאמען קאָנען דורכקומען.

— אָ, מאמע, וועגען דעם בין איך ניט באזאָרגט — האָט לאה'לע געזאָגט מיט שטראהלענדע אויגען — וואָס מיין לייבקע וועט ניט טאָן, וועלען מיר ניט פארפאלען געהן... איך האָב איהם ליב און ער האָט מיך ליב, דארף מען דען א שטארקערען פונדאמענט אויף וואָס צו בויען אונזער ליבעס נעסט?...

— גערעכט, לאה'לע, ליבע איז דער שטארקסטער פונדאמענט פאר א יונגע פּאָר צו בויען זייער צוקונפט. געדענק, פארגעס ניט איהם צו בעטען צו קומען צו אונז פרייטאג צו נאכט.

כאָטש אין ר' מרדכי'ס הויז האָט זיך געטומעלט. אלע זיינען געווען אויפגערעגט און מען האָט ניט אויפגעהערט צו ריידען וועגען לאה'לען און איהר חתן, איז יואל דוד געזעסען א גאנצען טאָג אין זיין צימער, ער האָט כלומרשט אריינגעקוקט אין א ספר אלס אן אויסרייד, אָבער אין דער אמת'ן האָט ער געטראכט וואָס צו טאָן היינט אָוונט, אז ער וועט דארפען קומען צו קרוזשענסקי'ן אין הויז, אין דעם איז דאָך קיין צווייפעל ניט... ער האָט דאָך פארשפּראָכען און מען וועט דאָרט אויף איהם ווארטען... ער וועט מוזען האלטען זיין וואָרט, איבערהויפּט צו דער אנטיסעמיטקע, וועלכע האָט זיך פון אָנפאנג ניט געוואָלט געפינען מיט איהם אין איין צימער... זי האָט איהם שטארק געבעטען און ער האָט איינגעשטימט... די פראגע איז אָבער וואָס פאר אן אויסרייד ער קאָן געבען חנה'לען. זאָל ער זאָגען, אז ער וויל וויטער נעמען א שפּאציר, איז היינט א רעגענדיגער טאָג. ער האָט ארויסגעקוקט פון פענסטער און דער רעגען הערט ניט אויף... א דריבנער רעגען וואָס געהט דורך די ביינער. יע, א פיינער אָוונט פאר א שפּאציר...

היין און צוריק שפּרייזט יואל דוד ארום איבער זיין צימער. ער קנייטשט דעם שטערען, ער זוכט אן אויסוועג און קען ניט געפינען.

— וואָס וואָלט געווען ווען ער זאָגט חנה'לען דעם אמת? — לויפט

דורך א געדאנק אין זיין מח — ניין. דאן! וועט ער איהר מוזען דערצעהלען אויך וועגען זיין ערשטען באזוך און ער האָט דאָך איהר שוין געזאָגט אזא ליגען... זי וועט זיך נעמען צום הארצען... סטייטש, ער זאָל איהר זאָגען א ליגען... ניין, זי טאָר פון דעם ניט וויסען... זי איז אויף דער צייט און זי וועט זיך אויפרעגען צופיל...

ווידער האָט זיך יואל דוד צוגעזעצט און צוגעלייגט זיין האנט צו זיין שטערען. זיין מח האָט זיך איהם געשפּאָלטען... וואָס טוט מען? ער איז נאָך קיין מאָל אין זיין לעבען ניט געווען אין אזא פארלעגענהייט...

באלד איז איהם געקומען א געדאנק, אז ווען ער זאָל זיך דורכריידען מיט שייקע פייפער, דעם באָס פון זיין כאָהר, וואָלט ער איהם שוין געגעבען אן עצה. ער איז א כיטרער דורכגעטריבענער יונג... ער וועט איהם אפילו ניט דארפען אָנפארטרויען אלץ. ער וועט איהם בלויז זאָגען, אז ער דארף ערגיץ וואו געהן און וויל ניט, אז זיין פרוי זאָל פון דעם וויסען, דעריבער זוכט ער אן אויסרייד... יע, דאָס וועט זיין די בעסטע זאך. ער וועט זיך דארפען זעהן מיט שייקע פייפער...

יואל דוד האָט אָנגעטאָן זיין מאנטעל און ער איז צוגעגאנגען צו חנה'ן און געזאָגט:

— איך געה אוועק אויף א ווייל'ע, איך קום באלד צוריק.

— וואוהין געהסטו אין אזא שלעכטען וועטער? — פרעגט זי איהם.

— איך וויל זיך אריבערכאפּען צו ר' שלמה'לען. איך האָב נאָר וואָס אריינגעקוקט אין דער גמרא און איך האָב זיך אָנגעשטויסען אויף א שווע־רען פּלאָץ און איך וואָלט וועלען אז ר' שלמה'לע זאָל עס מיר ערקלערען.

— טאָ וואָס איז דאָ אזוי די אייל'עניש? — רופט זיך אָן חנה — דאָס קאָן דאָך ווארטען. אין דרויסען רעגענט און עס איז קאלט.

— נאכהער וועל איך פארגעסען... נו, וואָס אז עס רעגענט. איך האָב אָנגעטאָן די קאלאָשען. איך וועל נעמען א שירעם... איך וועל זיך לאנג ניט זאמען. אפשר וועל איך דערווייל דאווענען אויף מנחה...

— טהו אָן אָט די שאלקע — האָט חנה גענומען ארומוויקלען א שאלקע ארום זיין האלז — דו דארפסט זעהר פאָרזיכטיג זיין זיך ניט צו פארקילען.

יואל דוד האָט ארומגענומען חנה'לען און געזאָגט:

— וואָס וואָלט איך געטאָן אָהן דיר, מיין טייערע, דו גיסט אזוי אכטונג אויף מיר.

— און איך אָהן דיר וואָלט געוויס ניט געקאָנט אויסקומען — האָט חנה איהם ארומגענומען און א קוש געטאָן. זיי פאָרזיכטיג, מיין ליבער, ווי דו געהסט.

יואל דוד האָט א קוש געטאָן די מזוזה און איז ארויס פון הויז... ער האָט באשלאָסען טאקע אריינצוקומען פריהער אין ר' שלמה'לעס הויז, ער האָט איהם וואָס צו פרעגען... אויסער דעם איז ער זיכער, אז ער איז איצט

ניט איז דער היים, ווען ער שוין האבן דעם אויסרייד אז ער איז דארט געווען און איהם ניט געטראָפען.

ווען ער איז אריינגעקומען אהין האט איהם די רביצין פיין אויפגע־נומען און זי האט איהם געהייסען ווארטען.

— ער איז איצט אין בית דין שטיבל, אט וועל איך איהם שיקען רופען.

— ניין, רביצין, עס איז ניט נויטיג... די זאך איז ניט קיין דרינגענדע... איך בין פארבייגעגאנגען האב איך זיך דערמאָנט, אז איך האב געהאט אין זינען איהם צו פרעגען וועגען א שווערען עניין פון דער גמרא. איך וועל אריינקומען אן אנדערש מאל, און אפשר וועל איך איהם היינט נאך זעהן צו מעריב.

יואל דוד איז שנעל ארויס פון דארט און איז גלייך אוועק צו שייקע פייפער, וועלכער האט געוואוינט אין א קעלער ביי א שוסטער אויף דער אידישער גאס...

יואל דוד האט אהין ניט געוואָלט אריינגעהן, האט ער צוגערופען א אינ־געל, וועלכער איז געווען אין הויף און איהם געהייסען ארויסרופען שייקע פייפער. ער האט איהם געגעבען א פירער (צוויי קאָפּיקעס) און דאס אינגעל האט דורכגעפיהרט זיין שליחות. שייקע פייפער איז ארויסגעקומען און ער איז דערשטוינט געווארען צו זעהן דעם שטאָט חזן ווארטענדיג אויף איהם אין טויער.

— וואס איז, ר' יואל דוד? — האט שייקע פייפער איהם געפרעגט פארוואונדערט.

— איך וויל זיך מיט דיר האלטען אן עצה. דו ווייסט דאך, אז איך האלט דיך פאר א קלוגען און ביטרען יונג... איך בין איצט אין זעהר א גרויסע פארלעגענהייט. איך האב צוגעזאגט צו זיין היינט ביינאכט אין א פלאץ און איך קאן מיין ווארט ניט ברעכען... קיינער פון מיין משפחה טאר פון דעם ניט ווייסען. איך וויים אליין ניט ווי לאנג איך וועל זיך דארט דארפען זאמען... וואלט היינט געווען א שעהנער טאג, וואלט איך געקענט זאגען, אז איך געה ארויס אויף א שפּאציר... אבער אנגעבען אזא תירוץ איז אונמעגליך, ווייס איך ניט וואס צו טאן.

שייקע פייפער האט א ווײלע א טראכט געטאן און פּלוצלונג האט ער זיך א כאפּ געטאן פאר'ן בויך און זיך גענומען דרעהען און קארטשען, און אויסגערופען:

— אוי, איך שטארב... מיינע מינוטען זיינען געצעהלטע.

יואל דוד האט זיך שטארק דערשראָקען און איהם אונטערגעהאלטען ער זאל ניט פאלען...

— וואס איז מיט דיר, שייקע — האט ער אויסגערופען.

שייקע האט זיך דאן אויסגעגלייכט און פאנאנדערגעלאכט, זאגענדיג:

— איך האב א פלאן. איך וועל טאקע שיקען דעם זעלבען אינגעל צו אייך אין הויז מיט א צעטעל. איך וועל שרייבען, אז איך האלט ביים

שטארבען און איהר מוזט קומען צו מיר, ווייל איך האב אייך צו דער־צעהלען זעהר א וויכטיגע זאך איידער איך שטארב...

— און וואס וועט זיין נאכהער? — פרעגט איהם יאול דוד, לאכענדיג.

— נאכהער אז איהר וועט קומען אהיים וועט איהר זאגען, אז איך האב בלויז געהאט א שטארקען בויך וועהטאג, ווייל איך האב אויפגעגעסען א קאלטען קוגעל וואס איז פארבליבען פון שבת... און איך בין באלד געזונט געווארען.

יואל דוד האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ און צוגעשמייכעלט:

— א כיטרער איינפאל... איז ווען וועסטו צושיקען דעם אינגעל מיט'ן צעטעל?

— ווען דארפט איהר אוועקגעהן?

— ארום א פערטעל צו זיבען.

— דאס אינגעל וועט שוין זיין אין צייט. איך וועל איהם געבען א צעהנער (פינף קאפיקעס) וועט ער שוין פליהען.

יואל דוד האט ארויסגענומען א צעהנער פון זיין קעשענע און איהם געגעבען ער זאל באלוינען דעם אינגעל.

— איך וועל דיין טובה ניט פארגעסען. אבער איין זאך בעט איך דיר, דו זאלסט קיינעם ניט דערצעהלען וועגען דעם.

— ווי קום איך צו דערצעהלען אזא זאך... יעדענפאלס ווייסט איהר דאך, אז וואס איך זאל ניט דערצעהלען גלויבט מען מיר אלץ איינס ניט.

— אז דו וועסט האבען אלץ דורכגעפיהרט ווי עס באדארף צו זיין, וועסטו עפעס פון מיר געניסען — האט יואל דוד געזאגט, און ער איז אוועק א צופרידענער, וואס איהם איז איינגעפאלען זיך צו ווענדען צו שייקע פייפער.

יואל דוד האט זיך דערווייל ארייגעכאפט אויף דעם שול הויף און ער האט געדאווענט מנחה, דערנאך איז ער צוגעקומען צום בית דין שטיבעל און דארט געטראפען ר' שלמה'לען. מיט איהם א ווילע פארבראכט. ער האט איהם אויך עפעס געפרעגט א פראגע פון דער גמרא און דערנאך איז ער אוועק אהיים א בארוהיגטער. איצט האט ער זיך ניט וואס צו זארגען.

קומענדיג אהיים האט ער חנה'לען דערצעהלט, אז ער איז געוועזן ביי ר' שלמה'לען און די רביצין האט איהם געזאגט, אז ער געפינט זיך אין בית דין שטיבעל, איז ער אהין אוועק. ער האט דערווייל געדאווענט מנחה און זיך געזעהן מיט ר' שלמה'לען.

ער האט אויפגעעפענט די גמרא און ארייגעקוקט. א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זיינע ליפען.

— איך מוז דיר זאגען, חנה'לע, אז ר' שלמה'לע איז טאקע גאר א גרויסער למדן. ער האט אלץ פאר מיר אזוי קלאר געמאכט. איצט איז עס פאר מיר פארשטענדליך.

חנה'לע האט אאנגעקוואלען. א וואס פאר א טייערען מאן זי האט

אויסער זיין גרויסען טאלאנט אלס חזן, האט ער נאך ליעב אריינצוקוקען אין א גמרא... ווי שטארק איהר טאטע וועט זיך פרעהען ווען זי וועט איהם דערצעהלען, אז אין דעם קאלטען רעגען האט זיך יואל דוד ניט געפוילט צו געהן צו ר' שלמה'לען צו פרעגען איהם א פראגע פון דער גמרא... אוי, גאטעניו, זאל עס איהר נאר ניט פארשטערט ווערען...

אין אווענט נאכ'ן עסען האט זיך יואל דוד צוריקגעצויגען צו זיין צימער. חנה'לע איז פארבליבען אין עס־צימער מיט איהרע עלטערען און איהר שוועסטער און זיי האבען גערעדט וועגען די פלענער פון לאה'לעס חתונה. מערקווירדיג, אין די אפטע געשפרעכען, וואס פלעגען פארקומען אין דער לעצטער צייט, האבען ביידע, ר' מרדכי און ריינקע, נאר געפונען חסרונות אויף ליבקען, אויף זיין יחוס און אויף זיין פאך. איצט אבער האבען זיי נאר גערעדט פון זיינע מעלות, אז ער איז א שעהנער, געזונטער יונג. ער איז עהרליך, פרום און ניט קיין פוילער. לאה'לעס אויגען האבען געשטראהלט פון גליק . . . וואס פאר אן ענדערונג עס איז פארגעקומען אין איהרע עלטערען. זי איז אזוי גליקליך . . . די מאמע רעדט שוין וועגען איהר חתונה קלייד און וועגען אנדערע זאכען, וואס האבען א שייכות צו איהר חתונה.

עס האט זיך פלוצלונג דערהערט א קלאפ אין טיר און ווען די דינסט האט געעפענט די טיר איז אריינגעקומען א קליין אינגעל.

ריינקע האט זיך אויפגעשטעלט און איהם געפרעגט וואס ער פארלאנגט.

— איך האב א צעטעל צו שטאט חזן פון שייקע פייפער.

חנה'לע איז צוגעלאפען צו איהם און האט ביי איהם גענומען דעם צעטעל און האט עס גלייך איבערגעגעבען יואל דוד'ן, זאגענדיג:

— א אינגעל האט עס נאר וואס געבראכט פאר דיר. ער זאגט, אז שייקע פייפער האט עס איהם געגעבען.

יואל דוד האט איבערגעלייענט דעם צעטעל און גענומען שאקלען מיט'ן קאפ.

— וואו איז דאס אינגעל? — פרעגט יואל דוד.

— ער איז שוין אוועק! — האט איהם חנה'לע געענטפערט. — אבער וואס איז געשעהען?

— שייקע פייפער איז פלוצלונג קראנק געווארען, — האט יואל דוד א זאג געטאן. — ער פארלאנגט איך זאל צו איהם קומען. ער שרייבט, אז ער איז געפעהרליך קראנק געווארען.

— דער שווארץ יאהר וועט איהם ניט נעהמען! — האט ר' מרדכי אויסגערופען. — א נייע זאך, דו זאלסט צו איהם געהן איצט ביינאכט אין א רעגען! . . .

— איך וועל אבער יא געהן, שווער! — האט יואל דוד געזאגט.

— מן הסתם האט אימיצער דעם לץ אנגעבראכען די ביינער, וואס ער

האט כשר פארדינט. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, יואל דוד, אז איך האָב זיך שוין לאַנג געקליבן דיך צו בעטן, אז דו זאָלסט שייקע פייפער׳ן ארויסוואַרפן פון דיין כאָר . . . ער איז א גראָבער יונג, א פּרוסטער יעגער, א פּרעכער ווייַזלינג. עס פּאַסט גאָר ניט פאַר דיר דו זאָלסט איהם האַלטן אין דיין כאָר!

— א פיינע צייט, טאַטע, האָסטו געפונען צו ריידן אזוי וועגן איהם צו יואל דוד׳ן. דו הערסט דאָך, אז ער איז זעהר קראַנק . . . ווער ווייסט וואָס מיט איהם האָט דאָרט פּאַסירט?

— איך געה שוין אריבער צו איהם! — האָט יואל דוד גענומען זיין מאַנטעל.

— איך וועל מיט דיר מיטגעהן, יואל דוד! — האָט חנה׳לע זיך אָנגעבאָטען.

— וואָס רעדסטו, חנה׳לע! — האָט יואל דוד אויסגערופען. — דו, אין דיינע אומשטענדען, וועסט געהן אין אזא נאַכט! בלייב בעסער אין דער היים!

איך בעט דיך, זאָג זיך ניט! וואָס קאָנסטו דאָרט טאָן פאַר איהם?

— האָט זיך רייזקע אָנגערופען. — די בעסטע זאַך וואָלט געווען ווען דו רופסט דעם צירולניק אָדער דעם רופא!

— איך וועל זעהן פריהער וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט. אויב עס וועט זיין נויטיג, וועל איך שיקען נאָכ׳ן רופא.

— אָבער אז דו וועסט זיך זאַמען, וועט חנה׳לע זיין באַזאָרגט! — האָט רייזקע געזאָגט.

— חנה׳לע, דו האָסט ניט וואָס צו זאָרגען! — האָט זיך יואל דוד צו איהר אָנגערופען. — איך וועל זעהן זיך ניט צו זאַמען, אָבער טאָמער וועט מיין באַזוך געדויערען לענגער, זאָלסטו ניט זאָרגען! געה שלאָפען און וואַרט ניט אויף מיר!

—איך וועל ניט זאָרגען! — האָט איהם חנה׳לע פאַרזיכערט, — אָבער זיי זעהר פאָרזיכטיג ווי דו געהסט!

יואל דוד האָט אָנגעטאָן זיינע קאַלאָשען, גענומען דעם שירעם און איז ארויס פון הויז. א ווייַלע איז ער געבליבען שטעהן לעבען טויער פון הויף. נאָכהער האָט ער גענומען געהן. זיין האַרץ האָט איהם גענומען קלאַפּען. ער האָט געפיהלט, ווי ער באַגעהט דאָ א גרויסען פאַרברעכען. פאַרוואָס האָט ער דאָס באַדאַרפט טאָן? . . . ער איז שוין ניט מעהר קיין אינגעלע. ער קאָן טאָן וואָס איהם געפעלט. ער האָט באַדאַרפט דערצעהלען דעם אמת . . ער איז א זינגער און אלס א זינגער האָט ער א רעכט צו זיין פאַראינטערעסירט אין זאַכען, וואָס האָבען א שייכות צו זיין פאַך . . . ער קאָן א סך נאַשען פון זיי . . חנה׳לע וואָלט איהם פאַרשטאַנען. זי פאַרשטעהט איהם זעהר גוט . . . אָבער זיין שווער און די אַנדערע באַלע־באַטים וואָלטען עס זיכער שלעכט אויסגעטייטשט. אפשר איז טאַקע בעסער אזוי, אָבער ער האָט ניט געטאָן גוט וואָס ער האָט אָנגעמאַכט דעם טומעל

מיט שייקע פייפער. ווער ווייסט, אויב מען וועט נאכהער אויסגעפינען דעם גאנצען אמת!

ווען ער האט זיך דערנעהנטערט צו קרוזשענסקי׳ס הויז, האבען זיינע געדאנקען שוין גענומען אן אנדער ווענדונג. א מאָדנער געפיהל האט איהם באנומען, א געפיהל פון אומזיכערקייט . . . ער קומט אריין אין אזא פרעמדער סביבה, די מענשען זיינען אזוי אנדערש. אמת, מען האט איהם דאָרט געמאכט צו פיהלען היימיש. מען האט איהם שטארק געלויבט און זיי האבען זיך ביי איהם געבעטען ער זאל קומען א צווייטען מאל . . . אבער נאטאשא, די פארביסענע אנטיסעמיטקע ווי זי האט גענוצט אָפּ־שפּאַטען אין איהר הארצען פון זיין הילוך, און פון דעם וואס ער האט זיין הוט ניט אויסגעטאָן. אלע זיינען געזעסען אין הויז אהן היטלען און ער האט זיין הוט געטראָגען. אפשר איז עס ניט רעכט געווען פון זיין זייט! פארוואס זאל ער זיין הוט ניט אויסטאָן ווען ער קומט אריין צו זיי אין הויז? נאך אלעמען איז עס גאר ניט אזא פארברעכען! באלד אבער האט ער זיך דערשראָקען פאר זיינע אייגענע געדאנקען. וואס הייסט, ער וועט געהן מיט׳ן הוילען קאָפּ און טאָמער זיינען דאָרט אין הויז פאראן איקאָנעס און זייערע "הייליגע" בילדער, וועט דאך אויסקומען, אז ער טוט אויס זיין הוט פאר זיי! עס איז פּונקט ווי ער וואָלט געדינט צו עבודה זרה! ניין, ער וועט טראָגען זיין העט און זאל די אנטיסעמיטקע פּלאצען!

יואל דוד האט געקראָגען אין קרוזשענסקי׳ס הויז נאך א ווארימערע אויפנאמע ווי צום ערשטען מאל. נאטאשא האט איהם געגעבען די האנט און איהר מוטער האט איהם געבעטען זיך זעצען. יואל דוד ווייסט אליין ניט ווי אזוי דאס איז געשעהן. אבער ער האט אראָפּגענומען זיין הוט פון קאָפּ. ער האט עס ערשט באמערקט אין זיין האנט, און צוריק אנטאָן די הוט האט שוין ניט געפּאסט. דאַ איז צו איהם צוגעקומען מאניושקא און גענומען דריקען זיין האנד און נאסטאשא האט ביי איהם גענומען די הוט און זיין מאנטעל.

יואל דוד האט געפיהלט א שוידער איבער זיין לייב . . . ווי קומט עס צו איהם? ער איז דאך דאָרט בגילוי ראש! . . . איצט זעהט ער, אז די חכמים זיינען געווען גערעכט, איין עבירה פיהרט צו א צווייטער . . .

באלד האבען איהם אלע ארומגערינגעלט. זיי האבען איהם געלויבט פאר זיין פּינקטליכקייט. ער איז געקומען פּונקט אין צייט.

— איך מוז אייך זאָגען, מיין פריינד, — האט מאניושקא זיך אָנגע־רופען צו איהם, — אז נאך דעם, ווי איהר זייט אוועקגעגאנגען פאר־געסטערן אין אָוונט, האבען מיר פון אייך ניט אויפגעהערט צו ריידען. מיר זיינען אלע געקומען צום באשלוס, אז צו אייך איז קיין גלייכען ניטאָ אין היינטיגען דור . . . אייער שטימע איז די שעהנסטע און קרעפטיגסטע שטימע וואס איך האב ווען געהערט. אויסער דעם איז אייער אויער אזוי עמפּינדליך צו מוזיק, אז איהר קאָנט איבערנעהמען די שווערסטע אריע בלויז מיט איין מאל הערען.

— איך מוז אייך זאָגען, אז איך האָב אייער קומען ערווארט מיט דער גרעסטער אומגעדולד — האָט נאסטאשא זיך צו איהם געווענדעט מיט א שמייכעל אויף איהרע ליפּען. — איך האָב אין מיין לעבען ניט געהאט אזא פארגעניגען, ווי איך האָב עס געהאט לעצטען מאָל, ווען איהר האָט פאר אונז געזונגען.

— מיין טאָכטער איז גאָר געוואָרען איינגאנצען אן אנדערע זינט זי האָט אייך געהערט זינגען! — האָט קרוזשענסקי, לאַבענדיג, זיך אָנגעזרופען. — איצט קאָן מען דאָך אייך דערצעהלען . . . מיין טאָכטער האָט שטענדיג געהאט א פאראורטייל געגען אידען... עס איז אזא קראנקהייט, אָבער צום באדויערען, ליידען א סך פון אונז פון אָט דער דאָזיגער מחלה... און איך מוז אייך דאנקבאר זיין, וואָס איהר האָט מיין טאָכטער אויסגעקורירט.

— וולאדיסלאוו, — האָט קאטערינא איהם פאָרגעוואָרפען, — אָט די דאָזיגע באמערקונג-איז אן איבעריגע, עס איז ניט אין צייט . . . יאָה, נאסטאשא האָט איינגעזעהן, אז דער פאן מאניושקא איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אז מוזיק ווייסט ניט פון ראסע און רעליגיע! . . .

— איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, פאן סטראשונסקי, — רופט זיך אָן נאסטאשא צו איהם, — איהר זייט אזוי אנדערש ווי די אנדערע פון אייערע ברידער . . . ווען איך באטראכט אייער פּנים דוכט זיך מיר, אז איהר זייט עהנליך צו אונזער האר יעזוס . . . איהר האָט זיינען איידעלע געזיכטסציגע, זיינע מילדע, ווייכע אויגען, וואָס זיינען אזוי מעלאנכאָליש און טרויעריג, אז זיי דריקען אויס דעם צער פון דער וועלט.

א קאלטער שוויים איז דורך יואל דוד'ס קערפּער, ווען ער האָט פון דער שיקסע געהערט אזא פארגלייכעניש... ער האָט געווישט דעם שוויים און מאניושקא האָט עס באמערקט.

— לאָמיר עפּעס שפּילען, — האָט מאניושקא געזאָגט, וועלענדיג איהם ארויסנעהמען פון דער פארלעגענהייט.

א היבשע ווײַלע האָט יואל דוד'ן גענומען ביז וואנען ער איז צו זיך געקומען. די ערשטע אריע האָט ער אפילו ניט גוט געהערט, אז מאניושקא האָט עס געמערקט. ער האָט דאן געשפּילט עפּעס אזוינס, וואָס האָט אויף יואל דוד'ן געהאט א גוטע ווירקונג און ער איז ארויס פון זיין שלעכטער שטימונג.

יואל דוד האָט די זאך איבערגעשפּילט און דאן האָט ער עס גענומען איבערזינגען. זיין שטימע איז געווען זיס און געשמאק און זיינע טענער זיינען וואָס ווייטער געוואָרען קרעפּטיגער און העכער.

אלע האָבען איהם אפּלאָדירט, און נאכהער איז נאסטאשא צו איהם צוגעקומען און געזאָגט:

— איך האָב צו אייך א ביטע, פאן סטראשונסקי, איך האָף, אז איהר וועט זי מיר ניט אנטזאגען. דער פאן מאניושקא האָט זעהר שטארק געלויבט איינע פון אייערע תפילות, וואָס ער האָט געהערט אין אייער שוהל. איך בין

זעהר גערן עס צו הערען. טוט מיר די געפעלינקייט און זינגט עס איבער פאר אונז.

— אָ, ניין! — האָט יואל דוד אויסגערופען. — אונזערע תפילות זיי־נען היייליג, מיר קאָנען זיי ניט זינגען אויסער אין שוהל!

— אָבער איך האָב דאָך געהערט ווי איהר מאכט רעפעטיציעס! — האָט קרוזשענסקי זיך אָנגערופען.

— אָה, איך פארשטעה שוין! — האָט מאניושקא געזאָגט. — איך וויים פארוואָס איהר ווילט ניט זינגען איינע פון אייערע תפילות, ווייל איהר טראָגט ניט אייער הוט . . . דערלאַנג איהם זיין הוט נאסטאשא!

נאסטאשא האָט איהם דערלאַנגט די הוט. יואל דוד איז געווען צופרי־דען צוריק אָנצוטאָן די הוט. ער האָט זיך געפיהלט זעהר שלעכט וואָס ער זיצט דאָ אָהן א העט. איצט אָבער וועט ער שוין צוריק קיין אויסרייד ניט האָבען, ער וועט מוזען זינגען. ער האָט פונדעסטוועגען פּרובירט ריידען נאָך אַמאָל צו מאניושקא'ן און איהם פאַרגעשלאָגען, ער זאָל שפּילען א נייע אריע און ער וועט זי נאכהער זינגען.

— דאָס וועט איהר טאָן שפּעטער! — האָט זיך נאסטאשא צו איהם געווענדעט. — איצט אָבער זינגט אָט יענע תפילה.

— איך וויים ניט וועלכע תפילה! — האָט זיך יואל דוד פּרובירט אויסדרעהען.

— איך וועל אייך זאָגען וועלכע תפילה, — האָט קרוזשענסקי איהם געזאָגט. — די ערשטע תפילה, וואָס איהר האָט געזונגען יום כפור ביינאכט.

— יאָ, די דאָזיגע תפילה! — האָט מאניושקא זיך אָפּגערופען. — דאָס האָט אויף אונז ביידען געמאכט זעהר א שטאַרקען רושם. מיר בעטען אייך, טוט אונז די געפעלינקייט און זינגט אָט יענע תפילה!

יואל דוד האָט נאָך א ווייַלע געצעגערט, אָבער אַז אלע האָבען צו איהם גענומען צושטעהן, האָט ער זיך אָנגערופען:

— איך וועל זי פריהער שפּילען אויף דער פּיאַנאָ.

— גוט, — האָבען אלע מיט אַמאָל אויסגערופען.

יואל דוד האָט זיך געזעצט אויף דעם פּיאַנאָ־שטוהל און ער האָט גע־נומען אויסשפּילען כל נדרי.

— יאָ, אָט די דאָזיגע תפילה, — האָבען ביידע, מאניושקא און קרו־זשענסקי אויסגערופען.

ער האָט באלד אָנגעפאַנגען זינגען כל נדרי און אלע זיינע געבליבען שטעהן פארגאפט מיט אָנגעשפּיצטע אויגען און אויערען.

אין נאסטאשא'ס אויגען האָבען זיך באוויזען טרערען. זי האָט געפילט אַז זי וועט באלד זיך פאנאַנדערוויינען. זי האָט זיך אָבער שטאַרק באַ־הערשט. א פיינע זאַך וועט זיין, — האָט זי ביי זיך געטראכט, — אַז איך וועל זיך פאנאַנדערוויינען הערענדיג א זשידאָווסקע מעלאָדיע.

ווען ער האָט געענדיגט האָבען אלע געפּאטשט בראוואָס און ווידער האָבען זיי געדריקט זיין האַנט און ניט אויפגעהערט צו לויבען. זיי האָבען

איהם געבעטעז ער זאל עס איבערזינגעז, אבער יואל דוד האט זיך ענטזאגט.
— איך מוז שוין געהן, — האט ער ארויסגענומען זיין זייגער און א קוק געטאן.

— אה, וואס רעדט איהר פאן סטראשונסקי, עס איז נאך פריה, מיר וועלען נאך קענען פארברייננגען. איך האב נאך מיט אייך זעהר וויכטיגעס צו ריידען. אפשר וועט איהר טרינקען טהעע און עפעס צובייסען?

— ניין, איך דאנק אייך, — האט ער געזאגט, — איך וועל גארניט פארזוכען.

— נו, אויב אזוי, וועלען מיר נאך עפעס זינגען און נאכהער וועלען מיר אריינגעהן אין א צווייטען צימער און זיך דורכריידען.

נאסטאשא האט זיך צוגעזעצט צו דער פיאנא און עפעס אויסגעשפילט, אבער יואל דוד האט מעהר ניט געוואלט זינגען. ער האט זיך ענטשולדיגט אז ער איז מיעד.

זיי האבען נאך א ווײלע פארבראכט צוזאמען. קאזימיר איז די גאנצע צייט געזעסען אויף זיין פלאץ און געשוויגען. כאטש ער אליין איז אויך געווען שטארק באגייסטערט פאר יואל דוד'ס זינגען, איז ער פון דעסטוועגען געווען בייז אויף זיין שוועסטער וואס זי האט זיין פנים פארגליכען אויף יעזוס'עס. ער האט געהערט ווי זי האט מיט אזוי פיל באגייסטערונג גערעדט די גאנצע צייט וועגען איהם. זי האט איהם שוין נאך נעכטען געהאט געזאגט אז אט דער דאזיגער אידישער זינגער דערמאנט איהר אין יעזוס'ן. און זי האט איהם אפילו געפרעגט אויב עס איז אמת אז יעזוס איז געווען א איד. ער האט זיך גענומען שטארק שרעקען פאר זיין שוועסטער זי זאל זיך אקארשט ניט פארליבען אין דעם זשידעק... און וואס שטארקער איהר באגייסטערונג איז געווארען פאר איהם, אלץ גרעסער איז קאזימיר'ס שרעק געוועז. ער האט אבער געשוויגען. ער האט ניט געוואלט ארויסווייזען אז ער איז דער איינציגער, וועלכער איז אומצופרידען מיט דעם זשידאוואסקען זינגער. ער האט דאריבער געשוויגען, אבער ער איז געזעסען ווי מיט געהאקטע וואונדען. ווען ער האט געזעהן ווי זיין שוועסטער נעהמט פון סטראשונסקי'ן די אויגען ניט ארונטער, ער האט אויף איהר געווארפען א בייזען בליק, אבער זי האט עס אפילו ניט באמערקט אזוי פארטאן איז זי געווען אין איהם.

נאכדעם ווי זיי האבען פארענדיגט די מוזיקאלישע אונטערהאלטונג, האט זיך מאניושקא אנגערופען:

— איהר וועט אונז אלע ענטשולדיגען פאר א ווײלע. איך וועל זיך דארפען דורכשמועסען מיט דעם פאן סטראשונסקי'ן וועגען געשעפט.

— פראשע (ביטע), — האט נאסטאשא אויסגערופען, און אליין צוגע־גאנגען און געעפענט די טיר וואס פיהרט צו א צווייטען צימער, — דארט וועט איהר קענען זיך דורכריידען קיינער וועט אייך ניט שטערען.

מאניושקא האט אנגענומען יואל דוד'ן אונטער'ן ארעם און ער איז

מיט איהם אריין אין יענעם צימער. זיי האבען זיךביידע צוגעזעצט און נאך א קליינער פויזע האט זיך מאניושקא אנגערופען צו איהם:

— נו, פאן סטראשונסקי, האט איהר זיך איבערלייגט וועגען מיין אנבאט מיט א פאר טעג צוריק?

— המ... ניין, איך וויים ניט, — האט יואל דוד ארויסגעשטאמעלט.

— איהר האט דאך זיכער געטראכט די פאר טעג וועגען דעם וואס מיר האבען דעם לעצטען מאל גערעדט?

— יא, איך האב געטראכט, אבער איך האב מיין באשלוס ניט געענדערט. איך וועל בלייבען מיט מייניגע.

— און איהר וועט בארויבען הונדערטע טויזענדע מענשען פון אזא פארגעניגען?!... איהר האט קיין רעכט ניט דאס צו טאן... גאט האט אייך באשאנקען מיט אזא וואונדערבארע שטימע כדי די וועלט זאל פון אייך הנאה האבען, ניט בלויז א באגרענצטע צאהל מענשען, וואס דאס רוב פון זיי וויסען אפילו ניט ווי געהעריג אפצושאצען גוטע מוזיק, שטעלט זיך פאר ווען איהר נעהמט אן מיין אנבאט און איהר שפילט אין דער ווארשעווער אפערא, וועט איהר דאך פארשאפען פארגעניגען צו הונדערטע טויזענטע מענשען, מבינים, מענשען וועלכע זיינען מוזיקאליש ענטוויקעלט, וועלכע וויסען ווי אפצושאצען אזא אויסערגעוויינליכען טאלאנט ווי איהר פארמאגט.

— אבער יענע מענשען זיינען מיר ווילד פרעמד, — האט יואל דוד געזאגט, — וואס געהט מיך אן צי זיי וויסען ווי מיך אפצושאצען צי ניט.

— איך בין ערשטוינט צו הערען אזעלכע רייד פון אייך, פאן סטראשונסקי, האט מאניושקא אויסגערופען, — איהר אידען האבען א סך טענות צו די קריסטען, איהר באקלאגט זיך אויף אונז אז מיר האבען פאראורטיילען געגען אייך, אז מיר האלטען זיך פון דערוויטענס פון אייך", אז מיר לאזען אייך ניט צו קיין וויכטיגען אמט און מיר ערלויבען אייך ניט צו האבען אן אנהאלט אין אונזער געזעלשאפט... איך לייקען ניט אז פילע פון אייערע טענות זיינען טאקע גערעכטע, אבער איך מוז דאביי צוגעבען אז איהר אליין זייט א היבש ביסעל שולדיג אין דעם... איהר אליין זוכט זיך צו האלטען אפגעזונדערט, איהר אליין זוכט אויסצומיידען אונזער געזעלשאפט... און אט טאקע נעהמט אייער פאל, קענט איהר זיך פארשטעלען וואס פאר א גוטע זאך איהר וואלט אויפגעטאן פאר אייער פאלק ווען איהר נעהמט אן מיין אנבאט און שפילט די הויפט ראלע אין מיין אפערא "האלקא"... איהר וואלט דאך אויפגעשטורעמט די גאנצע מוזיקאלישע וועלט וואס באשטעהט אם מעהרסטען פון די בעסטע שיכטען פון די קריסטען... איהר וואלט געבראכט כבוד, רוהם און לויב צו אייער גאנצען פאלק!... די קריסטען וואלטען זיך דאן ארומגעזעהן אז צווישען אייך געפינען זיך אזעלכע טאלאנטפולע מענשען און דאס וואלט אייער פאלק דערנעהנטערט צו אונז קריסטען. מיר וואלטען זיך אנגעהויבען צו פארשטעהן... אט וועל איך אייך ברייננגען א ביישפיל, טאקע פון אט דעם הויז. איך וויל מיט אייך ריידען

אַפּען. איך האָף אַז איהר וועט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט האָבען און איהר וועט ניט מיספאַרשטעהן... זאָגט איהר עס מיר צו?

יואל דוד האָט שמייכלענדיג צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— מיר האָט דער פאַן קרוזשענסקי געשריבען וועגען אייך. דאָס ווייסט איהר שוין. ער איז געווען אַזוי באַגייסטערט און האָט אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג פאַר אייך אין זיין אייגען הויז. איצט קען איך אייך זאָגען אַז ער האָט געהאַט אַרויסגערופען דעם צאָרן פון זיין גאַנצער משפחה צוליב דעם. פאַרשטעהט איהר מיך, דער פאָראורטייל געגען אידען איז ביי פילע, איבערהויפּט פון די העכערע קלאַסען, אַזוי איינגעוואָרצעלט, אַז ווען מען דערמאָנט אַ אידען אין זייער געגענוואַרט ווערען זיי אויפגע־ציטערט. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט דאָ אין הויז און ווען מען האָט אייך איינגעלאַדען אַהער האָבען זיי באַשלאָסען אַפילו ניט אַריינצושמעקען אין דעם צימער וואו איהר וועט זיך געפינען. איבערהויפּט נאַסטאַשא, זי האָט גאָר געוואָלט אַוועקגעהן פון הויז יענעם אָוונט. זי האָט דייטליך געזאָגט, אַז זי וויל ניט איינאָטעמען דיזעלבע לופט וואָס אַ זשידעק אָטעמט.

יואל דוד׳ס קאָלירען האָבען זיך געביטען. ער איז געוואָרען נערוועז, און מאַניושקא האָט עס באַמערקט און געזאָגט:

— איך דערצעהל אייך אַלע איינצעלהייטען ווי ניט אַנגענעהם עס איז פאַר מיר צו ריידען, אָבער איך וויל אייך ערקלעהרען וואָס פאַר אַ נוצען איהר קענט ברייגנען פאַר זיך און פאַר אייערע ברידער ווען איהר וועט מיך פאָלגען. יאָ, איהר אַליין האָט געוויס באַמערקט אַז די ערשטע שעה וואָס איהר האָט זיך געפונען דאָ אין הויז זיינען קאַטערינא, נאַסטאַשא און קאַזימיר זיינען געווען אין צווייטען צימער, שפּעטער אַז זיי האָבען שוין אייך געהערט שפּילען און זינגען איז קאַטערינאַ אַרויסגעקומען מיט איהר זוהן, אָבער נאַסטאַשא איז נאָך אַלץ פאַרבליבען אין איהר צימער. זי האָט ביי זיך ניט געקענט פּועל׳ן אַריינצוקומען וואו איהר געפינט זיך, פּונקט ווי איהר וואָלט געווען אַ טייוועל... זי האָט בלויז אויפגעעפענט די טיר און אויף אייך אַ קוק געטאָן. זי האָט אָפּגע׳חוזק׳ט פון אייער באָרד, פון אייער הילוך, פון דעם הוט וואָס איהר האָט געטראָגען אויפ׳ן קאָפּ... אָבער ווי נאָר זי האָט אייך געהערט זינגען האָט זי זיך גענומען ענדערען. זי איז שוין אַריינגעקומען אין צימער... זי איז געוואָרען אַזוי באַגייסטערט אַז אויף אַ ווייל׳ע איז איהר פאָראורטייל געגען אייך פאַרשוואונדען, אָבער ווען איהר פּאָטער האָט אייך פאַר איהר פאָרגע־שטעלט האָט זי ביי זיך ניט גע׳פּועל׳ט צו דריקען אייער האַנט... אָבער ווען זי האָט אייך שוין נאָך אַמאָל געהערט זינגען, האָט זי זיך פּלוצלונג אין גאַנצען געענדערט. איהר געדענקט דאָך, ווי נאַסטאַשא האָט דאַן געדריקט אייער האַנט און זיך פאַר אייך ענטשולדיגט. זי האָט אייך געדאַנקט פאַר דעם גרעסטען פאַרגעניגען אין איהר לעבען וואָס איהר האָט איהר פאַר־שאַפט... זינט דאַן האָט זי פון אייך ניט אויפגעהערט צו ריידען. איך דאַרף דאָך אייך ניט זאָגען, איהר האָט עס דאַן געוויס געפיהלט אַז זי האָט דעם גאַנצען אָוונט פון אייך די אויגען ניט אַרונטערגענומען, איהר האָט דאָך

אַליין געהערט ווי זי האָט אייער פּנים פאַרגליכען צו יעזוס׳עס, און אַז דאָס איז געקומען פון נאַסטאַשאַ׳ס מויל איז עס ווירקליך אַ גרויסער וואונדער. און דאָס האָט איהר אויפגעטאָן מיט אייער זינגען. איהר האָט מיט איינמאַל אָפּגעוואשט אַלע פאַראורטיילען געגען אייך און מעגליך אויך געגען אייער גאַנץ פאָלק. איצט שטעלט זיך פאַר וואָס איהר וואָלט אויפגעטאָן פאַר אייערע ברידער ווען הונדערטע טויזענדע מענשען געהען אוועק באַגייסטערט פון אייך ? ! ווען די העכסטע פּוילישע אַריסטאָקראַטיע האָבען ניט גענוג ווערטער אייך צו לויבען ?!.. דאַמיט וועט איהר זיי אַלעמען איבערצייגען אַז אַלע פאַר-אורטיילען געגען אייך זיינען גרונדלאָז, אַז אייער ראַסע שטעהט ניט נידריגער פון די קריסטליכע...

יואל דוד האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. ער פאַרשטעהט... עס איז פאַראַן אַ סך אמת אין מאַניושקאַ׳ס רייד... ער האָט ווירקליך באַמערקט די גרויסע ענדערונג וואָס עס איז פאָרגעקומען אין נאַסטאַשאַ׳ן. ער געדענקט גאַנץ גוט ווען ער האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן ווי זי שטעקט אַרויס איהר קאָפּ פון דער עפענונג פון איהר צימער, וויפיעל שפּאָט און פאַראַכטונג עס איז געלעגען אין איהר בליק. און איצט... זי האָט זיך אַזוי געענדערט... זי קוקט אויף איהם מיט אַזעלכע מילדע בליקען... איהרע רייד טריפען האָניג... יאָ, מאַניושקאַ איז גערעכט... ער וואָלט דורך דעם מקדש השם געווען, זאָלען די גוים וויסען אַז אַ אידישער חזן זינגט אָפּעראַ און נעהמט ביי אַלעמען אויס. דאַן וועלען זיי שוין ניט קוקען אויף אידען ווי אויף ווילדע ברואים... זאָלען זיי זיך איבערצייגען אַז אידען שטעהען אַ סך העכער פון די דאָזיגע וועלכע זוכען אונז צו ערנידעריגען, וועלכע פאַרפאָלגען אונז.

מאַניושקאַ האָט איהם געלאָזט טראַכטען. ער האָט געפיהלט אַז זיינע רייד האָבען אויף איהם געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. ער האָט צוגעוואַרט עטליכע מינוט און נאָכהער האָט ער איהם געפרעגט:

— נו, פּאַן סטראַשונסקי, וואָס זאָגט איהר צו מיין פאָרשלאַג?

— איך ווייס אַליין ניט וואָס אייך צו זאָגען, — האָט יואל דוד אַ צופּ געטאָן מיט זיינע אַקסלען, — איהר האָט רעכט. איך זעה אַז איך דאַרף אייך פאָלגען, אָבער עס זיינען פאַראַן אַזעלכע אומשטענדען וואָס מאַכען פאַר מיר אונמעגליך דערוויילע צו געבען אייך אַן ענדגילטיגע תשובה.

— וואָס די אומשטענדען זאָלען ניט זיין, טאָרען זיי ניט שטעהן אין וועג צו אייער גליק. איך פאַרשטעה, איהר האָט ליב אייער פרוי, איך וועט זיין שוועהר זיך צו שיידען מיט איהר... נו, צו דעם איז פאַראַן אַ מיטעל. מען נעהמט זי מיט... קענט איהר זיך פאָרשטעלען ווי גליקליך זי וועט זיך פיהלען ווען זי וועט זעהן ווי טויזענדע מענשען אַפּלאָדירען אייך ?!... ווי מען שרייבט וועגען אייך אין די צייטונגען ? ווי מען ברייננגט אייך בלומען און מתנות ?... אייער פרוי וועט דאָך שעפּען אַזוי פיל נחת פון אייך, זי וועט זיין די גליקליכסטע פון אַלע פרויען... איהר וועט קענען געניסען פון דאָס בעסטע, איהר וועט האָבען אַ שעהנע דירה מיט שעהן מעבעל און אַן עקיפּאַזש מיט אַ קוטשער... אַלע וועלען דאָך אייך מקנא זיין... איך קען ניט

פאַרשטעהן פאַרוואָס איהר קווינקעלט זיך נאָך...איהר האָט מיר באַלד באַדאַרפט געבען א תשובה אז איהר נעהמט אָן מיין אָנבאָט, און איך וואָלט שוין מיט אייך גֶעשלאָסען א קאָנטראַקט. איהר זעהט דאָך, אז איך האָב קיין איין מינוט ניט געצעגערט... ווי נאָר איך האָב געהערט אייער שטימע האָב איך באַשלאָסען אז איך וועל אייך אָנשטעלען צו שפּילען די הויפּט ראָלע פון מיין אָפּערא „האַלקא“... איך וויל אז איהר זאָלט וויסען אז איך וועל האָבען פיעל שוועריגקייטען, איך וועל דאַרפען קעמפען מיט דער גרעסטער פאַרצייפלונג געגען אָט די יעניגע וועלכע זיינען פיינדליך געשטימט געגען אידען און וועלכע האָבען שטאַרקע פאָראורטיילען געגען אייך... איך ווייס אז זיי וועלען פון אָנפאַנג שטורעמען ווען זיי וועלען הערען אז א איד און דערצו נאָך א חזן שפּילט די הויפּט ראָלע. זיי וועלען אפילו באַיקאָטירען די ערשטע פאָרשטעלונג, אָבער אזוי שנעל ווי איהר וועט האָבען געשפּילט איין מאָל, פאַרזיכער איך אייך אז אָט די אַלע געגנער און אומזיסטע שונאים וועלען פאַלען אויף זייערע קני פאַר אייך, זיי וועלען זיך שעצען גליקליך אז איהר וועט מיט זיי וועלען ריידען, פונקט ווי עס האָט פּאַסירט דאָ מיט נאַסטאַשא'ן... איך פאַרזיכער אייך אז נאַסטאַשא וועלכע איז כיז מיט א פּאָר טעג צוריק געווען אזוי פאַרביסען געגען אידען, וועלכע וואָלט ניט געוואָלט שטעהן מיט א אידען אונטער איין דאַך פאַר איין רגע, וואָלט איצט זיך געשעצט גליקליך ווען זי קען זיין נעבען אייך טאָג און נאַכט. זי האָט זיך אפילו ניט געשעהמט עס צו זאָגען פאַר מיר. זי האָט מיר געזאָגט אז איהר געהט איהר ניט ארויס פון די געדאַנקען... אז זי פיהלט זיך זעהר שולדיג געגען אייך וואָס זי האָט אייך פון אָנפאַנג אזוי שלעכט באַהאַנדעלט... זי ווינשט צו ריידען צו אייך אליין כדי איהר זאָלט איהר מוחל זיין... זעהט איהר שוין וואָס אייער זינגען האָט אויפגעטאָן !... און דאַריבער בין איך זיכער אז איהר וועט אויך באַזיגען אַלע אייערע שונאים אין וואַרשע... אַלעס וואָס איהר דאַרפט איז נאָר שפּילען איין מאָל... נו, פרעג איך אייך, פאַרוואָס זאָלט איהר זיך נאָך קווינקלען ?

— איך וועל אייך זאָגען, פּאַן מאַניושקא, — האָט יואל דוד זיך צו איהם אָנגערופען, — איך קען עס איצט ניט טאָן צוליב א געוויסע אורזאַכע.

— אויב ניט יעצט, זאָל זיין מיט איניגע וואָכען שפּעטער. פאַרקעהרט, דאָס וועט מיר געבען מעהר צייט זיך צוצוגרייטען.

— איך האָב מורא אז עס וועט נעהמען מעהר ווי איניגע וואָכען, — האָט יואל דוד א שמייכעל געטאָן, — פאַרשטעהט איהר מיך, מיין פרוי איז „אויף דער צייט“, עס וועט געדויערען נאָך דריי מאָנאַטען. איך מוז מיט איהר בלייבען. מיר האָבען געהאַט א גרויס אומגליק מיט א צייט צוריק, מיר האָבען פאַרלאָרען א טאָכטער, זעהר א געראָטענע און שעהן קינד... איצט מוז איך בלייבען מיט מיין פרוי ביז וואַנען זי וועט איבערקומען און דערצו נאָך א פּאָר מאָנאַטען ביז וואַנען זי וועט צו זיך קומען.

— אויב אזוי איז עפּעס אַנדערש, — האָט מאַניושקא זיך אָנגערופען, — איך קען מאַכען אזוי אז איהר זאָלט קענען דאָ נאָך פאַרבלייבען עטליכע

מאנאטעז, וועט איהר קענען אנפאנגען שפּילען צום סוף סעזאן... אלעס וואס איך וויל איז צו זיין זיכער אז איהר וועט שפּילען די ראָלע פון דעם העלד אין מיין אפּערא,דאן וואָלט איך זיך דערצו גענומען, איך וואָלט גע־מאכט אלע פּאַרבערייטונגען, איהר פאַרשטעהט, איך וועל דארפען צוזאַ־מענשטעלען א גאַנץ אנדער טרופּע. איך וועל דארפען צוגרייטען די שעהנ־סטע קאָסטיומען און אזוי לאַנג ווי איך בין ניט זיכער אז איהר וועט מיין אנבאָט אננעהמען וועל איך ניט טאָרען אונטערנעהמען אזא זאך.

— איך גלויב, אז דעם יאָהר וועל איך געוויס ניט קענען, — האָט יואל דוד געזאָגט.

— ווען איך זאָל זיין זיכער אז איהר וועט זיין מיט מיר דעם קומענדען יאָהר, וואָלט איך געווען צופרידען... הערט זיך איין, פאַן סטראַשונסקי, אלעס וואס איך וויל איז, אז איהר זאָלט אונטערשרייבען א קאָנטראַקט מיט מיר אז איהר וועט דעם קומענדען יאָהר אויפטרעטען אלס "יאָנטעק" אין מיין אפּערא "האַלקא" און איך וועל זיין צופרידען צו ווארטען א גאַנץ יאָהר.

— נו, איז א יאָהר ארום! — האָט יואל דוד צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דאס איז שוין מעגליך.

— דאס אלעס וואס איך האָב געוואָלט פון אייך הערען, — האָט מאַ־ניושקא מיט פרייד אויסגערופען, און ארויסגענומען פון זיין בוזעם־קעשענע א פאַרטיגען קאָנטראַקט.

— מיר וועלען בלויז איבערבייטען דעם דאַטום, — האָט מאַניושקא געזאָגט,, און ער האָט אויפגעעפענט די טיר און געבעטען קרוזשענסקי'ן ער זאָל אריינטראָגען א פעדער מיט טינט.

יואל דוד איז געווען אזוי צוטומעלט און איבערראַשט פון דער פּלוצ־לונגער ווענדונג, אז ער האָט בעת מעשה ניט באַגריפען וואס ער טוט. ווען מאַניושקא האָט זיך אונטערגשריבען און ער האָט צוגעטראָגען צו איהם און פאַרגעלייענט דעם קאָנטראַקט און געבעטען איהם ער זאָל זיך אונטערשריי־בען, האָט ער זיך אונטערגעשריבען.

— נו, איצט קאָנען מיר זיך אלע גראַטולירען — האָט מאַניושקא גע־דריקט זיין האַנט, און זיי זיינען אריין אין גאַסט־צימער.

— ער האָט שוין אונטערגעשריבען א קאָנטראַקט, — רופט זיך אָן קרוזשענסקי צו זיין פרוי און קינדער.

— וואס?! ער האָט אונטערגעשריבען! — איז נאַסטאַשא אויפגעע־שפּרונגען פון איהר פּלאַץ און מיט צושטראַלטע אויגען צוגעגאַנגען צו יואל דוד'ן און געדריקט זיין האַנט.

— איך ווינש אייך גליק פון טיפסטען הארצען, — האָט זי געזאָגט, — איך בין זיכער אז איהר וועט נעהמען ווארשע מיט שטורם... איהר ווייסט אז דער פּאַן מאַניושקא האָט איינגעשטימט מיר אריינצונעהמען אין כאָר פון זיין אָפּערא. איצט וועל איך האָבען א געלעגענהייט אייך צו הערען זינגען כמעט יעדען אָווענט. זאָגט מיר, פאַן סטראַשונסקי, ווען רייזט איהר אָפּ קיין ווארשע?

— פאַן סטראַשונסקי קאָן צוליב פאַרשידענע סיבות היי יאָהר ניט אָנ־פאַנגען, צו מיין גרויס באַדויערען, און דעריבער האָב איך מיט איהם גע־שלאָסען אַ קאָנטראַקט אויף איבער אַ יאָהר — האָט מאַניושקא געזאָגט.

— איבער אַ יאָהר! — האָט נאַסטאַשא אויסגערופען מיט ענטוישונג

— אַ גאַנצען יאָהר און איך האָב געמיינט, אַז ער פאַנגט אָן היי יאָהר. אַה, פאַן מאַניושקא, פאַרוואָס האָט איהר איהם ניט געקאָנט באַוועגען אָנ־צופאַנגען היינטיגען סעזאָן?

— עס איז פאַראַן אַ געוויסע סיבה — האָט מאַניושקא געענטפערט מיט אַ שמייכעל — אָבער איך בין צופרידען, אַז דער פאַן סטראַשונסקי האָט זיך אונטערגעשריבען... איצט וועל איך קאָנען אָנפאַנגען זיך גרייטען צו דער גרעסטער געשעהעניש אין דער אָפּערא וועלט. איך פיהל זיך זעהר גליק־ליך, ווייל ער איז אַזוי צוגעפּאַסט צו דער ראָלע סיי מיט זיין אויסזעהן און זיין שטימע! דאָס קאָן מען גאַרניט אָפּשאַצען.

— נו, איצט אַז אַלץ האָט זיך אַזוי גוט געענדיגט — האָט וולאַדיס־לאַוו קרוזשענסקי אויסגערופען, — וואָלט ניט געשאַדט אַז מיר זאָלען באַ־נעצען אונזערע ליפּען און טרינקען פאַר'ן געזונט פון דעם נייעם "שטערן" אין דער אָפּערא.

קאַטערינא האָט באַלד אַריינגעבראַכט אַ פלאַש בראָנפען און אַ פלאַש וויין מיט גלעזלאַך.

נאַסטאַשא האָט אָנגעפילט צוויי גלעזלאַך איינע פאַר זיך און די צווייטע האָט זי צוגעטראָגען צו יואל דוד'ן.

— לאָמיר טרינקען צו אייער געזונט און צו אייער גרויסען ערפאָלג.

יואל דוד וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אַ צעטומעלטער, אַ באַרוישטער און האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט תופס זיין וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן, האָט גענומען דאָס גלעזעלע מיט שנאַפּס פון נאַסטאַשא'ס האַנט.

— נו, פאַר אייער געזונט! — האָט נאַסטאַשא צוגעטראָגען איהר גלעזעלע צו די ליפּען.

יואל דוד איז געבליבען שטעהן באַוועגלאָז. דאָס גלעזעלע האָט ער גע־האַלטען אין האַנט...

— פאַרוואָס טרינקט איהר ניט? — פרעגט איהם נאַסטאַשא.

יואל דוד האָט ניט געענטפערט.

— אָ, איך פאַרשטעה, אפשר איז עס צו שטאַרק פאַר אייך און איהר האָט מורא פאַר אייער שטים, יע, איהר זייט גערעכט, אָט וועט איך אָנפילען פאַר אייך אַ גלעזעלע וויין, דאָס וועט דאָך געוויס ניט שאַדען.

נאַסטאַשא האָט פון איהם, אַוועקגענומען דאָס גלעזעלע בראָנפען און איהם דערלאַנגט אַ גלעזעל וויין. אָבער יואל דוד האָט זיך אַנטזאָגט צו נעמען.

— פאַרוואָס ווילט איהר ניט אויסטרינקען מיט מיר אַ גלעזעל וויין!

— האָט זי איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג. איך ווייס, אַז איהר טרינקט

יע, וויין... איהר באנוצט זיך מיט וויין פאר אייערע רעליגיעזע צוועקען. איך בעט אייך נעהמט עטוואס צו אייערע ליפען...

— ניין, איך קאן ניט! — האט יואל דוד גענומען ווישען דעם שוויס פון זיין פנים. דערווייל האבען די אנדערע דארט גענומען גיסען אין זיך איין גלעזעל נאך דעם צווייטען.

נאסטאשא האט זיך געפיהלט עטוואס פארשעהמט. אט שטעהט זי פאר דעם זשידעק... זי ערנידעריגט זיך אזוי, זי בעט איהם ער זאל פון איהר נעמען דאס גלעזעל וויין, אבער ער ריהרט זיך ניט פון ארט... זי, די שטאלצע פוילישע אריסטאקראטקע, פאר וועמען דער רייכסטער און שעהנסטער פוילישער יונגערמאן וואלט זיך געשעצט גליקליך עפעס צו נעמען פון איהר האנט און ער לאזט זיך בעטען... זי האט געפיהלט איהר ברודער'ס בליקען און דאס בלוט האט איהר אין פנים א זעץ געטאן.

— איך בעט אייך, פארשעהמט מיך ניט! — האט זי קוים געקאנט באהערשען דעם צארן — פארזוכט עפעס פון וויין, אפילו ווען איהר וועט בלויז אנרירען אייערע ליפען צו דעם...

— ניין! — האט יואל דוד ביי זיך באשלאסען, — ער וועט עס ניט טאן! ער האט שוין גענוג געזינדיגט מיט דעם וואס ער האט אלעמען אפ־גענארט און איז געגאנגען אהער... דאס איז דער גרעניץ... ער וועט קיין יין נסך ניט טרינקען...

— איהר מוזט עטוואס אויסטרינקען מיט מיר! — האט נאסטאשא צוגעטראגען דאס גלעזעל צו זיינע ליפען.

יואל דוד האט אבער מיט זיין האנט א שטופ געטאן דאס גלעזעל פון זיך.

מעהר האט זיך נאסטאשא ניט געקאנט באהערשען... זי האט א שלייַדער געטאן דאס גלעזעל צום באדען, אז עס איז צעשמעטערט געווארען אויף שטיקלאך, און א קריץ טוענדיג מיט איהרע צייהן האט זי מיט פארביטערונג אויסגערופען:

— זשידעק!

אין צימער איז געווארען א טומעל. מאניושקא און קרוזשענסקי זיינען צוגעלאפען.

— וואס איז געשעהן! — האט קרוזשענסקי א געשריי געטאן אויף זיין טאכטער — שוין זאלסטו זיך ענטשולדיגען!

— א, איך בעט אייך, פאן קרוזשענסקי, נעהמט זיך ניט צום הארצען וואס זי האט געזאגט — איהר ווייסט דאך, אז אייך וועט קיין שונאים ניט פעהלען.

— איך מוז שוין געהן! — האט יואל דוד געזאגט און גענומען זוכען זיין מאנטעל.

— איהר וועט ניט אוועקגעהן ביז וואנען מיין טאכטער וועט זיך פאר אייך ענטשולדיגען — האט קרוזשענסקי זיך געווענדעט צו איהם.

נאסטאשא איז געווארען היסטעריש. זי האט זיך פאנאנדערגעוויינט.

מאניושקא איז געוואָרען זעהר אויפגערעגט. ער האָט זיך געשראָקען טאָמער וועט ער חרטה האָבען... וואָס וועט ער טאָן? אפילו אז ער האָט זיך גע'חתמ'עט אויף דעם קאָנטראַקט, וועט ער דען איהם קאָנען צווינגען צו זינגען אין זיין אָפּערא... געצוואונגענערהייט וואָלט ער געווען א שרעקליכער דורכפאַל... וואָס זאָל ער איצט טאָן?

ער איז אויך צוגעגאנגען צו נאסטאשא'ן און מיט טרערען אין די אויגען גענומען צו איהר ריידען מיט א ציטערנדער נידעריגער שטימע:

— נאסטאשא, געה ענטשולדיג זיך פאר איהם... דו ווייסט דאָך, אז עס איז געגען זיין רעליגיע צו טרינקען אונזער וויין, פאר וואָס ביזטו צו איהם צוגעשטאנען און פאר וואָס קאָנסטו ניט פארשטעהן, אז עס זיינען פאראן זאכען וואָס די רעליגיע פארבאָט און א גלויביגער וועט עס בשום אופן ניט טאָן... דו ווייסט עס פון זיך אליין. דו ביזט א גוטע און פרומע קאטאָליקין, ווען עמיצער זאָל דיך בעטען פארלעצען א זאך פון דיין רעליגיע וואָלסטו איהם דען געפאָלגט.

— פארוואָס האָט ער ניט געזאָגט, אז זיין רעליגיע פארבאָט איהם צו טרינקען אונזער וויין?... פון וואנען זאָל איך עס וויסען? — האָט זי געזאָגט.

— אָבער דו האָסט אלץ קיין רעכט ניט געהאט איהם אזוי צו באליידיגען — האָט מאניושקא געזאָגט אין דער שטיל, אז יואל דוד זאָל ניט הערען... דו ווייסט וויפיל מיה איך און דיין פאָטער האָבען אריינגעלייגט ביז וואנען מיר האָבען דערגרייכט דאָס וואָס מיר האָבען אזוי שטארק געוואונשען און צום סוף קומסטו און מאכסט אלץ צונישט...

— ער האָט מיך באליידיגט! — איך בין געשטאנען נעבען איהם און זיך ביי איהם געבעטען און ער האָט אפילו נ'ט געהאט די העפליכקייט פון מיר דאָס גלעזעל צוצונעמען.

— דו דארפסט אָבער ניט פארגעסען, אז ער קומט פון א גאנץ אנדער געזעלשאפט און ביז וואנען ער וועט זיך צוגעוואוינען צו אונזער אופן וועט נעמען א שטיקעל צייט. איך ווייס עס גאנץ גוט אליין אויך, אָבער איך בין זיכער, אז אלץ וועט זיין כדאי, אבי צו האָבען איהם אלס העלד אין מיין אָפּערא און איצט ווילסטו אלץ קאליע מאכען.

— איך באדויער עס זעהר, פאן מאניושקא — האָט נאסטאשא נעווישט איהרע אויגען — איך האָף, אז איהר וועט מיר מוחל זיין!

— איך פארלאנג פון דיר אָבער, אז דו זאָלסט די דאָזיגע ווערטער זאָגען צו דעם פאן סטראשונסקי, ווייל אויב איך וועל איהם פארלירען, וועל איך דיר קיינמאָל ניט מוחל זיין. געה צו צו איהם און ענטשולדיג זיך!.. אויב ניט, וועל איך צו דיר קיינמאָל אין מיין לעבען ניט ריידען.

— גוט, איך געה טאָן אייער פארלאנג. איך וועל זיך ערנידערינגען פאר איהם...

— דאָס איז ניט קיין דערנידערונג, דו האָסט קיין רעכט ניט געהאט איהם אזוי צו באליידיגען, נאָכדעם ווי ער האָט אונז אלעמען פארשאפט

אזוי פיעל פארגעניגען... דו אליין האסט דאך געזאגט, אז אזא פארגעניגען וואס ער האט דיר פארשאפט מיט זיין זינגען, האסטו נאך ניט געהאט זינט דו לעבסט...

— יע, איך פיהל זיך אליין שטארק דערשלאגען פון דעם. איך האב זיך איינגאנצען פארלוירען. איך האב ניט געוואוסט וואס איך רייד.

— געה זאג עס איהם! — האט מאניושקא זיך אנגערופען.

נאסטאשא האט זיך גענומען דערנענטערען צו יואל דוד'ן וועלכער איז געשטאנען אין דער אנדער זייט פון צימער. זי איז צו איהם צוגעקומען מיט איהר קאפ עטוואס געבויגען.

— איך בעט אייך, פאן סטראשונסקי, ענטשולדיגט מיר... איך בין ניט ווירדיג אייערע הענט צו וואשען — איך האב זיך פארלוירען און איך האט ניט געוואוסט וואס איך רייד... זאגט מיר אז איהר וועט מיר מחל זיין... איך האב ניט געמיינט אייך צו באליידיגען! איך בעט אייך פארגיט מיר.

יואל דוד איז א ווילע געבליבען שטעהן דערשטוינט. אט זעהט ער די שטאלצע פוילישע אנטיסעמיטקע שטעהט נעבען איהם א דערשלאגענע, א דערנידעריגטע און בעט ביי איהם מחילה... א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זיינע ליפען... און ווען זי האט אויסגעשטרעקט איהר האנט און ביי איהם נאך אמאל געבעטען ער זאל איהר מוחל זיין, האט ער אנגענומען איהר האנט.

— איהר זייט א וואונדערבארער מענש! — האט זי געזאגט — איך האב ניט פארדינט איהר זאלט מיר מוחל זיין... אבער איך פארשפרעך אייך, אז איך וועל אזוי מעהר קיינמאל ניט ריידען צו אייך... איהר זייט אזוי גוט אזוי גנעדיג פונקט ווי אונזער האר יעזוס... איהר קוקט אפילו אוים ווי ער! זאגט מיר, פאן סטראשונסקי, וועט איהר מעהר אויף מיר ניט זיין ברוגז...

יואל דוד האט א שאקעל געטאן מיט זיין קאפ אויף ניין. ער האט געקוקט אויף דעם פלאץ וואו זיין מאנטעל און שירעם געפינען זיך.

מאניושקא איז צו איהם צוגעגאנגען און האט זיך אנגערופען.

— איך וויים, אז נאסטאשא האט חרטה מיט איהר גאנצען הארצען אויף דעם און איך בין צופרידען אז זי האט זיך פאר אייך ענטשולדיגט און אז איהר האט איהר מוחל געווען... איהר וועט זיך נאך דארפען באגעגענען יעדען אווענט אין דער זעלבער אפערא, ווייל איך וועל נאסטאשא'ן אריינגעמען אין כאר און דעריבער איז זעהר געוואונשען, אז איהר זאלט בלייבען פריינט... איך האף נאך אייך צו זעהן איידער איך פאהר אפ קיין ווארשע... איך וועל דא נאך פארברייננגען עטליכע טעג, וועט איהר אפשר צוקומען דעם לעצטען אווענט.

— אהן, ניין, איך וועל ניט קאנען! — האט יואל דוד זיך אנגערופען.

— אויב אזוי וועל איך זיך איצט מיט אייך געזעגענען — האט מאניושקא איהם געגעבען די האנט. איך וויים, אז איצט געהערט איהר צו מיר

און צו דער אפערא... יע, איך האב פארגעסען אייך צו פרעגען, איהר זייט דאך ניט פארבונדען צו אייער שוהל מיט א קאנטראקט.

— ניין — האט יואל דוד געענטפערט — די ערשטע יאהרען פלעג איך ארויסקריגען א קאנטראקט, אבער שוין עטליכע יאהר, אז איך פארלאנג ניט קיין קאנטראקט פון זיי.

— גוט, זעהר גוט! — האט מאניושקא אויסגערופען — איך מוז אייך זאגען דעם אמת, אז איך האב פון דעם א טראכט געטאן ביז איך געווארען עטוואס באזארגט. אויב איהר וואלט געהאט א פריהערדיגען קאנ־טראקט פון אייער שוהל, וואלט אונזער איצטיגען קאנטראקט בטל געווא־רען, ווייל איהר וואלט ניט געווען פריי אונטערצושרייבען זיך אויף א צווייטען קאנטראקט.

יואל דוד'ן האט שוין איצט פארדראסען פארוואס ער האט איהם קיין ליגען ניט געזאגט, אז ער איז פארבונדען מיט א קאנטראקט פון זיין שוהל און ווען ער האט איצט גע'חתמ'עט, האט ער גאר פארגעסען פון דעם... יע, דאס וואלט געווען פאר איהם א וועג ווי זיך צו באפרייען פון זיין קאנטראקט. אבער איצט איז שוין אלץ פארפאלען...

נאסטאשא אליין האט איהם צוגעטראגען זיין מאנטעל און שירם און זי האט נאך אמאל געדריקט זיין האנט.

יואל דוד האט זיך מיט אלעמען געזעגענט און ער האט אנגעטאן זיין מאנטעל און איז ארויס אין דרויסען. ער איז געווען שטארק צעהיצט. ער האט זיך דעריבער גוט ארומגעוויקעלט, אויפגעשטעלט דעם קאלנער פון זיין מאנטעל און ער האט גענומען שטעלען שנעלע טריט... פון ווייטען האט ער באמערקט ווי אימיצער איז פון ערגיץ וואו פלוצלונג ארויסגעקומען און איהם האט זיך געדוכט, אז מען פאלגט איהם נאך. ער האט זיך אפגעשטעלט א ווייליל און ווען ער האט קיינעם ניט באמערקט, איז ער אוועק אהיים.

## קאפיטעל 2

ווען יואל דוד איז שוין געשטאנען לעבען זיין הויף האט ער גענומען טראכטען ווי אזוי ער זאל זיי דעם ליגען איבערגעבען. ער האט ארויפגע־קוקט אין די פענסטער. עס איז דארט געווען ליכטיג, א באווייז אז מען שלאפט נאך ניט. דאס איז איהם גראד ניט געווען צום הארצען. איצט וועט ער פאר אלעמען דארפען זאגען דעם ליגען. נו, מילא, ער וועט עס מוזען טאן. ער וועט דאך ניט געהן דערצעהלען איצט דעם אמת... ער האט זיך אנגענומען מיט מוט און ער איז אריין אין הויז.

חנה'לע איז איהם אנטקעגען געקומען און ר' מרדכי און ריינקע האבען זיך אויך אויפגעשטעלט פון זייערע פלעצער.

— נו, וואס? — פרעגט חנה'לע, — וואס מאכט שייקע פייפער?

— גאר ניט, ער האט זיך איבערגענעסען, — האט יואל דוד דורכ־געזויט זיינע צייהן.

— וואס כ׳האב דיר געזאגט! — כאפט אונטער ר׳ מרדכי, — דער שווארץ יאהר וועט דעם כל־בו׳ניק ניט נעהמען! דו האסט מיך באדארפט פאלגען און ניט געהן צו איהם בפרט אין אזא שלעכטען וועטער — א חוצפה פון אזא גראבען יונג! שיקט נאך דיר... וואס מיינט ער ביזטו זיין גלייכען?

— וואס אבער איז פארט מיט איהם געוועזן? — ווערט שוין ריינקע נייגעריג. — אימיצער האט איהם אנגעבראכען די ביינער?

— ניין, ער האט זיך איבערגעגעסען מיט קאלטען קוגעל, וואס עס איז פארבליבען פון שבת, — האט ער געקראגען שטארקע בויך־וועהען און ער האט געמיינט, אז ער שטארבט, האט ער נאך מיר געשיקט. ווען איך בין געווען איז ער געווען אין בעט און זיך געקארטשעט אין דרייען. ער האט אבער גענומען אן אפפיהרונג און איהם איז באלד בעסער געווארען...

— פארוואס ער האט געשיקט נאך דיר קאן איך ניט פארשטעהן! — האט זיך ריינקע אנגערופען.

— ער מיינט מסתמא, אז ער האלט אויף דעם גאנצען כאר, קיין אנ־דער באס אויף זיין פלאץ וועסטו ניט קריגען! — האט ר׳ מרדכי געזאגט.

— א העזה פון אזא פוסט־און־פאסניק ארויסצושלעפען דיך פון הויז אין אזא רעגענדיגען אוועגט! וואס האסטו געקאנט טאן פאר איהם?

— דו הערסט דאך, טאטע, אז שייקע פייפער האט געמיינט, אז ער האלט ביים שטארבען, האט ער מסתמא געוואלט זיך מתודה זיין און עפעס דערצעהלען יואל דוד׳ן!

— נו, וואס האט ער דיר עפעס דערצעהלט? — פרעגט ריינקע.

— ניין, ער איז דאך באלד בעסער געווארען.

— ווער ווייסט וואס דער אויסוואורף האט נאך אויף זיין געוויסען?

— האט ר׳ מרדכי געזאגט. — פאר פילע יאהרען האט ער ארומגעוואנדערט. ער האט זיך ארומגעשלעפט איבער שטעדט און דערפער. עס קען גאר זיין, אז ער האט ערגעצוואו איבערגעלאזען א ווייב מיט קינדער... אז עגונה, נעבעך...

— ער איז נאך ניט אזוי פארדארבען, ווי איהר שטעלט זיך פאר, שווער! — האט יואל דוד געזאגט, און געזוכט ארויפצוציוונגען א שמייכעלע אויף זיינע ליפען. — ווער ווייסט וואס פאר אן אומשטענדען האבען איהם געטריבען צו וואנדערען. איצט זעהט איהר דאך, אז ער איז שוין היבשע עטליכע יאהר אויף איין פלאץ!..

— פונדסעטוועגען מוז איך דיר זאגען, יואל דוד, אז ווען איך זעה אט דעם טריפ׳ניאק שטעהענדיג לעבען ארון קודש, ווערט מיין בלוט פארגלי־ווערט... ווי קומט ער צו זינגען תפילות צו גאט? אין דער צייט, וואס מיט דעם זעלבען מויל זאגט ער פארשידענע גראבע צוויי־זייטיגע וויצען?... און זיינע גנב׳ישע שטוקעס וואס ער טהוט אפ... איך קאן דיר זאגען, אז איך בין ניט דער איינציגער וועלכער איז געגען דעם, אז שייקע פייפער זאל זינגען אין דיין כאר! כמעט אלע אנדערע גבאים און חשוב׳ע בעלי בתים קלייבען זיך

מיט דיר צו ריידען וועגען דעם... מען דערציילט, אַז גלייך נאָך דעם ראש השנה'דיגען דאַווענען, ווען אידען זיינען געגאַנגען אַהיים פון שוהל, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט עטליכע יונגען, וועלכע האָבען איהם אַרומגערינגעלט און ער האָט מיט זיי געשפּאַסט, געזאָגט וויצען... נו, פרעג איך דיר, פּאַסט פאַר דיר צו האָבען אַזאַ חברה־מאַן אין דיין כאָר?

אַה, מאַלע וואָס מענשען ריידען! — האָט יואל דוד געזאָגט. — נו, וואָס איז, אַז ער זאָגט אַ וויץ!... איהר פאַרגעסט, שווער, אַז צו מיר אויף חתונה האָט איהר אָנגעשטעלט אַלס בדחן מאָטקע חב"ד, וועלכער איז אויך געווען אַ גרויסער לץ און וויצלינג!

— איהר הערט אַ פאַרגלייכעניש! — האָט ר' מרדכי אויסגערופען. — ערשטענס, איז אַ חתונה ניט קיין שוהל, און צווייטענס, איז דאָך אַ בדחן'ס אויפגאַבע צו מאַכען פרעהליך די מענשען. און אויסער דעם האָט מאָטקע חב"ד געהאַט אַ ווייב און ער האָט זיך ניט אַרומגעשלעפּט איבער שטעדט און דערפער און אָפּגעטאָן דאָרט כל דבר אסור... ווער דאַרף איהם? זאָל ער געהן ערגעץ אַנדערש! דו וועסט קריגען אַן אַנדער באַס אויף זיין פּלאַץ!... פאָלג מיך, יואל דוד, הייס איהם געהן!... איך בין בּאַרייט איהם צו געבען צעהן קערבלעך, אַבי ער זאָל עוקר זיין פון דאַנען!...

— איך האָב צו איהם גאָרניט! — רופט זיך אָן יואל דוד.

— אָבער דו דאַרפסט זיך רעכענען מיט דער מיינונג פון די בעלי בתים!

— איך רעכען זיך ניט מיט זייער מיינונג! — איז ער שוין געוואָרען עטוואָס צאָרענדיג.

— וואָס זיינען דאָס פאַר אַ רייד, יואל דוד! — האָט ר' מרדכי אויסגערופען. — וואָס הייסט דו רעכענסט זיך ניט מיט זייער מיינונג! פון וועמען באַקומסטו דיינע שכירות, אויב ניט פון זיי?

— אויב זיי געפעלט ניט וואָס איך טהו, קאָנען זיי אָנשטעלען אַן אַנדער שטאָדט חזן!

— איצט רעדסטו שוין גאָר אומפאַרשטענדליכע רייד! — האָט שוין ר' מרדכי אַ זאָג געטאָן מיט אויפרעגונג. — וואָס איז דאָס עפּעס?

— קיינער קאָן מיר קיין דעה ניט זאָגען ווען אָנצושטעלען אין מיין כאָר! אויב איך געפין, אַז שייקע האָט אַ גוטע שטימע און ער פּאַסט זיך גוט פאַר מיין כאָר, וועל איך איהם האַלטען!

— און וואָס איז אויב שייקע פייפער איז אַ שגץ, אַ מומר להכעים? קאָנסטו ערוואַרטען, אַז די בעלי בתים פון שוהל זאָלען דולדען אַזאַ זאַך!

— ווער הייסט זיי דולדען? זאָלען זיי זיך נעהמען אַן אַנדער חזן! מיר וועט קיין דאגה ניט זיין צו קריגען אַ צווייטע שטעלע!

ר' מרדכי האָט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס יואל דוד רעדט אַזוי חוצפה'דיג. ער האָט קיינמאָל אַזוי ניט גע־האַנדעלט.

— דו פאַרגעסט, יואל דוד, אַז דו ביזט ווילנער שטאָדט חזן! און ווי־פיל אַזעלכע שטעלעס וואַלגערען זיך?

— און אַז ווילנער שטאָדט חזן איז וואָס? פון די שכירות, וואָס איך באַקום, קאָן איך קוים אויסקומען. ווען איך זאָל נאָך דאַרפען צאָהלען דירה געלט און האָבען אַנדערע הוצאות, וואָלט איך דאַרפען לייגען די צייהנער אויף דער פּאָליצע!

— פונדעסטוועגען באַקומסטו מעהרער ווי דער אַמאָליגער שטאָדט חזן פלעגט באַקומען. און איצט מעג איך דיר זאָגען, אַז קהל איז ניט איבע־ריגס צופרידען פון כאָר, וואָס דו האָסט צוזאַמענגעשטעלט!... פאַרשטעהסטו מיך! די פריהערדיגע שטאָדט חזנים האָבען אויך געהאַט כאָרען, אָבער עס האָט קהל קיין גראָשען ניט געקאָסט! זיי האָבען אָנגעשטעלט תלמוד תורה אינגלעך און אַלעס, וואָס מען האָט באַדאַרפט, איז באַזאָרגען די אינג־לעך מיט "טעג". וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז מען זאָל דאַרפען אויסגעבען געלד פאַר אַ כאָר?... ווער דאַרף עס אַ באַס, אַ טענאָר און אַ באַריטאָן? מען קען זיך באַגעהן אָהן זיי אויך!... זאָל איך האָבען דעם גוטען יאָהר, אַז די קליינע אינגלעך, די אַלטען און די סאָפּראַנאָס, נעהמען אויס ביים עולם אַ סך מעהר ווי די באַסען און טענאָרען! ווער דאַרף זיי? פאַרוואָס זאָל זיך קהל לאָזען קאָסטען אַזוי פיל געלד אויף זיי?... איך דער־צעהל דאָס דיר איצט, כדי דיך צוצוגרייטען, ווייל איך האָב געהערט, אַז די גבאים קלייבען זיך אָפּצוהאַלטען אַן אַסיפה און פאַרלאַנגען פון דיר דו זאָלסט אַנטזאָגען די עטליכע עלטערע פון דיין כאָר, איבערהויפּט שייקע פייפער'ן!

— נו, אויב זיי ווילען עס פאַרלאַנגען פון מיר, דאַרף איך דאָך פריהער ווילען נאָכגעבען זייער פאַרלאַנג!

— ניין, זיי ווילען עס פאָדערען פון דיר! אַזוי האָב איך געהערט און אויב דו ווילסט עס ניט ווילען טאָן, ווילען זיי אויפהערען דיר צו געבען געלד פאַר דעם כאָר!... אויב דו ווילסט דוקא צאָהלען, וועסטו אַזוי גוט זיין, זאָגען זיי, דאַרפען צאָהלען פון דיין אייגענער קעשענע!

— איך קאָן זיי אינגאַנצען פאַרשפּאָרען די הוצאות! — האָט יואל דוד מיט כעס אויסגערופען. — איך וועל אויפהערען צו זיין זייער שטאָדט חזן, ווילען זיי ניט האָבען קיינע גרויסע הוצאות!

— נו, איצט רעדסטו שוין דומהייטען! — האָט ר' מרדכי געזאָגט.

— אַזוי ווייט האַלט עס נאָך ניט. אָבער איך מוז דיר זאָגען, אַז עס איז ניט ראַטזאַם צו געהן שטענדיג געגען ווילען פון קהל!

— איך האָב ניט מורא! — האָט יואל דוד אויסגערופען. — איך וועל טאָן ווי איך פאַרשטעה. שייקע פייפער וועט בלייבען אין מיין כאָר און אויב זיי געפעלט ניט, קאָנען זיי מיר אָפּזאָגען פון מיין שטאָדט חזנות שטעלע. איך האָב מיט זיי ניט אונטערגעשריבען קיין קאָנטראַקט. זיי קענען פון מיר פּטור ווערען צו יעדער צייט!

— ער איז גערעכט, טאטע! — האט חנה'לע זיך שוין אריינגעמישט.
— ווי שאצט איהם קהל אפ פאר זיין דאווגען?

— וואס האסטו געוואלט זאל קהל טאן? עס איז א כבוד פאר יעדען איינעם צו זיין ווילנער שטאדט חזן!

— און גלויב מיר, טאטע, אז עס איז א כבוד פאר ווילנע צו האבען אזא שטאדט חזן, ווי מיין יואל דוד! — האט חנה'לע מיט שטאלץ אויסגערופען. — איך בין זיכער, אז מען שאצט איהם ניט אפ ווי געהעריג! עפעס א קלייניגקייט! האט דען ווילנע ווען עס איז געהאט אזא חזן! אזא זארג זאלען מיר האבען מיט אלעס, וואס פאר א זארג עס וועט זיין פאר יואל דוד'ן צו קריגען א שטעלע!

— וואס איז פון אייך געווארען, קינדער? — איז שוין ר' מרדכי עטוואס מילדער געווארען. — אמת, א מענש דארף האבען אין זיך זעלבסטווירדע, אבער איבערכאפען די מאס דארף מען אויך ניט. דא ריידען מיר ניט וועגען יואל דוד'ס שטעלע! דא איז א פראגע פון דעם צי קהל האט רעכט צו פארלאנגען פון איהם ער זאל אוועקשיקען איינינע אונגעווינשטע פון זיין כאר, וועלכע פארשאפען אונז קיין נחת נים!

— שווער, איהר רעדט אין נאמען פון קהל? ווער איז קהל? זיינען דאס די עטליכע גבאים און רייכע בעלי בתים, אדער די אידישע געמיינדע פון ווילנע?

קהל איז דער, וועלכער צאהלט שכירות! — האט ר' מרדכי אויסגערופען.

— ניין, ביי מיר הייסען זיי ניט קהל! ביי מיר זיינען זיי בעלי בתים, וועלכע האבען כבוד... און לאמיר אייך איצט זאגען, אז איך וועל זייער פאדערונג צו אנטזאגען די עלטערע פון מיין כאר, צוריקווייזען!

— און וואס וועט זיין אז זיי וועלען דיר ניט וועלען געבען דאס געלט פאר'ן כאר?

— וועלען זיי מוחל זיין און דארפען זוכען אן אנדער חזן. שוין מעהר ווי צעהן יאהר אז איך בין זייער שטאדט חזן און דורך דער גאנצער צייט האב איך געקראגען א גאנצען רובעל הוספה אויף מיינע שכירות. איך זאג אייך דעם אמת, שווער, איך האב זיך ערשט ניט לאנג דורכגערעדט מיט חנה'לען, און גלויבט מיר, אז איך וועל אננעהמען אן אנדער שטעלע. נישקשה! אלעס וואס איך דארף איז א מורמעל צו טאן אז איך בין גרייט און קיינע שטעלעס וועלען מיר ניט פעלען. איצט קאן איך אייך דערצעהלען, אז איך האב מיט א צייט צוריק זיך געהאט געזעהן מיט א אידישען סוחר פון ווארשע, וועלכער איז א גבאי פון א רייכער שוהל און ער האט מיר געזאגט, אז אויב איך וואלט אנגענומען א שטעלע אין ווארשע וואלט מען מיר דארט געצאהלט שכירות פינף מאל אזוי פיעל ווי איך קריג דא.

— א פיינע זאך פאהרען קיין ווארשע! וואס ביזטו פון זינען ארונטער? וואס הייסט דו וועסט נעהמען און פארלאזען די שטאדט, דיין משפחה און געהן וואגלען איבער דער פרעמד.

— אויב פאַהרען וואָלט איך דאָך געפאָהרען מיט חנה׳לען, — זאָגט יואל דוד.

— און וואָס מיינסטו מיר וועלען לאָזען חנה׳לען אוועקפאָהרען פון אונז? — האָט רייזקע זיך אַנגערופען מיט א שמייכעל. — און איך בין זיכער אז חנה׳לע וואָלט אויך ניט געוואָלט אונז איבערלאָזען און געהן אין דער פרעמד. אפילו ווען מען זאָל אייך ביידען דאָרט אָפּגילטען, הא, ניט אזוי חנה׳לע?

— הער אָבער מאַמע, איך דאַרף דאָך דיר ניט זאָגען אז די גאַנצע אידישע וועלט קלינגט מיט יואל דוד׳ן. וויפיל מענשען עס קומען אהער קיין ווילנע פון אנדערע שטעט זיינען דאָך מקנא ווילנע וואָס זי פאַרמאָגט אזא וואונדערבאַרען חזן און וואָס האָט ער פון דעם וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אז מען זאָל אזא חזן וואָס פאַרמאָגט אזא שטימע וואָס זיי אליין זאָגען אז עס איז איינע אין דער וועלט, זאָל קריגען שכירות פינף קערבלעך א וואָך!

— און פון דעם ווילען זיי נאָך איך זאָל צאָהלען דעם כאָר! — האָט יואל דוד מיט כעס צוגעגעבען. ניין, דאָס וועל איך ניט טאָן! איך וועל ביי זיי ניט שטעהן. זאָלען זיי נעהמען אן אנדער חזן.

— איך מוז דיר זאָגען דעם אמת, יואל דוד, אז מיר איז דיר שווער צו פאַרשטעהן. דו האָסט זיך דאָך אזוי געענדערט אז עס איז גאָר ניט דיר צו דערקאָנען... ווער רעדט דען וועגען נעהמען אן אנדער חזן. און איך בין זיכער אז דו וועסט מיט קהל דורכקומען. זיי וועלען ווייטער באַווילינגען די זעלבע סומע פאַר דיין כאָר. אָבער פונדעסטוועגען וועסטו אליין צוגעבען אז קהל האָט א רעכט צו פאַרלאַנגען פון דיר דו זאָלסט אוועקשיקען דיין באַס שייקע פייפער, ווייל ער איז א מומר להכעיס.

— ער איז ניט קיין מומר להכעיס. ער היט אָפּ אידישקייט, איז ניט קיין מחלל שבת. אי ער זאָגט גאַנץ אָפט אריין וויצען, איז מה רעש? איך וויים שווער אז איהר אליין האָט ניט איינמאָל געלאַכט פון שייקע פייפער׳ס וויצען. ער איז א איד ווי אלע אידען,, נאָר אביסעל פרעהליכער, דאָס איז אלעס.

— אויב אזוי קאָן איך דיר שוין איצט דערצעהלען, — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט. — אז שייקע איז ווייט פון צו זיין אן עהרליכער מאַן. מען האָט מיר דערצעהלט אז ער האָט ביי שיינע ליבען אמאָל ארויסגע׳גנב׳עט פון אויוועז א גאַנצען רעטשיסניק.

— דאָס איז אויך געוועזן אויף א שפּאַס.

— א פיינער שפּאַס... לאָמיר דיר זאָגען יואל דוד, אז שייקע פייפער וועט דיר קיין כבוד ניט פאַרשאַפען, און עס איז ניט כדאי אז דו זאָלסט זיך איינרייסען מיט קהל צוליב איהם.

— איך וואַרט אויף א געלעגענהייט זיך איינצורייסען מיט די גבאים פון שוהל — האָט יואל דוד געזאָגט. — און איצט אז איהר האָט מיר גע־זאָגט וועגען דער געפלאַנטער אסיפה, וויל איך אייך לאָזען וויסען אז איך

שטעל אויך ארוים פאַדערונגען, און אַזוי ווי איך ווייס אַז אויך איהר וועט דאַרט זיין ביי דער אסיפה וויל איך דורך אייך איבערגעבען צו זיי מיינע פאַדערונגען.

— וואָס עפּעס דורך מיר! — האָט מרדכי אויסגערופען — עס פּאַסט גאַרניט אַז איך זאָל זיי איבערגעבען וואָס די פאַרלאַנגסט. זיי וועלען מיינען, אַז איך האָב דיר צוגערעדט דערצו.

— אויב אַזוי וועל איך איבערגעבען מיינע פאַדערונגען אין שריפט.

— אָבער ניט דורך מיר!

— גוט, איך וועל זיי איבערגעבען דורכ'ן שמש.

— און לאָמיר אַקאָרש'ט הערען דיינע פאַדערונגען? — רופט זיך אָן ר' מרדכי.

— איך וועל אייך זאָגען: ערשטענס וויל איך קריגען אַ העכערונג אויף מיינע שכירות.

— אַ העכערונג? ערשט ניט לאַנג צוריק האָט מען דיך געהעכערט אַ רובעל.

— איצט וויל איך אַ העכערונג פון פינף רובעל.

— וואָס רעדסטו? — האָט ר' מרדכי אויסגערופען. דו שפּאַסט?

— ניין, שווער, איך שפּאַס שוין גאַרניט. איך וויל אַז מען זאָל מיינע שכירות פאַרטאָפּלען.

— פון וואַנען וועלען זיי עס נעמען?

— דאָס איז ניט מיין עסק! אויב זיי קאָנען ניט באַהויפּטען אַזאַ טייערען חזן, זאָלען זיי זיך זוכען אַ ביליגערען!

— געה שוין געה! — האָט ר' מרדכי געזאָגט — דו ביזט ניט ערנסט!

— איהר מאַכט אַ טעות שווער — איך בין שוין גאָר ערנסט... ווינ־ציגער ווי צעהן רובעל אַ וואָך וועל איך ניט דאַווענען! און דאָס איז בלויז איין פאַדערונג.

— וואָס נאָך פאַר אַ פאַדערונגען האָסטו!

— איך פאַרלאַנג אַז קיינער זאָל זיך ניט מישען אין מיין כאָהר!

— און וואָס וועט זיין אַז דו וועסט וועלען אַנשטעלען אַ מחלל שבת, זאָל מען דיר לאָזען.

— איך בין אַזוי פרום ווי אָט יענע גבאים און איך וועל קיין מחלל שבת ניט אַנשטעלען אין מיין כאָהר.

— אָבער שייקע פייפער איז ביי אַלעמען פאַרעכענט פאַר אַן אויסוואורף.

— איך ווייס אָבער אַז ער איז אַן עהרליכער איד און ער וועט בלייבען ביי מיר אין כאָהר.

— און אפילו ווען איך וועל פון דיר פאַרלאַנגען דו זאָלסט איהם ענטזאָגען?

— איהר האָט קיין רעכט ניט, שווער, צו פאַרלאַנגען פון מיר אַזאַ זאַך!

— אָבער לאָמיר זאָגען אַז איך האָב יע עטוואָס אויסצוזעצען געגען

איהם, לאָמיר זאָגען אז ער האָט מיר באַליידיגט און איך וויל מעהר ניט אנקוקען זיין טריפה'נען פרצוף!

— קיינער וועט אייך ניט צווינגען, שווער, צו קוקען אויף זיין פרצוף. אָבער צוליב דעם וועל איך איהם ניט ענטזאָגען. ער טהוט זיין ארבייט ווי געהעריג. ער באזיצט א פיינע שטימע. איך בין צופרידען פון איהם און איהר האָט קיין רעכט ניט עס צו פארלאַנגען פון מיר.

— איך וויל אז דו זאָלסט וויסען, יואל דוד, אז עס זיינען פאַראַן פאַר־שידענע וועגען ווי אזוי איהם משלח צו זיין פון ווילנע. קיין גאַנצער, קיין כשר'ער איז ער ניט!

— וואָס מיינט איהר, מען וועט איהם מסר'ן?

— אויב ער וועט ניט וועלען אוועקגעהן מיט גוטען וועלען די וועלכע זיינען פאַראינטערעסירט ער זאָל אוועקגעהן אַנוועגדען וואָס פאַר א מיטעל עס וועט קומען צו דער האַנט.

— אויב דאָס זאָל געשעהן, זאָג איך אייך שוועהר, אז איך וועל מעהר ווילנער שטאָדט חזן ניט זיין. איך וועל פאַרלאָזען ווילנע אין דעם זעלבען טאָג וואָס שייקע פייפער וועט זיין געצוואונגען פון דאַנען אוועקצוגעהן. יע, דאָס איז מיין צווייטע פאָדערונג, שייקע פייפער מוז בלייבען מיט מיר.

— און וואָס וועט זיין אויב ער וועט מיט זיין גוטען ווילען אוועקגעהן?

— נו, דאַן איז עפּעס אנדערש. אזוי ווי איך וויל ניט מען זאָל איהם צווינגען צו פאַרלאָזען מיין כאָהר, אזוי וועל איך איהם ניט וועלען צווינגען ער זאָל פאַרבלייבען.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגען, יואל דוד, עפּעס איז פּלוצלונג אויף דיר געקומען א גרויסע ענדערונג. איך קאָן עס ניט פאַרשטעהן. עס איז שוין שפּעט. געה רוה זיך איים, מיר וועלען נאָך וועגען דעם ריידען ווען דו וועסט ניט זיין אזוי אויפגערעגט.

— עס איז טאַקע צייט צו געהן שלאָפען. — האָט ריינקע זיך אַנגערו־פען. — עס לוינט זיך טאַקע ניט צו האָבען אן איבעררייד וועגען אזעלכע קליינינגקייטען.

יואל דוד און חנה'לע האָבען זיך צוריקגעצויגען צו זייער צימער און ריינקע האָט ערשט געגעבען א גאָב צו איהר מאַן פאַר האָבען זיך אַנגעפאַנ־גען מיט איהם.

— איך ווייס ניט וואָס פון דיר איז געוואָרען, מרדכי! — האָט זי איהם פאַרגעוואָרפען. — דו זעהסט אז ער איז אזוי צערודערט און נער־ווייאיש.

— וואָס האָט ער וואָס צו זיין צורודערט. די ימים נוראים זיינען שוין פאַראיבער. איצט וועט ער אינגאַנצען דאַרפען דאַווענען צוויי מאָל א חודש ביז פּסח.

— וואָס רעדסטו? יואל דוד האָט זיך קיינמאָל ניט גענומען צום האַר־צען זיין דאַווענען. אָבער ער האָט אַנדערע זאָרגען און קלעמענישען. וואָס

מיינסטו אזוי שנעל פאַרהיילט זיך אזא וואונד? אַ קליינינקייט אזא טייערע קינד, אזוי שעהן, קלוג און געראָטען. זי וואָלט דאָך שוין איצט געווען זעקס יאָהר. און אז איך דערמאָן זיך ווערט איך זיך דען גוט ניט אויס. און דערצו דאַרפסטו ניט פאַרגעסען אז ער האָט אויך זאָרג וועגען חנה'לען. זי דאַרף אין גיכען דורכמאַכען אַ קימפּעט. עפּעס אַ קליינינקייט! יעדער איינער קאָן פאַרשטעהן פאַרוואָס ער איז אזוי צעטראָגען און אויפגערעגט און דו אָבער ווילסט פון קיין זאַך ניט וויסען. דו דאַרפסט איהם אַנציהען איצט מיט שייקע פייפער!

— דו ווייסט גאַנץ גוט אז שייקע פייפער האָט מיך באַליידיגט און איך וועל איהם ניט שענקען. ער וועט אין יואל דוד'ס כאָהר ניט דאַווענען די קומענדע ימים נוראים.

— נו, דאַרפסט גראַד איצט מיט איהם האָבען אַן איבעררייד צוליב דעם ביז די קומענדע ימים נוראים האָבען מיר נאָך אַ גאַנצען יאָהר.

— אָבער ער האָט דאָך שוין אָנגעפאַנגען צו קריכען אויף גלייכע ווענט. האָסטו געהערט ער וויל אַ העכערונג צוויי מאָל אזוי פיעל וויל ער קריגען!

— איך זעה ניט די עוולה אין דעם! — האָט ריינקע געזאָגט. — דער עולם איז זעהר צופרידען. מיר דוכט זיך אז ווען ער וואָלט פאַרלאַנגט צעהן מאָל אזוי פיעל וואָלט מען איהם אויך געגעבען!

— פון וואַנען וועט מען אָבער נעהמען? איך ווייס דאָך אז די קאַסע איז ליידיג. דאָס געלט וואָס איז אריינגעפאַלען ימים נוראים וועט ניט קלעקען צו דעקען די הוצאות פאַר דעם יאָהר. — האָט מרדכי געזאָגט.

— וואָס איז דאָס מיין זאָרג! נישקשה, קהל וועט ניט אָרימער ווערען, און לאָמיר דיר זאָגען אז מיר געפעלט עס גראַדע וואָס ער לאָזט זיך נישט שפּייען אין קאַשע. און חנה'לע קוועלט אַן פון דעם! אַ פרוי האָט ליעב אז דער מאַן איז ניט קיין לעמעשקע.

— אָבער מיר שרעקט דאָס האַרץ! עפּעס איז ער מיר פּלוצלונג געוואָרען אַ גאַנץ אַנדער מענש. ווער ווייסט אויב מען רעדט איהם ניט אָן!

— איך ווייס! מיר געפעלט אפילו ניט דאָס וואָס ער איז געגאַנגען צו שייקע פייפער און דאָס וואָס ער איז פאַר איהם שטאָל און אייזען! איך בין שטאַרק אומצופרידען פון דעם וואָס שייקע פייפער איז ביי איהם צופיל מאַכער אין כאָר. און איך האָב געזאָגט אז איך וועל זעהן אז יואל דוד זאָל איהם אוועקשיקען.

— ווי איך זעה זוכסטו זיך פריטשעפּקעס צו דיין איידעם. צעהן יאָהר איז ער מיט אונז אָפּגעווען און אַ דאַנק גאָט ניט איבערגערעדט קיין שלעכטען וואָרט. מען זאָגט אז מיט אַ שווינגער איז שווער אויסצוקומען, און איצט ווילסטו באַווייזען אז עס איז נאָך שווערער אויסצוקומען מיט אַ שווער.

— איך וועל מוזען איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכען אַ סוף.

— וואָס רעדסטו, אַ סוף צו וואָס! — האָט ריינקע איהם אָנגעקוקט.

— איך ווייס וואָס איך רייד! איך וועל זעהן אז שייקע פייפער זאָל

נעהמען דעם וועג, ווייל איך האָב מורא אַז ער זאָל צוליב איהם ניט האָבען קיין שלעכטען אָפּשניט.

— דו האָסט דאָך געהערט, וואָס יואל דוד האָט געזאָגט אַז ער וועט שייקע פייפער ניט אַוועקשיקען, טאָ וואָס ווילסטו זיך איינרייסען מיט דיין איידעם.

— וואַרט, איך האָב אַ פּלאַן! יואל דוד וויל איהם ניט אַוועקשיקען, וועל איך מאַכען אַז שייקע פייפער זאָל ניט וועלען בלייבען מיט איהם!

— ווי אַזוי?

— איך וועל איהם אָנבאָטען עטליכע רובעל אַז ער זאָל זיך אָפּטראָגען פון ווילנע!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגעת, וואָס הייסט דו וועסט איהם צוצאָלען, אַז ער זאָל אַוועקגעהן... וואָס איז געוואָרען פון דיר. ער קאָן ניט פאַרגעסען די באַליידיגונג... דו מעגסט זיך שעהמען מרדכי, פון וועמען דו באַליידיגסט זיך!

— אַ אידענע בלייבט אַ אידענע! ענטפערט ר' מרדכי — דאָ איז ניט די פראַגע וואָס ער האָט מיך באַליידיגט. שייקע פייפער באַליידיגט וועמען ער וויל. ער איז אַ פאַרגרעבטער נפש און ער האָט זיך שוין איינגעשאַפט פילע שונאים. מען איז שטאַרק אומצופרידען מיט איהם און איך האָב מורא אַז יואל דוד קאָן צוליב דעם אַ סך ליידען!

— וואָס האָסטו מורא אַז יואל דוד האָט קיין מורא ניט.

— אי פעהלט דיר שכל, ריינקע. אמת, יואל דוד האָט קיין מורא ניט, איהם וועט קיין שטעלע קיין דאגה ניט זיין. אויב ניט אין ווילנע וועט ער קריגען אַ חזנות שטעלע אין ביאַליסטאָק אָדער אין וואַרשע. אָבער זאָג מיר איז ביי דיר אויך אַלץ איינס וואו יואל דוד וועט ניט זיין וואָלסטו דען בעסער ניט געוואונשען עס זאָל ניט קומען דערצו ער זאָל דאַרפען פאַרלאָזען ווילנע.

— נו, פאַרשטעהט זיך אַז ניט!

— דאָס מיין איך. איך האָב מורא אַז צוליב אָט דעם שייקע פייפער, ניט געדאַכט זאָל ער ווערען, אַז צוליב דעם חוצפּה'ניק קאָן קומען צו אַ סכסוך צווישען יואל דוד'ן מיט איניגע פון די חשוב'ע בעלי בתים און יואל דוד קאָן נאָך טאַקע אַוועק פון ווילנע. דעריבער בין איך פאַראינטערעסירט אַז עס זאָל צו דעם ניט קומען. איז אויב עס וועט דאַרפען אויסגעהן צו אַ פּאָר רובעל וועל איך עס טאָן! בין איך ניט גערעכט?

— איך ווייס ניט! איך גלויב די בעסטע זאַך אַז מען פאַנגט זיך ניט אָן. מעהר פעהלט אונז ניט מיר זאָלען זיך איצט איינרייסען מיט יואל דוד'ן... לאָז אַלעס צורוה...

— ווען עס וואָלט זיך געווענדעט אָן מיר וואָלט איך געשוויגען, אָבער דו האָסט דאָך געהערט אַז זיי רופען אַן אסיפה. און איך ווייס וואָס זיי ווילען! זיי ווילען איהם צווינגען צו ענטזאָגען שייקע פייפער'ן און אויב ער וועט עס ניט טאָן, וועלען זיי אויפהערען איהם צו געבען געלט פאַר דעם כאָר.

— זאָל יואל דוד זיך אויס'טענה'ען מיט זיי. נישקשה, ער קאָן זיין

שטעטעל ביישטעהן. ווען ער וועט זיי זאָגען אז ער וועט אוועקגעהן פון ווילנע וועלען זיי בעסער ווערען.

— אָבער איך וויל פאַרהיטען עס זאָל צו דעם ניט קומען! — האָט ר' מרדכי געזאָגט. — און דו רייניקע דאַרפסט זיך אין דעם נישט מישען. דו קאָנסט זיך אויף מיר פאַרלאָזען!

---

— חנה'לע איז אויך געווען שטאַרק איבעראַשט פון איהר מאַנ'ס שאַרפע רייד אונפעסטע האַלטונג. עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס זי הערט איהם ריידען אַזוי. זי האָט אַנגעקוואָלען און אין דער זעלבער צייט האָט זי זיך פאַר עפּעס געשראָקען. איהר יואל דוד, וועלכער איז אַלע מאָל געווען אַזוי באַשיידען, וועלכער האָט קיינמאָל קיין העכערען וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט פון זיין מויל. זי האָט איהם גאָר ניט דערקאַנט.. ער איז געקומען אַ גאַנץ אַנדער מענש... ער איז זעהר שטאַרק צערודערט און אויפגערעגט. זי האָט געוואוסט אַז ווען ער איז אין אַזאַ שטימונג איז בעסער אַז זי שטעלט איהם ניט קיינע פראַגען. זי האָט באַמערקט אַז ער איז שטאַרק פאַרטראַכט און ער האָט שוין איינינגע מאָל אַנגעפאַנגען לייענען קריאת שמע זיצענדיג אויף זיין בעט און ניט פאַרענדיגט.

חנה'לע האָט געשוויגען. זי האָט באַשלאָסען איצט איהם גאָר ניט צו פרעגען. ער וועט אויפשטעהן מאָרגען אין דער פריה אַן אויסגעשלאָפענער, אַן אויסגערוהטער וועט זי זיך מיט איהם דורכריידען. זי וועט אויסגעפינען וואָס מיט איהם איז געשעהן, ווען זי האָט פאַרלאָשען דאָס לעמפּעל אין זייער שלאָפצימער איז זי געלעגען אין איהר בעט און ניט געקאָנט איינשלאָפען. זי האָט געהערט ווי יואל דוד דרעהט זיך פון זייט צו זייט. ער שלאָפט ניט, ער איז אומרוהיג. עפּעס איז מיט איהם געשעהן. זי האָט געהערט ווי ער קרעכצעט און זי האָט זיך שוין מעהר ניט געקאָנט באַהערשען. זי איז אַרויס פון איהר בעט און איז צוגעגאַנגען צו זיין בעט.

— זאָג מיר יואל דוד עפּעס ביזטו ניט מיט אַלעמען. דו פיהלסט זיך ניט גוט! טוט דיר עפּעס וועה?

— אַ, חנה'לע, פאַרוואָס שלאָפסטו ניט, זאָרג ניט, איך פיהל זיך גוט, קיין זאַך טוט מיר ניט וועה.

— טאַ פאַרוואָס שלאָפסטו ניט? איך הער ווי דו דרעהסט זיך און זיפצעסט. יע, עפּעס איז מיט דיר געשעהן, דו ווילסט מיר ניט זאָגען. דו ווילסט עפּעס באַהאַלטען פון מיר. זאָג מיר האָט דיר שייקע פייפער עפּעס געזאָגט אַדער געטאָן וואָס האָט דיר אַזוי צערודערט.

— וואָס פאַלט דיר איין! — האָט יואל דוד אַ זאָג געטאָן. — אַ נייע זאַך, שייקע פייפער. ער ליגט מיר אפילו ניט אין דער לינקער פּאה...

— אָבער זינט דו האָסט זיך אומגעקערט פון איהם ביזטו גאָר אַ גאַנץ אַנדער מענש געוואָרען. וואָס איז פּאַרט געשעהן.

— גיה שלאָפען חנה'לע. עס דוכט זיך דיר. גאָר ניט איז געשעהן! איך בין געוואָרען אביסעל אויפגערעגט ווען איך האָב געהערט וואָס דיין

טאַטע האָט דערצעהלט וועגען די גבאים. איך וועל זיי ווייזען ווי אַזוי מיך צו באַהאַנדלען. ביי מיר איז רעכט אפילו אַפּצופאַהרען פון דאַנען, איך בין זיכער אַז איך קאָן פאַרדינען א סך מעהר. זאָלען זיי זיך נאַר מיט מיר אַנ־פאַנגען. דו געדענקסט דאָך אַז איך האָב מיט דיר שוין א פּאָר מאָל גערעדט וועגען דעם אַז איך קאָן קריגען צעהן מאָל אַזוי פיעל שכירות ווי אין ווילנע. גאָט צו דאַנקען איך האָב א נאָמען. וואָס א שטייגער וואָלסטו גע־זאָגט, אַז איך קריג א שטעלע וואו קיין געלד וואָלט מיר ניט געפעהלט. מיר וואָלטען געקאָנט לעבען גליקליך און האָבען אַלעס אין דער וועלט.

— גאָט צו דאַנקען אונז פעהלט דאָ אויך גאַר ניט! — האָט חנה׳לע געזאָגט. — פאַרוואָס זאָלען מיר גאַר טראַכטען פון דעם.

— וואָס הייסט אונז פעהלט גאַר ניט! האָט זיך שוין יואל דוד אויפ־געזעצט. — באַשר מיר וואוינען צוזאַמען מיט דיינע עלטערען. אָבער שטעל זיך פּאָר אַז מיר וואָלטען געוואָלט האָבען א דירה פאַר זיך וואָלט איך פון מיינע איצטיגע שכירות ניט געקאָנט באַהויפּטען. איך בין דאָך ניט קיין בעל מלאכה, איך בין ווילנער שטאָדט חזן, און איך דאַרף געהן אַנגעטאָן ווי געהעריג. מיר דאַרפען שטענדיג אויפנעהמען מענשען, מיר דאַרפען לעבען שעהנער און מיט פינף רובעל א וואָך קאָן מען עס ניט באַווייזען. ווי לאַנג גלויבסטו איז דער שיעור צו זיין ביי דיינע עלטערען.

— וואָס רעדסטו, יואל דוד! איז דיר דען חלילה ענג דאָ. פאַרקעהרט דו ווייסט דאָך אַז דו ביזט ביי מיינע עלטערען דער גאַנצער נחת. ווען מיר וואָלטען זיך ארויסגעקליבען פון זיי וואָלטען זיי זיך געפיהלט זעהר שלעכט. בפרט נאָך איצט אַז לאה׳לע וועט אויך חתונה האָבען.

— און פאַרוואָס זאָל לאה׳לע מיט איהר מאַן ניט וואוינען ביי איהרע עלטערען? מיר האָבען געוואוינט דאָ צעהן יאָהר. איצט אַז לאה׳לע וועט חתונה האָבען, און דו ווייסט דאָך אַז קיינע גליקען וועט ליבעל ניט מאַכען, וואָלט ניט געוועזען בעסער, אַז זיי זאָלען וואוינען מיט דיינע עלטערען.

— איך פאַרשטעה דיר ניט!

— עס איז ניטאָ וואָס צו פאַרשטעהן. מיר קאָנען זיך אַן עצה געבען. איך קאָן פאַרלאַנגען נאָך א גרויסע הוספה און וועל עס געווים קריגען און מיר קאָנען וואוינען פאַר זיך אָבער לאה׳לע און איהר מאַן וועט די ערשטע יאָהרען זיין זעהר שווער צו וואוינען פאַר זיך... איז אונזער פליכט ארויס־צוקלייבען זיך פון דאַנען און זאָלען זיי בלייבען וואוינען מיט דיינע על־טערען. בין איך ניט גערעכט?

— המ... יע, דו ביזט גערעכט. — האָט חנה׳לע א שטאַמעל געטאָן. — אָבער לאָמיר מעהר איצט וועגען דעם ניט ריידען. עס איז שוין אַזוי שפּעט. און דו שטעהסט דאָך אויף צו דאַוונען דעם ערשטען מנין. שלאָף מיין טייערער. — האָט איהם חנה׳לע א קוש געטאָן — און טראַכט ניט מעהר פון דעם. מיר וועלען ריידען אַן אַנדערש מאָל.

# קאפיטעל 3

נאכדעם ווי יואל דוד האט פארלאזען קרושעווסקי'ס הויז, האט מען דארט ערשט אנגעהויבען צו הוליען. מאניושקא איז געווען אזא געהויבענער שטימונג אז איהם האט זיך געוואלט טאנצען פון פרייד און נאכדעם ווי ער האט גענומען עטליכע גלעזלעך שנאפס איז ער געווארען נאך מעהר מונטערער. ער האט ארומגענומען קרושעווסקי'ס און גענומען קושען.

— איך וועל קיינמאל ניט פארגעסען וואס דו האסט פאר מיר געטאן!

— האט מאניושקא איהם ארומגענומען. — איך בין דער גליקליכסטער מענש. איך האב קיינמאל ניט געקאנט האפען אויף אזא גליק. איך שטעל זיך פאר דעם פוראר וואס זיין שפילען אין מיין אפערא וועט ארויסרופען אין ווארשע. איך זאג דיר דעם אמת, אז איך האב זיך שטארק געשראקען אז ער וועט ניט וועלען אננעהמען מיין אנבאט... איך גלויב נאך אלץ ניט צו דאס איז אלעס אויפ'ן ווער. מיר דוכט זיך נאך אז איך חלום. מיין גאט, וואס פאר א שטימע! וואס פאר א טאלאנט! וואס פאר אן אויער צו מוזיק! די שווערסטע אריע קען ער איבערזינגען בלויז מיט־איינמאל הערען. און איך שטעל זיך פאר אז ווען ער וועט זיך אויסלערנען נאטען וועט ער פארפאסען די שעהנסטע מוזיק וואס וועט מאכען א גרויסען רושם אויף דער וועלט. איהם שטעהט פאר די גרעסטע צוקונפט. פרינצען, פירשטען און קעניגע וועלען איהם אויפנעהמען מיט'ן גרעסטען כבוד.

— אה, מאניושקא, איך בין די אומגליקליכסטע אין דער וועלט. — האט זיך נאסטאשא פלוצלונג צעוויינט אויף זיין שולטער.

— וואס איז מיט דיר, נאסטאשענקא. — פרעגט זי מאניושקא.

— איך פיהל זיך אזוי נידריג ווי א ווארעם! — האט זי געכליפעט. — איך וויים ניט וואס מיט מיר איז געשעהן... איך האב איהם אזוי שטארק באליידיגט. ער וועט מיך פיינט האבען. ער יועט עס קיינמאל ניט פארגעסען. איך האב איהם גערופען זשידעק.

— דו מאכסט א צו גרויסען ווזען פון דעם, מיין שוועסטער. — האט קאזימיר זיך צו איהר געווענדעט. — איך מוז דיר זאגען אז מיר איז עס זעהר ניט געווען צום הארצען וואס דו האסט זיך פאר איהם אזוי ערנידעריגט. נאך אלעמען איז ער דאך פארט ניט מעהר ווי א זשידעק, אפילו ווען ער האט די שעהנסטע שטימע אין דער וועלט.

— וואס ווייסטו קאזימיר! — האט נאסטאשא איהם געענטפערט. — דו האסט קיינמאל ניט געהאט קיין אויער פאר גוטע מוזיק. אבער אויסער זיין זינגען איז ער דאך א וואונדערבארער מענש. האסטו ווען עס איז געזעהן אזעלכע אויגען, אזעלכע וואונדערשעהנע געזיכטסציגען, אזא איידעלקייט. יעדעס מאל ווען איך פלעג א קוק טאן אויף איהם האט זיך מיר אויסגעדוכט אז איך זעה אונזער האר יעזוס'ן. אט אזוי האב איך זיך שטענדיג פארגעשטעלט האט אויסגעקוקט יעזוס. און וואס האב איך געטאן? איך האב

איהם אזוי שענדליך באַליידיגט. אַ, מאַניושקא, זאָגט מיר וואָס זאָל איך טאָן, ווי אזוי קאָן איך מאַכען ער זאָל מיר ניט האסען פאַר דעם.

— אָבער דו האָסט זיך דאָך פאַר איהם ענטשולדיגט און ער האָט דיר מוחל געווען! — האָט מאַניושקא געזאָגט. — וואָס נאָך קאָנסטו פארלאַנגען.

— ער האָט מיר מוחל געווען. ניין, איך פיהל אז ער האָט מיך פאַראַכטעט. איך האָב באַמערקט זיין בליק ווי ער האָט אויף מיר א קוק געטאָן. איך האָב געפילט אז אין זיין בליק ליגט א שנאה צו מיר. ער וועט מיר שוין קיינמאָל ניט פאַרגעסען פאַר דער באַליידיגונג.

— אנו, נעהם זיך ניט שטאַרק צום הארצען טאָכטער! — האָט קאַטערינא איהר גענומען באַרוהיגען. — עס וועט פאַראיבער א שטיקעל צייט און אלעם וועט פארגעסען ווערען. נאָך אלעמען דאַרפסט איהם באַטראַכטען בלויז אלס זינגער.

— אָה, מאַמא, איך פאַרגעטער איהם! ערשט איצט פיהל איך וואָס איך האָב אויפגעטאָן. איך בין גרייט צו פאַלען צו זיינע פיס, ער זאָל מיר מוחל זיין מיט'ן גאַנצען הארצען.

— איך בין זיכער אז ביז איבעראיאָהר ווען ער וועט אָנפאַנגען צו שפּילען אין דער אָפּערא וועט אלעם פאַרגעסען ווערען. — האָט מאַניושקא געזאָגט.

— אַ, פאַרוואָס האָט גאָט אריינגעגעבען אזוי פיעל גרויסקייט און פּרעכטיגקייט, אזוי פיעל גלאַרייכקייט אין א אידען. — האָט נאַסטאַשא מיט באַגייסטערונג אויסגערופען. — איך וועל פון היינט אָן ניט אויפהערען צו געהן אין קלויסטער און בעטען דעם האר יעזוס ער זאָל אין איהם אריינגעבען א געדאַנק אָנצונעהמען די קריסטליכע רעליגיע. ערשט דאַן וואָלט איך זיך געשעצט גליקליך. ווייל אלס א קריסט וואָלט ער געווען מעהר פעהיג מיר מוחל צו זיין פאַר מיין באַליידיגונג.

— דאָס אלעם קאָן שפּעטער קומען. — האָט מאַניושקא געזאָגט. — אבער דערווייל טאָרען מיר איהם אפילו ניט געבען קיין אָנוואונק ער זאָל זיך שמד'ן, ווייל דורך דעם וואָלטען מיר איהם אינגאַנצען פאַרלאָרען. פאַרקעהרט, איך וועל איהם מאַכען צו פיהלען אז ער איז פריי אינגאַנצען מיט זיין רעליגיע, אז זיין שפּילען אין דער אָפּערא וועט פאַר איהם קיין שטערונג ניט זיין אָפּצוהיטען אידישקייט.

— אָבער פאַרוואָס זאָל ער זיין בלינד און ניט זעהן אז צו זיין א קריסט מיינט דאָס גרעסטע גליק אין דער וועלט. — האָט נאַסטאַשא אויסגערופען. — און איך וואָלט איהם געוואָלט זעהן זעהר גליקליך.

— אזוי שנעל ווי ער וועט אָנפאַנגען באַריהמט צו ווערען, ווען ער וועט פילען אז ער איז אין אַן אנדער וועלט, א ברייטע און שעהנע וועלט וועט אונז שוין ניט שווער אָנקומען איהם איבערצוציגען אז עס וואָלט פאַר איהם געווען ווינשענסווערט צו ווערען א קריסט. — האָט מאַניושקא געזאָגט.

— איך וועל זיך קוים קאָנען דערוואַרטען אויף אַט דעם מאָמענט! — האָט נאַסטאַשאַ אויסגערופען.

— פון דיינע רייד, מיין שוועסטער, קאָן מען נאָך מיינען אז דו ביזט אין איהם פאַרליבט. דו רעדסט מיט אַזוי פיעל באַגייסטערונג.

— יע, קאַזימיר, איך בין אין איהם פאַרליבט. איך שעהם זיך ניט מודה צו זיין. איך האָב איהם ליב באַקומען מיט אַלע פיבערען פון מיין נשמה.

— ווי וואַגסטו אַרויסצובריינגען אויף דיינע ליפּען אַזעלכע רייד! — האָט קאַזימיר אויסגערופען. — דו, פאַרליבט אין אַ זשידעק...

— אָ, קאַזימיר, רייד ניט אַרויס אַט דעם העסליכען וואָרט פון דיין מויל... צוליב אַט דעם וואָרט בין איך זיכער, אַז איך בין פאַרהאַסט געוואָרען ביי איהם... ער האָסט מיך. און וואָס וואָלט איך ניט געגעבען ניט צו האָבען אַרויסגערעדט אַט דעם דאָזיגען העסליכען וואָרט.

— וואָס זאָגסטו צו דעם, מאַמאַ? — האָט קאַזימיר זיך געווענדעט צו איהר — זעהסטו וואָס דעם זשידעק'ס באַזוך אין אונזער הויז האָט אָנגע־מאַכט?

— לאָז איהר צורוה, קאַזימיר. נאַסטאַשאַ איז אויפגערעגט און מיעד. זי איז צעטומעלט און איבערראַשט... זי ווייסט ניט וואָס זי רעדט.

— אָ, מאַמאַ! — האָט נאַסטאַשאַ זי אַרומגענומען. דו ווייסט דאָך ווי אַ איך עקעלט מיך, איך קען ניט קוקען אין דער ריכטונג וואו אַ זשיד שטעהט. און איידער איך האָב איהם געהערט זינגען האָב איך אפילו ניט געוואָלט זיך געפינען אין איין צימער מיט איהם. דו האָסט דאָך ניט פאַר־געסען וויפיל דער פּאַפּאַ האָט זיך ביי מיר געבעטען איך זאָל אַרויסקומען און ניט פאַרשעהמען זיין גאַסט. אָבער ער איז דאָך אַזוי אַנדערש. פאַר איהם בין איך גרייט צו טאָן אַלץ אין דער וועלט... איך וואָלט זעהר גע־וואָלט איהם זעהן אַלס קריסט. אַלס גוטער קאַטאָליק, כדי ער זאָל געפינען דעם אמת'ן גליק אין לעבען... מיין גאַנצע שטרעבונג וועט פון היינט אָן און ווייטער זיין איהם צו באַקעהרען צו אונזער גלויבען. ער זאָל זיך דערווייטע־רען פון די זשידעס וועלכע וועלען נאָך זיין נשמה פאַרדאַרבען. איך האָב איהם אַזוי ליעב באַקומען אַז איך וויל איהם ראַטעווען פון זיין שענדליכער אומגעבונג פון האָבען צו טאָן מיט די שמוציגע זשידעס.

— דו הערסט, נאַסטאַשאַ, איך וויל מעהר אַזעלכע רייד פון דיר ניט הערען. דו האָסט קיין רעכט ניט צו רופען די אידען "שמוציגע". דו קענסט זיי ניט, דו ביזט קיין מאָל ניט געקומען אין באַריהרונג מיט זיי. זיי האָבען צווישען זיך פונקט אַזוי פיעל איידעלע, נאָבעלע און ווירדיגע מענשען פונקט ווי צווישען אונז אָדער אַנדערע פעלקער. איך ווייס וואָס איך רייד. איך בין ביי זיי געווען. איך האָב מיט זיי געהאַנדעלט. זיי האָבען עהרליכע מענשען ניט ווייניגער ווי מיר. אמת, ער זיינען פאַראַן צווישען זיי אויך שווינדלער, נעדעריגע באַשעפעניש̈ען. אָבער האָסטו וועז עס איז אַ טראַכט געטאָן אַז אויך צווישען אונז פּאָליאַקען זיינען פאַראַן פאַרשידענע מענשען. מיר האָ־

בעז געגוג גנבים, שווינדלער, מערדער און שמוציגע צו‏‏שעז אונז. טא פאר וואס זאלסטו ריידעז אזוי געגעז די אידעז? פארוואס זאלסטו זיי אנרופעז שמוציגע. אט זעהסטו דאך אז זיי האבעז אזעלכע פיינע מענשעז ווי דער פאן סטראשונסקי?

— א, וואס רעדסטו פאפא, ווי אזוי קאנסטו דעם פאן סטראשונסקי׳ן אריינרעכענעז צווישעז זייערינע. דורך א צופאל איז ער פאררעכענט אלס איד. פונקט ווי אונזער האר יעזוס. דערפאר בין איך אזוי בלוטיג פאראינטערעסירט ער זאל ווערעז אוים איד. ער זאל אננעהמען אונזער גלויבען.

— און וואס וועט זיין אז ער וועט ניט ווערעז אננעהמעז דיין פארשלאג אז ער וועט פארבלייבעז געטריי זיין פאלק? — האט זיך איהר פאטער מיט איהר א רייץ געטאן.

— אזא מאן ווי ער וועט פריהער אדער שפעטער קומען צום שכל און ער וועט זעהן אז ער קען געפינען דעם אמת׳ען גליק בלויז אין דער קריסטליכער אמונה.

— הער זיך איין, נאסטאשא! — האט מאניושקא זיך אנגערופען — איך וויל אז דו זאלסט זיין זעהר פארזיכטיג. און אויב דו וועסט אמאל קריגען די געלעגענהייט זיך מיט איהם צו זעהן זאלסטו אפילו איהם ניט געבען אנצודייטען וועגען דעם אז ער זאל אננעהמען אונזער גלויבען, ווייל דאן האב איך מורא אז ער וועט אינגאנצען חרטה האבען. זאגסטו מיר צו?

— יע, פאן מאניושקא. איך וועל זיין זעהר פארזיכטיג. איך וועל האבען געדולד, ווייל איך בין זיכער אז אזוי שנעל ווי ער וועט אנפאנגען צו זינגען אין דער אפערא און ער וועט זיך אריינלעבען אין אונזער אומגעבונג וועט ער אליין איינזעהן ווי נויטיג עס איז פאר איהם. און ערשט דאן וועל איך זיך פיהלען די גליקליכסטע אין דער וועלט.

— דו מאכסט מיר צו לאכען, מיין שוועסטער! — האט קאזימיר געזאגט — ווי שנעל דו ביזט געפאלען. ערשט מיט עטליכע טעג צוריק האסטו גאנץ אפען ארויסגעוויזען דיין שנאה צו איהם. דו האסט איהם גערופען "זשידעק" און ער האט דיר געעקעלט און איצט פארשטעה איך פון דיינע רייד, אז דו ביזט גאר פארליבט אין איהם. דו פארליבט אין א זשיד, כא, כא, כא!

— הער אויף! — האט נאסטאשא אויסגעשריען — ווער ביזטו אז דו זאלסט מיר אורטיילען. איך בין ניט פארליבט וואס ער איז א זשידעק, איך בין פארליבט אין זיין זינגען, אין זיין מענשליכקייט און זיין גרויסקייט!

— נו, הער שוין אויף צו פלאפלען מיין טאכטער! — האט קאטערינא א זאג געטאן. דו ווייסט גאנץ גוט אז אפילו ווען ער זאל שוין ווערען א קריסט, איז ער דאך פארהייראט, טא פארוואס זאלסטו זיך מאכען צום נארען.

— לאז מיר צורוה... איך וויל מעהר ניט הערען. איך ווייס אז איך האב איהם ליב באקומען. און איך וועל טאן אלעס אין מיין מאכט איהם צו געווינען, האט נאסטאשא אויסגערופען און זיך צוריקגעצויגען צו איהר צימער.

— נו, וואס זאגט איהר אויף מיין טאכטער, פאן מאניושקא ? — האט קרושעווסקי זיך צו איהם אנגערופען.

— איך מוז אייך זאגען אז איך בין שטארק צופרידען פון דער גרויסער ענדערונג וואס איז געקומען אין איהר — האט מאניושקא לאכענדיג געזאגט — איך ווייס ווי אזוי זי האט געשטורעמט און געשריען אז זי וויל ניט אז א זשידעק זאל אריבערטרעטען די שוועל פון אייער הויז, אז זי וועט אפילו ניט ארויסקומען. און דאך ווען זי האט איהם נאר איין מאל געהערט זינגען האט זי זיך אזוי געענדערט. בין איך איצט זיכער אז איך וועל ניט האבען קיינע שוועריגקייטען אין ווארשע. אט די אלע פארברענטע אנטיסעמיטען וועלכע וועלען שטורמען און פראטעסטירען ווען זיי וועלען זיך דערוויסען אז איך האב אנגאזשירט א אידען אין מיין אפערא און ער שפילט די הויפט ראלע, וועלען זיך באלד ענדערען פונקט ווי דיין טאכטער האט עס געטאן, ווען זיי וועלען איהם הערען בלויז איין מאל. איצט פארשטעהסטו שוין מיין פריינד, פאר וואס איך בין צופרידען.

— אבער איך בין באזארגט וועגען דעם וואס זי האט זיך שוין צופיל געענדערט — האסטו געהערט ווי זי האט גערעדט. זי האט זיך אפילו ניט געשעהמט צו זאגען אז זי האט זיך אין איהם פארליבט...

— דאס איז גאר ניט. זי וועט זיך איבערברענען. זאל זי נאר טרעפען א יונגען שעהנעם מאן איהר גלייכען, וועט זי זיך ענדערען.

— אפשר וואלט געווען געזינטער פאר איהר אז זי זאל קיין געלעגענהייט ניט קריגען זיך צו זעהן אפט מיט איהם — האט קרושעווסקי געזאגט — איך מיין דו זאלסט זי ניט אנשטעלען צו זינגען אין דיין כאהר.

— איך האב דאך איהר פארשפראכען — האט מאניושקא געזאגט און איך וועל דארפען האלטען מיין ווארט. סיידען איהר, איהרע עלטערען וועלען זיין דאגעגען און איהר וועט זי ניט לאזען. אבער איך גלויב אז דאס וואלט נאך ערגער געמאכט. דאס וואס מען וועט איהר פארבאטען וועט זי מאכען נאך מעהר נייגעריג. מיין עצה איז אז איהר זאלט פון דעם קיין וועזען ניט מאכען. זאל זי קומען און זינגען אין כאר. זי וועט דארט באגעגענען אזעלכע שעהנע יונגע פאליאקען אז זי וועט איינגאנצען פארגעסען אן דעם אידישען זינגער.

— דו קענסט ניט אונזער נאסטאשא'ן, זי איז זעהר פארביסען און איינגעשפארט — האט קרושעווסקי געזאגט — און איך האב שטארק מורא אז זי זאל זיך ניט פארפלאנטערען.

— איך גלויב אבער שטארק אין דער עהרליכקייט און אויפריכטיגקייט פון דעם פאן סטראשונסקי. ער אליין וועט שוין ניט דערלאזען עס זאל קומען צו אזא פארפלאנטערונג. יע, עס וועט זיין א סך בעסער אז איהר וועט זיך ניט ווידענדיג מאכען. זאל זי קומען אין ווארשע און קומען אין באריהרונג

מיט דער דאָרטיגער פּויליִשער אַריסטאָקראַטיע, וועט זי זיך גאָר שנעל אויס־היילן פון איהר ליבע צו דעם אידישען יונגען מאַן.

— פּאַן מאַניושקאַ איז גערעכט! — האָט קאַטערינאַ געזאָגט — אונ־זער נאַסטאַשאַ קאָן זיין איצט עטוואָס צוטומעלט און נאָך אַלץ אונטער דעם צויבער פון זיין פּרעכטיגען זינגען. אָבער דאָס וועט ביי איהר שנעל אויסגעוועפּט ווערען. זי וועט בלויז דאַרפען זיך דערמאָנען אַז ער איז אַ איד און אַז ער איז געווען אַ חזן. דאָס וועט שוין זיין גענוג אָפּצוקיהלען איהר ליבע צו איהם. מיין עצה דעריבער איז, אַז מיר דאַרפען מיט איהר וועגען דעם ניט ריידען. איבערהויפּט וויל איך, אַז דו, קאַזימיר, זאָלסט זיך מיט איהר ניט רייצען. אפילו ווען דו הערסט ווי באַגייסטערט זי איז פון איהם. זאָגסטו עס מיר צו?

— איך זאָג דיר צו, אָבער איך האָף אַז זי וועט אויפהערען ריידען וועגען איהם און איהם פאַרגלייכען צו יעזוס'ן... דאָס איז דאָך אַ גאָט'ס לעסטערונג.

— זי וועט עס אויך אויפהערען מיט דער צייט... פאַרגעסט ניט, אַז דיין שוועסטער באַזיצט אַזאַ צאַרטע נשמה... אַז זי איז אַזוי עמפּינדליך צו מוזיק, אַז עס איז געווען צו ערוואַרטען אַז זי זאָל באַצויבערט ווערען פון זיין זינגען. אָבער עס וועט לאַנג ניט נעמען און זי וועט זיך ווידער ענדערען — האָט קאַטערינאַ געזאָגט. די שנאה וואָס איך האָב אין איהר איינגע־פּלאַנצט צו די אידען, וועט אַזוי שנעל ניט אויסגעוואָרצעלט ווערען. האָסטו דען ניט באַמערקט אַז אין איין רגע, ווען זי האָט געפיהלט אַז ער גיט איהר ניט אָפּ דעם געהעריגען כבוד, האָט זיך אין איהר צעפלאַקערט אַ האַס צו איהם און זי האָט איהם גערופען זשידעק... ניין, ניין, דו האָסט גאָר ניט וואָס צו זיין באַזאָרגט וועגען דיין שוועסטער און די בעסטע זאַך איז אַז דו זאָלסט זי צורוה לאָזען, ניט אויפרעגען, און איבערהויפּט מיט איהר ניט ריידען וועגען דעם.

— איך פאַרזיכער דיר מאַמאַ, אַז איך וועל ניט ריידען פון איהם. אָבער זי רעגט מיך אויף ווען זי פאַנגט אָן צו ריידען פון איהם מיט אַזוי פיל באַ־גייסטערונג.

— לאָז איהר ריידען. זי וועט זיך איבעררריידען און בלייבען אָפּגעקילט — האָט קאַטערינאַ געזאָגט — דו האָסט דאָך געהערט אַז ער וועט שוין מעהר ניט קומען צו אונז אין הויז, בפרט נאָכדעם ווי דער פּאַן מאַניושקאַ וועט אָפּרייזען נאָך וואַרשע.

— איך האָב אָבער מורא אַז זי זאָל זיך אַקאָרשט ניט ערנידעריגען און געהן צו איהם.

נאַסטאַשאַ וועט ניט געהן צו אידען. זי ווייכט פון זיי ווי פון אַ מגפה.

— גענוג שוין צו ריידען פון דעם! — האָט קרוזשענסקי זיך אָנגע־רופען—לאָמיר נעמען נאָך צו ביסלאַך און געהן שלאָפען. עס איז שוין שפּעט.

# קאַפּיטל 4

דעם טאָג וואָס עס האָט באַדאַרפט פאַרקומען די אסיפה פון די גבאים, האָט ר׳ מרדכי באַשלאָסן אַליין אַוועקצוגעהן צו שייקע פייפער׳ן און זיך מיט איהם דורכריידען. ער האָט אָבער געוואָלט, אַז זיין איידעם זאָל פון דעם ניט אויסגעפינען. די בעסטע זאַך וואָלט געווען ווען ער קאָן זיך מיט איהם ערגעץ טרעפען. ער וועט זיך מיט איהם טרעפען אין קעמערל פון זיין געשעפט. דאָרט וועט קיינער זיי נישט שטערען און ער ווע זיך מיט איהם קאָנען דורכריידען.

ר׳ מרדכי האָט זיך געזעהן מיט טאָדרעס׳ן, דעם אונטער־שמש און איהם געהייסען אַוועקגעהן צו שייקע פייפער׳ן אויפ׳ן קוואַרטיר און איהם זאָגען, אַז ער זאָל קומען אויף אַ ווייליל אין ר׳ מרדכי סטראַשונ׳ס געשעפט, וואָס איז געווען דאַן אויף רודניצקער גאַס.

— איך וועל אויף איהם וואַרטען — האָט ר׳ מרדכי איהם געגעבען אַ צעהנער (פינף קאָפּיקעס) — אָבער געדענק, טאָדרעס וואָס איך זאָג דיר אַז, קיינער דאַרף פון דעם ניט וויסען.

— איהר קאָנט זיך אויף מיר פאַרלאָזען! — האָט טאָדרעס געזאָגט און אַריינגעלייגט דעם צעהנער אין קעשענע — איך בין ניט פון די פּלאַפּלער.

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט זיך שוין שייקע פייפער באַוויזען אין ר׳ מרדכי סטראַשונ׳ס געשעפט.

— קום אַריין מיט מיר דאָ אין קעמערל און מיר וועלען קאָנען ריידען אומגעשטערט — האָט ר׳ מרדכי זיך אָנגערופען צו שייקע׳ן, וועלכער איז איהם נאָכגעגאַנגען.

ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אינווייניג האָט ר׳ מרדכי צוגעמאַכט די טיר און איהם געבעטען זיך צוזעצען אויף דער בענקעל.

זיי האָבען זיך ביידע געזעצט און ר׳ מרדכי האָט אָנגעהויבען.

ערשטענס וויל איך, אַז דאָס וואָס מיר וועלען צווישען זיך ריידען זאָל בלייבען אַ סוד.

— נו, פריהער לאָמיר הערען וואָס פאַר אַ סוד דאָס איז — האָט שייקע פייפער זיך אָנגערופען, נאָר איין זאַך וויל איך אייך זאָגען, אויב איהר האָט איז זינען אַרויסצובאַקומען פון מיר זאַכען וואָס האָבען אַ שייכות צו דעם שטאָט חזן, איז אומזיסט אייער אַרבייט.

— רייד ניט קיין נאַרישקייטען, שייקע, דאָס האָט גאַרניט צו טאָן מיט מיין איידעם! — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט.

— גוט, לאָמיר הערען וואָס איהר האָט צו זאָגען.

— וואָלסטו געוואָלט כאַפּען אַ פינף און צוואַנציגער? — פרעגט איהם ר׳ מרדכי.

— פיף און צוואַנציג רובעל! — האָבען זיך שייקע׳ס אויגען ברייט פאַנאַנדערגעעפענט.

ווען ר׳ מרדכי האָט געזעהן די גרויסע באַגייסטערונג וואָס שייקע פיי־

פער האט ארויסגעוויזען הערענדיג פון אזא סומע געלט, האט איהם שוין פארדראסען וואס ער האט אנגעהויבען פון אזוי פיל. ער האט געוואלט אנ־פאנגען פון צעהן און דאן געהן עטוואס העכער ווען ער וועט זיך מיט איהם נעמען דינגען.

— פינף און צוואנציג רובעל איז זעהר א גרויסע סומע געלט — האט ר׳ מרדכי גענומען גלעטען זיין בארד. דאס איז דאך פולע שכירות פאר דיר פאר גאנצע זעקס מאנאטען, הא, ניט אמת!

— יע, איך קריג פופציג רובעל א יאהר ביי אייער איידעם! אבער זאגט מיר ר׳ מרדכי, פארוואס פאר א מעשים טובים ווילט איהר מיר געבען א פינף־און־צוואנציגער?!

— הער זיך איין, שייקע, איך וויים, אז דו ביזט א קלוגער, ביטרער יונג און דו וועסט באלד פארשטעהן די לאגע... איך וועל דעריבער געהן גלייך צום פונקט: איצט איז שוין נאך די ימים נוראים, די גבאים און די חשוב׳ע בעלי בתים האבען גענומען מאכען א חשבון און זיי האבען אויס־געפונען, אז די היי־יאהריגע הכנסה איז געווען א סך קלענער ווי פאראיארען.

— א, איך פארשטעה! איהר ווילט איך זאל אוועקגעבען די פינף־און־צוואנציג רובעל וואס איהר וועט מיר געבען אלס א נדבה פאר דער ווילנער שטאט שוהל — האט שייקע פייפער געזאגט.

— נו, איצט, שייקע, איז ניט די צייט זיך צו חכמ׳נען — האט ר׳ מרדכי א שמייכעל געטאן — עס איז זעהר אן ערנסטער ענין.

— נו, לאמיר הערען וואס איהר האט צו זאגען!

— היינט וועלען זיך די גבאים און חשוב׳ע בעלי בתים פון שוהל צו־נויפזאמלען און אזוי ווי איך בין דאך אויך א גבאי, וויים איך פאראויס וועגען וואס די דאזיגע אסיפה איז פארורפען געווארען. זיי וועלען פאר־האנדלען וועגען דעם, אז מען זאל אפשאפען דעם באס, דעם טענאר און דעם באריטאן פון כאר, דאס הייסט, זיי ווילען ניט באוויליגען קיין הוצאות פאר׳ן כאר. די אינגלאך משוררים קאסטען דאך קיין געלט ניט.

— נו, איז וואס? — האט שייקע זיך אנגערופען — וואס דארף איך טאן דערצו.

— פארשטעהסטו מיך, שייקע, מיין איידעם וויל פון דעם ניט הערען און ווען די גבאים וועלען אננעמען אזא באשלוס, קאן קומען צו א מחלוקה צווישען מיין איידעם און די גבאים פון שוהל און איך וואלט עס זעהר גע־וואלט פארמיידען.

— ווי אזוי וועט איהר דאס קענען פארמיידען?

— גאנץ פשוט. איך וועל דיר געבען פינף און צוואנציג רובעל און אלץ וואס דו וועסט דארפען טאן איז פארלאזען ווילנע. קיין אנדער שטעלע וועט דאך דיר קיין דאגה ניט זיין, ווען דו וועסט זאגען, אז דו האסט געזונ־געך ביים ווילנער באלעבעסעל וועט מען דיר אנשטעלען אין א כאר.

איך זאל אנטלויפען פון ווילנע?

— דאס מיינט ניט אנטלויפען? דו וועסט זיך אפזאגען פון דיין שטעלע

אין מיין איידאַם׳ס כאַר און אוועקרייזען פון דאנען, לאָמיר זאָגען קיין ביאַ־ליסטאָק אָדער גאָר קיין מינסק... און דערפאַר קריגסטו פון מיר פינף און צוואַנציג קערבלאַך.

— איצט וויל איך אייך פרעגען, ר׳ מרדכי — איהר וועט אויך געבען דעם טענאָר, און דעם באריטאָן צו פינף און צוואַנציג רובעל ?

— זיי ? ניין ! — וואָס איז מיין עסק !

— און פאַרוואָס ווילט איהר גראָד מיר געבען א פיף און צוואַנציגער, ר׳ מרדכי ? עס איז דאָך ניט ווייל איהר האָט מיך אַזוי ליב !

— נו, אויב דו צווינגסט מיך שוין, וועל איך דיר דערצעהלען דעם גאַנצען אמת ! די גבאים האָבען שטאַרק אויסצוזעצען געגען דיר. זיי זאָגען אז דו ביזט א וויצלינג, דו האָסט ליב צו פּראַווען ליצנות און זיי ווילען ניט ליידען דו זאָלסט שטעהן ביים עמוד. איצט קלייבען זיי זיך עס צו זאָגען מיין איידעם, ער זאָל דיר אָפּזאָגען. אָבער ווי איך האָב אויסגעפונען, איז מיין איידעם פאַר דיר שטאַל און אייזען... עס מיינט, אז ער וועט זיי ניט וועלען פאָלגען און צוליב דעם קאָן ארויסקומען א סכסוך צווישען איהם און די בעלי בתים.

— איך גלויב, אז אייער איידעם האָט ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר אַזא סכסוך...

— יע, איך ווייס עס ! — האָט ר׳ מרדכי אויסגערופען — אָבער צוליב וואָס זאָל קומען אפילו צו אן איבעררייד ! דעריבער האָב איך באשלאָסען, אז איך וועל דיר געבען פינף און צוואַנציג רובל פון מיין אייגענער קעשענע און דו זאָלסט זיך אליין אָפּזאָגען פון דיין שטעלע. דו זאָלסט ערקלערען, אז דיר איז נמאס געוואָרען איינצוזיצען אַזוי לאַנג אויף איין פּלאַץ און דו ווילסט פאַרלאָזען ווילנע.

און, ווייסטו נאָך וואָס איך וועל טאָן. איך וועל שוין זעהן, אז דו זאָלסט קריגען עטליכע רובעל אויך פון דער שוהל קאַסע, וויפיל ווייס איך ניט, אָבער דו וועסט קריגען !

שייקע פייפער האָט זיך א ווײַלע פאַרטראַכט און דאַן האָט ער געזאָגט:

— ניין ! איך קאָן ניט פאַרלאָזען ווילנע !

— פאַרוואָס ?

— ווייל איך האָב ניט קיין גאַנצען מלבוש און קיין גאַנצע שיך. ווען איך וועל ווידער דאַרפען וואַנדערען, און איך וועל אָנקומען אין א שטאָט אַן אָפּגעריסענער און אַן אָפּגעשליסענער וועט מען מיך אָננעמען פאַר א שנאָרער און מען וועט זיך אפילו אויף מיר ניט וועלען אומקוקען !

— אָבער דו וועסט דאָך האָבען געלט, וועסטו זיך קאָנען אויפנייהען א נייעם בגד און קויפען שיך.

— טאַ, וואָס וועט מיר בלייבען, טאָמער קריג איך ניט קיין שטעלע, וועל איך דען געהן בעטען נדבות !

— ווייסטו גאָר וואָס ? — האָט ר׳ מרדכי זיך אָנגערופען — איך וועל

דיר געבען סחורה פאַר אַ גאַרניטור. יע, דו אַליין וועסט אויסקלייבען אין מיין קראָם וואָס פאַר אַ געוואַנט דיר וועט געפעלען !

— און ווער וועט עס פאַר מיר אויפנייהען ? — פרעגט שייקע.

— ר׳ מרדכי האָט געזעהן, אַז עס האַלט שוין ביים וועג, האָט ער גע־זאָגט :

— מיין שניידער וועט עס פאַר דיר אויפנייהען אויף מיין חשבון. אָבער דו דאַרפסט מיר צושווערען, אַז דו וועסט באַלד פאַרלאָזען ווילנע.

— ניט באַלד ! — האָט שייקע פייפער געזאָגט — נאָר ביי די ערשטע ליכטעל !

— גוט, ביי די ערשטע ליכטעל ! — האָט ר׳ מרדכי אַ צופרידענער געזאָגט — דו וועסט וועגען דעם גאָרניט דערצעהלען יואל דוד׳ן.

— אַ נאַר וועל איך זיין ! — האָט שייקע פייפער אויסגערופען.

— נו, אויב אַזוי איז אָפּגעמאַכט ! — איך וועל זאָגען די גבאים, אַז דו האָסט מיר געזאָגט, אַז דו וועסט פאַרלאָזען ווילנע ביי די ערשטע ליכטעל, און דעריבער וועלען זיי פאַרשפּאָרען צו פאַרהאַנדלען וועגען דעם.

— אָפּגעמאַכט ! — האָט שייקע פייפער געזאָגט.

— גוט, איך וועל דיר איצט געבען פינף רובעל האַנט געלט און ווען דו וועסט האַלטען ביים פאַרלאָזען ווילנע, אין דעם זעלבען טאָג וועל איך דיר געבען די איבעריגע צוואַנציג רובעל.

— ניין, דער מסחר איז אויס ! — האָט שייקע פייפער אויסגערופען.

— אויס ?! פאַרוואָס ? — האָט ר׳ מרדכי איהם אָנגעקוקט.

— ווייל איך וויל, אַז איהר זאָלט מיר גלייך אויף אָרט געבען די גאַנצע געלט פינף און צוואַנציג רובעל.

— וואָס, דו געטרויסט מיר ניט !

— און איהר געטרויט מיר דען ?

— דו דאַרפסט פונדעסטוועגען זיך ניט פאַרגלייכען צו מיר ! — האָט ר׳ מרדכי אַ שמייכעל געטאָן, — איך בין אַ איד אַ סוחר, מיין וואָרט איז אַזוי גוט ווי מזומן ! אָבער דו... המ... דו ביזט דאָך ניט אַזאַ מקפיד אויף דיינעם אַ וואָרט. וואָס וועל איך טאָן ווען דו וועסט מיר נאָכדעם גאָר אָנ־פייפען, ווי דו האָסט עס גאַנץ אָפט געטאָן צו אַנדערען !...

— אָבער, אַז איך וועל אייך געבען אַ שבועה, דאַרפט איהר מיר גלוי־בען צי ניט !

— אַה, אַ שבועה ? דאָס יע, אויף אַ שבועה גלויב איך דיר ! נו, גוט, דו וועסט מיר געבען אַ שבועה צו פאַרלאָזען ווילנע ביז דעם ערשטען טאָג חנוכה און איך וועל דיר געבען די פינף און צוואַנציג רובעל.

— און וואָס איז מכח דעם גאַרניטור ?

— דאָס וועסטו אויך קריגען !

— אויב ניט וועט מיין שבועה ניט חל זיין ! — האָט שייקע פייפער זיך אָנגערופען.

— פאַרשטעהט זיך אַזוי ! באַלד נאָכדעם ווי מיר וועלען האָבען אַלץ

דורכגעפיהרט וועסטו אריינגעהן מיט מיר • אין קראַם און דו וועסט זיך אויסקלייבען וואָס פאַר א געוואַנט דו וועסט וועלען און איך וועל דערווייל שיקען רופען שמואל׳ן דעם שניידער און ער וועט דיר טאַקע נעמען א מאָס דאָ אין קעמערל, ביזטו צופרידען?

— יע, איך בין צופרידען — האָט שייקע פייפער זיך אָנגערופען.

— אויב אזוי גיב מיר דיין האַנט און שוועהר מיר צו, אז ביי דער ערשטער ליבטעל וועסטו פארשווינדען פון ווילנע און זיך מעהר קיינמאָל ניט אומקעהרען.

שייקע פייפער האָט איהם געגעבען די האַנט און אויסגערופען.

— איך שוועהר אייך צו, אז אויב איהר וועט מיר באַלד געבען די פינף און צוואַנציג רובעל און אויך מיר געבען די געוואַנט פאַר׳ן מלבוש און באַזאָרגען דעם שניידער, וועל איך ביי דעם ערשטען טאָג חנוכה אוועק פון ווילנע און זיך מעהר ניט צוריקקעהרען אַהער.

— גוט, גוט! — האָט ר׳ מרדכי אויסגערופען און ארויסגענומען פון בוזים פינף און צוואַנציג רובעל אין אסיגנאַציעס און זיי אָפּגעצעהלט אויף שייקע׳ס האַנט.

שייקע פייפער האָט זיי פאָרזיכטיג איבערגעצעהלט און זיי אריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע. א צופרידענער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף זיין פּנים.

— נו, איצט קום אריין מיט מיר אין קראָם, איך וועל שיקען איינע פון די מיידלאַך צו רופען שמואל׳ן דעם שניידער. זיי דאַרפען דאָך ניט וויסען צוליב וואָס דו וועסט קריגען דעם גאַרניטור. דערווייל וועסטו זיך אויך אויסקלייבען א געוואַנט.

זיי זיינען ארויס פון קעמערל און אריין אין קראָם, און ווען ריינקע האָט א קוק געטאָן אויף איהר מאַן האָט זי פאַרשטאַנען, אז ער האָט דורכגעפיהרט זיין פּלאַן... און ער איז גאַנץ צופרידען.

— איך וויל ריינקע, אז דו זאָלסט שיקען איינע פון די מיידלאַך רופען שמואל׳ן דעם שניידער און דערווייל וויין איהם פאַרשידענע געוואַנטען און שייקע וועט זיך אויסקלייבען סחורה פאַר א גאַרניטור פאַר איהם.

ריינקע האָט צוגערופען א מיידעל און איהר געהייסען רופען שמואל׳ן, דעם שניידער, און אַליין האָט זי אראָפּגענומען פון דער פּאָליצע פאַרשידענע מינים סחורה, שוואַרצע געוואַנט, טונקעל בלויע, ברוינע און טונקעל ברוינע.

שייקע האָט באַטראַכט יעדע שטיקעל געוואַנט ווי א מבין, ער האָט זיי באַטאַפּט מיט די פינגער צו זעהן ווי דיק זיי זיינען, נאָכהער איז ער צוגעגאַנגען צו ר׳ מרדכי און איהם אריינגעשושקעט אין אויער:

איהר ווייסט דאָך, אז דער ווינטער איז שוין דאָ, און מיין ווינטערדיגער מאַנטעל איז אויך צעפּליקט... איך וועל דאַרפען האָבען א וואַרימען מאַנטעל!

— נו, גוט, עס איז די זעלבע זאַך ווילסטו האָבען א מאַנטעל אַנשטאָט א גאַרניטור, בין איך אויך צופרידען. עס איז קיין גרויסער אונטערשיד ניט.

— אָבער ר' מרדכי, איך דאַרף האָבען ביידע זאַכען! — האָט שייקע פייפער זיך א קראַץ געטאָן אין דער פּאַטילניצע.

— מאַלע וואָס דו דאַרפסט! — האָט ר' מרדכי זיך אָנגערופען — מיר האָבען דאָך אָפּגעמאַכט א מלבוש, מיינט א גאַרניטור אָדער א מאַנטעל!

— ניין, איהר מאַכט א טעות! — האָט שייקע געזאָגט — א מלבוש מיינט ביי מיר ביידע זאַכען, א מאַנטעל און א גאַרניטור.

— אָה, דו פאַנגסט שוין אָן צו שווינדלען! — האָט ר' מרדכי א זאָג געטאָן — דו ווילסט מיר איינרעדען, אַז איך האָב דיר צוגעזאָגט א מאַנטעל און א גאַרניטור.

— איצט וועל איך אייך פרעגען, ר' מרדכי, קאָן מען געהן ווינטער אין אַזעלכע פרעסט אָהן א מאַנטעל!

— טאָ לאָז זיך נייהען א מאַנטעל.

— איצט וועל איך אייך פרעגען, קאָן מען טראָגען א מאַנטעל אויף א העמד! וואָס וועט זיין, אַז איך וועל אַריינקומען אין א הויז און מען וועט מי רהייסען אויסטאָן מיין מאַנטעל, וועל איך דאָך בלייבען, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, אין הוילע תחתונים... וואָס וואָלט איהר צום ביישפּיל געזאָגט, ווען איך קום אַריין צו אייך אין הויז און איהר הייסט מיך אויסטאָן דעם מאַנטעל און איך בלייב זיצען במחילה...

— ניטאָ וואָס צו ריידען, דו וועסט ביידע זאַכען ביי מיר ניט קריגען!

— אויב אַזוי איז אויס מסחר! — האָט שייקע אויסגערופען.

— נו, זאָל זיין אויס מסחר! — האָט ר' מרדכי געזאָגט — גיב מיר צוריק מיינע פינף און צוואַנציג רובעל און זאָל זיין אויס... איך וועל דיך באַרייען פון דיין שבועה.

— ניין, די פינף און צוואַנציג רובעל גיב איך ניט!

— אָבער דו האָסט דאָך געשוואוירען, אַז דו וועסט ביי דער ערשטער ליכטעל פאַרלאָזען ווילנע.

— איך וועל האַלטען מיין שבועה אויב איהר וועט נאָכקומען אַלע באַ־דינגונגען. איך האָב געשוואוירען, אַז אויב איהר וועט מיר געבען די פינף און צוואַנציג רובעל ווי אויך דעם מלבוש, איצט, אַז איהר וועט מיר ניט געבען דעם מלבוש, בין איך ניט מחויב צו האַלטען מיין שבועה?

— אָבער איך גיב דאָך דיר יע, דעם מלבוש! — האָט מרדכי אויס־גערופען מיט כעס.

— איהר גיט מיר ניט וואָס איך האָב געמיינט! ביי מיר דאַרפט איהר וויסען איז אום ווינטער מיינט א מלבוש, א מאַנטעל און א גאַרניטור, זעהט איהר, ווען מיר וואָלטען אונזער אָפּמאַך געמאַכט אום זומער, וואָלט איהר דאָך געווען גערעכט... איצט אָבער בין איך גערעכט, און אויב איהר ווילט נאָכקומען די דאָזיגע באַדינגונג, בין איך צופרידען, האָט זיך מיר א גוטען.

ר' מרדכי האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר'ן אַרבעל און אויסגערופען:

— אוי, דו שווינדלער, דו רויבער! וואוהין לויפסטו, וואָס מיינסטו

איך וועל דיר געבען פינף און צוואַנציג רובעל אומזיסט. גיב מיר צוריק דאָס געלט!

— נו, גוט, לאָמירביידע געהן צו אַ דין תורה און ווי מען וועט פּסק'נען אַזוי וועל איך טאָן!

— אַ פיינע זאַך אַ דין תורה! — האָט ר' מרדכי אויסגערופען מיט כעס — איך וויל, אַז די גאַנצע זאַך זאָל בלייבען בסוד און ער רעדט גאָר וועגען אַ דין תורה.

— איך בין צופרידען נאָכצוקומען די באַדינגונגען — האָט שייקע פייפער געזאָגט, אָבער אַז איהר ווילט ניט נאָכגעבען, האָב איך קיין אַנדער ברירה ניט ווי אייך צו רופען צו אַ דין תורה.

— איך וועל דיך לאָזען אַרעסטירען, דו שגץ! — האָט ר' מרדכי אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין פויסט אין טיש וואו די פאַרשידענע געוואַנטען זיינען געלעגען.

ריינקע וועלכע איז געווען פאַרנומען מיט אַ פּויערטע, וועלכע האָט געזאָלט קויפען לייוועגט, האָט באַמערקט ווי איהר מאַן קאָכט זיך אין דער צווייטער זייט פון קראָם, האָט זי צוגערופען איהר קרעמערקע און איהר גע־הייסען פאַרהאַנדלען מיט דער פּויערטע און אַליין איז זי צוגעגאַנגען צו זיי.

— וואָס איז דאָ? — האָט ריינקע געפרעגט איהר מאַן.

— ער איז אַ שווינדלער, אַ גנב! — האָט ר' מרדכי געזאָגט.

— אָבער וועגען וואָס האַנדעלט זיך דאָ! — האָט ריינקע זיך געווענ־דעט צו שייקע פייפער'ן.

— הערט זיך איין, מאַדאַם סטראַשון — האָט שייקע זיך אָנגערופען — זאָגט מיר, קאָן אַ מאַנספּאַרשוין אַריינקומען אין הויז בלויז מיט אַ מאַנ־טעל איבער די תחתונים, איך בעט אייך איבער אייער כבוד!

— וואָס פּלוידערסטו? — איז ריינקע אומגעדולדיג געוואָרען — דער־צעהל מיר מרדכי וואָס קומט דאָ פאָר.

ר' מרדכי האָט איהר דערצעהלט וועגען זיין אָפּמאַך מיט שייקע פיי־פער'ן און וועגען דער שבועה.

— און איצט פאַרלאַנגט ער נאָך מעהר!

שייקע פייפער האָט פאַרגעלייגט זיינע טענות און ריינקע האָט זיך אָנגערופען:

— איך וויל זיך גאָרניט מישען. טהוט וואָס איהר ווילט.

ר' מרדכי האָט פון איהרע רייד פאַרשטאַנען, אַז זי וויל ער זאָל איהם נאָכגעבען, כדי עס זאָל נאָכהער ניט קומען צו קיין ליטישע געלעכטער און כדי זייער אײדעם זאָל זיך אַקאָרשט ניט דערוויסען.

— נו, גוט, זאָל שוין זיין ווי דו זאָגסט, שייקע פייפער... איך האָף, אַז מעהר וועסטו מיר שוין ניט אָנפייפען.

אַ צופרידענער האָט שייקע ווידער גענומען באַטאַפּען די געוואַנטען...

— אָט פון דעם שוואַרצען געוואַנט וויל איך זיך לאָזען אויפנייהען אַ מאַנטעל! — האָט שייקע געזאָגט — און פון אָט דעם טונקעל ברוינעם

געוואַנט וועל איך זיך לאָזן אויפנייהען אַ גאַרניטור... זעהט איהר, איך וועל נאָך דאַרפֿן האָבן אַ פּאָר שטיוועל.

— אַרויס! — האָט ר׳ מרדכי אַ געשריי געטאָן — אפשר פאַרלאַנגסטו איך זאָל דיר לאָזן אויך נייהען אַ פּאָר שטיוועל ביי אַ שוסטער.

— איהר מיינט, אַז עס וואָלט געווען אַן עולה? — האָט שייקע פּייפער זיך אָנגערופֿען מיט אַ שמייכעל — מיינע שטיוועל האָבן אָפֿענע מיילער, אָבער דאָס וועל איך פֿון אייך ניט פאַרלאַנגען... ווייל שטיוועל געהען ניט אַריין אין אונזער אָפּמאַך.

— נאָך אַ פיינקייט פֿון דיר וואָס דו ווילסט ניט קיין שטיוועל, — האָט ר׳ מרדכי מיט ביטערקייט געזאָגט. — אַרויסגעשווינדעלט פֿון מיר נאָך אַ מאַנטעל! ניט געדאַכט זאָלסטו ווערען!

— שטעלט זיך אָבער פּאָר וואָס איז פּאַר אייך ווערט אַז איך וועל פּלוצלינג פאַרשווינדען פֿון ווילנע און איהר וועט פּטור ווערען פֿון שייקע פּייפער... האַ? דאָס דאַרף דאָך פאַר אייך זיין ווערט אַן אוצר!

— דו ביזט גערעכט, עס וועט זיין ווערט אַלעם פּטור צו ווערען פֿון אַזאַ ליץ, אַזאַ שווינדלער! — האָט ר׳ מרדכי אַ ברום געטאָן, — אַ מאַנטעל און אַ גאַרניטור און פינף און צוואַנציג רובעל.

באַלד איז אַריינגעקומען שמואל דער שניידער און ר׳ מרדכי האָט זיך צו איהם געווענדעט:

— נעמט אַ מאָס פֿון שייקע׳ן אויף אַ מאַנטעל און אויף אַ גאַרניטור, איהר וועט זאָגן וויפיל סחורה מען וועט דאַרפֿען האָבען פאַר׳ן מאַנטעל און וויפיל פאַר׳ן גאַרניטור און איהר וועט עס אויפנייהען און איך וועל פאַר דעם אייך באַצאָלט. אָבער דערצעהלט קיינעם ניט, אַז איך באַצאָל פאַר איהם, איהר פאַרשטעהט?

דער שניידער האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און איז אַריין מיט שייקע פּייפער׳ן אין קאַמערעל און ער האָט פֿון איהם גענומען אַ מאָס.

— הערט זיך איין ר׳ שמואל, זשאַלעוועט ניט קיין סחורה. בעסער זאָל דער גאַרניטור און דער מאַנטעל זיין לענגער און ברייטער איידער שמאָלער און קירצער, איהר פאַרשטעהט?

— דו דאַרפסט מיר ניט זאָגען ווי אַזוי צו נעמען אַ מאָס, — האָט דער שניידער גענומען אַ בלייפעדער און פאַרשריבען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר די מאָס.

פאַרטיג געוואָרען מיט איהם, זיינען ביידע אַרויס פֿון קאַמערעל און צוגעגאַנגען צום טיש וואו די סחורה איז געלעגען, שייקע האָט אָנגעוויזען וואָס פאַר אַ געוואַנט ער האָט זיך אויסגעקליבען פאַר׳ן מאַנטעל און וואָס פאַר׳ן גאַרניטור. דער שניידער האָט געזאָגט וויפיל אַרשין ער וועט געברוי־כען און ריינקע האָט גענומען די לאַנגע שאַרפע שער און אָפּגעשניטען אַזוי פיעל סחורה, עס איינגעוויקעלט און דער שניידער האָט עס גענומען אונטערן אָרעם.

— ווען וועט עס זיין פאַרטיג? — פרעגט שייקע.

— עס וועט מיר נעמען צוויי וואָכען, — ענטפערט דער שניידער.

— און וויפיל וועט עס מיר קאָסטען? — האָט ר׳ מרדכי זיך א שושקע געטאָן מיט׳ן שניידער.

— זיבען רובעל, — ענטפערט דער שניידער אין דער שטיל. — פיער רובעל פאר׳ן גארניטור און דריי רובעל פאר׳ן מאנטעל.

— נו, מילא, — האָט ר׳ מרדכי א צוק געטאָן מיט זיינע שולטערען און דערביי עפּעס א מורמעל געטאָן וואָס מען האָט ניט געקאָנט הערען, אָבער שייקע פייפער האָט פארשטאנען אז קיין ברכה מורמעלט ער ניט ארויס און א ברייטער שמייכעל האָט זיך צעגאָסען אויף זיין פּנים.

— דו וועסט דארפען אריינקומען צו מיר אין הויז אין דריי טעג ארום — האָט זיך שמואל געווענדעט צו שייקע׳ן — דו וועסט דארפען אָנמעסטען דיין מאנטעל.

— איך וועל שוין זיין ביי אייך, — האָט שייקע א זאָג געטאָן, — אָבער זעהט מאכט ניט קיין טאנדעטנע ארבייט!

— ווען איך וואָלט געווען א טאנדעטנער שניידער, — האָט שמואל מיט שטאָלץ געענטפערט — וואָלט ר׳ מרדכי מיר קיין ארבייט ניט געגעבען, א גוטען טאָג!

— א גוטען טאָג ר׳ מרדכי! — האָט שייקע פייפער זיך אָנגערופען און ער האָט צוזאמען מיט׳ן שניידער פארלאָזען די קראָם.

— נו, וואָס האָב איך געקאָנט טאָן, — האָט ר׳ מרדכי זיך אָנגערופען צו ריינקע׳ן, — דער מומר להכעיס האָט ארויסגעשווינדעלט אויך א מאנטעל פון מיר! פינף און צוואנציג רובעל מזומן האָב איך איהם געגעבען, זיבען רובעל וועט מיר קאָסטען דאָס נעהען און וויפיעל אז ערד איז ווערט די סחורה?

— ער האָט דאָך גענומען ארום צעהן ארשין סחורה, א רובעל אן ארשין.

— נו, איז זיבעצעהן רובעל, דאָס איז אן ערד פון 42 רובעל, אָבער עס איז ווערט! יע, עס איז כדאי אפילו זיך צו לאָזען קאָסטען צוויי מאָל אזוי פיעל אבי פּטור צו ווערען פון אזא ימח־שמו׳ניק. וואָס ווייסטו וואָס עס וואָלט זיך געטאָן צווישען קהל און יואל דוד׳ן... און בפרט נאָך איצט ווען יואל דוד איז ביי זיך געוואָרען אזוי פאר׳עקשנ׳ט אז איהם ארט ניט אויב ער וועט פארלאָזען ווילנע!

— ער וואָלט ווילנע ניט פארלאָזען, — האָט ריינקע געזאָגט. — בפרט נאָך איצט ווען חנה׳לע זאָל געזונט זיין איז אויף דער צייט... אָבער עס איז בעסער אז עס זאָל אפילו ניט קומען צו אן איבעררייד.

— אָט וועל איך באלד אוועקגעהן צו דער אסיפה פון די גבאים און איך וועל זיי זאָגען אז זיי האָבען ניט וואָס צו פארהאנדלען וועגען שייקע פייפער׳ן, ווייל איך האָב פון איהם ארויסגעקראָגען א שבועה אז ביי דעם ערשטען טאָג חנוכה פארלאָזט ער ווילנע. א סוף, אן עק, פּטור ווערען פון אן אויסוואורף!

— און דו מיינסט אז דו ביזט שוין מיט איהם פארטיג? — האט ריינקע א זאג געטאן, — ניט אזוי גיך ווערסטו פטור פון איהם!

— אבער ער האט מיר געגעבען א שבועה! — האט ר' מרדכי אויס־גערופען.

— ביי שייקע'ן א שבועה!

— וואס רעדסטו, ריינקע! אפילו שייקע פייפער וועט ניט וואגען צו ברעכען זיין שבועה. שטעל זיך פאר, ווען מען דערוויסט זיך אז שייקע פייפער האט געבראכען זיין שבועה צו מיר! מען וואלט דאך איהם פון ווילנע מיט שטעקענס פאריאגט!

— הלואי זאל איך ליגען זאגען, אבער איך האב מורא אז דו וועסט נאך פון איהם האבען צו זינגען און צו זאגען... דו האסט דאך געזעהן אז אין עטליכע מינוט האט ער שוין פון דיר ארויסגעקראגען מעהר ווי דו האסט מיט איהם אפגעמאכט.

— אבער מעהר קאן ער שוין גאר ניט ארויסקריגען פון מיר. נאך עטליכע וואכען און מיר וועלען זאגען "ברוך שפטרני"... עס איז אלעס געווען כדאי אבי ער זאל דא מעהר ניט זיין.

ר' מרדכי איז אוועק אין קהל־שטיבעל. ער האט שוין דארט געפונען די גבאים און א היבשע צאהל חשוב'ע בעלי בתים.

— נו, גוט, איצט קאנען מיר שוין אנפאנגען, — האט א גבאי זיך אנגערופען, — מיר האבען געווארט אויף אייך, ר' מרדכי.

— אויף מיר גאר! — האט ר' מרדכי אויסגערופען.

— יע, אויף אייך! דער אונטער־שמש טאדרעס האט אונז מיט א ווייל־ע פריהער געבראכט א בריוו פון אייער איידים.

— וואס הייסט מיין איידים? — שמייכעלט ר' מרדכי, — איהר מיינט פון אייער שטאט־חזן!

— נו, יע, פון אונזער שטאט־חזן, — רופט זיך אן ר' שמעון, — מיר ווילען אייך פארזיכערען אז מיר שעמען זיך ניט מיט דעם וואס ער איז אונ־זער שטאט־חזן.

— און איך קאן אייך אלעמען פארזיכערען אז איך פיהל זיך גליקליך און שטאלץ צו האבען אזא איידעם.

— אבער וואס זאגט איהר וועגען דעם בריוו וואס ער האט אונז צוגע־שיקט מיט'ן אונטער־שמש?

— איך ווייס ניט וועגען וואס פאר א בריוו איהר רעדט.

— הייסט עס אז ער האט געשיקט דעם בריוו אהן אייער וויסען.

— דעם אמת זאגענדיג האט ער מיר יע עפעס געזאגט אז ער וועט שרייבען א בריוו. דאס איז געווען ווען איך האב גערעדט מיט איהם און אי־בערייד וועגען שייקע פייפער, אבער וואס ער האט געשריבען און וואס ער פארלאנגט ווייס איך ניט.

— גיט איהם דעם בריוו און זאל ער עס דורכלייענען! — האט א גבאי זיך אנגערופען צום גבאי ראשון.

יענער האט איהם געגעבען דעם בריוו און ר׳ מרדכי האט גענומען לייענען פאלגענדעס:

"אל הגבאים דבית הכנסת הגדול דק"ק ווילנא.

"איך בין שוין ביי אייך שטאט־חזן מעהר ווי צעהן יאהר און איך האף אז איך האב אייך אלעמען די גאנצע צייט צופרידענגע־שטעלט, אבער, צום באדויערען, מוז איך זאגען, אז איהר האט מיר ניט אינגאנצען צופרידענגעשטעלט. איך האב די גאנצע צייט באַ־קומען ביי אייך זעהר א קליינע שכירות וואס עס איז קוים גענוג אויף מזונות. איצט פארלאנג איך פון אייך אז איהר זאלט מיר געבען אן הוספה פון פינף רובעל א וואך און איהר זאלט אויך העכערען די אויסגאבען פון כאר. איך וויל אז יעדער פון די דריי עלטערע פון מיין כאר זאל באקומען אמווייניגסטען א האלבען רובעל א וואך א הוספה. און איך וויל אייך לאזען וויסען אז שייקע פייפער וועט פאר־בלייבען אין מיין כאר אלס באס, און אויב איהר האט איהם אין זינען אוועקצושיקען, דאן קאנט איהר מיר אויך אוועקשיקען.

"אט דאס זיינען מיינע פאדערונגען צו אייך און איך האף אז איהר וועט זיי דערפילען. טאמער ניט, איז אויך רעכט, אבער דאן בין איך פריי צו זוכען אן אנדער שטעלע.

"אייער שטאט־חזן,
"יואל דוד סטראשון."

— נו, וואס זאגט איהר אויף דעם? — האט ר׳ שמעון א פרעג געטאן.

— וואס זאל איך זאגען? — האט ר׳ מרדכי א ציה געטאן מיט זיינע אקסלען, — איך האב מיט איהם גערעדט וועגען שייקע פייפער און ער האט מיר געזאגט וועגען זיינע פאדערונגען, אבער איך האב ניט געגלויבט, אז ער איז ערנסט, איך האב געמיינט אז ער מאכט עס אזא אנשטעל.

— מילא, וועגען דער הוספה וואלטען מיר שוין געקאנט מיט איהם ווי עס איז דורכקומען, אבער וועגען שייקע פייפער, דאס, קיינמאל ניט! מיר וועלען ניט דערלאזען אז דער אויסוואורף, דער ליץ, דער גראבער יונג, זאל בלייבען ביי איהם אין כאר.

— ניין, מיר וועלען ניט דערלאזען ער זאל זיך שטעלען נעבען ארון קודש און זינגען תפילות... דאס, קיינמאל ניט! — האט זיך א צווייטער גבאי צעשריען.

— עס איז א חילול השם צו האבען אין כאר פון ווילנער שטאט־שול אזא טריפה'נע ביין... דאס וועלען מיר איהם קיינמאל ניט נאכגעבען.

— און וואס וועט זיין אז ער וועט זיין פאר'עקשנ'ט? קאנען מיר זיך דערלויבען איהם אוועקצולאזען פון ווילנע?

— א, ניין, ניין! מיר קאנען זיך ניט דערלויבען איהם צו פארלירען... עפעס א קלייניגקייט, ער איז דאך איינגעבאקען ביי יעדען אין הארצען.

— טא וואס וועלען מיר טאן? וואס זאגט איהר, רב שלמה?

— איך זאָג אַז מען דאַרף זיך מיט איהם דורכרעדען. מען דאַרף איהם געבען צו פאַרשטעהן אַז זיין פאָדערונג איז ניט קיין גערעכטע.

— עס איז דאָך ניטאָ קיין וויכטיגער בעל הבית וועמען שייקע פייפער זאָל ניט האָבען באַליידיגט! אזא חצוף! אזעלכע נבול פה וואָס קומט ארוים פון זיינע ליפּען . . . אזעלכע מיאוס'ע ווערטער! ניין, מיר טאָרען ניט דערלאָזען אַז ער זאָל בלייבען זינגען אין כאָר.

— נו, איהר האָט שוין אַלע אָפּגערעדט, — האָט ר' מרדכי מיט גע־לאַסענקייט א זאָג געטאָן, — לאָזט מיר אויך עפּעס זאָגען א וואָרט.

— ווער לאָזט אייך ניט, ר' מרדכי? מיר ווייסען אַז אויך אייך האָט דער אויסוואורף ניט איין מאָל באַליידיגט און איהר דאַרפט זיין אזוי פאַראינטערעסירט ווי מיר פּטור צו ווערען פון שייקע פייפער'ן.

— אָט וועגען דעם וויל איך דאָך מיט אייך רעדען! מיר זיינען שוין פּטור געוואָרען פון איהם!

אַלע האָבען אָנגעשטעלט אויגען און אויערען.

— פּטור געוואָרען פון שייקע פייפער! — האָט ר' שמעון אויסגערופען.

— יע, ביי דער ערשטער ליכטעל וועט ער פאַרשווינדען. דעם ערשטען טאָג חנוכה וועט שוין קיין געדעכעניש ניט בלייבען פון איהם אין ווילנע.

— פון וואַנען נעמט איהר עס? — פרעגט איהם א גבאי.

— איהר קאָנט זיך אויף מיר פאַרלאָזען, אַז איך זאָג אייך, מסתמא ווייס איך וואָס איך רעד.

— אָבער לאָמיר אויך ווייסען... איך ווייס אַז אויף שייקע פייפער'ס הבטחות קאָנען מיר קנאָפּ בויען... מאַלע וואָס ער קאָן צוזאָגען.

— און ווי איז דער דין אַז איך האָב ארויסגעקראָגען א שבועה פון איהם אַז ער מוז פאַרלאָזען ווילנע ביי דער ערשטער ליכטעל? דאָס איז גענוג אונז אַלעמען צו באַרוהיגען אַז צוליב שייקע פייפער'ן וועט ניט קומען צו קיין סכסוך.

— זייט איהר זיכער? — פרעגט איהם א גבאי.

— א פיינע פראַגע! וואָס הייסט זיכער? ער האָט מיר געגעבען א שבועה... זאָל איך פאַרדינען אַלע וואָך וואָס דער עסק קאָסט מיר, אָבער איך וויל אַז מיין איידעם זאָל פון דעם ניט אויסגעפינען. פאַרשטעהט, מיר זיינען דאָך ניט קיין ווייבער, מיר דאַרפען ווּיסען ווי אזוי צו האַלטען א סוד, אמווייניגסטען ביז וואַנען שייקע פייפער וועט דורכפיהרען זיין שבועה און פאַרשווינדען פון ווילנע. וועט איהר, אידען, האַלטען ביז דאַן דעם סוד?

— וואָס איז דאָס פאַר א פראַגע? — האָט ר' שמעון אויסגערופען. — מיר זיינען אַלע דאָך פאַראינטערעסירט צו זעהן אַז מיר זאָלען קיין סכסוך ניט האָבען מיט אונזער שטאָט־חזן צוליב שייקע'ן.

— איך וויל אַז מיר זאָלען דאָ באַשליסען אפילו ניט צו ריידען וועגען דעם מיט אונזערע ווייבער... ווייל אזוי שנעל ווי איינע וועט אויס־געפינען וועט עס צעפּויקט ווערען איבער גאַנץ ווילנע און מיין איידעם וועט זיך פון דעם דערוויסען און קיין צרות וועלען שוין אונז ניט פעהלען.

— און אייער פרוי, ר׳ מרדכי, זי ווייסט אויך ניט פון דעם?
— מיין פרוי איז עפּעס אנדערש! זי האָט מיר געהאָלפן דורכפירן דעם פּלאַן און איהר מעגט רוהיג זיין אז קיינער וועט פון איהר גאָרניט אויסגעפינען. איז אָפּגעמאכט?
— אָפּגעמאכט! — האָבען איינינע פון די גבאים מיט אמאָל אויסגערופען.
— און וואָס וועט זיין מכח זיין ערשטע פאָדערונג, איך מיין, מכח דער הוספה פון פינף רובעל א וואָך, עס מיינט דאָך אז ער פאַרלאַנגט מען זאָל פאַרטאָפּלען זיינע שכירות.
— וועגען דעם וויל איך זיך גאָרניט מישען, — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט. — דאָס איז אייער זאַך. איך האָף אז איהר וועט מיט איהם דורכקומען. די הויפּט סיבה פאַר א סכסוך האָב איך, מיט גאָט׳ס הילף, פאַרמידען. איצט דאַרפט איהר זעהן צו קומען מיט איהם צו א פשרה.
— אדרבה, לאָמיר הערען פון אייך צו וואָס פאַר א פשרה קאָן מען קומען ווען ער פאַרלאַנגט צוויי מאָל אזוי פיעל וויפיעל ער קריגט איצט.
— איך זאָג דאָך אייך אז איך מיש זיך ניט, אז איך בין א נוגע בדבר, דאַרף איך שטעהן פון דערוויטען, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען דעם.
— אַלעס וואָס מיר וועלען קאָנען טאָן ביי איצטיגער צייט איז געבען איהם נאָך א רובעל א הוספה.
— אָבער ווי לאַנג צוריק האָט מען איהם געגעבען א הוספה, א רובעל! זאָל ער אמווייניגסטען צואוואַרטען נאָך א יאָהר וועט מען איהם דאַן געבען נאָך א רובעל א העכערונג אויף זיינע שכירות.
— וואָס רעדט איהר! יואל דוד פאָדערט פינף רובעל באַלד און ער וויל עס ניט אָפּלייגען אויף א יאָהר אַרום און ערשט דאַן איהם געבען א רובעל! איך בין זיכער, אז ער וועט אויף דעם ניט איינגעהן! — זאָגט א בעל הבית.
— וואָס הייסט ניט איינגעהן? אז עס איז פאַרט ניטאָ. פון וואַנען זאָל מען נעמען פינף רובעל א וואָך?...
— פּטור בלי כלום אי אפשר! גאָרניט נאָכגעבען איז ניט מעגליך — האָט זיך ר׳ שלמה׳לע אריינגעמישט — עס איז דאָך ביי קיינעם ניט דער מינדסטער צווייפעל, אז ער איז ווערט מיר זאָלען איהם געבען צעהן מאָל אזוי פיעל. מיר דאַרפען דאָך ביי זיך ניט זיין גענאַרט. א קליינינקייט צו האָבען אזא שטאָט־חזן ווי יואל דוד! מיט געלט קאָנען מיר איהם ניט אָפּשאצען... און לאָמיר אייך עפּעס זאָגען, אז א דאַנק אונזער ווירדיגען גבאי, ר׳ מרדכי, האָבען מיר איינגעשפּאָרט הונדערט רובעל פאַר די לעצטע צעהן יאָהר. ר׳ מרדכי זיין שוועער האָט שוין געזעהן, אז עס זאָל איהם ניט פעהלען ביי זיך און יואל דוד האָט זיך ניט גענויטיגט אין קיין סך געלט, אָבער איצט גלויב איך, איז די צייט, אז מיר זאָלען איהם געבען א הוספה... דאָמיט וועלען מיר ארויסווייזען ווי שטאַרק מיר שעצען איהם אָפּ... איך גלויב, אז מען זאָל איהם געבען א הוספה צוויי רובעל.

— צוויי רובל! פון וואנען וועלען מיר עס נעמען?
— קהל וועט זיך אַן עצה געבען! — זאָגט ר' שלמה'לע.
— און אויב ער וועט דאָס אויך ניט וועלען? — פרעגט ר' שמעון.
— פאַרוואָס זאָל ער ניט וועלען?
— ווייל ער פאַרלאַנגט גאַנצע פינף!
— דאָס האָט ער פאַרלאַנגט כדי מיר זאָלען האָבען פון וואָס אַרונ־טערצודינגען.

— מיר דאַרפען זיין גרייט, אַז ער זאָל באַשטעהן אויף דער גאַנצער פאַרלאַנגטער סומע, רופט זיך אָן נאָך איינער פון די גבאים — לויט דעם נוסח פון בריוו קאָן מען זעהן, אַז ער איז שטאַרק פאַרביטערט.

— אָבער ווי באַלד, אַז דער שייקע פייפער סכסוך פאַלט אַרוים, דאָס הייסט, מיר וועלען איהם קאָנען זאָגען, אַז מיר גיבען נאָך זיין פאָדערונג װעגען שייקע פייפער, וועט ער שוין אויך דאַרפען עפּעס נאָכגעבען...

— צוליב וואָס זאָלען מיר ברענגען אונזערע רייד אין ניוועץ, לאָמיר שיקען רופען אונזער שטאָט חזן און זיך מיט איהם דורכריידען.

— וואו איז דער בית דין שליח? — פרעגט דער גבאי ראשון. ער געפינט זיך אין פּאַליש!

רופט איהם אריין.

מען האָט אריינגערופען דעם שליח און איהם געהייסען זיך שנעל אריבערכאַפּען צו יואל דוד'ן אין הויז און איהם בעטען ער זאָל באַלד צוקומען אין קהל שטיבעל.

אין א ווײַלע ארום איז יואל דוד אריינגעקומען אין קהל שטיבעל. ער איז געווען אָנגעטאָן אין א ברייטען לאַנגען שווארצען מאַנטעל מיט א ווייכע שווארצע הוט.

די גבאים האָבען איהם זעהר ווארעם אויפגענומען. יעדער האָט גע־דריקט זיין האַנט און מען האָט איהם געבעטען זיך יעצען.

יואל דוד האָט אויסגעטאָן זיין מאַנטעל און איהם אויפגעהאָנגען אויף א נאָגעל און זיך געזעצט ביים טיש.

— מיר קאָנען גלייך צוטרעטען צום ענין — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט און ארויסגענומען יואל דוד'ס בריוו פון זיין בוזים קעשענע — מיר האָבען דורכגעלייענט דיין בריוו און איך מוז דיר זאָגען יואל דוד, אַז מיר זיינען אַלע געוואָרען ערשטוינט... דו שרייבסט מיט אזא טאָן, ווי מיר וואָלטען דיר חלילה שלעכט באהאנדעלט, ווי מיר וואָלטען דיך באַ־גזל'ט. דו סטראשעסט אונז, אַז דו וועסט אונז פאַרלאָזען, ניט שעהן פון דיר, זעהר ניט שעהן!

— און עס איז נאָך צעהן מאָל ניט שעהנער פון אייך מיר צו צאָהלען אזעלכע קלעגליכע שכירות... ממה נפשך, בין איך ניט ווערט, דאַרפט איהר מיך דאָך ניט האַלטען פאַר אייער שטאָט חזן... און אויב איך בין יאָ ווערט, טוי ווי שעהמט איהר זיך דאָס ניט מיר צו צאָהלען אזא שכירות וואָס עס

קאָן קלעקען קוים די נשמה צו דערהאַלטען?... ווען ניט די גוטסקייט פון מיין שווער, וואָלט מיר מיט מיין פרוי אויסגעקומען צו הונגערען.

ר' מרדכי האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און זיך אָנגערופען.

— איך גלויב, אַז עס איז ניט מעהר ווי רעכט, אַז איך זאָל ניט זיין דאַביי ווען איהר פיהרט פאַרהאַנדלונגען מיט מיין איידעם. איך וועל זיך אַלץ איינס ניט קאָנען באַטייליגען אין אייער געשפּרעך... איך וויל דעריבער, אַז איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען... איך וועל אייך איבערלאָזען אליין אַלץ צו פאַרענדיגען מיט מיין איידעם, און איך האָף, אַז עס וועט ניט קומען צו קיין סכסוך...

— נו, אַז איהר ווילט ניט בלייבען, האָבען מיר קיין רעכט ניט אייך צו פאַרהאַלטען — האָט ר' שמעון געזאָגט — אָבער איך זעה ניט איין פאַר־וואָס עס איז נויטיג פאַר אייך אוועקצוגעהן — איך בין זיכער, אַז צו א דין תורה וועט עס ניט קומען, הא, ניט אמת, יואל דוד?

— איך ווייס ניט! — האָט יואל דוד א מורמעל געטאָן — דאָס ווענדט זיך אינגאַנצען אָן אייך.

ווען ר' מרדכי האָט פאַרלאָזען דאָס קהל שטיבעל, האָט זיך דער גבאי ראשון געווענדעט צו יואל דוד'ן.

— איך וויל ערשטענס אויסנוצען די דאָזיגע געלעגענהייט און אויס־דריקען דיר אונזער אַלעמענס הארציגסטען דאַנק פאַר דיין ימים נוראים'־דיגען דאַווענען. מיר האָבען נאָך אַזא גייסטיגען פאַרגעניגען ניט געהאַט. מיר מוזען דיר זאָגען, אַז מיט יעדען יאָהר ווערט דיין שטימע שעהנער, בעסער און קרעפטיגער און מיר ווילנער אידען זיינען שטאָלץ וואָס דו ביזט אונזער שטאָט־חזן.

— איך דאַנק אייך זעהר פאַר אייערע ערמוטיגענדע רייד! — האָט יואל דוד אויסגערופען.

— דאָס זאָג איך דיר כדי דו זאָלסט ניט זיין אונטער דעם פאַלשען איינדרוק, אַז מיר שאַצען ניט דיין וואונדערבאַרען דאַווענען... יעדער ווילנער איד איז באַגייסטערט פון דיין זינגען און מיר האָפען, אַז דו וועסט מיט אונז פאַרבלייבען נאָך פיעלע, פיעלע יאָהרען, און אונז פאַרשאַפען אַזוי פיעל גייסטיגע פאַרגעניגען ווי דו האָסט עס געטאָן ביז איצט! און טאַקע ווייל דו ביזט אונז אַלעמען אַזוי טייער, זיינען מיר געווען ערשטוינט צו לייענען דיין בריוו... די שרייבסט, אַז מיר האָבען דיר ניט צופרידענגעשטעלט...

— דוכט זיך אַז מיר האָבען זיך געמיהט דיך צופרידענשטעלען, אַי מיר האָבען דיר געצאָהלט אַזא קליינע שכירות, נו, איז וואָס איז דאָ אַזוי די עולה... דו ווייסט דאָך אונזער לאַגע, קיין צופיל געלט אין קאַסע איז קיינמאָל ניט געווען. און אַזוי לאַנג ווי מיר האָבען געוואוסט, אַז דו געפינסט זיך ביי דיין שווער, און אַזוי לאַנג ווי דו האָסט ניט געמאָנט האָבען מיר דיר געגעבען די זעלבע שכירות וואָס מיר האָבען באַשטימט נאָך דאַן ווען דו ביזט א איינגעל געווען... און אויב איך מאַך קיין טעות ניט, האָבען מיר דיר יע געהעכערט

א רובעל אויף דער וואָד. נו, און איצט, אז דו באַקלאָגסט זיך, אז עס איז צו ווינציג ווּעלען מיר דיר געבען נאָך א רובעל און זאָל זיין שלום בישראל!

— ניין, איך וועל עס ניט נעמען. איך באַשטעה אויף מיינע פאָדערונגען וואָס איך האָב אויסגעדריקט אין מיין בריוו.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטען, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אז קהל זאָל פאַרטאָפּלען די שכירות פון א שטאָט חזן מיט איין מאָל.

— נו, וועל איך זיין דער ערשטער! — האָט יואל דוד מיט תקיפות געזאָגט — איך בין געוועזן געגנוג נאָר פאַר די לעצטע צעהן יאָהר... אָבער מעהר ניט! אויב איהר ווילט ניט, האָב איך צו אייך ניט...

— עס איז ניט קיין פראַגע פון ווּעלען — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט — דאָ איז א פראַגע פון קאָנען. געוויס וואָלטען מיר געוואָלט דיר צאָהלען צוויי מאָל אזוי פיעל וויפיעל דו באַקומסט איצט, און דו ביזט ווערט נאָך מעהר, קיינער לייקענט ניט, אָבער פון וואַנען זאָלען מיר עס נעמען?

— אויב איהר קאָנט ניט באַהויפּטען, האָט איהר קיין רעכט ניט צו פאַר־לאַנגען, אז איך זאָל זיין אייער שטאָט חזן... איך קאָן קריגען א שטעלע וואו איך וועל באַקומען ניט נאָר צוויי מאָל אזוי פיעל וויפיעל איך באַקום איצט נאָר דריי מאָל אזוי פיעל.

— ווי איך זעה איז מען צו דיר געקומען ריידען פון אן אנדער שטאָט! זאָג מיר, יואל דוד, ווער זוכט דיך אוועקצונעמען פון אונז?

— דאָס איז מיין עסק! איך בין צו אייך ניט פאַרקויפט און איהר זייט צו מיר ניט פאַרקויפט. איהר קאָנט מיך אוועקשיקען צו יעדער צייט און איך קאָן אוועקגעהן צו יעדער צייט. מיר האָבען אפילו קיין קאָנטראַקט ניט גע־שריבען פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר.

— זעהסטו דאָס איז טאַקע אַן עולה. מיר האָבען באַדאַרפט שרייבען א קאָנטראַקט — און מיר ווּעלען עס טאַקע טאָן... וואָס הייסט, שטאָט חזנות דאַרף ניט זיין קיין הפקר זאַך; אָט אז מיר ווּעלען דורכקומען וועל איך טאַקע שיקען נאָכ'ן סופר און מיר ווּעלען שרייבען א קאָנטראַקט אויף פינף יאָהר.

— איך דאַרף ניט קיין קאָנטראַקט! — האָט יואל דוד געזאָגט — איך נויטיג זיך ניט צו פאַרזיכערען...

— נו, טאַקע ניט אזוי צוליב דיר ווי צוליב קהל... — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט — אָט ווּעלען מיר דיר געבען א הוספה פון צוויי רובעל און מיר ווּעלען שרייבען א קאָנטראַקט.

— איך האָב אייך געזאָגט, אז ווינציגער ווי פינף רובעל הוספה, וועל איך ניט נעמען. דאָס איז געוועזן מיין ערשטע פאָדערונג און מיין צווייטע פאָדערונג איז געווען, אז מען זאָל באַשטימען אביסעל מעהר געלט פאַר'ן כאָר און אז שייקע פייפער פאַרבלייבט אין מיין כאָר אלס באַס...

— זעהסטו וועגען דיין כאָר און שייקע פייפער ווּעלען מיר זיך מיט דיר ניט דינגען... מיר ווּעלען דיר נאָכגעבען די דאָזיגע פאָדערונג דיינע, אָבער

ווענגען די פינף רובעל דארפסטו ניט זיין אזוי פאר׳עקשנ׳ט, נעהם צוויי רובעל און זאל זיין געענדיגט.

— איך זעה, אז מיר ברייגגען אונזער צייט אין ניוועץ — האט זיך יואל דוד אויפגעשטעלט — איך וועל קיין קאפיקע ניט ארונטערלאזען — פינף רובעל הוספה, אז ניט, זוכט זיך אן אנדער שטאט חזן.

— איך האב זיך אפילו ניט געוואלט מישען, יואל דוד — האט זיך ר׳ שלמה׳לע אנגערופען — אבער איצט, אז איך זעה, אז עס האלט נאך ניט ביי אן אויסגלייך, וויל איך דיר זאגען, אז איך האב פארגעשלאגען די צוויי רובעל הוספה אלס פשרה...

— צום באדויערען, רבי, קאן איך אייער פשרה ניט אננעמען — פאר מיינע צעהן יאהר ארבייט האב איך געקראגען אזוי ווינציג... איצט וועל איך פון מיינע פאדערונגען גארניט ארונטערלאזען. איך זאג דאך אייך, אז ניט איך קאן אייך צווינגען נאכצוקומען מיינע פאדערונגען, און ניט איהר קאנט מיך צווינגען צו בלייבען ביי אייך שטאט חזן... חשוב׳ע אידען, וועלכע זיינען געקומען אהער אין ווילנע און מיר געהערט דאוונען, האבען געלאכט אין די הויפענס ווען זיי האבען אויסגעפונען וויפיל שכירות איהר צאהלט מיר...

דאס איז די צרה, די פרעמדע אידען, וועלכע קומען אהער, האבען דיר אנגערעדט, אז איצט ווייסטו אליין ניט וואס דו ווילסט! — האט ר׳ שמעון אויסגערופען — ווי אזוי קאנסטו גאר ביי זיך פועל׳ן צו פארלאנגען אזא הוספה אויף דיינע שכירות, צוויי מאל אזוי פיעל וויפיעל דו קריגסט איצט.

— דאס איז געווען די צרה. איך האב גלייך פון אנפאנג באדארפט קריי־גען אזא שכירות... איך בין זיכער, אז איהר וואלט דאן קיין ווארט ניט גערעדט און געגעבען. איצט שטעלט זיך פאר וויפיל געלט איהר האט איינ־געשפארט דורך די גאנצע צעהן יאהר — איבער צוויי טויזענט רובעל און איצט איז ניט מעהר ווי רעכט, אז איך זאל קריגען מיין פארלאנגטע הוספה...

— עס קאן זיין, אז דו האסט רעכט — איז שוין דער גבאי ראשון ווייכער געווארען, אבער דו האסט באדארפט האבען מעהר איינזעהעניש מיט קהל, וואס הייסט דו קומכט און פארלאנגסט מיט אמאל טאפעלטע שכירות... איצט נעהם צוויי רובעל. דעם קומענדען יאהר נאך צוויי, ביז וואנען דו וועסט קריגען דיין פארלאנג...

יואל דוד האט זיך א ווייל פארטראכט. ער האט געוואוסט, אז ער זוכטאריינצוגעהן מיט זיי אין א סכסוך כדי עס זאל איהם לייכטער אנקו־מען זיין אוועקגעהן פון ווילנע. ער איז דאך שוין פאר דעם קומענדען יאהר פארבונדען מיט א קאטראקט צו דעם גרויסען קאמפאזיטאר, מאניושקא, איצט וואלט ער זיך געפיהלט א סך בעסער ווען זיי ענטזאגען זיין פארלאנג, דאן וואלט ער געהאט א געניגענדע אורזאך זיך צו ענטזאגען... און ער וואלט שוין געקאנט געפינען א וועג ווי אזוי צו ערקלערען זיין פרוי און איהרע עלטערען, אז ער וויל פאהרען קיין ווארשע... חנה׳לע וועט די ערשטע צייט מיט איהם ניט קאנען מיטפאהרען, דאס וועט זיין א סך בעסער, וועט זי ניט ויסען, אז ער זינגט גאר אין א פוילישע אפערא און אויב ער וועט זיין אן

ערפאלג, ווי מאניושקא זאגט פאראוים, נו, דאן וועט ער שוין זיך ניט דארפען אפשרעקען.

— נו, וואס? — האט דער גבאי ראשון אונטערבראכען זיינע געדאנ־קען — דו האסט זיך אביסעל פארטראכט, זעהסטו שוין איין אז מיר זיינען גערעכט?

— גערעכט זאגט איהר, מיט וואס זייט איהר גערעכט? מיט דעם וואס איהר צאהלט מיר קלעגליכע שכירות... ניין, רבותי, איך האב מעהר מיט אייך ניט וואס צו ריידען... דאס פארלאנג איך! און אויב איהר ווילט ניט, אדער ווי איהר זאגט, איהר קאנט ניט, זייט איהר פריי צו זוכען אן אנדער שטאט חזן — האט זיך יואל דוד אויפגעהויבען פון זיין פלאץ.

די גבאים און בעלי בתים זיינען געבליבען זיצען ערשטוינטע אויף זייערע פלעצער. אויף דעם האבען זיי זיך ניט געריכט. ער זאל ארויסווייזען אזא עקשנות... וואס איז מיט איהם געווארען. ער איז גארניט דער זעלבער יואל דוד! ער איז איינגאנצען אנדערש געווארען.

אז יואל דוד האט גענומען געהן נעמען זיין מאנטעל, האט זיך דער גבאי ראשון אויך א שטעל געטאן און אויסגערופען:

— יואל דוד, דאס איז זעהר ניט פיין פון דיר... וואס הייסט דו וועסט אזוי אוועקגעהן פון דאנען, אז אנגעשטויסענער, א ברוגז'ער... מיר ווילען דיך חלילה ניט קריוודען, אבער דו דארפסט אליין האבען איינזעהעניש מיט אונז... דו זעהסט דאך, מיר גיבען דיר נאך אביסעל, גיב אויך עפעס נאך און מיר וועלען קומען צו א פשרה... לאמיר עס מאכען אויף העלפט. מיר וועלען נאכגעבען א העלפט פון דיין פארלאנג און דו גיב אויך נאך א העלפט... בין איך ניט גערעכט רבותי.

— יע, געוויס זייט איהר גערעכט — האט זיך שוין ר' שמעון גענומען היצען. עקשנות טאר דא ניט געהן... אז דו קריגסט א הוספה פון צוויי און א האלב רובעל דארפסטו מעהר קיין ווארט ניט ריידען, און פארענדיגען מיט אונז און זאל זיין שלום!

— און איך זאג דאס, אז איהר דארפט זיין צופרידען וואס איך פאר־לאנג ניט אזוי פיעל וויפיעל מען באט מיר אן ערגעץ אנדערש, ווייל דאס וואלט געווען באלד פינף מאל אזוי פיעל ווי פיעל איך קריג איצט.

— דו ווילסט אונז זאגען, אז מען האט דיר אנגעבאטען פינף און צוואנציג רובעל א וואך! דאס איז אונמעגליך. איך קאן זיך ניט פארשטע־לען, אז עס געפינט זיך ערגעץ א אידישע קהילה וואס איז רייך גענוג, אז זי זאל קאנען באהויפטען צו צאהלען א חזן אזא גרויסע סומע געלט...

— איהר האט א רעכט מיר ניט צו גלויבען — האט יואל דוד געזאגט.

— עס איז ניט קיין פראגע פון גלויבען. עס פארשטעהט זיך, אז מיר צווייפלען ניט אין דיינע רייד, אבער מיר צווייפלען צו דער, וועלכער האט דיר עס אנגעבאטען איז געווען ערנסט... עס איז גאנץ מעגליך, אז ער האט דיך בלויז געוואלט אנציהען... — האט א גבאי א זאג געטאן.

— איהר זעהט דאך, אז איך צווייפעל ניט און איך בין גרייט צו ריזי־קירען.

— אדרבה, — זאג אונז פון וואס פאר א שטאט האט מען דיר געמאכט אזא אנבאט? — האט דער גבאי ראשון געפרעגט.

— דאס קאן איך אייך ניט זאגען!

— אבער דו ווילסט דאך ניט פארלאזען ווילנע!

— אז עס וועט זיין נויטיג, וועל איך עס טאן... די גרויסע גליקען וואס איך האב דא ביי אייך! איך זאג אייך נאך אמאל, אז אויב איהר וועט מיר ניט נאכגעבען מיין גאנצע פאדערונג וועל איך זיך פיהלען פריי אנצונעהמען אן אנדער שטעלע.

לעצטע רייד פון יואל דוד'ן האט געמאכט א שטארקען רושם אויף אלע־מען. ווי עס ווייזט אויס, האט זיך אן אנדער אידישע קהלה מתקנא געווען און זיי ווילען אוועקנעמען זייער באליבטען חזן... ניין, זיי טארען עס ניט דערלאזען!

— איך בעט דיר, יואל דוד, זעץ זיך צוריק אויף דיין פלאץ — האט ר' שלמה'לע זיך צו איהם געווענדעט — לאמיר זיך דורכרעדען. מען דארף ניט זיין אזוי היציג... דו ווייסט גאנץ גוט, אז די ווילנער אידען ווייסען ווי דיך אפצושאצען... אלע זיינען ענטציקט פון דיר און עס טאר ביי דיר גאר ניט קומען קיין געדאנק אפילו, אז דו וועסט פון אונז אוועקגעהן... זעץ זיך, און לאמיר קומען צו פשרה...

— פארוואס זאל איך ברעגגען אין גיוועץ מיין צייט! זיי פארלאנ־גען איך זאל האבען איינזעהעניש מיט דער ווילנער קהילה, איך האב געהאט איינזעהעניש מיט דעם וואס איך האב ניט פארלאנגט מעהר... וויל וואס וואלט געווען ווען איך פארלאנג אזוי פיעל וויפיעל מען באט מיר אן ערגעץ אנדערש.

— וואלסטו עס טאקע ניט געקראגען! — רופט זיך אן ר' שמעון שוין אביסעל צעהיצט. עס דארף דאך זיין א גרענעץ צו אליץ... אז דו נעמסט שוין קריכען אויף גלייכע ווענט, איז דאך מיט דיר ניטא וואס צו ריידען.

— נו, איז נישט! — האט זיך יואל דוד ווידער אויפגעשטעלט — איך האב צו קיינעם ניט... איך האב מיינס געזאגט, איצט טהוט ווי איהר פארשטעהט.

— ווער האט אייך געגעבען דאס רעכט אזוי צו ריידען, ר' שמעון — האט זיך אויף איהם דער גבאי ראשון א בייזער געטאן — אט האבען מיר שוין געהאלטען ביי אן אויסגלייך, קומט איהר און צעהיצט זיך און איהר שאפט ווידער בייזע געפיהלען. פארוואס זאלען מיר זיך היצען און קריגען. מיר קאנען זיך דורכריידען אויף א געלאסענעם אופן... איך בעט דיך, יואל דוד, בארוהיג זיך. פארנעם דיין פלאץ, זעץ זיך, איך בעט דיך. מיר וועלען מוזען קומען צו א טאלק... לאמיר מאכען א פשרה!

— איך האב זיך ניט וואס צו זעצען! איך וויל ניט וויסען פון קיין

אַנדערע פּשרות... איך האָב אייך אין בריוו געלאָזט וויסען מיינע פאָדערונ־גען. איך וועל פון זיי א האָר ניט אַרונטערלאָזען, און אויב אייך לוינט זיך ניט, האָט איהר דאָס רעכט צו טאָן ווי אייך געפעלט. איך וועל טהאָן דאָס וואָס פאַר מיר לוינט זיך בעסער...

— דאָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרען! — האָבען אייניגע פון די גבאים גענומען מורמלען! א מענש זאָל זיין אזא עקשן...

— איך זאָג, אז מיר מוזען איהם צווינגען איינצוגעהן אויף א פּשרה.

— צווינגען — האָט יואל דוד א שמייכעל געטאָן.

— ניין, ער דאַרף ניט זיין אזוי איינגעשפּאַרט!

— נו, זאָל זיין גענוג! — האָט אויסגערופען דער גבאי ראשון — זאָל ער זעהן, אז קהל איז ניט קיין גזלן... מיר וועלען נאָכגעבען זיין פאָדערונג!

— און וואָס וועט איהר טאָן, אז עס וועלען אַוועקגעהן א פּאָר חדשים און ער וועט פאַרלאַנגען נאָך מעהר! — האָט ר' שמעון אויסגערופען — ווען ער וועט זעהן, אז ער דאַרף נאָר זאָגען א וואָרט און מיר גיבען זיך אונ־טער, וועט ער דאָך יעדען יאָהר אָדער האַלב יאָהר קומען צו אונז בעטען א הוספה...

— נו, וועלען מיר זיך באוואָרענען! — האָט דער גבאי ראשון זיך אָנגערופען — מיר וועלען שליסען א קאָנטראַקט אויף פינף יאָהר, דאַן וועט ער שוין ניט קאָנען בעטען א הוספה ווען איהם וועט זיך וועלען.

— נו, אויב א קאָנטראַקט פאַר פינף יאָהר, איז עפּעס אַנדערש. — זאָגט ר' שמעון — איך גלויב, אז קיינער וועט ניט זיין געגען אזא אָפּמאַך.

— און וואָס זאָגט איהר דערצו? — האָט זיך דער גבאי ראשון גע־ווענדעט צו די איבעריגע.

— נו, מילא, מיט א קאָנטראַקט פאַר פינף יאָהר... — האָט נאָך א גבאי געזאָגט, ערשטענס וועט מען איהם ניט קאָנען אָפּריידען פון דאַנען... און צווייטענס...

— צווייטענס... — האָט יואל דוד ניט געלאָזט פאַרענדיגען — צוויי־טענס ווער זאָגט עס אייך, אז איך וועל אונטערשרייבען א קאָנטראַקט!

— וואָס הייסט! — רופט אויס דער גבאי ראשון — דו ווילסט ניט אונטער שרייבען א קאָנטראַקט, וואָס איז די אורזאַך?

— איך וויל ניט! דאַרף איך דען אָנגעבען אן אורזאַך.

— נו, מן הסתם האָט ער אין זינען צו בעטען נאָך אן הוספה אין א יאָהר אַרום!

— איך לייקען עס ניט! מעגליך! — האָט יואל דוד זיך אָנגערופען — איך וויל אייך ניט האַלטען געבונדען און איך וויל ניט זיין געבונדען צו אייך.

— נו, זעהסטו, יואל דוד, איצט ביזטו פאַלקאָם אומגערעכט... מען גיט דיר נאָך אַלע דיינע פאָדערונגען און ערשט איצט מאַכסטו שוועריג־קייטען... דו קריגסט א הוספה, פונקט נאָך אמאָל אזוי פיעל... און וואָס

פאַרלאַנגט מען פון דיר, דו זאָלסט אונטערשרייבן אַ קאָנטראַקט אויף פינף יאָהר, אַזאַ קלייניגקייט ווילסטו עס אויך ניט...

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, רבי — האָט יואל דוד געזאָגט — איך פיהל, אַז איך האָב אַ היבש ביסעל געגנער און אַז איך וועל זיין פאַרבונדען אויף גאַנצע פינף יאָהר, קאָן דאָך פּאַסירען, אַז אַנדערע גבאים וועלען אויסגעקליבען ווערען און אפשר אויך אַ צאָהל פון זיי וועלען זיין מיינע געגנער און וועלען זוכען צו מאַכען אומאַנגענעם פאַר מיר, טאָ פאַרוואָס זאָל איך נאָך זיין געבונדען.

— דו רעדסט נאַרישקייטען, ווי קומט עס צו דיר אַזעלכע געדאַנקען. דו האָסט ניט קיין געגנער... מיר דוכט זיך, אַז עס איז ניטאָ קיינער אין גאַנץ ווילנע, וועלכער זאָל זיין אומצופרידען פון דיין דאַווגען... אויב עס זיינען אַמאָל געווען אייניגע פון די בעלי בתים, וועלכע האָבען עפּעס געזאָגט אַ פּאָר ווערטער געגען דיר, איז עס געווען דאַן ווען דו ביזט נאָך געווען אַ אינגעל, און זיי האָבען געפיהלט, אַז ווי גוט דיין דאַווגען זאָל ניט זיין, דאַרף אַ אינגעל ניט זיין קיין שליח צבור. איצט אָבער, פאַרזיכער איך דיר, אַז אַלע דיינע אַמאָליגע געגנער זיינען געוואָרען דיינע שטאַרקסטע אָנהענגער. און זיי וואָלטען זיך געפיהלט שטאַרק געטראָפען ווען דו וואָלסט פאַרלאָזט ווילנע. דעריבער זעה איך ניט איין פאַרוואָס דו זאָלסט זיך ענטזאָגען אונטערצושרייבען אַ קאָנטראַקט אויף פינף יאָהר, ווי די חשוב'ע גבאים פאַרלאַנגען.

— מעהר ווי אויף איין יאָהר וויל איך זיך ניט פאַרבינדען... ביז נאָך די קומענדע ימים נוראים... מעהר וויל איך ניט.

— נו, איצט זעהט איהר שוין — האָט ר' שמעון אויסגערופען — אַז ער האָט אין זינען צו שטעלען נאָך גרעסערע פאָדערונגען דעם קומענדען יאָהר. און אויב איהר ווילט, קאָן איך אייך זאָגען, אַז ר' מרדכי סטראַשון, זיין שווער האָט אין דעם אַ האַנט... ער האָט געמוזט זאָגען זיין איידעם, אַז קהל איז אַ מעלקענדיגע קיהעלע און וואָס מעהר ער וועט מעלקען אַלץ מעהר מילך וועט ער באַקומען.

— איך פאַרלאַנג פון אייך, ר' שמעון, איהר זאָלט צוריקציהען אייער פאַלשע באַהויפּטונג — איז יואל דוד אויפגערעגט געוואָרען — איך פאַרזיכער אייך, רבותי, אַז ניט נאָר האָט מיין שווער אין דעם קיין האַנט, נאָר פאַרקעהרט, ווען איך האָב איהם געגעבען אָנצוהערען, אַז איך וועל אַרויסשטעלען פאָדערונגען צו דער קהלה, האָט ער מיט מיר גענוג איינגע'טענה'ט, ער האָט זיך ביי מיר געבעטען איך זאָל עס ניט טאָן, ווייל טאָמער וועט קהל ניט קאָנען נאָכקומען מיינע פאָדערונגען און איצט קומט ר' שמעון און מאַכט אַזאַ שענדליכען בלבול אויף מיין שווער. איך פאַרלאַנג, אַז ער זאָל זיך ענטשולדיגען!

— איך ווייס וואָס איך רייד! — האָט ר' שמעון אויסגערופען — און דאָס וואָס ר' מרדכי האָט איצט פאַרלאָזען די אסיפה, איז אַ באַווייז, אַז איך בין גערעכט — איהר פאַרשטעהט, ר' מרדכי'ס אינגערע טאָכטער וועט אינגיכען חתונה האָבען און ער וועט מן הסתם דאַרפען שטעלען זיין צוויי-

טען איידעם אויף די פיס, נו, ווייל ער אז מיר זאָלען צאָהלען זיין ערשטען איידעם א גרעסערע שכירות.

— עס איז א ליגען! עס איז א שקר וכזב! האָט יואל דוד זיך צעשריען
— רבותי, איך זאָג אייך בפירוש, אויב ר' שמעון וועט זיך ניט ענטשולדי־גען פאר זיינע רייד, וועל איך מעהר ביי אייך ניט דאוונען. און אויב איהר ווילט ניט גלויבען, בין איך גרייט צו שווערען, אז דאָס וואָס איך האָב אייך געזאָגט וועגען מיין שווער'ס געגנערשאפט צו מיינע פאָדערונגען צו אייך, איז דער ריינער אמת.

— דו דארפסט ניט שווערען, מיר גלויבען דיר! — האָט דער גבאי ראשון זיך אָנגערופען.

— אויב איהר גלויבט מיר, דאן זייט איהר דאָך איבערצייגט, אז ר' שמעונ'ס רייד זיינען פאַלשע און איך האָב א רעכט צו פארלאַנגען, אז ער זאָל זיך עפענטליך ענטשולדיגען.

— דאָס איז אָבער א פערזענליכער ענין, צווישען דיר און ר' שמעונ'ען, און מיר האָפען, אז איהר וועט זיך אויסגלייכען.

— ניין, ר' שמעון איז א גבאי פון שוהל און ער האָט איצט גערעדט ניט אלס פריוואטער מענש, נאָר אלס גבאי, און דעריבער זאָג איך אייך נאָך אמאָל, אז אויב ער וועט ניט צוריקציהען זיינע בייזוויליגע און ליגנערישע באהויפטונגען, וועל איך מעהר ביי אייך ניט דאוונען.
— ער האָט קיין רעכט ניט צו זאָגען, אז איך בין א ליגנער! — האָט ר' שמעון זיך צעשריען.
— ער מיינט עס ניט! — האָט ר' שלמה'לע געזוכט איהם צו בארוהי־גען — יואל דוד מיינט, אז איהר זייט אונטער א פאַלשען איינדרוק.
— מיר דארפט איהר ניט דערצעהלען וואָס ער מיינט, רבי — האָט ר' שמעון געשטורעמט, איך וועל ניט דערלאָזען, אז ער זאָל מיך באליידיגען, איך בין עלטער פון איהם און איך האָב אוועקגעגעבען א האלבען לעבען פאר דער שטאָדט שוהל.
— און דערפאר האָט איהר געקראָגען מעהר כבוד וויפיעל איהר האָט פארדינט — האָט יואל דוד אויסגערופען — איך וויים, אז איהר טראָגט אויף מיין שווער נאָך אן אלטע שנאה... און דאָס וואָס איהר האָט אריינגע־בראכט די געשיכטע וועגען זיין אינגערע טאָכטער'ס הייראט, באווייזט מיר, אז די קנאה רעדט אין אייך... יע, איהר זייט איהם מקנא, ווייל אייער טאָכ־טער ביילקע האָט נאָך קיין שידוך ניט געטאָן...
— שא, שא, וואָס זיינען דאָס פאר א דבורים! — האָט אימיצער אויס־גערופען — אידען, פארוואָס זאָלען מיר דערלאָזען עס זאָל קומען צו א מחלקה... פע, עס איז ניט שעהן.
—ער זאָגט, אז איך בין מקנא ר' מרדכי'ן ווייל זיין אינגערע טאָכטער וועט אין גיכען חתונה האָבען, אויב אזוי קאָן איך אייך זאָגען רבותי, אז ווען מען זאָל מיר צוצאָהלען, וואָלט איך ניט דערלאָזען, אז מיין ביילקע זאָל

חתונה האָבען מיט א סטאָליער־יונג.. מיט א פּראָסטען בעל מלאכה. ווען איך וואָלט געוואָלט טהאָן אזא שידוך, וואָלט מיין טאָכטער שוין לאנג געווען פארהייראט... פארשטעהסט איהר מיך, מיינע זיהן קאָנען לערנען און איך וויל ניט אריינגעמען קיין עם הארץ פאַר אן איידים. איך זוך א למדן און איך וועל עס אויך קריגען. איהר האָט געהערט א חוצפה, איך בין מקנא ר׳ מרדכי סטראשונ׳ס גליק וואָס האָט איהם געטראָפען מיט זיין אינגערע טאָכטער. זי וועט חתונה האָבען מיט א סטאָליער, א קלייניגקייט, אזא גליק איז טאקע דאָ וואָס מקנא צו זיין! איהר האָט געהערט רבותי, ער האָט מיך באַליידיגט!

— וואָס קומט דאָ פאַר — האָט דער גבאי ראשון אויסגערופען — וואָס ברענגט איהר אריין פּערזענליכע קריוודעס, דאָ!

— איך זאָג אייך נאָך אמאָל, אז ר׳ שמעון האָט געמאכט א ליגנערישע באהויפּטונג וועגען מיין שווער און אויב ער וועט זיך ניט ענטשולדיגען בפני כל עם ועדה און ניט צוריקציהען זיינע רייד, וועל איך ביי אייך מעהר ניט דאַוונען — האָט יואל דוד אויסגערופען.

— נו, זאָל זיין גענוג! — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט — ר׳ שמעון האָט זיך עטוואָס אויפגערעגט און ער האָט ניט געוואוסט וואָס ער רעדט.

— איך האָב שוין יע געוואוסט! — האָט ר׳ שמעון זיך געקאָכט — איך וועל מיינע רייד ניט צוריקציהען... איך קען ר׳ מרדכי צו גוט, איך ווייס אלע זיינע כונות און ביטערקייטען.

— א גוטען טאָג! — האָט יואל דוד זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר.

דער גבאי ראשון האָט זיך א שטעל געטהאָן פון זיין פלאַץ און ער האָט גענומען איהם פארלויפען דעם וועג.

— יואל דוד, איך בעט דיך, מאַך דערפון ניט קיין וועזען — קום צוריק צו דיין פּלאַץ און לאָמיר פארענדיגען!

— אומזיסט זיינען אייערע רייד, איך האָב דאָ מעהר ניט וואָס צו טהאָן — ער האָט באַליידיגט מיין שווער און אויך מיך...

— דאָס וואָס ער האָט געזאָגט, אז ער האָט באַליידיגט דיין שווער, נו, מילא, וועט מען שוין ווי עס איז אויסגלייכען. ר׳ מרדכי קאָן אליין זיין שטע־טעל באַשטעהן, און עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל אז זיי צואמפּערען זיך און בעטען זיך נאָכהער איבער, דערויף זיינען מיר דאָך אידען — האָט ר׳ שלמה׳לע זיך געווענדעט צו יואל דוד׳ן, אָבער פאַר וואָס זאָגסטו, אז ער האָט אויך דיך באַליידיגט, ווי אזוי האָט ער דיך באַליידיגט?

— ער האָט מיך באַליידיגט מיט דעם, וואָס ער האָט געגעבען אָנצו־הערען, אז ווען מיין שווער וואָלט מיך ניט אָנגערעדט, וואָלט איך אליין קיין שכל ניט געהאט צו פארלאנגען אן הוספה... האָט איהר געהערט אזעלכע דבורים, מיין שווער האָט מיר געזאָגט, אז קהל איז א מעלקענדיגע קיהעלע... נייז, אזוי לאנג ווי ר׳ שמעון וועט זיך ניט ענטשולדיגען וועל איך ביי אייך מעהר ניט דאַוונען, און איהר זייט פריי צו זוכען אן אנדער חזן.

— נו, מילא, די וועלט וועט ניט אונטערגעהן, אז ער וועט ניט זיין אונזער שטאדט חזן! — האט ר' שמעון א זאג געטהאן.

— שווייגט! איך בעט אייך! — האט דער גבאי ראשון זיך געווענדעט צו ר' שמעונ'ען — איהר האט שוין פאראורזאכט צרות מיט אייער צונג... מיר האבען שוין געהאלטען ביי אן אויסגלייך, קומט איהר און ווארפט אריין א שטיין אין וואסער. איהר מעגט זיך שעהמען, ר' שמעון! איך בעט אייך אין נאמען פון דער גאנצער ווילנער קהילה, אז איהר זאלט זיך ענטשולדיגען פאר אונזער שטאדט־חזן און זאל זיין שלום!

— איך וועל זיך ענטשולדיגען פאר איהם, קיינמאל ניט! איך באשטעה אויף מיינע רייד, אויב ענטשולדיגען דארף ער זיך. ער האט מיך גערופען ליגנער!

— אויב אזוי וועט דאך קיין סוף ניט נעמען! — האט נאך א גבאי זיך אריינגעמישט. דער טענה'ט, אז ער האט איהם באליידיגט און דער טענה'ט, אז ער איז באליידיגט... מען מוז דאך מאכען אן ענדע צו אזעלכע נארישקייטען! ענטשולדיגט זיך ר' שמעון, און זאל מען קומען צו אן אויסגלייך.

— איך וועל זיך ניט ענטשולדיגען! — האט ר' שמעון געזאגט מיט עקשנות.

— א גוטען טאג! — האט יואל דוד א זאג געטאן — און ער האט אויפגעעפענט די טיר און איז אוועק אהיים.

די גבאים און די אנדערע חשוב'ע בעלי בתים זיינען געבליבען זיצען אויף זייערע פלעצער געפלעפטע... וואס איז דאס? איז עס מעגליך, אז זיי וועלען פארלירען זייער באליבטען שטאדט חזן.

— נו, איצט זייט איהר צופרידען? — האט דער גבאי ראשון זיך אנגערופען צו ר' שמעונ'ען — איהר זעהט וואס איהר האט אנגעמאכט! זייט איהר גרייט צו נעהמען די גאנצע פאראנטווארטליכקייט אויף אייערע פלייצעס?

— איך בין ניט שולדיג, אז דער שטאדט חזן ווייסט ניט וואס ער וויל, אז ער האט שוין גענומען קריכען אויף די גלייכע ווענט.

— מיר זיינען שוין געקומען צו אן אויסגלייך מיט איהם און איהר האט אלעס קאליע געמאכט. איהר זייט שולדיג — און עס איז אייער פליכט אלעס גוט צו מאכען.

— יע, איהר וועט זיך מוזען ענטשולדיגען פונקט ווי ער האט געזאגט — מיר טארען איהם ניט פארלירען! שטעלט זיך פאר ווען מען זאל אין שטאדט זיך דערוויסען אז איהר זייט שולדיג אין דעם וואס ער איז אוועקגעגאנגען פון אונז, וועט איהר זיך ניט קענען באווייזען אין גאס.

— מאלע וואס מען וועט זאגען. איך ווייס אז איך בין ניט דער שולדיגער!

— איהר קענט דאך ניט אפלייקענען, ר' שמעון. מיר האבען דאך אלע געהערט ווי איהר האט איהם טאקע באליידיגט.. ער איז געווען גרייט צו

שווערען אַז זיין שווער האָט איהם אָפּגערעדט פון דעם ער זאָל אַרויסשטע־לען זיינע פאָדערונגען און איהר זייט פאַר׳עקשנ׳ט און ווילט ניט צוגעבען אַז איהר זייט געוועז אונטער אַ פאַלשען איינדרוק.

— איך וויל ניט צוגעבען ווייל איך ווייס וואָס איך רייד! — האָט ר׳ שמעון געזאָגט — און ער האָט קיין רעכט ניט געהאַט אריינצומישען זיך אין דעם געשפּרעך! — ער האָג גערעדט וועגען דעם שידוך וואָס זי טהוט... אַלע האָבען דאָך דאָס געהערט.

— אמת! — האָט דער גבאי ראשון זיך אָנגערופען — מיר האָבען געהערט און איהר זייט שולדיג אין דעם... איהר וועט מוזען אַלעם אויס־גלייכען ווייל אויב ניט וועלען מיר מוזען רופען אַן אסיפה און דאַן וועט קהל אייך צווינגען זיך פאַר איהם צו ענטשולדיגען.

— קיינער קען מיר ניט צווינגען! — האָט ר׳ שמעון געזאָגט.

— עס פאַרשטעהט זיך אַז מען קען אייך ניט צווינגען. אָבער וואָס מיינט איהר וועט קהל טהאָן ווען מען וועט אויסגעפינען אַז צוליב אייך האָבען מיר פאַרלאָרען דעם ווילנער באַלעבעסיל... מען וועט דאָך אויף אייך טייטלען מיט די פינגער. איהר וועט דאָך אין שוהל ניט קענען אריינקומען.

— איהר וועט זיך מוזען אָפּזאָגען פון אייערע גבאות — האָט נאָך אימיצער אויסגערופען.

— אויב איהר מיינט אַז דאָס וועט מיך איבערשרעקען, מאַכט איהר אַ טעות! ביי מיר איז רעכט צו ווערען אויס גבאי אבי זיך ניט צו ענט־שולדיגען.

— פּע, עקשנות איז זעהר אַ מיאוס׳ע מידה! — האָט דער גבאי ראשון אויסגערופען — אַלע וועלכע זיינע דאָ זאָגען אייך אַז איהר זייט שול־דיג, אַז איהר האָט אומזיסט און אומנישט באַליידיגט ר׳ מרדכי׳ן און דעם שטאָדט חזן און איהר זייט איינגעשפּאַרט.

— איך בין ניט איינגעשפּאַרט, אָבער איך פיהל זיך ניט שולדיג!

— איהר זייט יע שולדיג! איהר האָט קיין רעכט ניט געהאַט אַזוי צו ריידען אויף ר׳ מרדכי סטראַשון אין דער געגענוואַרט פון זיין איידעם, בפרט ווען איהר האָט געוואוסט אַז ער האָט פאַרמיטען אַ סכסוך צוליב שייקע פייפער׳ן...

— קיינער וועט מיר ניט קאָנען איינריידען אַז ר׳ מרדכי האָט זיין איידעם ניט געהייסען פאַרלאַנגען די ראַזיגע הוספה! — האָט ר׳ שמעון פּרנס אויסגערופען.

—איהר זייט אַן עקשן, אַן איינגעשפּאַרטער! — האָט איהם דער גבאי ראשון פאַרגעוואָרפען. — איהר האָט אַליין געהערט אַז יואל דוד איז געווען וויליג צו געבען אַ שבועה אַז זיין שווער איז גאָר געווען דאַגעגען. איז ביי אייך רעכט אַז יואל דוד וועט שווערען פאַלש.

— דערווייל אָבער האָט ער ניט געשוואָרען. — האָט ר׳ שמעון אַ ברום געטהאָן.

— ער וואָלט געשוואָרען ווען מיר וואָלטען עס פון איהם פאַרלאַנגט,

און איך זאָג אייך נאָך אַמאָל אַז עס איז אייער פליכט זיך צו ענטשולדיגען פאַר איהם כדי עס זאָל זיין שלום אין דער אידישער קהילה פון ווילנא. איהר מוזט געהן צו איהם און זאָגען אַז איהר ציהט צוריק אייערע רייד!

— איך וועל געהן צו איהם? דאָס קיינמאָל ניט!

— אויב אזוי וועט איהר טראָגען די גאַנצע פאַראַנטוואָרטליכקייט אויב ווילנא וועט פאַרלירען איהר באַליבטסטען שטאָדט חזן... און איך מוז אייך זאָגען אַז ס'וועט ניט זיין וואָס אייך מקנא צו זיין... איך גלויב אַז איהר אַליין האָט אויך אַ שטיקעל באַגריף וואָס דער ווילנער באַלעבעסעל מיינט פאַר אַלע ווילנער אידען, און קאָנט איהר באַהויפּטען זיך אַנצופאַנגען מיט אַלע אידען פון ווילנא. געדענקט, איך האָב אייך געוואָרענט! פאַרגעסט ניט אַז אין גיכען וועלען פאָרקומען וואהלען פאַר גבאים.

ר' שמעון האָט געשוויגען. ער האָט זיך גענומען אַרומזעהן, אַז ער איז טאַקע שטאַרק אריינגעפאַלען. יואל דוד, דער ווילנער באַלעבעסעל, איז דער ליבלינג פון אַלע ווילנער אידען, און וואָס וועט טאַקע זיין, אַז יואל דוד וועט גוט מאַכען זיין דראָהונג און וועט מעהר ניט וועלען דאַווענען צוליב איהם, דאַן וועט ער דאָך מוזען אַנטלויפען פון ווילנא. ערשטענס וועט מען איהם אַרונטערזעצען פון גבאות און דאַן וועט מען זיך צו איהם נעהמען. וואָס זאָל ער טהאָן? ווער האָט עס איהם געצויגען פאַר'ן צונג.

— נו, וואָס זאָגט איהר ר' שמעון? אַלע וואַרטען דאָך אויף אייער ענטפער. מיר זיינען שוין געקומען צו אַן אויסגלייך, קומט איהר און איהר מאַכט אַלעס קאַליע. איהר זעהט דאָך אַז יואל דוד איז אַוועק אַהיים. ער איז געוועזען ערנסט! און וואָס וועט איהר טהאָן אין דעם?

— וואָס קען איך טהאָן? גאָר נישט.

— וואָס הייסט גאָר נישט? עס איז אייער פליכט איהם אריינצובריינגען צו אונז און מיר וועלען האָבען שלום!

— איך זאָל איהם צוריק ברייגגען? ניין, רבותי, דאָס קיינמאָל ניט!

— ווען איהר וועט זיך בלויז אַנטשולדיגען וועט ער שוין אַליין צוריקקומען צו אונז. — האָט אַ גבאי געזאָגט.

— איך וועל זיך ניט אַנטשולדיגען, איך בין עלטער פון איהם.

— וואָס האָט עלטער צו טהאָן מיט דעם? איהר האָט איהם באַליידיגט דאַרפט איהר זיך אַנטשולדיגען.

— ניין, איך וועל צו איהם ניט געהן זיך אַנטשולדיגען.

— איך פאַרשטעה פון אייערע רייד, ר' שמעון, — האָט ר' שלמה'לע זיך אָנגערופען. — אַז איהר ווילט ניט געהן צו איהם אַהיים זיך צו אַנטשולדיגען, אָבער אַז ווען מען קאָן באַוואויגען יואל דוד'ן צוריק צו קומען אַהער און קהל שטיבעל, וואָלט איהר זיך אַנטשולדיגט פאַר איהם, האַ, ניט אזוי?

— נו, מילא, צוליב שלום וועגען וואָלט איך איהם געזאָגט אַז עס איז מעגליך אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות.

— אויב אזוי, גלויב איך, קאָנען מיר שיקען דעם בית דין שליח רופען יואל דוד׳ן ער זאָל קומען אהער. — האָט ר׳ שלמה׳לע געזאָגט.

— אויב ר׳ שמעון וועט זיך אנטשולדיגען אויף אזא אופן, בין איך זיכער אז יואל דוד וועט זיין אנטשולדיגונג ניט אָננעהמען. — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט. — און אונזער גאנצע מיה וועט זיין ארויסגעוואָרפען. איהר האָט געהערט, ער וועט איהם זאָגען אז עס איז "מעגליך" אַז ער האָט געמאכט א טעות. יואל דוד איז ניט קיין נאַר און ער וועט עס ניט אָננעהמען פאר אן אנטשולדיגונג.

— דאָס איז שוין פון די קלייניגקייטען, אזוי לאנג ווי ר׳ שמעון איז וויליג זיך צו אנטשולדיגען, וועלען מיר שוין געפינען א צופרידענשטעלענדען אופן. ר׳ שמעון איז ניט אזא איינגעשפּארטער ווי איהר מיינט. וואָס זאָגט איהר, ר׳ שמעון?

— נו, מילא, אז ער וועט אהער קומען, וועלען מיר שוין דעם סכסוך אויסגלייכען. — האָט ר׳ שמעון א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ.

— איהר הערט דאָך שוין. נו, זאָל מען אריינרופען דעם בית דין שליח.

אין א ווייל ארום איז דער שליח געשטאַנען נעבען ר׳ שלמה׳לען און ער האָט איהם געהייסען געהן צו יואל דוד׳ן און איהם זאָגען אין נאָמען פון די גבאים צו קומען אין קהל שטיבעל אזוי שנעל ווי מעגליך.

## קאַפּיטעל 5

יואל דוד איז אוועק פון קהל שטיבעל אַן אויפגערעגטער און דער־צאָרענט. כאָטש אין אמת׳ן, האָט ער אליין געזוכט א סיבה זיך איינצורייסען מיט קהל, אָבער ער האָט ניט געוואָלט עס זאָל פּאַסירען ביז איבער א יאָהר, ווייל דאַן וואָלט ער געהאַט א גוטען אויסרייד צו פאַרלאָזען ווילנא און זיין פאַרבונדען מיט מאַניושקא׳ן. אָבער איהם אַרט ניט אפילו ווען ער זאָל דאַר־פען איצט אויפהערען צו זיין ווילנער שטאָדט חזן. ער ווערט אַלץ איינס ניט אָפּגעשאַצט ווי געהעריג. און וואָס איז שייך פּרנסה, האָבען זיי דאָך אָפּ־געשפּאָרט עטליכע הונדערט רובעל און ער דאַרף ניט זאָרגען. ער האָט באַ־שלאָסען אז ער וועט טאקע מעהר ניט דאַווענען סיידען ר׳ שמעון פּרנס וועט קומען זיך אנטשולדיגען פאַר איהר און סיידען מען וועט נאָכקומען אַלע זיינע פאָדערונגען.

ר׳ מרדכי האָט שוין מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף זיין איידימס צוריקקעהר. ער האָט געהאָפט אז זיי וועלען נאָכגעבען זיין פאָדערונג, אָדער אז זיי וועלען דערגרייכען א פּשרה און אזוי ווי די שטרויכלונג פון שייקע פייפער האָט ער שוין אַרונטערגענומען, וועט אַלעס אויסגעגליכען ווערען אויף דעם בעסטען אופן.

ער האָט אָנגעזאָגט ריינקע׳ן אז זי זאָל אפילו חנה׳לען ניט זאָגען וועגען זיין אָפּמאַך מיט שייקע פייפער׳ן.

— דו ווייסט דאָך אז חנה׳לע וועט קיינע סודות ניט האָבען פאַר איהם.

שפעטער, אז שייקע פייפער וועט שוין האבן פארלאזען ווילנא וועלען מיר זיי דערצעהלען אז דאס האב איך געטהאן כדי צו פארמיידען א סכסוך — האט ר׳ מרדכי געזאגט.

— שא, מיר דוכט זיך אז יואל דוד קומט אן. — האט ריינקע געזאגט, ארויסקוקענדיג פון פענסטער.

חנה איז ארויסגעלאפען פון איהר צימער און זיך אנגערופען צו איהרע עלטערען:

— יואל דוד קומט!

— יע, איך האב איהם אויך באמערקט. — האט ריינקע געזאגט. — איך האף אז ער האט געקראגען אלעס וואס ער האט פארלאנגט.

— איך צווייפעל ניט אין דעם. — האט חנה מיט א צופרידענעם שמייכעל געזאגט. — אפילו ווען מיין יואל דוד וואלט פארלאנגט צעהן מאל אזוי פיעל וואלט ער עס געקראגען. אזא שטאדט חזן ווי יואל דוד האבען זיי נאך קיינמאל ניט געהאט און וועלען קיינמאל ניט האבען.

יואל דוד איז אריינגעקומען און חנה איז אנטקעגענגעקומען. זי האט א קוק געטהאן אויף זיין פנים און זי האט געקאנט מערקען זיין אויפרעגונג.

— יואל דוד טייערער, וואס האט פאסירט! — האט זי איהם געפרעגט.

ר׳ מרדכי און ריינקע האבען זיך אויך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און צוגעגאנגען צו זיי.

— נו, יואל דוד, ווי האסטו אויסגעמאכט מיט די גבאים? — האט ר׳ מרדכי זיך צו איהם געווענדעט.

— איך האב זיך ענטזאגט פון מיין שטעלע אלס שטאדט חזן! — האט יואל דוד זיך אפגערופען מיט רוהיגקייט אין זיין שטימע.

— וואס?! — האבען אלע מיט אמאל אויסגערופען. — דו האסט זיך ענטזאגט.

— יע, איך האב זיי גאנץ דייטליך געזאגט אז איך וועל מעהר ביי זיי ניט דאווענען.

א ווילע זיינען אלע געבליבען שטעהן געפלעפטע. זיי האבען געשוויגען און זייערע בליקען זיינען געווען געווענדעט צו יואל דוד׳ן.

— הייסט עס אז זיי האבען ניט געוואלט נאכגעבען זיין פאדערונג!

— האט ר׳ מרדכי געזאגט, — אין וואס האט זיך דאס געהאנדעלט?

— מיינע פאדערונגען האבען זיי שוין גראד נאכגעגעבען. — האט יואל דוד געזאגט. — ווענען שייקע פייפער׳ן איז אפילו קיין רייד ניט געווען אז ער בלייבט און זיי וועלען העכערען זיינע שכירות צוזאמען מיט די אנדערע צוויי, און זיי האבען שוין אויך איינגע שטימט צו געבען מיר די פארלאנגטע הוספה פון פינף רובעל.

— נו, איז דאך גוט, טא צוליב וואס האסטו זיך ענטזאגט.

— אין דעם איז ר׳ שמעון פרנס שולדיג! — האט יואל דוד מיט צארן געזאגט. — איך וועל זיך ניט אומקעהרען צום עמוד, ביז וואנען ער וועט

קומען מיט נאָך אייניגע גבאים און פאַר זיי איז די אויגען זיך ענטשולדיגען פאַר מיר.

— וואָס רעדסטו ? — האָט ר׳ מרדכי מיט צוטומעלטקייט אויסגערופען. — אויב ר׳ שמעון האָט דיך באַליידיגט טאָ ווי קומט עס אַז דו זאָלסט אין כעס ווערען אויף גאַנץ קהל.

— ר׳ שמעון איז דאָך אַ גבאי, און ער האָט עס געטאָן אין זייער געגענוואַרט און דעריבער האַלט איך זיי אַלעמען שולדיג.

— אָבער דו קאָנסט דאָך שוין ר׳ שמעון׳ען. דו ווייסט דאָך אַז ער האָט שטענדיג אונז אַלעמען מקנא געווען. טאָ פאַרוואָס זאָלסטו שענקען אויפמערקזאַמקייט צו זיינע רייד.

— שווער, יענע יאָהרען, ווען איך פלעג זיך בויגען פאַר די גבאים און טהאָן וואָס זיי פאַרלאַנגען, זיינען שוין פאַרביי. פון היינט אָן וועלען זיי דאַרפען טהאָן וואָס איך פאַרלאַנג, אַז ניט דאַרף איך ניט ! איך וועל זיך שוין מעהר ניט לאָזען שפייען אין קאַשע ! איך האָב זיי געזאָגט, אַז אויב ר׳ שמעון וועט ניט צוריקציהען זיינע בייזוויליגע און ליגנערישע באַהויפּטונגען, וועל איך מעהר ניט דאַווענען אין ווילנער שטאָדט־שוהל. איך האָב אַ וויילע געוואַרט און ווען איך האָב געזעהן אַז ער טהוט עס ניט און זיי קאָנען אויף איהם ניט ווירקען ער זאָל זיך אַנטשולדיגען, האָב איך פאַרלאָזען די אסיפה און איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין ניט מעהר זייער שטאָדט חזן סיידען ר׳ שמעון וועט קומען צו מיר און זיך אַנטשולדיגען אין זייער געגענוואַרט. און איך וועל מיין וואָרט האַלטען. איך קאָן מיין שטעדטעל באַשטעהן. קיין שטעלע איז מיר קיין דאגה ניט.

— אָבער וואָס האָט ער דיר אַזוי באַליידיגט. — האָט ר׳ מרדכי זיך אָנגערופען.

— וואַרט, זאָל יואל דוד אויסטהאָן זיין מאַנטעל. — האָט חנה איהם געהאָלפען אַרונטערנעמען דעם מאַנטעל. — זאָל ער זיך עטוואָס אָפּרוהען און באַרוהיגען זיך וועט ער אונז אַלעס דערצעהלען.

חנה האָט אויפגעהאַנגען זיין מאַנטעל אין אַלמער און זיי האָבען זיך אַלע צוגעזעצט נעבען טיש. די דינסט איז אַריינגעקומען און געפרעגט אויב זי זאָל מאַכען דעם סאַמאָוואַר.

— לאָז אונז צורוה אַ וויילע. — האָט ריינקע מיט אַ בייזע שטימע געזאָגט. — אַז מיר וועלען דיך דאַרפען וועלען מיר דיר לאָזען וויסען.

די דינסט איז אַרויס פון סטאַלאָווע און ריינקע האָט באַמערקט :

— אומעטום שטופּט זי איהר נאָז. זי האָט שוין דערשמעקט אַז מיר דאַרפען עפּעס ריידען, איז זי שוין דאָ מיט׳ן סאַמאָוואַר.

— דערצעהל אונז, וואָס עס האָט פּאַסירט ? — איז ר׳ מרדכי אומגעדולדיג געוואָרען.

— ווי איך האָב אייך שוין דערצעהלט האָבען זיי שוין נאָכגעגעבען אַלע מיינע פאָדערונגען. איך בין געווען איינגעשפּאַרט און אויף אַ האָר ניט נאָכגעגעבען.

און אלעס וואלט געווען אין ארדנונג. כאפט זיך ארויס ר' שמעון און זאגט מיט וואס זיינען זיי געזיכערט אז דעם קומענדען יאהר וועל איך ווידער קיין הוספה ניט בעטען. ענטפער איך אז איך לייקען עס ניט. מעגליך... איך וויל זיי ניט האלטען געבונדען און איך וויל ניט זיין געבונדען צו זיי מעהר ווי איין יאהר.

זאגט דער גבאי ראשון אז מען וועט מיט מיר שליסען א קאנטראקט אויף פינף יאהר. פארשטעהט זיך, אז איך בין געווען דאגעגען און איך האב זיי דייטליך געזאגט אז מעהר ווי אויף איין יאהר וועל איך קיין קאנטראקט ניט אונטערשרייבען.

— דאס פארשטעה איך שוין ניט. — האט מרדכי א צוק געטאן מיט זיינע שולטערען. — וואס הייסט דו האסט נאך ניט געוואלט קיין קאנטראקט אויף פינף יאהר. דו האסט דאך באדארפט זיך אנכאפען אן דעם מיטביידע הענט. א הוספה פון פינף רובעל קריגסטו און דערצו אויך א באווארעניש אויף פינף יאהר.

— איך האב דאך אייך געזאגט אז איך וויל ניט זיין צוגעבונדען צו זיי מעהר ווי איין יאהר צייט. אפשר וואלטען מיר אויך נאכהער אין דעם געקור־מען צו א פשרה. שפרינגט ארויס ר' שמעון און רופט אוים: "נו, איצט זעהט איהר שוין אז ער האט אין זינען צו שטעלען נאך גרעסערע פאדע־רונגען דעם קומענדען יאהר. און אויב איהר ווילט קאן איך אייך זאגען אז ר' מרדכי סטראשון, זיין שווער, האט אין דעם א האנט. ער האט געמוזט זאגען זיין איידעם אז קהל איז א מעלקענדיגע קיהעלע, און וואס מעהר ער וועט מעלקען אלץ מעהר מילך וועט ער באקומען.

— א חוצפה פון איהם! — האט ר' מרדכי אויסגערופען. — האט איהר געהערט אזא זאך. איך האב דאך פארקערט געזעהן איינצו'טענה'ן מיט דיר אז דו זאלסט ניט פארלאנגען צופיל. ווען איך וואלט עס געהערט פון איהם. וואלט איך איהם פאר דעם ניט געשאנקען.

— איהר מעגט זיין רוהיג שווער, אז ר' שמעון האט זיך ביי מיר ניט גענארט. איך האב איהם אוועקגעגעבען א גאב אז עס איז איהם פינ־סטער געווארען אין די אויגען. איך האב איהם גערופען ליגנער און געפא־דערט אז ער זאל זיך אויפ'ן ארט ענטשולדיגען. אבער אנשטאט זיך צו אנט־שולדיגען האט ער גענומען אריינמישען לאה'לען אייער איינגערע טאכטער.

— וואס האט לאה'לע צו טאן דאמיט. — האט ריינקע אויסגערופען.

— אט וועט איהר הערען: ער האט געזאגט: ר' מרדכי'ס איינגערע טאכטער דארף איינגיכען חתונה האבען און ער וויל מן הסתם שטעלען זיין צווייטען איידעם אויף די פיס, נו, וויל ער אז מיר זאלען זיין ערשטען איי־דעם צאהלען א גרעסערע שכירות...

אוי אזא ליגנער, אזא שלעכטער מענש! — האט ריינקע אויסגערופען.

— איך וואלט איהם שוין געוויזען.

— איהר מעגט זיך פארלאזען אויף מיר. איך בין איהם ניט פארבלי־בען שולדיג קיין ענטפער אויף דעם. איך האב איהם געענטפערט אז דאס

וואָס ער האָט אַריינגעמישט די געשיכטע פון לאה'לעס הייראַט, באַווייזט אַז די קנאה רעדט אין איהם. יע, זאָג איך איהם, איהר זייט מקנא מיין שוועהר, ווייל אייער טאָכטער ביילקע האָט נאָך קיין שידוך ניט געטאָן.

— גוט, גוט! — האָט ריינקע אויסגערופען. — דו האָסט איהם גוט אַריינגעזאָגט.

— אָט דאָס האָט איהם געטראָפען אין זיבעטען ריפּ! — האָט יואל דוד זיך אָנגערופען. — דאָס האָט איהם, ווייזט אויס, שטאַרק וועה געטאָן, און איך האָב פאַרלאַנגט אַז ער זאָל צוריקציהען זיינע רייד און זיך אַנט־שולדיגען אַז ניט וועל איך ניט מעהר דאַוונען, און איך בין אַוועק.

— אַזוי גאָר! — האָט ר' מרדכי דורכגעפיהרט זיין האַנט דורך זיין באָרד. — איצט זאָג מיר יואל דוד, פאַרוואָס זאָלסטו אויסלאָזען דיין גאַנ־צען כעס צו קהל. וואָס זיינען זיי שולדיג, אויב ר' שמעון האָט געהאַנדעלט ווי אַ גראָבער יונג!

— ער איז דאָך אַ גבאי! אויב אַזוי האָב איך אַ רעכט צו פאַרלאַנגען אַז אָדער ער זאָל זיך פּערזענליך אַנטשולדיגען אָדער ער זאָל ווערען אויס גבאי!

ר' שמעון פּרנס וועט זיך בעסער לאָזען אָפּהאַקען אַ האַלבע האַנט איידער ער וועט אויפגעבען זיין גבאות. — האָט ריינקע געזאָגט. — אָבער פונדעסטוועגען גלויב איך אַז דיין שוועהר האָט רעכט, דו ביזט געווען אביסעל איבעראייליג. ווי אַזוי ענטזאָגסטו זיך פון דיין חזנות שטעלע, בפרט נאָכדעם ווי מען האָט פאַראָפּעלט דיינע שכירות.

— מאַמע, דו האָסט זיך ניט וואָס צו זאָרגען! — האָט חנה אויסגע־רופען. — נישקשה, זיי וועלען קומען זיך צו איהם בעטען! אַ געזונט צו דיר, מיין ליבער מאַן, דו האָסט זעהר גוט געטאָן! דו האָסט געהאַנדעלט מיט זעלבסטווירדע ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ מאַן ווי דו! זאָלען זיי זוכען אַן אַנדער שטאָדט חזן!

— נו, מילא! — האָט ר' מרדכי אויסגערופען און צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. — עס איז דאָך שוין אַן אָפּגעטאָנענע זאַך. אָבער ווען דו פאָלגסט מיר וואָלסטו אַזוי ניט באַדאַרפט האַנדלען.

— וואָס האָסטו געוואָלט טאַטע אַז ער זאָל דערלאָזען אַז פּרנס זאָל דיך באַליידיגען?

— איך וואָלט זיך שוין מיט איהם אַליין אויספּראַוועט. איך גלויב אַז איך וועל טאַקע אַליין באַלד אַוועקגעהן צוריק אין קהל שטיבעל און זעהן זיך אויסגלייכען.

— עס וועט זיין אַן עבירה אייער געהן, שוועהר, איך האָב געזאָגט אַז איך וועל מעהר ניט דאַוונען סיידען ער וועט זיך קומען אַנטשולדיגען, אָדער ער זאָל ווערען אויס גבאי. און איך וויל אַז איהר זאָלט וויסען אַז דאָס האָב איך זיך אָנגענומען פאַר אייער כבוד, שוועהר לעבען, און איצט אַז איהר וועט זיך נעהמען מישען, וועלען זיי בלייבען אונטער דעם איינדרוק אַז ר' שמעון האָט געזאָגט דעם אמת! איך ראַט אייך ניט צו געהן!

— אבער דו וועסט דאך דארפען דאווענען היינטיגען שבת!

— נו, וועל איך ניט דאווענען. זאל אימיצער אנדערש פארנעהמען מיין פלאץ!

— אויב ער האט מיר פוגע בכבוד געווען, וועל איך שוין זעהן ארויס־צובאקומען פון איהם אן אנטשולדיגונג. — האט ר' מרדכי זיך אנגערופען צו זיין איידעם — אבער איך וויל ניט אז צוליב מיר זאלסטו און קהל דאר־פען ליידען.

— עס איז ניט נאר צוליב אייך, שווער! — האט יואל דוד אויסגערו־פען. — עס איז אויך צוליב מיר, ווייל ער האט דאך מיך נאך שטארקער באליידיגט. ער האט מיר געגעבען אנצוהערען אז איך אליין האב קיין שכל ניט געהאט צו בעטען א הוספה, נאר מיין שווער האט מיר צו דעם אנגע־רעדט! איך וועל איהם ווייזען ווי אזוי מיך צו באליידיגען!

— די צרה מיט אונז אידען איז — האט ר' מרדכי א זיפץ געטהאן, — וואס ביי אונז הערשט זעלטען שלום און אחדות. נאר מען קריגט זיך, מען אמפערט זיך און מען באליידיגט זיך. דאכט זיך, מיר האבען אויסצו־שטעהן אזוי פיעל צרות פון אונזערע שונאים וועלכע פארמעהרען זיך פון טאג טאג, האבען מיר אמוויניגסטען באדראפט צווישען זיך לעבען ברידער־ליך און צום סוף קומען פאר צווישען אונז שנאת חנם און מחלוקת צוליעב קליינינקייטען.

— דאס, שווער, וואלט איהר באדארפט זאגען ר' שמעונ'ען, — האט יואל דוד זיך אנגערופען. — איך וועל מיין ווארט ניט בייטען. איך וועל מעהר אין קהל שטיבעל נישט אריינשמעקען און אויך ניט אין שטאדט־שוהל, ביידען ר' שמעון וועט קומען צו מיר זיך ענטשולדיגען. דאס איז ביי מיר ווי א נדר!

עס האט זיך דערהערט א קלאפ אין טיר. די דינסט האט געעפענט און דער בית דין שליח איז אריינגעקומען און ער האט באגריסט ר' מרדכי'ן און די איבעריגע.

— די גבאים האבען מיך געשיקט אייך זאגען, ר' יואל דוד, איז זייער נאמען אז איהר זאלט צוקומען אין קהל שטיבעל אזוי שנעל ווי מעגליך.

יואל דוד איז געבליבען שטעהן אויף זיין פלאץ. ער האט א קוק געטאן אויף חנה'ן און אויף זיין שווער און ער האט געשוויגען.

— וועט איהר באלד צוקומען? — האט דער בית דין שליח איהם געפרעגט.

— ניין! — האט יואל דוד געענטפערט. — געהט זאגט די גבאים אין מיין נאמען, אז איך וועל ניט אריינקומען אין קהל שטיבעל כל זמן ר' שמעון וועט ניט קומען אהער, צו מיר אין הויז, און זיך ענטשולדיגען!

— המ... איך בעט אייך... — האט זיך דער שליח אנגערופען. — די גבאים פארלאנגען דאך.

— זאלען זיי פארלאנגען! איך בין שוין ניט מעהר זייער שטאדט־חזן. איך בין פריי... איך בין צו קיינעם ניט געבונדען. איך וועל ניט געהן.

דער בית דין שליח האָט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג. ער האָט ניט געוואוסט וועגען וואָס עס האנדעלט זיך. ער האָט א צוק געטאָן מיט די פּלייצעס. א ווײלע געווארט און דאן האָט ער געזאָגט: "א גוטען טאָג" און איז אוועק.

— וואָס האָסטו געטאָן, יואל דוד? — האָט ר' מרדכי אויסגערופען.

— ווי אזוי האָסטו געקאָנט ביי זיך פּועל'ן ניט צו געהן אין קהל־שטיבעל, נאָכדעם ווי אלע גבאים האָבען נאָך דיר געשיקט.

— איהר זעהט דאָך, שווער, אז דאָס איז געטאָן געוואָרען! איך האָב געזאָגט אז איך וויל ניט געהן און איך וועל ניט געהן, סיידען ר' שמעון וועט קומען אהער.

— דו ווייסט גאַנץ גוט אז ר' שמעון וועט קיינמאָל אהער ניט קומען זיך צו ענטשולדיגען. — האָט ר' מרדכי געזאָגט.

— נו, וועל איך קיינמאָל ניט אריינגעהן אין קהל שטיבעל און איך וועל מעהר ניט דאַווענען אין ווילנער שטאָדט שוהל פאר'ן עמוד.

— איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט אז דו וועסט זיין אזא עקשן — האָט ר' מרדכי זיך אָנגערופען.

— עס שאַדט ניט, טאַטע, אמאָל ארויסצואווייזען עקשנות! — האָט חנה געזאָגט. — וואָס מיינסטו, יואל דוד וועט זיך לאָזען קריכען אויפ'ן קאָפּ אלע מאָל.

— איך זעה אָבער ניט איין וואָס א פּערזענליכע באלײדיגונג פון איין גבאי זאָל האָבען צו טאָן מיט זיין שטעלע אלס שטאָט חזן.

— און איך זעה עס יע! — האָט יואל דוד געזאָגט.

— פונדעסטוועגען ראָט איך דיר דו זאָלסט ערפילען דעם וואונש פון די איבעריגע גבאים און יע געהן.

— איך באַדויער זעהר וואָס היינטיגען מאָל וועל איך ניט קאָנען אָננעהמען אייער עצה. איך וועל ניט געהן!

— נו, ניט, איז ניט! צווינגען קאָן דיר קיינער ניט!

יואל דוד איז אריין אין זיין צימער און חנה איז נאָכהער אריינגעקומען. ער האָט אויסגעטאָן זיין אויבעררעקעל און זיין הוט. ער האָט אָנגעטאָן זיין יארמולקע און זיך צוגעלעגט אין בעט.

חנה האָט זיך צוגעזעצט נעבען איהם. זי האָט איהם א קוש געטאָן און געזאָגט:

— איך בעט דיך, יואל דוד, נעהם זיך ניט צום הארצען... דייַן געזונט דאַרף ביי דיר זיין טייערער פון אלעס. אייז זאָך דאַרפסטו וויסען אז איך האַלט אז דו האָסט גוט געטאָן. זיי וועלען זיך קומען בעטען ביי דיר. איך ווייס ווי טייער דו ביזט ביי אלע ווילנער אידען! זאָלען זיי וויסען אז דו ביזט ביי זיך ניט געפאַלען. אז מיר וויסען דיין ווירדע!

— אַ, חנה'לע, וואָס וואָלט איך געטאָן אָהן דיר! — האָט יואל דוד זי צוגעדריקט צו זיך און באַדעקט מיט קושען. — דו גיסט מיר אלע מאָל מוט און כח בייצוקומען אלע שוועריגקייטען... איך וועל דיר זאָגען דעם

אמת אַז ווען איך האָב זיי געזאָגט אַז איך ענטזאָג זיך פון מיין שטעלע, אויב ר׳ שמעון וועט זיינע רייד ניט צוריקציהען, האָב איך געמיינט אַז דו וועסט זיין אומצופרידען. אָבער איצט אַז דו האַלטסט אויך מיט מיר, בין איך שוין ניט מעהר באַזאָרגט.

— געוויס האַלט איך מיט דיר, מיין טייערער, און אַלעס וואָס דו האָסט געטאָן און וועסט טאָן בין איך צופרידען, ווייל איך ווייס אַז איך קאָן האָבען צו דיר פולען צוטרוי אַז דו ווייסט וואָס דו טוסט, און דאָס וואָס זיי האָבען נאָך דיר גלייך געשיקט זייער שליח, איז אַ באַוויז אַז זיי ציטערען טאַמער וועסטו טאַקע ניט מעהר זיין זייער חזן.

— איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, איך האָב דיין פאָטער און מוטער ניט געוואָלט דערצעהלען אַלעס וואָס ר׳ שמעון האָט געזאָגט. דיר אָבער וועל איך דערצעהלען.

— וואָס, ער האָט גערעדט שלעכטעס אויך אויף מיר? — האָט חנה איהם געפרעגט.

— אויף דיר, אָן ניין, חנה׳לע. ווער קאָן ריידען שלעכטעס אויף דיר, אַז דו ביזט דאָך אַזאַ טייערע און כשר׳ע נשמה. ער האָט גערעדט שלעכטעס אויף דיין שוועסטער, אויף לאה׳לען.

— אויף לאה׳לען? וואָס האָט ער צו איהר? וואָס האָט זי איהם געטאָן?

— איך וועל דיר זאָגען. ווען ער האָט מיר געזאָגט אַז מיין שווער וויל איך זאָל קריגען אַ הוספה כדי מיר זאָלען קאָנען דאַמיט העלפען לייב׳ן, זיין צוקינפטיגען צווייטען איידעם, ווייל עס וועט הייסען אַז איך וועל פאַרדינען מעהר, וועלען מיר קענען וואוינען פאַר זיך און לאָזען לייב׳ן וואוינען דאָ. האָב איך איהם געזאָגט, אַז דאָס וואָס ער מישט אריין לאה׳לען און איהר הייראַט מיט לייב׳ן איז אַ באַוויז אַז ער רעדט עס פון קנאה, ווייל זיין טאָכטער ביילקע האָט נאָך קיין שידוך ניט געטאָן. נו, איז ער אויפגעשפּרונגען און געזאָגט, אַז ווען מען זאָל איהם צוצאָהלען וואָלט ער ניט דערלאָזען אַז זיין ביילקע זאָל חתונה האָבען מיט אַ סטאָליאַר יונג, מיט אַ פּראָסטען בעל מלאכה. ווען ער וואָלט זיך געוואָלט דערנידעריגען און טאָן אַזאַ שידוך, וואָלט שוין זיין טאָכטער לאַנג געווען פאַרהייראַט. זיינע זיהן, זאָגט ער, קאָנען לערנען און ער וויל ניט אריינגעהמען קיין עם הארץ אין זיין שטוב פאַר אַן איידעם.

— אַ מיין אָרימע שוועסטער! — האָט חנה אויסגערופען. — טאַקע אַ חוצפּה געווען פון שמעונ׳ען זי אריינצומישען און זי פאַרשעהמען.

— דו פאַרשטעהסט, ביי איהם איז לייבעל אַן עם הארץ, און ווייסטו פאַרוואָס? ווייל ער איז אַ בעל מלאכה. מיר דוכט זיך אַז ער קאָן אַזוי פיעל לערנען ווי ער און ער וואָלט ניט פאַרשעהמט געוואָרען געגען זיינע זיהן, די גרויסע לומדים. אָט צוליב דעם בין איך שטאַרק אויפגערעגט געוואָרען, און איך וועל ניט געהן אהין ביז וואַנען ער וועט קומען אהער צו אונז מיט נאָך

צוויי גבאים אדער חשוב׳ע בעלי בתים און זיך פאר זיי אין די אויגען זיך ענטשולדיגען פאר מיר.

— גוט האסטו געטאן, יואל דוד, וואס דו האסט ניט דערצעהלט מיינע עלטערען וועגען דעם וואס ר׳ שמעון האט גערעדט אויף לאה׳לען און לייב׳ן. זיי וואלטען זיך שטארק גענומען צום הארצען. דו ווייסט דאך ווי זיי פיה־לען וועגען דעם און וויפיל מיה עס האט אונז אלעמען געקאסט ביז וואנען מיר האבען זיי איבערצייגט אז אויב לאה׳לע ליבט איהם, איז לייב פאר איהר גאר קיין שלעכטער שידוך ניט. איך בעט דיך טאקע, אז דו זאלסט עס קיינ־מאל ניט דערמאנען.

— פארשטעהט זיך אז ניט! אבער איין זאך וועל איך דיר זאגען, אז איך בין גרייט אנצונעהמען א שטעלע אין אן אנדער שטאדט און זיך ניט אומקעהרען צו זיי ביז וואנען זיי וועלען מיר נאכגעבען אלע מיינע פאדע־רונגען.

— אין אן אנדער שטאדט! — האט חנה׳לע זיך אנגערופען. — וואו א שטייגער קאנסטו אננעהמען אזא שטעלע?

— א דאגה מיר א שטעלע! — האט יואל דוד געזאגט. — וואס איז מיט דיר, חנה׳לע, דו אליין האסט שוין אויך קיין צוטרויען ניט צו מיר דארף איך דיר זאגען אז מען וועט מיך אויפנעמען מיט אפענע ארעמס וואו־היין איך זאל ניט געהן. איך קאן געהן קיין ביאליסטאק, און אפילו קיין ווארשע... יע, וואס איז אזוי שלעכט מיט ווארשע... דארט זיינען פאראן א סך מעהר אידען ווי אין ווילנע און טאקע א סך רייכער אויך. איך קאן דארט קריגען אזוי פיעל געלד אין איין וואך וואס איך קריג דא פאר א האלב יאהר!

— זעהסטו מיין טייערער, אז קיין ווארשע וואלט איך שוין ניט גע־וואלט דו זאלסט אפרייזען.

— און פארוואס ניט?!

— וויי׳ל עס איז צו ווייט!

— נו, וואלט איך געקאנט קריגען א שטעלע אין ביאליסטאק אדער אין אן אנדער שטאדט. איך פארזיכער דיר אז איך וועל אלע מאל קריגען אזוי פיל וויפיעל איך קריג דא, אין ווילנע.

— אבער פונדעסטוועגען וואלט איך ניט געוואלט אז דו זאלסט אפ־רייזען פון דאנען. בפרט איצט, ווען איך בין אין אזעלכע אומשטענדען...

— נו פארשטעהט זיך, אז איך וועל דיר ניט איבערלאזען ביז וואנען דו וועסט איבערקומען. מיר דארפען ניט זארגען, מיר האבען אפגעשפארט עטליכע רובעל.

— אבער אפילו נאכדעם, וואלט איך אויך ניט וועלען דו זאלסט אנ־נעהמען א שטעלע ערגעץ אנדערש. — האט חנה געזאגט.

— פארוואס ניט! דו און אונזער קינד וואלטען שפעטער געקומען צו מיר.

— יע, אבער ווי אזוי וואלט איך געקאנט איבערלאזען מיינע עלטערען

און מיין שוועסטער. עס וואַלט געווען זעהר שווער פאַר מיר דאָס צו טאָן. דו ווייסט דאָך ווי צוגעבונדען מיר זיינען.

— נו, לאָמיר דערווייל וועגען דעם ניט ריידען. עס האַלט נאָך דערווייל ניט דערביי. — האָט יואל דוד געזאָגט.

ער האָט מיט א כיון אַנגעריהרט די דאָזיגע פראַגע, כדי צו זעהן וואָס פאַר א ווירקונג דאָס וועט אויף איהר האָבען. ווען אָבער ער האָט געזעהן אַז זי טראַכט נאָך ניט דערווייל פון דעם האָט ער באַשלאָסען ניט מעהר צו ריידען וועגען דעם. עס איז נאָך פאַראַן גענוג צייט. ער האָט נאָך א גאַנץ יאָהר, ביז דאַן וועלען פאַרקומען פאַרשידענע ענדערונגען.

אויף זיינע געדאַנקען איז ווידער געקומען מאַניושקאַ, און ווען חנה איז אַרויס פון צימער האָט ער גענומען ברומען די אַריע וואָס ער האָט דאָרט געזונגען און די אַנדערע געזאַנגען וואָס ער האָט געהערט. ער איז צוגעגאַנגען צו דער קליינער פּיאַנאָ וואָס איז געשטאַנען אין א ווינקעל פון זיין צימער, און צו וואָס ער האָט זיך ניט צוגערירט זינט זיין קינד איז גע־שטאָרבען, שוין מעהר ווי א יאָהר, און ער האָט איצט גענומען אויסשפּילען די אַריעס וואָס ער האָט געהערט.

ווען דער שליח האָט זיך צוריקגעקערט און איבערגעגעבען די גבאים אַז יואל דוד ענטזאָגט זיך צו קומען סיידען ר' שמעון וועט קומען צו איהם אין הויז זיך ענטשולדיגען, זיינען זיי אַלע געבליבען זיצען ווי געפּלעפּטע.

— אויף דעם האָב איך זיך ניט געריכט — האָט א גבאי געזאָגט — וואָס הייסט מען שיקט איהם רופען אין אונזער נאָמען און ער וויל ניט קומען.

— דאָס באַווייזט ווי ערנסט ער איז געווען מיט זיין דראָהונג — האָט זיך דער גבאי ראשון אַנגערופען — יע, ר' שמעון, איצט האָף איך אַז איהר קאָנט באַגרייפען וואָס איהר האָט דאָ אָפּגעטאָן... מיר האָבען שוין געהאַלטען ביי אַן אויסגלייך מיט איהם, קומט איהר און מאַכט אַלץ קאַליע... נו, וואָס וועלען מיר איצט טאָן? קאָנט איהר באַהויפּטען צו טראָגען די גאַנצע פאַר־אַנטוואָרטליכקייט אויף אייערע פּלייצעס?

— וואָס בין איך שולדיג? אפילו ווען מיר האָבען זיך צעווערטעלט. דאַרף ער זיין ברוגז אויף אַלעמען? א פיינע זאַך! טאָמער וועט איהם אימיצער באַליידיגען וועט ער אין כעס ווערען אויף אַלעמען און ניט וועלען געהן דאַוונען.

— פאַרגעסט ניט ר' שמעון אַז איהר זייט א גבאי פון שטאָדט שוהל און ווען איהר האָט איהם באַליידיגט האָט איהר עס געטאָן אַלס גבאי און איהר דאַרפט אויך געדיינקען אַז איהר זייט אַמאָל אויך געווען גבאי ראשון... איהר האָט באַדאַרפט זיין מעהר פאָרזיכטיג מיט אייער צונג.

— חכמים הזהרו בדבריכם" — האָט ר' שלמה'לע צוגעגעבען — אין כאָטש איך האָב באַשלאָסען זיך ניט צו מישען אין אייער סכסוך, מוז איך פאָרט זאָגען, אַז די זאַך איז זעהר ערנסט... ווילנע קאָן ניט באַהויפּטען צו פאַרלירען איהר באַליבטסטען שטאָדט חזן... מיר אַלע ווייסען, אַז יואל דוד דער ווילנער באַלעבעסל, איז איינגעבאַקען אין האַרצען יעדען ווילנער

אידען. און אז מען וועט זיך דערוויסען אז ער איז אוועק פון אונז צוליעב אזא קליינינקייט, וועט זיך טאָן חושך... דאריבער וויל איך אייך בעטען, ר' שמעון, איהר זאָלט למען השלום, פארבויגען אייער שטאָלץ און געהן צו איהם אין הויז זיך איבערבעטען.

— ניין רבי! דאָס וועל איך ניט טאָן — האָט ר' שמעון אויסגערופען. עס מוז זיין א גרעניץ צו אלעס. איהר זעהט דאָך, איך האָב געוואָרט אז ער קומען און בין געווען וויליג זיך צו ערנידריגען פאר איהם פאר אלעמען אין די אויגען. אָבער אז ער איז פאר'עקשנ'ט דארף ער דאָן פאררעכענט ווערען פאר'ן שולדיגען! וואָס מיינט איהר מיר דארפען זיך שוין לאָזען קריכען אויף די קעפ?...

— אויב איהר ווילט עס ניט טאָן — האָט דער גבאי ראשון זיך אָנגע־רופען — האָט איהר בלויז איין ברירה און דאָס איז צו רעזיגנירען אלס גבאי דאָן בלייבט איהר א פריוואַטער איד און אייער סכסוך געהט אונז קיינעם ניט אָן.

דערהערט אזעלכע רייד האָט זיך ר' שמעון אָנגעצונדען און אויסגערופֿן:

— וואָס הייסט איך זאָל צוליב איהם ווערען אויס גבאי. צוואַנציג געלד און געזונד קאָסט מיך די שוהל. עס איז שוין באלד פופצעהן יאָהר אז איך בין גבאי און איך ארבייט פאר דער שוהל, מיט מיין ליב און לעבען. זאָל איך איצט, צוליעב דעם וואָס יואל דוד'ן ווילט זיך, אויפגעבען מיין גבאות! ניין. דאָס וועל איך בשום אופן ניט טאָן!

— וואָלט פאר אייך געווען שעהנער און בעסער אז מען זאָל אייך ארונטערוואַרפען פון גבאות!

— וואָס הייסט? — האָט זיך ר' שמעון א שטעל געטאָן פון זיין פּלאַץ.

— וואָס מיינט איהר, דער עולם וועט אייך שענקען? ווען מען וועט אויסגעפינען אז צוליב אייך איז יואל דוד אוועק פון אונז, וועט מען שוין ניט דערלאָזען אז איהר זאָלט בלייבען גבאי. דערפאר איז מיין עצה אז איהר זאָלט פאריכטען דאָס וואָס איהר האָט קאליע געמאכט.

— מיר ארט ניט וואָס עס וועט געשעהן — האָט ר' שמעון אויסגערופען — איך וועל ניט געהן צו ר' מרדכי'ן אין הויז. איך קאָן זיך מיט איהם טרעפען ביי אייך ר' שלמה אָדער ערגעץ אנדערשוואו, אָבער אהין וועל איך ניט געהן. איך וועל זיך ניט ערנידעריגען. ניין, אפילו ווען איך זאָל דארפען ווערען אויס גבאי... וואָס מיינט איהר עס געהט מיר אין לעבען צו זיין א גבאי? ביי מיר איז רעכט אז ניט.

— ווי איך זעה ווילען מיר צו קיין טאָלק ניט קומען! — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט —ביידע זיינען איינגעשפּאַרט. אויב מיר ווילען ניט קענען אויסגלייכען די זאַך ביז מאָרגען, ווילען מיר דארפען פאררופען אן אסיפה וואו מען וועט פאר'ן עולם אלעס דאַרפען ערקלערען. און דאן "יירא הקהל וישפּט", זאָל קהל משפט'ן ווער עס איז גערעכט און ווער עס איז אומגערעכט.

— גוט איהר וועט רופען צו אן אסיפה פון אלע בעלי בתים פון שטאָט

שוהל — האט א גבאי זיך געווענדעט צום גבאי ראשון. מיר וועלען אלעם ער־קלערען און מיר וועלען הערען וואס קהל האט וועגען דעם צו זאגען.

— וואס איז דא די איילעניש! — האט ר' שמעון געזאגט — פאר וואס זאלען מיר ניט צו־ווארטען א וואך אדער צוויי? עס קען דאך זיין אז ביז דאן וועט יואל דוד'ס משוגעת פארשווינדען.

— און אויך ר' שמעון'ס עקשנות וועט אפגעשוואכט ווערען — האט איינער א זאג געטאן.

— און וואס וועט זיין אויב יואל דוד וועט טאקע דערווייל אנגעהמען א שטעלע אין אן אנדער שטאדט? עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז מען וויל איהם אויסכאפען פון אונז און דאריבער מוזען מיר גלייך האנדלען. יע, מיר גיבען אייך צייט ר' שמעון, ביז מארגען און אויב איהר וועט ביז דאן ניט קומען צו קיין אויסגלייך, וועל איך פאררופען אן אסיפה גדולה און מיר וועלען זעהן וואס מיר האבען צו טאן. איך וועל זיך נאך היינט זעהן מיט ר' מרדכי'ן אפשר וועט ער קענען משפיע זיין אויף זיין איידעם.

— יע, ווי די זאך זאל ניט זיין טארען מיר ניט דערלאזען אז עס זאל זיך פארציהען! — האט ר' שלמה'לע געזאגט — אויב יואל דוד האט זיך ענטזאגט צו קומען, איז א סימן אז מען זוכט איהם אוועקצונעהמען פון אונז.

— איהר ווייסט וואס! — האט דער גבאי ראשון זיך אנגערופען צו די פארזאמעלטע. לאמיר מארגען ווידער זיך צונויפקומען דא און מיר וועלען זעהען וואס מיר האבען ווייטער צו טאן, יע, וועט איהר אלע דא זיין?

— נו געוויס! — האבען איניגע געזאגט.

— איך וועל זעהן אז אויך ר' מרדכי זאל קומען מארגען אהער. מיר וועלען אפשר זעהן דורכצוקומען.

ר' שמעון איז אוועק פון קהל שטיבעל א דערשלאגענער און אויפגע־רעגטער. ער האט פלוצלונג דערפיהלט אז ער האט זיך אנגעשלאגען אן אז אייזערנער וואנט. און אויב עס זאל טאקע פאסירען אז יואל דוד זאל אוועק־געהן פון שטאדט־שוהל וועט ער זיין דער שולדיגער און ער וועט מוזען אויפ־געבען זיין גבאות...

אריינקומענדיג אין הויז האט זיין פרוי גלייך דערקענט אן זיין בלאסען פנים אז עפעס האט מיט איהם פאסירט און זי האט איהם געפרעגט וועגען דעם.

— גאר ניט! גאר ניט! — האט ער געענטפערט — לאז מיר צו רוה.

אבער זיין פרוי האט איהם ניט אפגעלאזען. זי האט איהם גענומען פרעגען וואס עס איז געשעהן און ער האט איהר געזאגט:

— אט גאר ניט, איך האב געהאט אן איבעררייד מיט דעם ווילנער באלעבעסעל.

— וואס ווייטער?

— גאר ניט. ער האט גענומען קריכען אויף די גלייכע ווענט, האב איך איהם עפעס א זאג געטאן, נו האט ער זיך באליידיגט און ער סטראשעט אז ער וועט מעהר ניט קומען דאווענען אין שטאדט שוהל.

— וואס? צוליב דיר וועט ער ניט קומען דאווגען!

— אזוי האט ער געזאגט. סיידען איך זאל געהן איהם איבערבעטען אין זיין הויז.

— אבער צוליב וואס איז עס ארויסגעקומען.

— צוליב דעם וואס ער האט גענומען שטעלען אזעלכע פאדערונגען אז מיר האט עס פארדראסען, האסטו געהערט אין דיין לעבען? ער האט פאר־לאנגט א העכערונג פון זיינע שכירות... אבער וואס פאר א העכערונג! פונקט צוויי מאל אזוי פיעל וויפיעל מען צאהלט איהם איצט.

— טא וואס זיינען דאס דיינע דאגות? פאר וואס דארפסטו אלע מאל זיך ארויסווייזען אלס דער שלעכטער?

— מיר האט עס שטארק פארדראסען, האב איך זיך ארויסגערעדט אז דאס האט איהם זיין שווער אנגערעדט ער זאל ארויסשטעלען אזעלכע פאדערונגען. נו, נו, מעהר האב איך ניט בעדארפט. וואלסטו געהערט ווי ער איז אויפגעשפרונגען און ער האט גענומען זאגען אז איך רייד עס פון קנאה, ווייל ר׳ מרדכי׳ס אינגערע טאכטער וועט אין גיכען חתונה האַ־בען און אונזער בייל קע איז נאך אלץ א מיידעל. פארשטעה, אין אמת׳ן גענומען האב איך זיך גאר בעדארפט געפינען באליידיגט און צום סוף שרייט ער אז איך האב איהם באליידיגט און איך זאל זיך קומען איבער־בעטען צו איהם.

— מסתמא האסטו נאך עפעס געזאגט — האט זיין פרוי אויסגערופען

— איך קאן דאך דיר. דו האסט אלע מאל עפעס אויסצוזעצען געגען ר׳ מרדכי סטראשון.

— וואס איך זאל ניט האבען געזאגט, פיהל איך אז איך האב געזאגט דעם אמת און איך ענטזאג זיך צו אנטשולדיגען. — האט ר׳ שמעון אויס־גערופען. — זאל ער זיך שטעלען מיט איין פוס אויפ׳ן הימעל און מיט דעם אנדערען פוס אויף דער ערד... זאל ער אוועקגעהן פון שוהל וועל איך צו איהם ניט געהן זיך ענטשולדיגען, אפילו ווען איך זאל וויסען עס זאל מיר קאסטען מיינע גבאות.

— **וואס, אזוי ווייט האלט עס? — האט זי זיך צו איהם אנגערופען,**
— עס וועט זיין זעהר א שעהנע זאך אז צוליב דיר זאל ווילנע פארלירען דעם ווילנער באלעבעסעל. מען וועט דאך דיך פארשטיינען! וואס איז מיט דיר געשעהן, שמעון? וואס הייסט, דו פאנגסט זיך אן מיט דעם ווילנער שטאדט חזן?

— איך האב זיך ניט אנגעפאנגען. איך בין ניט געווען דער איינצי־גער, וועלכער איז געווען געגען געבען איהם א הוספה פון פינף רובעל א וואך. דער גבאי ראשון איז אויך געווען דאגעגען און אפילו ר׳ שלמה׳לע, וועלכער איז פאררעכענט פאר יואל דוד׳ס בעסטען פריינד, האט אויך גע־זוכט צו מאכען א פשרה אויף צוויי רובעל.

— אבער מיט קיינעם האט ער זיך ניט צעאמפערט נאר מיט דיר! זאג

מיר וואָס וועט איצט זיין? טאָמער געהט יואל דוד אוועק פון שוהל צו־ליעב דיר!

— ער געהט נאָך ניט אוועק אַזוי גיך!

— און וואָס ווערסטו טאָן אויב יע? דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט וואָס איצט וואָלט געמיינט פאַר אונז אַליין אַז מען וואַרפט דיך אַרונטער פון גבאות. איבערהויפּט פאַר ביילקען... איך קוק אויס אויפ'ן שידוך מיט ר' חאַצקעל'ס זוהן, און אויב עס זאָל פּאַסירען אַז דו זאָלסט אַזוי דערנידע־ריגט ווערען, האָב איך מורא אַז פון דעם שידוך קאָן זיך גאָר ניט אויסלאָזען.

— און וואָס ווילסטו זאָל איך טאָן? — האָט ר' שמעון געזאָגט.

— דו דאַרפסט טאָן וואָס מען פאַרלאַנגט פון דיר! — ענטפערט זי איהם.

— דאָס מיינט, אַז איך וועל דאַרפען געהן צו איהם אין הויז זיך אַי־בערבעטען. ניין, דאָס ניט! איך בין גרייט זיך צו אַנטשולדיגען, אָבער ניט אין ר' מרדכי'ס הויז. זאָל ער קומען אין קהל שטיבעל, אָדער אין ר' שלמה'לעם הויז. נו, מילא, וועל איך זיך דאָן ענטשולדיגען!

— דו האָסט איהם שוין מסתמא גוט באַליידיגט. — האָט חאַשע, זיין פרוי, זיך צו איהם אָנגערופען. — איך וויים ניט וואָס מיט דיר איז גע־וואָרען. דו ביזט דאָך פּונקט ווי אַ אידענע. ווער האָט דיר געצוואונגען פאַר'ן צונג! מיט אַלעמען קריגט ער זיך. דו האָסט שוין מן הסתם פאַרגעסען וויפיעל צרות מיר האָבען געהאַט דאָן פון יודעל אַפּאַטאָוו, דעם בעל תקיה. צוליב דעם וואָס דו האָסט זיך מיט איהם צעאַמפּערט, און אויב איך מאַך קיין טעות ניט איז עס אויך אַרויסגעקומען צוליב יואל דוד'ן. יע, איך געדענק, דו ביזט דאָן געווען גבאי ראשון, און דו האָסט זיך געקווינ־קעלט און ניט געוואָלט אונטערשרייבען אויף יואל דוד'ס כתב חזנות. וואָס האָסטו צו איהם? מילא דאַן, האָב איך נאָך געקאָנט פאַרשטעהן, דו האָסט ניט פאַרגונען ר' מרדכי סטראַשון וואָס יואל דוד וועט אַריינפאַלען אין זיינע הענט. אָבער איצט, שוין צעהן יאָהר ווי יואל דוד איז פאַרהייראַט. וואָס ווילסטו איצט פון איהם?

— וואָס וויל איך, גאָר ניט! ער האָט פאַרלאַנגט צופיל, האָב איך זיך אַריינגעמישט. קיינער האָט איהם ניט געוואָלט געבען אַזוי פיעל.

— יע, אָבער קיינער האָט איהם ניט באַליידיגט נאָר דו! — האָט חאַשע אויסגערופען. — און דאַריבער מוזטו זעהן עס גלייך גוט צו מאַכען. מעהר וועט אונז ניט פעהלען. מען וועט דאָך טייטלען אויף אונז מיט די פינגער און זאָגען: "צוליב זיי, האָבען מיר פאַרלאָרען דעם ווילנער באַ־לעבעסעל"... מיר וועלען קיין גאַס ניט קאָנען דורכגעהן.

ר' שמעון האָט געשוויגען. ער האָט ביי זיך אין האַרצען געטראַכט אַז זיין פרוי איז גערעכט. איהם וועלען שוין קיינע צרות ניט פעהלען אויב יואל דוד זאָל דורכפירען זיין דראָהונג און ניט קומען מעהר דאַוונען אין שטאָדט שוהל. אפשר האָט ער טאַקע אַן אַנדער שטעלע אויך. אַ ציטער איז דורך זיין לייב. ניט נאָר וואָלט מען איהם אַרונטערגעזעצט פון זיין גבאות,

נאר ער וואלט געמוזט פון ווילנע אנטלויפען. נו, וואס זאל ער איצט טאן? קאן ער זיך אזוי דערנידעריגען און געהן צו ר' מרדכי'ן אין הויז זיך איי בערבעטען... ניין, ניין! דאס קיינמאל ניט! ער פיהלט אבער אז סוף כל סוף וועט ער עס מוזען טאן. נאר ניט באלד. ער וועט נאך צוואווארטען עטליכע טעג אפשר וועט זיי פארט געלינגען צו מאכען א פשרה. געוויס וועט זיך ר' שלמה'לע זעהן מיט איהם און אויך דער גבאי ראשון און זיי וועלען שוין מיט איהם איינ'טענה'ען. זיי וועלען ברעכען זיין עקשנות... איין זאך ווייסט ער אז ער טאר ניט דערלאזען עס זאל קומען צו א גרויסער אסיפה. ווייל דאן וואלט מען איהם געצוואונגען אויפצוגעבען זיין גבאות.

## קאפיטעל 6

דערווייל האט זיך אין ווילנע גענומען רודערען. כמעט די גאנצע שטאדט האט שוין געוואוסט, אז עס איז פארגעקומען א סכסוך צווישען דעם ווילנער באלעבעסעל און ר' שמעונ'ען און עס האלט דערביי אז יואל דוד זאל אוועק פון ווילנע און אננעהמען א שטעלע ערגעץ אנדערש.

ווען יאכע, יואל דוד'ס מומע האט זיך פון דעם דערוואוסט, האט זי גענומען שטורמען. פריהער האט זי פרובירט זיך דורכריידען מיט איהר פלימעניק ער זאל זיך ניט מאכען צום נארען, אז ער זאל ניט ארויסווייזען קיין עקשנות. ווען אבער זי האט געזעהן אז ער איז ערנסט, און אז ער האט זיך נאך אויף איהר אנגעבייזערט און איהר געזאגט, אז זי זאל זיך ניט מישען אין זיינע אנגעלעגענהייטען, האט זי פרובירט זיך דורכריידען מיט חנה'לען.

— חנה'לע, גאט איז מיט דיר, ווי אזוי דערלאזטו אז עס זאל גאר קור־מען דערצו. וואס הייסט, דו לאזט איהם אזוי האנדלען? מאלע וואס מען רעדט זיך אמאל איבער מיט א גבאי אדער א בעל הבית — נו, אי וואס?

— איך האב אייך געזאגט יאכע אז איך וויל זיך ניט מישען. וואס יואל דוד טוט איז ביי מיר רעכט. ער ווייסט וואס ער טוט.

— אי, חנה'לע, חנה'לע, ניט אזוי דארף א פרוי באהאנדלען א מאן. א מאן איז געגליכען צו א יונגען פערד, וועלכער וויל שטענדיג ארויסשפרינ־גען פון די האלאבלעס, אבער מען דארף וויסען ווי איהם איינצוהאלטען. אין דעם ליגט דער גרויסער קונץ... איך וויים, איך האב אמאל אויך געהאט א מאן, א ליכטיגען גן־עדן זאל ער האבען! ער פלעגט פאר מיר ציטערען און טאקע דערפאר האבען מיר זיך ליב געהאט ווי טייבעלעך...

חנה האט א שמייכעל געטאן. זי האט שוין געוואוסט וואס פאר א לע־בען יאכע און שלום האבען געהאט. מענשען וועלכע האבען געקאנט איהר מאן שלום, האבען איהר שוין דערצעהלט.

— נו, וואס שמייכעלסטו חנה'לע, פאלג מיר. ער איז דאך מיין פלי־מעניק און איך בין אויסען זיין טובה... נעהם איהם אין דיינע הענט.

—יאכע, איך בעט אייך לערנט מיר ניט ווי אזוי זיך צו באגעהן מיט

מיין מאַן! — האָט חנה׳לע מיט ערנסטקייט אין איהר שטים זיך אָפּגע־רופען — ווי אַזוי קענט איהר גאָר מאַכען אַ פאַרגלייכעניש. מיין מאַן זאָל געזונט זיין, איז איינער אין צעהן מיליאָן — איך בין אפילו ניט ווערט צו וואַשען זיינע פיס און טרינקען די וואַסער... אַ קליינינגקייט מיין יואל דוד, זאָל איהם גאָט געבען געזונט און לעבען! עס איז אַ כבוד פאַר ווילנע אַז ער איז זייער שטאָדט־חזן און זיי האָבען איהם באַדאַרפט בעסער באַ־האַנדלען. יע, מיין מאַן איז פאַלקאָם גערעכט.

— און ביי דיר ווערט זיין רעכט אַז יואל דוד זאָל אַוועקגעהן פון ווילנע.

— פאַרוואָס ניט. אויב ווילנע קאָן איהם ניט אָפּשאַצען ווי געהעריג איז, דאַן וועט ער קריגען אַ שטעלע ערגעץ אַנדערש, וואו מען וועט איהם בעסער אָפּשאַצען.

— און וואָס וועט זיין מיט דיר — וועסטו דען פאַרלאָזען דיינע עלטערן און פריינט?

— וואָס הייסט, אַ פרוי׳ס פּלאַץ איז נעבען איהר מאַן. וואוהין יואל דוד וועט געהן, וועל איך אויך געהן.

— איך מיין אָבער אין דיינע אומשטענדען...

— נו, וועלען מיר וואַרטען ביז וואַנען איך וועל איבערקומען, און טאָמער וועט יואל דוד דאַרפען זיין אַליין דאָרט פאַר אַ ווייל׳ע איז אויך קיין סכנה ניט!

— אַ, דו ווייסט שוין גאַרנישט וואָס דו רעדסט, חנה׳לע... געדענק מיינע ווערטער: אַ מאַן דאַרף מען צוימען... מען דאַרף איהם ניט לאָזען טאָן וואָס איהם פאַרוויילט זיך... אַ פיינע זאַך לאָזען איהם אַוועקגעהן פון ווילנע!

אַז יאַכע האָט געזעהן אַז זי האָט גאַרנישט אויסגעמאַכט מיט חנה׳לען, איז זי אַוועקגעלאָפען צום גבאי ראשון און גענומען מיט איהם טענה׳ן.

— וואָס ווילט איהר פון מיר — האָט דער גבאי ראשון איהר גענטפערט — איך האָב נאָכגעגעבען אַלע פאָדערונגען פון אונזער שטאָדט־חזן. וואָס זאָל איך טאָן אָבער אַז ער האָט געהאַט אַן איבעררייד מיט ר׳ שמעון, און ער סטראַשעט אַז ער וועט מעהר ביי אונז ניט דאַוונען... מיינט ניט אַז מיר זיצען מיט פאַרלייגטע הענט, און מיר טוען גאַרניט. מיר וועלען פאַררופען אַן אסיפה און מיר וועלען צווינגען ר׳ שמעונ׳ען זיך צו ענט־שולדיגען פאַר איהם... מיר ווילען איהם ניט פאַרלירען פונקט ווי איהר ווילט ניט, אָבער וואָס קאָן איך טאָן, אַז ביידע זיינען עקשנים. אָבער איך האָף, אַז זיי וועלען זיך איבערבעטען.

פונדעסטוועגען איז דער גבאי ראשון צוזאַמען מיט ר׳ שלמה׳לען אַריינגעקומען צו יואל דוד׳ן דאַנערשטאָג און איהם גענומען בעטען ער זאָל קיין צימעס ניט מאַכען פון ר׳ שמעונ׳ס אויסברוך און קומען דאַוונען אין שטאָדט שוהל.

— נאָך אַלעמען וואָס איז קהל שולדיג, — אַז ר׳ שמעון האָט געזאָגט זאַכען וואָס ער האָט ניט באַדאַרפט זאָגען. קאָנען מיר האַלטען אַ שלאָס

אויף זיין מויל? דו באוויז אלעמען, אז דו שטעהסט העכער פון אט די דאזיגע קליינינקייטען און דו וועסט אונז אוועקגעבען א דאוונען, אז מיר זאלען האבען צו געדענקען, — האט דער גבאי ראשון געזאגט.

— ניין, איך וועל ניט קומען דאוונען! — האט יואל דוד געענטפערט — סיידען ר׳ שמעון וועט קומען אהער זיך ענטשולדיגען...

— אבער דו ווייסט דאך, אז ר׳ שמעון וויל עס ניט טאן. ער איז גרייט זיך פאר דיר צו ענטשולדיגען — האט ר׳ שלמה׳לע געזאגט — אדער איז קהל שטיבעל אדער ביי מיר אין הויז. פאלג מיך, יואל דוד, קום אריבער צו מיר אין הויז און איך וועל נאך איהם שיקען און ער וועט זיך פאר דיר ענט־שולדיגען אין אונזער געגענווארט. ער, ר׳ שמעון האט מיר געזאגט, אז דאס וועט ער טאן אבער געהן צו דיר אהיים, דאס איז שוין אביסעל צופיל!

— עס איז שוין ניט איינמאל, אז איך הער פון ר׳ שמעון׳ען באליידי־גענדע באמערקונגען אויף מיין חשבון אדער אויף דעם חשבון פון מיין שווער, אבער ביז איצט פלעג איך זיך מאכען ניט הערענדיג... פון איצט אן, אבער, וועל איך שוין ניט דערלאזען, אז דאס זאל פארקומען און דערי־בער וועל איך באשטעהן אויף מיין פאדערונג, זאל ער וויסען, אז איהם וועט עס אזוי גרינג ניט אנקומען, וועט ער להבא זיין מעהר פארזיכטיג מיט זיין צונג... ניין, רבי ביי מיר איז עס געווען א מין נדר און איך וועל מיין ווארט, ניט ברעכען.

— וועל איך דיר מתיר נדר זיין! — האט ר׳ שלמה׳לע געזאגט.

— מען קאן יענעם מתיר נדר זיין ווען יענער האט חרטה אויף זיין נדר און זוכט א וועג ווי זיך פון דעם צו באפרייען... איך אבער האב קיין חרטה ניט און איך מיין מקים נדר צו זיין... ניין, איך האב שוין גענוג געליטען פון איהם און פון אנדערע, און געשוויגען. איצט איז געקומען די צייט, אז איך קאן באהויפטען צו שטעלען פאדערונגען און זיי קריגען.

— איך מוז דיר זאגען דעם אמת, יואל דוד, איך דערקען דיך ניט. דו ביזט ניט דער זעלבער מענש... אמת, א מענש דארף האבען אין א געוויסער מאס זעלבסטווירדע און שטאלץ אבער אריבערכאפען די מאס איז ניט גוט. אויב ר׳ שמעון גיט נאך א העלפט פון דיין פארלאנג, דארפסטו נאכגעבען די אנדערע העלפט און זאל זיין שלום....

— איהר וועט מיר מוחל זיין, רבי, אבער היינטיגס מאל וועל איך ניט נאכגעבען אויף א האר... ער האט ניט נאר מיך באליידיגט, ער האט באליידיגט מיין שווער און מיין שוועגערין, וועלכע זיינען אינגאנצען אומ־שולדיג, און איך באשטעה אויף מיין פארלאנג. איך וועל זיך ניט אומקעה־רען צום עמוד אזוי לאנג ווי ר׳ שמעון וועט קומען אהער זיך איבערבעטען.

— אבער ווי אזוי קאנען מיר איהם צווינגען עס צו טאן! — האט דער אנווענדען ער זאל זיין געצוואונגען אויסצופאלגען אונזער באפעהל.
גבאי ראשון אויסגערופען — מיר האבען דאך קיין רעכט ניט צו זאגען איי־נעם אזוי זאלסטו טטאן און ניט אנדערש. וואס פאר א מיטלען קאנען מיר
— איך האב אייך דאך געזאגט, אז אויב ער וויל ניט קומען צו מיר זיך

ענטשולדיגען דאן זאָל מען איהם ארונטערזעצען פון גבאות, ווען ר' שמעון וועט ניט מעהר האבען זיין אמט אלס גבאי, דאן איז ער איינער פון פאָלק און ער קאָן ריידען אויף מיר וואָס זיין האַרץ געלוסט.

— ווי איך זעה איז דאָס די איינציגע ברירה! — האָט דער גבאי ראשון זיך אנגערופען צו ר' שלמה'לען אין דער שטיל. אויב ער וועט ניט וועלען פארלירען זיין גבאות, וועט ער מוזען טאָן וואָס מיר הייסען איהם. א צווייטען גבאי ווי ער וועלען מיר קאָנען גאַנץ גרינג באקומען, אָבער א צווייטען שטאָדט חזן ווי יואל דוד וועלען מיר שוין ניט קריגען... מיר וועלען דארפען אננעמען שטרענגע מיטלען... אָדער אהער אָדער אהין.

ווען זיי זיינען ארויס פון יואל דוד'ס הויז האָט זיך דער גבאי ראשון אנגערופען — איך געה גלייך אריבער צו ר' שמעון'ען אין הויז און איהם זאָגען, אז אויב יואל דוד וועט היינטיגען שבת ניט דאַווענען, ווערט ער אוים גבאי.

— אויף זיך אליין טאָרט איהר עס ניט שטעלען — זאָגט איהם ר' שלמה'לע — מיר וועלען מוזען האָבען אַן אסיפה צוליב דעם.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז אלע וועלען איינשטימיג אָננעמען אָט דעם דאָזיגען באשלוס... אויב ער איז אזוי פאר'עקשנ'ט, טאָר ער קיין גבאי מעהר ניט זיין, ווען ער ווייסט ווי צו היטען זיין צונג. איך בין זיכער, אז ווען ער וועט הערען, אז מען וועט איהם אראָפּזעצען פון גבאות, וועט ער ווייכער ווערען. מיר טאָרען ניט דערלאָזען, אז עס זאָל קומען צו א גרויסען טומעל. ווער ווייסט אויב יואל דוד איז ניט גערעכט. נאָכאַלעמען האָבען מיר טאקע געקראָגען א מציאה... שטעלט זיך פאָר צעהן יאָהר צייט האָבען מיר איהם געהאַט כמעט אומזיסט. עס פארשטעהט זיך, אז פרעמדע מענשען שארפען די אויגען אויף איהם. זיי ווילען איהם אוועקנעמען פון אונז... און עס איז אונזער פליכט אָפּצוהיטען איהם ווי דאָס אויג אין קאָפּ. מיר טאָרען ניט דערלאָזען מען זאָל איהם באליידיגען. ער איז אונזער קרוין, אונזער צירונג. און איך וועל דאָס איהם באלד זאָגען... זאָל ער ווייסען מיט וועמען ער האָט זיך אָנגעפאַנגען.

— איך בעט אייך — האָט שלמה'לע אויסגערופען — נאָר ניט מיט רוגזה און כעס... מענה רך... רוהיג, געלאַסען זאָלט איהר צו איהם ריידען. נאָך אלעמען איז ער דאָך ניט מעהר ווי א בשר ודם... נו, האָט ער זיינע חסרונות, אָבער ר' שמעון איז אַן עהרליכער איד. ער לאָזט זיך קאָסטען פאר אידישע ענינים און מען דאַרף האָבען אביסעל איינזעהעניש אויך מיט איהם.

— איך פארזיכער אייך, אז איך וועל פּרובירען ריידען מיט איהם מיט גוטען... איך וועל איהם אלץ ערקלערען, אָבער אויב ער וועט נאָך דעם אלעם, אלץ בלייבען ביי זיין עקשנות וועל איך איהם זאָגען וואָס איהם ערוואַרטעט... דאָס אלץ וואָס איך קאָן טאָן מיט איהם.

דער גבאי ראשון איז גלייך אוועק צו ר' שמעון'ען אין הויז און ווי נאָר ער איז צוגעקומען צו דער טיר האָט ער געהערט א געשריי און קוויטשעריי. ער האָט צוגענויגט זיין אויער און ער האָט דערקענט, אז דאָס איז

די שטימע פון יאַכע, יואל דוד'ס מומע. ער איז געבליבען שטעהן א ווײלע קווענקלענדיג זיך, צי איצט איז די צייט אריינצוקומען צי ניט. ער האָט געוואוסט, אז זי קאָכט זיך דאָרט טאקע צוליב איהר פלימעניק און אפשר איז טאקע איצט די שעת הכושר... ער האָט א קלאפּ געטאָן אין טיר און באלד אריינגעקומען. ער האָט גזעהן ווי ר' שמעון זיצט אויף א שטוהל א בלאסער און צעשראָקענער און יאַכע קאָכט זיך... און ווען זי האָט איהם דערזעהן, האָט זי זיך אָנגערופען:

— גוט וואָס איהר זייט אויך געקומען... האָט איהר געהערט אין אייער לעבען. ער האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיין פלימעניק און גאָרניט. ער דערגעהט איהם די יאָהרען. מיין פלימעניק האָט מיר געזאָגט, אז ער וועט אוועק פון ווילנע... פרעג איך אייך, וואו איז יושר? צעהן יאָהר האָט ער געריסען זיין האלז פאר אייך... און מיר דוכט זיך, אז קיינער האָט גאָרניט אויסצוזעצען געגען איהם... קומט ער און וויל איהם פאריאָגען פון ווילנע.. איך וועל אין דעם ניט שווייגען, איהר הערט, איך וועל געהן איבער אלע גאסען און שרייען, אז ר' שמעון וויל פאריאָגען דעם ווילנער באלעבעסעל. איך וועל געהן אין שטאָדט שוהל און איך וועל פון דער בימה אויסשרייען... איהר הערט, איך וועל איהם ניט שענקען — האָט זיך יאַכע נאָך העכער צעשריען — אויב מיין פלימעניק פארלאָזט ווילנע וועט איהר דאָ קיין טאָג ניט קאָנען פארבלייבען. איך וועל ניט רוהען... וואָס האָט איהר צו איהם, צו מיין פלימעניק, דעם יתום!

א שמייכעל האָט זיך באוויזען אויף די ליפּען פון גבאי ראשון און דאן האָט ער זיך צו איהר געווענדעט.

— געהט אהיים יאַכע און בארוהיגט זיך. יואל דוד וועט בלייבען ביי אונז אין ווילנע!

— וואָס איהר האָט שוין גע'פועל'ט ביי יואל דוד'ן? — האָט יאַכע איהם געפרעגט.

— געהט אהיים, עס וועט אלץ רעכט ווערען... מען וועט ווערען שלום, פאָלגט מיך, געהט אהיים... איך בין דאָס איצט געקומען אהער צוליב אָט דעם צוועק און איהר וועט אונז נאָר שטערען.

— אז איהר זאָגט, אז אלץ וועט רעכט ווערען, גלויב איך אייך! — האָט זיך יאַכע שוין בארוהיגט — איך מיין ניט קיין שלעכטס, אָבער ווען איך האָב געהערט, אז מיין יואל דוד וועט אוועקגעהן פון ווילנער שטאָדט שוהל צוליב דעם וואָס ר' שמעון האָט איהם באליידיגט האָט אין מיר מיין הארץ אויפגעציטערט... נו, האָט קיין פאַריבעל ניט, איך בעט אייך, א גוטען טאָג.

ווען יאַכע איז ארויסגעגאנגען האָט זיך ר' שמעון אויפגעהויבען פון זיין פלאץ. ער האָט גענומען ארומשפּרייזען איבער'ן צימער הין און צוריק און געמורמעלט:

— א מויל האָט זי! נו! ווי א מיל האָט זי געמאָלען... וואָס פאר א

קוויטשערייען... איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, ווען איהר קומט ניט אריין וואָלט איך אָדער טויב געוואָרען אָדער איך וואָלט זי ארונטערגעשליידערט פון אלע טרעפּ.

— צו וואָס האָט איהר עס געדאַרפט? איהר וואָלט אלץ געקאָנט פארמיידען! לאָמיר אָננעמען, אז יואל דוד איז אן עקשן... אָבער איהר וועט דאָך צוגעבען, אז ער איז דער ליבלינג פון פאָלק. אז עס וואָלט געווען דער גרעסטער שאָדען פאר ווילנע אויב מיר פארלירען איהם... איך און ר' שלמה'לע זיינען נאָר־וואָס געווען ביי איהם. מיר האָבען געהאַט א לענגערען געשפּרעך מיט איהם, מיר האָבען זיך ביי איהם געבעטען ער זאָל איינגעהן אויף א פּשרה, אזוי ווי איהר זייט גרייט זיך צו ענטשולדיגען פאר איהם, אָבער ניט אין זיין שווער'ס הויז. איהר זייט גרייט צו קומען אין קהל שטי־בעל אָדער אין ר' שלמה'לעס הויז.

— נו, וואָס האָט ער געזאָגט? — האָט ר' שמעון איהם געפרעגט מיט נייגעריגקייט.

— ער איז געבליבען ביי זייניגען! — האָט דער גבאי ראשון גע־ענטפערט. — ער וועט שבת ניט דאַוונען סיידען איהר וועט קומען צו איהם אין הויז און זיך ענטשולדיגען...

— אזא עקשן — האָט ר' שמעון געצוויגען מיט זיינע שולטער.

— נו, וואָס קאָנען מיר טאָן! — ידו על העליונה, ער האָט פאַרט די אויבערהאַנט... ער קאָן אויסקומען אָהן אונז, ווייל מען וועט איהם אויס־כאַפּען, אָבער פאר אונז וואָלט עס געווען דער גרעסטער שאָדען, און לאָמיר אייך זאָגען, אז איך וואָלט ניט געוואָלט טראָגען די דאָזיגע פאַראַנטוואָרט־ליכקייט אויף מיינע פּלייצעס און איך זעה ניט איין ווי אזוי איהר קאָנט עס באַהויפּטען.

— אָבער וואָס זאָל איך טאָן? דאַכט זיך, אז איך האָב שוין א סך נאָכגעגעבען. קאָן איך זיך אזוי דערנידעריגען און קומען צו ר' מרדכי'ס הויז זיך איבערבעטען.

— און פאַרוואָס ניט? צוליב שלום וועגען דאַרף מען אלץ טאָן... ווען איך בין איהר, וואָלט איך עס געטאָן. נאָך אלעמען וואָס איז דאָס אזוי פאר א שאַנדע. איהר האָט איהם באליידיגט צוזאַמען מיט זיין שווער און איהר האָט חרטה, זייט איהר זיך געקומען איבערבעטען... וואָס טוט א איד ערב יום כפּור, אויב ער האָט זיך צעקריגט מיט א צווייטען, ער קומט צו איהם אין הויז און בעט ביי איהם מחילה... נו, זאָל זיך אייך דוכטען, אז עס איז היינט ערב יום כפּור. פאָלגט מיך, ר' שמעון, איהר דאַרפט זעהן גוט צו מאַכען און געהט צו איהם אין הויז.

— איך פיהל אז אויך ער האָט מיר באליידיגט און איך בין עלטער פאר איהם, האָט ער באַדאַרפט...

— ווייטער די זעלבע טענה! מיר האָבען דאָך דאָס שוין געהערט.

דאס האט צו קיין זאך ניט געפיהרט... די צייט איז קורץ... אויב יואל דוד וועט היינטיגען שבת ניט דאווענען וועט זיך טאן חושך... יע, ער האט מיר און ר' שלמה'לען געזאגט אז אדער איהר זאלט קומען צו איהם אין הויז זיך איבערבעטען, אדער איהר זאלט רעזיגנירען אלס גבאי...

— וואס מיינט איהר ער וועט מיר דערשרעקען?... אויב מען וויל מיך ניט אלס גבאי פון שוהל איז ניט! קיין פרנסה האב איך פון דעם ניט. עס קאסט מיר נאך געגוג געלד. מילא, אויב דאס פארלאנגט מען פון מיר איז ביי מיר רעכט צו ווערען אוים גבאי!...

— עס איז ניט קיין פראגע צי מען וויל אייך אלס גבאי. די זאך איז פשוט. אויב איהר זייט פאר'עקשנ'ט און ווילט זיך ניט איבערבעטען מיט איהם, איז דער איינציגער וועג צו קומען צו אן אויסגלייך אז איהר זאלט רעזיגנירען, דאן וועט עס מיט אונז ניט האבען צו טאן... עס וועט הייסען אז איהר האט שוין מעהר ניט צו טאן מיט קהל'שע זאכען און דאן וועט ער עס אננעהמען פאר א פריוואטע באליידיגונג און ער וועט דאווענען ווייטער אין שטאדט שוהל.

— נו, גוט, איך בין ניט אזוי פארקאכט צו זיין א גבאי. איך בין אייך מוחל דעם כבוד. אויב צוליב דעם וועט זיין שלום וועל איך ווערען אוים גבאי.

— איך פרעג אייך ר' שמעון, איהר זאלט מיר ענטשולדיגען — פאר וואס זאלט איהר זיין אזוי פאר'עקשנ'ט. אזוי פיעל יאהרען געוועזען גבאי ראשון און אזוי גבאי פון שוהל און צוליעב א קלייניגקייט וועט איהר זיך צוריקציהען פון גבאות... פארוואס זאל עס זיין פאר אייך אזוי שווער צו געהן צו איהם זיך איבערבעטען? גלויבט מיר, אז איך וואלט זעהר ניט געוואלט איהר זאלט ווערען אוים גבאי. עס וועט אויסקומען אזוי מאדנע... אהן אייך...

— ווען איך וואלט געוועזען זיכער אז מען וועט באדויערען דאס וואס איך בין ניט מעהר גבאי, וואלט איך אפשר זיך בארעכענט.

— וואס רעדט איהר, ר' שמעון? איהר וועט אונז פעהלען! א קלייניגקייט אזוי פיעל יאהרען געוועזען צוזאמען. שטעלט זיך פאר, ר' שמעון דער גבאי... און פלוצלונג אוים גבאי... און אלץ צוליב וואס? צוליב א גאר נישט! פאלגט מיר, ר' שמעון לאמיר ווייטער ארבייטען צוזאמען לטובת הכלל... געהט אריבער צו איהם און בעט זיך איבער און זאל זיין שלום.

— ר' שמעון האט געשוויגען א ווייל'ע און דאן האט ער זיך אנגערופען:

— איהר מיינט געוויס אז איך האב עפעס צו איהם. גלויבט מיר אז איך וואלט זעהר ניט געוואלט ער זאל אונז פארלאזען... וויפיעל פארגעניגען איך האב געהאט פון זיין דאווענען.

— נו, אויב אזוי דארפט איהר דאך געוויס ניט דערלאזען ער זאל פון אונז אוועקגעהן... יע, ר' שמעון מיר דארפען ווי ווייט מעגליך אויסמיידען מחלוקת. וועט איהר געהן?

ר׳ שמעון האָט געפינגערט זיין באָרד געשאָקעלט די קאָפּ.

— נו, אז איהר זאָגט צוליעב שלום זאָל מיינס אריבערגעהן...

— אָ, איהר וועט געהן?

— איך וויים. איך וועל זיך אריבערכאַפּען מאָרגען.

— פארוואָס ניט היינט? מאָרגען איז פרייטאג. ר׳ שלמה׳לע וועט קיין צייט ניט האָבען און איך אויך ניט און איהר ווייסט דאָך אז מיר וועלען מוזען זיין דערביי... אויסער דעם איז א געפאהר צו וואַרטען נאָך א טאָג. ווער ווייסט אויב ביז מאָרגען וועט שוין ניט זיין צו שפּעט.

— וואָס מיינט איהר?

— המ... איך מיין אז געוויס געפינען זיך דאָ די פרעמדע אידען וועלכע זוכען איהם אוועקצונעהמען פון אונז. און ווער ווייסט וואָס אין איין טאָג קאָן אויפגעטאָן ווערען. פאָלגט מיר, לאָמיר טאקע באלד אריבערגעהן צו איהם.

— גוט, איך געה מיט אייך! — האָט ר׳ שמעון געזאָגט און דאביי א זיפץ געטאָן.

— לאָמיר זיך אריינכאַפּען צו ר׳ שלמה׳לען און מיט איהם וועלען מיר אריבערגעהן צו ר׳ מרדכי׳ן אין הויז.

שווייגענדיג איז ר׳ שמעון ארויס פון זיין הויז מיט דעם גבאי ראשון. א שווערעניש האָט געדריקט זיין הארץ. זיי זיינען אריינגעקומען צו ר׳ שלמה׳לען וועלכער איז געזעסען איבער א ספר.

— מיר געהען צו ר׳ מרדכי׳ן אין הויז — האָט דער גבאי ראשון מיט א לייכטען שמייכעל פון נצחון זיך אָנגערופען.

— זעהר גוט, זעהר גוט — האָט זיך ר׳ שלמה׳לע א שטעל געטאָן און צוגעגאנגען צום אלמער און ארויסגענומען זיין מאַנטעל. איך זאָג אייך ר׳ שמעון אז איהר פאַרדינט די גרעסטע מצוה. א קליינינקייט שלום...

זיי זיינען מיט שנעלע טריט געגאנגען צו ר׳ מרדכי סטראשונ׳ס הויף. ר׳ שמעון האָט געפיהלט אז זיינע קני בויגען זיך... ער וועט זיך דארפען אזוי ערנידעריגען. אויפ׳ן זינען איז איהם געקומען די געשיכטע פון המן און מרדכי ווען המן האָט געדארפט זיך ערנידעריגען פאַר מרדכי׳ן. אָ, וואָס פאַר א נאַרישקייטען. פארוואָס זאָל ער טראַכטען פון דעם. מיר זיינען דאָך אַלע אידען. שלום איז זעהר א גוטע זאַך... ער באַדאַרף זיי וויזען אז צוליב שלום איז ער גרייט זיך צו ערנידעריגען.

מיט א קלאַפּענדע הארץ איז ער מיט זיי ארויף אויף די טרעפּ... ר׳ שלמה האָט אָנגעקלאַפּט אין טיהר און זיי זיינען אַלע דריי אריין אין סטאַלאָווע.

—ר׳ מרדכי איז געזעסען מיט ריינקען ביים טיש. זיי האָבען נאָר־וואָס געהאט געענדיגט דעם מיטאָג. ווען ר׳ מרדכי האָט דערזעהן ר׳ שמעונ׳ען צוזאַמען מיט ר׳ שלמה׳לען און דעם גבאי ראשון, האָט ער זיך אויפגעשטעלט

פון זיין פּלאַץ און זיך אַנגערופען צו אַלעמען ניט קוקענדיג אויף ר׳ שמעון׳ען:

— זעצט זיך!

זיי האָבען זיך געזעצט און ר׳ שלמה׳לע האָט א פרעג געטאָן:

— וואו איז יואל דוד.

— ער איז אין זיין צימער.

— אַט וועל איך איהם ארויסרופען — האָט ריינקע א זאָג געטאָן — און איז ארויסגעגאנגען פון סטאַלאָווע.

איז א ווײַלע ארום איז ארויסגעקומען יואל דוד. זיין פּנים איז געווען בלאַס און האָט אויסגעדריקט ערנסטקייט. נאָך איהם איז נאָכגעגאַנגען חנה׳לע און איהר מוטער.

יואל דוד איז געבליבען שטעהן אין מיטען צימער. ר׳ שמעון האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ... אַן אַנגעצויגענע שטילקייט האָט א ווײַלע געהערשט אין צימער.

מיט לאַנגזאַמע טריט איז ר׳ שמעון צוגעגאַנגען אין דער ריכטונג וואו יואל דוד איז געשטאַנען. זיין קאָפּ איז געווען עטוואָס געבויגען, זיינע אויגען געווענדעט צום באָדען...

— איך בעט דיך... יואל דוד... זיי מיר מוחל — האָט ר׳ שמעון געזאָגט מיט א ציטערענדע שטימע דערלאַנגענדיג איהם זיין האַנט — איך האָב עס ניט געמיינט... איך האָב חרטה אויף אַלעם וואָס איך האָב געזאָגט וועגען דיר און וועגען דיין שווער.

יואל דוד האָט שוויינענדיג אַנגענומען זיין האַנט.

באלד האָט זיך דערהערט א כליפּען. חנה׳לע האָט זיך ניט געקענט באהערשען און זיך צעכליפּעט. ריינקע האָט אויך געווישט איהרע טרערען.

ר׳ שמעון׳ס אויגען זיינען אויך פייכט געוואָרען.

— איך בין בין אייך מוחל, האָט יואל דוד א זאָג געטאָן האַלטענדיג זיין האַנט.

— און איהר אויך, ר׳ מרדכי, זייט מיר מוחל — האָט ער זיך געווענדעט צו איהם און איהם דערלאַנגט זיין האַנט... איך בעט אייך, לאָמיר פאַרגעסען אַלעם וואָס איז געווען... פון היינט אָן און ווייטער וועלען מיר זיין גוטע פריינד פּונקט ווי מיר זיינען אַמאָל געווען, מיט יאָהרען צוריק.

ר׳ מרדכי איז אזוי גערירט געוואָרען פון ר׳ שמעון׳ס רייד, אז די טרערען האָבען א שפּאַר געטאָן פון זיינע אויגען.

— אָ, ר׳ שמעון, ר׳ שמעון, זאָלט איהר געזונט זיין... מיר וועלען שטענדיג זיין פריינד האָט ער אויסגערופען און מען האָט געקענט הערען אז די טרערען שטיקען איהם אין האַלז.

עס איז געווען א ריהרענדע סצענע, ווייל אחוץ דעם וואָס די צוויי פרויען, חנה׳לע און ריינקע האָבען זיך צעוויינט הויך אויפ׳ן קול, האָבען די פינף מענער, יואל דוד, ר׳ מרדכי, ר׳ שמעון, ר׳ שלמה׳לע און דער גבאי

ראשון אויך ארויסגענומען זייערע נאָזטיכלעך און גענומען ווישען די אויגען און שנייצען די נעז.

— נו, לאָמיר זיך אלע זעצען ביים טיש און מאכען לחיים! — האָט ר׳ מרדכי אויסגערופען און זיך געווענדעט צו זיין פרוי:

— נו, זאָל זיין געננוג. פון יעצט אָן וועט הערשען נאָר שלום ביי אידען. געה ברייננ אריין אביסעל שנאַפּס און צובייסען.

— אָט געה איך! — האָט ריינקע נאָך אלץ געכליפּעט — קום חנה׳לע דו וועסט מיר העלפען!

חנה׳לע און איהר מוטער זיינען ארויס און אין א ווײלע ארום האָבען זיי זיך צוריקגעקערט מיט טאַצען לעקאך און איינגעמאכטס מיט פלעשלעך וויין און בראנפען און קעלישיקלאך.

ר׳ מרדכי האָט אָנגעפילט די קעלישיקלעך מיט בראנפען. ר׳ שלמה׳לע האָט גענומען א שטיקעל לעקאך, געמאכט א ברכה בורא מיני מזונות. דאַן האָט ער אויפגעהויבען א גלעזעלע בראנפען געמאכט ״שהכול״ און א זופּ געטאָן און נאכהער אויסגערופען:

— לחיים אידען, לאָמיר טרינקען אויף שמחות און זאָל הערשען שלום צווישען אידען און אויף דער וועלט. אם ירצה השם ביי אייער לאה׳לען אויף חתונה און דאַן ביי דיר, יואל דוד, אויף א ברית...

— און ביי אייער ביילקען אויף חתונה האָט ר׳ מרדכי אויפגעהויבען זיין גלעזעל בראנפען.

— איך דאנק אייך, ר׳ מרדכי, איהר וועט זיין ביי אונז דער חשוב׳סטער גאסט.

— און אם ירצה השם ביי מיין לאה׳לען, וויל איך אז אייער פרוי און קינדער זאָלען קומען צו איהר חתונה. איהר זייט דער ערשטער געבעטען צו ווערען.

— זאָל נאָר גאָט געבען זיי זאָלען זיין גליקליך! — האָט ר׳ שמעון געדריקט ר׳ מרדכי׳ס האנט — און ווידער האָבען זיך טרעהרען אין זיינע אויגען באוויזען. איך זאָג אייך ר׳ מרדכי אז היינט בין איך דער גליקליכסטער מענש... איך פיהל זיך ווי ניי־געבוירען... איך וויים טאקע ניט וואָס עס איז געשעהן מיט מיר. אָבער פון היינט אָן און ווייטער. נו, וואָס זאָל איך זאָגען. קיין זאך וועט מעהר ניט שטעהן אין אונזער וועג פון פריינדשאפט. איך בעט אייך, ר׳ מרדכי איהר זאָלט מיך ניט ענטזאגען און איהר זאָלט מיר אָנטאָן דעם כבוד און קומען צו מיר היינטיגען שבת נאָכ׳ן דאוונען אויף קידוש. און וואָס פאר א כבוד עס וואָלט געווען פאר מיר ווען אויך אונזער באליבטער שטאָדט חזן וואָלט מיט אייך געקומען.

— מיר וועלען קומען! מיר וועלען קומען ר׳ שמעון! — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט — יע, אויך יואל דוד וועט קומען מיט מיר.

— און פאר וואָס טאקע ניט אייער־פרוי און יואל דוד׳ס פרוי? —

האָט ר׳ שמעון מיט אַ בעטענדע שטימע געזאָגט — זאָל אויך הערשען שלום צווישען אונזערע פרויען.

— גוט, גוט, מיר וועלען אויך קומען! — האָט רייזקע צוגעשאָקעלט מיט איהר קאָפּ — מיר וועלען אַלע אַרויפקומען צו אייך אויף קידוש.

— אַ דאַנק און אַ לויב די השם יתברך! — האָט ר׳ שלמה׳לע אויפגעהויבען זיינע הענט, וואָס פאַר אַ טייער פאָלק דו האָסט! טאַקע אמת׳ע ברידער. מען צעקריגט זיך, מען צעאַמפּערט זיך אַמאָל און דאַן ווערט מען ווידער פריינד... גאָט זאָל געבען אַז צוליב דעם זכות פון שלום זאָלען מיר שוין אַלע זוכה זיין צו הערען דעם שופר של משיח!

— אמן! האָט דער גבאי ראשון פאַרענדיגט.

— אפשר וועט איהר טרינקען אויך טהע! — האָט רייזקע זיך געווענדעט צו די געסט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע — זאָג דער דינסט אַז זי זאָל שטעלען דעם סאַמאָוואַר.

— אויב אַזוי נעהמט שוין אַרונטער אייערע מאַנטלען און לאָמיר זיך מאַכען באַקוועהם! — האָט ר׳ מרדכי אַ זאָג געטאָן.

זיי האָבען אויסגעטאָן זייערע מאַנטלען און חנה׳לע האָט זיי אַריינגעטראָגען אין צווייטען צימער. ר׳ שלמה׳לע האָט אַרויסגענומען אַ יאַרמולקע פון בוזים קעשענע און אַרונטערגענומען זיין הוט און אָנגעטאָן די יאַרמולקע.

זיי האָבען זיך צוגערוקט נעהנטער צום טיש און זיי האָבען פאַרבראַכט אין פאַרשידענע געשפּרעכען. כאָטש יואל דוד האָט אויך געמאַכט "ברכה" איז ער פונדעסטוועגען געזעסען ביים טיש און געשוויגען. זיינע געדאַנקען זיינען איצט געווען מיט מאַניושקאַ׳ן מיט דער אָפּערא אין וואַרשע. ער האָט זיך געטראַכט ווי שווער עס וועט זיין פאַר איהם זיך צו שיידען מיט אָט די אַלע מענשען. זיי זיינען אַלע אַזוי גוט. עס וואָלט פאַר איהם געווען אַ סך גרינגער עס צו טאָן, ווען מען צוקריגט זיך מיט איהם און ער געהט פון זיי אוועק אַ ברוגז׳ער.

זיי האָבען געטרונקען טהעע מיט וואַרעניע און דער גבאי ראשון האָט אויסגערופען

— נו, מיר וועלען טאַקע היינט אין אָוונד פאַרענדיגען וואָס מיר האָבען נעכטען אָנגעפאַנגען. מיר וועלען קומען און שרייבען דעם קאָנטראַקט אויף פינף יאָהר.

— ניין, ניט פאַר פינף יאָהר — האָט יואל דוד געזאָגט — פאַר איין יאָהר וועט זיין גענוג... צו וואָס זיין צוגעבונדען. אויב מיר וועלען זיין צופרידען איינע פון די אַנדערע וועלען מיר דעם קאָנטראַקט באַנייען.

— וואָס אַרט עס דיר אַז פאַר פינף יאָהר! — האָט זיך ר׳ מרדכי אָנגערופען.

— שווער, איך בעט אייך. איך האָב געזאָגט איין יאָהר, מיר וועלען נאָכ׳ן יאָהר זעהען.

— אז יואל דוד פארלאנגט איין יאהר טא זאל עס זיין אויף איין יאהר — האט ר׳ שמעון געזאגט — לוינט זיך דען אז צוליב אזא קליינינקייט זאל מען קומען ווייטער צו אן איבעררייד.

— נו, זאל זיין אזוי! — האט ר׳ מרדכי א צוק געטאן מיט זיינע פלייצעס. איך זעה אבער ניט איין פארוואס ניט!

— זאל שוין זיין געגוג! — האט ריינקע זיך אריינגעמישט — יואל דוד ווייסט וואס ער וויל.

— ווילען מיר צוקומען צו אייך מיט׳ן קאנטראקט אדער אפשר ועט איהר צוקומען אין קהל שטיבעל? — האט זיך דער גבאי ראשון געווענדעט צו יואל דוד׳ן און צו מדכי׳ן.

— איהר קאנט אלע צוקומען אהער! — האט ר׳ מרדכי געזאגט דאס וועט אונז אלעמען דערמאנען אין יענעם אווענד ווען יואל דוד האט צום ערשטען מאל געקראגען זיין כתב חזנות פאר אייך, ר׳ שמעון.

— מיין עצה איז אז איהר זאלט בעסער צוקומען אין קהל שטיבעל. מיר ווילען שיקען נאך די אנדערע גבאים און בעלי בתים. זאלען זיי וויסען אז עס הערשט שלום ושלוה צווישען אונז.

— וואס זאגסטו, יואל דוד? — פרעגט איהם ר׳ מרדכי.

— גוט, מיר׳ן צוקומען אין קהל שטיבעל. — האט יואל דוד א מור־מעל געטאן. — אבער איך זאג אייך אפריהער אז דער קאנטראקט זאל גע־שריבען ווערען בלויז אויף איין יאהר. אנדערש וועל איך זיך ניט אונטער־שרייבען.

— מיר ווילען דיר נאכגעבען אויך אין דעם, יואל דוד! — האט ר׳ שלמה׳לע געזאגט. — אויב דו ווילסט דוקא אזוי מן הסתם האסטו א גע־ניגענדע אורזאכע.

— פונדעסטוועגען פיהל איך — האט דער גבאי ראשון א זאג געטאן אז דער עולם וועט אויף אונז זיין אנגעשטויסען פארוואס מיר ווילען שריי־בען א קאנטראקט בלויז אויף איין יאהר. מען וועט נאך באשולדיגען אין דעם די גבאים און די בעלי בתים. איבערהויפט איצט, נאכדעם ווי מען האט ארויסגעלאזט א קלאנג אין שטאדט וועגען סכסוד... לכל הפחות זאל מען זיך אפשרייבען פאר צוויי יאהר. הא, וואס זאגסטו יואל דוד?

יואל דוד האט א שאקעל געטאן מיט דעם קאפ אויף ניין.

— נו, ניין, איז ניין. צווינגען קאנען מיר דיר ניט! מיר ווילען אבער דארפען ערקלערען דעם עולם אז מיר, פון אונזער זייט, האבען דיר געוואלט געבען א קאנטראקט אויף פינף יאהר.

— און אויפ׳ן גאנצען לעבען וואלטען מיר איהם דען ניט געגעבען א קאנטראקט אויב ער וואלט עס פארלאנגט? — האט ר׳ שמעון געזאגט.

— אויב אזוי ווילען מיר טאקעווארפען די שולד אויף דיר, יואל דוד, — האט דער גבאי ראשון מיט א שמייכעל געזאגט. — מיר ווילען ערקלע־רען אז מיר האבען געוואלט דיך צובינדען צו אונז אמווייניגסטען פאר פינף יאהר, אבער דו האסט זיך ניט געלאזען בינדען.

— איהר מעגטווארפען די שולד אויף מיר. — האט יואל דוד אליין געשמייכעלט. — איך אליין וועל צוגעבען אז מעהר ווי אויף איין יאהר האב איך ניט געוואלט קיין קאנטראקט.

— דאן וועט דער עולם דיר חושד זיין אז דו האסט אין זינען אונז צו פארלאזען אין א יאהר ארום. — האט ר' שלמה'לע געזאגט.

— נו, וועט מען מיר חושד זיין, — האט יואל דוד געזאגט. — קיין פארברעכען וועט עס אבער ניט זיין.

---

אין אווענד איז יואל דוד אוועק מיט זיין שווער אין קהל שטיבעל, דארט האבען שוין אלע אויף זיי געווארט און אז זיי האבען זיך באוויזען האט מען זיי געגעבען א ווארימען "ברוך הבא".

די גבאים און בעלי בתים האבען ווארעם געדריקט יואל דוד'ס האנט. דער סופר איז געזעסען ביי א באזונדערען טישעל מיט א געגזענער פעדער אין זיין האנט גרייט צו פארשרייבען אלעס וואס מען וועט איהם הייסען.

יואל דוד'ן האט מען אפגעגעבען דעם אויבען אן. ער האט געפיהלט אז ערשט איצט איז ער ביי אלעמען טייערער געווארען.

יעדער איינער האט אויסגעדריקט זיין צופרידענהייט פון דעם שלום וואס הערשט איצט און מען האט גענומען ריידען וועגען קאנטראקט.

דער סופר האט גענומען לייענען דעם קאנטראקט אין העברעאיש און ווען עס איז געקומען צו דעם צאהל יאהרען, האט ער זיך אפגעשטעלט.

— שרייבט צו אויף איין יאהר! — האט יואל דוד א זאג געטאן.

— פארוואס עפעס אויף איין יאהר? — האבען אייניגע געפרעגט.

— אזוי איז עס באשלאסען געווארען. — ענטפערט ר' שמעון.

— אבער פארוואס? מיר זיינען גרייט איהם צו געבען א קאנטראקט אויף זיין גאנצען לעבען. — רופט זיך אן איין בעל הבית.

— מיר זיינען גרייט, דאס גיב איך צו. — האט דער גבאי ראשון געענטפערט. — אבער מיר האבען שוין פארהאנדעלט מיט איהם. מיר האבען פארלאנגט אז ער זאל אננעהמען א קאנטראקט אויף פינף יאהר אבער ער וויל בלויז אויף איין יאהר און ער איז איינגעשפארט וועגען דעם. טא וואס קאנען מיר טאן. מיר האבען די זאך גוט אויסגעדראשען און איך גלויב אז מיר וועלען בלויז פארלירען צייט מיט דעם באנייעם דעם געשפרעך וועגען דעם.

— אבער וואס איז די סיבה, איז ער דען ניט צופרידען? — האט א גבאי אויסגערופען. — אויב די באדינגונגען זיינען ניט צופרידענשטעלענד צו איהם זיינען מיר גרייט איהם צו געבען בעסערע באדינגונגען. זאל ער נאר זאגען וואס ער פארלאנגט.

— די באדינגונגען זיינען צופרידענשטעלענד. — האט יואל דוד זיך אנגערופען. — אלעס וואס איך פארלאנג איז בלויז איין יאהר קאנטראקט. אנדערש וויל איך ניט.

— נו, איצט הערט איהר שוין. זאָל זיין אזוי. — האָט דער גבאי ראשון אויסגערופען. — איבעראיאָהר, אם ירצה השם, וועלען מיר זיך ווידער צוזאמענקומען און מיר וועלען דאן ווידער פארהאנדלען. גוט, סופר, שרייבט אריין שנה אחת (איין יאָהר).

דער סופר האָט איינגעטונקט די גענזענע פעדער און ער האָט צוגע־שריבען אויף דעם פארמעטענעם קאָנטראקט, און איהם ווידער פאר־געלייענט.

פלוצלונג האָט זיך געעפענט די טיר, אין קהל שטיבל איז אריינגעקו־מען שייקע פייפער. ער איז צוגעקומען נעהענטער צום טיש.

— וואָס פארלאנגסטו? — האָט דער גבאי ראשון איהם א פרעג געטאָן.

— איך האָב געהערט אז איהר שרייבט איצט א קאָנטראקט מיט'ן שטאָדט חזן וויל איך אז איהר זאָלט אויך אריינשרייבען אז דער באַס, דער טענאָר און באריטאָן פון דעם שטאָט חזן'ס כאָר, זאָלען קריגען א העכערונג.

— ער איז גערעכט! — האָט יואל דוד אויסגערופען. — דאָס איז דאָך געווען איינע פון מיינע באדינגונגען. איך פארלאנג אז מען זאָל יעדען איינעם פון די דריי העכערען צו האלבע רובעל א וואָך.

— וואָס הייסט! — האָט דער גבאי ראשון אויסגערופען און גע־ווענדעט זיינע בליקען צו ר' מרדכי'ן.

ר' מרדכי האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאַץ און זיך געווענדעט צו שייקע פייפער'ן:

— קום א ווייל ארויס מיט מיר אין קאָרידאָר איך וויל מיט דיר ריידען.

— ניין, איך ריהר זיך ניט פון אָרט! — האָט שייקע פייפער א זאָג געטאָן. — איך ווייס איהר ווילט מיך ארויסשיקען פון דאַנען.

— אָבער שייקע דו ווייסט דאָך אז... — האָט ר' מרדכי ניט פארענדיגט.

— איך ווייס גאָר ניט! — האָט שייקע געענטפערט. — אלעס וואָס איך ווייס אז די שכירות וואָס איך באקום קלעקען מיר קוים אויף צו לעבען.

— וואָס זאָגט איהר צו איהם! — האָט זיך א גבאי אָנגערופען — ערשט נעכטען האָט איהר דאָך אונז ר' מרדכי פארזיכערט אז וואָס אנבא־לאנגט שייקע פייפער'ן האָבען מיר מעהר ניט וואָס צו זאָרגען... טאָ ווי קומט עס...

— דאָס איז געווים איינע פון שייקע פייפער'ס שפיצלעך. — האָט ר' מרדכי א זאָג געטאָן. — ער מיינט דאָך אז אלעס וואָס ער טוט איז א חכמה.

— איך מיין שוין גאָר קיין חכמות ניט! — האָט שייקע געזאָגט.

— וואָס הייסט? דו האָסט שוין פארגעסען? דו האָסט דאָך עפעס געגעבען א שבועה?

— ווענען וואָס האנדעלט זיך דאָ, וואָס פאר א שבועה? — האָט יואל דוד זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאַץ.

— איהר ווילט וויסען, אָט וועל איך אייך אלעס דערצעהלען. — האָט שייקע פייפער א זאָג געטאָן.

— דו שוויג, דו שגץ איינער, — האָט ר' מרדכי מיט כעס אויסגעשרופען. — אויב שוין יע דערצעהלען וועל איך דערצעהלען אלעס... זעץ זיך יואל דוד און הער זיך איין.

יואל דוד האָט זיך צוריקגעזעצט און ר' מרדכי האָט זיך אָנגערופען:

— דו געדענקסט דאָך אז איך האָב מיט דיר גערעדט ווי אומצופריעדען די בעלי בתים זיינען מיט שייקע פייפער'ן צוליב זיין ליצנות און חוצפה און מען איז געקומען צום באשלוס אז מען זאָל אוועקשיקען שייקע'ן פון כאַר. נו, ביזטו געווען דאָגעגען און אז איך האָב איינגעזעהן אז דאָס קאָן פיהרען צו א סכסוך צווישען דיר און די גבאים, האָב איך באשלאָסען צו שליכטען דעם גאנצען ענין אויף א פרידליכען אופן. איך האָב געשיקט רופען שייקע פייפער'ן און איהם געפרעגט וויפיעל ער פארלאַנגט ער זאָל אליין מיט'ן גוטען ווילען פארלאָזען ווילנע. נו, מיר זיינען דורכגעקומען אויף פינף און צוואנציג רובעל און א מאנטעל און א גארניטור, וואָס איך האָב באשטעלט פאר איהם ביי ר' שמואל דעם שניידער. און ער, שייקע פייפער האָט מיר געגעבען א שבועה אז ביי דעם ערשטען טאָג חנוכה וועט ער פארלאָזען ווילנע און איצט קומט ער און מאכט ווידער אַן אזא טומעל.

— דו האָסט געשוואָרען און דו ווילסט ברעכען דיין שבועה? — האָט איהם ר' שלמה'לע געפרעגט.

— חס וחלילה! ענטפערט שייקע.

— אויב אזוי צוליב וואָס ביזטו איצט געקומען פארלאַנגען א הוספה אז דו האָסט דאָ נאָך צו פארבלייבען איניגע וואָכען.

איניגע וואָכען? ווער זאָגט אייך אז איך האָב בדעה צו פארבלייבען אין ווילנע בלויז איניגע וואָכען?

— ווייל צו חנוכה האָבען מיר בלויז איניגע וואָכען! — האָט ר' שלמה'לע געזאָגט. — און דו האָסט געשוואָרען אז דו וועסט פארלאָזען ווילנע דעם ערשטען טאָג חנוכה... ווילסטו אפשר לייקענען אז דו האָסט געשוואָרען?

— איך לייקען ניט, רבי, איך האָב איהם געגעבען א שבועה אז איך וועל פארלאָזען ווילנע דעם ערשטען טאָג חנוכה, אויב ר' מרדכי וועט נאָכקומען אלע באדינגונגען וואָס מיר האָבען צווישען זיך אָפּגעמאכט.

— האָב איך דען ניט נאָכגעקומען אלע באדינגונגען! — האָט ר' מרדכי אויסגערופען. — דו ווייסט אליין אַז דו האָסט מיט מיר אָפּגעמאכט איך זאָל דיר געבען פינף און צוואנציג רובעל מיט א מלבוש, האָסטו באלד אויף אַן אָרט פארלאַנגט אויך א מאנטעל און איך האָב דיר דאָס אויך נאָכגעגעבען. איך האָב דיר געלאָזען אויסקלייבען די בעסטע געוואנט און האָב געשיקט רופען דעם שניידער ר' שמואל'ן און באשטעלט ער זאָל פאר דיר נעהען.

— עס איז אמת, איך בין נאָר וואָס געווען ביים שניידער און אָנגעמאָסטען די מלבושים. זיי וועלען זיין פארטיג גאָר אין גיכען. — האָט שייקע פייפער אויסגערופען.

— טא ווי אזוי וואגסטו צו זאגען אז איך האב ניט נאכגעקומען די באדינגונגען. —

— איך זאג עס ניט! — האט שייקע פייפער אויסגערופען. — פאר־קעהרט, איהר האט נאכגעגעבען אלע מיינע באדינגונגען און איך האב דא־ריבער איין זינען צו האלטען מיין שבועה.

— טא צוליב וואס ביזטו געקומען אהער? — האט איהם דער גבאי ראשון געפרעגט.

— וואס הייסט צוליב וואס? האב איך אייך דען ניט געזאגט אז איך וויל א הוספה אויף דעם קומענדען יאהר?

— וואס פלוידערסטו? דו געהסט דאך אוועק פון אונז דעם ערשטען טאג חנוכה ווי דו האסט געשווארען.

— איך האב ניט געזאגט וועלכען ערשטען טאג חנוכה. איך האב גע־שווארען אז דעם ערשטען טאג חנוכה פארלאז איך ווילנע. נו, איך בין נאך א יונגערמאן און איך האף נאך צו לעבען פיעלע ערשטע טעג חנוכה. נו, וועל איך אם ירצה השם אמאל אין דעם ערשטען טאג חנוכה פארלאזען ווילנע.

— דו שווינדלער! דו זשוליק! — האט ר' מרדכי זיך א שטעל געטאן און זיך געוואלטווארפען אויף איהם. — האט איהר געהערט אזא שווינד־לער. גיב מיר צוריק דאס געלט.

— צוריק דאס געלט? א ניין! אז אפמאך איז אז אפמאך!

— איהר הערט אידען! — האט ר' מרדכי אויסגערופען. — ער האט ביי מיר ארויסגעשווינדעלט אזוי פיל געלט, און איצט לאכט ער זיך אויס פון זיין שבועה. מען דארף איהם ארויסיאגען פון ווילנע! אזא גראביאן, אזא פושע ישראל. האט איהר געהערט. גיט מיר א שבועה און איצט וויל ער פאררייידען די צייהן.

— ר' מרדכי. — האט זיך ר' שלמה'לע צו איהם אנגערופען. — ווען ער האט געשווארען אז ער וועט פארלאזען ווילנע דעם ערשטען טאג חנוכה, האט ער געזאגט היינטיגען חנוכה?

— וואס הייסט. עס איז דאך געווען פארשטענדליך אז עס איז היינ־טיגען חנוכה, וואס דען?

— אבער ווי אזוי האט ער געשווארען? האט ער דערמאנט דעם קומענדען חנוכה אדער סתם אזוי.

— דער שווארץ יאהר ווייסט איהם דעם לץ, דעם באנדיט! — האט ר' מרדכי אויסגערופען. — מיר איז גאר ניט איינגעפאלען אז ער האט אין זינען מיר צו באשווינדלען. עס פארשטעהט זיך, אז ווען ער מאכט אפ מיט עטליכע וואכען פאר חנוכה צו פארלאזען ווילנע דעם ערשטען טאג חנוכה מיינט עס היינטיגען יאהר.

— איך האב אבער געמיינט אין א פאר צענדליג יאהר ארום און אויף דעם האב איך געגעבען די שבועה. אויב ער וויל איך זאל פארלאזען ווילנע

דוקא דעם ערשטען טאג חנוכה, נו, האב איך מסכים געווען, אבער פון וועלכען יאהר חנוכה האבען מיר ניט גערעדט. איהר פארשטעהט?

— עס איז אבער זעהר ניט פיין פון דיר, שייקע, דו האסט גאנץ גוט גע־וואוסט אז ער מיינט היינטיגען חנוכה. עס איז בלויז א דריידעל פון דיר. אמת, ביי דיין שבועה קאן מען דיר ניט האלטען. אבער עס איז א גרויסע עוולה פון דיר און דו וואלסט באדארפט אומקעהרען דאס געלט.

— פארוואס זאל איך אומקעהרען דאס געלט? —האט שייקע פייפער געזאגט — אז אפמאך איז אן אפמאך! איך האף אם ירצה השם אמאל דורכצופירען אונזער אפמאך... אבער אזוי לאנג ווי איך בין אין ווילנע און איך זינג אין כאר, פארלאנג איך אז מען זאל מיר געבען אן הוספה.

— האט איהר נאך געהערט אזא חוצפה'ניק! — האט ר' מרדכי מיט צארן אויסגערופען — א קופערנער שטערען. ער שעהמט זיך גארניט צו קומען אהער און פארלאנגען א הוספה נאכדעם ווי ער האט פון מיר ארויס־געשווינדעלט אזוי פיעל געלט! נו, וואס זאגסטו, יואל דוד? פאסט דען צו האלטען אין דיין כאר אזא מומר להכעים?

— איך פארשטעה ניט ווי אזוי איהר האט מיט איהם פארהאנדעלט אהן מיין וויסען?... — האט יואל דוד א צוק געטאן מיט זיינע פלייצעס.

— איך האב דאך דיר ערקלעהרט, אז איך האב געוואלט פארמיידען א סכסוך צווישען דיר און די גבאים צוליב שייקע'ן. אבער וואס עס איז געווען די אורזאך, האט ער א רעכט מיך צו באשווינדלען?... וואס מיינט ער, מען וועט איהם שענקען? איצט וועט מען איהם געוויס ארויסווארפען פון כאר... א שווינדלער און א גנב דערצו טאר מען אין כאר פון שטאדט שוהל ניט האלטען!

— געוויס! מען וועט איהם ניט דולדען! — האט אויסגערופען דער גבאי ראשון — ער טאר ניט שטעהען נעבען עמוד! ער האט געבראכען זיין שבועה.

— וואס זאגט איהר, ר' שלמה'לע? — האט זיך אנגערופען א גבאי.

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת! — האט ר' שלמה'לע געזאגט — פסל'ען איהם האבען מיר קיין רעכט ניט אזוי לאנג ווי ער האט ווירקליך ניט אנגעגעבען אין זיין שבועה, אז ער וועט פארלאזען ווילנע דעם קומענדען ערשטען טאג חנוכה. אבער אן עולה געגען ר' מרדכי'ן איז ער באגאנגען. און כאטש מיר קאנען איהם ניט צווינגען צוריק אפצוגעבען דאס געלט צו ר' מרדכי'ן וואלט ער דאס באדארפט טאן.

—פון וואנען זאל איך נעהמען, רבי? — האט שייקע פייפער זיך אנ־גערופען — איך האב שוין קיין גראשען ניט!

—וואס הייסט דו האסט קיין גראשען ניט! אין משך פון עטליכע טעג האסטו שוין באוויזען צו פארטאכלעווען פינף און צוואנציג רובעל? — פרעגט איהם ר' שלמה'לע.

— ניין, איך האב דאס געלט ניט פארטאכלעוועט. איך בין געווען א גרויסער בעל חוב, האב איך אלעמען אפגעצאהלט... און מיר איז קיין איינ־

ציגע פּרוטה ניט פאַרבליבען, אויסער דעם נייעם מאַנטעל און דעם גאַרניטור וואָס ר' שמואל דער שניידער וועט אין גיכען אויפנעהען פאַר מיר.

— דו וועסט שוין האָבען א מאַנטעל און א גאַרניטור! — האָט ר' מרדכי א זאָג געטאָן — דו שווינדלער! איך וועל זאָגען דעם שניידער אז ער זאָל מיר צוריקגעבען די סחורה!

— וואָס איהר, ר' מרדכי, אזא רייכער איד, ווילט מיך באַרויבען פון מיינע מלבושים! שעהמען מעגט איהר זיך! איך וועל אייך רופען צו א דין תורה. איהר האָט דעם שניידער געהייסען אויפנעהען פאַר מיר די מלבושים און זיי באַלאַנגען צו מיר. איך וועל ניט דערלאָזען איהר זאָלט זיי פון מיר אוועקנעהמען!

— יואל דוד, איך פרעג דיך, פאַרוואָס שווייגסטו?! פאַרוואָס זאָגסטו איהם ניט אז ער זאָל מיר אומקערען דאָס געלט און ער זאָל ווערען אנ־שטענדיג, א ניט...

יואל דוד, וועלכער איז געווען אזוי ערשטוינט פון דער געשיכטע אז ער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט די גאַנצע צייט וואָס זיין שווער און שייקע פּיפּער האָבען זיך געקריגט... איהם האָט פאַרדראָסען אויף שייקע'ן פאַרוואָס ער האָט אויסגענאַרט אזוי פיעל געלט פון זיין שווער, פון דער צווייטער זייט איז איהם ניט געפעלען געוואָרען דאָס וואָס זיין שווער האָט איהם געוואָלט אוועקשיקען אָהן זיין ווייסען. ער האָט איהם הייסט עס גע־וואָלט אונטערקויפען ער זאָל אליין אוועקגעהן. ווען ער האָט געהערט זיין שווער'ס פראַגע, האָט זיך יואל דוד אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— איך וועל זיך דורכריידען מיט שייקע'ן אונטער פיער אויגען.

— עפען אויף יענעם צימערל! — האָט דער גבאי א זאָג געטאָן צום שמש — און זאָלען זיי אהין אריינגעהן.

— וואָס איז דאָ זיך מיט איהם וואָס דורכצוריידען! — האָט ר' מרדכי געזאָגט — א גנב איז ער, א שווינדלער איז ער, זיין פּוס טאָר זיך מער אין שוהל ניט געפינען!

— ענטשולדיגט מיר שווער, אָבער איידער מיר מאַכען וואָס פאַר א שריט עס איז, וויל איך האָבען א געלעגענהייט מיט איהם זיך דורכצוריידען.

יואל דוד איז מיט שייקע'ן אריינגעגאַנגען אין דעם קליינעם חדר'ל און צוגעמאַכט די טיר.

— איך קאָן דיר ניט פאַרשטעהן, שייקע, האָט יואל דוד זיך צו איהם געווענדעט — ווי אזוי טוסטו אזא זאַך צו מיין שווער, בפרט ווען דו האָסט געוואוסט אז איך וועל פאַר דיר אויסקעמפען א הוספה.

— בין איך דען געגאַנגען צו אייער שווער? ער האָט נאָך מיר גע־שיקט און ער האָט געמיינט אז ער וועט מיך קאָנען אָפּנאַרען... איך וועל פאַרבלענדעט ווערען פון דעם געלט און איך וועל טאָן אלעס, וואָס ער וועט פון מיר פאַרלאַנגען... איהר פאַרשטעהט, ער האָט געוואָלט איך זאָל פאַר־וואַגעלט ווערען... איך זאָל פאַרלאָזען ווילנע וואו איך האָב זיך שוין

אַביסעל איינגעפּונדעוועט און איך זאָל ווידער ווערן אַ לײדיגגעהער, אַ וואַנדערער.

— וואָלט געווען ניט מעהר ווי רעכט פון דיין זייט, דו זאָלסט איהם זאָגען אַז דו ווערסט ווילנע ניט פאַרלאָזען. ווי קומט עס אַז דו האָסט פון איהם פריהער אַרויסבאַקומען דאָס געלט און צוויי מלבושים און איצט האָסטו איהם בדעה צו באַשווינדלען?

— ער האָט מיך געוואָלט באַשווינדלען, האָב איך איהם באַשווינדעלט.

— איך זעה ניט איין ווי אַזוי דו קאָנסט זאָגען אַז מיין שווער האָט דיך געוואָלט באַשווינדלען. ער האָט דיר דייטליך געזאָגט וואָס ער פאַרלאַנגט פון דיר! דו האָסט געהאַט אַ רעכט ניט אָנצונעהמען זיין אָנבאָט.

— מיר האָט פאַרדראָסען פאַרוואָס ער זאָל גאָר וועלען פּטור ווערען פון מיר. וואָס האָב איך איהם געטאָן? און מיר דוכט זיך, אַז איהר זייט צופרידען פון מיר, האַ, ניט אמת, חזן!

— איך וועל דיר זאָגען, וואָס אַנבעלאַנגט מיר, האָב איך גאָרניט וואָס אויסצוזעצען געגען דיר. דו זעהסט דאָך אַז איינע פון מיינע באַדינגונגען וואָס איך האָב געשטעלט קהל, איז געווען צו קריגען פאַר דיר אַ הוספה. אָבער די בעלי בתים האָבען אַ סך טענות צו דיר. ערשטענס, וואָס דו שאַ־נעוועסט ניט קיינעם, ביי דיר איז רעכט צו באַליידיגען אַ חשוב'ן בעל הבית.

— המ... באַליידיגען, ניין, חזן, איך באַליידיג קיינעם ניט, איך מאַך אַמאָל אַ שפּאַס, דאָס אַלעס.

— שפּאַסען דאַרף מען וויסען מיט וועמען! איך וויל אַז דו זאָלסט וויסען, אַז ביי אַ פריהערדיגער אַסיפה איז ביי די גבאים און חשוב'ע בעלי בתים באַשלאָסען געוואָרען צו פאַרלאַנגען פון מיר איך זאָל דיר אָפּזאָגען פון כאָר. דאָס האָב איך זיך דערוואוסט פון אַ געשפּרעך מיט מיין שווער און ער האָט מיר געגעבען אָנצוהערען אַז די בעלי בתים זיינען גערעכט מיט זייער פאַרלאַנג און אַז איך זאָל זיי נאָכגעבען... און טאַקע אָט דאָס האָט מיך באַוואויגען צו שרייבען דעם בריוו פון מיינע פאָדערונגען, צווישען וועלכע איך האָב אויך פאַרלאַנגט אַ הוספה פאַר דיר, און איך האָב זיי גע־וואָרענט אַז אויב זיי וועלען ניט נאָכגעבען אַלע מיינע פאָדערונגען, וועל איך מעהר זייער שטאָדט חזן ניט זיין... עס פאַרשטעהט זיך אַז ביז וואַנען דו ביזט געקומען, האָט מען נאָך וועגען דיר ניט פאַרהאַנדעלט... אָבער איך האָב אַז דיר ניט פאַרגעסען... איך האָב געהאַט בדעה זיי צו זאָגען וועגען דיר... אָבער איצט, אַז איך האָב אויסגעפונען וואָס דו האָסט געטאָן צו מיין שווער, ווי אַזוי דו האָסט פון איהם אַרויסגעשווינדעלט פינף און צוואַנציג רובעל, וואָס קאָן איך איצט טאָן פאַר דיר? קאָן איך דען פאַרלאַנגען אַ הוספה?

— פאַרוואָס ניט! איהר אַליין האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז איך האָב פאַרדינט אַ הוספה! איי וואָס איך האָב אַ סכסוך מיט ר' מרדכי'ן, האָט עס ניט צו טאָן מיט קהל.

— דו וועסט אָבער פריהער דאַרפען אָפּגעבען צוריק דאָס געלט צו מיין שווער.

— גלויבט מיר אויף מיינע נאמנות, אַז איך האָב קיין פּרוטה ניט... איך האָב צעטיילט דאָס געלט צווישען מיינע בעלי חובות.

— דוכט זיך דו ביזט אַ גאַנץ כיטרער יונג, אָבער דו האָסט זיך באַ־נאַרישט, שייקע. דו האָסט געמאַכט שווער פאַר מיר צו באַשטעהן אַז מיין פאָדערונג וועגען דיר זאָל ערפילט ווערען.

— איך האָב זיך ניט באַנאַרישט, אייער שווער האָט זיך באַנאַרישט!

— האָט שייקע אויסגערופען — זאָל ער וויסען אַז מיט מיר פאַנגט מען זיך ניט אָן.

— אָבער וואָס קאָן איך איצט טאָן פאַר דיר? אויב דו וועסט איהם ניט אומקערען דאָס געלט, וועל איך ניט נאָר ניט קאָנען פאַרלאַנגען פאַר דיר אַ הוספה, נאָר איך וועל אפילו זיין געצוואונגען נאָכצוגעבען זייער פאָדערונג דיך צו ענטזאָגען.

— איהר מאַכט אַ טעות, חזן. זיי וועלען זיין געצוואונגען נאָכצוגעבען אַלע אייערע פאָדערונגען. איהר ווייסט גאַנץ גוט אַז זיי וועלען אייך בשום אופן ניט אָפּלאָזען... און וואָס איהר וועט פאַרלאַנגען וועלען זיי טאָן.

— דו מאַכסט אַ טעות, שייקע. צו אַלעם איז פאַראַן אַ גרעניץ. ווי אַזוי קאָן איך איצט פאַרלאַנגען אַז מען זאָל דיך באַלוינען מיט אַ הוספה נאָכ־דעם ווי דו ביזט באַגאַנגען אַזאַ עולה... ארויסבאַקומען פינף און צוואַנציג רובעל...

— און צוויי מלבושים! — האָט שייקע צוגעגעבען.

— מילא, די מלבושים בין איך זיכער, אַז דו וועסט ניט באַקומען.

— וואָס הייסט, איך וועל זיי ניט באַקומען. מיר האָבען דאָך אָפּגע־מאַכט... ער האָט דאָך זיי באַשטעלט ביי דעם שניידער צו נייהען פאַר מיר און איך האָב זיי שוין אָנגעמאָסטען.

— מילא אַז דו האָסט געטריבען שפּאַס דאָרט מיט מיין שווער, נו, קאָן זיין אַז ער האָט עס פאַרדינט. ער האָט אפשר ניט באַדאַרפט האַנדלען געגען דיר אַזוי... אָבער מיט מיר דאַרפסטו דאָך אַזוי ניט ריידען... "אָפּ־געמאַכט"...

— איך האָב בדעה צו האַלטען דעם אָפּמאַך, אויב ניט היינטיגס יאָהר איז איבער אַ יאָהר אָדער צוויי יאָהר... ער האָט קיין רעכט ניט צו באַרויבען מיך פון מיינע מלבושים.

— וואָס הייסט דיינע!

— איך פאַררעכען זיי פאַר מיינע. איך וועל ניט דערלאָזען אַז ער זאָל מיך פאַרשעהמען... מען האָט מיך שוין געזעהן אריינקומענדיג צום שניידער און אָנמעסטען די מלבושים... זיי זיינען מיינע און זאָל ער פּרובירען זיי מיר ניט געבען.

— וואָס וועסטו טאָן אַז ניט?

— איך וועל ניט אפטרעטען פון זיין געשעפט... ביז וואנען ער וועט מוזען האלטען זיין ווארט.

— דו פארגעסט אפנים אז מיין שווער קאן דיך איבערגעבען צו דער פאליציי פאר אזעלכע שטיק.

— פאר דעם האב איך קיין מורא ניט — האט שייקע געזאגט — איהר וועט עס ניט דערלאזען!

— איך? ניין, איך וועל זיך מעהר ניט מישען ביז וואנען דו וועסט גוט מאכען.

— און איהר וועט איהם לאזען ער זאל מיך איבערגעבען צו דער פאליציי?

— אויב ער וועט עס טאן וועסטו אליין זיין שולדיג אין דעם... און איך וועל דיר גארניט קאנען העלפען.

— אז איהר וועט איהם זאגען אז ער זאל מיך צורוה לאזען וועט ער מיר קיין שלעכטעס ניט טאן.

— אבער וואס ווילסטו איך זאל זיך צוליב דיר קריגען מיט מיין שווער? דו האסט דאך געזעהן אז ער האט ניט געוואלט איך זאל צוליב דיר האבען א סכסוך מיט די גבאים.

— איך גלויב אז איך האב ביי אייך פארדינט איהר זאלט זיך פאר מיר אננעהמען.

— פארדינט, מיט וואס?

— יא, מיט וואס איך האב אייך געגעבען א גוטע עצה...

— אזוי? ! איצט פארשטעה איך, דו מיינסט אנצודייטען אז אויב איך וועל זיך פאר דיר ניט אננעהמען, וועסטו אוועקגעהן און דערצעהלען אז דאס וואס דו האסט מיך געשיקט רופען מיט דעם אויסרייד אז דו ביזט זעהר קראנק, איז עס געווען אן אפמאך צווישען אונז, כדי איך זאל קאנען פארלאזען מיין הויז... נו, אויב אזוי קאנסטו עס דערצעהלען... איך וועל זיי איצט קאנען זאגען דעם אמת, אז איך האב זיך געזאלט זעהן מיט א גבאי ראשון פון א גרויסער שוהל פון אן אנדער שטאדט טאקע צוליב א שטעלע אלס שטאדט חזן. אבער אזוי ווי איך האב ניט געוואלט אז אימיצער זאל אויסגעפינען וועגען דעם האב איך מיט דיר אפגעמאכט אז דו זאלסט מיך שיקען רופען... יע, דאס האב איך געטאן כדי ניט מצער צו זיין מיין פרוי. און אז דו וועסט געהן דערצעהלען, וועל איך ערקלערען די גאנצע געשיכטע. נו, איצט זעהסטו שוין אז דו האסט מיך ניט וואס צו סטראשען.

— ווער וויל אייך סטראשען! וואס רעדט איהר? איך האב עס אפילו ניט געהאט אין זינען... אבער איין זאך איז מיר שווער צו פארשטעהן.

— וואס איז דיר שווער צו פארשטעהן?

— מיר איז שווער צו פארשטעהן ווי אזוי א פאליאק מיט'ן נאמען קרושענסקי זאל זיין גבאי ראשון פון א גרויסען שוהל.

אין יואל דוד'ס פנים האבען זיך געביטען קאלירען...

— וואס? דו ווייסט? ! — האט יואל דוד אויסגערופען.

— וואס ? אז דער גבאי ראשון איז דער פאן קרוזשענסקי !
— ווי אזוי קומט עס ? הא, דו האסט מיך נאכגעפאלגט...
— יע, איך בין זיך מודה. איך בין געווען נייגעריג און ווען איך האב אייך דערזעהן געהענדיג יענעם אוועגט איינער אליין, האב איך אייך נאכ־געפאלגט... איך בין געשטאנען אין דרויסען. און ווען איך האב אייך גע־הערט זינגען אזעלכע שעהנע געזאנגען, בין איך שוין געבליבען צוגע־שמידט צו דעם פלאץ און איך בין פון דארט ניט אפגעטראטען ביז וואנען איהר זייט פון דארט ארויס...
— עס איז זעהר ניט שעהן פון דיר, שייקע ! — האט יואל דוד אויסגערופען, און זיין פנים איז בלאס געווארען — וואס הייסט דו געהסט שפיאנירען אויף מיר !
— איך האב זיך געטראכט, אז איהר קאנט מיר שוין יא אנפאר־טרויען א סוד און איהר פארלאנגט פון מיר איך זאל אייך ארויסהעלפען, נו, וועט נישט שאדען, אז איך וועל אייך נאכפאלגען אביסעל...
— הער זיך איין, שייקע, איך וויל אז דו זאלסט וועגען דעם מיט קיי־נעם ניט ריידען... פארשטעהסטו... פאן קרוזשענסקי האט מיך געהערט דאוו־נען... דאס וייסטו דאך. איז ער צו מיר צוגעשטאנען איך זאל צו איהם קומען אויף א באזוך איין אוועגט ווען זיי וועלען דארט זינגען און שפילען. איך האב זיך ניט געקאנט ארויסדרעהען, האב איך איהם פארשפראכען צו קומען און איך האב געמוזט האלטען מייןווארט... אבער איך וויל ניט אז אימיצער זאל וויסען פון דעם.
— איך פארשטעה שוין גאר גוט ! — האט שייקע פייפער געזאגט — עס וועט זיין בעסער אז מען וועט פון דעם אין שטאדט ניט וויסען, ווייל צוליב וואס ארייגפאלען צו בייזע צינגער... יע, איך קאן שווערען אז איך וועל קיינעם ניט דערצעהלען.
— איך וויים ניט אויב איך קאן דיר גלויבען אויף דיין שבועה. איך זעה דאך שוין וואס דו טוסט נאכדעם ווי דו האסט געשוואוירען מיין שווער...
— איך זאג אייך אבער צו אז דאס וועט בלייבען צווישען אונז ! — האט שייקע געזאגט — עס פארשטעהט זיך אז איהר וועט מיר אויך דארפען ארויסהעלפען אין מיין נויט.
— וואס מעהר קאן איך פאר דיר טהאן ? — האט יואל דוד געזאגט — איך וועל זעהן אז דו זאלסט בלייבען ביי מיר אין כאר אזוי לאנג ווי איך בין ווילנער שטאדט חזן.
— דאס איז זעהר גוט. אבער וואס איז מכח דעם מאנטעל און גארני־טור, וואס דער שניידער מאכט פאר מיר ? איך וויל אז ער זאל זיך מיך ניט פארשעהמען. ער האט באשטעלט דעם שניידער צו מאכען מיר צוויי מלבושים און איך האב שוין זיי אנגעמאסטען. דאריבער וויל איך איהר זאלט מיר צוזאגען אז איהר וועט פועל'ן ביי אייער שווער ער זאל מיך לאזען קריגען די מלבושים ביי דעם שניידער.
— נו, גוט, געה איצט אהיים. איך וועל שוין פאר דיר קעמפען —

האט יואל דוד געזאגט — אבער געדענק, האלט דיין מויל, און זיי מעהר פארזיכטיג מיט די בעלי בתים... וואס דארפסטו זיך מיט יעדען איינעם אנפאנגען... דו טהו דיין ארבייט און טרייב ניט קיין שפאס מיט די בעלי בתים.

שייקע פייפער איז ארויסגעגאנגען דורך א הינטער טיר און יואל דוד האט א ווײַלע צוגעווארט. ער האט אפגעווישט דעם שוויים פון זיין שטער־רען און ער איז צוריק אריין צו די גבאים אין קהל־שטיבעל. ער האט פאר־נומען זיין פלאץ. זיין פנים איז געווען בלאס און פארכמורעט.

— וואו איז דער כל בו׳ניק? — האט ר׳ מרדכי א פרעג געטאן זיין איידעם.

— און ווי האסטו אויסגעמאכט מיט איהם?

— איך ווייס אליין ניט וואס צו זאגען! — האט יואל דוד זיך אנ־געררופען, — לויט זיינע רייד איז ער גארניט אזוי שולדיג.

— וואס רעדסטו יואל דוד?! וואס הייסט ער איז ניט שולדיג? ער איז אן אויסוואורף זאג איך דיר. און איך גלויב, אז די בעלי בתים האבען א רעכט צו פארלאנגען פון דיר דו זאלסט איהם ענטזאגען.

— יא, דאס אלעס וואס מיר פארלאנגען פון דיר, יואל דוד, — האט דער גבאי ראשון געזאגט, — מיר ווילען דו זאלסט איהם היינט ענטזאגען, און איידער מיר שרייבען זיך אונטער אויפ׳ן קאנטראקט ווילען מיר טאקע אריינשרייבען דאס אויך. נו, יא, אויב דו ווילסט אנהאלטען דעם טענאר און באריטאן, דאס איז דיין זאך, צו זיי האבען מיר גארניט. אבער שייקע פייפער טאר מען מעהר ניט צולאזען צום עמוד. ער טאר די שוועל פון שוהל ניט אריבערטרעטען.

— מיר האבען קיין רעכט ניט אזוי צו באשטראפען אן אומשולדיגען מענשען... איהר האט דאך געהערט וואס אונזער רבי ר׳ שלמה׳לע האט א ווײַלע פריהער געזאגט. אז מיר האבען קיין רעכט ניט איהם צו פסל׳ן.

— אבער זאג מיר, יואל דוד, האט ער ניט פארדינט צוליב דעם אליין וואס ער האט מיך באשווינדעלט אז דו זאלסט איהם ארויסווארפען פון דיין כאר?

— איך וועל אייך זאגען, שווער, דאס יאהר וועט ער שוין בלייבען, אבער איך פארזיכער אייך אז מעהר ווי היינטיגס יאהר וועט ער ביי מיר אין כאר ניט זינגען.

— אבער פארוואס זאלען מיר איהם דולדען נאך א גאנצען יאהר? — האט ר׳ מרדכי געזאגט, — מיר דארפען באלד פטור ווערען פון איהם. איך וועל דיר זאגען דעם אמת, אז קהל וועט איהם נאך דערלעגען עטליכע רובל אבי איהם מעהר ניט אנצוקוקען.

— ניין, דעם יאהר וועט ער שוין בלייבען מיט מיר. איך האב איהם פארשפראכען. אבער פאר׳ן קומענדען יאהר פארשפרעך איך אייך אז ער וועט שוין מעהר ניט זיין...

— הער זיך איין, יואל דוד, — האט דער גבאי ראשון געזאגט, —

מיר האבען דיר נאכגעגעבען אלע דיינע פאדערונגען און פארלאנגען. איצט פארלאנגען מיר פון דיר נאר איין קלייניגקייט, דו זאלסט ענטזאגען שייקע פייפער'ן פון דיין כאר, און איך גלויב אז עס איז ניט מעהר ווי רעכט אז דו זאלסט דעם דאזיגען פארלאנג אונזערען ערפילען.

— צום באדויערען קען איך ניט ערפילען אט דעם פארלאנג, — האט יואל דוד זיך אנגערופען, — ווייל איך האב איהם שוין צוגעזאגט אז ער בלייבט מיט מיר פאר דעם יאהר.

— ווי אזוי האסטו איהם געקענט צוזאגען אזא זאך נאכדעם ווי דו האסט געהערט וואס ער האט געטאן? — האט ר' מרדכי אויסגערופען.

— איך האב איהם צוגעזאגט, ווייל איך האב געוואלט זיין זיכער אז איבער־א־יאהר וועט ער שוין ביי מיר אין כאר ניט זינגען, — האט יואל דוד געזאגט, — און ווייל איך האב עס ארויסגעשטעלט אלס איינע פון מיינע פאדערונגען און איהר האט מיר אליין געזאגט אז וואס אנבעלאנגט שייקע פייפער'ן וועט איהר מיר אלעם נאכגעבען.

אבער דאס איז דאך געווען נאכדעם ווי מיר זיינען געווען אונטער'ן איינדרוק אז שייקע וועט דעם ערשטען טאג חנוכה פארלאזען ווילנע... איצט אז מיר האבען אויסגעפונען, אז ער האט אפגענארט דיין שווער, זיינען מיר נאך מעהר ווי פריהער ענטשלאסען איהם פאר די אויגען ניט צו האבען, — האט א גבאי געזאגט.

— נו, וועט איהר מוזען ווארטען מיט אייער באשלוס נאך איין יאהר.

— פאלג אונז און פאלג דיין שווער — האט דער גבאי ראשון זיך אנגערופען, — זיי איהם משלח וואס פריהער, און אויב עס זאל אפילו קומען צו נאך א פאר רובעל, וועלען מיר איהם געבען. אזוי לאנג ווי מיר וועלען זיכער זיין אז מיר ווערען באפרייט פון אזא אויסוואורף.

— איך מוז אייך זאגען, אז איהר מאכט א טעות, שייקע פייפער איז ניט קיין אויסוואורף... אמת, ער איז א ליץ, א וויצלינג, און האט ליעב צו טרייבען שפאס, אבער ער איז גארניט אזוי פארדארבען ווי איהר שטעלט זיך פאר... און איך האף אז צוליב דעם וועט צווישען אונז מעהר קיין איבעררייד ניט זיין. איך וויל אז איהר זאלט מיר ניט שטערען איהם צו האלטען פאר היינטיגס יאהר און איהר זאלט אויך באוויליגען די הוספה.

— א הוספה נאך! — האט זיך א גבאי צושריען, — דאס געווים ניט.

— איך האב איהם פארשפראכען צו געבען א הוספה, און ווי באלד אז עס איז בלויז פאר איין יאהר, גלויב איך אז איהר דארפט איהם געבען.

— דאס געווים ניט! — האט דער גבאי ראשון געזאגט, — דאס וואלט פאר אלעמען געווען ווי א פאטש אין פנים.

— איך וועל מיט אייך זיך צוליב דעם ניט קריגען, — האט יואל דוד געזאגט, — אויב איהר ווילט ניט באוויליגען די הוספה וועל איך איהם

געבען פון מיין אייגענער קעשענע, אָבער די אַנדערע צוויי פון מיין כאַר וועט איהר דאַרפען געבען, ווייל אַזוי איז געווען אונזער אָפּמאַך.

— וואָס הייסט דו וועסט איהם געבען פון דיין קעשענע! — האָט ר׳ מרדכי זיך אָנגערופען, — פאַרוואָס פאַר אַ מעשים טובים קומט עס איהם? אַ מצוה וועסטו פאַרדינען אין דעם זולל וסובא׳ניק... ניט גענוג וואָס ער האָט פון מיר ארויסגעשווינדעלט אַזוי פיל געלד, וועסטו איהם נאָך צוטראָגען יעדע וואָך אַ מתנה — אַ האַלבען רובעל פון דיין קעשענע!

— איך קען זיך ניט העלפען, שווער, איך האָב איהם צוגעזאָגט און איך וועל מיין צוזאָג האַלטען.

— איך גלויב, רבותי, אַז מיר דאַרפען מעהר ניט מאַכען דערפון קיין סכסוך, — האָט ר׳ שלמה׳לע זיך אָנגערופען, — מיר זעהען דאָך איין אַז ר׳ מרדכי איז די זאַך מעהר נוגע ווי אונז אַלעמען און מיר קענען זיין זיכער אַז שווער און איידעם וועלען שוין קומען צו אַן אויסגלייך צווישען זיך. לאָמיר זיך אונטערשרייבען אויף דעם קאָנטראַקט און זאָל שוין זיין מיט מזל . . .

— גוט, ברייננט דעם קאָנטראַקט און זאָל זיך יואל דוד פריהער אונטערשרייבען און דערנאָך וועלען מיר לייגען אונזערע חתימות.

יואל דוד האָט דורכגעקוקט דעם קאָנטראַקט נאָך אַמאָל און פאַרלאַנגט אַז מען זאָל צושרייבען אַז שייקע פייפער בלייבט איבער מיט איהם אויף נאָך אַ יאָהר.

עס האָט ווייטער אויסגעבראָכען אַ שטיקעל טומעל און ר׳ שלמה׳לע האָט געבעטען אַז מען זאָל איהם נאָכגעבען.

— ער האָט אַ פולע רעכט צו פאַרלאַנגען, ווייל מיר האָבען איהם געזאָגט אַז וואָס אָנבעלאַנגט שייקע׳ן גיבען מיר איהם נאָך און מיר דאַרפען האַלטען אונזער וואָרט.

ניט ווילענדיג האָט מען אריינגעשריבען אייניגע שורות וועגען שייקע׳ן אַז ער בלייבט אין יואל דוד׳ס כאַר פאַר בלויז נאָך איין יאָהר. יואל דוד האָט געלעגט זיין חתימה און דאַן האָבען זיך די אַנדערע בעלי בתים אונטערגעשריבען און מען איז געגאַנגען אַהיים.

---

אייניגע וואָכען איז ר׳ מרדכי געווען אָנגעשטויסען אויף זיין איידעם צוליב שייקע׳ן. וואָס טראָץ דעם וואָס ער האָט פון איהם פאַרלאַנגט אַזוי שטאַרק ער זאָל איהם ענטזאָגען, האָט ער דאָס ניט געטאָן.

נאָך מעהר אויפגערעגט איז ר׳ מרדכי געוואָרען אויף יואל דוד׳ן ווען ער האָט פון איהם פאַרלאַנגט אַז ער זאָל לאָזען דעם שניידער פאַרענדיגען די מלבושים וואָס ער האָט באַשטעלט פאַר שייקע׳ן.

— זעהסטו, — האָט שוין ר׳ מרדכי אויסגערופען, — דאָס וועל איך

בשום אופן ניט טאָן. אפילו ווען איך וועל וויסען אז דאָס גאנצע געוואנט געהט אין גיוועץ. ער וועט שוין די מלבושים ניט קריגען.

— איך האָב איהם צוגעזאָגט אז ער וועט די מלבושים קריגען, און אויב איהר, שווער, וועט ניט לאָזען דעם שניידער ער זאָל זיי איבערגעבען שייקע׳ן ווי איהר האָט איהם געהאט פארשפּראָכען, וועל איך מוזען באשטעלען פאר איהם צוויי אנדערע מלבושים און באצאָהלען פון מיין אייגענער קעשענע.

— דאָס איז א משוגעת! וואָס הייסט דו וועסט איהם נאָכגעבען די צוויי מלבושים, פארוואָס? ווייל ער האָט מיך באשווינדעלט!

— ניין, ווייל איך האָב איהם פארשפּראָכען, שווער. איהר פארשטעהט, ווי באלד איך האָב איהם געזאָגט אז דאָס איז דאָס לעצטע יאָהר וואָס ער זינגט אין מיין כאָר, האָב איך קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי איהם צוצוזאָגען אז ער וועט קריגען די הוספה און די צוויי מלבושים.

ר׳ מרדכי האָט קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי נאָכצוגעבען. אָבער דער ברוגז צווישען איהם און זיין איידעם האָט אָנגעהאלטען פאר א וויילע. ווען ריינקע האָט אויסגעפונען אז איהר מאן איז אָנגעשטויסען אויף יואל דוד׳ן, האָט זי איהם געגעבען א גאָב.

— וואָס איז דאָס פאר א ברוגז? ווילסטו אז ער זאָל זיך ארויסקלייבען אין אן אנדער דירה?... א פיינע זאך אנשטאָט צו שטאָלצירען און זיין גליקליך צו האָבען אזא איידעם, איז ער נאָך אָנגעשטויסען אויף איהם. חנה׳לע האָט זיך פאר מיר באקלאָגט אז דו זוכסט איהם אויסצומיידען, וואָס ביזטו פון זינען ארונטער?... דו הערסט, מרדכי, דו טאָרסט ניט ווייזען דעם מינדסטען סימן אז דו ביזט נאָך אויף איהם אין כעס צוליב שייקע׳ן.

— ווער איז אויף איהם אין כעס?! עס דוכט זיך דיר... — האָט זיך ר׳ מרדכי פארענטפערט, — איך האָב שוין לאַנג פארגעסען וועגען שייקע׳ן. יאָ, עס איז גוט וואָס דו האָסט מיך דערמאָנט. מיר דארפען דאָך אויסארבייטען א רשימה פון די געסט וועמען צו "בעטען" אויף לאה׳לעס חתונה. אָט וועל איך טאָקע בעטען יואל דוד׳ן ער זאָל מיר ארויסהעלפען אין דעם.

—אָט אזוי איז עפּעס אנדערש! — האָט ריינקע א צופרידענע געזאָגט, — און געה טאָקע באלד אליין אריין צו איהם אין צימער.

— אָט געה איך! — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט.

ווען ר׳ מרדכי איז שוין געווען ביי יואל דוד׳ן און חנה׳לען אין צימער האָט זיך אויף ריינקעס ליפּען באוויזען א צופרידענער שמייכעל.

# קאַפּיטל 7

צוויי שמחות זיינען פאָרגעקומען היינטיגן ווינטער אין סטראַשונ'ס משפחה, איינע — די חתונה פון ר' מרדכי'ס טאָכטער לאה'לע מיט לייב'קען, דער זוהן פון ר' יהושע זעליג, די צווייטע שמחה איז געווען וואָס חנה'לע, די פרוי פון ווילנער בעל־הבית'ל, יואל דוד, האָט געבוירען א טאָכטער און מען האָט איהר א נאָמען געגעבען דבורה'לע.

האָט אין ר' מרדכי'ס שטוב געהערשט פרייד און גליק... א קלייניגקייט אויסגעבען די איינגסטע טאָכטער! איהר חתן לייב'ן האָט ר' מרדכי געמאַכט פאַר אויס סטאָליאַר. ער האָט איהם אריינגענומען אין זיין מאַנופעקטור געשעפט אויף רודניצקער גאַס, א דירה האָט ער אין זיין הויף, עסען פלעגען זיי אלע צוזאַמען אין ר' מרדכי'ס הויז.

די שמחה איז גרעסער געוואָרען מיט יעדען טאָג, דאָס עופה'לע דבורה'לע האָט אריינגעבראַכט פרייד אין אלעמענס הערצער. זי איז געווען א טרייסט פאַר דעם גרויסען פארלוסט וואָס יואל דוד און חנה'לע האָבען געהאַט ווען זייער ערשטע מיידעלע איז געשטאָרבען.

מען האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט'ן קינד. מען פלעגט זיך ארומשטעלען ארום איהר וויגעלע און באוואונדערען יעדע מינעלע, יעדע גרימאַסע וואָס זי פלעגט מאַכען.

— זי איז דאָך אין גאַנצען געראָטען אין יואל דוד'ן — האָט ריינקע געזאָגט מיט פרייד — א געזונט אין איהרע ביינדעלעך. דעם טאַטענ'ס אויגען, דעם טאַטענ'ס נאָז... אוי, א לעבען אויף איהר, גיט נאָר א קוק, זי האָט געלאַכט... אוי, מיר פאַר דיר, מיין מלאַכ'ל, מיין טרייסטעלע!

— אוי, זעהט ווי שטייף זי האַלט מיין פינגער, זי לאָזט איהם ניט אָפּ! — האָט לאה'לע אויסגערופען — נישט שעהן, דבורה'לע! דו ווילסט צודריקען דיין מוהמע'ס פינגער... איך וועל דיר געבען! נו, נו, נו, נו! קום נאָר אהער חנה'לע, גיב א קוק ווי זי שמייכעלט, זי פארשטעהט יעדעס וואָרט איך זאָל אזוי לעבען!

— געה שוין געה! — רופט זיך אָן חנה'לע — וואָס רעדסטו! א זיבען וואָכיגע עופה'לע פארשטעהט יעדעס וואָרט...

— אָבער דו האָסט געדאַרפט זעהן ווי זי האָט געשמייכעלט... נו, וואָס זאָגט איהר אויף איהר. איך האָב ארויסגענומען מיין פינגער פון איהר הענטעל האָט זי זיך פאַנאַנדערגעוויינט... שאַ, שאַ, נו, שאַ, בריליאַנטעלע — האָט לאה'לע זי ארויסגענומען פון וויגעלע.

— איהר צובאַלעוועט איהר! — האָט חנה'לע זיך אָנגערופען — ווי זי טהוט נאָר א פּיפּס אזוי נעמהט איהר זי אויף די הענט — איך בעט דיך לאה'לע, לייג זי צוריק אין וויגעלע זאָל זי וויינען!

— אַ, דו גזלנ'טע, ווי האָסט עס אזא הארץ צו לאָזען איהר וויינען?

— אפשר איז חנה'לע גערעכט — האָט ריינקע געזאָגט — א קינד ווערט צולאָזען אויב מען האַלט זי צופיעל אויף די הענט.

— אהא, איך וויים מאמע, דו ווילסט זי האלטען אויף דיינע הענט. אבער איצט איז זי ביי מיר אין די הענט... א קו־קו־קו! אַט, אַט, אַט, טהוט זי א נאַס, חאפּטשי! צו געזונט, צו לעבען, צו לאַנגע יאָהר!

— גיב איהר א ציה פאר'ן רעכטען אויער'ל — האָט ריינקע געזאָגט.

— פאר וואָס? קוקט אויף איהר חנה'לע.

— ווייל איך האָב נאָר וואָס געטראַכט פון נחמה'לע, איהר צו לאַנגע יאהר... פאַלג מיר גיב איהר א ציה פאר'ן אויער'ל!

חנה'לע איז צוגעגאַנגען נעהענטער צו איהר שוועסטער, וועלכע האָט געהאַלטען דאָס קינד אין איהרעביידע הענט, זי האָט ארונטערגערוקט דעם ווייסען קאַפּטור'ל וואָס האָט באַדעקט דאָס קעפּעלע פון קינד און זי האָט א ציה געטהאָן פאר'ן אויער'ל.

נאָך מעהר פון זיי אַלעמען האָט זיך יאַכע, יואל דוד'ס מומע געפּאַדעט ארום קינד. זי פלעגט זינגען און וויגען דאָס וויגעלע.

— אוי, דו מיאוס'קייט! דו פאַרזעהעניש! — פלעגט יאַכע זאָגען, כדי אז עין הרע זאָל איהר ניט שאַדען. און אז א שכנה פלעגט אריינקומען און פלעגט נעהמען לויבען דאָס קינד ביז'ן הימעל אריין, זאָגענדיג ווי שעהן און געראָטען דאָס קינד איז, פלעגט יאַכע, אזוי שנעל ווי די שכנה פלעגט אוועקגעהן, צוגעהן צום קינד, א קוש טהאָן איהר אין שטערען און אויס־שפּייען דריי מאָל:

„טפו... טפו... טפו!... אויף אַלע וויסטע פעלדער, אויף אַלע פוסטע וועלדער... קיין עין הרע זאָל דיר ניט שאַדען... דו זאָלסט זיין מיט לאַנגע יאָהר.

כאָטש יואל דוד איז די ערשטע עטליכע וואָכען געווען בערוישט פון גליק, וואָס חנה'לע איז מיט מזל איבערגעקומען און זי האָט איהם מיט מזל געבאָרען נאָך א טאָכטער, א שעהן ליבליך קינד, איז ער אָבער שפּעטער, ביסלעכוויז געוואָרען פאַרטראַכט און אומעטיג... ער האָט זיך דערמאָנט, אז אין אכט חדשים ארום וועט ער דאַרפען פאַרלאָזען זיי געטרייע חנה'לען, זיין קינד און אַפּרייזען קיין ווארשע... ער וועט זיך דאַרפען מיט אַלעמען געזעגענען... ער האָט דאָך אונטערגעשריבען א קאָנטראַקט. ער וועט דאַר־פען זינגען אין אָפּערא, אין ווארשע... אָ, פאַר וואָס האָט ער דאָס געטאָן? ווי וועט ער איצט קענען אַלעמען איבערלאָזען, איבערהויפּט זיין נייע גע־בוירען טעכטער'ל און חנה'לע... וואָס פאר א תירוץ וועט ער קענען אַנגעבען.

אין הויז זיינע אַלע געווען אזוי פאַרטאָן מיט'ן קינד, אז מען האָט גאָר ניט באַמערקט, אז יואל דוד געהט ארום א פאַרטראַכטער און א באַזאָרגטער.

איין מאָל, ווען יואל דוד האָט געהאַלטען זיין קינד אויפ'ן האַנד האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טיר. ריינקע האָט די טיר געעפענט און זי האָט דערזעהן א צוועלף יעהריגען שגץ האלט עפּעס אין האַנט.

— וואָס פאַרלאַנגסטו? פרעגט זי איהם אין פּויליש.

— איז דער פּאַן סטראַשונסקי אין דער היים?

— וועלכער פּאַן סטראַשונסקי? — **פרעגט איהם ריינקע.**

— אַט דער וועלכער זינגט.
— צוליב וואָס דאַרפסטו איהם?
— איך האָב פאַר איהם א בריעף.
— א בריעף, פון וועמען?
— דאָס קען איך ניט זאָגען.
— גוט, גיב מיר דעם בריעף וועל איך איהם עס איבערגעבען!
— ניין, מען האָט מיר אָנגעזאָגט אז איך זאָל איהם דעם בריעף איבער־געבען, דעם פאַן סטראַשונסקי׳ן אין האַנט.
— ווער האָט דיר אָנגעזאָגט? — האָט ריינקע געוואָלט ביי איהם ארויסבאַקומען.
— מען האָט מיר אָנגעזאָגט ניט צו רעדען. בלויז איבערצוגעבען דעם בריעף צו דעם יונגען פאַן סטראַשונסקי.
— ריינקע איז שוין געוואָרען נאָך מעהר נייגעריג. וואָס קען עס זיין? ווער וועט עס שיקען א בריעף צו יואל דוד׳ן און נאָך דורך א שגץ?
— וואַרט צו א ווייל׳ע, איך וועל ארויסשיקען דעם פאַן — האָט ריינקע געזאָגט און איז באַלד אריינגעקומען צו חנה׳לען אין צימער.
דאָס קינד האָט געוויינט און יואל דוד איז ארומגעגאַנגען הין און צוריק איבער דעם צימער. חנה׳לע איז געזעסען אויף א שטוהל און עפּעס געניוהעט פאַר׳ן קינד.
— עפּעס א שייגעץ איז געקומען אהער און ער האָט זיך אויף דיר נאָכגעפרעגט. ער זאָגט אז ער האָט א בריעף פאַר דיר. וואָס פאַר א בריעף און פון וועמען דאָס איז וויל ער ניט זאָגען...
— האַלט צו דאָס קינד! — האָט יואל דוד עס שנעל איבערגעגעבען צ זיין פרוי, און ער איז גלייך ארויס פון צימער און צוגעקומען צו דער טיר.
ריינקע האָט איהם נאָכגעפאָלגט.
דער שגץ האָט איהם געפרעגט אויב ער איז דאָס דער יונגער סטראַ־שונסקי, און אז יואל דוד האָט א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, האָט ער איהם געגעבען דעם בריעף און האָט צוגעוואַרט.
יואל דוד האָט בעטראַכט דעם קאָנווערט. ער האָט געזעהן דעם שטעמ־פּעל "וואַרשע" און ער האָט גלייך פאַרשטאַנען אז דאָס קומט פון מאַניוש־קאַ׳ן. ער האָט ארויסגענומען א מטבע פון זיין קעשענע און געגעבען דעם שייגעץ.
ווען דער שייגעץ איז אוועקגעגאַנגען, האָט ריינקע זיך אָנגערופען:
— אזא נארישער שייגעץ. איך בעט איהם ער זאָל מיר געבען דעם בריעף און איך וועל דיר איהם איבערגעבען, האָט ער מורא געהאַט מיר צו געטרויען — ניין, זאָגט ער, ער מוז דיר איבערגעבען אין האַנט... וואָס איז דאָס פאַר א בריעף, ווער האָט עס דיר געקענט שיקען א בריעף דורך א שייגעץ?
— איך וויים ניט! — האָט יואל דוד געענטפערט און אריינגעלעגט דעם בריעף אין זיין בוזעם קעשענע.

— נו, גיב א קוק וועסטו וויסען — שמייכעלט ריינקע.

— אָ, איך האָב צייט! — האָט ער געזאָגט און איז שנעל אריין אין זיין צימער.

ריינקע איז געבליבען שטעהן ווי אַן "אָפּגעשמיסענע". זי האָט ניט געקענט פארשטעהן. ער זאָל זי אַזוי באהאנדלען... ער זאָל איהר ניט זאָגען פון וואנען דער בריעף איז איהם געקומען... עפּעס איז ער געוועזן אזוי ווי צוטומעלט און אויפגערעגט איהר נייגעריגקייט איז מיט יעדער רגע גע־וואַקסען, אָבער זי האָט באשלאָסען צו האָבען געדולד און באלד ניט אריינ־געהן. זאָל ער ניט מיינען אז זי קומט עס אריין אויסצוגעפינען וועגען דעם בריעף. זי וועט שוין באלד וויסען. חנה'לע וועט איהר מסתמא זאָגען.

ריינקע אָבער האָט געמאכט א טעות! חנה'לע האָט אויך ניט גע־וואוסט. ווען יואל דוד האָט זיך צוריקגעקעהרט אין צימער, האָט חנה'לע איהם געפרעגט:

— נו, וואָס איז דאָס פאר א בריעף? ווער האָט עס דיר געשיקט.

— איך ווייס ניט! — האָט יואל דוד ארויסגעברומט.

חנה'לע האָט איהם אָנגעקוקט מיט גרויס ערשטוינונג.

— וואָס הייסט דו ווייסט ניט. די מאמע האָט דאָך נאָר וואָס געזאָגט אז א שגץ האָט פאר דיר געבראכט א בריעף. קענסטו דאָך מיר זאָגען פון וועמען דאָס איז.

— איך ווייס ניט — זאָג איך דיר! — האָט ער שוין מיט אויפרע־גונג ארויסגערעדט.

— נו, לייען איהם דוד, וועסטו וויסען!

— וואָס האָב איך קיין צייט ניט!

— אָבער ביזט דען ניט נייגעריג צו וויסען וואָס דאָס איז פאר א בריעף און ווער האָט עס דיר געשיקט — האָט חנה זיך אָנגערופען צו איהם.

— וואָס מיינסטו, איך האָב א ווייבערשע נאטור... אלעם דארפען זיי באלד וויסען... דיין מאמע האָט מיר שוין אויך געפרעגט... אפשר וויל איך ניט זי זאָל וויסען פון דעם... איך פרעג זיך נאָך ביי איהר וועגען איהרע אנגעלעגענהייטען?

— דו דארפסט ניט זיין אין כעס אויף דער מאמען — האָט חנה גע־זאָגט — עס איז דאָך נאטירליך, אז ווען דו קריגסט א בריעף אויף אזא **אופן, אז זי זאָל זיין נייגעריג...** איך בין אויך זעהר נייגעריג. איך וואָלט זעהר געוואָלט וויסען... איך בעט דיך, טייערער, לייען איבער דעם בריעף און זאָג מיר פון וועמען דאָס איז און וואָס מען שרייבט דיר דאָרט?

— איך וויל איהם איצט ניט לייענען! — האָט יואל דוד א זייה געטאָן דורך די צייהנער.

— אָ, איך פארשטעה, דו ווילסט ניט אז די מאמע זאָל וויסען, זאָג איך דיר צו אז איך וועל איהר ניט זאָגען. דו ווייסט דאָך אז איך קען האלטען א סוד.

— עס איז גאָר ניט!

— דו הערסט... וואָס הייסט עס איז גאָר ניט! מען ברענגט דיר א בריעף אויף אזא מערקווירדיגען אופן און דו זאָגסט עס איז גאָרניט. אויב עס איז טאקע גארניט, קענסטו דאָך איבערלייענען און מיר זאָגען!
— פאר וואָס בין איך ניט אזוי נייגעריג צו וויסען!
— עס קען זיין אז דו ווייסט פון וועמען דער בריעף קומט דיר, דער־ריבער האסטו געדולד. אָבער איך ווער נייגעריגער מיט יעדער רגע, און טאקע ווייל דו ווילסט מיר ניט זאָגען.
— אז איך זאָג דיר אז עס איז גאָר ניט מיט גאָר ניט, דארפסטו מיר גלויבען.
— איך גלויב דיר, אָבער דאָך ווילט זיך וויסען! איך בעט דיך, יואל דוד, רייץ זיך מיט מיר ניט... דו ווייסט דאָך אז איך טאָר זיך איצט ניט אויפרעגען. דער דאָקטאָר האט געזאָגט אז איך טאָר זיך ניט ערגערען כדי מיין מילך זאָל ניט פארשאדען דעם קינד.
— דו דארפסט זיך צוליב דעם ניט אויפרעגען, חנה׳לע, איך פאר־זיכער דיר אז עס איז גאָר ניט! איך וועל דיר שוין אמאָל זאָגען וואָס דאָס איז.
— איך בעט דיך, זאָג מיר איצט! — האָט חנה געזאָגט — איך בין אזוי נייגעריג... מיין געדולד וועט ניט אויסהאלטען.
— א מענש דארף קענען זיך באהערשען! דו זעהסט דאָך איך האָב אפילו דעם בריעף ניט געעפענט. פאָלג מיך, חנה׳לע, פארגעס וועגען דעם. ווען עס וועט זיין נויטיג וועל איך דיר זאָגען און אויב ניט, דארפסטו ניט פארלאנגען איך זאָל דיר דערצעהלען.
— איצט מאכסטו מיך נאָך מעהר נייגעריג! — האָט חנה געזאָגט — עפּעס ווי עס וואָלט געוועזן א גרויסע געהיימנים.
— וואָס פאר א געהיימנים! איך זאָג דיר, אז עס איז גאָרניט מיט גאָרניט!
— פון וואנען ווייסטו, אז עס איז גאָרניט, אז דו אליין האָסט נאָך דעם בריעף ניט געעפענט. יואל דוד, מיין טייערער, מיין ליבער, איז זי שוין צוגעגאנגען נעהנטער און איהם ארומגענומען — נעהם ארויס דעם בריעף און לאָמיר איהם אָם ווייניגסטען אנקוקען.
— וואָס שטעהסטו צו מיר צו ווי א פּיאווקע! — האָט שוין יואל דוד מיט בייזקייט אויסגערופען און זיך באפרייט פון איהר אומארמונג — זאָל זיין גענוג, לאָמיר וועגען דעם מעהר ניט ריידען!
חנה האָט א קוק געטאָן אויף איהר מאן, עטוואָס איבערראשט פון זיין האנדלונג... וואָס קען דאָס זיין? ער איז דאָך אלע מאָל אזוי צערטליך... עפּעס שטעקט דאָ אין דעם. דער בריעף מוז זיין זעהר וויכטיג... ווער ווייסט... איז עס מעגליך, אז ... אָבער זי האָט פארטריבען אזעלכע געדאנקען פון איהר מוח... ניט איהר יואל דוד... וואָס הייסט, ווי אזוי פאלט איהר גאָר איין צו פארדעכטיגען איהם... ער האָט קיינמאָל ניט געהאט צו טאָן מיט קיין אנדערע פרויען. זי איז גרייט צו שווערען פאר איהם...
— גוט, יואל דוד, איך וועל פון דיר ניט פארלאנגען דו זאָלסט מיר

זאָגען וואָס דאָס איז פאַר א בריעף און ווער האָט עס דיר געשריבען! אָבער איך בין נייגעריג צו וויסען פון וואָס פאַר א שטאָדט ער קומט... דאָס אַם ווייניגסטען קאָנסטו מיר זאָגען, דאָס קאָנסטו דאָך זעהן פון שטעמפּעל אויף דעם קאָנווערט. קיין אנדערע פראַגען וועל איך דיך ניט פרעגען.

— ער קומט פון וואַרשע, נו איצט ביזטו שוין צופרידען?

— אָבער ווי קומט עס, אז דער פּאָטשטאַליאָן האָט דיר דעם בריעף ניט געבראַכט; נאָר א שייגעץ.

— דו האָסט דאָך מיר געזאָגט, אז דו וועסט מיר מעהר ניט פרעגען.

— יע, אָבער וואָס הייסט, א בריעף וואָס קומט אָן צו דיר פון וואַרשע, זאָל דיר דער בריעף־טרעגער ניט ברייגגען, נאָר עפּעס א שייגעץ.

— ווייל דער בריעף איז געשיקט געוואָרען אויף אַן אנדער אדרעס.

— צו וועמען איז ער ארויסגעשיקט געוואָרען?

— ווייטער פראַגעס! דו זעהסט שוין ווי דו האַלסט ניט דיין וואָרט. איך בעט דיר, לאָז מיך צורוה. וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיר! איך בין דיר ניט מחויב צו זאָגען אַלעס...

— א מאַן דאַרף ניט האָבען קיין סודות פון זיין וויב — האָט זיך חנה גענומען ברוגז'ן.

— איך האָב ניט קיינע סודות... אָבער איך האָב פיינט, אז מען קריכט מיר אריין אין די ביינער... האָב געדולד! ווען איך וועל געפינען פאַר נויטיג, וועל איך דיר אַליין זאָגען! וואָס בין איך עפּעס ביי דיר, א הפקר יונג?... דו דאַרפסט מיר געטרויען... אז איך זאָג דיר, אז עס איז גאָרניט, דאַרפסטו מיר קיין קשיות ניט פרעגען.

— האָב קיין פאַראיבעל ניט, יואל דוד! — האָט זיך חנה גענומען פאַרענטפערען.

זי האָט שוין גענומען מערקען, אז ער ווערט אין כעס און זי האָט געוואוסט, אז זי דאַרף איהם מעהר ניט באַלעסטיגען... אזא מאַן ווי ער דאַרף מען זיין קלוג גענוג ניט צו יאָדען צופיעל. זי האָט שוין מעהר ניט גערעדט. זי האָט זיך באַשעפטיגט מיט איהר קינד און יואל דוד האָט זיך געזעצט ביי זיין טישעל און געקוקט אין א ספר.

ווען דאָס קינד איז איינגעשלאָפען, האָט זיך חנה א ווייל'ע ארומגע־דרעהט אין צימער און זיך באַשעפטיגט מיט מאַכען אביסעל אָרדנונג אין צימער... ביידע האָבען א ווייל'ע געשוויגען. אָבער כדי צו ווייזען יואל דוד'ן, אז זי איז אויף איהם ניט ברוגז, איז זי צו איהם צוגעקומען און מיט א צערטליכער שטים איהם געפרעגט:

— יואל דוד, אפשר ביזטו הונגעריג? קום דו וועסט עפּעס צובייסען.

— ניין, חנה'לע, איך בין ניט הונגעריג! — האָט ער געענטפערט.

— איך ווייס ניט וואָס מיט דיר איז, דו האָסט אין גאַנצען פאַרלאָרען דעם אפּעטיט... זאָג מיר, טייערער, אפשר זאָל איך מאַכען פאַר דיר בולבענע לאַטקעס. דו האָסט דאָך עס אזוי ליעב.

— אַז איך בין ניט הונגעריג! נאָך מעריב וועלען מיר דאָך עסען אווענט־ברויט.

— נו, וועל איך הייסען מאַכען דעם סאַמאָוואַר!

— פאַר מיר אַליין ניט!...

— איך און די מאַמע וועלען אויך טרינקען, גוט. איך גייה הייסען מאַכען דעם סאַמאָוואַר.

— חנה איז אַרויס פון איהר צימער און זי האָט געטראָפען איהר מאַמע׳ן אין דער סטאָלאָווע. זי איז געווען אומרוהיג און צעשטרייט. זי האָט אַ וואונק געטאָן צו חנה׳ן.

— איך קען ניט פאַרשטעהן וואָס עס איז געוואָרען מיט דיין מאַן! מיר דאַכט זיך, אַז ער איז אויף מיר אָנגעשטויסען. איך וויים ניט פאַרוואָס! איך האָב איהם קיין שלעכטס ניט געטאָן. דו ווייסט דאָך וואָס פאַר אַ גאָב איך האָב געגעבען דיין טאַטע׳ן, ווען ער האָט אָנפאַנג ווינטער געשפּילט אַ שטיקעל ברוגז מיט איהם... און פריהער, אַז דער שנץ האָט איהם גע־בראַכט דעם בריעף, און איך טהו איהם אַ פרעג, וואָס איז דאָס פאַר אַ בריעף? ענטפערט ער מיר: "איך וויים ניט!" זאָג איך צו איהם: "גיב אַ קוק, ועסטו וויסען!" ענטפערט ער, אַז ער האָט צייט און איז אַריין אין זיין צימער און מיך איבערגעלאָזט ווי אַן "אָפּגעשמיסענע". מילא, איך וויים, אַז ער איז אביסעל אויפגערעגט, און איך האָב אויף איהם קיין פאַראיבעל ניט... אָבער איך בין טאַקע זעהר נייגעריג צו וויסען וואָס דאָס איז פאַר אַ בריעף... איך האָב ניט געוואָלט אַריינגעהן צו אייך אין צימער. און איך האָב שוין קוים דערוואַרט, אַז דו זאָלסט אַרויסקומען. זאָג מיר, קינד מיינס, וואָס פאַר אַ בריעף האָט ער ערהאַלטען? פון וועמען איז עס?

— איך וויים ניט, מאַמע — ענטפערט איהר חנה.

— וואָס, דו אויך, מיין טאָכטער, די ווילסט מיר אויך ניט זאָגען!

— איך זאָג דאָך דיר, מאַמע, אַז איך וויים אַזוי פיעל ווי דו.

— איך זעה שוין, אַז איהר ווילט שוין עפּעס באַהאַלטען פון מיר... מסתמא האָט ער דיר אָנגעזאָגט, דו זאָלסט מיר ניט דערצעהלען. נו, מילא, דיין מאַמע האָט טאַקע ניט פאַרדינט, אַז דו זאָלסט זיך טיילען דיינע סודות מיט איהר...

— פאַרוואָס זאָלסטו מיר ניט גלויבען, מאַמע, ווען איך זאָג דיר, אַז איך האָב קיין אהנונג ניט וואָס פאַר אַ בריעף דאָס איז.

— האָסטו זיך גאָרניט פאַראינטערעסירט צו וויסען?

— יע, מאַמע, איך האָב איהם געפרעגט... אָבער ער האָט מיר געגע־בען דעם זעלבען ענטפער... איך בין צו איהם צוגעשטאַנען, ער זאָל עפענען דעם בריעף און מיר זאָגען פון וואַנען עס קומט. אָבער ער האָט עס ניט געוואָלט...

— דאָס קען איך שוין ניט פאַרשטעהן! — האָט ריינקע אויסגערופען — וואָס הייסט, ער זאָל אויך דיר ניט וועלען זאָגען!

— אַז איך האָב איהם גענומען אביסעל יאָדען, ער זאָל מיר זאָגען

עפּעס וועגען דעם, איז ער געוואָרען אויפגערעגט, און איך האָב איינגעזעהן, אז עס וועט זיין בעסער מעהר איהם ניט צו באַלעסטיגען וועגען דעם.

— זעהסטו, דאָס איז שוין אַ רעטעניש! ווי קומט עס צו יואל דוד'ן... וואָס הייסט, ער האַלט פון דיר סודות! דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך הער עס...

— נו, וואָס זאָל איך טאָן, מאמע. זאָל איך זיך מיט איהם קריגען צוליב דעם. ער איז זעהר אויפגערעגט... אפשר מיט דער צייט וועט ער מיר דערצעהלען וועגען בריעף... דערווייל טענה'ט ער, אז מען דאַרף האָבען געדולד.

— אַ פיינע זאַך געדולד! דו זעהסט דאָך, אז איך אַליין שטאַרב צו וויסען וואָס דאָס איז פאַר אַ בריעף, פון וואַנען עס קומט, און ווער האָט עס איהם געשיקט.

— אַלעס וואָס איך האָב פון איהם ארויסבאקומען, אז דער בריעף קומט פון וואַרשע.

— זאָל איך אזוי וויסען פון בייז! וואַרט, מאמע, מיר דוכט זיך, אז איך שטויס זיך אָן... דו געדענקסט דאָך דאָן, ווען עס האָט זיך געטומעלט מיט שייקע פייפער'ן, מיט זיין הוספה און מיט'ן קאָנטראַקט. יע, איינינע טעג פאַר דעם האָט ער זיך מיט מיר פאַנאַנדערגערעדט וועגען דעם, אז איהם וואָלט זעהר גרינג געווען צו באַקומען אַן אַנדער שטעלע. אז עס געפינען זיך וויכטיגע מענשען פון גרויסע שולען, וועלכע וואָלטען איהם געוואָלט אָנ־שטעלען פאַר אַ חזן... ער האָט אויך געהאַט דערמאָהנט די שטאָדט וואַרשע.. נו, ווייזט אויס, אז מען שרייבט איהם פון דאָרט וועגען דער שטעלע.

— טאָ וואָס זשע האָט ער מורא צו ווייזען דעם בריעף? ער וועט דאָך אַלץ איינס ניט אוועקפאָהרען פון ווילנע... מען האָט דאָך נאָכגעגעבען אַלע זיינע פאָדערונגען.

— ווער ווייסט! — האָט חנה אַ זיפץ געטאָן — אפשר האָט ער נאָך אַלץ אין זינען צו פאָהרען. ער האָט מיר דאָן געזאָגט, אז אין געוויסע פּלע־צער באַט מען איהם אַן פינף מאָל אזוי פיעל געלט.

— נארישקייטען! ער וועט פון דאַנען ניט אוועקפאָהרען. ניט די וויל־נער קהילה וועט איהם אוועקלאָזען פון זיך און ניט מיר וועלען איהם לאָזען אפּפאָהרען פון דאַנען. וואָס פעהלט איהם דאָ, חלילה. יעדענפאַלס, וואָס עס זאָל ניט זיין, האָסטו, זיין פרוי, אַ רעכט צו וויסען.

— מיין האַרץ זאָגט מיר, אָז ער האָט באַשלאָסען צו פאַרלאָזען ווילנע, ווייל דו געדענקסט דאָך, מאמע, ווי איינגעשפּאַרט ער איז געווען, ווען מען האָט פון איהם פאַרלאַנגט ער זאָל אונטערשרייבען אַ קאָנטראַקט אויף פינף יאָהר. ער האָט אויף מעהר ווי איין יאָהר זיך ניט געוואָלט אונטערשריי־בען... מן הסתם האָט מען איהם איצט געשיקט אַ בריעף, וואו מען באָט איהם אָן גאָר אַ גרויסע שכירות.

— טאָ וואָס איז דאָס פאַר אַ סוד? אם וויניגסטען האָט ער דיר באַ־

דארפט אלעס דערצעהלען... וואס מיינט ער, אז דו דארפסט ניט וויסען פון דעם.

— איך וועל דיר זאגען, מאמע, עס קען זיין, אז ער האט ניט געוואלט, אז דו און דער טאטע זאלען וויסען פון דעם, האט ער מיר דערוויייל אויך ניט געוואלט זאגען, ווייל ער ווייסט, אז איך האב פון אייך קיינע סודות.

— נו, מילא... וועלען מיר קליגער ווערען מיט א טאג שפעטער. מן הסתם וועט ער דיר דערצעהלען אין א טאג ארום... וואס מיר פארדריסט, איז דער אופן ווי ער האט מיר געענטפערט ווען איך האב איהם געפרעגט. פונקט ווי איך וואלט געווען א פרעמדע. איך בין זיכער, אז זיין מומע יאכע'ן וואלט ער ניט געענטפערט מיט אזא בייזקייט.

— אה, דאס דוכט זיך דיר, מאמע, עס איז שוין צייט, אז דו זאלסט מיין יואל דוד'ן פארשטעהן. ער איז דאך א גאלד, א בריליאנט. אבער ער איז ניט מעהר ווי א מענש, נו, ווערט ער אויפגערעגט.

## קאפיטעל 8

יואל דוד אליין איז שוין געווארען אומגעדולדיג צו לייענען דעם בריעף. ער האט זיך אבער באהערשט. ער האט ניט געוואלט, אז מען זאל איהם זעהן לייענענדיג. חנה'לע איז מיט א כיון ארויס פון צימער, כדי איהם צו געבען א געלעגענהייט צו לייענען דעם בריעף, אבער ער האט עס ניט געטאן, ווייל ער האט מורא געהאט, טאמער וועט חנה'לע אריינקומען אין מיטען לייענען און דאן וועט זי ווידער נעמען צושטעהן צו איהם.

ווען אבער ער האט געזעהן, אז זי זאמט זיך, האט ער ארויסגענומען דעם בריעף פון זיין בוזים קעשענע און וועגדענדיג זיינע אויגען צו דער טיר, האט ער שנעל, מיט צאטערענדע פינגער, אויפגעעפענט דעם קאנווערט. ער האט ארויסגענומען דעם בריעף און אריינגעלייגט אין ספר. דער בריעף איז געווען געשריבען אין פויליש און ער האט גענומען לייענען.

"מיין ליבער, ווירדיגער פריינד פאן סטראשונסקי!

"היבשע עטליכע מאנאטען זיינען שוין פאראיבער זינט מיר האבען זיך לעצטענס געזעהן און גלויבט מיר, אז איך האב פון אייך ניט אויפגע־הערט צו טראכטען. אין מיינע אויערען קלינגען נאך איצט אפ די פרעכטיגע טענער פון אייער וואונדער שעהנער שטימע... און איך ווארט שוין מיט דער גרעסטער אומגעדולד אויף דעם קומענדען סעזאן, ווען איהר וועט קומען אהער, לויט אונזער קאנטראקט און שפילען די הויפט ראלע פון מיין אפערא 'האלקא" . . . איך שטעל זיך פאר דעם גרויסען פוראר, דעם שטארקען רושם, וואס אייער זינגען וועט ארויסרופען צווישען אלע ליעבהאבער פון מוזיק אין ווארשע.

"איך מוז אייך אבער שרייבען דעם אמת, אז איך האב שוין באגעגענט פילע שטרויכלונגען אין מיין וועג. איך האב, פארשטעהט זיך, שוין באצייטענס גענומען צוגרייטען מיינע פריינד און באקאנטע, די וועלכע זיינען

אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם ערפאָלג פון מיינע אָפּעראַס. און צו מיין גרויס איבערראַשונג האָב איך אויסגעפונען, אַז אַפילו זיי, די אַזוי גערופענע אַריסטאָקראַטען און געבילדעטע מענשען, האָבען אַ פאָראורטייל געגען אידען. און האָבען גענומען אַרויסווייזען גרויסע עקשנות . . . זיי האָבען אַפילו מיר געסטראַשעט צוריקצוציהען אַלע זייערע ביישטייערונגען און הילף צו דער אָפּערא, אויב איך וועל באַשטימען אַ אידען פאַר דער הויפּט ראָלע פון מיין אָפּערא "האַלקאַ".

"איך קאָן זיך פאָרשטעלען ווי איהר טראַכט זיך איצט, לייענענדיג מיין בריעף . . . איהר זייט אויפגערעגט און איהר ווילט מאַכען אַ באַשלוס צו ברעכען אונזער קאָנטראַקט. עס פאַרשטעהט זיך, אַז אייער שטאָלץ וואָלט אייך עס באַרעכטיגט צו טאָן, אָבער איך האָב ביי זיך באַשלאָסען אָנצולערנען אָט די דאָזיגע שמאָלקעפּיגע אַנטיסעמיטען . . . איך וויים, אַז עס וועט קומען אַ צייט, און טאַקע גאָר אין דער נאָהענטער צוקונפט, אַז אָט די אַלע אייערע געגנער און שונאים וועלען פאַלען און קניהען זיך פאַר אייך. זיי וועלען זיך פיהלען שטאָלץ ווען זיי וועט איהר אַרויסווייזען אַ שמייכעל, פונקט ווי עס האָט פּאַסירט אין דער הויז פון מיין פריינד, פּאַן קרוזשענסקי. עס איז דאָך איבעריג פאַר מיר אייך צו דערמאָנען ווי זיין טאָכטער נאַסטאַשאַ איז געווען דאַגעגען איהר זאָלט קומען צו זיי אין הויז. זי האָט זיך ניט געשעהמט צו זאָגען, אַז זי וויל ניט אָטעמען די לופט פון צימער, וואו אַ איד געפינט זיך . . . און וואָס איז געווען שפּעטער ? . . . יאָ, איהר ווייסט דאָך, אַז נאַסטאַשאַ האָט זיך געשעצט גליקליך וואָס איהר זייט געקומען אַ צווייטען מאָל און איך וויל אייך אַנטדעקען אַ סוד, אַז די זעלבע נאַסטאַשאַ, וועלכע פלעגט אויפשוידערען, ווען זי פלעגט הערען דעם נאָמען איד, האָט זיך ניט געשעהמט מיר צו שרייבען, אַז זי וואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולד אויף דער צייט, ווען זי וועט קאָנען זינגען אין כאָר פון דער אָפּערא, וואו דער פּאַן סטראַשונסקי וועט שפּילען די הויפּט ראָלע. זי באַקלאָגט זיך אין איהר בריעף צו מיר, אַז זינט יענעם אָוועגט, ווען מיר האָבען געשלאָסען דעם קאָנטראַקט, האָט איהר זיי נאָך קיינמאָל ניט באַזוכט . . . איצט קאָן איך פון דעם דרינגען, אַז די אַלע אייערע געגנער, וועלכע האָבען פאָראורטייל געגען אייך צוליב אייער ראַסע, וועלען זיך אויך ענדיגען צום בעסערען אַזוי שנעל, ווי זיי וועלען אייך הערען זינגען.

"איך האָב זעהר פיעל געטראַכט פון דעם. איך האָב אויסגעאַרבייט פאַרשידענע פּלענער ווי אַזוי איבערצוצייגען די דאָזיגע אַנטיסעמיטען, וועלכע זיינען אַזוי פאַרבלענדט פון זייער פאָראורטייל געגען אידען, אַז זיי ווילען ניט צולאָזען דעם געדאַנק, אַז זיי וועלען האָבען וואָס צו טאָן מיט אידען. איצט האָט עפּעס פּאַסירט וואָס איך גלויב, אַז עס וועט מיר געבען אַ גוטע געלעגענהייט דורכצופיהרען מיין פּלאַן. מיט אַ וואָך צוריק האָט דאָ אויסגעבראָכען אַ שרפה אויף דער אַגראַדאָווער גאַס, וואו בלויז אידען האָבען געוואוינט. פיעלע פון די אידישע שכנים זיינען געבליבען הויל־נאַקעט און אָהן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ. איך האָב געהערט, אַז מען זוכט מיטלען ווי

אזוי צו העלפען די אומגליקליכע אידישע נשרפים. איך האב גראד א גוטען אידישען פריינד אין ווארשע. זיין נאמען איז מתתיהו ראזען. ער איז דער פארזיצענדער פון די דאזארען פון דער ווארשעווער קהילה. ביז איך צו איהם אוועק און איך האב איהם געזאגט, אז איך האב א פלאן ווי אזוי צו שאפען דאס געלד פאר די אומגליקליכע. איך האב איהם דערצעהלט וועגען דיר אלס ווילנער שטאדט חזן און וועגען דיין וואונדער שעהנער שטימע. און איך האב איהם פארגעשלאגען, אז דו זאלסט קומען אהער אנפאנג זומער מיט דיין כאר און אפגעבען א קאנצערט אין איינעם פון די גרעסטע ווארשעווער זאלען. איך האב איהם פארזיכערט, אז דער קאנצערט וועט זיין דער גרעסטער ערפאלג, ווייל איך וועל שוין זעהן, אז די גאנצע פוילישע אריסטאקראטיע זאל קומען צום קאנצערט. דורכדעם, האף איך, אז מיר וועלען דערגרייכען צוויי צילען. איין ציעל טאקע צו העלפען די אומגליקליכע נשרפים און דער צווייטער ציעל וועט זיין צו געווינען אלע אנטיסעמיטען, וועלכע האבען פאראורטיילען געגען דיר צוליב דיין ראסע. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז דו וועסט אויפשטורעמען גאנץ ווארשע און עס פארשטעהט זיך, אז דאס וועט פארזיכערען אויך דעם ערפאלג פון מיין אפערא "האלקא" . . . ווייל פילע פון די אריסטאקראטען האבען געדראהט צו באיקאטירען מיין אפערא, אויב די הויפט ראלע וועט געשפילט ווערען פון א אידען . . . עס פארשטעהט זיך, אז נאכדעם, ווען זיי וועלען הערען דיין קאנצערט, וועלען זיי שוין בייטען זייערע מיינונגען, פונקט ווי נאסטאשא האט עס געטאן . . . איך בין זיכער, אז דו וועסט ניט האבען דאגעגען און כדי דו זאלסט קיינע שוועריגקייטען ניט האבען צו איבערצייגען דיין משפחה וועגען דעם וואוילטעטיגען צוועק פון דיין קאנצערט, האב איך גע'פועל'ט ביי מיין פריינד, דער פאן מתתיהו ראזען, אז ער זאל דיר שרייבען א בריעף אין דיין אייגענער שפראך העברעאיש און ער וועט פון דיר פארלאנגען צו קומען העלפען די אומגליקליכע. אין יענעם בריעף וועסטו אויך געפינען דריי הונדערט רובעל אויף הוצאות פאר דיר און דיין כאר, ווייל מיר ווילען, אז דו זאלסט אהער קומען מיט דיין כאר. ראזען'ס בריעף און די געלד וועסטו קריגען ביי מיין פריינד, פאן קרושעוסקי. ער האט געקראגען א באזונדערען בריעף פון מיר און ער וועט דיר געבען מעהר אייגצעלהייטען. אין דעם צווייטען בריעף פון ראזען וועסטו אויך אויסגעפינען דעם גענויען טאג פון קאנצערט, וואס, איך גלויב, וועט פארקומען סוף מאנאט יוני.

"איך פארלאנג פון דיר, אז דו זאלסט, דורך מיין פריינד קרושענסקי, מיר געבען אן ענטפער.

"האפענדיג, אז דיין ענטפער וועט אונז אלעמען צופרידענשטעלען, ערווארט איך דיין קומען אין ווארשע מיט גרויס אומגעדולד.

דיין פריינד,

סטאניסלאוו מאניושקא".

יואל דוד האט פארענדיגט לייענען דעם בריעף און דאס בלוט האט

איהם א זעץ געטאָן אין פּנים. ער האָט איהם שנעל צוריק אריינגעלייגט אין קאָנווערט און דאָן אין בוזים קעשענע.

זיינע געדאַנקען האָבען גענומען ארבייטען זעהר שנעל. וועה ווייסט אפשר איז עס טאַקע א וואונדערבארער פּלאַן . . . דער אידישער דאָזאַר, מתתיהו ראָזען, שרייבט איהם א באַזונדער בריעף . . . אויב אַזוי וועט ער קאָנען אנטדעקען דעם גאַנצען פּלאַן צו חנה'לען און זיין שווער און שוויגער . . . וואָס אָבער וועט ער טאָן מ'ט דעם בריעף פון מאַניושקאַ? ווי לאַנג וועט ער קאָנען עס באַהאַלטען פון זיי? . . .

באַלד איז יואל דוד'ן געקומען א געדאַנק. די בעסטע זאַך וואָלט געווען, ווען ער געהט באַלד אוועק צו דעם פּאַן קרוזשענסקי אין הויז און קריגט דאָרט דעם העברעאישען בריעף פון מתתיהו ראָזען מיט די געלד. דאָן וואָלט ער געקאָנט זאָגען, אַז דאָס איז דער בריעף, וואָס ער האָט היינט ערהאַלטען דורכ'ן שייגעץ און ער וואָלט אַלעס געקאָנט ערקלעה־רען. און ווען ער וועט זיי נאָך באַווייזען די דריי הונדערט רובעל הוצאות, וועט עס דאָך געוויס אַלעס באַשטעטיגען.

חנה'לע איז אריינגעקומען און אונטערבראָכען זיינע געדאַנקען. ער האָט זיך פאַרטיפט אין ספר.

— יואל דוד, דער סאַמאָוואַר זידט שוין, קום אריין טרינקען טיי.

יואל דוד האָט פאַרמאַכט דעם ספר און שווייגענדיג אריין אין סטאָ־לאָווע. ער האָט זיך געזעצט ביים טיש און חנה'לע האָט אָנגעגאָסען א גלאָז טיי פון סאַמאָוואַר.

ריינקע איז געזעסען ביים צווייטען טיש און געשוויגען. איהר פּנים איז געווען עטוואָס פאַרכמורעט . . . זי האָט פון א זייט געוואָרפען עטליכע דורכדרינגענדע בליקען אין יואל דוד'ס ריכטונג און זי האָט געמערקט ווי ער איז צערודערט און נערוועאיש. "ער האָט שוין געוויס דורכגעלייענט דעם בריעף", איז זי געקומען צום באַשלוס. זי האָט אָבער באַשלאָסען מעהר איהם ניט צו פרעגען וועגען דעם. דאָס דאַרף זיין איצט זיין ווייב'ס אויפ־גאַבע.

חנה'לע האָט איהם דערלאַנגט א טעלער מיט הייסע קאַרטאָפעל לאַטקעס און כאָטש יואל דוד האָט איהר געזאָגט, אַז ער איז ניט הונגעריג, איז זי צו איהם צוגעשטאַנען ער זאָל עסען.

ער האָט איהר געפאָלגט און געגעסען. חנה'לע האָט אָנגעפילט פאַר איהם א צווייטע גלאָז טיי. און ווען ער האָט אָנגעפאַנגען טרינקען, האָט זי זיך צוגעזעצט לעבען איהם און אריינקוקענדיג איהם אין פּנים, האָט זי זיך אָנגערופען:

— יואל דוד, איך ווייס, אז איך האָב דיר צוגעזאָגט מעהר ניט צו באלעסטיגען וועגען בריעף, אָבער די מאַמע פיהלט זיך עטוואָס באליידיגט פון דעם ענטפער, וואָס דו האָסט איהר געגעבען. זי מיינט, אז מיר האָסטו געזאָגט און מיר ווילען עס פון איהר פארבאָרגען.

— נו, הער זיך איין, טאָכטער. ערשטענס, פיהל איך זיך ניט באליי־דיגט . . . איך פארשטעהע, אז א מענש קאָן אמאָל זיין ניט אויפגעלייגט און איז א שלעכטער שטימונג. און דאָס, וואָס דו זאָגסט מיר, אז איך גלויב דיר ניט, אז ער האָט אויך דיר ניט דערצעהלט וועגען בריעף, פארזיכער איך דיך, אז איך גלויב דיר יאָ.

— וואָס איז דאָ צו גלויבען אָדער ניט צו גלויבען! — האָט יואל דוד אויסגערופען. — איך האָב נאָך דעם בריעף ניט געלייענט און ווען איך וועל איהם איבערלייענען, וועט איהר אלע וויסען דעם אינהאַלט פון בריעף

— ביזטו גאָר ניט פאראינטערעסירט צו וויסען וואָס דאָס איז פאר א בריעף? — האָט איהם חנה'לע געפרעגט.

— ניין! איך וויל זיך אליין אויספּרובירען וויפיל געדולד איך באזיץ און איך האָב ביי זיך אפּגעמאַכט ניט צו לייענען דעם בריעף ביז ביינאַכט... און איך האָף, אז אויך איהר וועט האָבען געדולד ביז דאַן.

— דו ווייסט, מיין טייערער, אז איך האָב געדולד און אז דו ווילסט וועל איך דיר ווייזען, אז איך וועל מעהר קיין וואָרט ניט ריידען וועגען דעם ביז וואַנען דו אליין וועסט מיר דערצעהלען.

— ניט נאָר וועל איך דיר דערצעהלען, נאָר איך וועל דיר געבען לייענען דעם בריעף, ווען די צייט וועט קומען. און איצט וועל איך געהן דאווענען מנחה און מעריב. יאָ, איך וועל דיך זאָגען, חנה'לע, אז טאָמער וועל איך זיך פארשפּעטיגען אויף א ווייַלע, זאָלסטו זיך ניט זאָרגען.

— וואָס הייסט פארשפּעטיגען! וואו, א שטייגער, וועסט זיין?

— ווייטער פראַגעס! געדולד, מיין טייערע, האָב געדולד! איך וויל אז דו זאָלסט אויף מיר ניט וואַרטען מיט'ן עסען, ווייל איך בין שוין זאַט געוואָרען פון די עטליכע לאַטקעס, וואָס איך האָב געגעסען. קאָן זיין, אז שפּעטער, ווען איך וועל קומען אהיים, וועל איך דיר אלעס ערקלעהרען. איצט אָבער פארלאַנג איך פון דיר, אז דו זאָלסט מיר קיינע פראַגעס ניט פרעגען. און טאָמער וועל איך קומען גאָר שפּעט, זאָלסטו אויף מיר ניט וואַרטען און געהן שלאָפען.

— וואָס הייסט ביז גאָר שפּעט? — האָט חנה'לע א פרעג געטאָן.

— אָט זעהסטו, דו פרעגסט שוין ווייטער. אלעס וועט צו דיר קלאָהר ווערען, ווען איך וויל זיך צוריקקעהרען היינט ביינאַכט.

יואל דוד האָט אָנגעטאָן זיין מאַנטעל און די קאַלאָשען. חנה'לע האָט איהם געגעבען די שאַלקע און אליין זי פארוויקעלט ארום זיין האַלז.

— באַרוהיג זיך און האָב אַביסעל געדולד! — האָט יואל דוד איהר אַ קוש געטאָן און איז אַרויס פון הויז.

ווען יואל דוד איז שוין געווען אין דרויסען, האָבען זיך מאַמע און טאָכטער געשטעלט ביים פענסטער און איהם באַגלייט מיט זייערע בליקען.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגען, חנה'לע, אַז מיר געפעלט ניט דער גאַנ־צער ענין... וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ געהיימניש? וואָס פאַר אַ בריעף האָט ער באַקומען? און וואוהין געהט ער דאָס?

— היינט ביינאַכט וועל איך שוין אַלעס וויסען! איך האָב דעם פולען צוטרויען צו איהם און איך האָב אויך געדולד... דו האָסט דאָך געהערט, אַז ער וועט מיר געבען לייענען דעם בריעף, טאָ וואָס נאָך ווילסטו? ער האָט דאָך איהם נאָך אַליין ניט געלייענט!

— דו ווילסט איהם גלויבען, אַז ער האָט נאָך דעם בריעף אַליין ניט געלייענט, אָדער אַז ער האָט קיין אהנונג ניט פון וועמען דער בריעף איז אַהער געשיקט געוואָרען?

— מאַמע, איך האָב פולען צוטרויען צו מיין מאַן און איך גלויב איהם אַלעס וואָס ער זאָגט מיר, פונקט ווי דו גלויבסט דעם טאַטען אַלעס וואָס ער דערצעהלט דיר!

— איך פאַרזיכער דיר, חנה'לע אַז דיין טאַטע וואָלט קיינמאָל אַזוי ניט געהאַנדעלט געגען מיר. וואָס הייסט, ער וועט ערהאַלטען אַ בריעף אויף אַזאַ זאָנדערבאַרען אופן און ער וועט וויסען וואָס פאַר אַ בריעף דאָרט איז, און ער וועט איהם אַריינלייגען אין בוזים קעשענע און מיר ענטפערען, אַז ער ווייסט אַליין ניט, ווייל ער האָט נאָך דעם בריעף ניט געלייענט... ניין, טאָכטער, דיין טאַטע וואָלט קיינמאָל אַזוי ניט געהאַנדעלט.

— ווער ווייסט? — האָט חנה'לע געזאָגט — אפשר ווען די אומשטענ־דען וואָלטען געווען די זעלבע וואָלט דער טאַטע אויך אַזוי געהאַנדעלט.

— נו מילא, זאָל זיין אַזוי... אַז דו האָסט געדולד, וועל איך שוין אויך האָבען געדולד — האָט מיינקע געזאָגט.

## קאַפּיטעל 9

יואל דוד איז אַוועק אויפ'ן שוהל הויף און געדאַווענט מנחה. אַ ווײלע האָט ער זיך אַרומגעדרעהט און ווען עס איז שוין געוואָרען טונקעל און מען האָט שוין אָנגעפאַנגען צו דאַווענען מעריב אין פּאַליש פון שוהל, האָט ער זיך געשטעלט אָן אַ זייט און געדאַווענט מעריב.

נאָכ'ן דאַווענען איז יואל דוד אַוועק צו קרוזשענסקי'ס הויז. ער האָט זיך דאָרט אַרומגעדרעהט אַ קליינע ווײלע, איידער ער האָט ביי זיך באַשלאָ־סען אַריינצוגעהן. אין דרויסען איז געווען גוט פינסטער און פראָסטיג. אַ שיטערער טרוקענער שנעע איז געפאַלען. ער האָט אַריינגעקוקט אין די פענ־סטער פון קרוזשענסקי'ס הויז. דאָרט איז געווען ליכטיג אין אַלע צימערען... זאָל עס זיין אַז זיי ריכטען זיך אויף איהם?

יואל דוד האָט זיך געפּאַסט מוט און ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיהר. ווי צעטומעלט איז ער געוואָרען ווען ער האָט דערזעהן נאַסטאַשאַ'ן עפענענ־דיג די טיהר.

— אַ, דער פּאַן סטראַשונסקי! — האָט נאַסטאַשאַ אויסגערופען מיט גרויס פרייד און איהם דערלאַנגט איהר צאַרטע ווייסע האַנט. ערוואַרטענדיג אַז ער וועט איהר האַנט אָננעהמען און זי צוטראָגען צו זיינע ליפּען, ווי זי איז געוועזען געוואוינט ווען די פּוילישע יונגע לייט פלעגען קומען זי באַזוכען.

יואל דוד האָט אָבער לייכט אָנגערירהרט איהר האַנט פון יוצא וועגען, און כאָטש זי האָט זיך געפיהלט עטוואָס באַליידיגט, איז זי אָבער געוועזען אַזוי צופרידען מיט זיין באַזוך, אַז זי האָט איהם אין הארצען מוחל געווען, וויסענדיג אַז ער טהוט עס ניט מיט אַ כיון, נאָר ווייל ביי זיי פיהרט מען זיך אויף אַנדערש.

— ווילקאָמען! ווילקאָמען! — האָט נאַסטאַשאַ אַ זאָג געטאָן און געבעטען ער זאָל איהר געבען זיין מאַנטעל און הוט.

יואל דוד האָט אויסגעטאָן זיין מאַנטעל און איהר געגעבען אויך זיין הוט. אָבער יואל דוד האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט.

— אַ, ענטשולדיגט, פּאַן סטראַשונסקי — האָט זי לאַכענדיג געזאָגט — איך האָב גאָר פאַרגעסען אַז אייער רעליגיע ערלויבט אייך ניט אַרונטער־צונעהמען די הוט. קומט אַריין. — זי האָט אויפגעעפענט פאַר איהם די טיהר און דערווייל איבערגעגעבען זיין מאַנטעל צו דער דינסט.

קרוזשענסקי און זיין פרוי האָבען איהם זעהר וואַרעם באַגריסט און געדריקט די האַנט.

— איהר זייט ווירקליך אַן אַנגעלעגטער גאַסט — האָט קאַטערינאַ איהם געבעטען זיך זעצען, — מיר האָבען זיך געוואונדערט וואָס איהר האָט אונז נאָך קיין איינציגען מאָל ניט באַזוכט זינט אונזער פריינד פּאַן מאַניושקאַ איז אוועקגעפאָהרען.

— דעם אמת זאָגענדיג האָב איך שוין געוואָלט קומען צו אייך און אייך איינלאַדען צו אונז אויף אַ מוזיקאַלישען אָוענד, אָבער איך האָב זיך געטראַכט אַז אייך וועט אפשר ניט זיין אָנגענעהם, ווייל איהר ווילט נאָך ניט אַז מען זאָל ביי אייך אין דער משפחה וויסען וועגען אייער אָפּמאַך מיט מאַניושקאַ'ן — האָט קרוזשענסקי זיך אָנגערופען.

— איך דאַנק אייך זעהר! — האָט יואל דוד עזאָגט — עס איז ריכטיג, קיינער ווייסט נאָך ניט וועגען דעם, און איהר האָט גוט געטאָן.

— אָבער מיר האָבען זיך געפיהלט שטאַרק פאַרנאַכלעסיגט — האָט נאַסטאַשאַ אַ זאָג געטאָן צושמייכלענדיג — מיר האָבען ערוואַרטעט אַז איהר זאָלט אונז באַזוכען גאַנץ אָפט.

— איך בין געווען זעהר פאַרנומען! — האָט יואל דוד געזאָגט.

— איך בין זיכער אז ווען איהר וואלט נאר געוואלט וואלט איהר שוין געפונען אן אוועגד. איהר וואלט שטענדיג געווען ווילקאמען ביי אונז... נאר איך גלויב אז איהר זייט אויף מיר אין כעס. ניט אמת. פאן סטראשונסקי?

— האט נאסטאשא זיך געווענדעט צו איהם.

— א, ניין! — האט יואל דוד געזאגט — איך האב ווירקליך קיין צייט ניט געהאט. די אומשטענדען זיינען געווען אזעלכע...

— איצט דערצעהלט אונז וועגען אייערע פלענער! — האט קרוזשענסקי זיך צוגעזעצט נעבען איהם. וואס שרייבט אייך דער פאן מאניושקא?

יואל דוד האט איבערגעגעבען דעם אינהאלט פון בריוו, אויסער דעם וואס ער שרייבט וועגען נאסטאשא׳ן, און קרוזשענסקי האט זיך אנגערופען:

— יע, מיר האבען אויך ערהאלטען אייניגע בריעף פון פאן מאניושקא. איך גלויב אז דאס איז אן אויסגעצייכענטער פלאן. נאסטאשא, ברייננ אריין די בריוו און די געלט וואס מאניושקא האט אונז געבעטען איבערגעבען צו דעם פאן סטראשונסקי׳ן.

נאסטאשא האט אריינגעבראכט דעם בריעף פון דעם ווארשעווער דאזאר מתתיהו ראזען און אויך דעם פעקעל געלט פון דריי הונדערט רובעל.

יואל דוד האט אויפגעעפענט דעם בריעף פון מתתיהו ראזען, וואס איז געווען געשריבען אין העברעאיש. ער האט שנעל דורכגעלייענט.

אין בריעף האט איהם ראזען געשריבען וועגען דעם פלאן אז ער זאל קומען קיין ווארשע געבען א קאנצערט לטובת די געליטענע און אז אלע הכנות וועלען געמאכט ווערען פאר דעם קאנצערט, וואס וועט געגעבען ווערען דעם לעצטען טאג פון יוני, און אז זיי האבען געקראגען די פארשפרעכונג פון חשוב׳ע רייכע קריסטען, וועלכע וועלען טאן אלעם וואס מעגליך צו העלפען. ער האט אין בריעף אויך אויסגעדריקט די האפנונג אז ער, יואל דוד, וועט זיך ניט ענטזאגען אונטערצונעהמען צו טאן אזא גרויסע מצוה און צו קומען מיט זיין כאר קיין ווארשע גלייך נאך שבועות. און צו דעם צוועק שיקען זיי איהם ארויס דריי הונדערט רובעל אויף הוצאות פאר זיך און פאר זיין כאר און אויב עס וועט ניט קלעקען זאל ער איהם שרייבען וועט מען איהם ארויסשיקען נאך געלט.

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף יואל דוד׳ס פנים ווען ער האט געענדיגט לייענען דעם העברעאישען בריעף. ווי קלוג מאניושקא האט געהאנדעלט. ער האט געוואוסט אז ער וועט דארפען ווייזען אט דעם דאזיגען בריעף צו זיין משפחה און צו די בעאמטע פון ווילנער שטאדט שוהל, דאריבער האט ער געבעטען ראזען׳ען ער זאל גארניט דערמאנען זיין, מאניושקא׳ס, נאמען און אז עס זאל הייסען אז דאס געלט אויף הוצאות קריגט ער אויך פון דער ווארשעווער אידישער קהילה.

— נו, פאן סטראשונסקי, וואס איז אייער ענטפער? — פרעגט איהם קרוזשענסקי — וועט איהר פאהרען קיין ווארשע?

— איצט ווענדט זיך עס ניט אן מיר! — האט יואל דוד געענטפערט.
— וואס הייסט? ווער קאן אייך זאגען א דעה?
— מיינע שוהל בעאמטע קאנען מיר ניט דערלאזען!
— פארוואס ניט?
— ווייל מיין קאנטראקט ענדיגט זיך ערשט אין הערבסט!
— אבער זיי ווייסען דאך צוליעב וואס פאר א צוועק דו פאהרסט אפ קיין ווארשע, און איך בין זיכער אז זיי וועלען דיר ניט שטערען!
— איך האף אויך אזוי, אבער זיכער קאן איך ניט זיין! און אויסער דעם ווייס איך ניט אויב מיין כאר וועט איינוויליגען מיטצופאהרען מיט מיר קיין ווארשע.
— נו, דאס וועט ניט זיין קיין אפהאלט — האט קרושענסקי געזאגט — נאך אלעמען זיינען דאך אלע הויפטזעכליך פאראינטערעסירט אין דיר... יע, איך נעהם אן אז איהר וועט פאהרען! איצט צעהלט איבער דאס געלט.
— עס איז ניט נויטיג! — האט יואל דוד געזאגט און אריינגעלעגט דאס געלט אין זיין בוזים קעשענע. ער האט אויך ארויסגענומען מאניוש־קא'ס בריעף פון דעם קאנווערט און אהין אריינגעלעגט דעם העברעאישען בריעף פון מתתיהו ראזען.
— אויב איהר וועט פאהרען קיין ווארשע, וועל איך און נאסטאשא אויך אין איניגע וואכען שפעטער אפרייזען אהין — האט קרושענסקי געזאגט — איהר ווייסט דאך שוין אז מיין טאכטער וועט זינגען אין כאר פון דער אפערא און זי וועט זיך דערווייל דארט צוגרייטען און אין דער זעלבער צייט וועלען מיר האבען א געלעגענהייט צו הערען אייער קאנ־צערט. יע, איך האב אייך פארגעסען צו זאגען, דער פאן מאניושקא וויל אז איהר זאלט קומען איניגע וואכען פאר דעם קאנצערט, ווייל ער וויל אז אויסער אייערע אייגענע תפילות און געזאנגען זאלט איהר צייט האבען זיך אויסצולערנען איניגע אריעס פון דער אפערא אין וועלכער איהר וועט שפילען די הויפט ראלע.
— אויב עס וועט נאר זיין מעגליך וועל איך עס טאן! — האט יואל דוד געזאגט און זיך אויפגעשטעלט — איך מוז שוין געהן.
— וואס איילט איהר זיך? — האט נאסטאשא איהם געפרעגט — איהר זייט שוין ביי אונז ניט געווען איבער פינף מאנאטען. מיר האבען אויף אייך געווארט מיט גרויס אומגעדולד. פארברענגט נאך א ווייל מיט אונז. אט וועל איך שפילען די פיאנא און איהר וועט פאר אונז עפעס זינגען.
— צום באדויערען בין איך איצט ניט געשטימט צו זינגען! — האט יואל דוד געזאגט.

— אז איך וועל אָנפאנגען שפּילען וועט איהר קריגען די שטימונג — האָט נאסטאשא זיך געזעצט ביי דער פּיאַנאָ.

— איהר וועט מיר מוזען ענטשולדיגען, אָבער איך בין גראָד היינט איז אָוועגד זעהר פארנומען... מען וואַרט אויף מיר אין מיין הויז און איך וועל דארפען ערליידיגען געוויסע זאכען.

— וועט איהר מיר פארשפּרעכען צו קומען אהער א צווייטען אָוועגד? — האָט נאסטאשא געזאָגט.

— פארשפּרעכען קאָן איך ניט, אָבער אויב עס וועט זיך מיר מאכען א געלעגענהייט וועל איך זיכער זיך שעצען גליקליך צו קומען אהער נאָך אמאָל איידער איך וועל אָפּרייזען קיין ווארשע.

— נו, דו הערסט, נאסטאשא! — האָט קרוזשענסקי זיך צו איהר געווענדעט — קיין ווארשע וועט ער זיכער פאָהרען. איך וועל טאקע היינט שרייבען א בריעף צו מיין פריינד, פאַן מאניושקא, אז ער קאָן שוין אָנפאנגען צו מאכען די נויטיגע פאָרבערייטונגען פאר'ן קאָנצערט.

— נו, ווילט איהר טאקע אונז אזוי שנעל פארלאָזען! — האָט נאסטאשא מיט פארדרוס געזאָגט — און איך האָב געהאָפט צו האָבען א געלעגענהייט צו הערען היינט נאָך אמאָל אייער וואונדערשעהנע שטים. איצט פיהל איך זיך ענטוישט. איך בין זיכער אז איך וועל אייך שוין ניט הערען ביז דעם קאָנצערט אין ווארשע, וואו איך האָף אז איהר וועט האָבען דעם גרעסטען ערפאָלג.

— איך דאנק אייך זעהר! — האָט יואל דוד געזאָגט. — איהר זייט ווירקליך אַלע זעהר פריינדליך צו מיר און איך האָב עס ניט פארדינט. יע, איך מוז געהן.

נאסטאשא האָט אריינגערופען די דינסט און געהייסען ברענגען זיין מאנטעל. קרוזשענסקי, זיין פרוי און נאסטאשא האָבען איהם באגלייט ביז דער טיהר און האָבען זיך מיט איהם פריינדליך געזעגענט.

זייענדיג אין דרויסען, האָט יואל דוד זיך ארומגעקוקט און גענומען שטעלען שנעלע טריט. ער איז געווען צופרידען וואָס ער האָט זיך דאָרט לאַנג ניט פארזאמט. איצט וועט ער שוין וויסען וואָס זיי צו זאָגען. ער האָט ארויסגענומען מאניושקא'ס בריעף און איהם באהאַלטען ערגעץ אין אן אנדער קעשענע. ער איז געקומען אהיים און האָט געטראָפען אַלעמען ביים טיש. חנה האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר פּלאַץ און איז איהם אנטקעגען געגאנגען. זי האָט איהם געהאָלפען ארונטערנעהמען זיין מאנטעל.

— איך האָב געמיינט אז דו וועסט זיך זאמען! — האָט חנה געזאָגט.

— דאָך...

— יע, איך האָב אויך געמיינט. אָבער, איך האָב עס ניט געדאַרפט...

— חנה'לע האָט ניט געוואָלט עסען אָהן דיר! — האָט ריינקע א זאָג געטהאָן.

— נו, מאמע, האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז ער וועט זיך ניט זאמען?
— האָט חנה מיט אַ שמייבעל אויסגערופען. געה יואל דוד וואש זיך!
— דו האָסט אויף מיר ניט באדאַרפט וואַרטען. דו ווייסט אַז איך בין ניט הונגעריג, און וואָס וואָלסטו געטהאָן אַז איך וואָלט זיך טאַקע געזאמט ווי איך האָב געזאָגט.
— וואָלט איך אַלץ איינס אויף דיר געוואַרט! — האָט חנה זיך אַ לאַסטשע געטהאָן צו איהם.
— מעהר זאָלסטו עס ניט טהאָן, דו הערסט חנה'לע, דו טאָרסט ניט דערלאָזען אַז דיין האַרץ זאָל איבערגע'חלש'ט ווערען. דו זוינגסט דאָך דאָס קינד, און עס איז ניט גוט פאַר דיר און ניט גוט פאַר'ן קינד.
יואל דוד האָט זיך געוואַשען, און געזעצט ביים טיש. ער האָט געמאַכט "המוציא" און גענומען עסען אָהן אַפּעטיט.
די דינסט האָט דערלאַנגט דאָס עסען. ר' מרדכי איז געזעסען אויבען אַן ביים טיש. ער האָט אריינגעקוקט אין אַ ספר און נאָך אַ ווײלע שווייגען האָט ער זיך אָנגערופען:
— איך האָב געהערט אַז דו האָסט ערהאַלטען אַ בריעף דורך אַ שגץ. וואָס איז דאָס פאַר אַ בריעף?
— וואָס האָסטו קיין צייט ניט, מרדכי. — האָט ריינקע זיך עטוואָס אַ בייזער געטאָן. — זאָל ער פריהער אָפּעסען.
— עס מאַכט ניט אויס, — האָט יואל דוד ארויסגענומען דעם בריעף פון זיין בוזים קעשענע. — אָט איז דער בריעף, שווער, איהר קאָנט איהם לייענען!
ריינקע און חנה האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען. אַ מאָדנע זאַך, ווען זיי האָבען פון איהם פאַרלאַנגט ער זאָל זיי זאָגען וועגען בריעף, האָט ער ניט געוואָלט. ער איז נאָך אויפגערעגט געוואָרען.
ר' מרדכי האָט גענומען דעם קאָנווערט אין זיין האַנד און האָט פון דאָרט ארויסגענומען דעם בריעף און האָט אָנגעטהאָן דיברילען און גענומען לייענען.
— לייען שוין אַז מיר זאָלען אויך הערען. — האָט ריינקע זיך גע־ווענדעט צו איהר מאַן. — אַז יואל דוד האָט דיר געגעבען, מיינט עס דאָך אַז מיר קאָנען אויך וויסען!
— אַז איהר וואָלט פאַרשטאַנען לשון קודש וואָלט איך געלייענט אויפ'ן קול. — האָט ר' מרדכי געענטפערט.
— אָ, עס איז געשריבען אויף לשון קודש! — האָט ריינקע געזאָגט.
— טאָ זאָג אונז וואָס שטעהט געשריבען אין בריעף?
— האָב אביסעל געדולד, לאָז מיר פריהער אליין איבערלייענען! — האָט ר' מרדכי זיך געבייזערט. — אַ מענש דאַרף האָבען געדולד.
אַ שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף יואל דוד'ס ליפּען און ער האָט געוואָרפען אַ בליק אין דער ריכטונג פון חנה'ן.

אין צימער איז געווען שטיל. ר׳ מרדכי האט געלייענט דעם בריעף געקנייטשט דעם שטערן און זיך פארטראכט...

— זאג מיר, יואל דוד, וואס מיינט אט דאס ווארט! — האט זיך ר׳ מרדכי אויפגעהויבן פון זיין פלאץ און איז צוגעגאנגען צו יואל דוד׳ן און אנגעצייגט מיט׳ן פינגער אויף דעם ווארט.

— א, "תזמורת", דאס מיינט אן ארקעסטער.

— און וואס איז אן ארקעסטער? — האט ר׳ מרדכי ארונטערגענומען זיינע ברילען און אויף איהם א קוק געטהאן קוועטשענדיג מיט זיינע פלייצעס.

—א כאר ווייסט איהר דאך וואס דאס איז. נו, אן ארקעסטער איז דאס זעלבע ווי א כאר, נאר א כאר באשטעהט דאך פון פארשידענע מענשליכע שטימען, אבער אן ארקעסטער באשטעהט פון די קלאנגען פון פארשידענע מוזיקאלישע אינסטרומענטען.

— טא וואס דארפסטו אזא לאנגע ערקלערונג. — האט ר׳ מרדכי א שמייכעל געטהאן. — דו האסט דאך געקאנט זאגען כלי זמר און יוצא.

— עס איז אביסעל אנדערש פון כלי זמר — האט יואל דוד געזאגט, — אבער זאל זיין אזוי.

— הייסט דאס אז עס מיינט אז א...

— אן ארקעסטער — האט איהם יואל דוד אונטערגעהאלפען.

— יע, אן ארקעסטער וועט דיר באגלייטען צוזאמען מיט דיין כאר.

— יע, אזוי ווילען זיי דארט!

— וואס איז דאס? וועגען וואס האנדעלט זיך דא? — האט ריינקע אנגעשטעלט אויגען און אויערען.

ר׳ מרדכי האט א מאך געטהאן מיט׳ן האנט אלס צייכען אז זי זאל איהם ניט שטערען און ער האט פארענדיגט לייענענדיג דעם בריעף שטעהענדיג.

— דריי הונדערט רובעל שיקט מען דיר אויף הוצאות! — האט ר׳ מרדכי אויסגערופען.

— יע, דריי הונדערט רובעל — האט ער פון זיין קעשענע ארויסגענומען דאס געלט. — דאס איז פאר הוצאות פאר מיר און מיין כאר.

— נו, לאמיר שוין הערען וואס דאס איז! — האט שוין ריינקע מעהר זיך ניט געקאנט באהערשען.

— גיב זיי איבער דעם אינהאלט פון דעם בריעף! — האט ר׳ מרדכי זיך אנגערופען צו יואל דוד׳ן, דערלאנגענדיג צוריק דעם בריעף.

יואל דוד האט גענומען דעם בריעף אין האנט. ער האט נאך אמאל אריינגעקוקט אינוויינ׳יג און ער האט זיך אנגערופען:

— אויף א אידישער גאס אין ווארשע האט אויסגעבראכען א שרפה און פיעלע אידישע משפחות זיינען געבליבען אהן א דאך איבער׳ן קאפ. זיי זיינען ארים, הויל און נאקעט. האט די ווארשעווער קהילה גענומען

זוכען מיטלען ווי אזוי צו שאפען געלט כדי צו העלפען די אומגליקליכע נשרפים, איז ביי זיי באשלאסען געווארען צו מאכען א קאנצערט אין איינעם פון די גרעסטע זאלען פון ווארשע, און זיי ווילען אז איך זאל זינגען מיט מיין כאָר.

— איהר פארשטעהט ווי ווייט זיין נאָמען דערגרייכט. — האָט מרדכי מיט צופרידענהייט געזאָגט. — אז דער פאָרזיצענדער פון די דאָזיגע ר' מתתיהו ראָזען שרייבט איהם א בריעף מיט'ן פעטשאט פון דער קהילה.

— איך פארשטעה נאָך אלץ ניט! — האָט חנה געזאָגט. — וואָס הייסט דו זאָלסט פאָהרען דאָרט זינגען און וואָס וועט שוין זיין?

— איך וועל דיר ערקלעהרען, חנה'לע, דאָרט אין ווארשע זיינען פאראן א סך גרויסע אידישע גבירים און ביי זיי איז רעכט צו צאָהלען צעהן רובעל א בילעט פאר'ן קאָנצערט. אויסער דעם האָט אָט דער מתתיהו ראָזען פיעלע פריינד צווישען די פוילישע אריסטאָקראַטען און זיי האָבען זיך אויך אונטערגענומען צו העלפען איהם אין דעם דאָזיגען וואָהלטעטיגען צוועק. דו פארשטעהסט זיי קאָנען דורך אזא קאָנצערט שאפען טויזענטער רובעל און אלעס וואָס זיי פארלאנגען איז, איך זאָל קומען מיט מיין כאָר און דאָרט אפגעבען קאָנצערט.

— אויף ווי לאנג? — פרעגט איהם חנה'לע.

— דער קאָנצערט וועט בלויז זיין אויף אן אָוונד, אָבער איך וועל דארפען דאָרט זיין אייניגע וואָכען פריהער כדי זיך צוצוגרייטען מיט מיין כאָר.

— און וואָס שרייבט ער דיר אין בריעף וועגען אָרקעסטער? — האָט חנה איהם געפרעגט.

— אָה, דאָס! — האָט זיך יואל דוד אָנגערופען. — זיי ווילען אז מיין קאָנצערט זאל מיר באגלייטען א פוילישער אָרקעסטער, כדי דורכדעם ארייג־צוציהען די פוילישע אריסטאָקראַטען צו קויפען בילעטען.

— און ווען ווילען זיי דעם קאָנצערט מאכען?

— עטליכע וואָכען נאָך שבועות. דו זעהסט חנה'לע, זיי זיינען אזוי זיכער אז איך וועל אָננעהמען זייער אָנבאָט, אז זיי האָבען מיר צוגעשיקט דריי הונדערט רובעל אויף מזומנים.

— דריי הונדערט רובעל?

— יע, דריי הונדערט רובעל אויף הוצאות היין און צוריק פאר מיר און מיין כאָר.

— נו, און וואָס וועסטו טהאָן? דו וועסט טאקע פאָהרען קיין ווארשע?
— האָט ריינקע זיך צו איהם געווענדעט.

— איך ווייס נאָך ניט! — האָט יואל דוד א צוק געטהאָן מיט זיינע פלייצעס.

— און פארוואָס נאָך ניט! — האָט חנה זיך אָנגערופען. — שטעל זיך פאר וואָס פאר א כבוד עס וועט זיין פאר איהם, א קלייניגקייט צו זינגען אין ווארשע פאר אזוי פיעל מענשען.

— דאָ איז ניט קיין פראגע פון כבוד! — האָט יואל דוד געזאָגט. — דאָ איז א פראגע פון ראטעווען הונדערטע אידישע משפחות וואָס זיינען

פאראומגליקט געווארען פון דער שרפה. אז איך זאל זיך ענטזאגען צו קומען, דאן וועט דער גאנצער פלאן בטל ווערען.

— וואס זאגסטו צו דעם, מרדכי? — האט זיך ריינקע צו איהם געווענדעט.

— איך ווייס! מיר וועלען דארפען הערען וואס די גבאים פון שוהל וועלען אויף דעם זאגען!

— איך זעה ניט איין פארוואס זיי זאלען זיין דאגעגען. עס וועט דאך פארקומען נאך שבועות. נו, וואס וועט זיין אז איך וועל פארפעהלען א פאר זומערדיגע שבתים צו דאוונען.

— איך גלויב אז זיי וועלען דיר מוזען לאזען. אבער עס איז דאך אזא לאנגער וועג און דו וועסט דארפען זיין אוועק פון דער היים אן ערך פון צוויי חדשים.

— איך פאהר דאך ניט אליין, איך פאהר דאך מיט'ן כאר! — האט יואל דוד געזאגט. — און געלט וועט דאך מיר אויך ניט פעהלען.

— איך וויל זיך אין דעם ניט מישען. — האט ר' מרדכי געזאגט. — דאס דארפסטו און דיין וייב באשליסען. עס פארשטעהט זיך, אז מיר וועלען דיר געוויס ניט שטערען כאטש אין אמת'ען געזאגט, געפעלט מיר ניט די געשיכטע מיט אט דעם ארקעסטער ווי דו רופסט עס אן!

— און פארוואס ניט? — פרעגט איהם יואל דוד.

— ווייל דאס איז א גוי'שע זאך. וואס הייסט דו וועסט זינגען תפילות און מען וועט דיך באגלייטען מיט מוזיק?

— עס איז דאך אבער ניט אין א שוהל. איהר ווייסט דאך, אז אין בית המקדש פלעגען די לויים באגלייטען די תפילות מיט מוזיק.

— דאס איז עפעס אנדערש.

— איהר מעגט רוהיג זיין, שווער, אז אויב עס וועט מיר אויסקומען צו זינגען עטליכע תפילות וועל איך עס טהאן נאר אין באגלייטונג פון מיין כאר... אבער אז איך וועל דארפען זינגען עטליכע וואכענדיגע געזאנגען, איך מיין אין פויליש, נו, דאן וועל איך זיך מן הסתם באנוצען מיט'ן ארקעסטער.

— אבער ווי קומסטו צו זינגען פוילישע געזאנגען?

— מען לערנט זיך אויס אז מען דארף. עס שאדעט קיינמאל ניט אז מען קען זינגען אויך געזאנגען פון פרעמדע שפראכען.

— נו, מילא, זאל זיין אזוי, איך וועל זיך ניט מישען, — האט ר' מרדכי ווידערהאלט.

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת, שווער, אז איך אליין האב נאך אויך ניט באשלאסען, אבער ווען איך טראכט אז אן מיר הענגט אפ דאס לעבען פון אידישע נפשות וועלכע וועלען זיכער אויסשטארבען פון הונגער און קעלט אויב מען וועט זיי ניט העלפען, דאן פיהל איך אז איך טראג אויף זיך א גרויסע פאראנטווארטליכקייט. איהר זעהט דאך פון די בריעף אז אלעם ווענדעט זיך אן מיר.

— איין זאך איז מיר נאך אלץ שווער צו פארשטעהן, — האט רייזקע זיך אנגערופען, — פארוואס האט מען דיר דעם בריעף איבערגעשיקט דורך א שגץ?

— דאס איז ווייל דאס געלט איז אנגעקומען אויף דעם נאמען פון א קריסט, מסתמא האבען זיי אזוי געדארפט טהאן... נו, בין איך אהין אוועק און געקראגען דאס געלד.

— א קריסט, וואס פאר אן עסקים האבען זיי דארט... איך מיין, די ווארשעווער קהילה מיט די קריסטען?

— אז איהר קענט ניט לייענען דעם בריעף איז ניט מיין שולד! — האט יואל דוד געזאגט, — פארשטעהט איהר מיך, שוויגער, די קריסטען ווילען א סך ארויסהעלפען אז די אונטערנעמונג זאל זיין ערפאלג. פאר זיי, די קריסטען, וועט ניט אנקומען שווער צו קריגען אן ערלויבניש פון דער רעגירונג פאר דעם קאנצערט. אהן זייער הילף וואלט מען גארניט געקענט אויפטאן.

— נו, און דו וועסט אויך עפעס האבען פאר דיין ארבייט? — האט רייזקע געזאגט, — דאס וואס מען גיט דיר אויף רייזע הוצאות אליין איז נאך ניט גענוג. דו דארפסט אויך קריגען באצאהלט פאר דיין מיה.

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת, שוויגער, אז איך וואלט פאר דעם קיין געלד ניט גענומען אפילו ווען מען באט מיר אן. איך וועל אזא מצוה ניט פארקויפען פאר קיין שום געלד, פארשטעהט זיך אז אלע הוצאות וועלען געדעקט ווערען סיי פאר מיר און סיי פאר מיין כאר. איך מיין דאס וואס מיר וועלען דארפען זיין אין ווארשע די עטליכע וואכען און די אנדערע נויטיגע הוצאות.

— וואס מיר וואונדערט איז, ווי אזוי האבען זיי אויסגעפונען דארט אין ווארשע פון דיר? — האט רייזקע זיך אנגערופען.

— דאס איז שוין גאר א נארישע פראגע, — האט געענטפערט ר' מרדכי — דו באדארפסט וויסען אז ווענען יואל דוד'ן ווייסט מען שוין אומעטום, ווייסטו דען ניט אז מען האט איהם אין גאנצען געוואלט אוועקנעהמען פון ווילנע? געלויבט איז השם יתברך, ער איז דאך באריהמט צווישען אלע אידען פון פוילען און רוסלאנד, און אפילו אויך פון דייטשלאנד.

— אט טאקע צוליב דעם האב איך מורא טאמער וועט מען איהם שוין פון ווארשע ניט אוועקלאזען! — האט רייזקע געזאגט.

— קיינער קען מיך ניט צווינגען צו בלייבען אז איך וויל ניט. אויסער דעם וועל איך דאך מוזען צוריקקומען אהער צו דאוונען אויף די ימים נוראים. איך בין דאך עפעס צוגעבונדען מיט א קאנטראקט ביז נאך די ימים טובים.

נאכ'ן עסען איז יואל דוד אריין מיט חנה'ן אין זייער צימער. ער איז געוועזען אויפגעלייגט און צופרידען און האט ארומגענומען חנה'ן און זי געקושט.

— דו האסט גאר קיין באגריף ניט וואס דאס מיינט פאר מיר, מיין

טייערע חנה'לע, — האָט ער געזאָגט, — אַ קליינינקייט אָפּצוגעבען קאָנ־צערט אין ווארשע איין איינעם פון די גרעסטע זאַלען... דאָרט וועלען זיין ניט נאָר די רייכסטע און חשוב'סטע אידען פון ווארשע, נאָר אויך די רייכע פּוילישע אריסטאָקראַטען. איך וועל באַריהמטע ווערען.

— אַ דאַנק גאָט, קיין כבוד פעהלט דיר ניט! — האָט חנה אַ זאָג געטהאָן.

— יואל דוד האָט פאַרשטאַנען אַז זי איז ניט איבריג צופרידען מיט דעם און ער האָט ווייטער גערעדט:

— דעם אמת זאָגענדיג בין איך ניט אַזוי להוט נאָכ'ן כבוד ווי צו העלפען די אומגליקליכע נשרפים. און איך מוז דיר זאָגען אַז עס איז גאַנץ פיין פון די קריסטען וואָס זיי אַליין זיינען גרייט צו העלפען אין אַזאַ הייליגען צוועק.

— דו ווייסט אַז עס וועט זיין דאָס ערשטע מאָל אין אונזער לעבען וואָס דו וועסט אָפּרייזען פון מיר. איך וועל אַזוי בענקען נאָך דיר, — האָט חנה געזאָגט, און טרעהרען האָבען זיך באַוויזען אין איהרע אויגען.

— אָ, די עטליכע וואָכען וועלען שנעל פאַרשווינדען און איך וועל זיך צוריקקעהרען. פאַרשטעהסטו, איך וועל דאָך לאַנג ניט קענען פאַרזאַמען אין ווארשע... איך וועל זיך מוזען נעהמען גרייטען פאַר די ימים נוראים. איך האָף נאָר אַז איך וועל ניט האָבען קיינע שוועריגקייטען מיט די גבאים פון שוהל.

---

גרינג איז יואל דוד'ן ניט אָנגעקומען צו קריגען די הסכמה פון די גבאים אַז ער זאָל קענען אָפּרייזען פון ווילנע אויף עטליכע וואָכען. אַזוי שנעל ווי מען האָט זיך דערוואוסט פון דעם האָט דער גבאי ראשון פאַר־רופען אַן אסיפה.

ר' מרדכי איז אויך געקומען און מיטגעבראַכט דעם בריעף מיט זיך. ער האָט געגעבען דעם בריעף ר' שלמה'ן און ער האָט איהם דורכגעלייענט און פּאַרטייטשט וואָרט ביי וואָרט צוליעב די עטליכע בעלי בתים וועלכע האָבען אַביסעל אונטערגעהונקען אויף לשון קודש. ווען ער איז געקומען צו דעם וואָרט "תזמרות" האָט ער זיך פאַרהאַקט און דאָ האָט שוין ר' מרדכי ארויס־געוויזען זיין לומדות און ערקלעהרט פאַר אַלעמען וואָס דאָס מיינט.

— וואָס איז אייער מיינונג, ר' מרדכי? — האָט זיך דער גבאי ראשון אָנגערופען, — איהר זייט דאָך עפּעס זיין שווער.

— טאַקע צוליעב דעם איז מיר שווער צו זאָגען אַ מיינונג, — האָט ר' מרדכי אַ שמייכעל געטהאָן, — אָבער איהר זעהט דאָך אַז עס האַנדעלט זיך וועגען אַזאַ מצוה. עפּעס אַ קליינינקייט, שטעלען אויף די פיס אומגליקליכע אידען, נשרפים, לויט ווי איך פאַרשטעה, ליגען זיי גאָר גרויסע האָפנונגען אויף יואל דוד'ן, און ווי אַזוי וועט ער קענען זיי ענטזאָגען?

— וואָס איך האָב מורא, אַז דאָס איז אַ שפּיצעל פון דער ווארשעווער

קהלה אוועקצונעהמען אונזער ווילנער באַלעבעסיל פון אונז, — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט.

— דאָס איז אומגלויבליך, וועגען דער שרפה אויף א גראַדאַוועער גאס האָבען מיר דאָך געהערט, — האָט א גבאי געזאָגט, — און דאָס איז טאַקע דער איינציגער מיטעל ווי אזוי צו שאַפען געלט. איך בין זיכער, אז ער וועט נעהמען וואַרשע מיט שטורם און מען וועט דאָרט שאַפען א גרויסע סומע געלד צו העלפען די נשרפים.

— אָט פאַר דעם, גלויב איך, האָבען מיר א סך וואָס מורא צו האָבען. אויב ער וועט אזוי שטאַרק אויסנעהמען אין וואַרשע וועלען זיי איהם שוין ניט וועלען אָפּלאָזען.

— וועגען דעם קען איך אייך גאַראַנטירען, — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט — ער וועט קומען צוריק נאָך פאַר דעם חודש אלול. איהר פאַרגעסט מסתמא אז ער האָט א קאָנטראַקט מיט אונז ביז נאָך יום טוב.

— און וואָס וועט זיין שפּעטער? טאָמער וועט ער ניט וועלען באַנייען דעם קאָנטראַקט מיט אונז?

— איז וואָס? קענען מיר איהם דען צווינגען צו בלייבען ביי אונז געגען זיין ווילען?

— מיר דאַרפען איהם ניט צווינגען, אָבער אויב מיר וועלען איהם ניט ערלויבען אָפּצורייזען קיין וואַרשע, וועט ער ניט דאַרפען ביישטעהן דעם נסיון. זיי וועלען איהם ניט הערען זינגען און וועלען דעריבער ניט מאַכען קיין פאַרזוך איהם אָפּצורייסען פון אונז.

— ווי באַלד אז יואל דוד האָט מיט אונז א קאָנטראַקט בלויז ביז נאָך די ימים טובים, וועט ער איהם ניט וועלען באַנייען נאָכדעם ווען ער וועט זעהן ווי מיר באַהאַנדלען איהם. ער וועט אויף אונז זיין ברוגז און מיט רעכט... דאַן וועט ער שוין געוויס ניט וועלען זיך פאַרבינדען מיט אונז אויף ווייטער, דאַריבער איז מיין עצה, אז מען זאָל איהם ערלויבען צו טהאָן די דאָזיגע מצוה, — האָט ר׳ שמעון געזאָגט. — ער וועט אונז אָבער דאַרפען פאַרשפּרעכען ניט צו פאַרבינדען זיך מיט א קאָנטראַקט מיט דער וואַרשעווער קהלה אפילו ווען זיי זאָלען איהם אָנבאָטען צעהן מאָל אזוי פיעל שכירות ווי מיר גיבען איהם.

— און איך האַלט נאָך אַלץ אז אונז דראָהט א געפאַהר איהם צו פאַרלירען אויב מיר וועלען איהם לאָזען פאָהרען קיין וואַרשע צו געבען דאָרט א קאָנצערט... און לאָמיר אייך זאָגען אז עס איז פּשוט א חלול השם, וואָס הייסט ער וועט זינגען תפילות פאַר אידען און פאַר גוים... עס איז ניט קיין מצוה נאָר אן עבירה, האָט דער גבאי ראשון אויסגערופען.

— און וואָס זאָגט איהר, ר׳ שלמה׳לע? — האָט זיך ר׳ מרדכי צו איהם געווענדעט.

— אונזערע חכמים זאָגען אין סנהדרין ל״ז: כל המקים נפש אחת בישראל כאלו קים עולם מלא״, דער וועלכער האַלט אויף איין לעבען איז פּונקט ווי ער וואָלט אויפגעהאַלטען א גאַנצע וועלט. און דאַריבער איז די

מצוה צו דערהאלטען אימיצען ביים לעבען איינע פון די גרעסטע מצוות און מיר האבען קיין רעכט ניט איהם אפצוהאלטען ער זאל די דאזיגע מצוה טהאן.

— נו, איהר הערט דאך, אויב אזוי האבען מיר גארניט וואס צו ריידען, — האט איין גבאי זיך אנגערופען.

— פון דעסטוועגען דארפען מיר זיך דורכריידען מיט איהם אליין איי־דער מיר גיבען איהם אונזער הסכמה — האט דער גבאי ראשון געזאגט, — מיר וועלען איהם שיקען רופען.

זיי האבען אריינגערופען דעם שמש און איהם געהייסען אריבערלוי־פען צו דעם שטאדט־חזן און איהם זאגען, אז מעןווארט אויף איהם אין קהל־שטיבעל און אז ער זאל באלד קומען.

— מיר האבען געלייענט דעם בריעף וואס דו האסט ערהאלטען פון דער ווארשעווער קהלה, — האט דער גבאי ראשון געזאגט, — און ווי מיר פארשטעהען ביזטו געניינגט צו פאהרען קיין ווארשע אויף איינינע וואכען.

— נו, עס פארשטעהט זיך, אז עס איז מיין פליכט עס צו טהאן, — האט יואל דוד זיך אנגערופען.

— און עס איז אונזער פליכט דיר ניט צו שטערען, — האט ר' שמעון געזאגט.

— דאס איז ריכטיג, מיר טארען דיר ניט שטעהן אין וועג ווען דו ווילסט טהאן אזא גרויסע מצוה, אבער פון דעסטוועגען איז אויך אונזער פליכט זיך צו באווארענען אז זיי וועלען דיך פון אונז ניט אוועקנעהמען.

— נו, וועגען דעם דארפט איהר ניט זארגען, — האט יואל דוד געזאגט, — איך בין צו אייך געבונדען מיט א קאנטראקט און איך וועל זיך אומקעה־רען צוריק פאר די ימים נוראים.

— און וואס וועלען מיר טאהן אז זיי וועלען דיך ניט וועלען אפלאזען?

— קיינער וועט מיך ניט האלטען געגען מיין ווילען! — האט יואל דוד געזאגט, — בפרט אז זיי וועלען וויסען אז איך בין פארפליכטעט צו אייך ביז נאך די ימים טובים.

— און וואס וועלען מיר טהאן אז זיי וועלען מיט דיר וועלען מאכען א קאנטראקט אויף דעם קומענדען יאהר? — האט דער גבאי ראשון זיך אנגערופען.

— וועגען דעם וועל איך שוין דארפען באשליסען צי איך זאל אנ־נעהמען זייער קאנטראקט צי ניט, ווייל דעם קומענדען יאהר וועל איך שוין זיין פריי און איך וועל קענען טהאן וואס עס לוינט זיך בעסער פאר מיר.

— אט זעהסטו, טאקע צוליב דעם וועלען מיר דיך ניט קענען ערלויבען.

— נו, מילא, אויב ניט, איז ניט! וועל איך זיי צוריקשיקען די דריי הונדערט רובעל וואס די ווארשעווער קהלה האט מיר געשיקט אויף הוצאות און זיי ערקלערען אז איך בין פארבונדען מיט דער ווילנער קהלה ביז נאך די ימים נוראים, און ערשט דאן וועל איך זיכער קומען.

— מיר זאגען דיך ניט אז מיר וועלען דיך ניט לאזען פאהרען. אבער דו

וועסט דאך פארשטעהן אז מיר ווילען דיך ניט פארלירען אלס אונזער שטאָט־חזן און עס איז ניט מעהר ווי רעכט פון אונז צו פארלאנגען פון דיר א באווארעניש אז דו וועסט פון אונז ניט אוועקגעהן נאכדעם ווי דיין קאָנטראקט מיט אונז וועט זיך ענדיגען.

— א באווארעניש? — האָט יואל דוד אויסגערופען, — אפשר וואלט איהר געוואלט א משכון פון מיר, מיין פרוי און קינד!

— מיר טרייבען ניט קיין שפאס! — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט, — מיר וועלען דיר ערלויבען צו פאָהרען קיין ווארשע אויף דער קורצער צייט בתנאי אז דו וועסט מיט אונז שליסען א קאָנטראקט אויך אויף דעם קומענדען יאהר.

— זעהט איהר, אז אָט דאָס גופא באווייזט אז איך זאָל זיך מעהר ניט פארבינדען מיט קיינע קאָנטראקטען מיט אייך! — האָט יואל דוד געזאָגט — אויב איהר קענט מיך האלטען געבונדען און מיר ניט ערלויבען אָפצורייזען פון דאנען פאר אייניגע וואכען, זעה איך, אז פאר מיר וועט זיין א סך בעסער ווען איך וועל ניט זיין געבונדען. איך זאָג דאך אייך אז איהר האָט א רעכט מיר ניט ערלויבען צו פאָהרען קיין ווארשע אויף אייניגע וואכען, אָבער קיינער וועט מיר קיין דעה ניט זאָגען נאך סוכות ווען מיין קאָנטראקט מיט אייך ענדיגט זיך, דאן וועל איך קענען טהאָן וואס איך וויל. איך האָב צו אייך ניט, מילא, אויב די נשרפים האָבען שוין אזוי לאנג געווארט און געליטען וועלען זיי מוזען ווארטען נאך עטליכע חדשים... איך וועל זיי שרייבען וועגען דעם און אויב זיי וועלען פארלאנגען וועל איך זיי צוריקשיקען די דריי הונדערט רובעל.

— איך וויל אז דו זאָלסט אונז ניט מיספארשטעהן, יואל דוד, — איז שוין דער גבאי ראשון ווייכער געווארען, — קיינער וויל דיך חלילה ניט האלטען ווי א געבונדענעם, דו ביזט פריי צו טהאָן וואס דו ווילסט, אדרבא, מיר האָבען טאקע וועגען דעם גערעדט איידער דו ביזט געקומען און מיר האָבען געזאָגט אז עס איז זעהר פיין פון דיין זייט זיך צו נעהמען די מיה און פאָהרען קיין ווארשע, כדי צו טהאָן אזא גרויסע מצוה, אָבער דו ביזט אונז אזוי טייער, אז מיר ציטערען טאָמער וועט מען דיך וועלען אוועקנעהמען פון אונז.

— איז וואס ווילט איהר טהאָן דערצו? — רופט זיך אָן יואל דוד, — ווילט איהר, הייסט עס, מיך פארהאלטען?

— ניין, ניט מיר ווילען, ניט מיר קענען און ניט מיר טאָרען דיך פארהאלטען, — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט, — אָבער עס איז דאך ניט קיין עוולה פון אונזער זייט דיך צו בעטען, אז דו זאָלסט זיך ניט פארבינדען מיט דער ווארשעווער קהלה אין דער צייט וואס דו וועסט דאָרט זיין.

— זעהט איהר, דאָס קען איך אייך זאָגען, אז איך וועל אין ווארשע ניט מאכען קיינע קאָנטראקטען דורך דער צייט וואס איך וועל דאָרט זיין, אָבער וואס עס וועט געשעהן נאכדעם, קען איך אייך גאָרניט זאָגען... איהר געדענקט דאך אז עס האָט געהאלטען דערביי אז מיר זאָלען זיך צוגעהן

היינטיגען יאהר... און וואס עס קען פּאסירען איבער־א־יאהר קען קיינער פאראויס ניט זאגען.

— איהר זעהט דאך, רבותי, אז וואס מעהר מיר זוכען איהם צו שטערען, מאכען מיר ערגער, — האט ר׳ שמעון געזאגט, — דאריבער איז מיין עצה אז מיר זאלען איהם געבען אונזער הסכמה׳און איהם ווינשען ערפאלג. ער פאהרט דאך טהאן אזא מצוה, זאל ער פאהרען געזונטערהייט צו אונז.

— ווי איך פארשטעה וועסטו אויך מיטנעהמען דיין כאהר קיין ווארשע! — האט א גבאי זיך אנגערופען.

— יא, אזוי פארלאנגען זיי פון מיר, — האט יואל דוד געענטפערט.

— אויב דו ווילסט אונז טהאן א טובה — האט א גבאי מיט א שמייכעל זיך אנגערופען — וואלסטו שוין זייענדיג אין ווארשע דארט אי־בערגעלאזען דיין באס שייקע פייפער! דעם גאנצען כאר זאלסטו ברענגען צוריק, נאר איהם לאז איבער.

— עס איז ניט קיין צייט פון טרייבען שפאס! — האט דער גבאי ראשון זיך אפגערופען — עס איז א גאנץ ערנסטער ענין... איהר פארשטעהט, מיר קאנען זיך ניט פארגלייכען צו דער ווארשעווער קהילה . . . און מיר געפעלט ניט דאס וואס יואל דוד זאגט, אז ער וויל ניט זיין געבונדען צו אונז . . . מיין הארץ זאגט מיר, אז מען וועט אין ווארשע מאכען א פארזוך איהם אפצוריידען פון אונז.

—איז וואס גלויבט איהר זאלען מיר טהאן? — פרעגט איינער פון די בעלי־בתים.

— מיר קאנען גארניט טהאן! איהר הערט דאך, אויב מיר זאלען איהם איצט ניט דערלויבען צו פאהרען קיין ווארשע נאך שבועות, וועט ער פאהרען נאך סוכות. און דאן וועט ער געווים טהאן וואס איהם וועט זיך בעסער לוינען. נו, וואס איז אייער מיינונג, ר׳ מרדכי?

— איך וויל זיך ניט מישען! איך קאן איהם ניט האלטען געבונדען. אבער איך גלויב, אז זיין פרוי און קינד קענען יא, ניט אמת, יואל דוד?

— געווים! — האט יואל דוד געשמייכעלט.

— נו, זאל גאט געבען אז דו זאלסט מצליח זיין! — האט דער גבאי ראשון איהם געגעבען זיין האנט — און איך האף, אז דו וועסט אונז ניט פארלאזען.

יואל דוד האט געדריקט זיין האנט און איהם באדאנקט.

— ווען וועסטו אפרייזען נאך ווארשע? — האט איהם איינער פון די גבאים מיט׳ן נאמען ר׳ מיכל, א פרעג געטאן.

— באלד נאך שבועות!

— און ווען וועסטו זיך צוריקקעהרען?

— אנפאנג חודש אלול.

— דאס הייסט, אז דו וועסט דא ניט זיין אז ערד צעהן וואכען. נו, און וואס איז מכח די שכירות? דו באקומסט צעהן רובעל א וואך. מיינט עס

דאך א גאנצער הונדערטער . . . גלויבסטו אז די קהילה זאל דיר באצאהלען דעם הונדערטער ?

— די קהילה קאן מיר אראפּרעכענען דעם הונדערטער ! — האט יואל דוד געענטפערט.

— וואס רעדט איהר, ר' מיכל ! — האט זיך שוין דער גבאי ראשון א בייזער געטהאן — וואס איז עס פאר אז ארונטערעכענען . . . דאס איז שוין גאר דקדוקי עניות . . . אה, רעדט ניט קיינע נארישקייטען ! . . . מיר וועלען איהם צאהלען אלע וואך ווי תמיד. אויב ער וועט ניט זיין אין ווילנע צו נעמען זיינע שכירות וועט זיין פרוי קריגען דאס געלט.

— א דאנק אייך אלעמען ! — האט יואל דוד געזאגט. — איהר האט אויך א חלק אין דער גרויסער מצוה.

## קאפּיטעל 10

גלייך נאך שבועות האט יואל דוד גענומען מאכען הכנות צו זיין רייזע קיין ווארשע. זיין גאנצער כאר, מיט דער אויסנאמע פון די עטליכע קליינע אינגלעך, האט זיך אויך גענומען גרייטען צו דער רייזע און יעדער פון זיי איז געווען זעהר צופרידען. איבערהויפּט איז שייקע פייפער'ס שמחה געווען גרויס. ער האט שוין פון לאנג גע'חלום'ט צו זיין אין דער גרויסער שטאדט ווארשע און ער האט זיך פארגעשטעלט אז דארט וועט מען איהם וויסען ווי אפּצושעצען מעהר ווי אין ווילנע. ער איז כמעט געווען זיכער, אז די ווארשעווער קהילה וועט שוין ניט אפּלאזען דעם ווילנער באלעבעסעל און ער וועט דארט שוין בלייבען.

ר' מרדכי סטראשונ'ס הויז איז געווען פול מיט מענשען, וועלכע זיינען געקומען זיך געזעגענען מיט דעם שטאדט חזן און ווינשען איהם א גליקליכע רייזע.

חנה איז געווען פארנומען מיט'ן צוגרייטען פאר איהם אלע נויטיגע זאכען און ווען קיינער איז אין צימער ניט געווען, פלעגט זי זיך אוועקזעצען אויף איהר בעט און זיך פאנאנדערוויינען.

יואל דוד איז אריינגעקומען אין צימער, און כאטש חנה האט שנעל אפּגעווישט די טרעהרען און זיך באמיהט ארויסצואווייזען א שמייכלענדיגע מינע, האט אבער יואל דוד באמערקט און ער האט זיך אנגערופען:

— א, חנה'לע, דו וויינסט שוין ווייטער ! פארוואס זאלסטו וויינען ? איך רייז אפּ בלויז אויף איניגע וואכען... איך וועל זיך אומקעהרען צוריק זעהר שנעל און ווי שטארק דו וועסט קאנען מיט מיר שטאלצירען . . . זארג ניט, מיין טייערע ! . . .

— ער האט זי געדריקט צו זיך און געקושט.

— ווער וועט אויף דיר אכטונג געבען, דו זאלסט עסען און טרינקען אין צייט. דו זאלסט טרינקען מילך און אייער ! — האט חנה זיך צעבלי-

פּעט — איך ווייס ניט וואָס דאָס איז מיין ליבער, אָבער עס איז מיר אַזוי שווער אויפ'ן הארצען . . . איך וועל אַזוי בענקען נאָך דיר! . . .

— די עטליכע וואָכען וועלען שנעל פארשווינדען און מיר וועלען ווי־דער זיין צוזאמען.

— שנעל פארשווינדען, זאָגסטו? ניין, יעדע וואָך וועט זיך ציהען ווי א יאָהר . . . אָ, מיין טייערער, ווי שווער עס איז מיר דאָס שיידען זיך.

— אָבער מיין פליכט איז צו העלפען די אומגליקליכע נשרפים... און וואָס וואָלטען מיר געטהאָן, ווען איך בין געצוואונגען אָנצונעמען א שטעלע אין אַן אנדער שטאָדט? . . .

— וואָלט איך מיט דיר מיטגעפאָהרען!

— עס רעדט זיך אַזוי! וואָס מיינסטו, אַזוי שנעל קאָנסטו זיך אָפּ רייסען פון דער היים, פון דיינע אייגענע, און אוועקפאָהרען אין דער פרעמד, בפרט מיט א קליין זויג־קינד אויף דיינע הענט.

— געוויס וואָלט עס געווען שווער פאר מיר!

— אָבער איצט איז דאָך מיין אוועקזיין צייטווייליג... איך וועל זיך אומקעהרען צו דיר איידער דו וועסט צייט האָבען זיך ארומצוקוקען. זעה ווי זי האָט זיך צעוויינט, פונקט ווי מען וואָלט מיך אָפּגעגעבען פאר א סאָל־דאט און איך וואָלט געדארפט אוועקגעהן פאר פיעלע יאָהרען . . . איך בעט דיך, חנה'לע, באַרוהיג זיך . . . גלויב מיר, אַז איך וועל בענקען אַזוי שטארק ווי דו, פונדעסטוועגען, פונדעסטוועגען זעהסטו, אז איך ווייס ווי זיך צו באַ־הערשען . . . אין לעבען קומען פאָר פארשידענע אומאנגענעמע זאכען און מען דארף זיין גרייט צו אַלעם . .

ריינקע איז געווען היבש צעטראָגען און צעטומעלט. זי איז פאָר די לעצטע עטליכע טעג אין געשעפט ניט אריינגעקומען . . . זי איז פון אָנפאַנג אָן ניט געווען צופרידען פון יואל דוד'ס רייזע קיין ווארשע, און זי האָט טאקע געזאָגט חנה'ן וועגען דעם, אָבער חנה האָט איהר אָנגעבעטען, אַז זי זאָל קיין וואָרט וועגען דעם ניט זאָגען צו יואל דוד'ן.

— דו ווייסט דאָך, אַז ער וועט שוין אַלץ איינס פאָהרען, טאָ פארוואָס זאָל ער אויף דיר זיין אין כעס . . . פארוואָס זאָל ער זאָגען, אַז די שוויגער מישט זיך צופיעל . . .

— עס איז אַלץ דיין שולד, טאָכטער! — האָט ריינקע אויסגערופען — א פרוי דארף וויסען ווי צו הערשען איבער'ן מאַן, אַז ער זאָל עס אפילו ניט פיהלען . . . ווען דו וואָלסט פון אָנפאנג אָן באשטאנען אַז ער זאָל ניט פאָהרען, איך מיין, איידער עס איז באקאנט געוואָרען אין שטאָדט און איידער ער איז געגאנגען צו די גבאים, וואָלט ער צוריקגעשיקט די דריי הונ־דערט רובעל און ער וואָלט געבליבען מיט דיר און ניט געמאכט אַזא רייזע.

— מאמע, דו פארגעסט, אַז יואל דוד איז ניט קיין איינפאכער מאַן ווי דער דורכשניטליכער מאַן. ער איז דאָך אַן אויסנאהם, און מיט איהם קאָן מען זיך ניט באגעהן ווי מיט די אנדערע. בפרט לעצטענס איז ער אַזוי אויפגערעגט און עמפינדליך . . . אַז איך וואָלט זיך איינגעשטעלט און פאר־

לאנגט פון איהם ער זאָל ניט פאָהרען, וואָלט ער געזאָגט אז איך פארשקלאַף איהם, אז איך האָב איהם צוגעבונדען מיט שטריק און וויל איהם ניט אפּ־לאָזען פון זיך . . .

— א קלוגע ווייבעל ווייסט שוין ווי צו האנדלען! — האָט ריינקע געזאָגט — זי דארף גאָרנישט זאָגען "ניין", אָבער זי קאָן מאכען אזוי, אז ער אליין וואָלט שוין געזאָגט "ניין", פארשטעהסטו?

— יאָ, איך פארשטעה וואָס דו מיינסט, אָבער איך קאָן עס ניט! איך וואָלט קיין מאָל ניט געקענט שפּילען אזא פאַלשע שפּיל . . .

— נו, איצט איז דאָך שוין פארפאַלען! — האָט ריינקע א זאָג געטהאָן.

— זאָל ער שוין פאָהרען געזונטערהייט . . .

ר' מרדכי איז גראָד געווען צופרידען פון דעם גאנצען עניָן. ער איז געווען דערביי בעת די פארהאנדלונג פון די גבאים און ער האָט געזעהן ווי זיי ציי־טערען טאַמער וועט ער זיי פארלאָזען. עס איז גוט אזוי! זאָלען זיי זעהען ווי באריהמט ער איז, אז מען וויל איהם האָבען אנדערשוואו. זיי וועלען וויסען ווי אָפּצושאצען איהם און זיי וועלען זיך שוין מיט איהם ניט דינגען, אויב ער וועט בעטען א הוספה אוי זיינע שכירות. יאָ, ער שטאָלצירט נאָך מעהר מיט איהם . . . א קליינינגקייט, ער וועט באריהמט ווערען איבער גאנץ פּוילען און רוסלאנד.

מעהר פון אלעמען האָט אָנגעגעבען יאכע, יואל דוד'ס מומע. זי האָט זעהר ניט געוואָלט ער זאָל אוועקפאָהרען. זי האָט מיט איהם גע'טענה'ט, אז עס איז אזא לאנגע רייזע . . . און ווער ווייסט וואָס עס קאָן פּאסירען אויפ'ן וועג. פאר די לעצטע עטליכע וואָכען זינט יואל דוד האָט זיך גענומען גריי־טען צו דער רייזע, פלעגט יאכע אַרויפקומען יעדען אָוועגט צו איהם און מיט איהם זיך דורכריידען. אָבער אויך איהרע רייד האָבען ניט געהאָלפען. יואל דוד האָט איהר אויסדריקליך געענטפערט, אז זי האָט קיין באגריף ניט וועגען וואָס עס האנדעלט זיך און דעריבער וואָלט געווען א סך בעסער פאר איהר ווען זי מישט זיך ניט.

אָט איז געקומען דער טאָג. אלעס איז געווען געגרייט . . . דער גרעס־טער טייל פון זיין כאָר, אריינרעכענענדיג שייקע פּייפער'ן זיינען שוין געווען אין בויד, וואָס איז געווען געשפּאנט צו פיער פערד. און נאָך א האלזען און קושען זיך מיט חנה'לען און געוויינען, האָט זיך יואל דוד געזעגענט מיט אלעמען און ער איז צוזאמען מיט זיין כאָר אָפּגעפאָהרען פון ווילנע נאָך ווארשע.

## קאַפּיטעל 11

גאנץ ווארשע האָט זיך געטומעלט מיט דעם אנקומען פון ווילנער באַ־לעבעסעל. ניט נאָר אין די אידישע קרייזען, נאָר אויך אין די העבערע קריסט־ליכע קרייזען האָט מען וועגען דעם גערעדט . . . סטאניסלאוו מאניושקא, דער באריהמטער פּוילישער קאָמפּאָזיטאָר, האָט אליין גענומען א פּערזענלי־

כעז אינטערעס צו זעהן אז דער קאָנצערט לטובת די נשרפים זאָל זיין אַן ערפאָלג. די אידען האָבען גאַר קיין אהנונג ניט געהאַט אז מאַניושקא איז עפּעס אויסען דערמיט. זיי זיינען איהם געווען דאַנקבאַר פאַר זיין איבער־געבענקייט צו דעם הייליגען צוועק צו העלפען די אונגליקליכע אידען, וועלכע האָבען פאַרלאָרען אַלעס אין דעם גרויסען פייער אויף אַגראַדאָווסקי גאַס. און ווען מען האָט אויסגעפונען, אז מאַניושקא האָט שוין געקראָגען פון דער רעגירונג די נויטיגע ערלויבעניש און אויך דעם גרויסען וואונדערשעהנעם זאָל, וואו עס פלעגען פאָרקומען די גרעסטע קאָנצערטען, האָבען די אידען איהם ניט אויפגעהערט צו בענשען.

— אזא טייערער קריסט, אזוי פיעל מיה זיך גענומען צו העלפען די אָרימע אידען.

—ער איז איינער פון די חסידי אומות העולם! — האָט איינער א קלויזניק געזאָגט, בעת ער האָט צוזאַמענגעלעגט זיינע תפילין נאָכ'ן דאַוונען. מען זאָגט אז ער וועט אפילו געבען זיין גאַנצען אָרקעסטער צו באַגלייטען דעם ווילנער באַלעבעסעל אין זיין זינגען, און ער וועט פאַר דעם קיין גראָ־שען ניט נעמען.

— און איך וועל אייך זאָגען דעם אמת! — האָט זיך אָנגערופען א מיטעליעהריגער איד מיט א ברייטער, געלער באָרד, א פאַרברענטער חסיד — מיר געפעלט ניט דער גאַנצער ענין! דאָס איז א צונויפמישעניש פון אידישקייט מיט גוי'אישקייט, להבדיל... וואָס הייסט, דער ווילנער שטאָדט־חזן וועט זינגען הייליגע תפילות אין דער באַגלייטונג פון א פּוילישען אָר־קעסטער! עס וועט דאָך זיין א חלול השם!

— אָבער דורך זיין אָרקעסטער וועט מען אויך קריגען די שטיצע פון די פּוילישע רייכע אריסטאָקראַטען . . . — האָט דער יונגערמאַן זיך אָנגע־רופען — פאַרקערט, זאָלען די גוים אויך הנאה האָבען פון אידישען גע־זאַנג. זאָלען זיי זעהען, אז אויך מיר פאַרמאָגען גרויסע זינגער . . . בפרט ווען דאָס וועט ברענגען גרויסע נוצען פאַר די נשרפים . . . איי . . . איי . . . הלואי וואָלט איך געהאַט איבעריגע עטליכע גילדען, וואָלט איך זיך שוין איינגעשאַפט א בילעט . . . עפּעס א קלייניגקייט! מען זאָגט דאָך, אז צום ווילנער חזן איז קיין גלייכען ניטאָ . . . ווען מען קאָן ביי איהם ארויסקריגען איין שבת . . . ער זאָל דאַוונען אין אונזער גרויסער שוהל . . .

— און ווען עס ווענדעט זיך אָן מיר, וואָלט איך איהם ניט צוגעלאָזען צום עמוד, נאָך זיין קאָנצערט . . . דאָס איז א חלול השם . . . מיט דעם זעלבען מויל צו זינגען אין א מקום טומאה! — האָט זיך דער חסיד געקאָכט.

— פאַרוואָס זאָלט איהר עס אָנרופען א מקום טומאה? — האָט דער יונגער קלויזניק געפרעגט — זינט ווען איז געזאַנג טומאה?

— וועה איז צו די אויערען וואָס הערען אַזעלכע רייד פון א קלויזניק — האָט דער חסיד אויסגערופען — א פּלאַץ וואו שיקסעס און שקצים זינגען א גאַנץ יאָהר איז ביי דיר ניט קיין מקום טומאה?! און שטעלט זיך פאָר, אז

ווען דארטען וועלען קומען קריסטען און אידען צוזאמען. די קריסטען וועלען זיצען אהן היטלען און דא וועט ער זינגען אונזערע תפילות . . .

— ער וועט אבער ניט דערמאנען דעם "שם" אין זיינע תפילות . . .

— וואס איז דער אונטערשייד! דער ווילנער שטאדט־חזן וועט דאך זינגען די הייליגע תפילות פאר אן עולם קריסטען און אידען. און דאס אליין איז א חלול השם.

— ווען עס האנדעלט זיך וועגען העלפען ארימע אידען דארף מען אויף אזעלכע זאכען ניט מקפיד זיין! — זאגט דער קלויזניק.

— די צרה איז, אז די ווארשעווער דאזארען אליין זיינען אויך "געכאפט" . . . זיי רופען זיך משכילים און ווילען ארויפפיהרען דעם אידישען פאלק פון גלייכען וועג . . . ווען זיי זאלען וועלען, וואלטען זיי געקאנט געפינען אנדערע מיטלען צו העלפען די נשרפים.

— אדרבה, זאגט אליין, האט דער קלויזניק זיך אנגערופען — ווערליך מען רעדט, האפט מען ארייינצוקריגען פון קאנצערט פינף טויזענט רובעל. נו, פרעג איך אייך, ווי איז מעגליך צו שאפען דאס געלט אויף אן אנדער אופן?

— איז צוליב דעם ביי אייך רעכט אז מען זאל מחלל השם זיין? וואס הייסט, אידען וועלען קומען צו א קאנצערט צו הערען תפילות וואס וועט באגלייט ווערען פון א פוילישען ארקעסטער?

אזוי האט זיך עס גענומען טומלען צווישען די אידען פון שוהל. אבער א סך פון די רייכע אידען זיינען געווען זעהר שטארק צופרידען פון דעם וואס די פוילישע אריסטאקראטען זיינען פאראינטערעסירט צו העלפען די אידען און זיי האבען געוואונשען אז דער ווילנער באלעבעסל זאל אויסנעמען ביי די גויים, כדי זיי זאלען האבען מיט וואס צו שטאלצירען. זיי האבען זיך געפיהלט געשמייכעלט וואס זיי וועלען זיצען צווישען די הויכע, פוילישע אריסטאקראטיע און זיי האבען זיך טאקע איינגעשאפט די טייערסטע בילעטען פאר'ן קאנצערט.

---

יואל דוד און זיין כאר האבען זיך אפגעשטעלט אין אן אכסניה וואס איז איהם אנגעוויזען געווארען אין בריוו פון דעם דאזאר מתתיהו ראזען. און אזוי שנעל ווי ער איז אהין אנגעקומען איז דער אכסניה אייגענטימער געלאפען אין דער קהילה אנזאגען.

עס איז נאך ניט פאראיבער קיין גאנצע שעה זינט דער ווילנער באלעבעסל איז אנגעקומען קיין ווארשע און אין דער אכסניה זיינען געקומען איהם מקבל פנים זיין די פני העיר, צווישען וועמען עס האבען זיך געפונען דער דאמאלסדיגער ווארשעווער רב, ר' חיים דאווידזאן, דער משכיל י. טורגענדהאלץ, וועלכער איז דאן געווען דער רעגירונג'ס צענזאר, יוסף יאנאש, אברהמ'לע וויגאווער און דער פארזיצענדער פון די דאזארען, מתתיהו ראזען, וועלכער איז געווען א באריהמטער באנקיר.

אין די דריי עקיפאזשען זיינען זיי אלע צוגעפאהרען צו דער אכסניה

און יואל דוד איז געווען אַזוי גערירט פון דעם קבלת פּנים וואָס ער האָט געקראָגן, אַז טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן.

נאָכדעם ווי מתתיהו ראָזען האָט איהם באַגריסט אין נאָמען פון דער וואַרשעווער קהילה, האָט ער פאַר איהם פאָרגעשטעלט דעם רב און די אַנ־דערע חשוב׳ע בעלי בתים וועלכע זיינען מיט איהם געקומען איהם מקבל פּנים צו זיין.

— איך וויל אייך באַדאַנקען, חזן סטראַשונסקי — האָט ער זיך צו איהם געווענדעט — אין נאָמען פון דער גאַנצער וואַרשעווער קהילה פאַר אייער נאָבעלקייט און גוטהאַרציגקייט. עס וועט זיין אַ וואונדערבאַרע גע־לעגענהייט צו פאַרבינדען די שעהנקייט און נוצבאַרקייט. מיר וועלען דער־ווייל האָבען אַ געלעגענהייט צו הערען אייער זינגען און אין דער זעלבער צייט וועלען מיר העלפען די נשרפים.

— מיר האָבען פון אייך שוין לאַנג געהערט, — האָט דער רב, ר׳ חיים דאַווידזאָן געזאָגט, — און איצט וועלען מיר האָבען אַ געלעגענהייט אייך צו הערען מיט אונזערע אויערען.

— איהר מעגט עס וויסען, — האָט ראָזען זיך אָנגערופען, — אַז דער גאַנצער דאַנק פאַר אייער קומען באַלאַנגט צו דעם פּוילישען קאָמפּאָזיטאָר, דער אוהם ישראל, סטאַניסלאַוו מאָניושקאָ. קורץ נאָך דער שרפה אין דער פּאָז מאָניושקאָ צו מיר געקומען און געזאָגט, אַז ער האָט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו העלפען די אומגליקליכע אידישע נשרפים. ער האָט מיר דאַן דערצעהלט וועגען אייך, ווי אַזוי ער האָט אייך געהערט דאַוונען און ער איז איבערציינגט אַז צו אייער שטימע איז קיין גלייכען ניטאָ און אַז ער איז אַזוי פאַראינ־טערעסירט אין אייך אַז ער איז וויליג צו טאָן אַלעס אין זיין כח צו מאַכען די אונטערנעמונג פאַר אַן ערפאָלג. ער האָט שוין פאַר אונז געקראָגען די נויטיגע ערלויבניש און אויך דעם גרעסטען זאַל פון וואַרשע האָט ער פאַר דעם צוועק געקראָגען אָהן געלט. און מעהר ווי אַ העלפט פון די בילעטען האָט ער שוין אויספאַרקויפט. ווי עס ווייזט אויס האָט דער באַריהמטער פּוילישער קאָמפּאָזיטאָר פאַראינטערעסירט די רייכסטע פּוילישע אַריסטאָ־קראַטען, די פּוילישע קינסטלער און אפילו אויך די הויכע רוסישע באַאַמטע וועלכע געפינען זיך אין וואַרשע. און מיר זיינען זיכער אַז אייער קאָנצערט וועט פאַרשאַפען דעם אידישען פאָלק אַ סך כבוד.

— מיר זיינען זיכער אַז איהר וועט אונז געבען דאָס בעסטע וואָס איהר פאַרמאָגט, — האָט אברהמ׳לע ווינאַוווער געזאָגט, — און מיר וועלען ווירק־ליך קאָנען שטאָלצירען מיט אייך.

יואל דוד האָט שמייכלענדיג צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געזאָגט:

— מיט גאָט׳ס הילף, האָף איך, אַז איהר וועט ניט פאַרשעמט ווערען.

— אין דעם זיינען מיר איבערציינגט, — האָט ראָזען געענטפערט. — און איצט וויל איך אייך זאָגען, אַז פאַר אייך האָבען מיר באַשטעלט צי־מערען אין אַ גרויסען אידישען האָטעל, ווייל אייך וועלען קומען זעהן אַ סך חשוב׳ע קריסטען און איהר וועט דאַרפען איינשטעהן אין אַ פיינעם האָטעל.

אייער כאַר וועט קאָנען בלייבן דאָ אין דער דאָזיגער אכסניה, מיר וועלן זיי שוין באַזאָרגן מיט אַלעם.

יואל דוד האָט פאַרגעשטעלט זיין כאַר פאַר זיי און דאַן האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין דעם עקיפּאַזש מיט מתתיהו ראָזען. שייקע פייפער האָט אַרויסגעטראָגן פון אכסניה יואל דוד'ס טשעמאָדאַנטשיקעס און זיי אַריינגעלייגט אין עקיפּאַזש. דאַן זיינען זיי צוגעפאָהרען צום אידישען האָטעל, וואו מען האָט איהם אַריינגעפיהרט אין אַ גרויסאַרטיגען צימער, וואו עס איז געשטאַנען אַ פּיאַנאָ.

יואל דוד איז געווען ענטציקט פון אַלעם. ער האָט באַטראַכט די פּיאַנאָ און ער האָט פאַרשטאַנען אַז מאַניושקאַ האָט עס פאַר איהם באַזאָרגט.

נאָכדעם ווי יואל דוד האָט אָפּגעגעסען אַ געשמאַקען מאָלצייט האָבען די חשוב'ע אידען מיט איהם פאַרבראַכט אַ היבשע ווײלע און פאַר'ן געזעגענען זיך האָט ראָזען איהם געזאָגט אַז ער וועט איצט געהן אָנזאָגען מאַניושקאַ'ן אַז דער ווילנער שטאָדט־חזן איז שוין דאָ.

— ער וועט געוויס אייך קומען באַלד באַזוכען, — האָט ראָזען געזאָגט, — און איך וויל נאָך אַמאָל באַטאָנען אַז איהם קומט דער גאַנצער דאַנק . . .

עס איז ניט פאַראיבער קיין שעה צייט און מאַניושקאַ איז צו איהם געקומען. ער האָט זיך מיט איהם אַזוי שטאַרק דערפרעהט. ער האָט געדריקט זיין האַנט מיט פריינטשאַפט:

— איך קאָן אייך ניט איבערגעבען ווי גליקליך איך בין וואָס איהר זייט איצט דאָ געקומען. איהר האָט קיין באַגריף ניט וואָס עס מיינט פאַר אייך, פאַר מיר און פאַר אונז אַלעמען. איהר וועט זיך דאָ באַקענען מיט אַ גאַנץ אַנדער וועלט און איך בין איבערצייגט אַז די אַלע וועלכע האָבען פאַראורטיילען געגען אייער ראַסע, וועלען מוזען בייטען זייער מיינונג נאָכדעם ווי זיי וועלען אייך הערען זינגען. עס איז געווען זעהר אַ גליקליכער איינפאַל פון מיר אויסצונוצען די דאָזיגע געלעגענהייט צו שיסען צוויי האָזען מיט איין שאָס . . . ערשטענס, צו העלפען אייערע ברידער וועלכע זיינען פאַראַרימט געוואָרען פון דער שרפה, און, צווייטענס, צו קאָנען איבערצייגען די אַלע וועלכע זיינען אַרויסגעטראָטען געגען דעם אַז איך זאָל אייך אַנגאַזשירען אין מיין אָפּערא "האַלקאַ" און אייך געבען די הויפּט־ראָלע. איך קאָן אייך ניט איבערגעבען וויפיל עגמת נפש איך האָב געהאַט פאַר די לעצטע עטליכע חדשים ווען איך האָב באַקאַנט געמאַכט אַז איך האָב אייך אָנגעשטעלט אין מיין אָפּערא. איך האָב אפילו געמוזט מבטל מאַכען אַ קאָנטראַקט מיט דער גרעפין זאַמאָיסקאַ.

— ווער איז זי, די גרעפין זאַמאָיסקאַ? — האָט יואל דוד געפרעגט.

— די דאָזיגע גרעפין איז אַ באַצויבערענדע שעהנהייט און זי באַזיצט אַ וואונדערשעהנע שטימע. זי האָט שטודירט געזאַנג אין מילאַן און אין וויען און ווען זי איז געקומען אהער אין וואַרשע, האָב איך איהר געהערט זינגען און איך האָב איהר געזאָגט אַז זי וואָלט געווען אויסגעצייכענט אין

דער ראָלע פון "האַלקאַ". זי איז געווען זעהר צופרידען. און ווען איך האָב איהר געזאָגט אַז איך פּלאַניר אויפצופיהרען מיין אָפּערא "האַלקאַ" צום קומענדען סעזאָן איז זי געווען אויסער זיך פון פרייד און זי האָט מיט מיר געשריבען אַ קאָנטראַקט. אין איינינע וואָכען אַרום האָב איך דורך איהר געקראָגען די שטיצע פון אַ סך פּוילישע אַריסטאָקראַטען און פּריצים. קיין געלט האָט מיר שוין ניט געפעהלט צו מאַכען די נויטיגע דעקאָראַציעס. אַלעס איז געגאַנגען בעסער ווי געוואונשען . . . איין מאָל טוט זיך מיר אַ פרעג: "ווער וועט שפּילען די ראָל פון יאַנטעק, האַלקאַ'ס געליבטער?"

— דאַן האָב איך איהר דערצעהלט וועגען אייך, וועגען מיין באַגעגניש מיט אייך אין ווילנע, וועגען אייער וואונדער־שעהנער שטימע און וועגען אייער אויסזעהן, און ווי נאָר זי האָט דערהערט אַז איהר זייט אַ איד, איז זי אויפגעשפּרונגען פון איהר פּלאַץ מיט גרויס גרימצאָרן און זי האָט געזאָגט אַז אויב איהר וועט שפּילען אין דער זעלבער אָפּערא, וויל זי ניט שפּילען. וויפיל איך האָב מיט איהר איינגע'טענה'ט האָט ניט געהאָלפען. איך האָב איהר דאַן דערצעהלט די געשיכטע מיט נאַסטאַשאַ, די טאָכטער פון מיין פריינד, פּאַן קרוזשענסקי, וועלכע האָט ניט געוואָלט אַז איהר זאָלט אַריבערטרעטען די שוועל פון איהר הויז און ווי שנעל זי האָט זיך געענדערט ווען זי האָט אייך געזעהן און געהערט זינגען. דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען. און ווען איך האָב איהר געזאָגט אַז איך האָב מיט אייך געשריבען אַ קאָנטראַקט, האָט זי פון מיר פאַרלאַנגט אַז איך זאָל זי באַפרייען פון איהר קאָנטראַקט. איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און איך האָב איהר איבערגעגעבען דעם קאָנטראַקט וואו זי האָט זיך אונטערגעשריבען צו שפּילען די ראָל פון "האַלקאַ" און זי האָט איהר קאָנטראַקט צעריסען אויף פיצלעך.

— איהר האָט עס ניט באַדאַרפט טאָן פאַר מיר, פּאַן מאָניושקאָ! — האָט זיך יואל דוד אָנגערופען. — איך בין זיכער אַז דער נאָמען פון דער גרעפין וואָלט אייער אָפּערא געבראַכט מעהר נוצען ווי איך... איך בין וויליג אייך צו באַפרייען פון מיין קאָנטראַקט.

— וואָס רעדט איהר, פּאַן סטראַשונסקי, — האָט מאָניושקאָ זיך אָנגערופען. — מיר טאָרען זיך ניט אונטערגעבען. איך האָב באַשלאָסען אַז זי און די אַנדערע געגנער אייערע מוזען אייך פריהער הערען זינגען און אויב אויך נאָכדעם וועלען זיי זייער מיינונג ניט ענדערען, דאַן וועל איך צוגעבען אַז איך בין באַזיגט . . . איך האָב אָנגעפאַנגען צו טראַכטען פון פאַרשידענע פּלענער ווי אַזוי אייך אַראָפּצובריינגען אהער קיין וואַרשע עטליכע חדשים פאַר'ן קומענדען סעזאָן כדי צו געבען אַ געלעגענהייט אייערע אומזיסטע שונאים אייך צו הערען. און דאַן האָט פּאַסירט די שרפה, און גלייך נאָכדעם איז מיר געקומען דער גליקליכער געדאַנק . . . איך מוז אייך זאָגען אַז עס איז מיר אָנגעקומען זעהר שווער ביז מיר איז געלונגען איבערצורעדען די גרעפין זאַמאָיסקאַ זי זאָל קומען צום קאָנצערט אייך הערען זינגען. איך האָב איהר געמוזט פאַרשפּרעכען אַז אויב זי וועט איהר מיינונג ניט בייטען נאָכ־

דעם ווי זי וועט האבן אייך געהערט זינגען, וועל איך זעהן בטל צו מאכען מיין קאָנטראקט מיט אייך . . .

— איהר קאָנט עס גליידָ טאָן! — האָט יואל דוד אויסגערופען, און פון זיין קעשענע ארויסגענומען דעם קאָנטראקט מיט מאניושקא׳ס אונטער־שריפט.

— אָ, ניין, ניין! אונזער קאָנטראקט בלייבט אין פולער קראפט, — האט מאניושקא אויסגערופען. — איך בין אזוי זיכער אז די גרעפין וועט זיך שעצען גליקליך ווען איהר וועט שפּילען די ראָל פון איהר געליבטען אין דער אָפּערא . . . פאָלגט מיך, פאן סטראשונסקי, טוט גאָרניט ביז נאָכ׳ן קאָנצערט. איך וועל אייך נאָך עפּעס זאָגען, אז דורך דער גרעפין זאמאָיסקא האב איך פארקויפט פאר איבער טויזענט רובעל בילעטען פאר׳ן קאָנצערט. איהר פארשטעהט? איצט וועלען דאָרט זיין די גרעסטע אנטיסעמיטען וועלכע זיינען אויך די רייכסטע אריסטאָקראטען פון ווארשע. איהר דארפט אבער וועגען דעם ניט טראכטען. איהר וועט אָפּגעבען דעם קאָנצערט ווי געפּלאנט. איך בין זיכער אז איהר וועט זיין דער גרעסטער ערפאָלג.

— און וואָס וועט זיין אז איך וועל דורכפאלען? — האָט יואל דוד געפרעגט.

— איהר טאָרט אפילו ניט דערלאָזען דעם געדאנק פון א דורכפאל! — האט מאניושקא געזאָגט.

— פארשטעהט איהר מיך, פאן מאניושקא, איך בין געוואוינט צו א גאנץ אנדער פּובליקום . . . איך בין געוואוינט צו זינגען אונזערע הייליגע תפילות וואָס וועלען זיכער ניט אויסנעמען ביי אייערע.

— איך פארזיכער אייך אז ביי די אלע וועלכע זיינען מבינים אויף מוזיק וועט איהר אויסנעמען מיט וואָס איהר זאָלט ניט זינגען, און פאר די אנדערע וויל איך דעריבער אז איהר זאָלט זינגען איינינגע אריעס פון מיינע אָפּעראס . . . איך האָב מיט א כיון באזאָרגט פאר אייך א פּיאנאָ וואו איהר וועט קאָנען איינשטודירען. איך וועל מיט אייך לערנען אין מיין סטודיא. איהר האָט נאָך איבער דריי וואָכען צו דעם קאָנצערט און וויסענדיג ווי שנעל איהר כאפּט אויף די שווערסטע אריע, ווייס איך אז איך וועל קיין שוועריגקייטען ניט האבען אייך אויסצולערנען.

— אָבער איך בין נאָך ניט גוט באקאנט מיט די נאָטען.

— דאָס וועט אייך אויך ניט שווער אָנקומען — האָט מאניושקא זיך צו איהם אנגערופען — איך וויל אז היינט זאָלט איהר זיך גוט אויסרוהען פון אייער וועג און מאָרגען גאנץ פריה וועל איך צופאָהרען צו אייער האָטעל און אייך מיטנעהמען צו זיך אהיים. דאָרט וועל איך שוין מיט אייך איינ־שטודירען אלעס וואָס עס איז נויטיג . . . מיין אָרקעסטער וועט אייך באַ־גלייטען צו די רעפּעטיציעס.

---

פון דער לאנגער רייזע וואָס יואל דוד האָט דורכגעמאכט פון ווילנע ביז ווארשע, איז ער געווען אזוי מיעד, אז ווען ער האָט זיך יענעם אָוועגט

געלעגט שלאָפן אין דער ווייכער בעט, האָט ער אזוי געשמאַק געשלאָפן די גאַנצע נאַכט אַז ער האָט ניט געהערט מאַניושקאַ'ס קלאַפּן אין זיין טיר. כאָטש עס איז שוין געווען באַלד צעהן אַזייגער אין דער פריה.

מאַניושקא איז אַ היבשע ווײַלע געשטאַנען נעבען דער טיר און ווײַ־ער האָט קיין ענטפער ניט באַקומען, איז ער געוואָרען שטאַרק באַזאָרגט. ער איז אַראָנטער צום איינגעסטימער פון האָטעל און יענער האָט אויפגעעפענט די טיר און זיי זיינען ביידע אַריין אין צימער. זיי האָבען געפונען יואל דוד'ן ליגענדיג אין בעט מיט דער קאָלדרע איבער'ן קאָפּ.

— פאַן סטראַשונסקי! — האָט מאַניושקא איהם אָנגעריהרט און יואל דוד האָט זיך שנעל אַ הויב געטאָן.

דער איינגעסטימער האָט אַ שמייכעל געטהאָן און איז אַרוים פון צימער.

— איהר זייט גאַנץ געשמאַק געשלאָפען! — האָט מאַניושקא זיך אָנ־גערופען — ווי עס ווייזט אויס זייט איהר געווען גוט מיעד.

— ווי שפּעט איז עס? — האָט יואל דוד אַרויסגעשפּרונגען פון בעט — דאָס טרעפט מיר דאָס ערשטע מאָל! ענטשולדיגט מיר פאַן מאַניושקא.

— איך פאַרשטעה אַז איהר זענט די לעצטע פּאָר נעכט ניט געשלאָפען און איהר זייט געווען אזוי מיעד. זאָגט מיר ווי פיהלט איהר זיך איצט? זייט איהר שוין אויסגערוהט? עס פאַרדריסט מיך וואָס איך האָב אייך אויפגעוועקט.

— יאָ, איך שלאָף שוין באַלד פערצעהן שטונדען. גוט וואָס איהר זייט געקומען.

יואל דוד האָט אָפּגעגאָסען "נעגעל וואַסער" און ער האָט געזאָגט:

— ווי עס ווייזט אויס האָב איך שוין פאַרשפּעטיגט צו געהן דאַוונען מיט אַ מנין אין שוהל, איך וועל שוין מוזען דאַוונען פאַר זיך. איהר וועט מיר ענטשולדיגען, — האָט ער געזאָגט און אַרויסגענומען זיין טלית און תפילין.

— איך וועל אייך ניט שטערען, — האָט מאַניושקא געזאָגט — איך וויל אַז איהר זאָלט וויסען, אַז אַפילו ווען איהר וועט אָנפאַנגען אַרבייטען מיט מיר, וועט איהר קיינע שטערונגען ניט האָבען אָפּצוהיטען אייער רע־ליגיע. איהר ווייסט דאָך אַז לויט אונזער קאָנטראַקט זייט איהר פריי פון אייערע פליכטען אַלע אייערע שבתים און ימים טובים . . . מיר וועלען אייך ניט שטערען . . . יע, איך וועל איצט געהן און אַרויפקומען צו אייך אין אַ צוויי שעה אַרום, ביז דאַן האָף איך וועט איהר זיין פאַרטיג מיט אייער דאַוונען און אויך מיט אייער פריהשטיק.

— איך דאַנק אייך זעהר פאַן מאַניושקא! — האָט יואל דוד געזאָגט — איך בין זיך מודה אַז דאָס אָפּהיטען פון מיין רעליגיע איז ביי מיר איינע פון די וויכטיגסטע זאַכען פון מיין לעבען.

— איך וועל זיך דערווייל אַריבערכאַפּען צו דער גרעפין זאַמאָיסקאַ — האָט מאַניושקא זיך אָנגערופען — איך וויל קריגען פון איהר אַ גענויען באַ־ריכט וועגען איהר טעטיגקייט צום גונסטען פון קאָנצערט, ווייל ווי איך האָב

אייך שוין געזאָגט, האָט זי א סך אויפגעטאָן. זי האָט פארקויפט זעהר פיל בילעטען, טראָץ דעם וואָס זי איז אויף מיר ברוגז צוליב דעם וואָס זי איז געצוואונגען בטל צו מאכען איהר קאָנטראקט מיט מיר צוליב אייך... איך בין זיכער, אז זי וועט זיך שנעל ענדערען. פון דער נאטור איז די גרעפין ניט קיין שלעכטע, אָבער איהר ווייסט דאָך, אז די פוילישע אריסטאָקראטיע איז דורכגעדרונגען מיט פאָראורטיילען און אומזיסטע שנאה צו אייער ראסע, און עס איז מיין פליכט זי פון דער דאָזיגער מחלה אויסצוהיילען.

— מיר דוכט זיך אז איהר וועט האָבען א גאנץ שווערע אויפגאבע! — האָט יואל דוד געזאָגט — און ווען איהר פאָלגט מיך וואָלט איהר ביי מיר באדארפט צוריקנעהמען דעם קאָנטראקט.

— מיר איז נאָר וואָס איינגעפאלען א געדאנק, פאַן סטראשונסקי, — האָט מאניושקא זיך אָנגערופען — עס קאָן זיין אז איהר האָט רעכט. איך וועל ביי אייך צונעהמען דעם קאָנטראקט מיט מיין אונטערשריפט, וואָס וועט מיינען אז איך בין פריי פון מיינע פארפליכטונגען צו אייך. און אין דער זעלבער צייט וועל איך פארהאלטען דעם קאָנטראקט מיט אייער אונטער־שריפט ביי זיך, וועט איהר זיין געבונדען צו מיר און איך וועל ניט זיין געבונדען צו אייך.

— וואָס מיינט איהר? — האָט איהם יואל דוד אָנגעקוקט מיט ער־שטוינונג.

— איך וועל אייך באלד ערקלערען — האָט מאניושקא געזאָגט — איך וויל געווינען צוריק די גרעפין און אויך אלע איהרע פארעהרער און פריינד וועלכע האָבען געשטיצט מיינע אָפּעראס מיט א ברייטער האנט... איך וויל זי אויך אויסקורירען פון דעם פארדאמטען אנטיסעמיטיזם, וואָס איז איינ־געוואָרצעלט ביי איהר און ביי די אנדערע פוילישע אריסטאָקראטען. דעריבער וועל איך ביי אייך נעהמען מיין קאָנטראקט און צו איהר קומען און זאָגען, אזוי ווי איהר האָט געהערט אז זי איז געגען דעם, אז איהר זאָלט שפּילען די הויפּט ראָלע אין מיין אָפּערא "האלקא", האָט איהר מיר צוריקגעגעבען מיין קאָנטראקט. איצט וועל איך דעם קאָנטראקט איבערגעבען אין איהרע הענט. און איך וועל עס איגאנצען איבערלאָזען צו איהר. צוליב דעם אָבער וועט זי מיר מוזען פארזיכערען אז זי וועט אייך קומען הערען . . .און אויב זי וועט נאָך דאן אלץ בלייבען ביי איהר איינגעשפּארטקייט, דאן קאָן זי פאר־ניכטען מיין קאָנטראקט מיט אייך און אויב זי וועט בייטען איהר מיינונג, וועט זי אייך אליין מוזען איבערגעבען דעם קאָנטראקט . . . איך בין זיכער אז דאָס וועט אויף איהר מאכען א גאָר שטארקען איינדרוק . . . אָבער וואָס עס זאָל ניט געשעהן, וויל איך אז איהר זאָלט האָבען פולען צוטרויען צו מיר, אז אלעם וואָס איך טהו איז מיט דער כונה אייך צו העלפען דערגרייכען אז ערפאָלג . . .

יואל דוד האָט ארויסגענומען דעם קאָנטראקט און איהם איבערגעגעבען.

— איך פארזיכער אייך, פאַן מאניושקא, אז איך וועל צו אייך גאָרניט

האבען אויב די גרעפין וועט באשליסען צו פארניכטען אט דעם קאנטראקט. איך ווייס ווי אפצושאצען אלעם וואס איהר האט געטהאן פאר מיר.

— עס איז זעהר פיין פון אייך צו האבען אזוי פיעל צוטרויען צו מיר — האט מאניושקא געזאגט דריקענדיג זיין האנט, אבער איך בין איבערצייגט אז אלעס וועט בלייבען ווי איך האב געפלאנט. איך וועל באלד זיין צוריק ביי אייך און איך וועל אייך ברענגען צו מיין סטודיא.

מאניושקא איז פון דעם האטעל גלייך צוגעפאהרען צו דער פראכטפער־לער פאלאצליכער וואהנונג פון דער גרעפין זאמאיסקא.

די דינסטמיידעל האט איהם געהייסען ווארטען א ווייל.

— די גרעפין עסט איצט איהר פריהשטיק — האט זי געזאגט.

אין עטליכע מינוט ארום איז די גרעפין ארויסגעקומען. זי איז געווען אנגעטאן אין א העל בלויער קימאנא.

— אה, פאן מאניושקא! — האט זי פרינצליך געדריקט זיין האנט, — אז איהר זייט צו מיר געקומען אזוי פריה, האט איהר מיר מן הסתם זעהר וויכטיגעס איבערצוגעבען.

— איך ווייס ניט ווי ווייט וויכטיג דאס איז, אבער איך גלויב אז אייך וועט אינטערעסירען צו וויסען אז איך האב נאר וואס צוריקגעקראגען מיין קאנטראקט פון דעם ווילנער חזן.

— וואס? — האט די גרעפין זאמאיסקא זיך אנגערופען מיט פאר־וואונדערונג, — ער איז שוין דא אין ווארשע?

— יע, ער איז נעכטען געקומען. ער וועט זיך דאך דארפען צוגרייטען צום קאנצערט. ער איז געווען זעהר צופרידען צו הערען אז דער קאנצערט איז שוין פארזיכערט מיט א פינאנציעלען ערפאלג . . . און זיינע פאראומ־גליקטע ברידער וועלען געהאלפען ווערען . . . עס פארשטעהט זיך, אז איך האב איהם דערצעהלט אז א דאנק אייך איז די אונטערנעהמונג ערפאלגרייך. איך האב איהם ביסלעכווייז אויך דערצעהלט וועגען דעם אז איהר האט געזאלט שפילען די הויפט העלדין ראלע פון מיין אפערא "האלקא", נאר צוליב א מיספארשטענדניש האט איהר זיך צוריקגעצויגען . . . ער האט באלד פארשטאנען און ער האט מיר געזאגט אז ער שטויסט זיך אן וואס די "מיספארשטענדניש" איז און ער האט ארויסגענומען דעם קאנטראקט מיט מיין אונטערשריפט און מיר איהם צוריקגעגעבען.

— דאס מיינט, פאן מאניושקא, אז איהר זייט מעהר ניט געבונדען צו איהם? — האבען די אויגען פון דער גרעפין אויפגעלויכטען.

— יע, איך בין צו איהם מעהר ניט געבונדען, אבער ער צו מיר יע... איהר פארשטעהט, איך האב אז אויב מיר וועלען יע באשליסען ער זאל שפילען אין דער אפערא, וועט ער מוזען עס טהאן . . . אבער פון איצט אן וועט זיך עס ווענדען בלויז אן אייך. אויב איהר וועט באשליסען נאכדעם ווי איהר וועט איהם הערען, אז ער איז ווירדיג צו שפילען מיט אייך, וועט איהר אליין איהם צוריקגעבען דעם קאנטראקט. טאמער ניט, וועט איהר האבען א רעכט דעם דאזיגען קאנטראקט צו פארניכטען.

—די גרעפין זאמאיסקא האט גענומען דעם קאנטראקט און איהם דורכגעלייענט.

— איך מוז אייך זאגען, פאן מאניושקא, אז איך בין איבערראשט פון אייך ווי אזוי איהר קאנט זיין אזוי באגייסטערט פון א אידען . . . איך זעה אז איהר גיט איהם נאך אזוי פיעל פונקטען . . . ער וועט קאנען אפהיטען אידישקייט . . . ער וועט ניט זיין פארפליכטעט צו שפילען אין זיינע שבתים און ימים טובים . . . איהר ווילט אינגאנצען "פאראידישען" די אפערא . . .

— נאכדעם ווי איך האב איהם געהערט זינגען האב איך באשלאסען אז עס איז אלעם כדאי, אבי ער זאל איינוויליגען צו שפילען די הויפט ראלע פון מיין אפערא. און עס איז מעגליך אז ווען איהר וועט איהם הערען זינגען וועט איהר אויך אזוי באשליסען . . . אבער וואס עס זאל ניט זיין, גלויב איך אז איך האב דערמיט ארונטערגענומען די מיספארשטענדעניש צווישען אונז ביידען און איהר וועט צוריקציהען אייער "צוריקציהען" זיך פון מיין אפערא.

— איך בין גליקליך וואס איהר האט אזוי געהאנדעלט — האט די גרעפין געזאגט — איצט זעה איך אז איהר שאצט מיך אפ א סך מעהר ווי דער "זשידאק" און איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר דעם. איך וועל גערן צוריקנעהמען צו אייך. איך בין זיך מודה אז איך האב זיך צוריקגעצויגען פון שפילען די ראלע פון "האלקא" ווייל עס האט מיר פארשאפט פיעל שמער־צען . . . איך האב א סך ערווארט פון דער דאזיגער ראלע און איהר קאנט זיך פארשטעלען, פאן מאניושקא, ווי שרעקליך ענטוישט איך בין געווארען, ווען איך האב אויסגעפונען אז א זשיד און א חזן פון א סינאגאג דערצו וועט שפילען מיין ליעבהאבער . . . איך וואלט דאך אוויפגעשווידערט ווען ער וואלט מיך אנגעריהרט מיט זיינע זשידאווסקע הענט.

— איצט אז איהר האט מיין קאנטראקט מיט'ן פאן סטראשונסקי'ן אין אייער האנט, בעט איך אייך איהר זאלט מיר ערלויבען, גרעפין, צו זיין אפענהערציג מיט אייך.

— איהר קענט מיר זאגען אלעס וואס איהר האט אין אייער הארצען — האט די גרעפין א שמייכעל געטאן. איך וועל אויף אייך קיין פאראיבעל ניט האבען.

— דאס ערשטע וואס איך וויל אייך זאגען, אז איך האלט זעהר שטארק פון אייער טאלאנט, אז איך גלויב דאס איהר וועט א סך בייטראגען צו דעם ערפאלג פון מיין אפערא און דאריבער קאנט איהר זיך פארשטעלען וואס פאר א קלאפ עס איז געווען פאר מיר ווען איהר האט זיך צוריקגעצויגען.

— אבער פארוואס זייט איהר געווען איינגעשפארט וועגען דעם זשי־דאק ? — האט די גרעפין געפרעגט.

— אט וועגען דעם וויל איך מיט אייך ריידען. ווי איך האב אייך שוין געזאגט, האלט איך אייך פאר א קינסטלערין מיט גאט'ס גנאד און אין דער זעלבער צייט האלט איך אויך דעם אידישען יונגען מאן פאר נאר א גרויסען קינסטלער און לויט מיין מיינונג דארף אמת'ע קונסט זיין פריי פון יעדען

פאראורטייל און ראסען אונטערשייד. אויב איינער איז א קינסטלער דארף מען איהם שעצען און לאזען ארויסברייננגען זיין קונסט טראץ דעם וואס זיין רעליגיע איז אנדערש פון אונזערער.

— אבער פאן מאניושקא, עס איז זעהר שווער אויסצואווארצלען דאס וואס מיר האבען איינגעזאפט פון קינדווייז אן . . . איך שטעל זיך פאר אז ווען א איד וואלט אנגעריהרט מיין האנט, וואלט איך אויפגעשוידערט און איך וואלט מעהר ניט געקענט שפילען.

— אפשר וועט קומען א צייט אז איהר אליין וועט שטעלען קונסט העכער פון ראסען פאראורטיילען... און דאריבער האב איך באשלאסען אייך נאכצוגעבען. איך וויל אייך געבען די געלעגענהייט צו אורטיילען אויב דער פאן סטראשונסקי באלאנגט צו דער אפערא אדער ניט. איהר אליין וועט געבען אייער מיינונג.

— איך קען אייך פארזיכערען אז מיין מיינונג וועל איך ניט בייטען אפילו ווען ער וועט זינגען ווי א מלאך. איך וועל מיט קיין אידען ניט שפילען אין איין אפערא. און אויב איהר האט נאך א קליינע האפנונג אז איך וועל זיך נאך ענדערען, וויל איך אייך איצט זאגען גאנץ דייטליך אז איהר זאלט די דאזיגע האפנונג אויך אויפגעבען.

— איך האף ניט אויף דעם! — האט מאניושקא זיך אנגערופען און און אויף זיין פנים האט זיך באוויזען א לייכטער שמייכעל — אלעס וואס איך וויל איז צו הערען אייער מיינונג וועגען זיין זינגען, און איך האף אז איהר וועט באעהרען דעם קאנצערט מיט אייער אנוועזענהייט.

— איהר זעהט דאך, פאן מאניושקא אז איך טהו אלעס וואס איז מעגליך פאר מיר צו העלפען מאכען אן ערפאלג דעם קאנצערט, ווייל איך ווייס אז דאס געהט פאר א וויכטיגען צוועק, אבער איהר וועט דאך ניט פאר־לאנגען אז איך זאל געהן הערען א זשידאווסקען קאנצערט, וואו א חזן וועט זינגען זיינע זשידאווסקע תפילות און געזאנגען.

— איהר מאכט א טעות, גרעפין, פאן סטראשונסקי וועט זינגען אויך עטליכע אריעס פון אייניגע פון מיינע אפעראס . . . און איך גלויב אז אייך דארף אינטערעסירען צו הערען איינעם זינגען די שווערסטע אריעס אין דער צייט ווען ער קען קיינע נאטען ניט.

— וואס? ער וועט אויך זינגען אריעס פון דער אפערא? — האט זאמאיסקא געפרעגט.

— יע, אט דאס בין איך דאך אייך אויסען געווען צו דערצעהלען. איך מוז אייך זאגען אז דער אידישער יונגערמאן באווייזט וואונדער ניט נאר מיט זיין אויסערגעוועהנליכער שטימע, צו וואס מיר דוכט זיך איז קיין גלייכען ניטא, נאר ער באזיצט א וואונדערבארען אויער און ער קאן הערען די שווערסטע אריע בלויז איין מאל וועט ער דאס באלד איבערשפילען אויף דער פיאנא און איבערזינגען, און ער קאן אפילו ניט קיין נאטען. צוליב דעם אליין וואלט איך זעהר געוואלט אז איהר זאלט קומען צום קאנצערט. איך פארזיכער אייך אז איך וועל איהם פאר אייך אפילו ניט פארשטעלען

כדי איהר זאָלט איהם ניט דארפען געבען אייער האנט, סיידען איהר אליין וועט עס פון מיר פארלאנגען.

— אָבער זאגט איהר מיר צו, אז איהר וועט קומען צום קאָנצערט? איהר אליין ווייסט דאָך אז דאָרט וועט זיין די גאנצע פוילישע אריסטאָ־קראטיע.

— אויב איהר וועט נאָכקומען אלע באדינגונגען — האָט די גרעפין געזאָגט— איך מיין דאָס וואָס איהר האָט מיר צוגעזאָגט אפילו ניט פאָר־צושטעלען פאר איהם, דאן וועל איך קומען.

— איהר מעגט זיכער זיין גרעפין אז איך וועל אייך ניט שטעלען אין קיין פארלעגענהייט.

— אויב אזוי וועל איך קומען — האָט די גרעפין געזאָגט און געמאכט א פארזוך צו צערייסען דעם קאָנטראקט.

— וואָס? איהר האָט קיין צייט ניט, גרעפין? — האָט מאניושקא זיך צו איהר אָנגערופען — איך האָב דאָך מיט אייך אָפּגעמאכט אז אויב ער וועט אייך געפעלען וועט איהר אליין איהם איבערגעבען דעם קאָנטראקט. דאריבער דארפט איהר זיך ניט צואיילען מיט'ן צערייסען איהם.

— דאָס וויל איך אייך באווייזען אז איהר מעגט זיכער זיין אז צו דעם וועט עס ניט קומען. אָבער אז איהר פארלאנגט וועל איך דעם קאָנטראקט אוועקלייגען און איהם צערייסען באלד נאָכ'ן קאָנצערט. דער געדאנק אליין אז איך זאָל שפּילען די ראָלע פון דעם אידען'ס געליבטע מאכט מיר אויפ־שוידערען.

— איהר דארפט אָבער איצט מעהר ניט טראכטען פון דעם. איהר זעהט דאָך אז איך האָב אייך נאָכגעגעבען גרעפין, און איך בין זיכער אז איהר וועט אפילו ניט דארפען דריקען זיין האנט. איך וועל איהם ניט פארשטעלען פאר אייך און איהר וועט אויסמיידען צו קומען אין בארירונג מיט איהם.

— איך בין זעהר צופרידען און איך האָף אז איהר וועט האלטען אייער וואָרט — האָט די גרעפין זאמאיסקא א שמייכעל געטהאָן.

— איך וועל מיין וואָרט האלטען און איך וועל איהם פאר אייך ניט פארשטעלען, סיידען איהר אליין וועט עס פון מיר פארלאנגען, איך מיין אז סיידען, איהר וועט ווינשען אז איך זאָל אייך פארשטעלען פאר איהם.

— איך?... איך וועל עס ווינשען! כא, כא, כא — האָט זי זיך פאָ־נאנדערגעלאכט — איך וועל ווינשען פארגעשטעלט צו ווערען פאר דעם אי־דישען זינגער, דעם חזן פון ווילנע! כא, כא, כא!

מאניושקא האָט מיטגעלאכט און ער האָט זיך מיט איהר געזעגענט און ער איז פון איהר אוועק צו יואל דוד'ן אין האָטעל. ער איז געווען עטוואָס דערשלאָגען. ער האָט איצט איינגעזעהן אז ער וועט האָבען א גאנץ שווערע אויפגאַבע, אָבער ער האָט זיין האָפנונג ניט אויפגעגעבען.

יואל דוד האָט שוין אויף איהם געוואַרט. זיי זיינען ביידע ארויס פון האָטעל און זיינען אוועק צו מאניושקא'ן איי סטודיאָ. דעם גאנצען וועג האָבען ביידע געשוויגען. יואל דוד האָט איהם ניט געוואָלט פרעגען וועגען

דער גרעפין. אין הארצען האט ער געוואונשען אז זי זאל זיין קאנטראקט צערייסען און מאניושקא זאל איהם באפרייען פון זיינע פליכטען. ער האט זיך דערפיהלט אזוי פרעמד און עלענד דא אין ווארשע כאטש מען האט איהם ארויסגעוויזען אזוי פיעל פריינדשאפט... ער האט שוין אנגעפאנגען צו בענקען נאך זיין פרוי און קינד.

מאניושקא האט איהם אריינגעפירט צו זיך אין סטודיא און יואל דוד איז פארכאפט געווארען פון אלעס וואס ער האט דארט געזעהן. אזא אויסערגעוועהנליכע גרויסע פיאנא האט ער נאך ניט געזעהן און אזוי פיעל מוזיקאלישע אינסטרומענטען . . .

— מיין ארקעסטער וועט זיך צונויפקומען אין א פאר שעה ארום — האט מאניושקא געזאגט — איך מאך מיט זיי רעפעטיציעס יעדען טאג. איך בין זיכער אז דער ארקעסטער וועט דיר שטארק געפעלען. דערווייל וועל איך דיר ווייזען די נאטען און איך וועל דיר ערקלעהרען ווי אזוי צו לייענען און פארשטעהן נאטען.

מאניושקא האט ארויסגענומען נאטען און איהם גענומען לערנען. און ווי גרויס איז זיין איבערראשונג געווען ווען ער האט געזעהן אז יואל דוד פארשטעהט שוין נאטען.

— ווי קומט עס? — האט ער איהם געפרעגט.

— זינט אונזער ערשטער באגעגעניש אין פאן קרוזשענסקי'ס הויז, האב איך איינגעזעהן אז אהן נאטען קאן מען ניט זינגען אלעס וואס מען וויל, און דעריבער האב איך זיך גענומען לערנען נאטען אין געהיים, קיינער פון מיין משפחה זאל ניט אויסגעפינען.

— פאר וואס האסטו עס געדארפט טהאן אין געהיים? איז דען אן עבירה צו לערנען נאטען?

— ניין. אבער מיין שווער וואלט עס אנדערש פארשטאנען... איך האב ניט געוואלט אז ער זאל פארדעכטיגען אז איך האב אין זינען צו זינגען אויך עפעס אנדערש אויסער אונזערע הייליגע תפילות.

— איך זעה אז דו פארשטעהסט נאטען ווי איינער וועלכער האט זיך דאמיט אפגעגעבען פיעלע יאהר... אבער איך דארף זיך דאך אויף דיר ניט וואונדערען — האט מאניושקא מיט א צופרידענעם שמייכעל געזאגט. איך געדענק ווי אזוי דו האסט אויפגעכאפט די שווערע אריעס אהן נאטען. בלויז מיט איין מאל הערען האסטו זיי איבערגעשפילט און געזונגען. יע, נאך דעם דארף מיר שוין קיין זאך ניט איבערראשען. איך מוז דיר זאגען אז דו האסט זעהר גוט געטאן, וואס דו האסט זיך אויסגעלערענט נאטען... קיינער וואלט ניט געגלויבט אז עס איז מעגליך זיך אויסצולערנען אזעלכע שווערע נאטען אהן דער הילף פון א לעהרער. אבער מיט אזא וואונדערבארען טאלאנט ווי דו פארמאגסט איז אלעס מעגליך.

מאניושקא האט זיך באלד געזעצט נעבען דער פיאנא און איהם געגעבען די נאטען פון די אריעס וואס יאנטעק, דער געליבטער פון האלקא'ן דארף זינגען. ער האט איינמאל פאר איהם געשפילט און דאן האט יואל

דוד געגומען זינגען דיזעלבע אריע.

מאניושקא האט איהם באגלייט אויף דער פיאנא און יואל דוד האט זיך צעלאזען אויף די הויכע טענער. און ווען ער האט געענדיגט זינגען האט איהם מאניושקא אפלאדירט.

— נאכדעם ווי איך הער אייך זינגען, פאן סטראשונסקי, צווייפעל איך ניט אז אלעס וועט זיין ווי געוואונשען. דער קאנצערט וועט זיין דער גרעסטער ערפאלג און איהר וועט זינגען אין מיין אפערא צוזאמען מיט דער יונגער שעהנער גרעפין זאמאיסקא... זי וועט צעשמאלצען ווערען פון אייער שעהנער שטימע פונקט ווי א שטיק הארטע גאלד ווערט צעשמאלצען פון פייער. איך בין זיכער אין דעם... איך ווייס אז זי איז זעהר מוזיקאליש און באזיצט טאלאנט און ווי גרויס איהר פאראורטייל איז געגען אידען, וועט איהר קונסט זי בייקומען.

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת, פאן מאניושקא — האט יואל דוד זיך אנגערופען, איך אליין האב קיין חשק ניט צו זינגען מיט איינער וועלכע, ווי איך פארשטעה פון אייערע רייד איז אזא פארברענטע אנטיסעמיטקע.

— עס איז ניט איהר שולד. אלע זיינען זיי אזוי. איבערהויפט די העכערע פוילישע אריסטאקראטיע. זיי ווערען אזוי דערצויגען פון קינדווייז אן.

— יע, אבער איך בין צו שטאלץ אז איך זאל זיך בויגען פאר אזעלכע אידען פרעסער... איהר וואלט מיר געטהאן די גרעסטע טובה, פאן מאניושקא ווען איהר גיט מיר צוריק דעם קאנטראקט מיט מיין אונטערשריפט.

— א, וואס רעדט איהר? — האט מאניושקא אויסגערופען — איך וויל קעמפען מיט אלע מיינע קרעפטען אז איהר זאלט יע זינגען אין מיין אפערא און איהר ווילט אנטלויפען פון שלאכטפעלד ווי א פייגלינג! ניין, פאן סטראשונסקי, אין מיינע אויגען זייט איהר פאררעכענט ווי א העלד און איהר וועט זיך אזוי שנעל ניט אונטערגעבען. איך וועל אייך באווייזען אז אט אלע אייערע געגנער וועלען זיך שעצען גליקליך ווען איהר וועט צו זיי א ווארט אויסריידען... פונקט ווי עס טהוט איצט נאסטאשא. יע, איך האב פארגעסען אייך צו דערצעהלען אז נאסטאשא און איהר פאטער זיינען שוין געקומען אין ווארשע. איהר ווייסט דאך אז זי וויל זינגען אין מיין כאהר, איז זי מיט איהר פאטער געקומען אהער איצט, כדי אויך צו האבען א געלעגענהייט צו הערען אייער קאנצערט... און לאמיר אייך זאגען אז זי קומט כמעט יעדען טאג אויסצוגעפינען אויב איהר זייט אנגעקומען... איהר געדענקט דאך געוויס ווי אזוי זי האט זיך פארהאלטען צו אייך דעם ערשטען מאל ווען איהר האט אריבערגעטראטען די שוועל פון איהר פאטער'ס הויז. און יעצט חלש'ט זי אייך צו זעהן און זי וועט עס האלטען פאר א כבוד אויב איהר וועט מיט איהר אויסריידען א פאר ווערטער. אזוי וועט זיך אויך די גרעפין ענדערען נאכדעם ווי זי וועט אייך הערען זינגען... זייט בטוח. זייט ביי זיך ניט געפאלען. איך וויל אז איהר זאלט וויסען אז איהר טהוט אויף זעהר פיעל מיט דעם צו דערהויבען דעם כבוד פון אייער פאלק אין די אויגען פון די קריסטען... איהר וועט מוזען האבען ערפאלג און איהר וועט ווערען וועלט באריהמט. דאן ווע-

לען די יעניגע וועלכע האַסען אייער פאָלק, זיך אַרומזעהן אַז זייער שנאה איז אומבאַגרינדעט.

יואל דוד האָט געשוויגען. איהם איז דאָ געווען אַזוי אַנגענעם. די וואונדער שעהנע טענער פון דער גרויסער פּיאַנאָ האָט איהם ווי פאַר׳כשופ׳ט. ער ער האָט געפּיהלט אַז דאָ וואָלט ער געקענט בלייבען זיין גאַנצען לעבען. דאָ איז דער מוזיקאַלישער אומגעבונג. ער האָט עטליכע מאָל אַליין איבערגעשפּילט די באַריהמטע אַריע "דער ווינט קלאָגט צווישען די בערג און דער וואַלד רוישט, ביי מיר בלוטיגט מיין האַרץ... דער יאַד פּלאָגט און דער אומעט דריקט".

טרעהרען האָבען זיך באַוויזען אין זיינע אויגען ווען ער האָט עס געזונגען און מיט יעדען מאָל האָט ער געזונגען מיט מעהר האַרץ און געפיהל.

מאַניושקאַ האָט זיך צוגעהערט. ער איז געבליבען זיצען אויף זיין פּלאַץ ווי צוגעשמידט.

— פאַן סטראַשונסקי! — האָט ער געדריקט זיין האַנט נאָכדעם ווי ער האָט דעם פינפטען מאָל פאַרענדיגט זינגען די דאָזיגע אַריע. די וועלט קוקט אויס צו זיין אַזוי שעהן און פּרעכטיג ווען איהר לאָזט הערען אייער באַצויבערענדע שטימע. ווי אַ מין כשוף ווערט צעגאָסען איבעראַל און אויף אַלעם. עס ווערט אַזוי גרינג אויפ׳ן האַרצען. אַלע גרעניצען ווערען אָפּגעווישט דורך אייערע הימעלשע טענער... איך קען קוים גלויבען אַז עס געפינט זיך איין פּערזאָן וועלכער זאָל פאַרשטעהן מוזיק און בלייבען גלייכגילטיג נאָכדעם ווי די פּערזאָן האָט אייך געהערט זינגען... דערפאַר בין איך אַזוי זיכער אַז איהר וועט בלייבען מיט אונז און איך וועל זיך ניט שיידען מיט אייער קאָנטראַקט פאַר קיין געלט אין דער וועלט. איהר פון מיר נויטיגט זיך ניט אין די קאָנטראַקט... אייער שטימע בינדט מיר צו אייך פאַר אייביג... איך זאָג אייך אַז איך קאָן קוים דערוואַרטען דעם קאָנצערט און וועל ניט רוהען, ביז וואַנען מיר וועט געלינגען צו ברייגגען צום קאָנצערט אַלע גראַפען, אַלע הויכע בעאַמטע פון וואַרשע און אַרום די גאַנצע פּוילישע אַריסטאָקראַטיע וועט זיין און לאָמיר זעהן וואָס פאַר אַן איינדרוק איהר מאַכט אויף זיי אַלעמען.

— איך ווייס ניט וואָס צו זאָגען — האָט יואל דוד אויסגערופען — איך בין גערירט פון אייערע רייד. איהר גיט מיר אַ סך מוטה. איך קריג צוטרויען צו זיך.

— איך וועל מיט אייך איינשטודירען נאָך איינינגע אַריעס פון מיינע אַנדערע אָפּעראַס, פון די וועלכע זיינען געשפּילט געוואָרען לעצטען סעזאָן. איבערהויפּט וויל איך אַז איהר זאָלט זינגען אַן אַריע פון מיין אָפּעראַ, "דער נייער דאָן קיכאָט". איך וויל אַז די מבינים וועלכע האָבען לעצטען יאָהר געהערט די דאָזיגע אַריע געזונגען פון דעם העלד און זיינען געווען שטאַרק באַגייסטערט, זאָלען אייך הערען זינגען די זעלבע אַריע און דאַן זעהן וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס וועט אויף זיי מאַכען.

מאַניושקאַ האָט איהם געגעבען די נאָטען און די ווערטער פון דער

אריע פון זיין אָפּערא "דער נייער דאָן קיכאָט", דאָן האָט ער פאַר איהם איין מאָל געשפּילט און יואל דוד האָט שוין געגומען אונטערברומען אליין. און איז א ווײַלע ארום האָט ער אויך די דאָזיגע אריע געזונגען אַזוי אז מאַ־ניושקאַ איז צו איהם צוגעגאַנגען און איהם א קוש געטהאָן אויפ'ן באַק.

— וואונדערבאר, וואונדערבאר! — האָט ער אויסגערופען. זאָלען אייערע שונאים וואגען צו ריידען א שלעכט וואָרט וועגען אייך... איך וועל זעהן אז די פאַרשטעהער פון דער גאנצער ווארשעווער פרעסע זאָלען קומען צום קאָנצערט. ניין, ניט נאָר די מוזיק קריטיקער פון ווארשע וועל איך איינ־לאדען, נאָר אויך די קריטיקער פון בערלין, פון וויען, פון בודאפּעסט. זיי וועלען אלע קומען. איך אליין וועל זיי שיקען איינלאדונגען. איך וועל זיי שרייבען וועגען מיין גרויסער ענטדעקונג און זיי וועלען קומען... אייער נאָמען וועט באריהמט ווערען אין דער גאנצער וועלט. איהר וועט זעהן!

יואל דוד האָט פאַרבראַכט מיט מאַניושקאַ'ן עטליכע שעה און דאָן האָט ער איהם מיטגעגעבען די נאָטען מיט די ווערטער פון די אריעס און איהם געהייסען איבער'חזר'ן אין דעם צימער פון זיין האָטעל, באַנוצענדיג זיך מיט דער פּיאַנאָ, וואָס געפינט זיך דאָרט.

יואל דוד האָט פלייסיג איינגעשטודירט די אריעס און ער האָט מיט גרויס התמדה געלערענט די נאָטען. פאַר איהם האָט זיך פּלוצלונג געעפענט אנטפּלעקען א נייע וועלט פון מוזיק און ער האָט געשלונגען יעדעס וואָרט.

יואל דוד איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין זיין נייעם מוזיקאַלישען שטו־דיום, אז ער האָט גאָר פאַרגעסען אָן זיין כאָר, וואָס געפינט זיך אין אכסניה און צוויי טעג זיינען פאַראיבער און ער האָט זיך אפילו מיט זיי ניט גע־שטעלט אין פאַרבינדונג.

שייקע פייפער האָט באשלאָסען זיך צו זעהן מיט דעם ווילנער באלע־בעסעל, זיין חזן, אבער ער האָט אפילו ניט געוואוסט וואו ער געפינט זיך. און ווען מתתיהו ראַזען איז געקומען באזוכען דעם כאָר און פרעגען יעדען איינעם, אויב איהם פעהלט גאָר ניט, האָט שייקע פייפער זיך צו איהם אָנ־גערופען:

— אונז פעהלט אונזער חזן. מיר האָבען איהם נאָך ניט געזעהן זינט ער איז פון אונז אוועק, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אַהער.

— ער איז זעהר פאַרנומען. ער וועט זיכער צו אייך צוקומען אינגיכען.

— אָבער מיר ווייסען אפילו ניט וואו ער האַלט זיך אויף! — האָט שייקע געזאָגט. — טאָמער דאַרפען מיר איהם נויטיג האָבען, וועלען מיר אפילו ניט וויסען וואו איהם צו דערגרייכען.

— איך האָב געמיינט, אז איהר ווייסט יאָ אין וועלכען האָטעל ער געפינט זיך, — האָט ראַזען געזאָגט.

— מיר ווייסען גאָרניט!

ראַזען האָט איהם געזאָגט דעם נאָמען פון האָטעל און ווי אַזוי מען דאַרף אַהין געהן.

— אָבער מיין עצה איז, אז איהר זאָלט צוואוואַרטען נאָך אַ טאָג. איך בין זיכער, אז דער ווילנער באַלעבעסעל וועט אהער קומען צו אייך.

שייקע פייפער האָט אָבער ניט געוואַרט. ער איז אוועקגעגאַנגען צום האָטעל און אויסגעפונען אין וועלכען צימער ער שטעהט איין. ער איז צו־געקומען צו זיין צימער און צו זיינע אויערען האָבען זיך דערטראָגען שעהנע טענער פון דער פּיאַנאָ. ער איז געבליבען שטעהן אַ ווײַלע פאַרגאַפט. דאַן האָט ער אַנגעקלאַפּט אין טיר.

יואל דוד האָט געעפענט און דערזעהענדיג איהם, האָט ער אויסגערופען:

— אַה, שייקע, וואָס טהוסטו דאָ?

— וואָס הייסט וואָס טהו איך דאָ? מיר זיינען שוין אין וואַרשע דעם דריטען טאָג און איהר האָט אונז איבערגעלאָזען און מיר האָבען אפילו ניט געוואוסט וואו איהר זייט.

— מען האָט דאָך מיר אָבער געזאָגט, אז יעדער פון אייך איז באַזאָרגט געוואָרען מיט אַלעם וואָס מען דאַרף.

— יאָ, אָבער מיר האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טראַכטען!

— איך האָב געהאַט אין זינען היינט אַריבערצוכאַפּען זיך אין דער אכסניה, אָבער איך בין געוועזען אַזוי פאַרנומען. דו זעהסט, — האָט יואל דוד אַנגעוויזען אויף דער פּיאַנאָ און אויף די נאָטען. — דאָס דאַרף איך איינשטודירען. איך וועל דאַרפען אויך זינגען אויסצוגען פון אָפּעראַס, דאָס הייסט, אַריעס און זיי זיינען זעהר שווער. איך מוז זיי איינשטודירען.

— איהר וועט זינגען אויף נאָטען?

— און וואָס וואונדערסטו זיך אַזוי?

— איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אז איהר קאָנט נאָטען.

— אז מען דאַרף לערענט מען זיך אויס. יאָ, שייקע, אויך זיי האָבען טייערע געזאַנגען און נגונים. זעץ זיך, און איך וועל עפּעס שפּילען פון זייערעס און זינגען, וועסטו וועסטו זעהן, אז זיי יכול'ן אויך.

שייקע האָט זיך צוגעזעצט און האָט באַטראַכט דעם שעהנעם צימער פון האָטעל. יואל דוד האָט זיך געזעצט לעבען דער פּיאַנאָ און האָט גענומען שפּילען, אונטערברומענדיג די ווערטער פון דער אָפּעראַ און ווען ער האָט געענדיגט, האָט ער זיך געווענדעט צו שייקע'ן, וועלכער איז געזעסען באַ־וועגלאָז:

— נו, ווי געפעלט עס דיר?

— זעהר גוט! — האָט שייקע געענטפערט. — אָט דאָס וועט איהר זינגען אויפ'ן קאָנצערט?

— יאָ, דאָס און נאָך אייניגע אַריעס אויסער אונזערע אייגענע תפילות. פאַרשטעהט זיך, אז איך וועל זיי זינגען אויף די גאָר הויכע טענער... איך וויל דאָ ניט זינגען צו הויך, ווייל דאַן קלייבען זיך אַלע אַרום מיין צימער און אויך אין דרויסען קומען זיך צענויף מענשען.

— פּונקט ווי ביי אייך אין הויף צו אונזערע רעפּעטיציעס, — האָט

שייקע פייפער געשמייכעלט. — אָבער וועלען מיר דען ניט דאַרפען אויך זיך אויסלערנען אַט די אַלע גוי׳אישע געזאַנגען.

— ניין. ווען איך וועל זינגען די אַריעס, וועט מיך באַגלייטען מאַ־ניושקאַ׳ס אָרקעסטער. דו האָסט באַדאַרפט זעהן וואָס פאַר אַן אָרקעסטער דאָס איז! די אידישע געזאַנגען וועט איהר מיך באַגלייטען. איצט קאָנסטו שוין זעהן פאַרוואָס איך בין ניט געקומען. איך האָב איינפאַך קיין צייט ניט געהאַט און אַזוי לאַנג, ווי איך האָב געוואוסט, אַז יעדער פון אייך איז באַזאָרגט, בין איך צופרידען.

— אָבער מיר וועלען דאָך אויך דאַרפען איינשטודירען! — האָט שייקע פייפער געזאָגט.

— אַלעס, וואָס מיר וועלען דאַרפען, איז איבערגעהן איין מאָל, ווייל מיר וועלען דאָך זינגען אייניגע פון אונזערע תפילות און איהר קאָנט דאָך שוין אַלע תפילות אויסוועניג. גוט, שייקע, וואָס דו ביזט געקומען. איך וועל דיר געבען עטליכע רובעל פאַר דיר און די איבעריגע, טאָמער נויטיגט איהר זיך אין אַ פּאָר גראָשען און זאָג זיי, אַז איך וועל די טעג צוקומען, און זעהן, אַז עס זאָל ניט זיין קיין מחלוקת צווישען אייך.

שייקע פייפער האָט גענומען די עטליכע רובעל און ער איז אוועק צו דער אכסניה, וואו די אַנדערע משוררים האָבען איהם אַרומגערינגעלט און ער האָט זיי דערצעהלט וואָס ער האָט געזעהן, און אַז ער האָט איהם געהערט זינגען אָפּערא.

— איך זאָג אייך, אַז אַזוינס האָט איהר נאָך אין אייער לעבען ניט געהערט, — האָט שייקע זיך פאַסמאַקעוועט.

## קאַפּיטעל 12

יואל דוד איז יעדען טאָג געקומען צו מאַניושקאַ׳ן אין סטודיאָ, וואו ער האָט מיט איהם פאַרבראַכט דעם גרעסטען טייל פון טאָג. דאָרט האָט מאַניושקאַ, אין באַגלייטונג פון זיין אָרקעסטער, איינגעשטודירט מיט יואל דוד׳ן די פאַרשידענע אַריעס, וואָס ער וועט דאַרפען זינגען אויפ׳ן קאָנ־צערט. מאַניושקאַ האָט ניט אויפגעהערט צו לויבען זיינע פעהיגקייטען, ווי שנעל ער כאַפּט אויף די פאַרשידענע טענער.

איינמאָל, ווען דער אָרקעסטער האָט געשפּילט, באַגלייטענדיג איהם אין איינער פון די אַריעס, האָט יואל דוד פּלוצלונג דערפיהלט, אַז דער ערשטער פּידלער האָט געמאַכט אַ טעות אין איינע פון די נאָטען. דער טעות איז געוועזן אַזוי ניט באַמערקבאַר, אַז אַפילו דער געאיבטער אויער פון מאַ־ניושקאַ׳ן האָט עס ניט דערשפּירט.

יואל דוד האָט אָפּגעשטעלט זיין זינגען און ער האָט זיך געווענדעט צום ערשטען פידלער:

— ענטשולדיגט מיר, אָבער איהר האָט אין די לעצטע עטליכע נאָטען עפּעס דורכגעלאָזען.

דער פידלער האָט אויף איהם אָנגעשטעלט א פּאָר אויגען און אויך מאניושקא האָט מיט גרויס פארוואונדערונג איהם אָנגעקוקט.

— איך האָב קיין טעות ניט באמערקט! — האָט מאניושקא זיך אָנ־געריפען און דער פידלער האָט שוין געוואָרפען א נצחון בליק אין זיין ריכטונג.

— איך בין זיכער, אז דאָ איז פארגעקומען א טעות! — האָט יואל דוד געזאָגט און מעגליך, אז צוליב דעם שפּילען פון די אנדערע האָט איהר עס ניט געקאָנט באמערקען. זאָל ער פּרובירען עס איבערשפּילען אליין.

— גוט, לאָמיר הערען! — האָט מאניושקא זיך געווענדעט צום פידלער.

דער פידלער האָט אָנגעסטראָיעט זיין פידעל און מאניושקא האָט צו איהם א וואונק געטאָן און ער האָט גענומען שפּילען. ווען ער איז צוגעקומען צו דער נאָטע, האָט ער געמאכט דעם זעלבען טעות. און איצט האָט שוין מאניושקא אליין זיך א שטעל געטאָן און אויסגערופען:

— דער פּאַן סטראשונסקי איז גערעכט!

דער פידלער האָט אָנגעוויזען אויף די נאָטען און ווען מאניושקא האָט אריינגעקוקט, האָט ער געמערקט, אז אין זיינע נאָטען איז פאראן אן איבע־ריגע שטריכעלע. ער האָט עס טאקע פאריכט און דער פידלער האָט עס אי־בערגעשפּילט און יואל דוד האָט צוגעשאָקעלט מיט זיין קאָפּ.

— איצט איז עס ריכטיג! — האָט ער שמייכלענדיג געזאָגט.

מאניושקא איז געווען אויסער זיך פון ענטציקונג.

— איך קאָן ניט פארשטעהן ווי אזוי דו האָסט געקאָנט כאפּען דעם קליינעם טעות... איבערהויפּט דאן, ווען דער גאנצער אָרקעסטער האָט גע־שפּילט. דו האָסט אזא וואונדערבארען אויער... איך וואָלט עס קיינמאָל ניט גענלויבט ווען מען דערצעהלט עס מיר! איך אליין האָב זיך ניט געכאפּט און איך בין זיכער, אז די גרעסטע מוזיק מבינים וואָלטען עס פארבייגעלאָזען און דיין אויער איז אזוי עמפּפינדליך. עס איז אויסערגעוועהנליך! אזא טאַ־לאַנט צו מוזיק ווי דו פארמאָגסט, איז איינער אין הונדערט יאָהר!

— נו, וואס זאָגסטו צו דעם? — האָט מאניושקא זיך געווענדעט צו זיין ערשטען פידלער. — וואָלסטו דען געגלויבט אויף אזא זאך?

דער פידלער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין, און ער האָט זיך ענטשולדיגט פאר יואל דוד'ן.

— ווען מען נעהמט אין אנבאטראכט, אז ער האָט ביז אהער כמעט ניט געקאָנט קיינע נאָטען, איז עס ממש צו באוואונדערען, — האָט מאַ־ניושקא צוגעגעבען און אלע שפּילער פון אָרקעסטער האָבען צוגעשאָקעלט מיט זייערע קעפּ אלס צייכען, אז זיי שטימען איין מיט איהם.

— איך, אלס קאָמפּאָזיטאָר און פיהרער פון אָרקעסטער, האָב דעם דאזיגען קליינעם טעות ניט געפיהלט און ער מיט זיין שאַרפען, עמפּפינד־ליכען אויער, האָט עס באמערקט.

— ווען איך דערפיהל, אז עפּעס ווערט ארויסגעשפּילט ניט ריכטיג,

געהט דורך א סקרוך איבער מיין לייב, — האָט יואל דוד געזאָגט. — און איך מוז זיך אָפּשטעלען און מאכען א באמערקונג וועגען דעם.

— דאָס איז א צייכען פון א גרויסען טאלאנט און אויסערגעוויינליך שארפען און עמפּפינדליכען אויער — האָט מאניושקא געזאָגט — יע, איך זעה, מיין פריינד, אז איך האָב זיך אין דיר ניט גענארט און הלואי וועלען אויך די אנדערע עס זעהן און פיהלען.

* * *

א וואָך איז אריבער און יואל דוד האָט געפיהלט אז ער קאָן שוין גוט די אלע אריעס וואָס ער האָט איינשטודירט און מאניושקא אליין האָט איהם געהייסען זיך אויסרוהען און קומען צו איהם יעדען צווייטען טאָג אנשטאָט יעדען טאָג.

יואל דוד האָט שוין געהאט צייט צו באזוכען זיין כאָר אין אכסניה און מאכען מיט זיי רעפּעטיציעס. ער האָט אויך גענומען לענגערע שפּאצירען איבער די גאסען פון ווארשע. די טעג זיינען געווען שעהנע און ווארימע, און מיטען יוני און יואל דוד פלעגט שפּאצירען לאנגזאם איבער די ברייטע שעהנע גאסען, וואו די פּוילישע אריסטאָקראטען האָבען געוואוינט. ער האָט באטראכט די פּראכטפולע פּאלאצליכע וואוינונגען, וואָס זיינען געווען ארומגערינגעלט פון שעהנע בלומען גערטנער און הויכע בוימער.

איינמאָל, אין אָווענט, שפּאצירענדיג פארביי א רייכען פּאלאצליכען הויז, האָבען זיך פון די אָפענע פענסטער דערטראָגען צו יואל דוד׳ס אויערען שעהנע טענער פון א פּיאנאָ.

ער האָט זיך דערנעהנטערט צו דעם טויער פון הויז פון וועלכען דאָס שפּילען איז געקומען, און ער האָט זיך צוגעהערט... דאָס שפּילען איז איהם געווען באקאנט, וויל עס איז געווען איינע פון די אריעס, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערענט ביי מאניושקא׳ן צו זינגען אויפ׳ן קאָנצערט. ער איז אזוי געבליבען שטעהן ווי צוגעשמידט צו זיין פּלאץ. די ווייכע, זיסע טענער זיינען געקומען פון זעהר א טיערער פּיאנאָ, געשפּילט פון צארטע פינגער... ער איז געשטאנען אזוי א היבשע ווײלע מיט אָפענע מויל און אויערען. זיינע אויגען זיינען געווען געווענדעט צו יענעם פענסטער דורך וואנען די קלאנגען זיינען ארויסגעקומען, און ער איז געווען אזוי פארטיפט אין דעם שפּילען, אז ער האָט גאָרניט באמערקט ווי נעבען טויער האָט זיך אָפּגעשטעלט א פּרעכטיגער עקיפּאזש, געשפּאנט צו צוויי פערד, און פון דאָרט איז ארויסגעקומען א יונגער גראף.

דערזעהענדיג ווי דער אידישער יונגער מאן שטעהט אזוי פארטיפט און הערט זיך צו מיט גרויס אויפמערקזאמקייט צו דעם שפּילען פון דער פּיאנאָ, האָט דער גראף זיך אָפּגעשטעלט פון הינטען און איהם גענומען באטראכטען. עס איז איהם געווען טשיקאווע: אָט שטעהט א זשידאק, אָנגעטאָן אין א לאנג אטלעסענע קאפּאטע מיט א רונד שווארצען בערדעל און פּאות און שלינגט מיט אזא אפּעטיט די טענער פון דער פּיאנאָ.

פּלוצלונג באמערקט דער גראף ווי דער אידישער יונגערמאן גיט א מאך

דאָס איז איהם געווען אויפפאַלענד און דער גראַף איז נייגעריג געווען אויסצוגעפינען וואָס אזוינס ס'געפעלט ניט דעם זשידאָק... פארוואָס האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט ניט איינגעשטימט... זאָל עס זיין, אז ער איז א מבין אויף מוזיק און ער האָט עפּעס וואָס אויסצוזעצען געגען דעם שפּילען. אָדער גלאַט א טשיקאַווער אידעל, וועלכער פאַרשטעהט גאָרניט. דער גראַף איז צוגעקומען נעהנטער און איהם אָנגערירט מיט זיין שטעקעל.

יואל דוד האָט זיך א צאַפּעל געטאָן און אומגעדרעהט זיין קאָפּ און דערזעהענדיג דעם גראַף האָט ער זיך פאַרנייגט און זיך געוואָלט אָפּטראָגען.

— וואַרט צו א ווייל‌ע! — האָט דער יונגער גראַף זיך אָנגערופען צו איהם — איך וויל דיך עפּעס פרעגען.

— וואָס וויל מיין האר מיך פרעגען? — האָט יואל דוד איהם אָנ־געקוקט.

— איך האָב נאָר וואָס באמערקט ווי דו האָסט דורך פאַרשידענע באַ־וועגונגען אויסגעדריקט דיין אומצופרידענהייט מיט דעם שפּילען פון פּיאַנאָ, וואָס דו האָסט נאָר וואָס געהערט. — ביזטו טאַקע אומצופרידען?

— יאָ, מיין הער — האָט יואל דוד געזאָגט — די פרעזאָן שפּילט ניט שלעכט, אָבער איך האָב באמערקט איינינגע פעהלערען.

— ווייסטו ווער עס שפּילט דאָרט? פרעגט איהם דער גראַף.

— ניין, איך ווייס ניט, אָבער איך שטעל זיך פאָר, אז דאָס זיינען די צאַרטע פינגער פון א פרוי, אָבער וואָס איז דער אונטערשייד ווער עס שפּילט, די פעהלערען זיינען פעהלערען, און אויב אימיצער וועט ניט ציהען די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער שפּילערין, וועט זי אזוי איינשטודירען און די פעה־לערען וועלען מיט איהר בלייבען אויף שטענדיג.

דער גראַף האָט איהם באַטראַכט און ער האָט זיך קוים באהערשט ניט אויסצושיסען אין א געלעכטער.

— ווייסטו וואָס, וואַרט דאָ צו א ווייל‌ע און איך וועל אריינגעהן אין הויז און איבערגעבען דיינע באמערקונגען צו דער שפּילעריז און איך וועל זי פרעגען, אויב זי וועט ניט זיין דאַגעגען, אז דו זאָלסט אריינקומען און איהר אָנצייגען די פעהלערען, וועסטו דאָ צוואַרטען?

— גוט, מיין הער, איך וועל צוואַרטען — האָט יואל דוד צוגעשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ.

דער יונגער גראַף איז צוגעקומען צו די טרעפּ פון פּאַלאַץ, און יואל דוד האָט באמערקט ווי דער שווייצאַר האָט זיך פאַרנייגט פאר איהם און אויפגעעפענט די טיר.

דאָס איז געווען דער פּאַלאַץ פון דער גרעפין זאַמאָיסקאַ. אין מיטען פון איהר שעהנעם, ליכטיגען מוזיק צימער איז געשטאַנען א גרויסע פּיאַנאָ. די גרעפין זאַמאָיסקאַ איז געזעסען נעבען דער פּיאַנאָ און געשפּילט. ארום איהם זיינען געשטאַנען איינינגע יונגע אריסטאָקראַטען און אריסטאָקראַטקעס, איהרע פאַרעהרערינס.

כמעט יעדען אוועגט פלעגען צו איהר קומען פארשידענע געסט פון די אריסטאקראטען. און ערשט איצט ווען א דינער האט געמאלדען, אז גראף פאסקעוויטש איז געקומען, האט זאמאיסקא אויפגעהערט שפילען און זי האט זיך אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ און זי איז איהם אנטקעגען געקומען.

דער יונגער גראף האט אנגענומען זאמאיסקא'ס האנט און זי צוגע־טראגען צו זיינע ליפען. ער האט געשמייכעלט, און די גרעפין האט איהם געפרעגט וואס עס באדייט זיין שמייכלען.

— איך האב נאר וואס ביי דעם ארייגאנג פון פאלאץ באמערקט זעהר א טשיקאווע זאך.

— וואס איז דאס? — דערצעהל אונז, גראף פאסקעוויטש — האבען איהם שוין אלע ארומגערינגעלט — וואס איז געשעהן?

— יע, דערצעהל אונז — האט זאמאיסקא איהם געבעטען.

— איך קום ארויס פון מיין עקיפאזש, דערזעה איך נעבען טויער שטעהט עפעס א "זשידאק" אנגעטאן אין די זשידאווסקע קליידער מיט א רונדען בערדעל און פאות. ער האט זיך צוגעהערט. ווייזט אויס, מיט גרויס אויפמערקזאמקייט צו דיין שפילען, גרעפין זאמאיסקא. ער איז געווען אזוי פארטיפט אין דיין שפילען, אז ער האט מיך ניט באמערקט... איך בין גע־בליבען שטעהן אויף מיין פלאץ און געקוקט אויף איהם. דערזעה איך פלוצ־לונג ווי ער גיט א מאך מיט זיין האנט, א דרעה מיט זיין קאפ, און א קרים מיט זיין זשידאווסקער נאז, פונקט ווי ער האט געוואלט זאגען, אז דאס שפי־לען געפעלט איהם ניט. געה איך שוין צו צו איהם און טהו איהם א פרעג:

— געפעלט דיר דען ניט דאס שפילען? ווייל ווי איך זעה, דריקסטו אויס מיט דיינע באוועגונגען אומצופרידענהייט.

— נו, וואס האט דיר דער זשידאק געענטפערט? פרעגט איהם די גרעפין לאבענדיג.

— ער האט מיר געענטפערט, אז די פערזאן שפילט ניט שלעכט, אבער ער האט באמערקט איינינע פעהלערען!

— איינינע פעהלערען — האט זאמאיסקא זיך פארוואונדערט געלאכט.

— א חוצפה פון א זשידאק! — האט א יונגע פארעהרערין פון דער גרעפין זיך אנגערופען — איך וואלט איהם שוין מיט ליידיגען ניט געלאזט געהן.

— ער איז נאך ניט אוועקגעגאנגען. איך האב איהם געהייסען ווארטען לעבען טויער, ווייל ער האט מיר געזאגט, אז אויב אימיצער וועט ניט ציהען דיין אויפמערקזאמקייט צו דיינע פעהלערען, גרעפין, וועסטו אזוי איינשטודירען און די פעהלערען וועלען מיט דיר בלייבען אויף שטענדיג.

— נו, געפעלט אייך אזא זשידאק! ער געפינט גאר חסרונות אין מיין שפילען! דער פאן מאניושקא האט מיך געהערט שפילען די זעלבע אריע מיט עטליכע טעג צוריק, האט ער מיך קאמפלימענטירט און געזאגט, אז עס איז אויסערגעוועהנליך גוט, און דא קומט א זשידאק און געפינט חסרונות.

— איך וואלט פארגעשלאָגען, אז מען זאָל איהם אריינרופען אהער און איהם גוט מכבד זיין.

— וואס? איהם שלאָגען אין מיין הויז! ניין, האָט זאמאיסקא אויס־געשרופען.

— איך מיין ניט, אז מיר זאָלען איהם שלאָגען. נאר שפּאס קענען מיר מיט איהם האבען א סך. וואס וועט עס שאדען, ווען ער וועט אריינקומען און מיר וועלען זיך פרעהליך מאכען א ביסעל אויף זיין חשבון?

— יע, זאָל מען איהם אריינרופען אהער — האָט די גרעפין אויסגע־רופען, איך וויל זעהן וואס פאר א באשעפעניש דאס איז. ווי אזוי קומט א זשידאק צו זיין א מבין אויף מוזיק.

— ער איז אזא מבין ווי א חזיר — האָט דער גראף פּאסקעוויטש גע־לאכט. נאר א איד האָט ליב ארויסצואווייזען חוצפּה... ער האָט געמיינט, אז איהם וועט געלינגען גרינגצושעצען דיין שפּילען, און דאמיט זיך גרויסען. איך קאָן שוין זעהר גוט אזעלכע באשעפענישען... צום באַ־דויערען, עקזיסטירען זיי אויך ביי אונז... זיי זיינען פּוסט ווי א ליידיגע פעסעל און מאכען א גרויסע טומלעניש און געררויש, מען זאָל מיינען, אז זיי זיינען עפּעס...

— נו, אויב אזוי וועט טאקע זיין כדאי אָנצולערנען דעם זשידאק! — האָט די גרעפין אויסגערופען, און זי האָט א קלונג געטאָן דעם גלעקעל און א דינער איז אריינגעקומען און זיך פארנייגט.

— הער זיך איין, וואנקא, אין דרויסען נעבען טויער שטעהט א זשי־דאק. געה ארויס צו איהם און זאָג איהם, אז מיר לאדען איהם איין צו אונז. יע, פיהר איהם אריין אהער אין דעם צימער.

דער דינער איז ארויס אין דרויסען און ער האָט באמערקט דעם יונגען אידען, איז ער צו איהם צוגעגאנגען, איהם אָפּגעמאָסטען פון קאָפּ ביז די פיס מיט בליקען פון חוזק און דאן האָט ער זיך צו איהם אָנגערופען:

— דו ביזט געבעטען אריינצוקומען אין פּאלאץ. קום מיט מיר.

יואל דוד האָט זיך אויסגעגלייכט. ער האָט א קוק געטאָן אויף דעם דינער און א ווײלע זיך געקווײנקעלט. איהם איז ניט געפעלען געווען זיינע חוזק בליקען. און ער האָט זיך געטראכט פארוואס זאָל ער אריינקומען אין א פּאלאץ צווישען פּוילישע אדעלליט, וואס איז זיין עסק אויב אימיצער שפּילט דארט ניט ריכטיג.

ווען דער דינער האָט געזעהן אז ער ריהרט זיך ניט פון אָרט, האָט ער זיך צו איהם אָנגערופען:

— די גרעפין האָט דאך דיך איינגעלאדען, טאָ פארוואס האסטו מורא אריינצוקומען?

— מורא? — האָט יואל דוד געזאָגט. — איך האָב קיין מורא ניט.

— טאָ קום אריין!

יואל דוד האָט פארשארט זיינע פּאות הינטער די אויערען און געגומען

נאָכגעהן דעם דינער, וועלכער האָט איהם אריינגעפיהרט אין דעם שעהנעם ברייטען מוזיק צימער, וואו אַלע געסט זיינען געווען.

ער איז פאַרבלענדט געוואָרען פון דער רייכקייט פון צימער. פאַר איהם האָבען געשימערירט גאָלדענע און בריליאַנטענע ציערונג מיט וואָס די אַריס־טאָקראַטישע דאַמען זיינען געווען באַהאַנגען. זיינע בליקען זיינען געפאַלען אויף דער יונגער שעהנער גרעפין, וועלכע איז געזעסען נעבען דער פּיאַנאָ. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ זיידענע ווייסע קלייד וואָס איז געווען טיף דעקאָלטירט. אויף איהר בלאָנדען קאָפּ האָר האָט זי געטראָגען קאַמען און שפּילקעס אייגעפאַסט מיט דימענטען.

— קומט אהער עטוואָס נעהענטער פּאַן! — האָט די גרעפין אַ זאָג געטאָן.

יואל דוד האָט זיך עטוואָס דערנעהענטערט.

— ווער ביזטו? — געהט צו איהם צו אַ יונגער גראַף און באַטראַכט איהם מיט פאַראַכטונג.

— אַ איד!

— דאָס דאַרפסטו אונז ניט זאָגען, דאָס זעהען מיר אַליין, דיין נאָז זאָגט עדות אויף דעם.— האָט דער יונגער גראַף אויסגערופען. — ווער ביזטו, פון וואַנען קומסטו?

— איך קום איצט פון דרויסען! — ענטפערט יואל דוד, און אַ היל־ביגער געלעכטער האָט אויסגעבראָכען צווישען די יונגע דאַמען.

יואל דוד האָט געזעהן אַז ער איז אריינגעפאַלען צווישען אַנטיסעמי־טישע פּוילישע אַריסטאָקראַטען, און ער האָט ביי זיך באַשלאָסען ניט צו זאָגען זיין נאָמען. זאָלען זיי ניט וויסען ווער ער איז, כדי עס זאָל איהם ניט שאַדען צום קאָנצערט.

— איך זעה, אַז דו האָסט אַ סך חוצפּה, זשידאָק! — רופט זיך אָן צו איהם דער יונגער גראַף פּאַסקעוויטש. — איך וויל אַז דו זאָלסט וויסען אַז ביי מיין פאָטער אין שלאָס האָט מען אַמאָל אַ אידען פאַרשמיסען צום טויט פאַר אַרויסווייזען צופיעל חוצפּה...

— ווען איך וואָלט געווען אויפ׳ן פּלאַץ פון גראַף, וואָלט איך זיך מיט אַזא טהאָט ניט באַרימט. — האָט יואל דוד דרייסט אַ זאָג געטאָן. — מיר פיהלען זיך שטאַרק באַליידיגט ווען אימיצער רופט אונז "קאַניבאַל" און איך זעה אַ גאַנץ קליינעם אונטערשייד פון אַ ווילדען קאַניבאַל וועלכער טויטעט זיין קרבן כדי צו שטילען זיין הונגער אָדער פון אַ זאַגענאַנטען אַריסטאָקראַט וועלכער טויטעט זיין קרבן כדי צו שטילען זיין חיה׳שען אינסטינקטיווען דורשט נאָך בלוט!

דער גראַף פּאַסקעוויטש איז אויפגערעגט געוואָרען פון זיין באַמערקונג און ער איז צוגעגאַנגען צו איהם און אויפגעהויבען זיין האַנט און געוואָלט איהם אַרונטערלאָזען אַ פּאַטש, אָבער די גרעפין זאַמאיסקאַ האָט אויס־געשריען:

— מיר האָבען דאָך אַפּגעמאַכט ניט צו שלאָגען אין מיין הויז.

— ענטשולדיגט, גרעפין! — האָט זיך פּאַסקעוויטש פאַרנייגט און ער האָט צוריקגעטראָטען עטליכע טריט.

יואל דוד האָט זיך אַ קעהר געטאָן צו דער טיהר און געזאָגט:

— איך באַדויער זעהר וואָס איך האָב אייך געשטערט. ענטשולדיגט מיר. — ער האָט אַנגענומען די קלאַמקע פון טיהר און זי געוואָלט עפענען.

די גרעפין זאַמאַיסקאַ האָט זיך אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ און אויסגערופען:

— וואַרט צו אַ ווײַלע. איך האָב געהערט אַז איהר האָט געפונען חסרונות אין מיין שפּילען. איך בין זעהר נייגעריג איהר זאָלט מיר די חסרונות ווייזען.

— איהר שפּילט זעהר גוט! — האָט יואל דוד געזאָגט. — אָבער אין איין פּלאַץ מאַכט איהר אַ טעות. אָבער עס איז ניט זעהר וויכטיג... אפילו אַ געניטער מוזיקאַלישער אויער וועט עס ניט קאָנען מערקען...

— און איהר האָט עס באַמערקט? — האָט נאָך אַ יונגער פּוילישער אַריסטאָקראַט זיך צו איהם געווענדעט.

— ווי עס ווייזט אויס האָב איך עס דערשפּירט! — האָט יואל דוד מיט באַשיידענהייט געזאָגט.

— איהר מוזט זיין אַ מוזיקאַלישער געניע אַז איהר זאָלט ענטדעקען אַזעלכע פעהלערען וואָס אַ געוועהנליכע מוזיקאַלישע אויער קאָן עס ניט דערשפּירען, — האָט די גרעפין געזאָגט.

— עס פּאַסירט גאַנץ אָפט, אַז אַן איינפאַכער מענש קאָן גיכער דערשפּירען אַ פעהלער ווי איינער וועלכער איז אַליין אַ גרויסער מוזיקער.

זאַמאַיסקאַ האָט אויף איהם אַ קוק געטאָן פון נאָהענט. זי האָט באַמערקט זיינע שעהנע ברענענדע אויגען, זיינע איידעלע געזיכטציגע און איהר צאָרן האָט זיך פון איהר אָפּגעטאָן.

— קומט צו נעהענטער צו דער פּיאַנאָ, — האָט זי זיך צו איהם געווענדעט, — איך וועל איבערשפּילען די מוזיק און איהר וועט מיר אָנצייגען אויף מיין טעות.

יואל דוד איז צוגעגאַנגען עטוואָס נעהענטער און ווען די גרעפין זאַמאַיסקאַ האָט זיך געזעצט אויף דער פּיאַנאָ שטוהל, איז צו איהר צוגעגאַנגען דער גראַף פּאַסקעוויטש און ער האָט איהר אַריינגעשושקעט אין אויער:

— עס וואָלט געווען מעהר שפּאַס ווען דו שפּילסט עפּעס אַנדערש. איך בין זיכער אַז ער וועט ניט אונטערשיידען פון איין אַריע ביז דער צווייטער און ער וועט מיינען, אַז דאָס איז די זעלבע אַריע וואָס ער האָט געהערט אין דרויסען און ערשט דאַן וועלען מיר האָבען אַ ביסעל שפּאַס מיט דעם חוצפה׳דיגען זשידאָק.

די גרעפין האָט אַ שמייכעל געטאָן און אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ. זי האָט געעפענט דעם בוך מיט נאָטען און גענומען שפּילען.

אַלע אַנוועזענדע האָבען געוואוסט אַז זי שפּילט אַ גאַנץ אַנדער אַריע, כדי אָפּצונאַרען דעם אידען און זיי האָבען דאריבער געוואַרט מיט אומגע־

דולד ווען זי וועט ענדיגען שפּילען און הערען וואָס דער זשידאָק וועט זאָגען. געוויס וועט ער זאָגען אַז איצט שפּילט זי בעסער... ערשט דאַן וועלען זיי מיט איהם טרייבען שפּאַס.

אין זאַל האָט געהערשט אַן אָנגעצויגענע שטילקייט, אַלע זיינען געבלי־בען זיצען אויף זייערע פּלעצער און ניט אַרונטערגענומען די אויגען פון זשידאָק, וועלכער איז געשטאַנען באַוועגלאָז און זיך צוגעהערט צו איהר שפּילען. זיינע אויגען זיינען געווען געווענדעט צום באָדען און ער האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט.

די גרעפין זאַמאַיסקאַ האָט געענדיגט שפּילען און די געסט האָבען איהר שטאַרק אַפּלאָדירט. יואל דוד איז נאָך אַלץ געבליבען שטעהן אויף זיין פּלאַץ, ניט אַרויסווייזענדיג קיין שום מינע.

— גו, פאַרוואָס ווייזטו מיר ניט אָן אויף מיינע פעהלערען? — האָט זיך די גרעפין צו איהם געווענדעט.

— איך געפין ניט קיינע פעהלערען אין דער דאָזיגער אַריע, גרעפין, — האָט יואל דוד געענטפערט.

— און ווי קומט עס אַז ווען איך האָב די זעלבע זאַך געשפּילט פריהער, האָסטו זיך געקרימט און געדרעהט מיט'ן קאָפּ, פּונקט ווי דיר איז ניט געפעלען געוואָרען מיין שפּילען.

— פריהער האָט די גרעפין געשפּילט אַ גאַנץ אַנדער אַריע... יאָ, פריהער האָט זי געשפּילט אַן אַריע פון דעם פּאַן מאָניושקאָ'ס אָפּערא, "די לאַטעריי" און איצט האָט איהר געשפּילט אַן אַריע פון זיין אָפּערא "די ציגיינערין"....

— וואָס?! — האָט זיך שוין די גרעפין אַ שטעל געטאָן פון איהר פּלאַץ און מיט ערשטוינונג אויסגערופען: — איהר זייט באַקאַנט מיט מאָניושקאָ'ס אָפּעראס?

— פאַרוואָס זייט איהר אַזוי איבעראַשט, גרעפין? — האָט יואל דוד מיט רוהיגקייט אין זיין שטים געזאָגט. — יעדער איינער וועלכער האָט אַן אינטערעס אין מוזיק דאַרף זיין באַקאַנט מיט די אָפּעראס פון אַזאַ באַגאַבטען און וואונדערבאַרען קאָמפּאָזיטאָר ווי דער פּאַן סטאַניסלאַוו מאָניושקאָ. איך גלויב, אַז פּוילען קאָן ווירקליך שטאָלץ זיין וואָס זי פאַרמאָגט אַזאַ מוזיקאַ־לישען געניע ווי פּאַן מאָניושקאָ.

די געסט האָבען עס געהערט און זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען. זיי האָבען געצוקט מיט די שולטערס פון ערשטוינונג.

— איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, — האָט די גרעפין זיך אָנגערופען. — איך זעה אַז מיר זיינען געווען גענאַרט. מיר האָבען געמיינט אַז איהר האָט קיין אהנונג ניט פון מוזיק און דער גראַף פּאַסקעוויטש האָט מיר געראַ־טען צו פּרובירען אייך אָפּצונאַרען. גוט, איצט וועל איך שפּילען די זעלבע אַריע ווי פריהער, די אַריע פון דער אָפּערא "די לאַטעריי".

די גרעפין האָט גענומען שפּילען די אַריע און יואל דוד האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו איהר שפּילען.

פלוצלונג האבן אלע באמערקט ווי יואל דוד גיט זיך א קרים און א טרייסעל, דערנאך א דרעה מיט'ן קאפ.
די גרעפין האט עס אויך באמערקט און זי האט באלד אויפגעהערט דאס שפילען.
— ווי איך זעה האב איך דא געמאכט מיין פעהלער! — האט זי זיך אנגערופען. — זייט אזוי גוט און צייגט מיר אן.
יואל דוד איז צוגעגאנגען גאנץ נאהענט צו דער פיאנא, ער האט אריינגעקוקט אין דעם בוך פון די נאטען און אנגעוויזען מיט זיין פינגער אויף א געוויסען פלאץ.
— איך זעה ניט איין ווי אזוי איהר פארעכענט עס פאר א פעהלער. דאכט זיך אז איך פאלג נאך גאנץ פינקטליך די נאטען. אדרבה, פרובירט איהר שפילען די זעלבע זאך. לאמיר הערען.
— איך בין ניט קיין גוטער שפילער! — האט יואל דוד געזאגט.
— עס איז גרינג יענעם צו קריטיקירען און אנווייזען זיינע חסרונות, —האט דער גראף פאסקעוויטש א זאג געטאן. ווי עס ווייזט אויס, האט ער צופעליג געהערט די דאזיגע אפעראס און דאריבער האט ער געוואלט ארויסווייזען זיין קענטשאפט... יא, ער האט געמיינט זיך אויסצופיינען... איך קאן שוין גוט די זשידעס.
— מיר דארפען איהם ניט באליידיגען! — האט די גרעפין א זאג געטאן. — מיין הארץ זאגט מיר אז ער פארשטעהט מוזיק א סך מעהר ווי מיר שטעלען זיך פאר. יע, איך בעט אייך, שפילט איהר אויס די זעלבע אריע, איך וויל זעהן אין וואס באשטעהט מיין פעהלער.
— אויב די גרעפין באשטעהט אויף דעם, וועל איך איהר וואונש ערפילען, — האט יואל דוד זיך א נייג געטאן, און ער האט זיך אוועקגעזעצט אויף דעם שטוהל וואס די גרעפין האט איהם אפגעטראטען.
אין זאל איז געווארען א שטיקעל געמורמעל. אייניגע פון די געסט זיינען געוועזען אומצופרידען.
— עס איז א פארשוועכונג! — האט דער גראף פאסקעוויטש אריינגעשושקעט אין אויער פון א צווייטען גראף, — צו דערלאזען אז די שמוציגע פינגער פון א זשידאק, זאלען אנריהרען די זעלבע קלאווישען פון דער פיאנא וואס אונזער באליבטע גרעפין ריהרט אן מיט איהרע צארטע שעהנע פינגער.
— ווען מען לאזט מיר וואלט איך דעם זשידאק אנגענומען פאר דעם קאלנער פון זיין שמוציגער קאפאטע און איהם ארונטערגעשליידערט פון די טרעפ, — האט א צווייטער גראף מיט צארן אויסגערופען.
כאטש די דאזיגע זידלערישע באמערקונגען זיינען געמאכט געווארען גאנץ נידעריג, זיינען זיי דערגאנגען צו די אויערען פון יואל דוד'ן, וועלכער איז שוין געזעסען אויף דער פיאנא שטוהל און געוועזען גרייט צו טהאן דעם וואונש פון דער שעהנער יונגער גרעפין זאמאיסקא. אבער ווען ער האט געהערט וואס זיי שושקען זיך, האט ער זיך אויפגעהויבען פון שטוהל און ער האט זיך ענטשולדיגט פאר דער גרעפין.

— איך באדויער זעהר שטארק וואס איך וועל ניט ערפילען אייער וואונש צו שפילען פאר אייך און אייערע ווירדיגע געסט, — האט ער עגזאגט.

— פאר וואס ניט?! — האט זי איהם אנגעקוקט פארוואונדערט.

— ווייל איך זעה אז אייערע ווירדיגע געסט זיינען ניט צופרידען מיט מיין יחוס — האט יואל דוד געענטפערט — כאטש אז מען זאל זיך גוט אריינטראכטען וועט מען זיך איבערצייגען אז מיין יחוס איז גאר ניט אזא נידעריגער, איבערהויפט פאר אייך קריסטען. איך גלויב אז איהר ווייסט אז אייער האר יעזוס שטאמט פון מיין ראסע, און איך קען ניט פארשטעהן פארוואס א קריסט זאל זיך אזוי איבערנעהמען געגען אונז אידען.

די דאזיגע רייד האט יואל דוד געזאגט מיט אזוי פיעל שטאלץ און ווירדע, אז אלע אנוועזענדע זיינען ערשטוינט געווארען.

— מיין ליבע גרעפין, — איז דער גראף פאסקעוויטש צו איהר צוגע־גאנגען, — ערלויב מיר און איך וועל דעם זשידאק צייגען ווי צו ריידען אזוי חוצפה'דיג. איך וועל איהם אזוי גוט אריינפאהרען אין זיין זשידאווסקע מארדע, אז ער וועט שוין אויף ווייטער וויסען ווי אזוי זיך צו פארהאלטען אין געגענווארט פון פוילישער הויכער געזעלשאפט... איך וועל איהם ווייזען ווי אזוי צו עפענען זיין שמוציגע מויל און מאכען א פארגלייכעניש צווישען איהם און אונז. עס איז דאך א באליידיגונג.

— בארוהיגט זיך גראף פאסקעוויטש, — האט די גרעפין זאמאיסקא זיך צו איהם געוועגדעט, — איך זעה ניט איין די באליידיגונג. פארקעהרט, איך זעה א סך אמת אין זיינע רייד... נאך אלעמען ווייסען מיר דאך לויט אונזערע היילגע שריפטען, אז אונזער האר יעזוס שטאמט פון דער משפחה פון דעם אידישען קעניג דוד... קאנען מיר עס דען אפלייקענען?

— אבער גרעפין! — האט פאסקעוויטש אויסגערופען, — מיר טארען אפילו פון דעם ניט טראכטען — די שמוציגע אידען האבען דאך איהם געקרייציגט, זיי האבען איהם און זיין לעהרע פאר'מיאוס'ט.

— דאס קאן זיין ריכטיג, — האט די גרעפין געזאגט, — אבער דאך קאן מען זיין אפשטאמונג ניט ענדערען. אונזער האר יעזוס שטאמט פון דעם אידישען פאלק און צוליעב דעם אליין איז אט דער יונגערמאן בארעכ־טיגט אנצואווייזען אויף זיין גרויסען יחוס.

ערמוטיגט פון די רייד פון דער גרעפין, האט יואל דוד ווייטער גערעדט:

— דאס וואס מיר אידען זיינען קלענער אין צאהל און שוואכער, מיינט נאך ניט אז מיר שטעהען אויף א נידעריגערער מדרגה פון אייך... אמת, איהר האט די מאכט אונז צו אויסשעכטען, איהר קאנט אונז פאר־שמייסען ביז'ן טויט, איהר קאנט אונז אויסשעכטען ווי שאף, און מיר זיינען הילפלאז געגען אייער ברוטאלער מאכט, אבער די דאזיגע טהאטען וועלען אייך ניט געבען דאס רעכט זיך איבערצונעהמען געגען אונז און זאגען אז איהר זייט גרעסערע יחסנים פון אונז. דער שפארבער קען פאר־צוקען א טויב, וועט מען דען זאגען אז דעריבער איז דער שפארבער מעהר

מיוחס פון אַ טויב? איך האָב נאַר־וואָס געהערט פון דעם ווירדיגען גראַף פּאַסקעוויטש, אַז עס איז אַ פּאַרשוועכונג צו דערלאָזען אַז די שמוציגע הענט פון אַ זשידאָק זאָלען אַנריהרען די קלאַווישען פון דער פּיאַנאָ... יע, גנעדיגע גרעפין, אַט זיינען מיינע הענט... זיי זיינען ריין, זיי האָבען קיינעם קיין שלעכטעס געטהאָן, זיי האָבען קיין בלוט פאַרגאָסען... זיי האָבען ניט געשמיסען קיין הילפלאָזען, קיין שוואַכען. קאָן מען דאָס זעלבע זאָגען אויף די דאָזיגע הענט? — האָט יואל דוד מיט זיין צייג־פינגער אָנגעוויזען אויף די הענט פון דעם גראַף פּאַסקעוויטש. ער האָט זיך אַ ווײַלע פריהער באַריהמט אַז זיין פאָטער האָט אַמאָל פאַרשמיסען אַ הילפלאָזען אידען צום טויט. איצט זאָל די גרעפין זאָגען וועמענס הענט זיינען ריין און וועמענס — שמוציג?...

דאָס בלוט האָט אַ זעץ געטאָן דעם גראַף פּאַסקעוויטש אין פּנים. דער זשידאָק, וועמען ער אַליין האָט פאַראורזאַכט ער זאָל אַהער געבראַכט ווערען, האָט איהם שטאַרק באַליידיגט. די יובע האָט זיך אין איהם צעקאָכט. ער איז צוגעגאַנגען נעהענטער צו דער גרעפין און קוים זיך באַהערשענדיג האָט ער געזאָגט:

— דאָס איז שוין צופיעל! מיר האָבען אַהער אַריינגערופען דעם זשידאָק׳ צו האָבען אַ ביסעל שפּאַס מיט איהם און ער האָט מיסברויכט אונזער גאַסטפריינדליכקייט... ער מיינט אַז ער איז שוין אונזער גלייכען... ביז וואַנען וועלען מיר דולדען זיינע פרעכע באַמערקונגען? ערלויב מיר און איך וועל איהם ווייזען ווי אַזוי צו ריידען אין געגענוואַרט פון פּוילישע אַדעללייט. איך וועל איהם אַרויספיהרען אין דרויסען און איך וועל איהם געבען פאַרזוכען דעם טעם פון מיין פויסט.

— דאָס וועט אָבער נאָך אַלץ קיין באַווייז ניט זיין, אַז דעם גראַפ׳ס יחוס איז העכער פון מיינעם! — האָט יואל דוד מיט שטאָלצער ביטערקייט אַ זאָג געטאָן.

— קום אַרויס אין דרויסען; דו זשידאָק! — האָט דער גראַף פּאַסקעוויטש איהם אַ נעהם געטאָן פאַר׳ן לאַץ און גענומען שלעפּען.

די גרעפין איז צו איהם צוגעלאָפען, זי האָט אַוועקגענומען זיין האַנט פון יואל דוד׳ס לאַץ און זיך געשטעלט צווישען זיי ביידען.

— הער זיך איין, גראַף פּאַסקעוויטש! איך שווער, אַז אויב דו וועסט אויפהויבען אַ האַנט אויף איהם, וועל איך צו דיר קיין מאָל ניט ריידען, — ווען דו האָסט איהם אומזיסט און אומנישט באַליידיגט מיט דיין צונג און ער האָט דיר געענטפערט מיט זיין צונג, דאָס איז געווען אַ גלייכער קאַמף, אָבער ווען ער נוצט בלויז זיין צונג אַלס וואַפען און דו ווילסט געברויכען דיין פויסט, דאַן איז עס נישט קיין גלייכער קאַמף און עס פּאַסט ניט פאַר אַזא ריטערליכען מאַן ווי דו צו געברויכען פיזישע מאַכט געגען אַ שוואַכערען פון דיר. פאַר וואָס קענסטו איהם אויך ניט ענטפערען מיט דיין מויל?

— איך וויל זיך ניט ערנידעריגען זיך אויסצו'טענה'ן מיט א זשיד! — האט דער גראף פאסקעוויטש אויסגערופען.

— עס איז די גרעסטע ערנידערונג צו נוצען א פויסט געגען א שוואכע־רען, — האט די גרעפין געזאגט, — און איך האף אז דו וועסט נעהמען אין אנבעטראכט מיין שבועה און איהם קיין שלעכטעס ניט טהאן.

גראף פאסקעוויטש איז געווען פארליבט אין דער גרעפין זאמאיסקא מיט זיין ליב און לעבען און איהרע רייד האבען אויף איהם געהאט די געווינשטע ווירקונג. ער האט זיך גלייך צוריקגעצויגען און זיך געזעצט אויף א שטוהל.

יואל דוד האט זיך פארנייגט און געוואלט ארויסגעהן, אבער די גרעפין האט איהם פארהאלטען.

— איך בעט אייך, געהט פון דאנען ניט אוועק איידער איהר וועט פאר מיר שפילען די דאזיגע אריע און אנווייזען מיר אויף מיינע פעהלערען. איך בין איצט נאך מעהר נייגעריג ווי פריהער... ווייל פון אייערע רייד זעה איך אז איהר זייט א מענש מיט שטאלץ און זעלבסט־ווירדע און איהר זייט געווען גאנץ ערנסט ווען איהר האט געזאגט אז איך מאך א פעהלער אין מייז שפילען די אריע פון דער אפערא "די לאטעריי". איך וויל הערען ווי איהר שפילט עס, כדי איך זאל מערקען מיין טעות...

— איך האב שוין אזוי אויך אייך פארשאפט צופיעל אונאנגענעהמעס מיט מיין ארייננקומען אהער — האט יואל דוד געזאגט — און דאריבער גלויב איך אז עס איז צייט פאר מיר זיך צוריקצוציהען. איך בין זיכער אז דאס איז אויך דער שטארקער וואונש פון אייערע ווירדיגע געסט.

— ניין, איהר מאכט א טעות. אלע מיינע געסט זיינען אזוי נייגעריג ווי איך צו הערען אייך שפילען. און איהר דארפט עס טהאן אויך כדי ניט צו געבען אן אויסרייד פאר אייערע געגנער, וועלכע האבען געזאגט אז איהר קאנט ניט שפילען, און אז איהר האט זיך בלויז געוואלט אויספיינען.

— מעגליך אז זיי זיינען גערעכט, — האט יואל דוד געזאגט, — איך בין טאקע ניט פון די גרויסע שפילער.

— אז איהר קאנט דערשפירען א פעהלער אין מיין שפילען דאן מוזט איהר זיין א גוטער שפילער. איך בעט אייך, אין מיין אייגענעם נאמען און אין נאמען פון מיינע געסט, איהר זאלט פאר אונז שפילען. אט וועל איך זיך ווענדען צו מיינע געסט און אויך זיי וועלען איינשטימען אז איהר זאלט פאר אונז שפילען. הא, וואס זאגט איהר, מיינע געסט, זאל ער שפילען?

— יא, יא! — האבען די אלע יונגע אריסטאקראטען און אריסטא־קראטקעס אויסער דעם גראף פאסקעוויטש, אויסגערופען.

— נו, איצט זעהט איהר שוין? קומט, איך בעט אייך, לאמיר פאר־געסען וואס עס איז געווען.

יואל דוד האט זיך ווידער געזעצט אויף דעם פיאנא שטוהל און אריינ־קוקענדיג אין די נאטען האט ער אנגעפאנגען צו שפילען. זיינע פינגער זיינען שנעל און ריטמיש געלאפען איבער די קלאווישען. די טענער פון דער פיאנא

זיינען אַרויסגעקומען אַזוי שעהן... אַזוי קינסטלעריש. די גרעפין איז גע־בליבען שטעהן נעבען איהם אַ פאַרגאַפטע און ווען ער איז צוגעקומען צום פונקט וואו זי האָט איהר טעות געמאַכט, האָט זי זיך איבערגעבויגען און מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט. די וואונדערבאַרע קלאַנגען וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון זיינע פינגער האָבען ווי אַ צויבער זיך צעטראָ־גען איבער'ן צימער און אַלע זייגען געבליבען זיצען אויף זייערע פּלעצער ווי צוגעשמידטע. זיי זיינען געווען פאַרגאַפט. און ווען ער האָט געענדיגט שפּילען האָט דער צימער אָפּגעהילכט מיט דונערענדע אַפּלאָדיסמענטען פון אַלעמען, אויסער פון פּאַסקעוויטש.

די גרעפין זאַמאַיסקאַ האָט געדריקט זיין האַנט און אויסגערופען:

— איהר זייט אַ קינסטלער, איהר זייט אַ געניע! יע. איצט קאָן איך איינזעהן ווי גערעכט איהר זייט! זאָגט מיר דעם אמת, זייט איהר אַ פּיאַניסט?

— ניין, גנעדיגע גרעפין!

— און ווער איז געווען אייער לעהרער?

— איך האָב קיין לעהרער ניט געהאַט, איך האָב זיך פון זיך אַליין אויסגעלערנט.

— איך בעט אייך, שפּילט עס נאָך אַמאָל! — איז די גרעפין צו איהם צוגעשטאַנען, דערנאָך וועל איך עס פּרובירען איבערשפּילען.

זעהענדיג אַז זיי זיינען אַלע ווירקליך באַגייסטערט פון זיין שפּילען, האָט יואל דוד זיך איצט לאַנג נישט געלאָזט בעטען און ער האָט איבערגע־שפּילט די זעלבע אַריע, און די גרעפין האָט גענומען זינגען. ווען זי איז געקומען צו יענעם פּלאַץ, האָט זי אין זינגען געמאַכט דעם זעלבען טעות און יואל דוד האָט אַ מאַך געטאָן מיט זיין פינגער, פונקט ווי ער פּלעגט עס טאָן ווען ער פּלעגט דערפיהלען אַז איינער פון זיינע משוררים האָט אָנגע־נומען ניט דעם ריכטיגען טאָן.

די גרעפין זאַמאַיסקאַ האָט איבערגעזונגען, און יואל דוד האָט אַלץ געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ אויף ניין; אַז עס איז ניט ריכטיג.

— איך בעט אייך, אפשר קענט איהר פאַר מיר זינגען די עטליכע פער־זען — האָט די גרעפין צו איהם זיך געווענדעט — עס איז מיר שווער, ווייזט אויס, אויפצוכאַפּען דעם ריכטען שוואונג פון שפּילען אַליין.

—המ... זינגען... איך ווייס ניט... — האָט ער גענומען שטאַמלען.

— איהר דאַרפט זיך ניט שעהמען. מיר ערוואַרטען ניט פון אייך איהר זאָלט זיין אַן אָפּעראַ זינגער. אַלעס וואָס איך ווינש איז צו הערען ווי אַזוי איהר קאָנט אַרויסברייינגען זינגענדיג פונקט ווי איהר שפּילט עס.

— איהר האָט אַ וואונדער שעהנע שטימע, גרעפין, — האָט יואל דוד זיך אָנגערופען — באַטש דאָ און דאָרט קען מען מערקען אַ מינדערוויכטיגען פעהלער.

— אָט טאָקע צוליב דעם בין איך אַזוי נייגעריג איהר זאָלט פאַר מיר

עס איבערזינגען אויף אייער שטייגער... קיינער ערוואַרט ניט פון אייך איהר זאָלט קענען אזוי גוט זינגען ווי שפּילען.

א שמייכעל האָט זיך באוויזען אויף יואל דוד׳ס ליפּען... ער האָט אפילו ניט געוואָלט זיך לאָזען אנערקענען. אָבער די גרעפין האָט איהם ארויסגעוויזען אזוי פיעל פריינדשאפט. זי האָט איהם איינפאך געראטעוועט פון קלעפּ. ווען ניט זי, וואָלט דער געזונטער רשע, דער גראף פּאסקעוויטש, איהם טאקע ארייגעפּאָהרען אין מאָרדע און אויס דאנקבארקייט צו איהר האָט ער באשלאָסען איהר נאָכצוגעבען.

— גוט, — האָט ער געזאָגט, — איך וועל זינגען די זעלבע אריע און זיך אליין באגלייטען אויף דער פּיאנאָ.

ער האָט זיך צוריקגעזעצט אויף דער פּיאנאָ שטוהל און ער האָט א שפּיל געטאָן די עטליכע טענער, דאן האָט ער גענומען זינגען.

ווי נאָר ער האָט אויפגעעפּענט זיין מויל און ארויסגעזונגען עטליכע טענער, איז ווי אן עלעקטרישער שטראָם דורכגעלאָפען אלעמענס קערפּער. מיט אָפענע מיילער און אויערען זיינען אלע געבליבען זיצען אויף זייערע פּלעצער. יואל דוד האָט זיך דאן צעלאָזען אויף די העכערע טענער. די געסט האָבען ניט געגלויבט זייערע אויערען... א הימעלשער געזאַנג. אזוינס האָט נאָך קיינער פון זיי ניט געהערט. און זיי, די רייכע אריסטאָקראטען, האָבען שוין געהערט גענוג שעהנע אָפּעראַס געזונגען פון די בעסטע זינגער. אָבער צו זיין זינגען איז קיין גלייכען ניט געוועזען... ווי באצויבעריש זיס, ווי פּרעכטיג זיין לירישע טענאָר שטימע האָט זיך צעטראָגען איבער׳ן זאל... און ווי זיין פּנים האָט זיך צעלויכטען, ווי זיינע אויגען האָבען זיך צעשטראַהלט. ניין, עס איז נישט קיין מענש פון פליישׁ און בלוט. עס מוז זיין א מלאך, איז א געדאנק דורכגעלאָפען אין דעם מוח פון דער גרעפין זאמאיסקא. און ווען ער האָט געענדיגט מיט די העכסטע טענער, האָבען זיך אלע אויפגעשטעלט און איהם הארציג אפּלאָדירט. די גרעפין איז צו איהם צוגעגאנגען און איהם אָנגענומען מיט ביידע הענט און א קוש געטאָן אויף זיין באק.

כמעט גראף פּאסקעוויטש האָט אליין אויך שטארק אפּלאָדירט זיין זינגען און איז שוין געווען גרייט צוצוגעהן צו איהם און זיך ענטשולדיגען פאר זיין באהאנדלונג, האָט אָבער אין איהם זיך צעברענט די רציחה ווען ער האָט געזעהן, אז די גרעפין האָט איהם א קוש געטאָן אין באק.

אלע געסט זיינען צו איהם צוגעגאנגען און געדריקט זיין האנט. ביידע, די יונגע לייט און סיי די דאמען, האָבען אויסגעדריקט זייער גרויסע פאַרעהרונג און אָפּשאצונג.

— נו, מיינע ליבע! — האָט זיך די גרעפין געווענדעט צו איהרע געסט — איהר זעהט וואָס גאָט האָט אונז צוגעשיקט... וואָלט איהר עס געקאָנט גלויבען... איך בעט אייך פּאן... איהר האָט מיר נאָך אפילו ניט געזאָגט אייער נאָמען, אָבער איך בעט אייך איהר זאָלט אונז אלעמען ענטשולדיגען פאר די ניט־העפליכע באנעמונג צו אייך... און מעהר פון אלעמען דארף

איך זיך פאַר אייך ענטשולדיגען מיין פריינט, דער גראַף פּאסקעוויטש... איך בין זיכער, אז ער באדויערט זעהר שטארק די מיספארשטענדנים וואָס איז פאָרגעקומען צווישען אייך צוליב דעם ווערטער דועל. דער גראַף פּאסקעוויטש אליין איז א שטארקער אַנהענגער פון מוזיק, ער שפּילט זעהר גוט פידעל און איך בין זיכער, אז ער וועט זיין צופרידען צו דריקען אייער האנט מיט פריינדשאפט, הא, ניט אמת, גראַף פּאסקעוויטש?...

דער יונגער גראַף האָט זיך איצט געפונען אין א פארלעגענהייט... פון איין זייט האָט ער דאָך ווירקליך גרויס הנאה געהאט פון זיין זינגען און אזוי ווי די גרעפין האלט איהם פאר א מוזיקער, דארף ער דאָך איהר ארויסווייזען, אז זיין ליבע צו מוזיק שטעהט העכער אפילו פון זיין האס און פאראורטייל געגען אידען, און ער דארף טאקע צוגעהן און דריקען דעם אידענ׳ס האנט... אָבער פון דער צווייטער זייט איז איהם שווער זיך צו באפרייען פון זיין איינגעוואָרצעלטע שנאה צו אידען... און ווי אזוי וועט ער קאָנען דריקען זיין האנט, און דערצו זיך נאָך ענטשולדיגען... ער האָט אָבער קיין אנדער ברירה ניט געהאט... ער האָט געמערקט ווי די אנדערע געסט האָבען ארומגערינגעלט דעם פרעמדען אידען, און אפילו די שעהנע צארטע אריסטאָקראטישע דאמען דריקען זיין האנט מיט פריינטשאפט און דריקען אוים זייער גרויס ענטציקונג און באגייסטערונג פאר זיין זינגען. ווי אזוי וועט ער קאָנען זיך אָפּזונדערען?... מען וועט אויף איהם זאָגען, אז ער איז ענג־הארציג און אומטאָלעראנט, אז ער איז גאָר ניט אזא ליבהאָבער פון מוזיק, אז ער מאכט בלויז אן אָנשטעל... יע, ער האָט קיין אנדער ברירה ניט... אויב ער וועט זיך לאָזען שטארק בעטען וועט די גרעפין זאמאָיסקא אויף איהם צאָרענדיג ווערען...

ער איז דעריבער צוגעגאנגען צו יואל דוד׳ן און ער האָט זיך אָנגערופען צו איהם אויסשטרעקענדיג זיין האנט:

— איך ענטשולדיג זיך פאר אייך, און ערלויבט מיר אייך צו דאנקען פאר דעם פארגעניגען וואָס איהר האָט אונז אלעמען פארשאפט מיט אייער זינגען.

יואל דוד האָט אָנגענומען זיין האנט און איז געווען גרייט איהם מוחל צו זיין פאר אלץ, אָבער ער האָט געפיהלט אין זיין האנט־דרוק, אז ער איז ניט ערנסט ווי די אנדערע...

— איצט בעט איך אייך, זאָגט מיר אייער נאָמען, — האָט די גרעפין זיך צו איהם געווענדעט. איך בין זיכער, אז איך וועל פאר אייך קאָנען פיעל אויפטהאָן, מיין נאָמען איך זאמאָיסקא, יע, גרעפין וואנדא זאמאָיסקא. איהר האָט געוויס געהערט פון מיר, איך האָב שטודירט געזאנג אין מילאָן, אין וויען און אין פאריז און איך וועל טאקע שפּילען אין דער אָפּערא האלקא פון דעם פאן מאניושקא.

יואל דוד איז געבליבען שטעהן א פארגליווערטער. וואָס פאר א צופאל! אָט דארף ער אריינקומען גראד צו דער גרעפין זאמאָיסקא, די פאַרברענטע אַנטיסעמיטקע, וועגען וועמען מאניושקא האָט איהם דערצעהלט, אז אזוי

שנעל ווי זי האָט געהערט, אז א איד וועט שפּילען אין דער זעלבער אָפּערא, האָט זי רעזיגנירט און ער האָט צוליב דעם געמוזט איהם צוריקגעבען דעם קאָנטראַקט...

איצט האָט שוין יואל דוד'ן באנג געטאָן וואָס ער איז אהער אריינגעקו־מען און וואָס ער האָט פאר איהר געזונגען... ווען מאניושקא וועט זיך דערוויסען, וועט ער אויף איהם בייז ווערען... ער וועט איהם זאָגען, אז ער האָט צעשטערט זיינע פּלענער... יע, עס וועט זיין פאר איהם א סך בעסער, אז ער זאָל זיך באלד אָפּטראָגען פון דאנען, איידער מען דערוויסט זיך ווער ער איז.

נו, איצט, אז איך האָב זיך פאר אייך פאָרגעשטעלט און געזאָגט אייך מיין נאָמען, זייט אזוי גוט און זאָגט מיר אייער נאָמען.

— הם... מיין נאָמען. וואָס איז דער אונטערשייד! — האָט יואל דוד געגומען שטאמלען, איך בין א איד!

— פארוואָס זאָלט איהר זיך שעהמען צו זאָגען אייער נאָמען? — איז די גרעפין צו איהם צוגעשטאנען.

— איך שעהם זיך ניט! אָבער עס איז ניט נויטיג...

— איהר האָט ניט וואָס זיך צו באהאלטען — האָט די גרעפין געזאָגט — גאָט האָט אייך געבענשט מיט אן אויסערגעוועהנליכען טאלאנט. איך בין שוין אויסגעוועזן אין גאנץ אייראָפּע, אין די גרעסטע שטעדט, איך האָב געהערט פארשידענע בעסטע זינגער, אָבער איך מוז אייך זאָגען, אז די גרעסטע און באריהמטסטע זינגער זיינען גולען אין פארגלייך צו אייך! איך בין איבערראשט פארוואָס מען האָט פון אייך גאָר ניט געהערט ביז איצט, און דעריבער וויל איך זיך אויף די אויפגאבע אייך באקאנט צו מאכען אין דער מוזיקאלישער וועלט. זאָגט מיר, איך בעט אייך, אייער נאָמען!

— דוד איז מיין נאָמען! — האָט ער זיך שוין ניט געקאָנט ארויס־דרעהען.

— דאוויד! — האָט זי אויסגערופען, — אָבער אייער פאמיליע נאָמען?

— רופט מיך דוד, דער איד, יע, דוד דער שטאָלצער איד! — האָט ער א זאָג געטאָן.

— איהר ווילט פארבאָרגען פון אונז אייער נאָמען! — האָט די גרעפין זיך אויסגערופען. — אפשר זייט איהר גערעכט, מיר האָבען אייך א סך וועה געטאָן, מיר האָבען אייך באליידיגט צוליב אייער אידישער אָפּשטאַ־מונג, אָבער ווי זאָגט מאניושקא, מוזיק וויל ניט וויסען פון ראסען, פון שיכטען און פון קלאסען. איך בעט אייך, דאוויד, געהט ניט אוועק פון אונז מיט א געפיהל פון כעס צו אונז. מיר זיינען אייך זעהר א סך שולדיג. איך וויל, אז איהר זאָלט זיך פיהלען פריי צו קומען אהער צו יעדער צייט... איהר וועט זיין ווילקאָמען פּונקט ווי אלע מיינע אנדערע געסט.

— א דאנק אייך, גרעפין! — האָט יואל דוד געזאָגט — איך וועל זיך

זיכער באנוצען מיט דער דאזיגער געלעגענהייט... ווייל איך האב אויך א סך געגאסען פון אייער שעהן שפילען און זינגען. איצט אבער וויל איך איהר זאלט מיר ענטשולדיגען, איך האב זיך שוין דא אזוי אויך פארזאמט צופיעל. איך מוז איצט געהן!

— און איהר וועט מיר ניט זאגען אייער פאמיליען נאמען איידער איהר געהט אוועק? — האט די גרעפין זיך צו איהם געווענדעט.

— מעגליך דעם צווייטען מאל, אויב מיר וועלען זיך טרעפען — האט יואל דוד געזאגט — און אויסגערופען: "דאווידזעניא" (אויף ווידערזעהן).

ער איז צוגעגאנגען צו דער טיר און אלע געסט האבען איהם באגלייט.

— דאווידזעניא! — האבען אלע מיט אמאל געזאגט ווען ער האט אויפגעעפענט די טיר און איז שוין ארונטער פון די טרעפ.

— נו, וואס זאגט איהר, מיינע פריינד!? — האט זיך די גרעפין צו זיי געווענדט צוקענדיג מיט איהרע ענטבלויזטע שולטערען — האט איהר נאך אין אייער לעבען געהערט אזוינס? נאך זיין זינגען פיהל איך זיך ווי ניי געבוירען... מיר דוכט זיך, אז אלץ איז איצט אנדערש געווארען. איך קאן זיך ניט פארשטעלען, אז מיר האבען איהם אהער אריינגערופען כדי צו טרייבען שפאס מיט איהם און זיך אמוזירען אויף זיין חשבון. יע, מיר האבען זיך ווירקליך אמוזירט, אבער אינגאנצען אנדערש פון דעם ווי מיר האבען ערווארטעט.

— איך וועל זיין זינגען קיינמאל ניט פארגעסען! — האט א יונגע פוילישע אריסטאקראטקע זיך אנגערופען — איך גיב צו, אז ביז וואנען ער האט געעפענט זיין מויל, האב איך זיך ניט געקאנט באפרייען פון געדאנק, אז א זשיד זיצט אויף דיין שטוהל, אבער נאכדעם, האב איך שוין געקוקט מיט א גאנץ אנדער בליק אויף דעם.

— און איך אויך! — האט דער גראף פאסקעוויטש געזאגט — איך האב אויך באלד מיין מיינונג געענדערט וועגען איהם.

— וואס דענקט איהר, וועט ער קומען אהער נאך אמאל? — האט די גרעפין זיך אנגערופען צו איהרע געסט. — מיר דוכט זיך, אז מיר האבען גאנץ געניי ארויסגעוויזען אונזער חרטה אויף דער שלעכטער באהאנדלונג.

— ווער קאן ער זיין? — האט א צווייטער יונגער גראף זיך אנגערופען. — מערקווירדיג וואס מיר האבען קיינמאל ניט געהערט פון איהם.

— ווען ער וואלט קיין איד ניט געווען, וואלטען מיר שוין פון איהם געהערט! — האט זאמאיסקא אויסגערופען און באלד א פאטש געטאן מיט די הענט... — ווארט! מיר דוכט זיך, אז איך וויים שוין ווער ער איז...

— ווער איז ער? — האבען אלע מיט אמאל זי געפרעגט.

— ניין, עס קאן ניט זיין! ניט ער! איך קאן זיך גארניט פארשטעלען!

— אבער וועגען וועמען רעדסטו?

— וועגען קיינעם ניט! איך האב געמאכט א טעות. א מאדנער איינפאל!

— דו האסט יא געהאט ווען עס איז אין זינען! — האט דער גראף פאסקעוויטש זיך צו איהר אנגערופען, — טא זאג אונז, איך בעט דיך.

— עס איז דאך לעכערליך גאר צו טראכטען פון דעם — האט זא־מאיסקא געזאגט — איך קאן ניט פארשטעהן ווי אזוי אזא געדאנק איז פלוצלינג צו מיר געקומען.

— דו ביזט שוין באלד אזוי געהיימניספול ווי דער זשיד! — האט זיך ארויסגעבאפט פון פאסקעוויטש'עס מויל.

— איך פארלאנג פון דיר, אז דו זאלסט מעהר קיינמאל דעם ווארט "זשיד" ניט ארויסברענגען פון דיין מויל, איך מיין אין באצוג צו דעם וואונדערבארען זינגער! — האט די גרעפין אויסגערופען — דו קאנסט אזא מענשען ניט פארגלייכען צו די איבעריגע, וועלכע זיינען אונז ניט צום הארצען.

— איך ענטשולדיג זיך, גרעפין. איך האב עס ניט געמיינט, אבער דאך דערצעהל אונז וואס דיר איז נאר־וואס געקומען אויפ'ן זינען.

— עס איז אזא לעכערליכער געדאנק, אז איך האב קיין חשק איהם ניט ווידערצוהאלטען — האט די גרעפין געזאגט — אבער, אז איהר שטעהט צו, וועל איך אייך ערקלערען — האט זיך זאמאיסקא אוועקגעזעצט אויף דער סאפא.

די געסט האבען זיך געשטעלט ארום איהם און זאמאיסקא האט זיך אנגערופען:

— איהר געדענקט דאך, אז ניט לאנג צוריק האב איך זיך געהאט צעאמפערט מיט מאניושקא'ן און איך האב רעזיגנירט מיין ראל אלס פרימאדאנא.

— אבער דו האסט זיך איבערגעבעטען מיט איהם, ניט אמת?

— יע, איך האב לעצטענס געהאט מיט איהם א געשפרעך און אזוי ווי ער האט נאכגעגעבען אלע מיינע פארלאנגען, האב איך באשלאסען צוריק־צוציהען מיין רעזיגנאציע. איצט הערט זיך איין, וועל איך אייך דערצעהלען די איינצעלהייטען.

זיי האבען זיך צוגערוקט נעהענטער און די גרעפין זאמאיסקא האט ווייטער גערעדט:

— מאניושקא איז צו מיר געקומען און דערצעהלט, אז זייענדיג אין ווילנע האט ער אנטדעקט א גרויסען זינגער, וועלכער איז א חזן אין ווילנער שטאדט שוהל, און אז ער גלויבט, אז אט דער חזן, וועלכער קאן זעהר שעהן זינגען, וואלט זיך געפאסט צו שפילען די ראל פון יאנטעק אין זיין אפערא "האלקא". פארשטעהט זיך, אז ווי איך האב עס געהערט האב איך איהם געזאגט, אז איך וועל מיט זיין "חזן" ניט שפילען צוזאמען און איך האב רעזיגנירט... איצט געפינט זיך דער חזן אין ווארשע, וואו ער וועט געבען קאנצערט צו העלפען זיינע ארימע ברידער. און מאניושקא האט פון איהם אוועקגענומען זיין קאנטראקט און ער איז געקומען מיר זאגען, אז דער חזן וועט ניט מעהר שפילען אין זיין אפערא. דאס איז געווען די אורזאך פאר־

וואָס איך האָב צוריקגעצויגען מיין רעזיגנאַציע. און אַ ווײַלע פריהער האָט דורכגעבליצט אַ געדאַנק אין מיין מח, אַז אפשר איז אָט דער דאָזיגער יונגער מאַן דער זעלבער וועגען וועמען מאַניושקאַ האָט מיט מיר גערעדט...

— יע, יע, עס איז גאַנץ מעגליך, אַז ער איז דאָס! — האָט פּאַסקעוויטש אויסגערופען, — איך בין זיכער אַז דאָס איז ער!

— רייד ניט קיין נאַרישקייטען! ווי קומט ער צו זיין אַ חזן אין ווילנער שוהל. איך ווייס ווי די חזנים קוקען אויס... איך האָב ניט איינמאָל געזעהן און געהערט אידישע חזנים... ווי קומט אָט דער יונגער מאַן, וועלכער האָט אַזאַ שעהנעם, צאַרטען פּנים, אַזעלכע גליהענדע אויגען... אַ, דאָס איז דאָך אומזין! ער איז צו יונג צו זיין אַ חזן. איך ווייס, אַז אַ חזן ביי אידען דאַרף זיין אין די מיטעלע יאָהרען, מיט אַ ברייטע קאָלטעוואַטע באָרד... מיט שמוציגע נעגעל אויף זיינע פינגער... אָבער דער יונגערמאַן, — ווי קומט ער צו זיין אַ חזן! ווי ריין און ציכטיג ער איז געוועזן, און אפילו זיינע אידישע קליידער פּאַסען איהם זעהר גוט און ליגען גאַנץ נעט אויף איהם... עס איז אַן אומזין אפילו צו טראַכטען פון דעם... אָט עס פּאַרדריסט מיך שוין וואָס איך האָב איהם געלאָזען געהן, ניט אויסגעפינענדיג אפילו וואו ער וואוינט... ער איז דאָך אַן אַנטדעקונג און מאַניושקאַ האָט באַדאַרפט איהם הערען! ווער ווייסט אויב איך וועל זיך שוין ווען עס איז טרעפען מיט איהם... עס קאָן זיין, אַז ער איז אַוועק זיך מעהר קיינמאָל צו אונז זיך ניט צוריקצוקעהרען... אַ, ווען מען קאָן איהם נאָר דערגרייכען. מאַניושקאַ וואָלט שוין דאַן מעהר ניט גערעדט וועגען זיין אַנטדעקונג...

— איך וועל אַרויסגעהן און זעהן אויב איך קאָן איהם נאָך טרעפען!

— האָט אַ יונגער אַריסטאָקראַט זיך אָנגערופען, כדי צו געפעלען דער גרעפין.

— איך וועל דיר זעהר דאַנקבאַר זיין, אויב דו וועסט איהם געפינען און איהם באַוועגען זיך צוריקצוקעהרען אהער אויף אַ ווײַלע.

ער איז שנעל אַרויס פון הויז און געפרעגט דעם שווייצאַר אויב ער האָט געזעהן וואוהין דער אידישער יונגערמאַן האָט זיך פאַרנומען.

דער שווייצאַר האָט איהם אָנגעוויזען אויף דער ריכטונג און ער איז אהין געגאַנגען מיט שנעלע טריט... ער האָט איהם אַרומגעזוכט אומעטום און זיך צוריקגעקעהרט מיט ליידיגען.

די גרעפין האָט שטאַרק באַדויערט וואָס זי ווייסט ניט זיין פאַמאַליען נאָמען און וואו ער האַלט זיך אויף.

— איך וועל מאָרגען גאַנץ פריה שיקען רופען מאַניושקאַ'ן און איך וועל איהם דערצעהלען וועגען דעם וואונדערבאַרען יונגען מאַן. אפשר וועט ער מיר העלפען איהם אויפזוכען... ער וואָלט געוועזען דער גרעסטער געווינס פאַר זיינע אָפּעראָס... און זאָל ער זעהן, אַז איך קאָן אַנטדעקען נייע טאַלאַנטען און אַז איך בין גאָרניט אַזוי אונטאַלאַנט ווי ער שטעלט זיך פאָר.

נאָכדעם ווי די געסט זיינען זיך צעגאַנגען און די גרעפין זאַמאָיסקאַ

איז געבליבען אליין, האט זי ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון דעם וואונ־דערבארען יונגען מאן, וועלכער האט אויפגערודערט איהר גאנצע נשמה... זי האט געפיהלט, אז א גרויסע ענדערונג קומט איבער איהר... וואס דאס איז האט זי זיך נאך אליין קיין ערקלערונג ניט געגעבען.

# קאפיטעל 13

ווען יואל דוד האט זיך אומגעקעהרט צו זיין האטעל, האט מען איהם איבערגעגעבען, אז מאניושקא האט זיך אויף איהם נאכגעפרעגט, און ער האט באשלאסען, אז ער וועט אריבערגעהן צו איהם.

— עס איז גאנץ מעגליך, האט ער זיך געטראכט, אז די גרעפין זא־מאיסקא האט זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט מאניושקא׳ן און איהם איבערגעגעבען וועגען זיין באזוך אין איהר פאלאץ, און דערפאר איז ער עס צו איהם געקומען...

ווען ער האט אנגעקלאפט אין טיר איז מאניושקא אליין ארויסגעגאנגען איהם ענטפערען און ער האט זיך שטארק דערפרעהט מיט איהם.

— זעהר גוט האסטו געטהאן וואס דו ביזט געקומען! — האט מא־ניושקא געדריקט זיין האנט. — איך האב פאר דיר אן איבערראשונג. טרעף וואס דאס איז.

— איך וועל אייך זאגען, פאן מאניושקא. עס איז אפשר ניט געווען ריכטיג פון מיין זייט עס צו טאן. אבער עס איז אלץ געקומען אזוי פלוצ־לונג, אזוי אונערווארטעט, אז איך וויים אליין ניט פארוואס איך האב עס געטאן.

— איך פארשטעה קיין ווארט ניט וואס דו רעדסט! — האט מאניושקא איהם אנגעקוקט. — קום אריין און זאג מיר וואס האסטו געטאן.

— האט די גרעפין זאמאיסקא זיך מיט אייך ניט געשטעלט אין פאר־בינדונג?

— ניין! איך האב שוין פון איהר ניט געהערט עטליכע טעג — האט מאניושקא זיך אנגערופען, — אבער וואס האט פאסירט? דערצעהל מיר.

יואל דוד האט איהם דערצעהלט ווי אזוי ער האט צופעליג פארביי־געשפאצירט איהר פאלאץ און געהערט ווי זי שפילט. ניט וויסענדיג ווער זי איז, האט ער דערשפירט עפעס א טעות אין איהר שפילען און איינער פון איהרע פריינט, וועלכער איז גראד דאן אנגעקומען, האט באמערקט אויף איהם, אז ער דריקט אויס אומצופרידענהייט מיט איהר שפילען. ער האט עס דארט דערצעהלט און מען האט איהם אריינגערופען. ער האט דאן פאר איהר איבערגעשפילט איינע פון זיינע אריעס און איהר אנגעוויזען אויף איהר טעות. זי האט פון איהם פארלאנגט ער זאל עס איבערזינגען, און ער האט געזונגען און זי איז געווארען באגייסטערט. זי האט איהם געזאגט איהר נאמען און דאן געבעטען ער זאל איהר זאגען ווער ער איז, אבער ער האט איהר ניט געזאגט... און געוויס האט זי זיך אנגעשטויסען, אז דאס בין איך.

— איז זי געווען שטארק באגייסטערט מיט דיין זינגען? — פרעגט איהם מאניושקא.

— איך גלויב אזוי!

— וואס האט זי געטאן נאכדעם ווי דו האסט געענדיגט זינגען?

— המ... זי האט געדריקט מיין האנט און מיר געמאכט זעהר פיעל קאמפלימענטען.

— דאס אלץ? שעהם זיך ניט, דערצעהל מיר יעדע זאך וואס זי האט געטאן און וואס זי האט געזאגט.

— המ... זי... זי האט מיר א קוש געטאן אויפ'ן באק!

— אט דאס אלץ וואס איך האב געוואלט וויסען! — האט מאניושקא מיט פרייד אויסגערופען — איצט דארפען מיר שוין גארניט זאגען. איך האב געוואוסט, אז עס וועט קומען דערצו, אבער איך האב געמיינט, אז דאס וועט געשעהן אויף דער ביהנע וואו דו וועסט אפגעבען דיין קאנצערט, אבער עס איז געקומען א סך פריהער.

— איך בין אבער ניט זיכער אויב זי האט זיך אנגעשטויסען ווער איך בין! — האט יואל דוד זיך אנגערופען.

— וועגען דעם זארג איך ניט. איך וועל שוין געוויס הערען פון איהר, און אויב זי ווייסט ניט, אז דו ביזט דער ווילנער חזן, איז נאך בעסער, וועט זי זיין נאך מעהר איבערראשט ווען זי וועט עס אויסגעפינען... זעהר קלוג האסטו געהאנדעלט, וואס דו האסט איהר באלד אויף אן ארט ניט געזאגט ווער דו ביזט. איך וועל שוין געוויס הערען פון איהר. יע, זי וועט מיר מסתמא דערצעהלען וועגען איהר אנטדעקונג און אויב זי פארדעכטיגט ניט, אז דאס ביזטו, וועט פאר איהר די איבערראשונג זיין נאך גרעסער. בעת זי וועט דיך דערזעהן אויף דער ביהנע פון גרויסען קאנצערט זאל איך קאן זי שוין זעהר גוט, און דעריבער האב איך זיך שטארק ניט גענומען צום הארצען, ווען זי האט רעזיגנירט פון מיין אפערא צוליב דעם וואס א איך וועט שפילען מיט איהר... איך האב געוואוסט, אז זי וועט בייטען איהר מיינונג אזוי שנעל ווי זי וועט דערהערען דיין שטימע.

— און צוליעב וואס זייט איהר נאך געקומען צו מיר אין האטעל?

— איך בין געקומען אייך אנזאגען אז אין מיין הויז געפינען זיך צוויי געסט פון ווילנא!

— פון ווילנא? — האט יואל דוד אויסגערופען און די קאלירען פון זיין פנים האבען זיך געביטען — ווער זיינען זיי?

— קומט אריין אין צווייטען צימער און איהר וועט זיי זעהן.

יואל דוד איז איהם נאכגעגאנגען און ווי איבערראשט איז ער געווארען ווען ער האט דארט דערזעהן דעם פאן קרוזשענסקי און זיין טאכטער נאסטאשא.

— פאן סטראשונסקי, ווי צופרידען איך בין אייך צו זעהן דא! — האט נאסטאשא געדריקט זיין האנט מיט גרוים פריינדשאפט.

אויך קרוזשענסקי האָט געדריקט זיין האנט און יואל דוד האָט זיך צוגעזעצט שווייגענדיג.

— מיר זיינען געקומען אהער צו הערען אייער קאָנצערט! — האָט קרוזשענסקי געזאָגט — מיין טאָכטער, ווייזט אויס, וועט שוין פארבלייבען אין ווארשא. דער פאָן מאניושקא איז געווען אזוי פריינדליך און זי אריינגענומען אין זיין כאָר... זי האָט שוין פון לאנג געשטרעבט דערצו, און ענדליך איז איהר וואונש דערפילט געוואָרען...

— א דאנק אונזער ליבען פריינד פאָן מאניושקא! — האָט נאסטאשא צוגעגעבען.

— יואל דוד האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט אויף איהר. זיינע אויגען זיינען געווען געווענדעט אין א גאנץ אנדער ריכטונג.

— דער פאָן מאניושקא דערצעהלט אונז אז איהר האָט געמאכט זעהר פיעל פאָרטשריט אין איינשטודירען די פארשידענע אריעס צו אייער קאָנצערט — האָט נאסטאשא געזאָגט — און איך האָף אז איהר וועט מיר ערלויבען צו זיין אויף אייער רעפעטיציע.

— די דאָזיגע ערלויבעניש דאַרף אייך געבען דער פאָן מאניושקא! — האָט יואל דוד געזאָגט ניט ווענדענדיג זיינע בליקען אויף איהר.

— נו, מיין ליבער פאָן מאניושקא, וועט איהר מיר געבען די ערלויבעניש? — האָט זי געפרעגט.

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט אז אויב דער פאָן סטראשונסקי וועט ניט זיין דאגעגען... אָבער מיין עצה איז, אז איהר זאָלט צו דער רעפעטיציע ניט קומען, וועט איהר דאן האָבען מעהר פארגעניגען ביים קאָנצערט.

— איך גלויב, אז דער פאָן מאניושקא איז גערעכט — האָט קרוזשענסקי זיך געווענדעט צו זיין טאָכטער — אין קאָנצערט זאָל וועט זיין די ריכטיגע אטמאָספערע און דאָרט וועלען מיר האָבען מעהר פארגעניגען איהם צו הערען זינגען די דאָזיגע אריעס און זיינע תפלות צום ערשטען מאָל.

— נו, גוט, איך נעהם אָן אייער פאָרשלאג. איך וועל שוין האָבען געדולד נאָך א פאָר טעג — האָט נאסטאשא געזאָגט — איך האָף נאָר אז איהר וועט שוין פארבלייבען אין ווארשא — האָט זי זיך געווענדעט צו יואל דוד'ן.

— ניין, איך וועל זיך באלד נאָכ'ן קאָנצערט צוריקקעהרען קיין ווילנא! — האָט ער א זאָג געטאָן.

— דאָס ווייס איך. איך מיין אָבער, אז איהר וועט זיך דאָ צוריקקעהרען און נאכהער אויף שטענדיג פארבלייבען. ווארשא איז דאָך אזא שעהנע שטאָדט. דאָ געפינט זיך אלעס. דאָ זיינען דאָ שעהנע טעאטערען, שעהנע קאָנצערט־זאלען, דאָ קאָן מען הערען גוטע מוזיק און איבערהויפט דאָ געפינט זיך שטענדיג דער פאָן מאניושקא, דער גרעסטער פוילישער קאָמפאָזיטאָר, און צוליב דעם אליין שטעהט ווארשע העכער אין מיינע אויגען פון א סך אנדערע גרויסע שטעדט.

— א דאנק אייך! — האָט מאניושקא א שמייכעל געטאָן — ווען

איך וואלט געוועזן מיט א דרייסיג יאָהר אינגער וואָלט איך שוין זיך וויסען ווי איבערצונעהמען מיט אייערע קאָמפּלימענטען... איצט קאָן איך אייך זאָגען, אז איך האָב נאָר וואָס אויסגעפונען עפּעס, וואָס מאכט מיר צו גלויבען אז דער פאָן סטראשונסקי וועט דאָך שפּילען אין מיין אָפּערא.

יואל דוד האט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג און מאניושקא האָט צו איהם געזאָגט.

— איך האָב דערצעהלט אונזערע פריינד דעם פאָן קרוזשענסקי און זיין טאָכטער וועגען מיין קאָנטראקט וואָס איהר האָט מיר צוריקגעגעבען צוליב דער געגנערשאפט פון דער גרעפין זאמאיסקא. איך מוז אייך זאָגען, פאָן סטראשונסקי, אז זיי, ווי אמת'ע גוטע פריינד אייערע, האָבען עס שטארק באדויערט, און דעריבער בין איך צופרידען זיי צו לאָזען וויסען אז אלעס האָט זיך אויסגעגלייכט און אז גאָר אין גיכען וועט איהר צוריק־קריגען מיין קאָנטראקט.

— ווי אזוי איז עס געשעהן? — האָט נאסטאשא זיך אָנגערופען.

— דאָס קאָן איך נאָך דערווייל ניט זאָגען, אָבער אז אלעס וועט זיין ווי געוואונשען, אין דעם צווייפעל איך ניט... נאָך אייניגע טעג און אלעס וועט קלאָר ווערען.

— איך בין אזוי אומגעדולדיג! — האָט נאסטאשא אויסגערופען — איך קאָן קוים זיך דערוואַרטען אויף דע טאָג ווען איהר וועט אָפּגעבען קאָנצערט — האָט זי געזאָגט צו יואל דוד'ן — דער פאָן מאניושקא האָט אונז געזאָגט, אז דער פינאנציעלער ערפאָלג פון קאָנצערט איז שוין געזי־כערט, אז כמעט אלע בילעטען זיינען אויספארקויפט געוואָרען.

— פאַר דעם קומט דעם גאנצען דאנק צו פאָן מאניושקא'ן — האָט יואל דוד געזאָגט — זיינע פיעלע פריינד האָבען זיך צוליב איהם פאראינ־טערעסירט אין דעם.

— איך בין זיכער אז קיינער וועט ניט זיין ענטוישט — האָט נאסטא־שא געזאָגט — און אייער נאָמען וועט באריהמט ווערען איבער גאנץ פּוילען.

— א דאנק אייך! — האָט יואל דוד א שאָקעל געטאָן מיט זיין קאָפּ — איהר זייט אלע זעהר פריינדליך צו מיר.

זיי האָבען פארבראכט א היבשע וויילע און דאן האָבען זיי זיך אויפ־געשטעלט. עס איז שוין געווען שפּעטלעך און מאניושקא האָט פאָרגעשלאָגען זיי אָפּצופיהרען אין זיין עקיפּאַזש צו זייער האָטעל.

זיי זיינען ארויס אין דרויסען. דער עקיפּאַזש איז שוין געווען געשפּאַנט צו צוויי פערד.

— זעצט זיך אויך אַריין און איך וועל אייך אָפּפירען צו אייער האָטעל — האָט מאַניושקאַ זיך געווענדעט צו יואל דוד'ן.

— אַ דאַנק אייך. עס איז ניט ווייט און איך וועל בעסער גיהן צופוס. עס איז אַ וואונדער שעהנע נאַכט און איך האָב זעהר ליב צו שפּאַצירען.

קרוזשענסקי און זיין טאָכטער האָבען זיך אַריינגעזעצט אין עקיפּאַזש און יואל דוד האָט זיך מיט זיי געזעגנט, און ער איז אַוועק צופוס צו זיין האָטעל.

# קאַפּיטעל 14

אָט איז געקומען דער טאָג פון קאָנצערט. עס איז געווען אַ שבת אין אָנפאַנג פון חודש תמוז. אין ווארשע האָט זיך געטומעלט. אין אַלע שוהלען און בתי מדרשים האָט מען וועגען דעם גערעדט... פּיעלע האָבען אויסגע־דריקט זייער באַדויערען וואָס זיי וועלען איהם ניט קאָנען הערען היינט ביינאַכט.

— עס וועט שוין זיין וואָס צו הערען. אַ קליינינקייט, דער ווילנער באַלעבעסעל!

— מען זאָגט אַז מען האָט אויספאַרקויפט אַלע בילעטען און מען האָט שוין אַריינגענומען אַ היבשע מטבע. אַ, ווען איך בין אַ גביר! אַ קליי־ניגקייט, אַזאַ פאַרגעניגען.

— אָבער ווי געפעלט אייך דאָס וואָס אַ גאַנצער גוי'אישער אָרקעסטער וועט איהם באַגלייטען? — האָט זיך אַן עלטערער חסיד אָנגערופען — עס וועט דאָך זיין אַ חלול השם... וואָס הייסט ער וועט זינגען תפלות און גויים וועלען איהם באַגלייטען?

— איך האָב געהערט פון איינעם פון זיינע משוררים, אַז בלויז די גוי'אישע געזאַנגען וועט דער אָרקעסטער איהם באַגלייטען, אָבער די תפלות וועלען איהם זיינע משוררים באַגלייטען.

די גאָר רייכע בעלי בתים, וועלכע האָבען זיך באַצייטענס אָנגעגרייט מיט בילעטען זיינען געווען גליקליך... זיי האָבען זיך געפיהלט געשמייכעלט אַז זיי וועלען זיצען צוזאַמען מיט דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע.

שבת צו נאַכט, גלייך נאָך הבדלה האָבען די אידישע גבירים געהייסען איינשפּאַנען זייערע עקיפּאַזשען און מיט זייערע פרויען, וועלכע זיינען גע־ווען אָנגעטאָן אין די בעסטע קליידער און באַהאַנגען מיט דימאַנטען און גאָלד, זיינען זיי אַריינגעקומען אין גרויסען, ליכטיגען זאַל און פאַרנומען זייערע פּלעצער.

דער זאַל איז געווען געפּאַקט. יעדע לאָזשע איז געווען פאַרנומען פון די הויכע אַריסטאָקראַטיע און בעאַמטע. די ביהנע איז געווען דעקאָרירט מיט שעהנע, דופטענדע בלומען.

אין דער ערשטער לאָזשע נעבען דער ביהנע, איז געזעסען די גרעפין זאַמאַיסקאַ, דער גראַף פּאַסקעוויטש און זייערע פריינד און אייגענע. די גרעפין איז געווען זעהר נייגעריג צו זעהן דעם זינגען וועגען וועמען מאַניושקאַ

האָט גערעדט מיט אַזוי פיעל באַגייסטערונג. אַ, ווען זי ווייסט ווי אַזוי צו קריגען דעם יונגען מאַן, וועלכער האָט מיט עטליכע טעג צוריק געזונגען אין איהר הויז, דאַן וואָלט זי איהם שוין איינגעלאַדען אויך צו קומען צום קאָנצערט און זי וואָלט שוין גע׳פועל׳ט ביי מאַניושקאַ׳ן ער זאָל איהם ערלויבען אַריפצוגעהן אויף דער ביהנע און זינגען בלויז איין איינציגע אַריע, דאַן וואָלט ער אַליין צוגעגעבען אַז איהר "ענטדעקונג" איז אַ סך וויכטיגער ווי זיינע.

זי האָט אַרונטערגעקוקט אין זאַל און מיט איהרע אויגען געזוכט... טאָמער וועט ער אויך אַריינקומען אין זאַל. אַזאַ גרויסער מוזיקער ווי ער וועט ניט דורכלאָזען די געלעגענהייט צו הערען אַ צווייטען גרויסען זינגער — האָט זיך די גרעפין זאַמאָיסקאַ געטראַכט, און אויך אויפגעהויבען איהרע אויגען צו דער גאַלערי, אפשר וועט זי איהם דאָרט דערזעהן.

— דו ווייסט, גראַף פּאָסקעוויטש — האָט זיך די גרעפין צו איהם געווענדעט — מיך פאַרדריסט זעהר וואָס איך האָב דאַן ניט איינגעלאַדען דעם יונגען אידען צו קומען צום קאָנצערט. מען וואָלט אַריינגעבראַכט אַהער נאָך אַ שטוהל און ער וואָלט געזעסען צוזאַמען מיט אונז אין לאָזשע. דאַן וואָלט איך שוין איהם באַוואויגען צו זינגען אויף דער ביהנע.

— איך גלויב ניט, אויב פּאַן מאַניושקאַ וואָלט דיר ערלויבט צו טאָן אַזאַ זאַך — האָט פּאָסקעוויטש געזאָגט. — ער ווייסט דאָך ניט ווער ער איז און ער וועט מורא האָבען טאָמער וועט ער דורכפאַלען.

— איך ווייס אַז פּאַן מאַניושקאַ וועט זיך פאַרלאָזען אויף מיינע מבינות. ווען איך וועל איהם זאָגען, אַז ער איז אַ וואונדערבאַרער זינגער, וואָלט ער נאָכגעגעבען מיין פאַרלאַנג און וואָלט איהם אַרויפגעפיהרט אויף דער ביהנע. שטעל זיך פאָר ווי גליקליך איך וואָלט זיך געפיהלט ווען מאַ־ניושקאַ קומט אַרויף אויף דער ביהנע און שטעלט איהם פאָר צוגעבענדיג, אַז איך האָב איהם ענטדעקט... איך ווייס אפילו ניט זיין פאַמיליע נאָמען... ווער ווייסט אויב איך וועל איהם שוין ווען עס איז זעהן ?!

כאָטש פּאָסקעוויטש האָט זיך געמאַכט ווי ער באַדויערט אויך דאָס וואָס דער יונגער אידישער זינגער איז פאַרשוואונדען געוואָרען, איז ער אָבער אין הארצען געווען העכסט צופרידען. איהם וואָלט זעהר ניט אָנגע־שטאַנען צו זיצען מיט דעם אידען אין איין לאָזשע... חוץ דעם האָט זיך אין איהם צעפלאַקערט זיין אייפערזוכט ווען ער האָט געזעהן ווי זי ווייזט אַרויס איהר באַגייסטערונג פאַר דעם זשידאָק. און זי האָט אפילו איהם אַ קוש געטאָן אין באַק... ער איז אין איהר פאַרליבט שוין אַ פאָר יאָהר און זי האָט נאָך איהם קיין איינציגען מאָל ניט אַ קוש געטאָן... און ער קאָן איהר בלויז אַ קוש טאָן אין האַנט... יע, ער וואָלט געווען העכסט צופרי־דען, אַז זי וועט איהם מעהר קיינמאָל ניט זעהן.

דער קאָנצערט זאַל איז שוין געווען פול. די פּוילישע רייכע אַריסטאָ־קראַטישע דאַמען זיינען געווען אָנגעטאָן אין זייערע באַל קליידער און

זייערע גאָלדענע און בריליאנטענע צירונג האָבען געשעמערירט אויף זייערע העלזער און הענט.

דער גאנצער אָרקעסטער איז שוין געווען גרייט, מאניושקא, דער פּיהרער פון אָרקעסטער האָט זיך נאָך ניט באוויזען. ער איז געווען אין דעם צימער הינטער דער ביהנע מיט יואל דוד'ן, וועלכער איז נאָר וואָס אָנגעקומען אין דעם עקיפּאזש וואָס ער האָט פאר איהם געשיקט.

— אזוי שפּעט! — האָט מאניושקא אויסגערופען — דער קאָנצערט פאנגט זיך שוין באלד אָן. דו דארפסט זיך נאָך עטוואָס אָפּרוהען.

— איהר ווייסט דאָך, פּאן מאניושקא, אז איידער עס ווערט גוט פינסטער איז אונז ניט ערלויבט צו פאָהרען, — האָט ער געזאָגט.

— נו, גוט, רוהט זיך אָפּ א ביסעל. איך זאָג אייך, פּאן סטראשונסקי, אז איך אליין האָב זיך ניט געריכט אויף אזא פינאנציעלען ערפאָלג. אלע פּלעצער פון דעם גרויסען זאל זיינען אויספארקויפט געוואָרען... דער גובערנאטאָר מיט זיין סוויטע זיצען שוין אין זייער לאָזשע. עס געפינען זיך אויך די גרעסטע מוזיקער פון ווארשע און איך דארף אייך ניט זאָגען אז די גרעפין זאמאָיסקא און אלע איהרע פריינד און פארעהרער זיינען דאָ... איהר דארפט אונז געבען דאָס בעסטע וואָס איהר פארמאָגט... איבערהויפּט דארפט איהר זיין רוהיג און געלאסען. איהר זאָלט זיך ניט שרעקען. איך בין זיכער אז אייער ערפאָלג וועט זיין קאָלאָסאל.

מאניושקא האָט איהם געהייסען אָנטאָן דעם פראק וואָס איז געווען צוגעגרייט פאר איהם. יואל דוד האָט זיך עס אָנגעטאָן. זיין רונדע בערדעל איז געווען עטוואָס ארומגעשוירען. זיינע האָר פארקאמט. ער האָט אָנגעטאָן א קליינע יארמולקע אויפ'ן שפּיץ קאָפּ וואָס האָט זיך קוים ארויסגעזעהן. זיין פּנים איז געווען פריש און מונטער. זיינע אויגען האָבען געגלאנצט. דער נייער אנצוג וואָס ער האָט אָנגעטאָן האָט איהם צוגעגעבען שטאט און געהויבענקייט.

אָט האָט מען ביסלעכוויז פארדרעהט די גרויסע בליץ לאָמפּען און אין זאל איז געוואָרען טונקעל. דער פאָרהאנג פון ביהנע האָט זיך פונאנדערגעטיילט און אויף דער ביהנע האָט זיך געזעהן מאניושקא אָנגעטאָן אין א פראק, אין זיין רעכטער האנט האָט ער געהאלטען א דין שטעקעלע. זיין אָרקעסטער איז געווען אין דער רעכטער זייט פון דער באלויכטענער ביהנע. באלד האָט זיך פון דער לינקער זייט באוויזען דער ווילנער באלעבעסעל יואל דוד סטראשון, אָדער ווי ער איז באקאנט געוואָרען פאר די באזוכער אלס פּאן דאוויד סטראשונסקי. נאָך איהם זיינען אריינגעקומען די עטליכע משוררים און פארנומען זייערע פּלעצער אויף דער צווייטער זייט פון דער ביהנע.

אין זאל האָבען אויסגעבראָכען הילכיגע אפּלאָדיסמענטען. יואל דוד האָט זיך לייכט א נייג געטאָן און דאן געבליבען שטעהן אין מיטען דער ביהנע, ווענדענדיג זיינע אויגען אין דער ריכטונג וואו מאניושקא איז געשטאנען.

— אַ, דאָס איז דאָך דער יונגער מאַן דאַוויד! — האָט די גרעפֿין זאַמאַיסקאַ אויסגערופֿן און זיך אויפֿגעשטעלט פֿון איהר פּלאַץ — אַ, מיין גאָט! וואָס פֿאַר אַ וואונדערבארער צופֿאַל... וואָס זאָגסטו צו דעם, גראַף פּאָסקעוויטש? — האָט זי זיך געווענדעט צו איהם — מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט אַז איך וועל איהם נאָך זעהן. עס איז דאָך וואונדערבאַר... אָט דער יונגער סטראַשונסקי איז דער זעלבער יונגערמאַן וועלכער איז אויף אַזאַ גליקליכען צופֿאַל אריינגעקומען צו מיר אין הויז.

באַלד האָט מאַניושקאַ אַ הויב געטאָן זיין רעכטע האַנט מיט זיין שטעקעלע און דער אָרקעסטער האָט אַ שפּיל געטאָן איינע פֿון די אַריעס פֿון זיין אָפּערא "די ציגיינער".

יואל דוד האָט אָנגעפֿאַנגען צו זינגען. זיין וואונדער שעהנע לירישע טענאָר שטימע האָט זיך צעטראָגען איבער'ן זאַל און האָט אַלעמען באַ־כשופֿ'ט. דאָס פּובליקום איז געזעסען פֿאַרגאַפֿט אַז זיך צוגעהערט צו זיין מתיקות'דיגען זינגען. מיט יעדער רגע האָט זיין שטימע געקלונגען העלער און שעהנער. מיט אָפֿענע מיילער זיינען אַלע געזעסען. אַ געטליכע שטימע האָבען זיי געהערט. אין די אויגען פֿון פֿיעלע האָבען זיך באַוויזען טרערען, טרערען פֿון גרויס עקסטאַז און אויפֿרעגונג, פֿון גרויסען גייסטיגען פֿאַר־גענִיגען.

ווען ער האָט געענדיגט זיין אַריע אויסלאָזענדיג אויף זיינע העכסטע טענאָר האָט דער זאַל געשטורעמט מיט דונערדע אַפּלאָדיסמענטען. די גרעפֿין זאַמאַיסקאַ וועלכע איז געזעסען אין איהר לאָזשע ניט ווייט פֿון דער ביהנע, האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אַפּלאָדירט מיט איהרע הענט אַזוי שטאַרק אַז זי האָט געצויגען אַלעמענ'ס אויפֿמערקזאַמקייט.

ווען דער עולם האָט זיך באַרוהיגט האָט מאַניושקאַ אויסגערופֿען אַז איצט וועט פֿאַן סטראַשונסקי זינגען אַ אידישע תפילה אין דער באַגלייטונג פֿון זיין כאָהר וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פֿון ווילנע.

ווידער איז שטיל געוואָרען. יואל דוד האָט צורעכט געמאַכט זיין יאַר־מעלקע און ער האָט גענומען זינגען "אמר רבי אליעזר". שייקע פֿייפֿער האָט דיריגירט דעם כאָהר און ווידער אַמאָל האָט זיך זיין זיסע שטימע צע־טראָגען מיט אַזאַ האַרציגען טרויעריגען ניגון אַז עס האָט געריהרט אַפֿילו די גוי'אישע הערצער. זיי זיינען געזעסען באַוועגלאָז און אַ הייליגקייט האָט אַלעמען באַנומען... עפּעס האָט זיין זינגען ערוועקט אין אַלעמענ'ס הערצער אַ מין בענקשאַפֿט, אַ גייסטיגען גענוס...

ווידער האָט דער זאַל געשטורעמט מיט אַפּלאָדיסמענטען. דאָס פּובלי־קום האָט אַרויסגעוויזען אַזאַ באַגייסטערונג אַז יעדער איינער האָט זיך אויפֿגעהויבען פֿון זיין פּלאַץ און אַפּלאָדירט.

די גרעפֿין זאַמאַיסקאַ האָט געהאַט ביי זיך אין לאָזשע אַ בוקעט שעהנע בלומען. זי האָט גענומען דעם בוקעט און זיך אויפֿגעשטעלט און אַ וואָרף געטאָן צו יואל דוד'ן, וועלכער האָט אויפֿגעהויבען די בלומען און זיך העפֿ־ליך פֿאַרנייגט מיט דאַנקבאַרקייט.

דער שטורם פון באגייסטערונג איז אין זאל גרעסער געווארען מיט יעדען מאל זינגען און ווען ער האט געענדיגט די לעצטע אריע פון דעם קאנצערט, האט מען איהם אפלאדירט פאר א האלבער שעה נאכאנאנד. קערב מיט בלומען האט מען ארויפגעטראגען אויף דער ביהנע.

דער גובערנאטאר פון ווארשע האט געשיקט רופען מאניושקא'ן און איהם געפרעגט:

— ווער איז אט דער דאזיגער אידישער יונגערמאן, וועלכער באזיצט אזא הימעלשע שטימע?

מאניושקא האט אין קורצען דערצעהלט ווער ער איז און אז ער פלאנט איהם אנצושטעלען אין זיין אפערא.

— אויב ער וועט זינגען אין דיין אפערא וועל איך קומען יעדען אווענט! — האט דער גובערנאטאר זיך אנגערופען — ער האט מיר אזוי באצויבערט מיט זיין וואונדערבארער שטימע אז איך וואלט געקאנט אזוי זיצען טאג און נאכט, זיך צוהערען צו זיין זינגען און קיינמאל ניט מיעד ווערען. איך בעט דיר מאניושקא ברייגנט איהם אהער צו מיר אין לאזשע. איך וויל דריקען זיין האנט.

מאניושקא איז צוריק ארויף אויף דער ביהנע און אריינגעשושקעט יואל דוד'ן אז דער גובערנאטאר וויל איהם זעהן.

די אפלאדיסמענטען האבען נאך ניט אויפגעהערט. יואל דוד איז געווען געצוואונגען ארויסצוקומען אויף דער ביהנע צום צעהנטען מאל. און איצט, אויך אין מיטען פון די אפלאדיסמענטען, איז יואל דוד אריין מיט מאניוש-קא'ן אין דער לאזשע וואו דער גובערנאטאר איז געזעסען מיט זיין סוויטע.

— איך מוז דיר אויסדריקען מיין הארציגסטען דאנק פאר דעם פאר-געניגען וואס דו האסט פארשאפט מיר און דער גובערנאטארשע — האט ער געדריקט זיין האנט און איהם באלד פארגעשטעלט פאר זיין פרוי.

די גובערנאטארשע האט אויפגעהויבען איהר לארנעט צו איהרע אויגען, איהם א וויילע באטראכט און דאן האט זי א שאקעל געטאן מיט איהר קאפ.

— זאג מיר, ווי אזוי קומט עס אז איינער, וועלכער איז א רעליגיעזער זינגער פון א שוהל זאל אזוי שעהן אויך קאנען זינגען אפעראס?... איך מוז דיר זאגען אז אין מיין גאנצען לעבען האב איך נאך אזא טייערע שעהנע שטימע ניט געהערט. איך בין געווען אין אלע הויפט שטעדט פון אייראפע און זיך אנגעהערט געניג זינגער, אבער קיינער פון זיי קומט ניט צו דיר. זאג מיר, וואו האסטו שטודירט מוזיק?

— אייער עקסעלענץ! — האט יואל דוד אויסגערופען — איך האב אין ערגעץ קיין מוזיק ניט געלערנט.

— יע, פון זיך אליין האט ער זיך אויסגעלערנט נאטען! — האט מאניושקא צוגעגעבען.

— איך האב געהערט אז דו וועסט זינגען אין פאן מאניושקא'ס אפערא — האט דער גובערנאטאר אויסגערופען — אויב אזוי וועט טאקע זיין וואס

צו הערען. פאר די לעצטע פאַר יאָהר האָט זיין אָפּערא א סך געליטען פון דעם וואָס די הויפּט זינגער האָבען ניט געהאט קיין מעכטיגע שעהנע שטימען.

— המ... איך בין נאָך ניט זיכער — האָט יואל דוד א זאָג געטאָן.

— פארוואָס ביזטו נאָך ניט זיכער? דער פּאַן מאַניושקא האָט מיר נאָר וואָס געזאָגט אז דו וועסט יאָ זינגען... הא, וואָס זאָגסטו אויף דעם? — האָט ער זיך געווענדעט צו מאַניושקא'ן.

— און איך בין זיכער אז ער וועט זינגען אין מיין אָפּערא — האָט מאַניושקא א שמייכעל געטאָן — איך האָב זיין קאָנטראַקט... יע, עס זיינען געווען געוויסע שטרויכלונגען, ניט פון זיין זייט נאָר פון אונזער זייט... איך מיין די אומשטענדען זיינען געווען אזעלכע אז ער האָט געמיינט אז עס וועלען זיין געוויסע שטרויכלונגען. אבער איצט זיינען אלע שטרויכלונגען אוועקגענומען געוואָרען.

— אהא, איך פארשטעה! — האָט דער גובערנאַטאָר שמייכלענדיג געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ — איך שטוים זיך אָן. אבער איך גלויב אז ווען מען קריגט אזא גוטען זינגער דארף מען ניט נעהמען זיין רעליגיע און ראַסע אין אָנבעטראַכט... יאָ, איך האָב זיך נאָר וואָס דערמאָנט: אין דריי חדשים ארום פייער איך דעם געבורטסטאָג פון מיין טאָכטער, און איך וואָלט געווען זעהר צופרידען ווען דו קומסט און זינגסט דאָן אויף דער פייערונג.

— איך באַדויער זעהר שטאַרק, עקסעלענץ — האָט יואל דוד געזאָגט — אָבער איך וועל ניט קאָנען קומען אין יענער צייט.

— פארוואָס ניט?

— ווייל איך וועל דאַן זיין אין ווילנע. אין איינינע טעג ארום וועל איך פארלאָזען ווארשע און זיך צוריקקעהרען קיין ווילנע.

— פארוואָס זאָלסטו וועלען פארלאָזען ווארשע נאָכדעם ווי דו האָסט דאָ געהאט אזא ערפאָלג?

— ווייל איך האָב מיין משפּחה אין ווילנע.

— ברייגנט מען זיי אריבער אהער.

— דאָס וועל איך פיליכט טאָן שפּעטער, אָבער דערווייל האָב איך מיינע פליכטען צו ערפילען אין ווילנע.

— יע, ער איז דאָרט אין ווילנע פארבונדען מיט א קאָנטראַקט ביז אין מיטען הערבסט — האָט מאַניושקא צוגעגעבען — ער איז דאָך דער ווילנער שטאָדט חזן און ער וועט דאָרפען דאָרט פארבלייבען ביז נאָך זייערע פייער־טעג, און דאַן וועט ער זיך צוריקקעהרען קיין ווארשע.

— נו, צווינגען וויל איך דיך ניט! — האָט דער גובעראַנטאָר א זאָג געטאָן — אזוי לאַנג ווי דו וועסט צוריקקומען קיין ווארשע און איך וועל האָבען נאָך א געלעגענהייט דיך צו הערען, אַרט מיך ניט.

דער גובערנאַטאָר האָט זיך אויפגעהויבען פון פּלאַץ. ער האָט דער־לאַנגט יואל דוד'ן זיין האַנט נאָך אמאָל, פאר די אויגען פון גאַנצען פּוב־

ליקום, וועמעס אויגען זיינען געווען געווענדעט צו דער לאָזשע וואו זייער באַליבטער זינגער האָט זיך איצט געפונען.

די אידען האָבען געשעפּט נחת... א קליינינקייט! דער גובערנאַטאָר אליין פאַרברייננגט מיט איהם, דריקט זיין האַנט... ווער ווייסט, אפשר וועט ער פון איצט אָן ווערען ווייכער און ניט ארויפלייגען אזוי פיעל גזרות אויף די אידען פון וואַרשע!

די גרעפין זאַמאָיסקאַ האָט ניט געוואַרט אַז מאַניושקאַ זאָל אריינפיהרען יואל דוד'ן צו איהר אין לאָזשע. זי האָט געוואוסט אז ער וועט זיך ניט פיהלען איבעריגס אנגענעהם אין דער געגענוואַרט פון דעם גראף פּאסקעוויטש, וועלכער האָט איהם אין איהר הויז אזוי שטאַרק באַלײדיגט. זי איז דאַריבער אריין דורך דער טיהר פון דער ביהנע צו דעם צימער וואו יואל דוד האָט געהאַט זיינע זאַכען. זי האָט אויף איהם געוואַרט ביז וואַנען ער וועט זיך צוריקקעהרען.

ווען ער איז אריין אין צימער מיט מאַניושקאַ'ן און זי דערזעהן, איז ער געבליבען שטעהן ביי דער טהיר... די גרעפין איז איהם אנטקעגען געקומען און איהם געדריקט די האַנט.

— אָ, פּאַן סטראַשונסקי! איצט זעה איך פאַרוואָס איהר האָט דאַן מיר ניט געוואָלט זאָגען אייער נאָמען. איך בין איצט צו אייך געקומען בעטען ענטשולדיגונג... יע, איך ענטשולדיג זיך פאַר אייך און פאַר דעם פּאַן מאַניושקאַ... איך האָב ניט גענוג ווערטער אויסצודריקען מיין באַגייסטערונג פאַר אייער זינגען... איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אז ווען איך בין אהער געקומען צום קאָנצערט, האָב איך זיך געטראַכט אז איך וועל זיך זעהר לאַנגווײלינען. איך האָב אפילו געזאָגט צו מיין באַגלייטער, אז נאָך דעם ווי איך האָב געהערט יענעם יונגען זינגער אין מיין הויז וועל איך שוין מעהר ניט האָבען קיין פאַרגעניגען צו הערען אימיצען אנדערש... איך האָב אויך געוואונשען אז איך וועל אייך באַמערקען צווישען פּובליקום און דאַן וועל איך פּועל'ן ביי מאַניושקאַ'ן ער זאָל אייך ערלויבען צו זינגען, אזוי זיכער בין איך געווען אז דער זינגער פון קאָנצערט איז אַן אנדער מענש. און איידער איהר זייט ארויף אויף דער ביהנע האָב איך געזוכט צווישען פּובליקום. איהר קאָנט זיך דעריבער פאַרשטעלען מיין גרויסע איבערראַשונג ווען איך האָב אייך דערזעהן... איך בין געווען אזוי ערשטוינט אז איך האָב א ווײלע קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסריידען...

— איך בין זעהר צופרידען, אז די גרעפין האָט געביטען איהר מיינונג וועגען איהם.

זאַמאָיסקאַ האָט ארויסגענומען פון איהר האַנט־בייטעל א פּאַפּיר און זיך אָנגערופען צו מאַנישוקאַ'ן:

— אָט איז דער קאָנטראַקט. איך האָב איהם מיטגענומען מיט'ן געדאַנק איהם צו צערייסען נאָך דעם ווי איך וועל הערען דעם קאָנצערט, ווייל איך האָב געמיינט אז קיינער קען זיך ניט גלייכען צו דעם יונגען זינגער, וועלכער האָט אין מיין הויז געזונגען. און איצט וויל איך האָבען דעם כבוד איהם

צוריקצוגעבען דעם קאנטראקט און אייך זאגען, פאן מאניושקא, אז איך וועל זיך שעצען גליקליך צו שפילען אין דער זעלבער אפערא מיט דעם אונפארגלייכבארען פאן סטראשונסקי.

— איך האב געוואוסט אז נאכדעם ווי איהר וועט איהם זעהן און הערען זינגען וועט איהר בייטען אייער מיינונג — האט מאניושקא געשמייכעלט.

— איך וויל אז איהר זאלט מיר ענטשולדיגען — האט די גרעפין געזאגט צו מאניושקא'ן, איהר קענט דאך מיר שוין. איך בין זעהר עמפפינדליך און לייכט זיך אויפצורעגען. און איצט זעה איך ווי אונגערעכט איך בין געווען... איך האף, פאן סטראשונסקי, אז איהר וועט מיר מוחל זיין מיט אייער גאנצען הארצען פאר מיין אונהעפליכע באנעהמונג צו אייך — האט זי איהם געגעבען די האנט — איך וועל זיך שעצען גליקליך אנגערופען צו ווערען אייער פריינד.

יואל דוד האט געדריקט איהר האנט מיט פריינדשאפט. ער איז געווען צוטומעלט און איבערראשט. ער האט ניט געגלויבט זיינע אויגען. וואס איז מיט איהם געשעהן — מיט א ווײַלע צוריק האט דער ווארשעווער גובערנאטאר געדריקט זיין האנט... דער זאאל האט געדונערט מיט אפלאדיסמענטען. צעהנדליגע בוקעטען בלומען האט מען איהם דערלאנגט און איצט די גרעפין זאמאיסקא, וועלכע איז געווען אזא פארביסענע אנטיסעמיטקע אז זי האט רעזיגנירט פון דער אפערא, ווייל מאניושקא האט אנגאזשירט א אידען צו שפילען די הויפט ראלע, ענטשולדיגט זיך פאר איהם. זי בעט איהם ער זאל איהר מוחל זיין... וואס האט פאסירט מיט איהם? איז עס א חלום? איז עס מעגליך אז אט דער דאזיגער גרויסער כבוד וואס ער קריגט איז א ווירקליכקייט? אזא טריאומף, אזא ערפאלג. אויף דעם האט ער זיך ניט געריכט. יעדער איינער דריקט זיין האנט מיט ליעבשאפט. ווי שעהן און פרעכטיג די גרעפין איז... איהר פרעכטיגע זיידענע קלייד גיט איהר צו אזוי פיעל חן און צויבער... זי ,אויף ועמען ער וואלט ניט געוואגט א קוק צו טהאן מיט אייניגע טעג צוריק, שטעהט נעבען איהם ווי א געטין... זי איז פול מיט צויבער, איהרע שעהנע בלויע אויגען שפיגלען זיך אפ אין איהר שעהן ראזעווען פנים מיט איהר שנעע ווייסען האלז און ענטבלויזטע שולטערען... איהר שטימע קלינגט אזוי זיס אין זיינע אויערען. זי איז אזוי צערטליך און פריינדליך... ער האט צוגעשאקעלט מיט זיין קאפ אלס צייכען אז ער איז איהר אלעס מוחל.

— איך וועל מאכען א פייערונג לכבוד אייער ביידענס גרויסען ערפאלג — האט די גרעפין זאמאיסקא זיך געווענדעט צו מאניושקא'ן און צו יואל דוד'ן, איך האף אז איהר וועט קומען און פארברייגנען מיט אונז מארגען אווענט.

— ביי מיר האט איהר גע'פועל'ט, גרעפין זאמאיסקא, האט מאניושקא זיך אנגערופען.

— און איהר וואס זאגט? וועט איהר קומען צו מיר?

יואל דוד איז געווארען נאך מעהר צעטומעלט. ער איז געווען אין א

גרויסער פארלעגנעהייט. צו קומען צו א פייערונג ביי דער גרעפין, וועט ער דאך דארפען עסען און טרינקען.

אה, ניין. ער וועט ניט עסען קיין טרפות און אויך ניט טרינקען קיין יין נסך.

ווען די גרעפין האט געזעהן, אז ער שווייגט, האט זיך איהר געדוכט אז ער קען ביי זיך ניט באשליסען צו קומען צו איהר צוליב דעם וואס דער גראף פאסקעוויטש האט איהם דאן אזוי שטארק באליידיגט.

— איך וויל אייך פארזיכערען, פאן סטראשונסקי — האט די גרעפין זיך נאך אמאל צו איהם געווענדעט, אז דער גראף פאסקעוויטש האט זיך אין גאנצען געענדערט צו אייך. ער איז פונקט אזוי באגייסטערט פאר אייער הימעלשען זינגען ווי איך און די טויזענטע אנדערע, וועלכע האבען אייך געהערט און כאטש ער האט זיך שוין דאן אין מיין הויז פאר אייך ענטשולדיגט, איז ער נאך אמאל גרייט זיך צו ענטשולדיגען פאר אייך, און ניט ער אליין נאר אויך די אנדערע געסט מיינע, וועלכע האבען דאן געזוכט צו האבען שפאס אויף אייער חשבון. און איצט האף איך, אז איהר וועט מיר ניט ענטזאגען און קומען.

— איך קען אייך ניט אנגעבען די סיבה — האט ער געזאגט, אבער איך פארזיכער אייך, אז דאס האט גאר ניט צו טאן מיט דעם וואס עס האט פאסירט דאן אין אייער היים...

— אויב אזוי פארשטעה איך ניט פאר וואס איהר ענטזאגט זיך צו קומען. איז עס מעגליך אז איהר טראגט נאך א כעס אין אייער הארצען אויף מיר, וואס איך האב זיך ענטזאגט צו שפילען אין דער אפערא וויל...

— אויב די גרעפין וועט מיר ערלויבען וועל איך איהר ערקלעהרען די ריכטיגע אורזאכע — האט מאניושקא זיך אנגערופען — איך וויים פאר וואס עס איז פאר איהם שווער אנצונעהמען אייער איינלאדונג צו דער פייערונג.

— איך בין טאקע זעהר נייגעריג צו וויסען די אורזאכע — האט זאמאיסקא געזאגט.

— דער פאן סטראשונסקי איז זעהר רעליגיעז און איהם איז ניט ערלויבט, לויט זיין רעליגיע צו עסען אדער טרינקען מאכלים און געטראנקען וואס זיינען ניט צוגעגרייט לויט דעם אידישען דין...

— א, אויב דאס זאל זיין די סיבה וואלט מיך ניט געארט אזוי שטארק — האט די גרעפין אויסגערופען — אזוי לאנג ווי איך וויים אז ער איז ניט ברוגז אויף מיר צוליעב מיין נארישען פאראורטייל וואס איך האב געהאט געגען איהם.

— די גרעפין איז געווען זעהר פריינדליך און גנעדיג צו מיר — האט יואל דוד געזאגט — און פון דער טיפעניש פון מיין הארצען וויל איך אייך באדאנקען פאר אלעס וואס איהר האט געטאן צו מאכען דעם קאנצערט אז ערפאלג.

— פאר דעם פינאנציעלען ערפאלג פון קאנצערט קומט דער גאנצער

דאנק צו דעם פאן מאניושקא — האט די גרעפין געשמייכעלט. ער האט אונערמידליך געארבייט טאג און נאכט. איך וויים וויפיל מאל ער איז ביי מיר געווען און מיט מיר איינגע'טענה'ט. איך בין געווען אביסעל פארעקשנ'ט. איך האב קיין אהנונג ניט געהאט אז איהר זייט אזוי וואונדערבאר... איך האב זיך אייך פארגעשטעלט אין גאנצען אנדערש... ניט נאר אייער שטימע, נאר אפילו אייער אויסזעהן. און ווי אנגענעם איבערראשט איך בין געווען אייך צו זעהן אויף דער ביהנע. אייער שטימע איז געווען געטליך און אייער אויסזעהן איז געטליך... איך וועל אייך זאגען דעם אמת, ווען איך האב אייך צום ערשטען מאל געזעהן און געהערט זינגען, האב איך געפיהלט אז איך האב אייך ערגעץ־וואו פריהער געהאט געזעהן. איך האב ניט געוואוסט וואו, און שפעטער ווען איהר זייט אוועקגעגאנגען, האב איך נאך אלץ ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון אייך... איך האב זיך געוואונדערט ווי קומט עס אז איך זאל אייך האבען ערגעץ געזעהן. און פלוצלינג איז מיר אויף דעם געדאנק געקומען, אז איהר זייט עהנליך צו אונזער האר יעזוס'ן פונקט אזוי ווי מיר שטעלען זיך איהם פאר...

יואל דוד האט געווארפען זיינע בליקען צו מאניושקא'ן און געשמייכעלט.

— איך וויים ניט אויב איך האב א רעכט צו מאכען אזא פארגלייכען

— האט די גרעפין געזאגט — אבער אזוי האב איך געפילט דאן און אויך איצט... אייערע געזיכטסציגע זיינען איידעל און צארט, אייערע אויגען זיינען אזוי שעהן און מילד און אין דער זעלבער צייט דריקען זיי אוים אזוי פיעל צער און טרויער. איצט איז מיר שוין קיין וואונדער ניט ווען איך הער אז אונזער האר יעזוס שטאמט פון אייער פאלק... איך קען אויך פארשטעהן פאר וואס איהר זייט אזוי פרום און איהר ווילט ניט עסען פון מיינע מאכלים. און דעריבער וויל איך אייך פארזיכערען, אז איך וועל זעהן אז ביי אייער טיש זאל מען פאר אייך ברענגען אידישע שפייז און וויין. און איצט האף איך אז איהר וועט שוין געווים קומען.

— פאר וואס זאל די גרעפין דארפען נעהמען אויף זיך אזוי פיעל מיה. איך וועל דאך זיכער אייך פאלען צו לאסט.

— פארקערט, עס וועט פאר מיר זיין דער גרעסטער פארגעניגען. און איך וויל אייך זאגען אז איהר האט זיך ניט וואס צו שעהמען מיט דעם וואס איהר זייט פרום און היט אפ אייער רעליגיע. איך וועל זיך שעצען גליקליך ווען איך וועל דאס טהאן פאר אייך... נו, קען איך זיך אויף אייך ריכטען?

— זאל מיר די גרעפין ענטשולדיגען — האט יואל דוד זיך אנגערופען

— איך וואלט בעסער געקומען ווען איהר וועט קיין פייערונג ניט האבען.

— אבער די גאנצע פייערונג מאך איך דאך לכבוד אייך! איך וועל זעהן צו קריגען פאר אייך די בעסטע אידישע מאכלים.

— עס איז ניט נאר א פראגע פון מאכלים — האט יואל דוד געזאגט

— מיר אידען זיינען זעהר אפגעהיט אפילו מיט די כלים... און מיט דעם אופן ווי עס ווערט דערלאנגט די שפייז און די געטראנקען... איך וועל זיך ניט

פּיהלען איבעריג באקוועם און דעריבער בעט איך די גרעפין מיר צו ענט־שולדיגען אויך איך וועל ניט קענען אַננעהמען איהר איינלאַדונג צו דער פּייערונג.

— אויב איהר וועט ניט קומען, וועל איך אויפגעבען דעם גאַנצען פּלאַן פון דער פייערונג, ווייל אָהן אייך האָט די פייערונג איבערהויפּט קיין זינען ניט... דערפאַר וועט איהר קומען צו מיר אויף אַ באַזוך דעם קומענדען מאָנ־טאָג. דאָס וועט איהר דאָך מיר ניט ענטזאָגען.

איידער יואל דוד האָט באַוויזען צו ענטפערען, האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיהר.

מאַניושקאַ האָט געעפענט די טיהר און ער האָט דערזעהען זיין פריינד קרוזשענסקי מיט זיין טאָכטער נאַסטאַשאַ.

— אַ, קומט אריין! — האָט מאַניושקאַ אויסגערופען — איך וועל אייך פאָרשטעלען פאַר דער גרעפין זאַמאָיסקאַ.

— די גרעפין! — האָט נאַסטאַשאַ אויסגערופען — אפשר זאָלען מיר איהר ניט שטערען?

— זי וועט זיין צופרידען מיט אייך באַקאַנטשאַפט צו שליסען! — האָט מאַניושקאַ אַנגענומען נאַסטאַשאַ׳ן פאַר איהר האַנט. דו דאַרפסט זיך נישט שעהמען. איך האָב דער גרעפין שוין לאַנג דערצעהלט וועגען אייך.

זיי זיינען אריינגעקומען אין צימער. נאַסטאַשאַ האָט געוואָרפען אַ בליק אויף יואל דוד׳ן, וועלכער איז געשטאַנען נעבען דער גרעפין, און איהר פּנים האָט זיך געקרויטעלט.

— איך האָב דעם כבוד, גרעפין, פאָרצושטעלען פאַר אייך צוויי פון מיינע בעסטע פריינד פון ווילנע, פּאַן וולאַדיסלאַוו קרוזשענסקי און זיין טאָכ־טער פּאַניענקאַ נאַסטאַשאַ, איז ווענעס הויז איך האָב געהאַט דעם גליק צו הערען דעם פּאַן סטראַשונסקי שפּילען און זינגען.

די גרעפין האָט אַ נייג געטאָן איהר קאָפּ. זי האָט באַטראַכט נאַסטאַ־שאַ׳ן. זי איז גאַנץ שעהן, האָט זי זיך געטראַכט. זי איז יונג און אויב זי מאַכט ניט קיין טעות איז זי פאַרליבט אין דעם פּאַן סטראַשונסקי. יע, זי קען עס מערקען פון איהר בליק אויף איהם.

— מיר האָבען געוואָלט אויסדריקען אונזער האַרציגסטען דאַנק צו דעם פּאַן סטראַשונסקי פאַר דעם גרויסען פאַרגעניגען וואָס מיר האָבען גענאָ־סען היינטיגען אָבענד, דאָ אין זאַל — האָט קרוזשענסקי געזאָגט — קיין מאָל אין אונזער לעבען וועלען מיר עס ניט פאַרגעסען...

ער האָט געדריקט זיין האַנט, און נאָכהער איז נאַסטאַשאַ אויך צוגע־קומען און געזאָגט:

— ערלויבט מיר אויך צו דריקען אייער האַנט און אייך האַרציג באַ־דאַנקען פאַר אייער וואונדערבאַרען זינגען. איך האָב ניט גענוג ווערטער אויסצודריקען מיין באַוואונדערונג און ענטציקונג.

— אַ דאַנק אייך! — האָט יואל דוד אַנגענומען איהר האַנט און זיך אַ נייג געטאָן.

— איך ווייס ניט פאר וואס מיר שטעהען אלע! — האט מאניושקא זיך אנגערופען — עס זיינען דא פאראן גענוג שטולען צו זיצען.

זיי האבען זיך אלע געזעצט. און קרוזשענסקי האט זיך אנגערופען:

— אין זאל זיינען נאך פארבליבען א היבשע צאהל מענשען. קענטיג אז עס איז זיי שווער זיך צו שיידען פון דאנען.

— און איך האב איבערגעלאזען דעם גראף פאסקעוויטש אין מיין לאזשע צוזאמען מיט מיינע אנדערע פריינד. זאלען זיי דארט ווארטען... איך האב געקענט מערקען אז דער גראף פאסקעוויטש איז אויך געווען נייגעריג ארייינצוקומען אהער און דריקען אייער האנט — האט זיך די גרעפין גע־ווענדעט צו יואל דוד'ן — אבער איך האב איהם געהייסען מוחל זיין און בלייבען אויף זיין פלאץ. דאס וועט זיין פאר איהם א שטראף פאר זיין זינד וואס ער איז באגאנגען געגען אייך, דאן אין מיין הויז...

— עס איז זעהר מאדנע — האט קרוזשענסקי זיך אנגערופען — אז מיט אונזערע לעכערליכע פאראורטיילען טהוען מיר וועה דעם וועמען מיר אכטען, שעצען און ליבען נאך דעם ווי מיר האבען א געלעגענהייט צו זיין נאהענטער צו איהם. ווי איך פארשטעה גרעפין, האט דער גראף פאסקעוויטש איהם באליידיגט צוליב זיין ראסע... און ס'איז מעגליך אז אויך איהר...

— וואס מיינט איהר? — האט די גרעפין אויף איהם געווארפען א בייזען בליק.

— איך מיין דאס, אז אין מיין אייגענע הויז האט פאסירט די זעלבע זאך... מיין טאכטער האט געהאט א שטארקען פאראורטייל געגען אידען. און ווען דער פאן סטראשונסקי איז צום ערשטען מאל אויף מיין איינ־לאדונג געקומען צו מיר אין הויז, האט מיין טאכטער אפילו ניט געוואלט אריינקומען אין יענעם צימער וואו ער איז געווען. שפעטער אבער ווען זי האט איהם געהערט זינגען און געזעהן פערזענליך, איז זי אזוי ענטציקט געווארען פון איהם, אז זי האט ניט אויפגעהערט צו רעדען פון איהם. און זוען ער איז נאך אמאל געקומען, האט זי שוין ניט געוואוסט וואס צו טהאן מיט איהם. זי גלויבט אז ער איז געטליך. ניט אמת, פאן סטראשונסקי, מיין טאכטער האט אייך געזאגט, אז איהר זייט עהנליך צו אונזער האר יעזוס?

יואל דוד האט א שמייכעל געטאן און מאניושקא האט זיך אנגערופען:

— וואס פאר א מערקווירדיגער צופאל. די גרעפין אליין האט נאר וואס געזאגט די זעלבע זאך...

— האט ער דען ניט א קריסטוס פנים! — האט די גרעפין זיך אנגע־רופען און זוכענדיג אבצואווענדען דעם געשפרעך אין אן אנדער ריכטונג האט זי זיך גלייך געווענדעט צו נאסטאשא'ן:

— ווי איך פארשטעה, זייט איהר אהער געקומען זינגען אין דעם כאהר פון דער אפערא?

— אויב פאן מאניושקא וועט האלטען זיין פארשפרעכען צו מיר אין ווילנע — האט נאסטאשא א שמייכעל געטהאן.

— געוויס מוזט איהר האבען א פיינע שטימע. איך זעה שוין אז מיר קענען זיך פארלאזען אויף איהם.

— איך האַלט ניט זעהר שטאַרק פון מיין שטימע — האַט נאַסטאַשאַ ווייטער געזאָגט, און אויב איך מאַך קיין טעות ניט, האַלטען מיינע עלטערן, אַז איך זינג ווי אַ קראָה, האַ, ניט אמת, פּאַפּאַ?!

אַלע האָבען זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און קרוזשענסקי האָט שמייכלענדיג געזאָגט:

— איך האָב דיין שטימע קיין מאָל ניט פאַרגליכען צו דער שטימע פון אַ קראָה. מעגליך אַז דיין מוטער האָט עס געטהאָן, ווען דו האָסט געזונגען צו הויך און געשטערט איהר שלאָף. איך גלויב אָבער אַז ווען דיין שטימע וואָלט ווירקליך געווען אַזוי שלעכט ווי דו מאַלסט אויס, וואָלט שוין פּאַן מאַניושקאַ דיר שוין געהייסען שטעהן אין דער היים... און אויב ער האָט דיר איינגעלאַדען צו זינגען אין דעם כאָהר פון זיין אָפּערא, מסתמא ווייסט ער אַז דו זינגסט עטוואָס בעסער ווי אַ קראָה. וואָס זאָגט איהר, פּאַן מאַניושקאַ?

— אַ געלעכטער אַן אַ זייט. אייער טאָכטער האָט אַ גאַנץ פיינע שטימע. אַלעס וואָס זי נויטיגט זיך איצט איז שטודירען און קולטיווירען איהר שטימע און ביז זי וועט זיך ענטוויקלען, וועל איך איהר פּרובירען געבען קלענערע ראָלען אויסער דעם כאָהר.

— אַ דאַנק אייך, פּאַן מאַניושקאַ. איהר זייט שטענדיג געווען זעהר גוט צו מיר און איהר האָט שטענדיג פאַרקוקט מיינע חסרונות...

— איך וויל אייך ביידען איינלאַדען צו דער פייערונג וואָס איך מאַך לכבוד אונזער געשעצטען גאַסט, פּאַן סטראַשונסקי — האָט די גרעפין זיך אנגערופען צו קרוזשענסקי'ן און זיין טאָכטער. — דאָס מיינט, אויב די פייערונג וועט פאַרקומען, ווייל ביז אייער קומען האָט פּאַן סטראַשונסקי זיך צוליב פאַרשידענע אורזאַכען ענטזאָגט צו קומען. איצט אָבער אַז מעגליך אויך איהר, זיינע לאַנדסלייט, וועלען קומען, וועט ער אויך איינשטימען צו זיין... עס איז מעגליך אַז מיט אייך וועט ער זיך ניט פיהלען אַזוי איינזאַם. האַ, וואָס זאָגט איהר, פּאַן סטראַשונסקי?

— איך האָב געזאָגט אַז עס איז פאַראַן אַן אַנדער אורזאַכע — האָט יואל דוד זיך אַנגערופען.

— איך בין אָבער זיכער, אַז ווען איהר זייט געווען אין ווילנע און באַזוכט דאָס הויז פון אייער פריינד קרוזשענסקי, האָט איהר זיך אויך באַ־טייליגט אין זיינע שמחות.

— אָ, ניין, גרעפין, — האָט נאַסטאַשאַ געזאָגט — ער האָט ביי אונז גאַרניט געוואָלט פאַרזוכען. איך געדענק אַז איך האָב זיך געפונען שטאַרק באַליידיגט ווען איך האָב איהם דערלאַנגט אַ גלאָז וויין... דאַן האָב איך עס ניט פאַרשטאַנען. איצט אָבער גלויב איך אַז עס איז אַ טוגענד ווען אַ מענש היט אָפּ זיין רעליגיע אַזוי שטאַרק. מיר קאָנען דאָך עס געוויס אָפּשאַצען...

— נו, וואָס זאָגט איהר, פּאַן סטראַשונסקי, וועט איהר קומען צו מיין פייערונג לכבוד אייך? — האָט די גרעפין זיך אַנגערופען — איך וויל

איך פארזיכערען אז פאר אייך וועט זיין אנגעגרייט א באזונדער טיש מיט אידישע שפייזען און נייע כלים.

צו וואס זאל די גרעפין זיך דארפען באמיהען אזוי פיל צוליב מיר? איך בעט אייך, לאמיר דאס אפלייגען אויף א צווייטען מאל... איך וועל אפשר בעסער זיך צוגעוואוינען צו אייער סביבה.

— איך גלויב אז דער פאן סטראשונסקי איז גערעכט, — האט מאניושקא זיך אנגערופען — ער דארף איצט האבען אייניגע טעג רוהה, נאך אזא אנשטרענגונג און אויפרעגונג. איך בין זיכער אז די גרעפין וועט נאך האבען גענוג געלעגענהייטען צו פייערען זיין ערפאלג צוזאממען מיט אייערען נאכדעם ווי איהר וועט שפילען צוזאממען די אפערא.

— נו, גוט. איך וועל צו אייך ניט צושטעהן זעהר שטארק — האט די גרעפין געזאגט — אבער איך וויל אז איהר זאלט וויסען אז איהר זייט שטענדיג ווילקאממען אין מיין הויז. אויב אייך פארגלוסט זיך צו שפילען פיאנא קאנט איהר קומען באנוצען זיך מיט מיין פיאנא. איך וועל אנזאגען מיינע דינער אז מען זאל אייך ארייגלאזען צו יעדער צייט, אפילו ווען איך בין אין דער היים ניטא.

זי האט איהם דערלאנגט איהר האנט און זיך מיט איהם געזעגענט.

מאניושקא האט איהר ארויסבאגלייט ביז איהר לאזשע, וואו דער גראף פאסקעוויטש און איהרע אנדערע פריינד זיינען געווען. דאן האט ער זיך אומגעקעהרט צוריק.

דער זאל איז שוין כמעט געווען ליידיג, דא און דארט האבן נאך אייניגע מענשען געווארט צו כאפען א בליק אויף דעם וואונדערבארען זינגער. די לאמפען האבען נאך געלויכטען אין גאנצען זאל. מאניושקא האט זיך אנגערופען צו יואל דוד'ן:

— איהר ווייסט אז פיעלע פון אייערע פארעהרער האבען נאך ניט פארלאזען דעם זאל? זיי ווארטען אויף דער געלעגענהייט אייך צו זעהן ווען איהר וועט ארויסקומען. ווילט איהר פיליכט זיך נאך אמאל באווייזען און זאגען א גוטע נאכט?

— עס איז ניט נויטיג — האט יואל דוד געזאגט — לאמיר ארויסגעהן דורך דער הינטער טיר, און ווען מען וועט זיי זאגען אז איך בין שוין אוועק, וועלען זיי ניט געהן אהיים.

— איך וועל אייך צופיהרען אהיים אין מיין עקיפאזש — האט מאניושקא געזאגט, און ווענדענדיג זיך אויך צו קרוזשענסקי'ן און זיין טאכטער, האט ער זיי אויך איינגעלאדען אויף א שפאציר פאהר.

— די נאכט איז אזא פרעכטיגע, די לופט איז אזוי אנגענעם, קומט, לאמיר זיך אלע דורכפאהרען.

יואל דוד און די איבעריגע זיינען ארויס דורך דער הינטער טיר. זיי האבען זיך ארייגעזעצט אין עקיפאזש, וואס איז געווען ניט ווייט פון זאל, און זיי זיינען זיך דורכגעפאהרען דורך די גאסען פון ווארשע.

— אה, ווי וואונדערשעהן די נאכט איז! — האט נאסטאשא אונטערבראכען די שטילקייט — עפעס א הייליגקייט איז אויסגעגאסען אויף

אַלעס. אין אָט דעם מאָמענט דוכט זיך מיר אַז עס דאַרף ניט הערשען קיין שנאה און קנאה צווישען מענשען. אַלע דאַרפען זיך ליב האָבען... ווייל די וועלט איז אַזוי גוט און אַזוי וואונדערבאַר.

— איך מוז דיר זאָגען, מיין טאָכטער, אַז דו האָסט זיך שטאַרק גע־ענדערט, דו האָסט קיינמאָל אַזוי ניט גערעדט.

— דאָס באַווייזט וואָס פאַר אַ גוטע ווירקונג גוטע מוזיק קאָן האָבען אויפ'ן מענשען — האָט מאַניושקאַ געזאָגט — און דאַריבער בין איך געווען אַזוי זיכער אַז מיר וועלען איבערקומען אַלע שוועריגקייטען צוליב די ראַסען פאַראורטיילען פון אונזעריגע.

זיי האָבען צוגעפיהרט יואל דוד'ן צו זיין האָטעל און זיך מיט איהם געזעגענט און זיינען אָפּגעפאָהרען פון דאָרט.

---

די גרעפין זאַמאָיסקאַ'ס באַגייסטערונג פאַר דעם יונגען זינגער איז גע־וואַקסען מיט יעדער רגע. זי האָט געפיהלט אַז ער האָט איהר האַרץ געפאַנגען. און ווען זי איז שוין געלעגען אין איהר בעט, האָט זי ניט אויפגעהערט צו טראַכטען פון איהם. וואָס פאַר אַ צויבער ער באַזיצט! איהר דוכט זיך אַז זי וואָלט איהר גאַנצען לעבען געקאָנט זיין נעבען איהם און זיך צוהערען צו זיין זינגען... און זיין פּנים... ווי שעהן ער איז... ווי ליכטיג זיינע קלוגע מילדע אויגען שיינען... אָ, פאַרוואָס האָט גאָט אַריינגעלאָזט אַזוי פיעל טאַ־לאַנט, אַזוי פיעל מעלות אין אַ אידען! פאַרוואָס האָט דער דאָזיגער יונגער־מאַן באַדאַרפט געבוירען ווערען אַ איד... אָבער ווער ווייסט, אפשר ווען ער וואָלט ניט געווען קיין איד, וואָלט ער ניט געווען אַזוי באַגאַבט... עס איז דאָך ריכטיג אַז יעזוס איז געווען אַ איד. אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס איז אין זיי איינגעוואָרצעלט די שנאה צו אידען... עס איז ווירקליך אַן אומרעכט. דאָס וואָס די קריסטען פאַרהאַסען די אידען אַזוי שטאַרק. אמת, צווישען זיי זיינען פאַראַן אומגעווינשטע און שלעכטע מענשען און ווי עס זיינען פאַראַן צווי־שע די פּאָליאַקען, צווישען די דייטשען און צווישען אַנדערע פעלקער... זי קאָן איצט איינזעהען די אורזאַכע פאַרוואָס מען האָט אידען פיינט. יאָ, ניט צוליב קיין זאַך ווי צוליב דעם וואָס זיי זיינען אַ שוואַכע מינדערהייט... וואָס שוואַכער דער מענש איז אַלץ מעהר וועט איהם דער צווייטער זוכען וועה צו טהאָן...

די גרעפין האָט גענומען מאַכען אַ פאַרגלייך צווישען דעם גראַף פּאָס־קעוויטש, איהר געליבטען, און דעם יונגען זינגער... זיי זיינען ביידע כמעט אין איין עלטער, אָבער וואָס פאַר אַן אונטערשייד! דער יונגער גראַף האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון נויט. ער איז צעבאַלעוועט געוואָרען פון קינדווייז אָן. ער האָט געקראָגען אַלעס וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט... ער האָט זעהר ווייניג שטודירט. זיין בילדונג איז אויבערפלעכליך. ער איז אָנגעפּילט מיט פּוסטען שטאָלץ און גאוה... און טאַקע ווען עס איז אין איהר הויז פאָרגע־קומען דער וואָרט־דועל צווישען איהם און דעם אידישען יונגען זינגער, האָט ער זיך געוואָלט באַנוצען בלויז מיט'ן פויסט... ווייל מיט'ן מויל האָט

ער ניט געהאט וואס צו ענטפערען... זי קאן איצט ניט פארשטעהן פארוואס זי האט דעם גראף ערמוטיגט זיך צו פארליבען אין איהר... יע, ער ווייסט ווי איהר צו צוטיילען קאמפלימענטען און דאס, ווייזט אויס, האט איהר פאר'שיכור'ט. ער איז א גאלאנטער קאוואליער, ער קאן רייטען אויף א פערד און קאן אויך דועלירען... אבער א קאפ האט ער א פוסטען... זי האט איהם פיינט געקראגען... זי וועט איהם דארפען דערווייטערען פון זיך... אבער זי וועט עס מוזען טהאן מיט טאקט און פארזיכטיגקייט... ער האט זי שוין צו שטארק ליעב, אז זיי זאלען קאנען אפברעכען זייער פריינדשאפט אזוי פלוצ־לינג... ער קאן זיך נאך אנשטויסען, אז זי האט זיך צו איהם אפגעקיהלט זינט זי איז געווארען פריינדליך מיט דעם אידישען זינגער...

מיט די דאזיגע געדאנקען איז די גרעפין איינגעשלאפען און ווען זי האט זיך אויפגעכאפט איז שוין געוועזן זונטאג נאך האלבען טאג.

איהר קאמער מיידעל האט איהר געבראכט פרישטיק, און זי האט איהר איבערגעבען, אז דער גראף פאסקעוויטש איז געקומען.

— אזוי פריה? — האט די גרעפין געריבען איהרע אויגען.

— עס איז שוין ניט פריה, גרעפין! — האט די קאמער מיידעל געזאגט — עס איז שוין איינס איינער.

— פארוואס האסטו מיך ניט אויפגעוועקט אביסעל פריהער? — האט זאמאיסקא געזאגט — אבער דו האסט גוט געטהאן. איך האב זיך געלעגט שלאפען זעהר שפעט און איך האב ניט געקאנט איינשלאפען. געה זאג דעם גראף אז איך וועל באלד פארטיג ווערען.

זי האט זיך איינגעהילט אין איהר זיידענער קימאנא און איז ארויסגע־קומען צו איהם.

דער יונגער גראף האט אנגענומען איהר האנט און זי א קוש געטהאן.

— איך בין שוין געווארען אומרוהיג — האט ער געזאגט — אזוי שפעט און די גרעפין שלאפט נאך. איך האב געבעטען דיין קאמער מיידעל זי זאל אריין צו דיר אין צימער זעהן וואס דו מאכסט.

— איך האב געהאט א שלאפלאזע נאכט — האט די גרעפין זיך פאר־ענטפערט — דו ווייסט דאך ווי עמפינדליך איך בין צו מוזיק, און בפרט אזעלכע הימעלשע מוזיק... זיינע וואונדערליכע טענער האבען אפגעקלונגען אין מיינע אויערען און איך האב ניט געקאנט שלאפען.

— דאריבער גלויב איך אז עס וואלט געוועזן ניט מעהר ווי רעכט ווען מיר זאלען פאר א שעה אדער צוויי זיך דורכפאהרען רייטענדיג אויף די פערד... דער טאג איז א קיהלער און שעהנער און מיר וועלען פארברייינגען גאנץ פיין.

— זעהר גוט, איך וועל זיך טאקע דורכרייטען אביסעל. דאס וועט מיר מאכען מונטערער און פרישער — האט די גרעפין געזאגט — אויב דו וועסט ווארטען נאך א קליינע ווילע, וועל איך פארטיג ווערען און ארויסקומען צו דיר.

— איך וועל ווארטען אפילו דעם גאנצען טאג — האט דער גראף פאס־

קעוויטש זיך אנגערופען מיט א שמייכעל — פאר די לעצטע עטליכע טעג האבען מיר גאר קיין געלעגענהייט ניט געהאט צו פארברייגנען אליין אהן שטערונג. און איך האב שוין לאנג געגארט צו זיין מיט דיר אליין א פאר שעה.

די גרעפין האט זיך צוריקגעצויגען צו איהר צימער און איהר קאמער־מיידעל האט שוין געהאט פאר איהר צוגעגרייט די קליידער צום רייטען און זי האט איהר געהאלפען זיך אנטהאן.

זי איז שנעל פארטיג געווארען און איז מיט'ן גראף ארויסגעגאנגען אין דרויסען. די זון האט שטארק געברענט. עס איז געווען א הייסער טאג. דער גראף האט געהאלפען דער גרעפין זיך ארויפצוזעצען אויף איהר פערד און דערנאך איז ער אליין ארויף אויף זיין פערד און זיי זיינען ביידע אוועק־געריטען צו דעם שטאדטישען גארטען. דארט צווישען די געדיכטע ביימער איז געווען קיהל... א קליינע ווילע האבען זיי ביידע געריטען איינער נעבען צווייטען שווייגענדיג. דער גראף פאסקעוויטש האט באטראכט די גרעפין. און ער האט זי באוואונדערט.

„ווי פרעכטיג און שעהן זי איז... ער וועט היינט מוזען מיט איהר ריידען. ער האט שוין גענוג געווארט... לעצטענס איז זי צו איהם געווארען גלייכגילטיג. ער פיהלט עס, און דאריבער וועט זיין א סך בעסער פאר איהם, אז ער וועט ניט ווארטען צו לאנג, ער האט איהר שוין ניט איינמאל געגע־בען אנצוהערעניש, אז ער האט זי ליעב און וויל מיט איהר חתונה האבען, אבער זי האט זיך געמאכט ווי זי פארשטעהט ניט זיין אנדייטונג... היינט אבער וועט ער צו איהר ריידען גאנץ אפען. ער וועט פאר איהר ענטפלעקען זיין הארץ".

— ביזטו שוין ניט מיעד, גרעפין ? — האט ער זיך געווענדעט צו איהר מיט צערטליכקייט.

— יע, איך פיהל זיך אביסעל מיעד — האט די גרעפין א זאג געטאן.

— לאמיר זיך אפשטעלען אט דא, מיר וועלען זיך א ווילע זעצען אויפ'ן גראז — האט ער געזאגט און שנעל ארונטערגעשפרונגען פון זיין פערד. ער האט איהר געהאלפען ארונטערגעהן. דאן האט ער ביידע פערד צוגעבונדען צו א בוים און ער האט זיך מיט דער גרעפין אוועקגעזעצט אויפ'ן גראז.

נאך א קליינעם שווייגען האט זיך די גרעפין צו איהם אנגערופען:

— איך ווייס ניט ווי אזוי דאס האט געווירקט אויף דיר... אבער אויף מיר האט עס געהאט אן אונגעהויער גרויסע ווירקונג. איך מיין דאס זינגען פון דעם אידישען יונגען מאן! — איך האב א גאנצע נאכט ניט געקאנט איינשלאפען.

— און איך האב ביז איצט געמיינט אז גוטע מוזיק איז ווי א באלזאם צו די נערוועז... עס לאשטשעט און גלעט די נשמה... אזוי דאכט זיך האסטו מיר אליין איינמאל ערקלערט, הא, דו געדענקסט ?...

— יא, איך געדענק. עס דארף טאקע אזוי זיין און דאריבער וואונדער

איך זיך פאַרוואָס האָט זיין הימעלשע שטימע געהאַט אויף מיר אַ פאַרקעהרטע ווירקונג...

— איך וועל דיר זאָגען, טייערער, דאָס איז ווייל די שטימע קומט אַרויס פון אַ אידישען האַלז... האַ, ניט אמת?

— מעגליך אַז דו ביזט גערעכט! — האָט די גרעפין אַ שאָקעל געטהאָן מיט איהר קאָפּ — איך האָב טאַקע געטראַכט פון דעם ווי אַזוי עס קומט אַז גאָט זאָל אריינגעבען אַזוי פיעל טאַלאַנט, אַזוי פיעל צויבער אין אַ אידען... יאָ, זאָג מיר, וואָס איז דיין מיינונג?...

— וועגען וואָס? וועגען זיין זינגען? ווייסטו דאָך אַז איך אַליין בין אויך ענטציקט.

— דאָס ווייס איך! אָבער איך וויל דיר עפּעס פרעגען, יע, מיר איז עס נאָר וואָס איינגעפאַלען רייטענדיג. איך האָב זיך געטראַכט ווי גוט עס וואָלט געווען ווען מיר קאָנען באַקעהרען אָט דעם אידישען יונגען מאַן צו אונזער רעליגיע... קאָנסטו זיך גאָר פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ געווינס עס וואָלט געווען פאַר דער גאַנצער קריסטליכער וועלט?...

— האַ... איך ווייס ניט — האָט דער גראַף געגומען-שטאַמלען — איך גלויב ניט אַז אַ געטויפטער איך קאָן ווען עס איז ווערען אַ גוטער קריסט. אידיש און קריסטליך בלוט קאָנען זיך קיינמאָל ניט צונויפמישען.

— אָ, דאָס איז ניט ריכטיג! — האָט די גרעפין אויסגערופען — איך האָב אַליין געהערט אַז איינער פון די אַמאָליגע פּויפּסטען איז געווען אַ גע־שמד'טער איד... און פאַרוואָס ניט? מיר מוזען דאָך צוגעבען אַז אונזער האַר יעזוס אַליין האָט געשטאַמט פון אידען און אַז דער אַלטער טעסטאַמענט איז אויך ביי אונז קריסטען פאַרהייליגט... יע, איך האָב שוין פון דעם גע־נומען טראַכטען זינט ער האָט געהאַט דעם ויכוח מיט דיר אין מיין הויז צום ערשטען מאָל. איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס דאָס איז, אָבער ווען איך גיב אַ קוק אויף איהם, קומט מיר פאָר אַז אָט אַזוי האָט געמוזט אויסזעהן אונזער האַר יעזוס קורץ פאַר דעם איידער ער איז געקרייציגט געוואָרען...

— אָ, גרעפין, ווי אַזוי קענסטו גאָר מאַכען אַזאַ פאַרגלייך... עס איז אַ זינד אַזוי צו ריידען... צו זאָגען אַז אַ זשיד איז עהנליך אויף אונזער האַר יעזוס...

— איך זאָג ניט אַז ער איז עהנליך, אָבער אין מיינע געדאַנקען שטעל איך זיך פאָר אַז פּונקט אַזוי האָט געמוזט אויסזעהן דער האַר יעזוס... און איך גלויב אַז מיר וואָלטען אויפגעטאָן גאָר אַ גרויסע זאַך פאַר'ן קריסטענטום ווען אונז געלינגט איהם איבערצורעדען זיך צו טויפען. ערשטענס, וואָלטען מיר צוליב איהם געקראָגען טויזענדע אַנדערע פון זיינע ברידער, ווייל ווען זיי וואָלטען אויסגעפונען אַז ער, וועלכער איז געווען אַזוי פרום און באַ־ריהמט צווישען אַלע אידען, האָט זיך געטויפט, וואָלטען די אַנדערע זיך אויך געלאָזט טויפען. און צווייטענס, וועט אַזאַ זינגער קאָנען ברייננען אַ סך נוצען אונזער רעליגיע. ווען ער זאָל עפענען זיין מויל און אויסזינגען אַ קריסטליכע תפלה וואָלט זיין הימעלשער געזאַנג אויסגעאיבט אַז אונגעהויער גוטען

איינדרוק אויף אלע זיינע צוהערער. יע, מיין ליבער גראף. דער געדאנק איז מיר נאר וואס געקומען אויפ'ן זינען און איך בין זיכער אז עס וועט ניט זיין שווער דאס דורכצופיהרען... דו מוזט מיר העלפען אין דעם.

— איך צווייפעל זעהר שטארק אויב דיר וועט עס געלינגען! — האט דער גראף א שמייכעל געטאן — איך געדענק אז מיין פאטער פלעגט מיר דערצעהלען, אז פיל מאל פלעגט ער זוכען אפצו'שמד'ען א אידען. און ווען זיי זיינען געווען פאר'עקשנ'ט, פלעגט ער זיי סטראשען מיט שמיץ, און איך קאן דיר זאגען, אז איהם איז נאך קיינמאל ניט געלונגען צו באקעהרען א אידען צו אונזער אמונה. ביי זיי איז רעכט געווען צו לאזען זיך פארשמייסען צום טויט, אבי ניט אויפצוגעבען זייער אמונה.

— זעהסטו, מיט צוואנגס מיטלען קאן מען אזעלכע זאכען ניט דורכפיהרען. מען דארף אנווענדען גאנץ אנדערע מיטלען. צערטליכקייט, פריינדליכקייט און ליעבע...

גראף פאסקעוויטש'עס הארץ האט א צאפעל געטהאן. פון איהר לעצטער באמערקונג פארשטעהט ער, אז אין איהר הארצען ענטוויקעלט זיך א ליעבע צו דעם "זשידעק"... ניין ער טאר ניט דערלאזען... ווען זי זאל זיך מיט איהם זעהן נאך איינינע מאל, וועט זי זיך נאך אין איהם פארליבען... מוזיק איז דאך איהר שוואכקייט... און מיט זיין וואונדערבארער שטימע קאן ער גאנץ גרינג געווינען איהר הארץ... ווען דאס זאל געשעהן, וואלט עס פאר איהם געווען דער גרעסטער פאטש אין פנים... די גרעפין זאל איהם אויסבייטען אויף א אידען...

— אפשר ביזטו גרעפין גערעכט — האט ער געזאגט — עס וואלט ניט געשאדט צו מאכען א פארזוך צו געווינען זיין נשמה פאר'ן קריסטענטום, און איצט זאג מיר, מיט וואס איך קאן דיר העלפען עס דורכצופיהרען.

— איך גלויב אז דו קאנסט א סך, גאר א סך אויפטאן. ערשטענס, דארפסטו איינגאנצען בייטען דיינע באציהונגען צו איהם. דו דארפסט איהם ארויסווייזען מעהר פריינדליכקייט...

— אבער דו ווייסט דאך אז איך האב זיך שוין אזוי אויך גענוג ערנידעריגט און זיך ענטשולדיגט פאר איהם. איך האב געדריקט זיין האנט... איך האב צו איהם געשמייכעלט, וואס נאך קאן איך טהאן?

— איך וואלט דיר געראטען אז דו זאלסט איהם אפשטאטען א באזוך אין זיין האטעל. זאל ער זעהן אז אלע דיינע פאראורטיילען געגען איהם זיינען פארשוואונדען...

— דאס איז פאר מיר א גאנץ שווערע אויפגאבע! — האט דער גראף אויסגערופען — איך זאל געהן צו איהם אין האטעל... ניין! דאס קאן איך ניט!

— פארוואס איז דאס אזוי שווער פאר דיר?

— טאמער טרעף איך דארט איינינע פון זיינע ברידער... איך וועל דארפען דריקען זייערע הענט...

— צייג מיר דיין רעכטע האַנט. — האָט זאַמאָיסקאַ זיך צו איהם געווענדעט.

דער גראַף האָט איהר געציינט זיין רעכטע האַנט און די גרעפין האָט זי באַטראַכט און געשאָקעלט מיט איהר קאָפּ:

— ניין, איך זעה גאַרניט!

— וואָס מיינסטו דערמיט?

— איך מיין אַז איך זעה ניט אַז דיין האַנט זאָל זיך האָבען געענדערט זינט דו האָסט געדריקט די האַנט פון דעם אידען, פאַן סטראַשונסקי... און אַזוי, גלויב איך, וועט דיין האַנט בלייבען די זעלבע, אפילו אויב דיר וועט אויסקומען צו דריקען די הענט פון נאָך עטליכע אידען.

— דו ווייסט גאַנץ גוט אַז ניט דאָס מיין איך...

— אָבער דאָס איז דאָך אַלעס נאַרישקייטען... איך בין זיך מודה אַז איך האָב אויך געהאַט אָט די זעלבע געפיהלען... איך האָב געמיינט אַז ווען מיין האַנט וועט אַנריהרען אַ אידישע האַנט, וועל איך זיך קיינמאָל ניט קאָנען אָפּוואַשען... אָבער איך האָב ערשט מיט עטליכע טעג צוריק אויסגעפונען ווי לעכערליך דאָס איז. עס זיינען פאַראַן אויך גאַנץ פיינע אידען און אויך גאַרניט קיין פיינע קריסטען...

— איך בין גרייט צו טהאָן אַלעס וואָס דו וועסט פון מיר פאַרלאַנגען, גרעפין — האָט ער געזאָגט — איך האָב אָבער דיר וואָס צו זאָגען... יע, איך האָב שוין דיר עס לאַנג געוואָלט זאָגען... און אפשר דאַרף איך דיר ניט זאָגען, ווייל דו אַליין ווייסט וואָס ביי מיר אין הארצען טהוט זיך... איך מיין וועגען מיינע געפיהלען צו דיר...

— נו, עס איז היינט צו היים צו ריידען וועגען אַזעלכע זאַכען! — האָט זיך די גרעפין אָנגערופען — לאָמיר דאָס אָפּלייגען אויף אַן אַנדער מאָל.

— איך ווייס ניט וואָס מיט דיר איז, גרעפין, ווען איך פאַנג אָן מיט דיר צו ריידען וועגען מיינע געפיהלען צו דיר, זוכסטו אָפּצוּאָווענדען דעם געשפּרעך אויף עפּעס אַנדערש... דו ווייסט דאָך אַז איך האָב דיך ליעב מיט מיין גאַנצען לייב און לעבען... און עס איז שוין דוכט זיך צייט, אַז מיר זאָלען ריידען גאַנץ אָפען וועגען דעם.

— געדולד, גראַף פּאָסקעוויטש, געדולד! — האָט זי אַ זאָג געטהאָן — איצט קאָן איך גאָר וועגען אַזעלכע זאַכען ניט טראַכטען!...

— אָבער מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק, נאָכדעם ווען דו האָסט רעזיגנירט פון דער אָפּערא, האָסטו מיר געזאָגט, אַז דו וועסט ענדערען דיינע פּלענער און אַז אפשר וועלען מיר נאָך הייראַטען גאָר אין גיכען.

— האָב איך דיר דען אַזוי געזאָגט? — האָט זי איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך האָב עס אַזוי פאַרשטאַנען!

— ניין, דו האָסט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איך האָב עס ניט געזאָגט און געוויס ניט געמיינט.

— נו, פונדעסטוועגן וויל איך דיר זאָגן, אַז איך האָב שוין מער קיין געדולד ניט... איך האָב דיך זעהר שטאַרק ליעב און אַלע ערוואַרטען צו פייערען אונזער הייראַט.

— ניין, גראַף, איך האַלט נאָך ניט דערביי... איצט דאַרף איך טראַכ־טען וועגען מיין קאַריערע אין דער אָפּערא. איך האָב מיין גאַנצע יוגענד פאַרבראַכט אין שטודירען אין פאַרשידענע קאָנסערוואַטאָריעס און איך האָב גע׳חלומ׳ט צו ווערען א פּרימאַדאָנאַ. און איצט אַז מיין חלום האַלט ביים פאַרווירקליכט ווערען, איז ניט מעהר ווי רעכט פון דיין זייט מיר ניט צו שטעהן אין וועג. איך בין זיכער מיט א גרויסען ערפאָלג... בפרט נאָך איצט ווען מיט מיר וועט שפּילען אזא באַגאַבטער זינגער ווי פאַן סטראַשונסקי... איך בין זיכער אַז די גאַנצע מוזיקאַלישע וועלט וועט שטורמען מיט אונזער ערפאָלג...

— איך מוז דיר זאָגן, גרעפין, אַז ווען איך טראַכט פון דיר אַז דו וועסט דאַרפען שפּילען די ראָלע פון האַלקא און דער איד פאַן סטראַשונסקי וועט שפּילען די ראָלע פון יאַנטעק, דיין געליבטער, טהו איך אויפשוידערען. איך שטעל זיך פאָר אַז דו וועסט דאַרפען געקושט ווערען פון איהם... אַ, ווי אַזוי קאָנסטו עס דערלאָזען צום גערדאַנק !?

— אין אמת׳ער קונסט דאַרף מען זיך מיט קיין זאַך ניט רעכענען ! — האָט זי געזאָגט — קונסט שטעהט העכער פון אַלע עמאָציעס, פון אַלע גע־פיהלען און געוווּס פון אַלע פאָראורטיילען... דו ווייסט דאָך אַז פריהער, ווען איך האָב אויסגעפונען אַז דער פאַן מאַניושקא האָט געשלאָסען א קאָנ־טראַקט מיט א אידען צו שפּילען די ראָלע פון יאַנטעק האָב איך רעזיגנירט, ווייל איך האָב אויך אַזוי געפיהלט. איצט אָבער, נאָכדעם ווי איך האָב איהם געזעהן און געהערט זינגען, פיהל איך אַז עס וועט זיין פאַר מיר א כבוד צו שפּילען די ראָלע פון זיין געליבטע. יע, עס איז א שטאָלץ פאַר מיר און פאַר אַלע אַנדערע אָפּערא זינגער צו האָבען די געלעגענהייט צו שפּילען צוזאַמען מיט איהם... און איך האָף אַז איצט נאָכדעם ווי דו אַליין האָסט איהם געזעהן און געהערט וועסטו אויך בייטען דיין מיינונג.

— איך האָב געביטען מיין מיינונג וועגען איהם. איך האָס איהם ניט מעהר, אָבער איך וועל קיינמאָל ניט קאָנען שלום מאַכען מיט׳ן גערדאַנק, אַז דער איד זאָל דיך אריינגעהמען אין זיינע אָרעמס...

— דאָס באַווייזט מיר, גראַף פּאַסקעוויטש, אַז דו באַזיצט ניט די נשמה פון א גרויסען קינסטלער... יע, דו ביזט נאָך גאַנץ ווייט דערפון — האָט די גרעפין געזאָגט... מיר האָט לאַנג ניט געגומען און איך האָב געענדערט מיין גאַנצע באַציהונג צו דער פראַגע... איך זעה טאַקע ניט איין מיט וואָס דער יונגער אידישער זינגער שטעהט נידעריגער פון דיר. איז עס ניט ווייל דו האָסט גע׳ירשנ׳ט דעם טיטול גראַף און דיין פאָטער׳ס רייכטום ? דו אַליין וועסט מוזען צוגעבען, אַז שכל פאַרמאָגט ער מעהר פאַר דיר, און וואָס אַנבאַלאַנגט זיין טאַלאַנט וועסטו אַליין צוגעבען, אַז צו איהם איז קיין גלייַ־כען ניטאָ.

— אָבער ער איז דאָך אַ זשיד! — האָט זיך שוין דער גראַף מעהר ניט געקאָנט באַהערשען — איך קאָן דיך ניט פאַרשטעהן, גרעפין, פאַרוואָס דו זאָלסט אַרויסווייזען אַזוי פיעל באַגייסטערונג פאַר דעם זשיד... דו אַליין האָסט דאָך מיר געזאָגט, אַז דער פאַן מאַניושקאָ האָט געהאַנדעלט זעהר מיאוס ווען ער האָט זיך פאַרבונדען מיט אַ קאָנטראַקט צו אַ אידען, וועלכער זאָל שפּילען צוזאַמען מיט דיר. דו ביזט געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז דו האָסט רעזיגנירט... ביי דיר איז געווען רעכט אויפצוגעבען דיין קאַריערע אַבי ניט צו שטעהן נעבען אַ זשידעק און איצט פאַרלאַנגסטו פון מיר איך זאָל זיך אַזוי שנעל ענדערען...

— אַ מענש דאַרף זיין שטענדיג גרויס גענוג צוצוגעבען זיינע פעהלערען און טעותים — איך גיב צו, אַז איך האָב געהאַנדעלט ניט מיט אויפריכטיג־קייט, און דעריבער זוך איך צו פאַרבעסעבען מיין פעהלער... און דאָס וואָס דו ווילסט עס ניט צוגעבען באַווייזט דיין שוואַכקייט... איך אַליין וועל זיך פון איצט אָן באַמיהען צו געווינען דעם פאַן סטראַשונסקי פאַר אונזער רעליגיע.

— און דאַן, וואָס וועט זיין דאַן? — האָט דער גראַף זי אַ פרעג געטהאָן.

— איך מיין וואָס וועט זיין דאַן, נאָכדעם ווי ער וועט, לאָמיר זאָגען, ווערען אַ קריסט?

— נו, דאַן וועט ער זיין אַ קריסט... ער וועט זיין אַזאַ יחסן ווי דו און ווי די אַנדערע מיינע קריסטליכע פריינט.

— פאָלג מיך, גרעפין, לאָזט דעם זשידעק צו רוה, קיין גוטעם וועסטו פון איהם ניט קאָנען ערוואַרטען — האָט ער מיט אויפרעגונג אין זיין שטימע אויסגערופען.

— וואָס נעהמסטו זיך אַזוי צום האַרצען, גראַף פאַסקעוויטש — פאַר־וואָס ביזטו אַזוי אויפגערעגט?...

— איך פיהל זיך שטאַרק באַליידיגט פון דיינע רייד? — האָט ער גע־זאָגט.

— פאַרוואָס? וואָס האָב איך אַזוינס געזאָגט וואָס האָט דיך אַזוי שטאַרק באַליידיגט.

— דו האָסט געמאַכט אַ פאַרגלייכעניש צווישען מיר און דעם זשידעק, דו האָסט געזאָגט, אַז ער וועט זיין אַזאַ יחסן ווי איך?

— דאָס האָב איך געזאָגט, נאָכדעם ווי ער וועט ווערען אַ קריסט... איך פאַרשטעה, גראַף פאַסקעוויטש, דו ביזט שטאַרק אייפערזיכטיג!...

— איך האָב אַ רעכט צו זיין אייפערזיכטיג! זינט דער זשידעק איז געקומען צווישען אונז, האָסטו זיך איינגאַנצען געביטען... דו האָסט זיך אָפּ־געקיהלט און דו פאַנגסט אָן צו ווערען גלייכגילטיג צו מיר. דו ווילסט אפילו ניט הערען פון הייראַט...

— דו רעדסט נאַרישקייטען! — האָט די גרעפין אויסגערופען — איך האָב דאָך געזאָגט, אַז איצט קאָן איך פון אַזאַ זאַך ניט טראַכטען, ווייל איך

מוז פריהער דערגרייכען מיין ציעל... אויסער דעם האב איך דיר ביז איצט קיינמאל ניט געגעבען מיין באשטימטען ענטפער. און דו קאנסט ניט קומען צו מיר מיט אזעלכע רייד און אנצוהערענישען...

— דו ווייסט, גרעפין, ווי שטארק ליב איך האב דיך, און דו קאנסט מיר ניט באשולדיגען אויב איך בין עטוואס איפערזיכטיג... אויף איהם... בפרט נאך, ווען דו האסט אנגעהויבען צו ריידען וועגען באקעהרען איהם צום קריסטענטום.

— און דו האלטסט זיך נאך פאר א גוטען קריסט! — האט זי איהם גע'מוסר'ט — א גוטער קריסט דארף זיין צופרידען ווען ער הערט, אז א איד וויל אננעמען דעם קריסטליכען גלויבען, און דו ווערסט גאר אויפגערעגט.

— איך בין ניט אויפגערעגט צוליב דעם...

— נו, זאל זיין גענוג — האט די גרעפין זאמאיסקא זיך אויפגעשטעלט — איך גלויב, אז עס איז שוין צייט זיך צוריקקעהרען... איך בין שוין עט־וואס הונגעריג.

ער האט זיך אויפגעשטעלט און האט אפגעבונדען די פערד און געהאל־פען דער גרעפין זיך זעצען אויפ'ן פערד.

— דו מוזט מיר צוזאגען, אז דו וועסט וועגען דעם מעהר ניט ריידען מיט מיר — האט די גרעפין אויסגערופען.

זיי האבען ביידע צוריק אוועקגעריטען צו זאמאיסקא'ס פאלאץ און ער איז פון איהר אוועק א דערשלאגענער און ענטטוישטער.

## קאפיטעל 15

יואל דוד איז געווען אזוי פאר'כשופ'ט פון זיין קאלאסאלען ערפאלג, אז ער האט אפילו ניט געטראכט פון זיין פאמיליע... פון זיין חנה'לע, פון זיין קליין טעכטער'ל. ער איז איצט געווען אין א גאנץ אנדער וועלט... ער האט זיך באקענט מיט גאנץ אנדערע מענשען, פון אלע זייטען האט ער געקראגען קאמפלימענטען, אלע האבען איהם געליבט און ארויסגעוויזען אכטונג און פריינדשאפט... די פוילישע אריסטאקראטיע האט זיך צו איהם באנומען גאנץ אנדערש ווי ער האט ערווארטעט, און די גרעפין... ווען ער האט גע־טראכט פון איהר האט איהם א טיאכקע געטאן אין הארצען... זי איז דאך אזוי שעהן, אזוי געבילדעט, אזוי איידעל... ווי קאן זיך זיין חנה'לע פאר־גלייכען צו איהר... און זי ווייזט איהם שוין ארוים אזוי פיעל פריינטשאפט און צערטליכקייט. זי האט דאך געוואלט מאכען א פייערונג לכבוד איהם. ווי קליין און נישטיג איז זיין וועלטעל אין ווילנע אין פארגלייך מיט דער היגער געזעלשאפט... דארט אין ווילנע וואלט ער שוין מסתמא פארבליבען זיין גאנ־צען לעבען שטאט חזן... ווער וואלט פון איהם געהערט! ווער וואלט זיך מיט איהם פאראינטערעסירט, אויסער די קליינע הייפעלע אידען, וועלכע קהל'ן זיך... א, ווי איהם ווילט זיך ניט צוריקקעהרען קיין ווילנע, אפילו בלויז אויף די עטליכע מאנאטען... אבער וואס קאן ער טהאן. ער וועט מוזען צור־ריקפאהרען. ער וועט דאווענען אין שטאט־שוהל ימים נוראים און סוכות און

דאן... יע, דאן וועט ער אויף דאס ניי דארפען אנפאנגען צו פיהרען א קאמף מען זאל איהם לאזען פאהרען קיין ווארשע... וואס וועט ער זיי זאגען ? ער וועט דאך ניט קאנען זאגען חנה'לען און זיין שווער, אז ער האט אנגעשריבען א קאנטראקט מיט דעם פוילישען קאמפאזיטאר מאניושקא צו זינגען אין זיין אפערא. עס וואלטען זיך דארט וועלטען געקעהרט ווען זיי געפינען אויס... ער וועט דארפען עפּעס אויסטראכטען... ער וועט דארפען זיי זאגען, אז ער האט געקראגען א שטעלע אין ווארשעווער גרויסער שוהל און קריגט זעהר גרויסע שכירות. יע, בלויז דאס וואלט איהם ארויסגענומען פון זיין שוועררינקייט... אפשר זאל ער טאקע פריהער א רעד טהאן מיט די פארשטעהער פון דער ווארשעווער אידישער געמיינדע... זאל ער אמווייניגסטען קריגען אן אנבאט פון זיי... עס פארשטעהט זיך, אז פריהער אדער שפעטער וועלען זיי אויסגעפינען, אז ער וועט דעם קומענדען סעזאן שפּילען אין מאניושקא'ס אפערא... אבער עס וועט ניט שאדען, אז ער זאל מיט זיי א שמועס טהאן... מתתיהו ראזען, דער פארזיצענדער פון דאזארען האט איהם ערשט מיט א פאר טעג צוריק געזאגט, אז זיין קאנצערט האט אויפגעשטורעמט גאנץ ווארשע, און אז אלע ווארשעווער אידען זיינען מקנא די שטאט ווילנע. ער וועט איהם זאגען, אז ער וועט דעם שבת פאר זיין אפּרייזען געבען א מתנה דער שוהל א מוסף... וואס קאן דאס איהם שאדען... זאלען זיי צו איהם קומען און אנבאטען א קאנטראקט... דאס וועט איהם א סך העלפען ווען ער וועט דארפען זאגען זיין פרוי און שווער, אז ער מוז צוריקפאהרען קיין ווארשע.

און טאקע דעם זעלבען טאג ווען ער האט זיך געזעהן מיט מתתיהו ראזען, האט ער איהם געזאגט, אז ער קלייבט זיך צו פאהרען אהיים נאך שבת און ער איז וויליג מנדב צו זיין א מוסף אין דער גרויסער שוהל פאר די ווארשעווער אידען.

— דאס איז זעהר פיין פון אייך, ר' יואל דוד — האט ראזען אויסגעררופען און געדריקט די האנט. איך וועל אייך זאגען דעם אמת, אז מיר האבען אלע געטראכט פון דעם, אבער מיר האבען ניט געוואגט אייך עס פארצושלאגען, איבערהויפּט נאכדעם ווי איהר האט געהאט אזא גרויסען ערפאלג. איהר ווייסט, אז ניט נאר האבען אלע פוילישע צייטונגען געשריבען וועגען אייך, נאר עס איז ערשט היינט אנגעקומען א צייטונג פון דייטשלאנד און מען לויבט אייך דארט ביז'ן הימעל... ווי עס ווייזט אויס איז אויף אייער קאנצערט געווען א געוויסער מוזיק קריטיקער פון בערלין און ער האט אייך באשריבען. אויב איהר וועט קומען צו מיר אין הויז וועל איך אייך ציינען די צייטונג... יע, אייער בארימטקייט וועט גרייכען אלע הויפּט שטעט פון אייראפּע... איהר קאנט דאך געווים לעזען דייטש.

— זעהר ווינציג — האט יואל דוד געזאגט.

— איז דעריבער מיין עצה, אז איהר זאלט זיך אביסעל דערלערנען דייטש, ווייל ווען איהר וועט קאנען דייטש וועט זיך פאר אייך עפענען א גאנץ נייע וועלט פון מוזיק... אין פוילען איז פאראן בלויז איין מאניושקא,

אבער אין דייטשלאנד און אין עסטרייך זיינען פאראן פילע גרויסע קאמ־פאזיטארס און איהר וועט פון זיי א סך געניסען, איהר מוזט זיך לערנען דייטש.

— איך דאנק אייך זעהר, איך וועל פאלגען אייער עצה... אין אמת זאגענדיג פארשטעה איך דייטש, אבער איך האב קיינמאל ניט געלייענט קיין דייטשען בוך אדער צייטונג.

— גוט, ווען איהר וועט זיין ביי מיר וועל איך אייך געבען די דייטשע צייטונג און אויך איינינע ביכער אין דייטש און איך בין זיכער, אז ווען איהר וועט זיי האבען דורכגעלייענט וועט איהר קאנען גוט לייענען דייטש. און איצט וויל איך אייך נאך אמאל באדאנקען פאר אייער נדבה, וואס איהר ווילט שענקען די ווארשעווער אידען. איך וועל גלייך געהן און איבערגעבען מיינע פריינט און מען וועט אנקלעפען מודעות און אויסרופען אין אלע שוהלען און בתי מדרשים, אז איהר וועט דאוונען מוסף...

ראזען איז אוועק און ער האט איבערגעגעבען די גבאים פון דער גרויסער שוהל, אז דער ווילנער באלעבעסל האט צוגעזאגט צו דאוונען מוסף דעם קומענדען שבת.

עס איז געווען א גרויסע שמחה ביי אלע אידען ווען זיי האבען געהערט די נייעס, און שבת גאנץ פריה האבען גענומען שטראמען הונדערטער אידען פון אלע עקען פון שטאדט צו הערען דעם ווילנער באלעבעסל, און איידער מען האט אנגעפאנגען דאוונען, איז מען שוין געשטאנען אויף די קעפ. מען האט איינפאך זיך ניט געקאנט דורכשפארען. יואל דוד אליין האט זיך קוים דורכגעשפארט און איז ארויף אויף דער בימה וואו שייקע פייפער און די אנדערע פון זיין כאר האבען שוין אויף איהם געווארט.

מען האט זיך באלד געשטעלט דאוונען און דער עולם האט מיט גרויס אומגעדולד געווארט אויף מוסף.

מען האט געענדיגט לייענען די תורה און דאן האט יואל דוד גענומען די תורה און אויסגעזונגען "יהללו", און ווען די תורה איז שוין געווען אין ארון קודש, האט ער גענומען זינגען: "ובנוחו יאמר".

דער גאנצער עולם איז פשוט צעגאנגען געווארען פון מתיקות, און ווען ער האט אויסגעשריען אויף די העכסטע טענער "חדש ימינו כקדם", האט א הייליגער ציטער דורכגענומען אלעמענס לייבער.

פונקט ווי אין ווילנע, ווען ער האט צום ערשטען מאל געדאווענט מוסף אין שטאט־שוהל אזא אונגעהייער גרויסען רושם האט זיין דאוונען געמאכט אין ווארשע. מען האט איהם געטראגען אין דער לופטען. די אידען האבען גארניט געוואלט געהן אהיים. יעדער האט געוואלט בלויז כאפען א קוק אויף איהם... די אידען האבען מיט גרויס התלהבות און באגייסטערונג גערעדט וועגען איהם און יעדער האט אויסגעדריקט זיין מיינונג ווי גוט עס וואלט געווען ווען דער ווילנער באלעבעסל וואלט פארבליבען ביי זיי אין ווארשע... מען האט וועגען דעם גערעדט אין די שוהלען צו מנחה, אין די הייזער און אין גאס. און טאקע יענעם שבת־צו־נאכט האט יואל דוד געקראגען צוויי בא־

זוכער — דער גבאי פון דער גרויסער שוהל און מתתיהו ראזען. זיי האבען איהם געפרעגט, אויב ער וואלט נעמען אין אנבעטראכט זייער פלאן אז ער זאל פארבלייבען אין ווארשע.

— וועגען שכירות וועט קיין רייד ניט זיין! — האט דער גבאי געזאגט. — איהר אליין וועט באשטימען אייערע שכירות.

— איך קאן אייך איצט גארניט זאגען! — האט יואל דוד זיך אנ־גערופען — איך מוז זיך איצט צוריקקעהרען קיין ווילנע און ביז נאך סוכות איז דאך קיין רייד ניט. יעדענפאלס, אויב איהר וועט האלטען דערביי, וועט איהר מיר שיקען א בריעף מיט אלע פרטים און דאן וועל איך זעהן... צוזאגען קען איך אייך ניט!

יואל דוד איז געוועזען שטארק צופרידען פון דעם אנבאט. איצט וועט ער ניט באגעגענען צו גרויסע שוועריגקייטען... ער וועט זאגען, אז ער וויל אנ־נעמען די שטעלע אין ווארשע. און ביז וואנען זיין שווער וועט זיך דערוויי־סען, וועט ער שוין דאן זינגען אין דער אפערא.

---

די גרעפין האט לאנג געטראכט פון איהר פלאן צו ווירקען אויף דעם יונגען אידישען זינגער, ער זאל זיך שמד'ען. זי איז געוועזען ביי זיך זיכער, אז עס וועט לאנג ניט דויערען און ער אליין וועט איינזעהן, אז זי איז גע־רעכט... אויב ער וועט ווערען א קריסט, וועט ער דאן קאנען דערגרייכען דעם העכסטען שטאפעל פון ערפאלג... איהם וועט ניט פעלען קיין כבוד און רייכטום... און, פארשטעהט זיך, אז דאן וועט זי איהם גאנץ אפען זאגען וועגען איהר שטארקער ליבע פאר איהם... זי האט אבער געוואוסט, אז זי דארף זיין זעהר פארזיכטיג. ער איז צו־שטאלץ מיט זיין אידישקייט און דערצו איז ער איינגעשפארט... פריהער וועט זי זיך דורכריידען וועגען איהר פלאן מיט מאניושקא'ן. זי וועט הערען וואס ער האט צו זאגען... און דאן וועט זי שוין אנווענדען איהרע אייגענע וואפען...

זי איז יענעם שבת, ווען יואל דוד האט געדאווענט מוסף אין דער גרוי־סער שוהל, אוועק צו מאניושקא'ן.

א היבשע ווייל'ע האט זי מיט איהם גערעדט וועגען יואל דוד'ן און וועגען זיין אויסערגעוועהנליכער שטימע, וועגען דער אפערא.

— איך גלויב, אז מיט זיין באטייליגען זיך אין דער אפערא וועט איהר האבען דעם גרעסטען ערפאלג — האט די גרעפין זאמאיסקא געזאגט — אמת, עס וועלען זיך געפינען אזעלכע, וועלכע וועלען זיך ניט קאנען צוגע־וואוינען צום געדאנק, אז דער, וועלכער שפילט די הויפט־ראלע איז א איד... נאר פונדעסטוועגען... יא, איך האב מיט אייך' געוואלט רעדען וועגען דעם... איך האב געטראכט, אז ווען אונז געלינגט איהם איבערצורעדען ער זאל זיך טויפען... דאן וואלט ער געהאט דעם גרעסטען ערפאלג!

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף מאניושקא'ס ליפען.

— מיט דער צייט וועלען מיר אפשר דאס אויך דערגרייכען. אבער מיר וועלען דארפען האבען געדולד... איך האב געהאט גענוג שוועריגקייטען מיט

איהם ביז וואנעז מיר איז געלונגעז איהם איבערצורעדעז אז ער זאָל אונטער־שרייבעז מיט מיר א קאָנטראַקט צו זינגעז איז מייז אָפּערא... איך האָב איהם געמוזט צוזאָגעז, אז דאָס זינגעז איז דער אָפּערא וועט איהם ניט שטערעז צו טהאָז זיינע רעליגיעזע פליכטעז... האָט איהר באמערקט איז זייז קאָנ־טראַקט, אז פרייטאָג־צו־נאכט איז ער פריי?...

— פרייטאָג צו נאכט! — האָט ד גרעפיז אויסגערופעז — דאָס איז דאָך איינע פוז די וויכטיגסטע אָוועגטעז פוז דער וואָך! ווי אַזוי האָט איהר גאָר איהם געקענט נאָכגעבעז אזא זאך?

— אָהז דעם דאָזיגעז באדינג וואָלט ער קייז מאָל ניט איינגעגאנגעז. איך ביז געווען צופרידעז איהם עס נאָכצוגעבעז, אבי ער זאָל זיך אונטער־שרייבעז... אפשר מיט דער צייט און מיט אייער הילף, גרעפיז, וועט ער זיך ענדערעז... דעריבער איז מייז עצה, אז איהר זאָלט מיט איהם איצט גאָרניט רעדעז וועגעז דעם, אפילו ניט געבעז אָנצוהערעז...

— איך ביז זיך מודה פאר אייך, פּאַז מאַניושקא, אז דער יונגער אידי־שער זינגער האָט געמאכט אויף מיר אַז אומגעהייער שטארקעז איינדרוק. ניט נאָר מיט זייז זינגעז, נאָר אויך מיט זייז פּערזענליכקייט... ער פארמאָגט אזוינע אויגעז וואָס פאר׳כשופ׳ן און וואָס פאנגעז דאָס הארץ פוז יענעם וואָס קוקט אריין איז זיי... אַז אײדעלקייט איז אויסגעגאָסעז אויף זייז פּנים און אפילו זייז רונדע שווארצע בערדעל גיט איהם א באזונדערעז חן... איך גלויב, אז ווען ער וואָלט געווען א קריסט, וואָלט ער געווען איינער פוז די באריהמטסטע מענשעז איז דער וועלט... און איך האָב באשלאָסעז צו טהאָן אלץ וואָס איך קאָז, איהם צו באוועגעז צו ווערעז א קריסט.

— איז איניגע טעג ארום וועט דער פּאַז סטראַשונסקי אָפּרייזעז פוז דאנעז קייז ווילנע און ער וועט פארבלייבעז דאָרטעז ביז דעם מאָנאט אָק־טאָבער... אָבער אויב איהר וועט מאכעז דעם מינדעסטעז פארזוך צו ריידעז מיט איהם וועגעז רעליגיע, ביז איך זיכער, אז ער וועט זיך קיינמאָל ניט אומקעהרעז צוריק קייז ווארשע... ווען ער וועט שויז זייז דאָ און שפּילעז איניגע מאָנאטעז, און איהר וועט זייז שטארקער באפריינדעט מיט איהם, דאַז וועט איהר בעסער קענעז אויסאיבעז אייער איינפלוס אויף איהם.

— איך בעט אייך, זעהט ווירקט אויף איהם ער זאָל צו מיר קומעז איידער ער רייזט אָפּ פוז ווארשע — האָט די גרעפיז אויסגערופעז — איך וואָלט זיך מיט איהם געוואָלט זעהן און הערעז נאָך אמאָל זייז שטימע.

— אלץ וואָס איך קעז טהאָז איז איהם זאָגעז איז אייער נאָמעז, אז איהר לאַדעט איהם איין צו קומעז א טאָג פאר זייז אָפּפאָהרעז. איך קאָז אייך אָבער ניט פארזיכערעז אז ער וועט קומעז.

יואל דוד איז טאקע ניט געקומעז. מאַניושקא האָט איהם איבערגעגעבעז די רייד פוז דער גרעפיז און ער האָט איהם געבעטעז ער זאָל זיך ענטשול־דיגעז פאר איהם צו איהר, ווייל ער איז שטארק פארנומעז מיט זיינע הכנות צו דער רייזע צוריק.

יואל דוד האָט געוואָלט אז שייקע פייפער, דער אָנפיהרער פוז זייז כאָר,

זאל אויך וויסען פון דעם אנבאט וואס די ווארשעווער קהלה מאכט איהם און דעריבער האט ער איהם דעם לעצטען טאג פאר זייער אפפאהרען איינ־געלאדען צו זיך אין האטעל, וואו די גבאים און די דאזארען זיינען געקומען זיך געזעגענען מיט איהם, און דארט האט שייקע פייפער געהערט ווי זיי בעטען זיך ביי איהם, ער זאל זיך צוריקקעהרען קיין ווארשע און ווערען זייער חזן... ער האט אויך געהערט, אז זיי באטען איהם אן גאר גרויסע שכירות... אבער יואל דוד ענטפערט זיי, אז ער וועט זיך מיישב זיין.

שייקע פייפער האט מיט איהם איינגע'טענה'ט דעם גאנצען וועג, ווען זיי זיינען געפאהרען צוריק קיין ווילנע, אז ער דארף אננעמען די שטעלע וואס גיט איהם אזא גרויסע שכירות. אבער יואל דוד האט איהם געזאגט:

— דו דארפסט ניט זיין אזוי נייגעריג אז איך זאל פארבלייבען אין ווארשע, ווייל אויב איך זאל אננעמען די שטעלע אין ווארשע וועל איך דאר־פען דיך און די אנדערע פון מיין כאר אפזאגען, ווייל זיי גיבען מיר אין ווארשע א פארטיגען כאר.

ווען שייקע פייפער האט דאס געהערט, האט ער שוין מעהר ניט גע־רעדט מיט איהם וועגען דעם.

## קאפיטעל 16

די צעהן וואכען וואס יואל דוד איז אין דער היים ניט געווען, האבען זיך שטארק געלאזט פיהלען אין ר' מרדכי'ס הויז. חנה'לע האט אזוי שטארק געבענקט נאך איהר מאן, אז זי האט ניט אויפגעהערט צו ריידען וועגען איהם. יעדעס מאל וואס זי פלעגט זיך דערמאנען, אז איהר טייערער יואל דוד איז אין דער פרעמד, פלעגט זי זיך פאנאנדערוויינען.

— גאט ווייסט, מאמע — פלעגט זי כליפענדיג זיך אנרופען צו ריינקע'ן — ער מוז דארט זיין עלענד ווי א שטיין. ווער וועט איהם צוזעהן, ער זאל עסען אין צייט, ער זאל זיך חלילה ניט צוקיהלען... א, פארוואס האב איך איהם געלאזען פאהרען!...

— איצט רעדסטו, טאכטער! — האט ריינקע איהר געזאגט — גע־דענקסטו וואס איך און דיין טאטע האבען דיר געזאגט? ווען דו וואלסט באשטאנען אז ער זאל ניט פאהרען, וואלט ער געבליבען דא. א פרוי דארף וויסען ווי אויסצואיבען איהר מאכט אויף איהר מאן...

— וואס האב איך געקאנט טהאן, מאמע? האב איך דען געקאנט זיך שטעלען דאגעגען? ער האט געזאגט אז ער פאהרט און ווען איך וואלט איהם געזאגט ניין, וואלט ער מיר געווים ניט געפאלגט.

— עס איז ניטא אזא זאך ווי ניט פאלגען א פרוי — האט ריינקע געזאגט — דו פאלגסט אלעס וואס ער זאגט דיר און דעריבער דארף ער פאלגען דיר... בפרט ווען דו ביזט אויסען זיין אייגענע טובה.

— דו קאנסט ניט יואל דוד'ן, מאמע. איך קאן איהם בעסער. ווען איך וואלט געמאכט דעם מינדעסטען פארזוך איהם צו שטערען, וואלט ארויס־געקומען א קריג צווישען אונז.

— טא וואס מיינסטו וואלט געווען? אין לעבען פון יעדע מאן און וויב קומען פאר קריגערייען. דאן בעט מען זיך איבער און דער מאן טהוט וואס די פרוי פארלאנגט... בפרט נאך ווען דו האסט א קליין קינד. ווען דו וואלסט איהם גאנץ אפען געזאגט, אז דו ווילסט ניט ער זאל פאהרען קיין ווארשע, וואלט ער ניט געפאהרען.

— אבער זאג אליין: ווי אזוי האב איך עס געקענט טהאן, ווען איך האב געוואוסט אז מיט זיין קאנצערט אין ווארשע וועט ער העלפען אזוי פיל אומגליקליכע אידען...

— און אויב ניט ער וואלט מען דען ניט געפונען אנדערע מיטלען צו העלפען די נשרפים? ניין, חנה'לע, דאס איז ניט געווען די איינציגע אורזאכע וואס איהם האט געצווינגען צו פאהרען קיין ווארשע. ער האט גע־וואלט זיין אין א גרויסע שטאט און זעהן וואס טהוט זיך דארט... און ווען דו וואלסט געוואלט, האסטו עס געקאנט פארמיידען.

אויך ר' מרדכי, איהר טאטע, האט איהר אויך גאנץ אפט אויסגע־מוסר'ט פאר וואס זי האט נאכגעגעבען איהר מאן.

— איך וויים, אז יואל דוד האט דיך שטארק ליעב און ער וואלט קיין זאך ניט געטהאן געגען דיין ווילען. מילא וואס איז געווען איז פארפאלען, אבער אין דער צוקונפט וועסטו דארפען איהם ווייזען אז דו האסט אויך עפעס א דעה...

— אז גאט וועט מיר לאזען לעבען וועל איך שוין יעהן אז ער זאל מעהר קיינמאל ניט פארלאזען ווילנע — האט חנה'לע געזאגט.

טאמער איז דאס מוסר זאגען און די טענות פון איהרע עלטערן געווען ווינציג פאר חנה'לען, האט זי אויך אריינגעכאפט א פארציע פון יאכע'ן, יואל דוד'ס מומע, וועלכע פלעגט ארויפקומען כמעט יעדען טאג זיך שפילען מיט דבורה'לען, יואל דוד'ס צווייטע טעכטער'ל, און פלעגט דערווייל עפענען א "מענה לשון":

— חנה'לע, וואס זאל איך דיר זאגען, עס פעהלט דיר שכל! מיין שלום, עליו השלום, אז ער פלעגט אמאל ניט קומען נעכטיגען אין הויז, און פאר־וואס מיינסטו פלעגט ער ניט קומען נעכטיגען, ווייל איך פלעג איהם ארויס־טרייבען פון הויז, פונדעסטוועגען פלעג איך ניט קענען איינזיצען אין הויז ווען איך פלעג זעהן אז עס איז שוין שפעט און ער איז נאך ניטא. און דו נעהמסט און שיקסט אוועק דיין מאן אזוי ווייט, הינטער די הרי חושך... גלאט אזוי, ווייל איהם ווילט זיך אזוי...

— נו, וואס האב איך געקאנט טהאן? — פארענטפערט זיך חנה'לע.

— דו ביזט שוין פארהייראט צו איהם איבער עלף יאהר און דו ווייסט נאך אלץ ניט וואס צו טהאן... אי, חנה'לע, חנה'לע, א פרוי קען ברענגען אז אומגליק אויף איהר מאן און זי קען אויך פארהיטען איהם פון אן אומגליק... אט נעם אונזער מוטער חוה, א ליכטיגען גן־עדן זאל זי האבען... זי האט געזעהן אז זי איז דורכגעפאלען און זיך געלאזט איבעררייידען פון דער שלאנג און געגעסען דעם עפעל, האט זי שוין געווירקט אז איהר מאן זאל אויך טהאן

דאָס זעלבע... אַ פּרוי איז אפשר שוואַכער פון אַ מאַן, דעריבער האָט גאָט איהר געגעבען מעהר כח אין איהר מויל...

* * *

קיינער האָט ניט געוואוסט ווען יואל דוד וועט קומען. ער אַליין פאַר זיין אַפּפאָהרען האָט געזאָגט, אַז מעהר ווי פינף צו זעקס וואָכען וועט ער זיך ניט זאמען, און איצט זיינען שוין אריבער אכט וואָכען. חנה׳לע איז געוואָרען נאָך מעהר באַזאָרגט. זי פלעגט ליגען גאַנצע נעכט אין בעט און וויינען... זי האָט איבערגעטראַכט דאָס ערגסטע... אויף איהרע געדאַנקען פלעגען קומען די טרויעריגסטע מחשבות. אַט פלעגט זיך איהר דוכטען, אַז איהר יואל דוד ליגט קראַנק און קיינער איז נעבען איהם ניטאָ... ער ליידט שרעקליכע יסורים און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל זיינע יסורים לינדערען... אַט דוכט זיך איהר, אַז מען איז איהם באַפאַלען אויפ׳ן וועג און איהם גע׳הרג׳עט... די גאַנצע צייט זינט ער איז אוועקגעפאָהרען האָט זי פון איהם דערהאַלטען בלויז איין בריף און דאָס איז געווען אַזוי שנעל ווי ער איז אָנגעקומען קיין ווארשע. מעהר האָט זי פון איהם ניט געהערט... ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט ר׳ מרדכי, איהר טאַטע, געזאָגט, אַז ער האָט זיך געטראָפען מיט אַ יונגען העברעאישען לעהרער, און יענער האָט איהם געזאָגט, אַז ער האָט געלייענט אין דער דייטשער צייטונג וועגען דעם קאָנצערט וואָס יואל דוד סטראַשונסקי האָט אָפּגעגעבען אין ווארשע, וואו מען לויבט איהם ביז׳ן הימעל.

ר׳ מרדכי איז גלייך געלאָפען אהיים אָנזאָגען וועגען דעם חנה׳לען און ריינקע׳ן.

— ווער איז ער, אַט דער יונגערמאַן? — האָט חנה׳לע געפרעגט — פאַרוואָס האָסטו איהם ניט איינגעלאַדען צו אונז? ער וואָלט פאַר אונז פאַרגעלייענט וואָס עס שטעהט געשריבען אין דער דייטשער צייטונג.

— איך האָב איהם געטראָפען אין גאָנ׳ס קלויז — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט — זיין נאָמען איז יהודה ליב גאָרדאָן. מען האָט מיר געזאָגט אַז ער שרייבט לידער אין העברעאיש.

— וואו איז דיין שכל, מרדכי! — האָט ריינקע איהם פאַרגעוואָרפען. דו זעהסט דאָך ווי חנה׳לע געהט ארום אָהן אַ קאָפּ... זי קלערט איבער גאָט ווייסט וואָס, און דו הערסט אַ גרוס פון יואל דוד׳ן, האָסטו אפילו קיין שכל ניט איינצולאַדען דעם יונגען מאַן מיט זיין דייטשער צייטונג...

— וואָס הייסט איהם איינלאַדען, נו, און אַז ער וויל ניט קומען. אָדער ער האָט קיין צייט ניט צו קומען...

— דאָס איז קיין תירוץ ניט! מען זעהט שוין, אַז ער זאָל קומען. אַז ניט האָסטו געקאָנט בעטען ליהען ביי איהם די צייטונג. מיר וואָלטען שוין געפונען אימיצען וועלכער קאָן לייענען דייטש.

— ער האָט דאָך מיר געזאָגט וואָס עס שטעהט געשריבען אין צייטונג — האָט ר׳ מרדכי זיך אָנגערופען — דאָרט ווערט באַשריבען וועגען קאָנצערט וואָס ער האָט אין ווארשע געגעבען און ער ווערט שטאַרק געריהמט

פאר זיין זינגען... וואס מיינסטו מען וועט דארט שרייבען ווי ער פיהלט זיך אין געזונט... צי ג"ר עסט דריי מאל א טאג?... גאט צו דאנקען, אבי מיר ווייסען, אז ער האט זיין פליכט געטהאן, אז ער האט דארט געזונגען... און געוויס איז ער געזונט, ווען ער וואלט חלילה ניט געווען געזונט, וואלט ער דאך ניט געקענט זינגען...

— מיין יואל דוד'ל — האט חנה געווישט איהרע אויגען — א געזונט איהם אין די ביינער... וואס זאגסטו אויף דעם, מאמע, אפילו אין בערלין שרייבט מען וועגען זיין גרויסקייט, וועגען זיין וואונדערבארען זינגען...

— אפשר האסטו א באגריף ווען דער קאנצערט איז פארגעקומען — האט ריינקע געפרעגט.

— עס איז פארגעקומען אין חודש תמוז.

— אין חודש תמוז, אבער וועלכען טאג אין חודש תמוז?

— שבעה עשר בתמוז (זיבעצעהן טעג אין תמוז) פאנגען זיך דאך אן די דריי וואכען. נו, אין די דריי וואכען וועט ער דאך ניט זינגען, האט ער מן הסתם געזונגען די ערשטע פאר וואכען פון חודש.

— איך בין געווען זיכער, אז ער וועט קומען אויף שבת נחמו — האט חנה'לע געזאגט, און איצט איז שוין נאכדעם און ער איז נאך אלץ ניטא.

— וואס טוט ער דארט איןווארשע אזוי לאנג? — האט ריינקע געזאגט.

— איך מוז דיר זאגען, מאמע, אז מיין הארץ שרעקט מיך...

— פארוואס זאל דיר דיין הארץ שרעקען. ער איז דאך ניט קיין אינגעלע. ער ווייס ווי אכטונג צו געבען אויף זיך — טרייסט איהר די מאמע.

— ניט דאס, מאמע, איך וועל דיר זאגען דעם אמת, אז איך האב מורא ער זאל ניט פארבלייבען אין ווארשע... ווייל זינט דעם סכסוך וואס ער האט געהאט מיט די בעלי בתים פון שוהל, האט ער גאנץ אפט גערעדט מיט מיר וועגען ווארשע, אז ער וואלט דארט געקראגען א סך מעהר געלט... און ער האט מיר אפילו ניט איינמאל געגעבען אנצוהערעניש, אז אין ווארשע וואלט מען איהם בעסער אפגעשאצט ווי אין ווילנע... יע, איהם האט געצויגען קיין ווארשע... און עס קאן דאך זיין, אז ווען מען האט איהם דארט געהערט זינגען, האבען זיי באשלאסען איהם אנצושטעלען אין ווארשע און געבען איהם גרויסע שכירות.

— אבער דערוויילן איז ער דאך געבונדען צו ווילנע ביז נאך סוכות... ער וועט מוזען קומען צוריק און דאוונען ימים נוראים אין שטאט שוהל.

— שא, מיר דאכט זיך, אז אין גאס איז עפעס א טומעל — האט ריינקע אויסגערופען און איז צוגעגאנגען צום פענסטער.

— חנה'לע, מרדכי, קומט נאר אהער... איהר זעהט א פוהר קומט אן. מענשען לויפען... מיין הארץ זאגט מיר, אז עס מוז זיין יואל דוד. יע, זאל איך אזוי געזונט זיין! עס איז יואל דוד מיט זיין כאר... שנעלער, חנה'לע.

— א, מאמע! מאמע! — האט חנה'לע אויסגערופען און צוגעלאפען

צום פענסטער — יע, דאָס איז ער, דאָס איז מיין ליבער, טייערער מאַן, מיין יואל דוד! איך לויף אַרונטער!

חנה׳לע האָט געכאַפּט אַ טיכעל און איינגעהילט איהר קאָפּ און איז שנעל אַרויסגעלאָפען פון הויז...

דער סטרוזש האָט נאָר־וואָס פאַנאַנדערגעעפענט דעם טויער... דער בעל עגלה האָט אַ שמיץ געטהאָן די פערד, און די פוהר האָט זיך אַריינגעלאָזען אין הויף.

— יואל דוד, מיין ליבער, מיין טייערער! — איז חנה׳לע צוגעפאַלען צו דער פוהר ווען די פערד האָבען זיך אָפּגעשטעלט.

חנה׳לע! — איז יואל דוד אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגען און זי אַרומ־גענומען און באַדעקט מיט קושען.

— וואָס מאַכסטו! מיין מאַן, מיין ליבער! — האָט חנה׳לע זיך איינגעקלאַמערט אין איהם — ווי פיהלסטו זיך?

— גאָט צו דאַנקען. און וואָס מאַכסטו, וואָס מאַכט אונזער טעכטערל.

— אונזער טעכטערל, אַהן עין הרע, דו וועסט איהר גאַרניט דערקענען... זי שטעלט זיך שוין אויף און זי זאָגט שוין אַרוים מאַמע, אוי אַ געזונט אין איהרע גלידערלאַך... וואָס פאַר אַ טייער קינד. קלוג איז זי ווי די ליכטיגע זון... איך רוף איהר דבורה׳לע. לאַכט זי... און דעם זיידען האָט זי שוין באַלד אויסגעפּליקט אַ האַלבע באָרד... אוי איז דאָס אַ שטיפערקע. זי רוהט קיין מינוט... אַ, מיין טייערער יואל דוד, גאָט צו דאַנקען, אַז איך האָב זוכה געווען דיר צו זעהן געזונטערהייט.

— מען וועט דאַרפען עפּעס צוגרייטען עסען פאַר די משוררים. מיר זיינען אַלע פאַרשמאַכט.

— אוי וועה איז מיר, דו האָסט נאָך מסתמא אין מויל ניט געהאַט... אָט לויף איך זאָגען דער מאַמען און זי וועט דערווייל עפּעס צוגרייטען צו־צובייסען.

— קומט אַרויף צו מיר אין הויז, איהר וועט עפּעס איבערבייסען — האָט יואל דוד געזאָגט צו שייקע פייפער און די איבעריגע.

יואל דוד האָט גענומען איינע פון זיינע טשעמאָדאַנטשיקעס און ער איז אַרויף מיט חנה׳לען אין הויז.

דער שווער און די שוויגער האָבען איהם געקושט און געהאַלזט.

— געלויבט איז השם יתברך, אַז מען זעהט זיך געזונטערהייט! — האָט ר׳ מרדכי סטראַשון געזאָגט — איך האָב געהערט אַז דו האָסט אין וואַרשע געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג.

— געהערט? — פון וועמען האָט איהר דאָס געהערט? — איז יואל דוד געוואָרען נייגעריג.

— איך האָב שוין געהערט... איך וועל דיר שוין דערצעהלען.

— איך וועל אַריינגעהן זעהן דבורה׳לען! — האָט זיך יואל דוד אָנגע־רופען — וועק זי ניט אויף, אַקאָרשט — האָט חנה׳לע געזאָגט — איך האָב זי קוים פאַרוויגט.

פארזיכטיג האט יואל דוד געעפענט די טיר און איז אריין אין זייער שלאף־צימער אויף די שפיץ פינגער. ער איז צוגעגאנגען צום וויגעלע און ער האט געקוקט אויף זיין טעכטערל, וועלכע איז געשלאפען אזוי רוהיג...

— מיין ליב קינד! — האט יואל דוד אויסגערופען און טרעהרען האבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען — ווי שטארק איך האב נאך דיר געבענקט, מיין טרייסט!

— און אויך זי האט נאך דיר געבענקט! — האט חנה׳לע אין דער שטיל א זאג געטאן — זי פארשטעהט שוין אלץ... זי איז דאך אזוי קלוג...

דבורה׳לע האט זיך א ריהר געטאן און חנה׳לע האט א ציה געטהאן איהר מאן ביים ארבעל.

— קום, מיר וועלען זי אויפוועקען אויב מיר וועלען דא פארבלייבען נאך א ווילע.

זיי זיינען ארויס פון צימער, אין סטאלאווע זיינען שוין געווען די משוררים. שייקע פייפער איז געשטאנען אין מיטען צימער מיט צוויי טשעמאדאנטשיקעס אין זיינע הענט.

— זעצט זיך! — האט ריינקע זיך געווענדעט צו איהם און צו די אנדערע. באלד וועט איהר קריגען צובייסען. איהר מוזט שוין זיין גוט הונגעריג!

זיי האבען זיך געזעצט ארום טיש. ריינקע האט אריינגערופען די דינסט און זי האט געהייסען צושניידען דעם לאבען ברויט און צערעכט מאכען עטלעכע הערינג מיט ציבעלע.

— איהר קאנט זיך געהן וואשען צום עסען: — האט ריינקע געזאגט צו די משוררים.

— יואל דוד, געה זיך וואשען און דו וועסט עפעס צובייסען — האט חנה׳לע געזאגט.

— ניין! איך בין נאך ניט הונגעריג! — האט יואל דוד געזאגט און ער האט אויפגעהויבען איינע פון זיינע טשעמאדאנטשיקעס — קום אריין, חנה׳לע וועל איך דיר עפעס געבען.

חנה׳לע איז מיט איהם אריין אין א צווייטען צימער און יואל דוד האט אויפגעעפענט דעם טשעמאדאנטשיק און פון דארט ארויסגענומען א פלורשענע ראטאנדע באצירט מיט באגילטע טאשמעס.

— אט האב איך דיר געבראכט א מתנה, דו זאלסט עס טראגען געזונטערהייט!

— א דאנק דיר! מיין טייערער — האט איהם חנה א קוש געטהאן
— ווי שעהן דאס איז.

זי האט עס שנעל ארויפגעטאן אויף זיך און צוגעגאנגען צום שפיגעל...

— נו, ווי געפעל איך דיר... וואס זאגסטו, עס קליידט מיר?

— דו קוקסט אוים אזוי שעהן ווי אסתר המלכה! — האט יואל דוד אויסגערופען — און איצט גיב א קוק וואס נאך איך האב דיר געבראכט. האט ער ארויסגענומען פון א שאכטעלע א שנירעל מיט קאלירטע פאטשערקעס.

— אַ, יואל דוד! דו האָסט ניט באַדאַרפט אויסגעבען אויף מיר אַזוי פיעל געלט. — האָט זי פון איהם גענומען די פּאַטשערקעס... ווי שעהן... זי האָט זיי גלייך אַנגעטאָן אויף איהר האַלז... איך מוז עס צייגען דער מאַמען! יע, האָסטו געבראַכט עפּעס פאַר דער מאַמען?

— המ... ניין, יע, איך האָב איהר געבראַכט אַ סדור געבונדען אין עלפאַנט ביין...

— מאַמע! קום נאָר אַהער! — האָט חנה'לע אויסגערופען.

ריינקע איז אַריין אין צימער און דערזעהענדיג איהר טאָכטער אין דער פּלושענער ראָטאָנדע מיט די שעהנע קאָלירטע פּאַטשערקעס, האָט זי מיט באַגייסטערונג אויסגערופען:

— אוי, וואָס פאַר אַ טייערע מתנה דיין מאַן האָט דיר געבראַכט. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז ער וועט דיר ברענגען אַ מתנה! עפּעס אַ קליינינ־קייט! אַזאַ יאָהר אויף מיר ווי שעהן עס קליידט דיר... דו שיינסט דאָך ווי אַ מלכה.

— יואל דוד האָט טאַקע מיר נאָר וואָס געזאָגט, אַז איך קוק אויס ווי אסתר המלכה! — האָט חנה'לע געלאַכט — אָבער איך וויים ניט פאַר־וואָס ער האָט אויסגעגעבען אַזוי פיעל געלט פאַר מיר!

— טראָג עס געזונטערהייט! — האָט יואל דוד זיך אַנגערופען — איך האָב אויך אונזער טאָכטערל געבראַכט אַ מתנה, אָט איז עס!

יואל דוד האָט אַרויסגענומען אַ גרויסע ליאַלקע פון טשעמאָדאַנטשיק און חנה'לע האָט זי פון איהם גענומען און באַטראַכט.

— אוי, זאָלסטו געזונט זיין. די ליאַלקע איז דאָך באַלד גרעסער פאַר אונזער טאָכטער!

— נו, וועט זי זיך שפּילען מיט איהר ווען זי וועט אונטערוואַקסען — האָט יואל דוד געזאָגט.

— מאַמע, אויך פאַר דיר האָט יואל דוד עפּעס געבראַכט פון וואַרשע! פאַר מיר — האָט זיך ריינקע גערויטעלט — וואָס דאַרף איך?

— איך האָב פאַר אייך געבראַכט אַ שעהנעם סדור, געבונדען אין אַ בונד פון עלפאַנט ביין — האָט יואל דוד געזאָגט און אַרויסגענומען דעם סידור.

— אַ דאַנק דיר, יואל דוד, עס איז דאָך גאָר אַן אַנטיק... דו האָסט געמוזט פאַר דעם באַצאָהלען אַ מטמון מיט געלט.

—דאַווענט אין איהם געזונטערהייט! — האָט יואל דוד זיך אַנגע־רופען — עס איז אַ כל בו סדור, אַלץ איז דאָרט פאַראַן. און די אותיות זיינען ליכטיג און גרויסע.

— זאָל גאָט געבען, אַז מיר זאָלען דערלעבען צו ברענגען אייער טאָכ־טערל דבורה'לען חתונה מתנות — האָט ריינקע געזאָגט.

— נו, איצט געה עפּעס צובייסען. מיר וועלען האָבען גענוג צייט צו ריידען! — האָט חנה'לע געזאָגט.

יואל דוד האָט זיך געוואַשען און זיך געזעצט ביים טיש צוזאַמען מיט זיינע משוררים, וועלכע האָבען געשלונגען די ברויט מיט הערינג און ציבעלע.

ר' מרדכי האָט אריינגעבראכט א פלאש בראנפען און ריינקע האָט גע־שטעלט צובייסעז און מען האָט געטרונקען "לחיים".

חנה'לע איז ארומגעלאָפען הין און צוריק. זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. איהרע באקען האָבען געפלאמט, איהרע אויגען האָבען געשטראַלט פון שמחה און גליק... זי האָט שוין געוואוּרט מיט גרויס אומגעדולד אז די משוררים זאָלען אוועקגעהן און זי וועט קאָנען בלייבען מיט איהם אליין, און הערען פון איהם אלעס וואָס מיט איהם האָט פאַסירט.

— נו, טאַכטער מיינע — האָט די מאמע אָן א זייט צו איהר א זאָג געטהאָן — א דאנק דיר, א לויב דיר, גאָט, ער קוקט אהן עין הרע ניט אויס אזוי שלעכט ווי מיר האָבען זיך פאַרגעשטעלט.

— יע, מאמע, מיר דוכט זיך אז ער איז עטוואָס דאַרער געוואָרען ! — האָט חנה'לע געזאָגט און נאָך אמאָל פון א זייט געוואָרפען א בליק אויף איהר מאַן, וועלכער איז געזעסען נעבען ר' מרדכי'ן און עפּעס געגעסען.

— נו, וועסטו איהם צוזעהן אביסעל און ער וועט צוריק געווינען זיין פאַרלאָרענע געוויכט — האָט ריינקע א שמייכעל געטאָן — דו וועסט איהם מאכען פעטע קוגעלעך און לאַטקעס וואָס ער האָט ליב...

אין א ווייל ארום, נאָכדעם ווי די משוררים האָבען אָפּגעגעסען און אָפּגעבענשט, האָט יעדער פון זיי געגומען זיין פעקעל, באדאנקט ריינקע'ן און חנה'לען פאַר'ן עסען און זיי זיינען אוועק.

חנה'לע איז באַלד צוגעקומען צו איהר מאַן און זי האָט איהם ארומ־גענומען און א קוש געטאָן.

— איצט, מיין ליבער, דערצעהל אונז אלעס וואָס מיט דיר האָט פּאַ־סירט ! — האָט זי א גליקליכע אויסגערופען.

— וואָס זאָל האָבען פּאַסירט ! — זאָגט יואל דוד — מען האָט אונז גאָר פיין אויפגענומען. די שעהנסטע און בכבוד'יגסטע בעלי בתים פון ווארשע זיינען מיר אנטקעגען געקומען... איך ווייס ניט פון וואנען זיי האָבען פון מיר געהערט, אָבער מיר דוכט זיך אז אלע האָבען מיר שוין געקאָנט... זיי זיינען געוועזען זעהר דאנקבאַר.

— עפּעס א קליינינקייט ! — האָט ר' מרדכי אויסגערופען — די אידען פון פאַרשידענע שטעדט וועלכע קומען קיין ווילנע לעקען דאָך די פינגער פון דיר.

— וואָס מיר האָט איבערראַשט איז דאָס וואָס אפילו די גוים האָבען זיך פאַראינטערעסירט אין מיר — האָט יואל דוד מיט שטאָלץ זיך אָפּגע־רופען — און ווען ניט די גויים וואָלט דער פינאנציעלער ערפאָלג פון קאָנ־צערט ניט געוועזען אזוי גרויס... דריי פערטעל פון זאַל איז אָנגעפילט גע־וואָרען מיט די רייכסטע פוילישע אריסטאָקראַטען... אפילו דער גובערנאַטאָר פון ווארשע איז מיר געקומען הערען.

— דער גובערנאַטאָר ! — האָט חנה'לע מיט באַגייסטערונג אויסגערו־

פען — דו הערסט, מאַמע! דער וואַרשעווער גובערנאַטאָר איז איהם געקו־
מען הערען זינגען!

— איך הער, טאַכטערשע, איך הער! נו, איז עס דען אַ וואונדער...
און דער קייסער אַליין מיינסטו וואָלט ניט געקומען הערען, ווען ער זאָל
נאָר וויסען... און לאָמיר דיר זאָגען, יואל דוד — האָט ריינקע זיך צו איהם
געווענדעט — גאַנץ ווילנע האָט נאָך דיר געבענקט, איבעריהויפּט ווען עס
איז געקומען שבת נחמו. איך האָב געהערט ווי מען רעדט אַז דער היינטיגער
שבת נחמו איז ניט געווען דאָס ווי פאַר אַ יאָהרען, ווען דער ווילנער באַ־
לעבעסעל האָט געדאַווענט... די גאַנצע פרייד פון שבת נחמו איז פאַר־
שוואונדען.

— ערשט איצט האָבען די ווילנער בעלי בתים גענומען פיהלען וואָס
דו באַדייטעסט פאַר זיי — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט — עפּעס אַ קלייניגקייט...
פון אַלע זייטען האָט מען מיר מיט פראַגען באַוואָרפען. "ווען קומט אייער
איידים? וואָס מאַכט יואל דוד? ווען קומט צוריק דער ווילנער באַלע־
בעסעל?" און דו קאָנסט זיך פאָרשטעלען ווי גרויס איז מיין פרייד געווען,
ווען איך האָב געהערט אויפ׳ן שוהל הויף, אַז אין גאון׳ס קלויז געפינט זיך אַ
יונגערמאַן מיט אַ דייטשער צייטונג, וואו עס שטעהט באַשריבען וועגען דעם
ווילנער באַלעבעסעל. איך בין באַלד אהין ארויפגעלאָפען און איך האָב
איהם געטראָפען. איך זעה אַ יונגערמאַן שטעהט דאָרט און אידען רינגלען
איהם ארום... איך בין צו איהם באַלד צוגעלאָפען און געזאָגט: "איך בין
מרדכי סטראַשון, דער שווער פון ווילנער באַלעבעסעל... וואָס הער איך, אַז
איהר האָט אַ דייטשע צייטונג וואו מען באַשרייבט איהם?"

דער יונגערמאַן האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט: "מיין נאָמען איז
יהודה ליב גאָרדאָן". ער דערלאַנגט מיר זיין האַנט, זאָג איך איהם: "נו,
וואו איז די דייטשע צייטונג?

ער האָט באַלד ארויסגענומען אַ צייטונג פון זיין קעשענע און דערלאַנגט
זי מיר. ער צייגט מיר אָן אויף דעם פּלאַץ... איך קוק און קוק... אָבער איך
פאַרשטעה קיין וואָרט ניט... "איך קאָן ניט לייענען קיין דייטש", זאָג איך
איהם. דאַן נעהמט ער די צייטונג פון מיר און לייענט פאַר מיר איבער שנעל
ווי אַ וואַסער. דאָרט ווערסטו אָנגערופען "הערר דאַוויד סטראַשונסקי, אָבער־
קאַנטאָר פון ווילנע. איך האָב פאַרשטאַנען כמעט יעדעס וואָרט... בלויז
לייענען דייטש קאָן איך ניט, אָבער פאַרשטעהן פאַרשטעה איך אַלעס... זיי
האָבען דאָרט וועגען דיר געשריבען אַז אזוינס איז נאָך ניט געהערט געוואָ־
רען. זיי האָבען געשריבען אַז דו האָסט דאָרט געזונגען... איך ווייס ניט ווי
זיי רופען עס אָן... נאָר ווי עס ווייזט אויס איז עס גויאישע געזאַנגען.

— דאָס איז אָפּערא! — האָט יואל דוד געזאָגט.

— אָפּערא, יע, ריכטיג, אָפּערא! אָבער זאָג מיר איך בעט דיך, ווי
קומט עס צו דיר דו זאָלסט זינגען אָפּערא... פון וואַנען האָסטו זיך דאָס
אויסגעלערענט?

— אַ גרויסע תורה! — האָט יואל דוד אַ שמייכעל געטהאָן — עס

האט מיר גענומען אייניגע טעג און איך האב עס געקאנט!

— דו האסט געזונגען אפערא אין פויליש! — האט חנה׳לע אויסגערו־פען מיט שטאלץ.

— יע, חנה׳לע, דו פארשטעהסט, עס זיינען דאך דארט געווען די גאנצע פוילישע אריסטאקראטיע. נו, זיי קאן מען דאך ניט קארמענען מיט אידישע תפלות... מען האט מיר געזאגט אז אפילו זיי האבען אויך גלעקט די פינגער פון מיין "אמר רבי אליעזר" און פון מיין "מפני חטאנו"... אבער מיין זינגען די אפערא האט אויף זיי געמאכט א שטארקען איינדרוק.

— אבער אז מען זאל פון דיר שרייבען אין בערלין, אויף דעם האב איך זיך ניט געריכט! — זאגט ר׳ מרדכי — פון וואנען האבען זיי געוואוסט פון דיר?

— מען ווייסט שוין. א וועלט של׳אפט ניט! — האט חנה׳לע אויס־גערופען — וויפיל בערלינער אידען וועלכע קומען קיין ווילנע צוליב מסחר האבען איהם שוין געהערט? פון אומעטום קומט מען הערען מיין יואל דוד׳ן.

— נו, און וויפיל געלט האט מען געמאכט דארט אויף דעם קאנצערט?

— מען האט מיר געזאגט אז זיי האבען געמאכט אז ערך פון צעהן טויזענט רובעל, נאך מעהר ווי זיי האבען ערווארטעט, ווייל נאכ׳ן קאנצערט האבען פילע גויים גענומען אריינשיקען ביישטייערונגען... געלויבט איז גאט! יעדער איינער פון די נשרפים וועט איצט האבען די מעגליכקייט זיך צו שטעלען אויף די פיס.

— נו, האסטו אויך געדאווענט אין ווארשעווער גרויסער שוהל? — האט ר׳ מרדכי איהם געפרעגט.

— יע, דעם לעצטען שבת איידער איך בין אוועקגעפאהרען — ענטפערט יואל דוד.

— איך קאן זיך שוין פארשטעלען וואס די אידען האבען דארט געזאגט!

— האט ריינקע זיך אנגערופען — זיי האבען נאך אזוינס ניט געהערט!

— יע, זיי זיינען געווען זעהר שטארק באגייסטערט — האט יואל דוד א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ — די גבאים און די פארשטעהער פון דער ווארשעווער קהלה האבען ניט געוואלט אפטרעטען פון מיר. זיי זיינען גע־קומען צו מיר אין האטעל אויף מארגען נאכדעם ווי איך האב געדאווענט אין זייער שוהל.

— אין האטעל? — האט ר׳ מרדכי איהם אנגעקוקט.

— יע, אין האטעל. פארשטעהט איהר מיך, שווער, די אידישע פאר־שטעהער האבען מיר גלייך ביי מיין אנקומען געזאגט אז איך וועל דארפען איינשטעהן אין א פיינעם האטעל, ווייל צו מיר וועלען קומען פארשידענע רייכע אידען ווי אויך פוילישע אריסטאקראטען... נו, זיינען די משוררים פארבליבען אין אכסניה און מיך האבען זיי אוועקגעפיהרט אין א גאר פיי־נעם אידישען האטעל... שייך צו זאגען א האטעל! א פאלאץ איז דאס גע־ווען... מען האט מיר דארט אזוי צוגעזעהן, אז קיין פויגעל מילך האט מיר ניט געפעלט... און עס האט מיר קיין גראשען ניט געקאסט. עס איז אלעס

געוועזן אויפ׳ן חשבון פון דער קהלה. זיי האָבען אפילו באַזאָרגט די משוררים. יעדער איינער פון זיי האָט געקראָגען אַ גאַנץ פיינע מטבע... שייקע פייפער האָט געקראָגען אַ פינף און צוואַנציגער... און מיר האָבען זיי אויך גאַנץ גוט באַצאָהלט... אויסער די דריי הונדערט רובעל וואָס מען האָט מיר אויף הוצאות געשיקט, האָב איך געקראָגען נאָך צוויי הונדערט רובעל און אַלע הוצאות אין וואַרשע זיינען געוועזן אויף זייער חשבון.

— יע, איך האָב דיר אונטערבראָכען — האָט זיך ר׳ מרדכי אָנגערו־פען — דו האָסט אָנגעהויבען דערצעהלען אַז די גבאים און די פאָרשטעהער זיינען געקומען צו דיר אויף מאָרגען נאָך שבת... וואָס האָבען זיי פון דיר פאַרלאַנגט?

— וויים איך וואָס? — האָט יואל דוד אַ זאָג געטאָן.

— דו מעגסט דאָך אונז זאָגען. אדרבה, וואָס טאַקע האָבען זיי פון דיר פאַרלאַנגט?

— זיי האָבען מיך געוואָלט פאַרהאַלטען. זיי האָבען צו מיר גענומען צושטעהן אַז איך זאָל בלייבען ביי זיי חזן! איך זאָל ביי זיי דאַווענען די קו־מענדע ימים נוראים...

— בלייבען חזן אין וואַרשע! — האָט חנה׳לע מיט שרעק אויסגערופען.

— מאַלע וואָס זיי האָט זיך דאָרט געוואָלט! — האָט ריינקע אויס־גערופען — דו זעהסט דאָך אַז ער איז צוריקגעקומען!

— און וואָס האָסטו זיי געזאָגט? — פרעגט איהם ר׳ מרדכי.

— איך האָב זיי געזאָגט אַז איך בין צוגעבונדען צו דער אידישער קהלה ביז נאָך סוכות!

— אַ פיינע זאַך! וואָס הייסט דו זאָלסט ווערען זייער חזן!

— זיי האָבען מיר אָנגעבאָטען פופציג רובעל אַ וואָך!

— פופציג רובעל אַ וואָך! — האָט חנה׳לע אויסגערופען.

— יע, פינף מאָל אַזוי פיל וויפיל איך קריג דאָ אין ווילנע.

— ווי איז דאָס מעגליך? — האָט ר׳ מרדכי געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— אויב איהר גלויבט ניט, קאָנט איהר פרעגען שייקע פייפער׳ן. ער איז געוועזן דערביי...

— ווער זאָגט דיר, אַז איך גלויב דיר ניט? נאָר ווער ווייסט אויב מען קאָן זיך אויף זיי פאַרלאָזען?

— זיי וואָלטען איינגעגאַנגען צו שרייבען מיט מיר אַ קאָנטראַקט אפילו אויף צעהן יאָהר, ווען איך זאָל עס פון זיי פאַרלאַנגען!

— נו, און וואָס האָסטו זיי געזאָגט?

— גאָרניט!

— וואָס הייסט גאָרניט?...

— איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך וועל זיך באַדענקען... איך וועל זיי לאָזען וויסען נאָך די ימים נוראים!

— א פיינע זאך, דו ווערסט זיי לאזען וויסען... איז נאך דען ביי דיר א א צווייפעל? — האט ר׳ מרדכי אויסגערופען.

— פארגעסט ניט, שוועד, אז מען באט מיר אן דארט פינף מאל אזוי פיעל וויפיל איך קריג דא... איהר גערענקט וויפיל שוועריגקייטען איך האב געהאט פאראיאהרען מיט די גבאים, ווען איך האב פארלאנגט די הוספה פון פינף רובעל... הא, איהר האט שוין פארגעסען?...

— איך האב ניט פארגעסען! אבער דו ווייסט גאנץ גוט, אז זיי האבען דיר ניט געוואלט געבען, ווייל זיי האבען פשוט ניט געהאט . . . פונדעסט־וועגען קאן איך דיר פארזיכערען, יואל דוד, אז ווען דו וועסט קומען צו זיי און פארלאנגען נאך א הוספה, וועלען זיי איצט קיין ווארט ניט זאגען.

— יע, דאס דוכט זיך אייך, שווער! איך וועל האבען די זעלבע צרות... איך זאג ניט, אז איך וועל זיי פארלאזען . . . אבער נאכאלעמען, פופציג רובעל א וואך געהט ניט צו פוס . . . איהר האט באדארפט זעהן ווי מען לעבט אין ווארשע . . . עס איז גאר אן אנדער לעבען . . . הערסטו, חנה׳לע, די ווארשעווער גאסען זיינען אזעלכע ברייטע און שעהנע און געשעפטען זיינען דארט פאראן שוין גאר גרויסע . . . די שעהנסטע און בעסטע זאכען קאן מען דארט באקומען . . . איך האב דארט געזעהן אין א געשעפט א ווינטערדיגען מאנטעל פונקט ווי אנגעמאסטען פאר דיר . . . . און קליידער טראגט מען דארט . . .

— דאס איז אלץ נארישקייטען . . . הלואי ווייטער, חנה׳לע פעהלט עפעס חלילה דא אין ווילנע? — האט ריינקע אויסגערופען — ווער דארף עס די אלע נארישע זאכען. גלויב מיר, יואל דוד, אז עס איז בעסער צו זיין אין ווילנע און פארדינען ווינציגער, איידער צו פאהרען אין אזא גרויסע אויסגעלאסענע שטאדט ווי ווארשע . . .

— ווער זאגט דאס אייך אז ווארשע איז אן אויסגעלאסענע שטאדט?

— מען דארף מיר דאס ניט זאגען. איך שטוים זיך שוין אליין אן, אז ווי באלד מען ווייזט דארטען אין די געשעפטען שעהנע מאנטלען און קליי־דער און טייערע צירונג, מוז עס שוין זיין אויסגעלאסען . . .

— אפשר צווישען די גוים. אבער די אידען זיינען דארט נאך פרימער ווי דא — האט יואל דוד געזאגט — זייער נוסח פון דאוונען איז אביסעל אנדערש . . . זיי זאגען אין קדיש "ויצמח" און אנשטאט נעריצך זאגען זיי "כתר", אבער מען קאן זיך צוגעוואוינען אויך צו זייער נוסח . . .

— ווי איך זעה, טראכטסו טאקע גאנץ שטארק וועגען פאהרען קיין ווארשע! — האט ר׳ מרדכי זיך אנגערופען.

— פארוואס זאל איך ניט טראכטען? וואס קומט מיר פאר׳ן טראכ־טען? בפרט ווען איך וויים, אז אין ווארשע קאן איך קריגען אזוי פיעל שכירות אין איין וואך וויפיעל איך קריג דא פאר פינף וואכען.

— ווען דו זאלסט זיך וועלען רעכענען מיט דעם געהאלט, איז דאך ניט שייך! — רופט זיך אן ר׳ מרדכי — עס קאן זיין גאר, אז אין פעט־ערסבורג וואלסטו געקראגען נאך מעהר . . . אבער דער עיקר ביי דיך

דארף ניט זיין דאס געלט . . . . דו ביזט אין ווילנע מיט דיין משפחה, צווישען איינענע. דו ביזט ביי אלעמען געשעצט און געאכטעט . . דו ביזט באליעבט ביי אלע אידען פון ווילנע. אי די שכירות . . . טא איז וואס? דו קריגסט דאך נאך אליץ מעהר ווי די פריהערדיגע שטאדט חזנים פלעגען קריגען, און געלויבט איז השם יתברך, ניט צו פארזינדיגען, עס קלעקט דיר, דוכט זיך, גענוג פאר דער הוצאה, פאר א בגד און טאקע אויך פאר צדקה. וואס נאך זוכסטו? הא, וואס זאגסטו, חנה'לע, בין איך ניט גערעכט?

— טאטע, יע גערעכט, ניט גערעכט, איך וויים בלויז, אז יואל דוד איז מיעד פון וועג, ער דארף זיך אויסרוהען, און דו רעדסט גאר ניט איהם וועגען אזעלכע זאכען. מיר וועלען נאך האבען צייט צו ריידען וועגען דעם. זאל ער זיך אויסרוהען פריהער.

— אזא יאהר אויף מיר, ווי חנה'לע איז גערעכט — האט ריינקע געזאגט.

— יע, וואס מאכט מיין מומע יאכע און דיין שוועסטער לאה'לע — האט יואל דוד א פרעג געטאן.

— דו זעהסט, עס איז מיר גאר פון זינען ארויס! — האט ריינקע א פאטש געטאן מיט די הענט — איך וועל טאקע גלייך שיקען אנזאגען לאה'לען, אז יואל דוד איז געקומען. ביי איהר געפינט זיך אויך דיין מומע יאכע. ווען דו, יואל דוד, זאלסט וויסען וואס פאר א גוט לעבען עס איז צווישען דיין מומע יאכען און מיין לאה'לען! זי ליגט דארט אפ טאג און נאכט. ווען איך קום אהין געפין איך זי דארט . . . מסתמא וויסטו דאך, אז לאה'לע איז "אויף דער צייט", קומט יאכע איהר העלפען. זאל איהר גאט טאקע דערפאר געבען געזונט . . . דיין מומע איז דאך אזא גוטע. פאר יענעם וועט זי איהר לעבען אפגעבען.

— יע, מיין מומע האט זיך א סך געענדערט פאר די לעצטע עטליכע יאהר.

— ווייסטו וואס, מאמע, שיק דערווייל קיינעם ניט אנזאגען וועגען יואל דוד'ס קומען, ווייל איך וויל אז ער זאל זיך גלייך צולייגען . . . ער האט דאך א גאנצע נאכט ניט געשלאפען . . . און אז לאה'לע און יאכע וועלען זיך דערוויסען, וועלען זיי קומען צולויפען און דו קאנסט דאך יאכע'ן, זי וועט איהם שוין אפהאלטען דעם גאנצען טאג און ניט אויפהערען פארווארפען איהם מיט פראגען. שפעטער וועט מען זיי אנזאגען און אז זיי וועלען קומען, וועל איך זיי זאגען אז יואל דוד שלאפט און זיי זאלעןווארטען ביז וואנען ער וועט זיך אויפכאפען.

— דאס ביזטו אויך גערעכט! — האט ריינקע געזאגט — איך וועל צוווארטען א ווייל. ווען זיי וועלען אריינקומען און מען וועט זיי זאגען, אז ער שלאפט, וועלען זיי איהם ניט שטערען.

— קום, יואל דוד, איך האב אויסגעבעט דיין בעט . . . ליג זי צו.

דבורה׳לע שלאפט נאך און זי וועט דיר ניט שטערן. דו ביזט דאך אזוי מיעד . . .

— גען, רוה זיך אוים! — האט ר׳ מרדכי צו איהם א זאג געטאן — מיר וועלען נאך צייט האבען צו ריידען.

יואל דוד איז אריין מיט חנה׳לען אין זייער שלאפצימער. זיי זיינען געווען זעהר פארזיכטיג ניט צו מאכען קיין טומעל, כדי ניט אויפצוועקען זייער טעכטעריל דבורה׳לע. אבער ערשט איצט, זייענדיג מיט איהם אליין, האט זיך חנה איהם געווארפען אויפ׳ן האלז און איהם גענומען קושען.

— מיין טייערער, מיין ליבער, ווי שטארק איך האב נאך דיר געבענקט!

— האט זי שטילערהייט געזאגט — יעדער טאג איז פאר מיר געווען א יאהר . . . איך האב ניט געוואוסט וואס איבערצוטראכטען . . . איך האב זיך פארגעשטעלט די שרעקליכסטע זאכען . . . איך האב זיך אזוי געשראקען!

—א, דו נארעלע, פארוואס האסטו זיך געשראקען? איך בין דאך ניט געפאהרען אליין, דער וועג איז א זיכערער.

— איך וויים ניט וואס מיט מיר איז, אבער איך וויים, אז ווען דו וואלסט זיך פארזאמט אביסעל לענגער, וואלט איך עס ניט אויסגעהאלטען.

יואל דוד האט זי אויך ארומגענומען און געקושט.

— דו דארפסט ניט זיין אזוי באזארגט, ווען איך פאהר אפ פאר א קורצע צייט פון הויז. דו דארפסט דאך פארשטעהן, אז אזא זינגער ווי איך קאן שטענדיג ניט בלייבען אויף איין פלאץ . . . זאג אליין, פארוואס קומט עס די אידען פון ווילנע זיי זאלען מיך הערען צעהן יאהר נאכאנאנד און אנדערע גרויסע אידישע קהילות זאלען גאר קיין געלעגענהייט ניט האבען מיך צו הערען?... הא, וואס זאגסטו?

— המ . . . איך וויים ניט — האט חנה׳לע געשאקעלט מיט איהר קאפ... — איך מיין פארוואס זאלסטו אוועקגעהן פון ווילנע . . . זאלען די. וועלכע ווילען דיך הערען, קומען אהער . . .

— איז ביי דיר רעכט, אז טויזענטע מענשען זאלען קומען אהער מיך הערען, הא?

— וואס ארט מיר פאר יענע, אויב זיי זיינען אזוי נייגעריג דיך צו הערען, ווען זיי שוין קומען! אבער לאמיר מעהר וועגען דעם ניט ריידען. לייג זיך צו א ווייל.

— לאמיר באפען נאך א בליק אויף אונזער טעכטעריל — האט יואל דוד געזאגט — איך האב אזוי געבענקט נאך איהר . . .

— נו און נאך מיר? — האט חנה׳לע זיך צו איהם געטוליעט.

— נאך דיר איז דאך אפגערעדט!

— פונדעסטוועגען האסטו מיר קיין איינציגען בריוו ניט געשריבען, זינט יענעם בריוו, גלייך נאך דיין אנקומען קיין ווארשע.

— דו ווייסט דאך, אז עס נעהמט פאר א בריוו פון ווארשע אזוי לאנג אנצוקומען, האב איך זיך געטראכט, אז איך וועל אנקומען צוריק אין ווילנע איידער מיין בריוו וועט דיך דערגרייכען.

יואל דוד האָט זיך געזעצט אויף זיין בעט, און חנה׳לע האָט זיך איינ־געבויגען און גענומען ארונטערנעהמען זיינע שיך.

— אַ, חנה׳לע, פאַרוואָס זאָלסטו עס טאָן ? — האָט יואל דוד געזאָגט.

— דו ווייסט דאָך, אז דאָס איז פאַר מיר דער גרעסטער פאַרגעניגען. איך דערמאָהן זיך איצט, אז אויך דאָן, מיט עלף יאָהר צוריק, ווען דו ביזט ביי אונז געווען בלויז א פּאָר טעג . . . דו געדענקסט, יואל דוד . . . מיר האָבען דיר איבערגעגעבען מיין שלאָפצימער . . . יע, דאָן האָסטו געהאָט געדאַווענט צום ערשטען מאָל אין ווילנער שטאָדט שוהל, דו ביזט געווען גאַנץ מיעד און מיין מאַמע האָט פאַרגעשלאָגען, אז דו זאָלסט זיך צולייגען שלאָפען בייטאָג. געדענקסט, ווען איך בין אהין צו דיר אין צימער אריין און איך האָב גענומען אויסטאָן דיינע שיך . . . דו האָסט זיך ביי מיר געבעטען איך זאָל עס ניט טאָן. אָבער איך בין געווען אזוי גליקליך עס צו טאָן פאַר דיר, ווייל איך האָב דיך שוין ליעב באקומען... אויף אונזער קינדישען שטייגער האָבען מיר זיך געליעבט . . איך בין געווען אין זיבעטען הימעל פון גליק . . . און איצט, נאָך מעהר ווי דאָן, מיין טייערער יואל דוד, איז מיין ליעבע צו דיר אזוי גרויס . . . אָהן דיר איז מיין לעבען גאָרניט ווערטה . . .

—דו טאָרסט אזוי ניט ריידען, חנה׳לע זאָל גאָט אויסהיטען, אויב מיט מיר זאָל חס וחלילה פּאַסירען אַן אומגליק, דאַרפסטו דאָך זיין א מאַמע צו אונזער טאָכטערל . . .

— איך בעט דיר, ברייננ גאָר אזעלכע רייד ניט ארויס פון דיין מויל !

— האָט חנה׳לע צורעכט געמאכט זיין קישען צעקאָפּענס — גאָט זאָל געבען, אז דו זאָלסט זיין געזונט און שטאַרק און מיר זאָלען זיך ביידע אויס־לעבען אונזערע יאָהרען אין פרידען און אין גליק . . .

יואל דוד האָט זיך צוגעלייגט און חנה׳לע איז נאָך א ווייל געזעסען נעבען איהם און ווען זיינע אויגען האָבען זיך גענומען קלעפּען האָט זי זיך אויפגעהויבען פון זיין בעט און אויף די שפּיץ פינגער איז זי ארויס פון צימער.

---

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און מענשען האָבען אָנגעפאַנגען אריינצו־געהן אין ר׳ מרדכי׳ס הויז און זיי באַגריסען.

— צוליב אייך אייער גאַסט מאָדאָם סטראַשון — האָבען שכנות געזאָגט ביים אריינקומען, און ריינקע האָט געהאָט שוועריגקייטען איינצוהאַלטען זיי ניט צו ריידען אזוי הויך.

— ער איז מיעד פון וועג און האָט זיך א ווײלע צוגעלייגט — האָט ריינקע מיט א נידעריגער שטימע געזאָגט.

יאַכע איז אריין אין הויף, זי האָט נאָך גאָר ניט געוואוסט, און א שכנה קומט איהר אנטקעגען און רופט אויס :

— צוליב אייער גאַסט !

יאַכע האָט איהר אָנגעקוקט :

— וועלכען גאַסט ?

— וואָס איהר ווייסט גאָר ניט, אז יואל דוד איז געקומען.

— יואל דוד? ווען? וואס? וואו?

— ער איז שוין געקומען מיט צוויי שעה צוריק!

— וואס רעדט איהר? — האט יאכע אויסגערופען — האט איהר געהערט אין אייער לעבען. יואל דוד איז דא און איך ווייס גאר ניט!

אהן אן אטעם איז זי ארייגעלאפען אין הויז און מיט א קוויטשיגע שטימע אויסגערופען:

— יואל דוד איז דא?!

— שא, שא! — האט איהר רײנקע געזוכט צו באַרוהיגען.

— א פיינע זאך! מיין יואל דוד איז געקומען און מיר זאגט מען אפילו ניט אן! וואו איז ער?

— ער שלאפט. ער איז זעהר אויסגעמאטערט פון וועג!

— אבער איך מוז איהם זעהן! וואס הייסט, יואל דוד איז געקומען פון ווארשע און איך האב איהם נאך ניט געזעהן.

— איך בעט אייך, יאכע! — האט זיך חנה׳לע אריינגעמישט, איהר וועט נאך צייט האבען צו זעהן איהם.

— אבער פארוואס האט מען מיר ניט געשיקט אנזאגען — האט יאכע זיך ניט געקאנט באַרוהיגען. זעהר פיין, כ׳לעבען! מיר וויל מען ניט דערצעהלען, אז יואל דוד איז געקומען.

— עס איז מיין שולד, יאכע, איהר זעהט דאך, אז אפילו מיין שוועסטער האב איך ניט געשיקט אנזאגען... איך האב געוואלט, אז ער זאל פריהער זיך אויסרוהען און איך האב געוואוסט, אז איהר וועט קומען וועט איהר איהם שטערען פון שלאף.

— פון צימער האט זיך דערטראגען א געוויין פון קינד.

— אוי, דבורה׳לע האט זיך שוין אויפגעכאפט! — האט חנה אויסגערופען און זי איז שנעל אריינגעלאפען אין צימער. זי האט דאס קינד ארויסגענומען פון וויגעלע און איז גלייך ארויס פון צימער.

— זי האט איהם אויפגעוועקט? — פרעגט זי ריינקע.

— ניין, ער שלאפט גאנץ געשמאק. ער איז נעבאך אזוי מיעד. ער שלאפט שוין באלד צוויי שעה.

— א, ווי איך וואלט איהם שוין געוואלט זעהן! — האט יאכע גענומען ארומשפּרייזען איבער׳ן צימער היין און צוריק — זאג מיר, חנה׳לע, ווי קוקט עס אויס? וואס האט ער דערצעהלט? ווי איז עס איהם געגאנגען.

— ער איז געווארען אביסעל מאגערער, אבער אזוי דוכט זיך, קוקט ער ניט אויס שלעכט.

דבורה׳לע האט געוויינט און חנה׳לע האט איהר איינגעשטילט.

— ער איז געגאנגען דאוונען מנחה און פאר איין וועגס וועט ער זיך אריבערכאפּען צו לאה׳לען און איהר אנזאגען, אז יואל דוד איז געקומען.

שפעטער א ווייל׳ע איז געקומען לאה׳לע מיט איהר מאן לייב. ער האט אוועקגעלייגט דעם הובעל און די זעג אויף זיין ווערקשטאט, ארונטערגענומען

דעם פארטוך און ארויפגעכאפט אויף זיך זיין אויבער רעקעל און איז מיט זיין פרוי געגאנגען זעהן דעם גאסט.

ליב, לאה׳לעס מאן האט זיך ניט אויסגעטויגט אין שניט קראם. די ערשטע עטליכע חדשים וואס ער האט זיך געפונען אין געשעפט, וואו ריינקע האט איהם אריינגענומען, האבען איהם איבערצייגט, אז דאס איז ניט פאר איהם. אזא מסחר וואו מען דארף האבען צו טאן מיט פויערים און פויערטעס איז גוט פאר פרויען... ער טויג זיך צו דעם ניט אויס, ער האט ניט געוואלט נעמען אומזיסטע שכירות ביי זיין שווער און שוויגער, ער האט זיך דעריבער דורכגערעדט מיט לאה׳לען, זיין פרוי, און ביידע האבען באשלאסען, אז ער זאל אין זייער הויז עפענען א סטאליארניע. געצייג האט ער געהאט אביסעל, און די איבעריגע האט ער צוגעקויפט, און אזוי האט ער זיך ווידער גענומען צו סטאלעריי. דאס האט אפילו ניט געשמעקט ריינקע׳ן און ר׳ מרדכי׳ן. זיי האבען ניט געוואלט, אז מען זאל זאגען, אז זייער איידעם איז א בעל מלאכה, אבער וויבאלד ווי זייער טאכטער, לאה׳לע, האט דערצו איינגעשטימט, האָבען זיי גארניט געקאנט טהאן. ליב האט געארבייט שווער, אבער ער האט פארדינט אויף א לעבען צו מאכען. ער איז געווען א גוטער בעל מלאכה און ארבייט האט איהם ניט געפעהלט. אבער ר׳ מרדכי האט אויף איהם געקוקט מיט א קרום אויג. איין איידעם האט ער דעם ווילנער באלעבעסעל און דער צווייטער א סטאליער... און כאטש עס זיינען שוין געווען היבשע עטליכע מאנאטען זינט ליב האט זיך צוריק גענומען צו סטאלעריי, האט ר׳ מרדכי אפילו קיינמאל ניט באזוכט זיין טאכטער׳ס הויז. און היינט איז ער געקומען דארט צום ערשטען מאל. ער האט געטראפען ליב׳ן ביים ווערקשטאט.

— טאטע! איז לאה צוגעלאפען צו איהם, ווען ער איז אריין אין הויז, טאטע!

— יואל דוד איז א ווילע פריהער אנגעקומען פון ווארשע!

— יואל דוד! האט לאה אויסגערופען — דו הערסט ליב! — האט זי זיך צו איהם געווענדעט, יואל דוד איז געקומען.

— יואל דוד! נו, וואס האב איך דיר געזאגט! — האט ליב אויסגערופען.

— אט, נאר וואס האב איך גערעדט וועגען איהם מיט יאכע׳ן... נו, גאט צו דאנקען. מיר קומען באלד צו. ר׳ מרדכי איז באלד פון דארט אוועק. ער האט זיך אפילו ניט געוואלט צוזעצען...

ליב און לאה זיינען אריינגעקומען אין הויז. זיי האבען געטראפען יאכען ארומשפרייזענדיג איבער׳ן צימער און חנה׳לע מיט׳ן עופה׳לע אויף איהרע הענט.

— וואו איז יואל דוד? — האט לאה׳לע אויסגערופען.

— ער האט זיך א ווילע צוגעלייגט — האט חנה׳לע געזאגט — ער איז אויסגעמאטערט פון וועג. ער האט צוויי נעכט ניט געשלאפען.

— נו, וואס האט ער דערצעהלט, ווי זעהט ער אויס.

— דו וועסט איהם באלד זעהן! — האט חנה׳לע געזאגט — געלויבט

איז גאָט, איך האָב זיך געשראָקען, אַז ער וועט אויסקוקען אַ סך ערגער...

— דו ווייסט, חנה'לע, איך גלויב, אַז מען וועט איהם דאַרפען אויפ־וועקען — האָט ר' מרדכי געזאָגט און אַרויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער אויפ'ן הימעל. עס ווערט שוין שפּעט און ער וועט נאָך פאַרשפּעטיגען צו דאַווענען מנחה.

— אָבער, ער שלאָפט אַזוי געשמאַק! — האָט חנה געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף איהר מאַמען.

— אפשר זאָלען מיר איהם לאָזען שלאָפען, וועט ער דאַווענען צווייִ שמונה עשרה'ס צו מעריב.

— יואל דוד וועט זיין ברוגז פאַרוואָס מען האָט איהם ניט אויפגע־וועקט צו מנחה — האָט ר' מרדכי געזאָגט.

חנה'לע האָט איבערגעגעבען דאָס קינד צו דער באָבען און זי האָט גע־נומען געהן צו איהר שלאָפציממער. זי איז אָבער געבליבען שטעהן נעבען דער טיר.

— איך האָב קיין האַרץ ניט איהם אויפצואַוועקען. ער איז דאָך אַזוי מיעד.

באַלד אָבער האָט זיך געעפענט די טיר און יואל דוד איז אַרויסגע־קומען. ער האָט זיך געריבען די אויגען און געגענעצט. ער איז געווען אָהן זיין רעקעל, זיין טלית קטן האָט זיך אַרויסגעזעהן.

— אַה, יואל דוד, איז יאַכע צו איהם די ערשטע צוגעלאָפען. זי האָט איהם געוואָלט אַ קוש טהאָן... אָבער זי האָט ניט געקאָנט, ער איז דאָך עפּעס יואל דוד, דער ווילנער באַלעבעסל.

— וואָס מאַכט איהר, מומע! — האָט יואל דוד איהר געגעבען זיין האַנט.

— גאָט צו דאַנקען, מען לעבט!... מיר האָבען שוין ניט געוואוסט וואָס איבערצוטראַכטען. אוי, האָבען מיר נאָך דיר געבענקט! איבערהויפּט חנה'לע... אי, אי האָט זי נאָך דיר געבענקט... זי האָט דאָך געצאַנקט ווי אַ ליכט... אַ קלייניגקייט אַזוי פיעל וואַכען.

— אַ, לאה'לע! — איז יואל דוד שוין צו איהר צוגעקומען און איהר דערלאַנגט זיין האַנט — וואָס מאַכסטו? — האָט ער זי באַטראַכט.

— נישקשה! — האָט זי געזאָגט.

— וואָס זאָל זי מאַכען! — האָט יאַכע זיך אָנגערופען — זי וועט מאַכען אַ ברית אין גיכען...

לאה'לע האָט זיך גענומען רויטלען און ריינקע האָט צוגעגעבען:

— זאָל גאָט געבען, אַז זי זאָל אַריבערקומען בשלום, וואָס עס זאָל ניט זיין, צי אַ ברית, צי אַ מזל טוב... וועט זיין ווילקאָממען.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען. איך זעה עס ווערט שוין טונקעל און איך האָב נאָך קיין מנחה ניט געדאַווענט — האָט יואל דוד זיך אָנגערופען — און ער איז אַריין אין קיך וואַשען זיינע הענט. ער האָט אויף זיך אַרויפ־געכאַפּט זיין רעקעל און איז אַריין אין גאַסט־צימער און זיך געשטעלט דאַווענען מנחה.

— נו, חנה'לע, דו זעהסט שוין, ווען ער וואָלט פֿאַרשלאָפֿען מנחה וואָלט ער געווען ברוגז אויף דיר — האָט ר' מרדכי מיט א צופֿרידענעם שמייכעל געזאָגט — איך קאָן יואל דוד'ן. — א קליינינקייט, ער זאָל פֿאַר־פעהלען א מנחה... נו, איך מוז זיך שוין איילען אין בית המדרש פֿאַר מעריב.

— אפשר וואָלסטו היינט געדאַווענט מעריב פֿאַר זיך אין הויז! — האָט ריינקע זיך צו איהם געווענדעט — ווּעלען מיר באַלד טאָקע געהן עסען, וויל שפּעטער וועלען דאָך אָנקומען די גבאים און בעלי בתים.

— איך וועל ניט דאַווענען אין הויז — האָט ר' מרדכי אויסגערופֿען — איך בין דאָך ניט געקומען נאָר־וואָס פֿון וועג. איך בין ניט מיעד... וואָס הייסט איך זאָל דאַווענען פֿאַר זיך...

ר' מרדכי איז ארויסגעגאַנגען און ריינקע האָט זיך אָנגערופֿען צו לאה'ן און צו לייב'ן.

— איהר וועט היינט עסען וועטשערע מיט אונז! און אויך איהר, יאַכע!

— אַ, ניין, מאַמע! — האָט לאה געזאָגט.

— מיר האָבען געגעסען. עס וועט קלעקען פֿאַר נאָר דריי מענשען — האָט ריינקע געזאָגט.

— אָבער, מאַמע, איך האָב געקאָכט וועטשערע.

— וועט עס זיין אויף מאָרגען!

— אין אַזעלכע היצען וועט עס איבערגעפֿיהרט ווערען — מיר וועלען צוקומען אהער נאָך וועטשערע, און אויסער דעם, וועט לייב אויך געהן דאַווענען מעריב אין בית המדרש, הא, לייב, וואָס זאָגסטו?

— יע, איך געה שוין! — האָט לייב געענטפֿערט — מיר וועלען צו־קומען אהער שפּעטער א ווילע.

לייב איז אויך אוועק און יואל דוד איז ארויסגעקומען פֿון גאַסט־צימער. ער האָט זיך געזעצט נעבען טיש און יאַכע האָט איהם ווידער אָנגעהויבען באַוואַרפֿען מיט פֿראַגען.

— וואָס איז דאָס פֿאַר א שטאָט, וואַרשע? — האָט זי איהם געפֿרעגט — איז זי גרויס ווי ווילנע?

— אַביסעל גרעסער פֿון ווילנע! שמייכעלט יואל דוד.

— ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי די אידען בענקען נאָך דיר! — האָט לאה'לע געזאָגט — ערשט היינט, ווען איך בין געווען אין יאַטקע האָט מיר דער קצב געפֿרעגט ווען דו וועסט קומען! — וואָס האָב איך איהם געקאָנט זאָגען. איך ענטפֿער איהם, איך וויים ניט. און ער האָט מיר געזאָגט, אז פֿאַר די לעצטע שבתים פּוסטעוועט די גרויסע שוהל. אידען דאַווענען אין זייערע בתי מדרשים, אין די קלויזען... און די ווייבער! זיי לאָזען מיך ניט אָפּ. ווי נאָר איך באַוויז זיך אין קראָם אָדער אין יאַטקע רינגלען זיי מיך ארום און זיי פֿרעגען מיך ווען דיין קומען.

— נו, איצט וועלען זיי שוין זיין צופֿרידען! — האָט ריינקע זיך

אַנגערופען. איך גלויב, אַז אַלע וועלען זיין צופרידען. איך האָב געהערט פון איינער פון די גבאי'טעם אין ווייבערשער שוהל לעצטען שבת, אַז עפּעס איז אין גאַנץ ווילנא אומעטיג אָהן דיר.

— נו, דערפאַר ועסטו אם ירצה השם דאַווענען היינטיגען שבת, — האָט יאַכע געזאָגט.

— ניין, ער וועט היינטיגען שבת ניט דאַווענען, — האָט חנה'לע זיך אַנגערופען, — ער וועט זיך דאַרפען אויסרוהען נאָך אַ וואָך צייט לכל הפחות.

— היינט איז דאָך ערשט דאָנערשטאָג. און ביז שבת וועט ער זיך האָבען אויסגערוהט, — האָט יאַכע אויסגערופען, — הא, וואָס זאָגסטו, יואל דוד?

— מיר וועלען זעהן! — האָט יואל דוד געענטפערט, — איך בין שוין ניט מיעד. דערווייל וועל איך אַריין אין צווייטען צימער דאַווענען מעריב.

ווען יואל דוד איז אַרויס פון דעם צימער, האָבען די דריי ווייבער, חנה, ריינקע און יאַכע גענומען ריידען וועגען איהם.

— איהר האָט געהערט, צעהן טויזענט רובעל האָט מען געלייזט דאָרט אויף זיין קאָנצערט? — האָט ריינקע מיט צופרידענהייט געזאָגט, — איהר פאַרשטעהט, דאָרט זיינען געווען פופציג אידישע משפּחות-נשרפים. שטעלט זיך פאָר, אַז יעדער איינער פון זיי האָט געקראָגען צוויי הונדערט רובעל, זיי זיינען דאָך פּלוצלונג אויפגעריכט געוואָרען. אַ קלייניגקייט, צוויי הונדערט רובעל. איצט זעהט איהר שוין וואָס פאַר אַ דימענטענע האַרץ ער באַזיצט?

— ער איז אַ מלאך, מאַמעשי, — האָט חנה'לע אויסגערופען, — ער וואָלט דאָך פאַר יענעם אַוועקגעגעבען זיין לעצט העמד... נו, פרעג איך אייך, יאַכע, האָב איך געהאַט אַ רעכט איהם צו שטערען? ! איהם ניט צו לאָזען פאָהרען?!...

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז דו וואָלסט איהם ניט באַדאַרפט לאָזען!
— האָט יאַכע אויסגערופען.

— איהר האָט שוין פאַרגעסען, יאַכע, אַז פאַר די לעצטע עטליכע וואָכען זייט איהר צו מיר געקומען און מיך גע'מוסר'ט פאַר וואָס איך האָב איהם געלאָזט אוועקפאָהרען. איהר האָט מיר געזאָגט אַז עס פעהלט מיר שכל.

— איך? ! וואָס רעדסטו, חנה'לע! ווי קום איך דיר צו זאָגען אַזעלכע ווערטער!

— איך האָב ניט פאַרגעסען! איהר האָט מיר אפילו געגעבען דעם משל מיט חוה'ן און דעם עפּעל. איהר געדענקט? איהר האָט מיר געזאָגט אַז אַ פרוי איז אפשר שוואַכער פון אַ מאַן, דאַריבער האָט איהר גאָט גע־געבען מעהר כח אין איהר מויל און, הייסט עס, איך האָב זיך ניט באַנוצט מיט אָט דעם כח און איהם ניט אָפּגערעדט פון פאָהרען. דערפאַר האָב איך קיין שכל ניט?

— אוי, רייד ניט קיין נאַרישקייטען. ניט דאָס האָב איך געמיינט... זאָלט איהר מיר ביידע זיין געזונט און אויסלעבען אייערע יאָהרען אין גליק און פרידען.

— און דו אויך, מאַמע, האָסט מיר גענוג שווער געמאַכט דאָס האַרץ, — האָט זיך חנה צו איהר געווענדעט, — דו האָסט מיר געזאָגט, אַז צו העלפען די נשרפים איז ניט געווען די איינציגע אורזאַכע וואָס איהם האָט געצויגען קיין וואַרשע.

— איך האָב געזאָגט, טאָכטער! דו ווייסט דאָך ווי שטאַרק באַזאָרגט מיר זיינען אַלע געווען, און איך האָב ניט געקענט צוזעהן דיין צער, האָט מיך פאַרדראָסען אויף איהם... איך האָב דיר געזאָגט, אַז ווען דו וואָלסט איהם געזאָגט ניט צו פאָהרען קיין וואַרשע וואָלט ער ניט געפאָהרען. אָבער צו וואָס דאַרפען מיר איצט דערמאָנען די אַלע פּלוידערייען. גאָט צו דאַנקען, ער איז געקומען געזונטערהייט צוריק און ער האָט געהאָלפען אַזוי פיל אידען... זאָל איהם גאָט דערפאַר באַצאָלען כפל כפלים, איהר זאָלט זיך אויסלעבען אייערע יאָהרען אין עושר און אין כבוד און אין גליק.

יואל דוד האָט געענדיגט דאַווענען מעריב און ער איז אריין אין עס־צימער וואו דער טיש איז שוין געווען געגרייט.

אין א ווײלע אַרום איז געקומען ר׳ מרדכי. מען האָט זיך געוואַשען צום עסען און זיך געזעצט עסען.

חנה׳לע האָט איהרע אויגען ניט אַרונטערגענומען פון יואל דוד׳ן. זי האָט איהם נאָכגעקוקט ווי ער עסט און איהר האָט זיך געדוכט אַז ער עסט אָהן אַפּעטיט. זי האָט איהם אַלע ווײלע דערלאַנגט עפּעס אַנדערש און צו איהם צוגעשטאַנען ער זאָל אַלעם אויפעסען.

— דו האָסט אין גאַנצען פאַלאָרען דיין אַפּעטיט! — האָט חנה׳לע געזאָגט, — דו עסט דאָך גאָרניט!

— איך בין ניט הונגעריג! — פאַרענטפערט זיך יואל דוד.

— אָבער, מישטיינס געזאָגט, וואָס דו האָסט געגעסען אונטערוועגענס!

— האָט חנה׳לע א שאָקעל געטאָן מיט קאָפּ, — דו האָסט דאָך אָפּגעשמאַכט עטליכע טעג, און אפילו פריהער ווען דו האָסט עפּעס צוגעביסען צוזאַמען מיט דיינע משוררים, האָסטו קוים געגעסען... איך האָב געזעהן ווי שייקע פּייפער און די אַנדערע משוררים האָבען אָהן עין הרע געגעסען מיט אַפּעטיט. דאָס גאַנצע ברויט מיט די טוץ הערינג זיינען אין עטליכע מינוט פאַר־שוואונדען געוואָרען... זאָג מיר, יואל דוד, ביזטו ניט מיט אַלעמען?

— איך פיהל זיך גאַנץ גוט, — האָט יואל דוד געזאָגט, — נאָר איך בין ניט אַזוי הונגעריג... דאָס אַלעס...

די דינסט־מיידעל האָט אויפגעשטעלט דעם זודיגען סאַמאָוואַר אויף דעם טיש, און ריינקע האָט אריינגעבראַכט פון פאַרשלאָסענעם אַלקערל די סלאָיקעס וואַרעניע.

זיי האָבען אָפּגעבענשט און זיך ווידער פאַנאַנדערגערעדט. יואל דוד האָט דערצעהלט וועגען דעם וואַרשעווער לעבען, וועגען די אידען, און אויך וועגען די פּוילישע אַריסטאָקראַטען וועלכע זיינען געקומען איהם הערען.

— איהר ווייסט, יאָכע, אַז אפילו דער גובערנאַטאָר פון וואַרשע איז איהם געקומען הערען, — רופט זיך אָן ריינקע צו איהר.

— יאָ, דער גובערנאַטאָר, — האָט יואל דוד צוגעגעבען, — נאָכ׳ן

קאָנצערט האָט ער געשיקט אימיצען מיך איינצולאַדען צו קומען צו איהם אין לאָזשע.

— לאָזשע איז ווייט פון וואַרשע? — פרעגט איהם יאַכע.

— ניין, מומע, לאָזשע איז ניט קיין שטאָט אָדער שטעטל. א לאָזשע איז אן אָפּגעצאַמטער פּלאַץ אין טעאַטער אָדער אין א קאָנצערט זאַל, — האָט יואל דוד געשמייכעלט.

— נו, וואָס האָט דער גובערנאַטאָר מיט דיר גערעדט?

— ער האָט מיר באַדאַנקט פאַר מיין זינגען און האָט מיך פאַרגע־שטעלט פאַר זיין פרוי. די גובערנאַטאָרשע. ער האָט מיט מיר אָפּגעשמועסט א היבשע ווייַלע און צום סוף האָט ער מיך איינגעלאַדען צו זינגען ביי איהם אויף עפּעס א פייערונג וואָס וועט פאָרקומען אין א חודש אַרום... פאַר־שטעהט זיך, אַז איך האָב זיך ענטזאַגט.

— נו, און ער איז אויף דיר ניט געוואָרען אין כעס?

— איך האָב איהם ערקלעהרט אַז איך וועל דאַרפען זיין אין ווילנע ביז יענער צייט... ער האָט מיך אפילו פּרובירט אָפּריידען, אָבער איך האָב איהם געזאָגט כ׳בין געבונדען מיט א קאָנטראַקט צו דער ווילנער שוהל ביז דעם קומענדען הערבסט און איז וועל דאָרט מוזען זיין כדי נאָכצוקומען אַלע מיינע פליכטען.

— דו האָסט איהם באַדאַרפט זאָגען אַז דו ביזט געבונדען צו ווילנע מיט א קאָנטראַקט פאַר עטליכע יאָהר, — האָט ר׳ מרדכי זיך אָנגערופען.

— צו וואָס זאָל איך זאָגען א ליגען?

— עס וואָלט גאָר ניט געווען קיין ליגען. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז די ווילנער קהלה האָט דיר געוואָלט געבען א קאָנטראַקט אויף פינף יאָהר.

— עס איז א גוטע זאַך וואָס ער האָט זיך ענטזאָגט אָנצונעהמען אַזא קאָנטראַקט, — האָט חנה׳לע געזאָגט, — פאַרוואָס זאָל ער אַרבייטען אַזוי שווער פאַר אַזוי ווינציג געלד?!... האָסטו דאָך געהערט, טאַטע, אַז אין וואַרשע וויל מען איהם געבען פינף מאָל אַזוי פיעל ווי ער קריגט דאָ.

— איך פרעג דיך, טאָכטער, איז ביי דיר רעכט אַז יואל דוד זאָל פאַר־לאָזען ווילנע אויף שטענדיג און זיך באַזעצען אין וואַרשע?

— אין וואַרשע איז גאָר ניט אַזוי שלעכט! — האָט יואל דוד געזאָגט, — דאָרט זיינען אויך פאַראַן אידען, איך מיין גוטע און פרומע אידען ווי אין ווילנע.

— אָבער ווי קענסטו גאָר טראַכטען צו פאַרלאָזען דיין משפחה און זיך באַזעצען אין וואַרשע? — פרעגט איהם ר׳ מרדכי.

— אויב עס וועט מיר אויסקומען זיך צו באַזעצען אין וואַרשע, וועל איך שוין זעהן אַז חנה׳לע און אונזער טעכטערל זאָלען אויך אַהין קומען.

— אָבער, חנה׳לע, וועט ביי דיר זיין רעכט צו פאַרלאָזען דיין משפחה, דיין טאַטע־מאַמע, דיין שוועסטער און אַלע דיינע קרובים און זיך באַזעצען אין דער פרעמד? ! — האָט ריינקע זיך צו איהר אָנגערופען.

— דערווייל פאַהרען מיר נאָך ניט — האָט חנה׳לע געזאָגט, — איך

ביז זיכער אַז ווען די ווילנער בעלי בתים וועלען אויסגעפינען אַז ער קען קריגען אין וואַרשע פינף מאָל אַזוי פיעל וועלען זיי איהם אַלייז אויך געבען אַ העכערונג!

— אָבער עס דאַרף דאָך צו אַלץ זיין אַ שיעור! ערשט פאַר־אַ־יאָהרען האָט מען פאַרדאָפּעלט זיינע שכירות, טאָ ווי קען ער קומען צו זיי מיט נאָך גרעסערע פאָדערונגען? — האָט ר׳ מרדכי אויסגערופען.

— איך האָב ניט אין זינען צו קומען צו זיי, — האָט יואל דוד געזאָגט, — אַלעס וואָס איך וועל טאָן איז זיך ניט מעהר פאַרבינדען מיט אַ קאָנ־טראַקט צו ווילנע... איך האָב זיך אַרומגעזעהן אַז עס לוינט זיך פאַר מיר ניט צו זיין געבונדען... איך וויל זיין פריי, קיינער דאַרף מיר ניט זאָגען קיין דעה וואָס צו טאָן. צי איך האָב אַ רעכט אָפּצופאָהרען פון ווילנע... איך געדענק די שוועריגקייטען וואָס איך האָב געהאַט לעצטען מאָל... און כאָטש עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען ראַטעווען אַזוי פיעל פאַראומגליקטע אידען, נשרפים, זיינע פיעלע געווען געגען מיין פאָהרען.

— וואָס איז דער אונטערשייד, זיי האָבען דאָך דיר פאָרט ערלויבט צו פאָהרען, — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט.

— אָבער צו וואָס דאַרף איך האָבען זייער ערלויבניש אַז איך קען זיין פריי צו טאָן וואָס עס איז בעסער פאַר מיר.

עס האָבען זיך געהערט טריט אויף די טרעפּ. די טיר איז געווען אָפען צוליב דער היץ, און באַלד האָבען זיך באַוויזען איינינע פון די גבאים, דער גבאי ראשון, ר׳ שמעון און נאָך איינינע צוזאַמען מיט׳ן רב ר׳ שלמה.

אַלע האָבען געדריקט יואל דוד׳ס האַנד, און אויסגעדריקט זייער פרייד וואָס ער איז געקומען געזונטערהייט.

מען האָט זיך געזעצט ביים טיש, און יואל דוד האָט ווידער גענומען דערצעהלען פון אָנפאַנג די אַלע איינצעלהייטען. רייזעלע האָט דערווייל אָנ־געגאָסען די גלעזער מיט טהעע און דערלאַנגט יעדען איינעם אַ טעצעל מיט וואַרעניע.

עס זיינען אָנגעקומען נאָך מענשען. רייזעלע׳ס שוועסטער חוה מיט׳ן מאַן, און אַנדערע קרובים. מען האָט פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

— איך ווייס ניט וואָס פאַר אַ שמחה עס וועט זיין אין ווילנע אַז מיר וועלען מודיע זיין אַז דער ווילנער באַלעבעסיל וועט היינטיגען שבת דאַווענען אין שטאָט־שוהל, — האָט דער גבאי ראשון געזאָגט.

— אפשר זאָל ער זיך נאָך אויסרוהען היינטיגען שבת? — האָט חנה׳לע זיך אָנגערופען.

— אָבער היינטיגען שבת איז דאָך שבת מברכים. מען בענשט ראש חודש אלול, — האָט ר׳ שמעון געזאָגט, — נאָר אויב יואל דוד וועט זיין מיעד וועט ער בלויז בענשען ראש חודש.

— אויב ער וועט בענשען ראש חודש וועט ער שוין דאַווענען דעם גאַנצען מוסף, — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט. — האַ, וואָס זאָגסטו, יואל דוד?

— איך וועל אם ירצה השם זיין גוט אויסגערוהט ביז שבת, — האָט יואל דוד זיך אָנגערופען, — איך בין גאָרנישט אַזוי מיעד.

— אט אזוי! — האט דער גבאי ראשון אויסגערופען מיט שמחה, איין קלייניגקייט, יואל דוד איז צוריקגעקומען אין ווילנע פון ווארשע און ער וועט ניט דאווענען שבת מברכים?!... נו, הייסט עס, אז דו וועסט דאווענען מוסף?!

— אם ירצה השם, מיט גאט'ס הילף, — האט יואל דוד געזאגט

# קאפיטעל 17

די שטאט שוהל אין ווילנע איז יענעם שבת געווען נאך מעהר געפאקט ווי שטענדיג ווען יואל דוד פלעגט דאווענען. שוין גאנץ פריה האבען שוין די בעלי בתים וועלכע האבען געהאט "שטעדט" אין ווילנער שטאט שוהל גע־האט שוועריגקייטען צוצוקומען צו זייערע פלעצער. מען איז "געשטאנען אויף די קעפ" און ווען מען האט געענדיגט דאווענען, האבען איהם די חשוב'ע בעלי בתים און גבאים ארומגערינגעלט און אויסגעדריקט זייער באגייסטערונג פונקט ווי ער וואלט איצט זיי איבערראשט מיט'ן ערשטען מאל דאווענען.

אין דרויסען האט דער גרויסער המון געווארט מיט אומגעדולד צו כאפען א בליק אויף זייער באליבטען חזן דער ווילנער באלעבעסעל נאך וועמען זיי האבען אזוי שטארק געבענקט.

יואל דוד האט זיך געפיהלט גאנץ אונבאקוועהם. די גרויסע באגייס־טערונג און ענטוזיאזם וואס יעדער איינער האט איהם ארויסגעוויזען האט שווערער געמאכט זיין הארץ... ער האט געטראכט פון דעם אז גאר אין גיכען וועט ער זיי דארפען פארלאזען. ווי אזוי וועט ער זיי אלעמען קאנען אנזאגען די בשורה אז ער האט באשלאסען צו געהן קיין ווארשע? מילא, דאס וואלט אפשר פאר איהם ניט געווען אזוי שווער. אבער ווי אזוי וועט ער צו־גרייטען חנה'לען און איהר משפחה?... ווי גוט עס וואלט געווען ווען חנה'לע קאן מיטרייזען מיט איהם... ער וואלט איהר דערוויייל גאר ניט באדארפט דערציילען אז ער איז פארבונדען מיט א קאנטראקט צו שפילען אפערא. זיי וואלטען געמיינט אז ער פאהרט קיין ווארשע אנצונעהמען די שטעלע אלס חזן. און ווען זיי וואלטען דארט געווען וואלט ער איהר שוין דערצעהלט דעם אמת. זי וואלט געזעהן די רייכקייט און דעם כבוד וואס ער קריגט. יע, עס וואלט איהר לאנג ניט גענומען און זי וואלט צו דעם צוגעוואוינט גע־ווארען...

ער ווייסט, אבער, יואל דוד, אז דאס איז אוממעגליך. חנה'לע וועט מיט איהם ניט מיטפאהרען... ערשטענס, וועט זיין א געפאהר פאר'ן קינד ארויסצולאזען זיך אין אזא ווייטען וועג, גלייך נאך סכות אין די רעגענס און אין די בלאטעס. צווייטענס וואלטען איהרע עלטערען איהר ניט געלאזען. זיי וועלען געווען שטורמען געגען זיין פארלאזען ווילנע. און וואס פאר אן אויסרייד וועט ער זיי קאנען אנגעבען, אויב די ווילנער אידישע קהילה וועט

איהם אויך געבען א הוספה וואָס וועט זיין כמעט דאָס זעלבע וואָס ער האָט זיי געזאָגט אז ער קען באקומען אין ווארשע?...

אָט די דאָזיגע געדאנקען האָבען איהם שטארק באאומרוהיגט, איבער־הויפט זעהענדיג ווי דער עולם ווייזט ארוים אזא התלהבות וועגען איהם. הלואי וואָלטען זיי זיך אָפּגעקיהלט צו איהם — האָט ער געוואונשען.

אָבער דער דאָזיגער וואונש זיינער איז ניט מקוים געוואָרען. ער האָט געפיהלט אז מען פארגעטערט איהם, אז אלע שאצען איהם אָפּ נאָך מעהר...

און אָט האָבען זיך אָנגעפאנגען אין זיין הויז די רעפּעטיציעס מיט זיין כאָהר פאר די ימים נוראים און היי־יאָהר נאָך מעהר ווי אלע אנדערע יאָהר, איז סטראשונ'ס הויף און די גאס ארום זיין הויז שווארץ געוואָרען פון מענ־שען, מענער, פרויען און קינדער. אלע האָבען מיט גרוים פארגעניגען זיך צו־געהערט צו זיין איינזינגען מיט'ן כאָהר. ר' מרדכי'ס הויז איז שטענדיג געווען פול מיט חשוב'ע בעלי בתים און גבאים. מען האָט גערעדט גאנץ אָפען אז מען וויל ר' מרדכי'ן אויסקלייבען פאר'ן גבאי ראשון, אָט דעם דאָזיגען אמט האָט ער שוין ניט געהאַלטען באלד צעהן יאָהר... ר' מרדכי האָט געהאט גרוים פארגעניגען פון די רייד פון די בעלי בתים, כאָטש ער האָט געוואוסט אז דאָס ווילען זיי טאָן, כדי צו פארזיכערען זיך מיט דעם, אז יואל דוד וועט בלייבען אין ווילנע. ווייל זינט זיין אוועקפאָהרען קיין ווארשע האָבען די ווילנער בעלי בתים זיך גענומען שרעקען טאָמער וועט מען איהם אוים־כאפּען פון זיי...

ניט איין מאָל האָבען די גבאים און די בעלי בתים צווישען זיך גע־רעדט וועגען דעם.

— עפּעס איז ער ניט דער זעלבער יואל דוד! — האָט זיך אָנגערופען איין גבאי.

— איך פארשטעה ניט וואָס דו מיינסט! וואָס הייסט ניט דער זעל־בער? האָט ער דען ניט געדאווענט אזוי גוט ווי אלע מאָל?

— ווער רעדט וועגען זיין דאווענען? איך מיין, עפּעס איז ער געוואָרען מעהר ערנסט, מעהר באזאָרגט... מיר דוכט זיך אז די גאנצע פרעהליכקייט האָט זיך פון איהם אָפּגעטאָן.

— דאָס דוכט זיך אייך אזוי. איהר פארגעסט אז די ימים נוראים קומען אָן און יעדער איד איז אומעטיג אין דער צייט...

— איך האָב שוין גערעדט מיט ר' מרדכי'ן און ער האָט מיר געגעבען אָנצוהערען אז אין ווארשע האָט מען געמאכט א פארזוך איהם אָפּצורייסען פון אונז.

— ווער ווייסט, אפשר האָבען זיי איהם דאָרט פארדרעהט דעם קאָפּ.

— דאריבער זאָג איך, אז מיר זאָלען טאקע איצט, א פּאָר וואָכען פאר ראש השנה זעהן צו שרייבען מיט איהם א קאָנטראקט אמווייניגסטען פאר נאָך צוויי יאָהר.

— דארף ער דאָך פריהער וועלען. איהר האָט פארגעסען וויפיעל שווע־ריגקייטען מיר האָבען געהאט לעצטען יאָהר איידער מיר האָבען פון איהם ארויסבאקומען א קאָנטראקט פאר בלויז איין יאָהר...

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אַז ער וועט ווידער פון אונז פאַרלאַנגען אַ הוספה — האָט נאָך אַ גבאי געזאָגט.

— און מיר וועלען איהם מוזען געבען אויך!

— עס ווענדט זיך וויפיעל ער וועט פאַרלאַנגען!

— איך גלויב אַז וויפיעל ער זאָל ניט פאַרלאַנגען וועלען מיר איהם מוזען געבען.

— עט, נאַרישקייטען. וואָס הייסט וויפיעל ער וועט פאַרלאַנגען! עס דאַרף דאָך זיין אַ שיעור?... מיר דאַרפען וויסען וויפיל מיר וועלען האָבען די מעגליכקייט צו געבען.

— אויב אַזוי קאָן איך אייך זאָגען אַז איך האָב געהערט אַז אין וואַרשע האָט מען איהם אָנגעבאָטען צו צאָהלען איהם שכירות פינף מאָל אַזוי פיעל. איהר הערט פופציג רובעל אַ וואָך. נו, פרעג איך אייך וועלען מיר עס קאָנען באַהויפטען?

— אויב אין וואַרשע גיט מען איהם פופציג רובעל, וואָלט ער גיכער געבליבען דאָ אויב אפילו מיר וועלען איהם געבען אַ העלפט.

— וואָס רעדט איהר אַ העלפט? ווייסט איהר וויפיעל דאָס איז? עס איז דאָך פינף און צוואַנציג רובעל אַ וואָך. וואו איז דאָס געהערט געוואָרען? פון וואַנען וועלען מיר נעהמען אַזוי פיעל געלד?

— מען וועט זיך מוזען אַן עצה געבען!

— מיין עצה איז אַז מיר זאָלען מאַכען ר׳ מרדכי׳ן זיין שווער, פאַר גבאי ראשון, און זאָל ער שוין זאָרגען וועגען דעם.

— דאָס איז גאָר ניט קיין שלעכטער פּלאַן... ווען ער וועט ווערען גבאי ראשון וועט דער ווילנער באַלעבעסעל ניט האָבען קיין מוטה צו פאַרלאַנגען אַזאַ גרויסע הוספה.

— מיר דאַרפען עס טאָן וואָס פריהער, אַנשטאָט צו וואַרטען ביז חול המועד סוכות, וואָלטען מיר נאָך פאַר ראש השנה באַדאַרפט איהם אויסקלייבען אַלס גבאי ראשון.

— און וואָס וועט דער איצטיגער גבאי ראשון זאָגען דערצו? וואָס הייסט ער וועט אויפגעבען זיין גבאות פונקט ערב ראש השנה. אַלע כבודים קריגט דער גבאי ראשון דורך די ימים נוראים און זיין טערמין ענדיגט זיך חול המועד סכות, טאָ פאַר וואָס וועט ער עס וועלען אויפגעבען?

— איך נעהם זיך אונטער דורכצורעדען מיט איהם — האָט איינער פון די גבאים געזאָגט. ווען ער וועט זעהן וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך וועט ער אַליין נאָכגעבען... יואל דוד איז ביי איהם אַזוי טייער ווי ביי אונז אַלע־מען און אַז ער וועט וויסען אַז דורכדעם וואָס מען וועט מאַכען ר׳ מרדכי׳ן פאַר גבאי ראשון וועלען מיר קאָנען פאַרהאַלטען דעם ווילנער באַלעבעסעל אויף לייענגער ניט דאַרפענדיג געגען איהם אַ צו גרויסע הוספה, וועט ער ניט זיין דאַגעגען.

— אויב איהר וועט עס קענען דורכפיהרען וועלען מיר אייך אַלע דאַנק־באַר זיין — האָט דער גבאי געזאָגט — ווייל מיר זיינען אַלע באַזאָרגט ווע־גען דעם.

איך געה טאַקע באַלד אַריבער צום גבאי ראשון אין שטוב און איך וועל זיך מיט איהם דורכריידען!

— זייט מצליח! — האָבען איהם די איבעריגע צוגעוואונשען.

ניט אַזוי גרינג איז איהם אָנגעקומען איבערצוריידען דעם גבאי ראשון ער זאָל אויפגעבען זיין גבאות פאַר דער צייט. אָבער ווען יענער האָט איהם ערקלעהרט אַז עס איז פאַראַן אַ געפאַהר אַז ווילנע זאָל פאַרלירען איהר ליב־לינג, דעם שטאָט חזן האָט ער שוין איינגעשטימט.

מען האָט באַלד אויף מאָרגען פאַררופען אַן אסיפה און מען האָט גע־לאָזט וויסען ר' מרדכי'ן אַז דער גבאי ראשון זאָגט זיך אָפּ פון זיין אמט און אַז מען וועט איהם אויסקלייבען פאַר גבאי ראשון.

ר' מרדכי האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטען. ער איז געווען איבער־גליקליך. אַ קלייניגקייט, ער וועט ווידער ווערען גבאי ראשון. און טאַקע פאַר וואָס ניט? מיט וואָס איז ער ערגער פון ר' זכריה'ן און פון ר' שמעונ'ען, די פריהערדיגע הויפּט גבאים?

אַ גליקליכער און צופרידענער איז ער אַוועק אַהיים און ער האָט דער־צעהלט פאַר אַלעמען אַז מען האָט זיך צו איהם געווענדעט ער זאָל אָננעהמען דעם אמט פון גבאי ראשון, ווייל דער איצטיגער גבאי ראשון האָט רעזיגנירט.

— און פאַר וואָס האָט ער רעזיגנירט? — פרעגט איהם יואל דוד.

— דער גוטער יאָהר ווייסט איהם! האָט ר' מרדכי אַ צוק געטאָן מיט זיינע שולטער — ווי פיעל איז דער שיער צו זיין גבאי ראשון? אויב איך מאַך ניט קיין טעות איז ער שוין באַלד פיער יאָהר גבאי ראשון.

— אָבער זיין טערמין ענדיגט זיך דאָך חול המועד סוכות, טאָ פאַר וואָס זאָל ער פּלוצלונג רעזיגנירען? האָט ער דאָך געקענט וואַרטען ביז דאַן!

— האָט יואל דוד אַ זאָג געטאָן. אפשר איז דאָ דערביי אַ כונה.

— וואָס איז עס מיין עסק! אַלע ווילען איך זאָל עס אָננעהמען, טאָ פאַר וואָס זאָל איך נאָכקלערען.

— יע, קיין שאַנדע איז עס דאָך ניט! — האָט ריינקע זיך אָנגערופען

— צו זיין גבאי ראשון אין ווילנער שטאָדט שוהל איז ניט קיין קלייניגקייט!

— עס איז שוין לאַנג צייט געווען אַז מען זאָל דיך מאַכען פאַר גבאי ראשון. דו האָסט געגנוג געזונד דיינס אַוועקגעגעבען פאַר דער שטאָדט שוהל.

— און איך האַלט אַז איהר דאַרפט ניט אָננעהמען דעם דאָזיגען אמט אין אַזא צייט! האָט יואל דוד זיך אָנגערופען.

— איך פאַרשטעה ניט — האָט ר' מרדכי אַ צוק געטאָן מיט די שולטער

— וואָס מיינסטו אין אַזא צייט?

— איך וועל אייך זאָגען, שווער — האָט יואל דוד אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ — איך וויל זיין מיט אייך גאַנץ אָפען — איך האָף אַז איהר וועט ניט זיין ברוגז אויף מיר — איך גלויב אַז מען וויל אייך מאַכען גבאי ראשון...

— צוליב וואָס?

— צוליב דעם אַז איהר זאָלט אויף מיר ווירקען איך זאָל מעהר קיין

הוספה ניט פאָדערן. זיי פאַרשטעהען גאַנץ גוט אַז איך וועל דעם קומענדען יאָהר ניט וועלען בלייבען ביי זיי אויף די זעלבע שכירות.

— אַ, נאַרישקייטען, זיי ווייסען גאַנץ גוט אַז איך מיש זיך ניט אין דיינע געשעפטען. פון לעצטען מאָל ווייסען זיי אַז איך האָב זיך צוריקגע־צויגען ווען זיי האָבען מיט דיר פאַרהאַנדעלט.

— אלס איינפאַכער גבאי האָט איהר זיך געקענט צוריקציהען, אָבער ווען איהר וועט זיין גבאי ראשון וועט איהר שוין עס ניט קענען טאָן. מען וועט פון אייך פאַרלאַנגען איהר זאָלט זעהן ווירקען אויף מיר אַז איך זאָל ניט אַרויסשטעלען קיין צו גרויסע פאָדערונג.

— דו ביזט נאָך ניט קיין גזלן, דו וועסט פון דער קהלה ניט פאַרלאַנגען דאָס וואָס איז אונמעגליך — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט — און קהל איז אויך ניט קיין גזלן און מען וועט, האָף איך, לייכט דורכקומען מיט דיר.

— אויב אַזוי וויל איך אַז איהר זאָלט וויסען, אַז איך האָב אין זינען אָנצונעהמען די שטעלע אין וואַרשע, סיידען זיי וועלען מיר דאָ געבען דאָס זעלבע וואָס מען באָט מיר אָן אין וואַרשע.

— וואָס רעדסטו, יואל דוד? דו ווייסט גאַנץ גוט אַז דאָס איז אונמעג־ליך. דו געדענקסט ווי שווער עס איז דיר אָנגעקומען צו קריגען דיין הוספה לעצטען יאָהר, און דאַן האָסטו פאַרלאַנגט אַ הוספה פון בלויז פינף רובעל. און איצט, לויט דיין חשבון, וועט אויסקומען אַז דו פאַרלאַנגסט אַ הוספה פון פערציג רובעל אַ וואָך... יע, אין וואַרשע זאָגסטו, באָט מען דיר אָן פופ־ציג רובעל אַ וואָך שכירות, און דאָ קריגסטו איצט צעהן רובעל אַ וואָך. און אויב דו וועסט פאַרלאַנגען די זעלבע סומע פון ווילנע וועט אויסקומען אַז דו פאַרלאַנגט גאַנצע פערציג רובעל אַ הוספה.

— איך וועל זיי ניט צווינגען מיר עס צו געבען. אָבער אויב איך האָב די מעגליכקייט צו פאַרדינען מעהר, זעה איך ניט איין פאַרוואָס איך זאָל עס ניט טאָן. קהל קען דאָך פון מיר ניט פאַרלאַנגען איך זאָל מנדב זיין פערציג רובעל אַ וואָך פון מיינע שכירות.

— דאָס פאַרשטעה איך שוין גאָר ניט, וואָס הייסט מנדב זיין. נו, און אַז עס וועלען זיך געפינען אַנדערע פלעצער וואו מען וועט דיר אָנבאָטען הונדערט רובעל אַ וואָך. מאַלע וואָס מען באָט אָן.

— אויב עס וועלען זיך געפינען אַנדערע פלעצער, וואָס וועלען מיר געבען נאָך מעהר, גלויב איך אַז עס איז מיין פליכט צו מיין פרוי און קינד אָנצונעהמען די שטעלע דאָרט וואו איך קען נאָר פאַרדינען אַממערסטען.

— אָבער דו וועסט דאָך דאַרפען אַוועק פון ווילנע און זיין אין דער פרעמד.

— מיט געלט איז מען אין ערגעץ ניט פרעמד — האָט יואל דוד געזאָגט — וואַרשע איז אויך אַ פיינע אידישע שטאָט און מען קען זיך דאָרט אויך לעבען גאַנץ רוהיג און באַקוועהם.

— אָבער דו וואָלסט פאַרלאַנגט פון חנה׳לען זי זאָל פאַרלאָזען איהר משפחה און געהן אין דער פרעמד.

— חנה׳לעס משפחה וועט זיין מיט איהר... יע, איהר מאַן און אונזער

קינד. איך פרעג אייך, שוועער, וויפיל פרויען, וועלכע האבען חתונה געהאט, וואהנען מיט זייערע עלטערען?

— אה, איך פארשטעה, דו ביזט ניט צופרידען צו זיין מיט אונז צו־זאמען. מיר דוכט זיך, אז מיר האבען דיך גאנץ גוט באהאנדעלט די גאנצע צייט. זאל חנה'לע זאגען.

— ניין, טאטע, יואל דוד מיינט עס ניט! — האט חנה'לע זיך אנגערו־פען. דו ווייסט אליין אז ווען מיר וואלטען געווען פאר זיך, וואלטען מיר ניט געקענט אויסקומען מיט די שכירות וואס ער קריגט. איך מיין פאר א מענשען פון זיין שטאנד...

— איך זעה שוין טאכטער, אז אויך דו ווילסט אונז פארלאזען. ביי דיר איז רעכט אוועקצוגעהן פון אונז קיין ווארשע, וואו דו וועסט פארבלייבען, גאט וויים ווי לאנג, און מיר וועלען זיך זעהן איין מאל אין צעהן יאהר, אז גאט וועט אונז לאזען לעבען.

— דו מאכסט א טעות, טאטע. איך וויל ניט פארלאזען ווילנע פונקט ווי דו ווילסט ניט מיר זאלען פון דאנען אוועק. אלעס וואס איך וויל איז, אז די ווילנער בעלי בתים זאלען איינזעהן אז מיר דארפען לעבען ווי מענ־שען, ווי עס פאסט פאר אזא מאן ווי מיין יואל דוד. און איך פארזיכער דיר, אז ווען זיי וועלען איהם אנפאנגען צאהלען גוטע שכירות, לויט זיינע פארדינסטען, וועלען מיר אפילו ניט טראכטען פון אוועקצוגעהן פון ווילנע. ניט אמת, יואל דוד?

— המ... יע, אמת. אבער זיי וועלען דארפען גוט מאכען מיין פארלוסט וואס איך וועל האבען אויב איך וועל ניט אננעהמען דעם אנבאט פון ווארשע.

— דו ווייסט גאנץ גוט, אז דאס איז אונמעגליך. ווארשעווער קהלה איז א רייכע און קען באהויפטען, און די ווילנער קהלה קען אפילו ניט בא־הויפטען צו צאהלען א העלפט.

— טא וואס וואלט איהר געוואלט אז איך זאל ביישטייערען אזוי פיעל צו דער ווילנער קהלה. ניין, דאס קען איך קיין מאל ניט, און דעריבער זאג איך אייך אז מען וויל אייך מאכען פאר גבאי ראשון כדי איהר זאלט זעהן אז איך זאל איינשטימען צו בלייבען דא אין ווילנע פאר די זעלבע שכירות.

— איך זאג דאך דיר, אז איך וועל זיך נישט מישען.

— אבער אז עס וועט האלטען ביי־דעם, אז איך וועל מיט זיי ניט קענען דורכקומען וועלען זיי פארלאנגען פון אייך איהר זאלט מאכען א פשרה און איך וויל אייך זאגען, אז איך וועל קיין מאל ניט איינגעהן אויף קיין פשרה.

— דאס וועט שוין זיין עקשנות פון דיין זייט — האט ר' מרדכי געזאגט — אין יעדען סכסוך דארף מען קומען צו א פשרה. יעדער צד דארף אביסעל נאכגעבען. דער גיט נאך אביסעל, יענער אביסעל... און מען קומט דורך.

— זייענדיג אין ווארשע האב איך זיך ארומגעזעהן וואס פאר א נאר איך בין געווען, אוועקצוגעבען מיין געזונט, מיין לייב און לעבען פאר א שבוש, פאר גראשענס. שטעלט זיך פאר וויפיל יאהרען איך האב פאר זיי גע־דאווענט און איהר אליין וועט דאך צוגעבען אז איך האב אלעמען צופריי־דענגעשטעלט...

— צופרידענגעשטעלט! — האט חנה׳לע אונטערבראכען זיינע רייד — צופריךענגעשטעלט, זאגסטו? ! זיי האבען דאך געלעקט די פינגער פון דיין דאווגען...

— און וואס האב איך פון זיי געקראגען? די ערשטע עטליכע יאהר פיער רובעל א וואך און דאן פינף רובעל און אויף דעם עלפטען יאהר ערשט האבען זיי מיר געגעבען צעהן רובעל א וואך. עס איז דאך פאר מיר אין ווארשע געווען א שאנדע צו ריידען וועגען דעם.

— עס איז אמת, אז צעהן רובעל א וואך איז ניט קיין גרויסע שכירות, אבער דו פארגעסט אז ביז דיר האט קיין שטאט חזן אין ווילנע ניט גענומען מעהר ווי פיער רובעל א וואך... דו קריגסט שוין מעהר ווי צוויי מאל אזוי פיעל.

— אבער טאטע, דו ווייסט גאנץ גוט אז מיין יואל דוד׳ן קאן מען ניט פארגלייכען מיט די אנדערע שטאט חזנים... ער איז דאך איינער אין דער וועלט — האט חנה׳לע מיט שטאלץ אויסגערופען.

— נו, פארשטעהט זיך! דערפאר האט זיך די ווילנער קהילה אנגע־שטרענגט איהם צו צאהלען מעהר ווי איהרע כחות ערלויבען.

— אויב צעהן רובעל א וואך שכירות איז שוין מעהר ווי איהרע כחות, דארף ווילנע זיך ניט געלוסטען צו האבען אזא שטאט חזן ווי איך — האט יואל דוד אויסגערופען — און איך וויל אז איהר זאלט עס וויסען איידער איהר נעמט זיך אונטער צו זיין גבאי ראשון, אז איך וועל בשום אופן ניט איינגעהן אויף אייערע פשרות. דאס פארלאנג איך און אויב זיי ווילען ניט, אדער קאנען מיר ניט נאכגעבען, וועל איך פאהרען קיין ווארשע.

— און איבערלאזען חנה׳לען מיט׳ן קינד?

— חנה׳לע און אונזער טעכטעריל וועלען קאנען פאהרען שפעטער, ווען ס׳וועט זיין זומער, דבורה׳לע וועט דאן עלטער ווערען און איך וועל שוין זארגען אז זיי זאלען קיינע שוועריגקייטען ניט האבען.

— נארישקייטען! — האט ר׳ מרדכי געזאגט — דו ווייסט גאנץ גוט אז חנה׳לע וועט קיין ווארשע ניט פאהרען מיט׳ן קינד, א קליינינגקייט אזא ווייטע נסיעה... וואס מיינסטו איז דאס פון דאנען קיין שניפישאק?

ר׳ מרדכי האט מיט א כיון דערמאנט שניפישאק, כדי איהם נעבען אנצוהערען אז ער האט איהם אוועקגענומען פון אן ארימער פאררויכערטער חורבה אין שניפישאק און ער האט איהם געהאלפען ווערען דאס וואס ער איז איצט.

— איהר זעהט דאך, שווער, אט בין איך געפאהרען קיין ווארשע און צוריק און געבליבען איז השם יתברך מיר האט גארנישט געשאדט... עס פארשטעהט זיך אז איך וועל זיי ניט מיטנעהמען מיט זיך, ווייל נאך סוכות פאנגען זיך אן די קאלטע רעגענדיגע טעג... אבער אם ירצה השם אז עס וועט קומען זומער איז אדער איך אליין וועל קומען נאך זיי, און אויב איך וועל ניט קאנען וועל איך שיקען נאך זיי... הא, וואס זאגסטו חנה׳לע? איך וועל דאך דאן פארדינען אזוי פיל וועל איך קאנען באהויפטען צו דינגען די בעסטע בויד געשפאנט צו פיער פערד...

חנה'לע האט שוין איצט ניט געענטפערט... זי האט גענומען איינזעהן אז ער איז טאקע ערנסט און מיינט טאקע צו פאהרען קיין ווארשע. ביז איצט האט זי געטראכט אז ער וויל נוצען ווארשע אלס א בייטש פאר די ווילנער גבאים, זיי זאלען איהם געבען א הוספה... אבער איצט אז ער וויל ניט אפלאזען פון זיין געפלאנטער פאדערונג אפילו א פרוטה, מיינט ער אנצונעהמען די שטעלע אין ווארשע.

— נו, פארוואס שווייגסטו חנה'לע? — האט יואל דוד זיך צו איהר געווענדעט.

— איך גלויב אז דער טאטע איז גערעכט ווען ער האט געזאגט, אז מען מוז איינגעהן אויף א פשרה... אמת, עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז דו פארדינסט מען זאל דיר דא געבען די זעלבע שכירות וואס ווארשע וויל דיר געבען, אבער דו ווייסט דאך די לאגע... דארפסטו האבען אביסעל איינזעהניש מיט זיי... דו ווייסט גאנץ גוט אז זיי ווילען ניט ווילען דיר פארלירען, און איך גלויב אז ווען דו וועסט נאכגעבען א העלפט, וועסטו קאנען מיט זיי דורכקומען.

— וואס מיינסטו, חנה'לע, איך זאל צו זיי צולייגען גאנצע פינף און צוואנציג רובעל, ווייסטו וואס דו רעדסט?... דאס וועט דאך מיינען איבער הונדערט רובעל א חודש! פארוואס זאל איך עס טאן? צייגט מיר אן אויף איין רייכען בעל הבית וועלכער זאל זיך לאזען קאסטען הונדערט רובעל א חודש פאר דער שוהל, פארוואס זאל איך עס טאן?... עפעס א קלייניגקייט הונדערט רובער א חודש?...

ווען יואל דוד האט גערעדט מיט אזוי פיעל היץ, האט חנה'לע איינגעזעהן אז ער איז טאקע גערעכט, אבער פונדעסטוועגען האט זי פארט ניט געקאנט ביי זיך פועל'ן אז זי זאל איינשטימען, ער זאל פארלאזען ווילנע און בפרט נאך אהן איהר...

— דו ביזט גערעכט, יואל דוד! אבער עס איז דאך ניט קיין איילעניש... זאל אוועקגעהן נאך א יאהר צי צוויי, דערווייל וועט דבורה'לע, זאל געזונט און שטארק זיין, אונטערוואקסען, ווילען מיר דאן צייט האבען...

— חנה'לע, זיי מיר מוחל, דו רעדסט ווי א קינד... וואס הייסט ווארטען! קאן איך דען באהויפטען צו פארנאכלעסיגען אזא געלעגענהייט? וואס מיינסטו, די ווארשעווער קהילה וועט ווארטען אויף מיר אזא לאנגע צייט?... ווען זיי ווילען זעהן אז איך קום ניט ווילען זיי אנשטעלען אימיצען אנדערש... ניין, איך וועל אזא געלעגענהייט ניט דורכלאזען. עס וועט טאקע געשעהן באלד, נאך היינטיגען סוכות... און איך וויל שווער, אז ווען איהר נעמט אן אויף זיך דעם אמט פון גבאי ראשון, זאלט איהר דאס האבען אין זינען. איהר זאלט זיך נאכהער ניט געפינען אין קיין פארלעגענהייט, ווייל אויב אפילו זיי ווילען זיין געצוואונגען מיר נאכצוגעבען מיין גאנצע פאדערונג וועט קהל מורמלען. מענשען ווילען זאגען, איהר האט מיט א כיוון אויסגענוצט אייער אמט צו געבען אייער איידעם אזא גרויסע הוספה פון פערציג רובעל.

— דו וועסט ארונטערלאָזען אביסעל פון דיין פאָדערונג — האָט ר׳ מרדכי א שמייכעל געטאָן. — איך קאָן דאָך דיך גאנץ גוט... מען וועט מיט דיר קאָנען אויסקומען.

— איהר מאכט א טעות, שווער, איך בין גאנץ ערנסט און איך וויל אייך נאָך אמאָל זאָגען אז איך וועל גאָרניט ארונטערלאָזען, און דעריבער ראָט איך אייך כדי זיך איינצושפּאָרען עגמת נפש און זיך ניט ברייננען צו א פארלעגענהייט, ניט אָנצונעמען איצט דעם אמט פון גבאי ראשון.

— הער זיך איין, יואל דוד — האָט ר׳ מרדכי שמייכלענדיג זיך אָנגערופען — איך בין שוין באלד דרייסיג יאָהר א סוחר. איך האָב שוין געהאנדעלט מיט טויזענדע קונים און סוחרים... איך וויים דעם שטייגער פון מסחר... עס האָט נאָך ניט פּאסירט אז א סוחר זאָל קריגען דאָס וואָס ער פארלאנגט פאר זיין סחורה... סיי דער אָרימסטער פּויער און סיי דער רייכסטער סוחר דינגט עפּעס ארונטער. נישקשה איך גלויב אז מען וועט אם ירצה השם דורכקומען. מען וועט צום רב ניט דארפען געהן...

— עס איז מיין פליכט אייך צו זאָגען — האָט יואל דוד א צוק געטאָן מיט זיינע שולטערען — איצט טוט ווי איהר פארשטעהט...

ריינקע, וועלכע איז געזעסען די גאנצע צייט און זיך צוגעהערט צו זייער געשפּרעך שווייגענדיג, האָט זיך שוין מעהר ניט געקאָנט באהערשען און זי האָט זיך אָנגערופען:

— דו מיינסט, יואל דוד, אז דיין שוועער האָט שוין קיינע פארדינסטען ניט פאר דער שוהל און אז דאָס וואָס מען וויל איהם מאכען פאר גבאי ראשון איז עס צוליב דיר, אויב אזוי מאכסטו א גרויסען טעות. דיין שוועער איז שוין געוועזען גבאי ראשון א סך פריהער איידער מען האָט פון דיר געהערט. און הלואי זאָלען מיר דאָס אלע פארדינען יעדען יאָהר וואָס די שוהל האָט אונז שוין אָפּגעקאָסט... איך וויל זיך ניט מישען אין דעם צי דו וועסט יאָ פאָהרען קיין ווארשע צי דו וועסט בלייבען דאָ אין ווילנע, וועגען דעם דארף דיין ווייב האָבען צו זאָגען. אָבער איך וויל אז דו זאָלסט ניט זיין אונטער׳ן איינדרוק, אז קהל וויל אויסקלייבען דיין שוועער פאר גבאי ראשון צוליב דיר, כדי ער זאָל אויף דיר ווירקען... ניין, דאָס איז ניט ריכטיג! אויב דיר ווילט זיך פאָהרען, פאָהר! אָבער זאָג ניט אז זיי ווילען ארייננארען מיין מאן אין זאק, כדי דו זאָלסט זיין געצוואונגען צו בלייבען. — האָט זי זיך גע׳כעס׳ט.

— איך האָב עס ניט געזאָגט, שוויגער! — האָט יואל דוד אויסגערופען.

— מאמע, וואָס איז מיט דיר?! — האָט זיך חנה׳לע אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און איז צוגעגאנגען צו איהר — פארוואָס זאָלסטו זיין אין כעס?... דו זעהסט, מיט אזא האנדלונג וועסטו פאראורזאכען אז ער זאָל טאקע וועלען אוועקגעהן פון ווילנע.

— זאָל ער געהן געזונטערהייט! קיינער קאָן איהם ניט זאָגען קיינע דעות!

— ריינקע, דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט! — האָט זיך ר׳ מרדכי אויף

איהר א בייזער געטאָן — לויט דיינע רייד וועט ער מיינען אז אונז אַרט ניט צי ער וועט גהען צי ניט! דו ווייסט אָבער גאַנץ גוט אז עס איז ניט אזוי. אודאי ווילען מיר ניט ער זאָל פאַרלאָזען ווילנע... ערשטענס טאַקע צוליב אונזער טאָכטער און אייניקעל און צווייטענס טאַקע צוליב איהם אליין... פאַרוואָס זאָלען מיר זיך נאַרען... יואל דוד איז אונז אזוי טייער ווי ער וואָלט געווען אונזער אייגענער זוהן...

— א מאַמע, ווי האָסטו צו איהם געקאָנט אזוי ריידען — האָט זיך חנה׳לע פאַנאַנדערגעוויינט.

יואל דוד האָט מעהר ניט באַדאַרפט. ער האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט און אויסגערופען:

— ווי איך זעה, שוויגער, בין איך אייך גרויס געוואָרען אין די אויגען. איהר הייסט מיך גהען געזונטערהייט, נו, וועל איך גהען! איך וואָלט אפילו היינט אוועקגעגאַנגען, ווען איך בין ניט צוגעבונדען צו דאַוונען אין ווילנער שטאָדט שוהל... איך וואָלט זיך אפשר באַדאַרפט אַרויסקלייבען פון דאַנען, וויל איך אָבער ניט מאַכען קיין לייטישע געלעכטער. נאָר אז אייך אַרט ניט, קאָן איך אפילו היינט אוועקגעהן זוכען אַן אַנדער דירה.

ריינקע איז געוואָרען טויט בלאַס. זי האָט ערשט איצט גענומען באַגרייפען וואָס זי האָט דאָ געטאָן... זי האָט דאָך דוכט זיך גאָרניט געמיינט... זי האָט דערזעהן ווי חנה׳לע שטעהט נעבען איהר און האַלט איהרע הענט פאַרשטעלט איבער איהר פּנים און וויינט... ר׳ מרדכי איז אָנגעכמורעט און יואל דוד איז אויפגערעגט... ער סטראַשעט אוועקצוגעהן. אוי, גאָט, צו וואָס האָט זי באַדאַרפט זיך אַריינמישען...

— יואל דוד, דו ווייסט גאַנץ גוט, אז איך האָב דאָס ניט געמיינט!

— האָט זי זיך גענומען פאַרענטפערען.

— האָט איהר דען ניט געזאָגט: ״זאָל ער גהען געזונטערהייט״?

— כ׳בין אויף דיר געוואָרען אביסעל אין כעס.

—יע, ווען א מענש איז אין כעס, רעדט ער אַרויס דאָס וואָס ער פיהלט שוין פון לאַנג, נאָר ער ווייסט עס ווי צו פאַרבאַרגען... איהר ווייסט וואָס די גמרא זאָגט: ״בשלשה דברים אדם נכר: בכוסו, בכיסו ובכעסו״. דורך דריי זאַכען קען מען ריכטיג דערקענען דעם ריכטיגען מענשען: ווען ער כאַפּט א טרונק בראָנפען, ווען ער דאַרף אימיצען געבען געלט און ווען ער ווערט אין כעס... איהר זייט געוואָרען אין כעס, האָט איהר אַרויסגערעדט דאָס וואָס איהר האָט שוין לאַנג געפיהלט... אז מיר זיינען אייך איבעריג.

— אוי, ווי קאָנסטו עס אזוי רעדען. — האָט ריינקע א בראָך געטאָן מיט די הענט, — אָ, חנה׳לע, דו ווייסט דאָך! — האָט זי אַרומגענומען איהר טאָכטער און זי געדריקט צו זיך, — זאָג אליין, חנה׳לע... דו ווייסט גאַנץ גוט, אז אָהן אייך וואָלט אונז געווען אומעטיג. איך קאָן זיך גאָרניט פאָרשטעלען אזא זאַך...

— דו האָסט קיין רעכט ניט געהאַט צו ריידען אזוי צו יואל דוד׳ן, — האָט חנה׳לע געכליפּעט.

— איך האָב עס ניט געמיינט און יואל דוד ווייסט עס גאַנץ גוט!

— איך ווייס בלויז דאָס וואָס איך הער! — האָט יואל דוד געזאָגט א ברוגז׳ער. — איך פיהל אז דאָ וועט איך ניט אָפּגעשאַצט ווי געהעריג... נישקשה עס זיינען נאָך פאַראַן מענשען וועלכע ווייסען בעסער ווי מיך אָפּ־צושאַצען.

יואל דוד איז אריין צו זיך אין צימער. חנה׳לע איז איהר נאָכגעגאַנגען און זי האָט זיך ביי איהם געבעטען:

— זעה מיין טייערער, זיי ניט אין כעס אויף דער מאַמען. דו ווייסט גאַנץ גוט אז דו ביזט ביי איהר נאָך טייערער ווי איך..

— דו דאַרפסט מיר ניט זאָגען, איך פיהל עס... איך ווייס אז די גע־שעפטען זיינען ניט גוט און זי מיינט, אז מיר זיינען...

— אָ, וואָס רעדסטו? דו ווייסט גאַנץ גוט אז איך קויף אַלעס פאַר מיין געלט און די איינציגע זאַך איז וואָס עס קאָסט אונז קיין דירה געלט ניט!

— וואָס איז דער אונטערשיד. איך בין צופרידען וואָס זי האָט זיך ארויסגערעדט ... עס איז גוט צו וויסען... איך זאָג דיר אז אפילו ווען איך זאָל פארבלייבען אין ווילנע, וועלען מיר גלייך נאָך סוכות זוכען א דירה.

— לאָמיר איצט וועגען דעם ניט רעדען, מיין טייערער! — האָט חנה׳לע געזאָגט — איך בין זיכער אז דו וועסט שפּעטער אליין צוגעבען אז מיין מאַמע האָט עס ניט געמיינט... דו ביזט דאָך איהר שטאָלץ... א קליי־ניגקייט, איהר איידים!

אין צווייטען צימער האָט ריינקע געכאַפּט א פּאַרציע פון איהר מאַן:

— זאָל מען אויסגעהיט ווערען פון א פרוי׳ס צונג! — האָט ער זיך געבייזערט. — ווי קומסטו אזוי צו רעדען, בפרט ווען איך אליין ווייס אז דו וואָלסט ניט געוואָלט אז יואל דוד זאָל אוועק פון אונז...

— וואָס דען, איך וויל יע?! — האָט ריינקע אויסגערופען.

— נו, איצט האָסטו א באַגריף וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט... וואָס האָסטו געפּלאַפּלעט? ווער האָט דיר געצווייגען פאַר דער צונג? יואל דוד איז לעצטענס אזוי עמפּינדליך. און אפשר מיינסטו אז ער איז ניט גערעכט? וואו ער זאָל זיך ניט קעהרען וואָלט מען איהם אָפּגעגילט... עס איז טאַקע א שאַנדע צו זאָגען אז זיינע שכירות אין ווילנע זיינען ניט מעהר ווי צעהן רובעל...

— מיך האָט פאַרדראָסען וואָס ער האָט דיר געגעבען אָנצוהערען אז דאָס וואָס מען וויל דיר מאַכען פאַר גבאי ראשון איז עס צוליב איהם... פּונקט ווי דו אליין האָסט עס ניט פאַרדינט...

— אויב דו ווילסט וויסען דעם אמת, קען איך דיר זאָגען, אז איך אליין פאַנג שוין אָן צו גלויבען אז ער האָט רעכט... זיי האָבען זיך שטאַרק דער־שראָקען פאַר זיין גרויסען ערפאָלג אין וואַרשע... נו, ווילען זיי זיך באַוואָ־רענען... וואָרים פאַרוואָס האָט מען טאַקע איבערגערעדט דעם איצטיגען גבאי ראשון אז ער זאָל רעזיגנירען פון זיין אמט א חודש פאַר זיין צייט, בפרט נאָך אין דער צייט פון ימים נוראים, ווען א גבאי ראשון קריגט אַלע

כבודים... יע, ער איז גערעכט... איך פארשטעה עס אויך... אבער פון דעסט־וועגען וועט דאס מיר ניט אפהאלטען אנצונעמען דעם אמט... איך וועל טאן איין זאך: נאכדעם ווי איך וועל אויסגעקליבען ווערען וועל איך זיי גאנץ אפען ערקלערען אז איך נעם עס אן מיט'ן באדינג אז איך זאל ניט דארפען זיך מישען אין דער פארהאנדלונג וואס וועט פארקומען צווישען זיי און מיין אײדים...

— ס'פארדריסט מיך זעהר שטארק וואס איך האב צו איהם אזוי גע־רעדט! — האט ריינקע געזאגט, — חנה'לע, נעבעך, האט זיך שטארק גע־נומען צום הארצען. כאטש ביידע ווייסען אז איך האב עס ניט געמיינט. וואס זאל איך טאן?

— ״אז א נארווארפט אריין א שטיין אין וואסער!״ — רופט זיך אן ר' מרדכי. — ווי קומסטו זיך צו מישען אין דעם וואס מיר ביידע האבען גערעדט... פארוואס האב איך זיך ניט פארלארען?... איך האב די גאנצע צייט געשמייכעלט. איך האב געוואוסט אז ער איז איצט אביסעל אויפגערעגט, אין די בעסטע זאך איהם ניט צו נעמען צו ערנסט. קומסטו און רעדסט צו איהם אזוי... ער איז אויפגערעגט און ער איז גערעכט אויך!... וואס הייסט, דו זאגסט: ״זאל ער געהן געזונטערהייט!״

— עס האט זיך ביי מיר ארויסגערעדט אזוי — האט זיך ריינקע פאר־ענטפערט. — און ער ווייסט גאנץ גוט אז איך האב עס ניט געמיינט.

— וואס הייסט, דו האסט זיך ארויסגערעדט? וואס מיינסטו, דו רעדסט עס אין קראם מיט די פויערטעס... א פיינע זאך... דו ווייסט גאנץ גוט אז איהם ווילט זיך שטארק פאהרען קיין ווארשע, קומסטו און גיבסט איהם אליין א שטויס...

— איך וועל רעדען מיט חנה'לע, זי וועט שוין אלעס פארגלעטען. דו ווייסט דאך ווי שטארק ליעב ער האט זי... אבער איצט זאג מיר, ר' מרדכי, וואס ועסטו טאקע טאן ווען ער וועט פארלאנגען ניט אנדערש ווי אזא גרויסע סומע?

— איך האב דאך געזאגט אז ער וועט נאכגעבען. איך גלויב אז זיי וועלען איהם געבען נאך א הוספה פון פינף רובעל... מיט פופצעהן רובעל א וואך וועט ער זיך שוין באנוגענען...

— זעהסטו, און איך בין ניט פון די שרעקעדיגע, יואל דוד וועט אהן חנה'לען ניט אוועקפאהרען פון ווילנע און ביז חנה'לע וועט קאנען מיטפאה־רען און מיטנעמען דאס קינד וועלען פאראיבער א פאר יאהר. טא פארוואס זאלען מיר זיך איצט זארגען... איך וועל ווערען גבאי ראשון אויף מיינע שונאים'ס צעפוקעניש און יואל דוד וועט דא בלייבען און ער וועט קריגען נאך א פינפערל א הוספה.

— הלואי זאל איך ליגען זאגען. מיין הארץ זאגט מיר אז עס וועט נאך נישט זיין ווי דו ווינשסט, — האט ריינקע געזאגט, — איך האב מורא אז איהם וועט ציהען נאך ווארשע.

— איך וויים, אפשר נאכדעם ווי דו האסט מיט איהם אזוי גערעדט.

— זוך שוין ניט צו וואַרפן די שולד אויף מיר. אויב ער האָט גענומען מײַנע ריִיד ערנסט, וועט עס אויסגעהן צו דעם וואָס ער וועט זוכן א נײַע דירה... און דאָס וואָלט ער אַלץ איינס געטאָן, ווײַל נאָך אַלעמען, ווי לאַנג, מיינסטו, קאָנען זיי פאַרבלײַבן מיט אונז? איך קאָן צו זיי גאָרנישט האָבן אויב זיי ווילן זוכן א דירה... עס איז ניט קיין עולה... יעדע יונגע פּאָר וויל זײַן פאַר זיך... אָט נעם לאה'לען, ווי ווינציג ליב פאַרדינט, וואָלט זי געוואָלט זײַן פאַר זיך... איך ווייס גאַנץ גוט אז ווי נאָר דבורה'לע וועט אונ־טערוואַקסען, וועלען זיי נעמען א דירה פאַר זיך.

— אָבער דו האָסט זיך ניט באַדאַרפט אַרויסרעדען אזוי...

— איך ווייס שוין דײַן נאַטור, טאָמער וועט זיך אויסלאָזען ניט ווי דו רעכענסט, וועסטו שוין האָבן אויף וועמען צו וואַרפן די שולד, — האָט ריינקע אויסגערופען.

— ניט געזאָרגט, עס וועט גאָרניט געשעהן! ער וועט קריגען א קליינע הוספה און אַלעם וועט זיך זײַן ווי עס איז געווען, — האָט ר' מרדכי געזאָגט.

## קאַפּיטעל 18

ר' מרדכי סטראַשון איז געוואָרען גבאי ראשון פון ווילנער שטאָט שוהל, און כאָטש ער האָט געהאַט אין זינען מיט זיי צו רעדען וועגען דעם אז ער וועט זיך ניט מישען אין זייער סכסוך מיט זײַן איידעם, האָט ער עס אָבער ניט געטאָן. ער איז געווען אזוי נײַגעריג צו ווערען גבאי ראשון אז ער האָט ניט געוואָלט שאַפען קיינע שוועריגקייטען... ווען ער זאָגט זיי אז ער וואָלט זיך ניט געוואָלט מישען, קאָן זײַן, אז זיי וואָלטען איהם ניט אויס־געקליבען פאַר גבאי ראשון... און וואָס אַנבעלאַנגט זײַן איידים, יואל דוד, איז נאָך פאַראַן צייט ביז נאָך סוכות, דערווײַל איז נאָך א וואָך פאַר ראש השנה...

ר' מרדכי אָבער האָט געמאַכט א טעות אין חשבון. אויף מאָרגען, נאָכ־דעם ווי ער איז געוואָרען גבאי ראשון, האָבען זיך די גבאים פאַרזאַמעלט אין קהל־שטיבעל צו פאַרהאַנדלען וועגען די פאַרשידענע ענינים, וועגען די "שטעט" און וועגען די כיבודים פאַר ראש השנה, און גלייך אויפ'ן אָרט האָבען זיי געגעבען ר' מרדכי'ן אַנצוהערען אז זיי וואָלטען זעהר שטאַרק גע־וואָלט שוין צו שרייבען א קאָנטראַקט מיט זײַן איידעם אויף דעם קומענדען יאָהר.

— אויב איהר קענט באַוועגען אייער איידים ער זאָל אײַנשטימען צו שרייבען א קאָנטראַקט אויף מעהר ווי איין יאָהר, וואָלט גאָר געווען גוט, — האָט איין גבאי געזאָגט.

— אין דעם וויל איך זיך נישט מישען! — האָט ר' מרדכי געזאָגט. — אויב ער וויל ניט זײַן צוגעבונדען אויף מעהר ווי אויף א יאָהר, דאָס איז זײַן עסק.

— נו, מילא, אָבער איך גלויב אז מיר וואָלטען היי־יאָהר באַדאַרפט

זיך צואיילען און טאקע מאכען דעם קאנטראקט באלד. פארוואס זאלען מירווארטען ביז נאך סוכות?..

— דאס קאנט איהר טאן ווי איהר פארשטעהט! — האט ר׳ מרדכי סטראשון זיך אנגערופען. — איך וויל זיך ניט מישען אין דעם.

— וואס הייסט איהר ווילט זיך ניט מישען? — האט איינער פון די חשוב׳ע בעלי בתים זיך אנגערופען. — איהר זייט דאך דער גבאי ראשון, און ווער דען קאן עס פון איהם פארלאנגען אויב ניט איהר?

— אלעס וואס איך קאן טאן איז איהם לאזען וויסען... צי ער וועט וועלען צי ניט, דאס איז זיין זאך.

— פונדעסטוועגען וועט ניט שאדען אז איהר, אלס זיין שווער, וועט זיך דורכרעדען מיט איהם, און זאלען מיר מארגען זיך צונויפקומען מיט איהם.

— און פארוואס זאלען מיר טאקע היינט מיט איהם ניט פארענדיגען? איצט, אז מיר האבען זיך דא אלע פארזאמעלט, דארפען מיר זעהן אז יואל דוד זאל צוקומען אהער און טאקע שרייבען דעם קאנטראקט אויף דעם קומענדען יאהר און אויב מעגליך אויף עטליכע יאהר.

ר׳ מרדכי איז אבער געווען דאגעגען.

— וואס איז די איילעניש, ער אנטלויפט דאך ניט. מען וועט מיט איהם פארהאנדלען פונקט ווי אלע יאהר, באלד נאך סוכות, — האט ער געזאגט.

— היי־יאהר איז עפעס אנדערש ווי אלע יאהר, — רופט זיך אן ר׳ שמעון. — איהר פארשטעהט, לאמיר זיך ניט נארען, ער איז געווען אין ווארשע... און ווי מיר האבען געהערט האט מען געמאכט א פארזוך איהם אפצורעדען פון אונז, דעריבער וועט זיין פאר אונז בעסער צו ענדיגען מיט איהם וואס שנעלער!

— איך זעה ניט איין! — האט ר׳ מרדכי פרובירט אפרעדען.

— וואס ארט עס אייך? וואס וועט עס שאדען אז ער וועט באלד צוקומען און מיר וועלען זיך דורכרעדען מיט איהם.

— איך זאג ניט אז מיר ארט, — האט ר׳ מרדכי א מאך געטאן מיט זיין האנט.

— אויב אזוי, טא וואס־זשע ווארטען מיר? לאמיר טאקע באלד שיקען איהם רופען.

— ניין, לאמיר צואווארטען אמווייניגסטען ביז נאך ראש השנה!

— פארוואס זאלען מיר ווארטען?

— המ... איך וויים... עס איז פאר מיר ניט אנגענעהם! ער וועט מיינען אז אזוי שנעל ווי איך בין געווארען גבאי ראשון זוכט מען איהם צו באאיינפלוסען דורך מיר... — האט ר׳ מרדכי געשטאמעלט.

—אומזין! — האט א גבאי געזאגט, — און וואס איז געווען אין די פריהערדיגע יאהרען? איהר פארגעסט אז עס זיינען געווען יאהרען ווען מיר פלעגען מיט איהם אפמאכען אויף א צווייטען יאהר גלייך נאך תשעה

באב. עס וועט ניט שאדען אז מיר זאלען שרייבען היינט א קאנטראקט אויף נאך א יאהר.

—לויט ווי איך פארשטעהע וועלען מיר באגעגענען אביסעל שוועריג־קייטען מיט איהם, — האט ר׳ מרדכי געזאגט. — איהר פארשטעהט, עס איז איצט בלויז א קורצע צייט זינט ער האט זיך צוריקגעקערט פון ווארשע, און אלעס איז נאך פריש אין זיין זכרון... צו וואס זאלען מיר זיין גענארט. איהר האט דאך שוין מסתמא געהערט אז מען האט איהם אין ווארשע אנגעבאטען פופציג רובעל א וואך.

— יא, איך האב עס געהערט פון שייקע פייפער׳ן, אבער איך האב איהם ניט גענומען ערנסט.

— יא, ס׳איז אן אמת! — האט ר׳ מרדכי געזאגט.

— א, מאלע וואס מען האט איהם געוואלט אפרעדען פון ווילנע... ער אליין ווייסט גאנץ גוט אז זיי וועלען איהם אזא סומע ניט געבען.

— ווארשע איז א גאנץ רייכע קהילה, — האט ר׳ מרדכי אויסגערופען, — און עס איז מעגליך אז זיי זיינען געווען גאנץ ערנסט.

— נו, דאס איז אלץ גאר נישט! קאן זיין אז עס וועט אויסגעהן צו נאך א פאר רובעל, — האט ר׳ שמעון געזאגט, — וועלען מיר איהם געבען א הוספה פון צוויי רובעל.

— ״צוויי רובעל״! — האט ר׳ מרדכי א צוק געטאן מיט די שולטערן, — איך וועל אייך זאגען דעם אמת, אז ווען עס וועט קומען צו פאראהאנדלען מיט איהם וועגען געלט, וויל איך זיך גארניט מישען.

— איהר דארפט זיך ניט מישען; נאר וואס דען, עס וועט ניט שאדען אז איהר וועט איהם זאגען א פאר ווערטער, ניט אלס זיין שווער, נאר אלס גבאי ראשון!

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת, אז מיר פארדריסט שוין דער גאנ־צער עסק, וואס איך האב זיך געלאזט איבעררייידען און אנגענומען צו זיין דער גבאי ראשון... מיין אידים, זאל געזונט זיין, איז טאקע זעהר קלוג. ער האט מיר געווארענט, אז מען האט זיך מיט א כיון געאיילט מיך צו ערוועהלען אלס גבאי ראשון כדי איך זאל אויסאיבען אן איינפלוס איבער איהם.

— וואס רעדט איהר, ר׳ מרדכי! וואס איז, איהר האט ניט פארדינט צו ווערען גבאי ראשון? און זייט איהר שוין פריהער ניט געווען קיין גבאי ראשון? מאלע וואס ער רעדט. און ווען איהר זייט ניט קיין גבאי וואלט איהר דען ניט געוואלט אז ער זאל מיט אונז פארבלייבען אויף ווייטער?

— עס פארשטעהט זיך... אבער ער וועט עס אויסטייטשען אז ער איז געווען גערעכט, אז איהר געהאט דערביי א כוונה . . .

— וועלען מיר איהם קלאר מאכען אז עס איז ניט אזוי, — האט א צווייטער גבאי געזאגט. — יע, מיר וועלען טאקע באלד נאך איהם שיקען. שפעטער וועט ער זיין פארנומען מיט די רעפעטיציעס, איצט איז די בעסטע צייט.

מען האט באלד אריינגערופען דעם אונטער־שמש, און טראץ דעם וואס

ר׳ מרדכי איז געווען דאנגען. האט מען איהם געהייסען רופען דעם ווילנער באלעבעסעל צום קהל־שטיבעל.

— זאג איהם אין אונזער נאמען אז ער זאל באלד צוקומען, ווייל מיר ווארטען אויף איהם.

דער אונטער־שמש איז אריינגעקומען אין שטוב און די דינסט האט אנ־געקלאפט אין יואל דוד׳ס צימער.

יואל דוד איז ארויסגעקומען און דער אונטער־שמש האט איהם אי־בערגעגעבען וואס די גבאים האבען איהם געהייסען.

— איך וועל באלד צוקומען, — האט ער געזאגט.

דער אונטער־שמש איז ארויס און יואל דוד האט זיך אנגערופען צו חנה׳לען:

— נו, וואס האב איך דיר געזאגט? ערשט נעכטען האט מען דייז טאטען אויסגעקליבען אלס גבאי ראשון און היינט רופען זיי מיך שוין... בין איך ניט געווען גערעכט?

— דו ביזט שטענדיג גערעכט, מיין ליעבער — האט חנה׳לע געזאגט — אבער פון דעסטוועגען בעט איך דיך אז דו זאלסט ניט ארויסווייזען צופיל עקשנות. שטעל ניט דעם טאטען אין פארלעגענהייט.

— איך האב איהם פריהער געווארענט! און אויב זיי וועלען מיט מיר וועלען היינט פארהאנדלען וועגען מיין בלייבען, וועל איך זיי זאגען מיינע באדינגונגען. איך וועל א פרוטה אויך ניט ארונטערלאזען, דו הערסט, חנה׳לע.

— רעד ניט קיין נארישקייטען! דו ווייסט גאנץ גוט אז דאס איז אונמעגליך. מיר וועלען דארפען זיין צופרידען אז מען וועט דיר געבען א הוספה ביז פינף און צוואנציג רובעל.

— זיי קענען געבען, אבער איך דארף דאך וועלען נעהמען! — האט יואל דוד געזאגט — ווען איך זאג דיר, אז איך וועל באשטעהן אויף דער גאנצער סומע, מעגסטו שוין זיין זיכער אז אזוי וועט עס זיכער בלייבען!

— איך בעט דיך, יואל דוד! — האט חנה׳לע איהם אנגענומען ביי דער האנט — צייג ניט ארוים קיין עקשנות... דו דארפסט ניט פארלאנגען דאס אונמעגליכע . . . הלואי גיבען זיי דיר פינף און צוואנציג רובעל, וואלסטו געדארפט אננעהמען און שרייבען מיט זיי א קאנטראקט אויף צעהן יאהר אפילו.

— איך פרעג ביי דיר קיינע עצות ניט! — איז יואל דוד אין כעס גע־ווארען — דיין טאטע האט שוין אויף דיר משפיע געווען. איך וועל טאן ווי איך פארשטעה. איך וועל זיך מעהר ניט לאזען פיהרען...

חנה׳לע האט זיך דערשראקען. צום ערשטען מאל הערט זי פון איהם אזעלכע דבורים... ער איז אויף איהר אין כעס... איהר יואל דוד רעדט צו איהר אזוי בייז... זי האט שווייגענדיג זיך אוועקגעזעצט ווי יואל דוד טהוט אן זיין אטלאסענעם אויבער ראק.

דערזעהענדיג ווי זי נעהמט זיך צום הארצען, איז יואל דוד צו איהר צוגעגאנגען און זי א קוש געטאן אויפ׳ן שטערן.

— איך בעט דיך, חנה׳לע, זיי מיר מוחל! איך האָב ניט געמיינט צו רעדען צו דיר מיט רוגזה... דו דאַרפסט געדענקען אַז ווילנע האָט פון מיר אַ סך גענאָסען און וואָס האָב איך דערפון געהאַט? גאָר ניט מיט גאָר ניט! קוים אויף חיונה! דעריבער בעט איך דיך, טו מיר די טובה און לאָז מיך האַנדלען אַזוי ווי איך פאַרשטעה. — איך ווייס ניט וואָס מיט דיר איז געוואָרען, יואל דוד — האָט חנה׳לע זיך צוכליפּעט — זינט דו האָסט זיך צוריקגעקעהרט פון ווארשע ביזטו געוואָרען אַן אַנדער מענש... דו ווערסט שנעל אויפגערעגט און ביזט אַזוי איינגעשפּאַרט...

— איך בין דערזעלבער מענש, חנה׳לע, מעהר ניט איצט ווייס איך מעהר מיין ווערדע... ניין, איך וועל זיך מעהר ניט שוין לאָזען טרעטען מיט די פיס... זיי וועלען מיר געבען די זעלבע שכירות, אויב ניט, ווער איך ביי זיי אויס חזן.

— אָבער וואָס וועסטו טהאָן, אויב זיי וועלען ניט וועלען אָדער זיי וועלען ניט קענען נאָכגעבען דיינע פאָדערונגען?

— דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז דו קענסט זיך פאַרלאָזען אויף מיר! איך בין ניט קיין אינגעלע און אַלעס וואָס איך טהו איז כדי צו פאַרבעסערען אונזער מצב... און דו דאַרפסט בלויז האָבען צוטרוי צו מיר... איך ווייס וואָס איך טהו . . . דו זאָלסט ניט זאָרגען!

יואל דוד איז אַרויס פון הויז. חנה׳לע איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און איהם נאָכגעקוקט ביז וואַנען ער איז פאַרשוואונדען.

— גאָט, הלואי זאָל עס אַריבער בשלום! האָבען איהרע ליפּען געשעפּטשעט.

---

יואל דוד איז געגאַנגען צום קהל שטיבעל. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס וויל מען מיט איהם איצט שרייבען אַ קאָנטראַקט. ער האָט אויך געוואוסט אַז דאָס וועט קיין מאָל ניט געשעהן. ווי אַזוי קען ער מיט זיי שרייבען אַ קאָנטראַקט, ווען ער איז פאַרבונדען מיט אַ קאָנטראַקט צו מאָניושקאָ׳ן צו שפּילען די הויפּט ראָלע אין זיין אָפּערא אין ווארשע? ער וועט באַשטעהן אויף זיין פאָדערונג פון פופציג רובעל אַ וואָך און ער איז זיכער אַז דאָס וועלען זיי איהם קיין מאָל ניט נאָכגעבען. און אפילו ווען זיי וועלען איהם שוין יע וועלען נאָכגעבען, וועט ער שוין געפינען אַן אַנדער אויסרייד פאַר וואָס ער וויל מיט זיי ניט שרייבען קיין קאָנטראַקט...

מיט דעם פעסטען באַשלוס אָנצונעהמען די דאָזיגע שטעלונג, איז יואל דוד אַריינגעקומען אין קהל שטיבעל. מען האָט איהם דאָרט זעהר וואַרעם באַגריסט און מען האָט איהם געבעטען זיך זעצען.

יואל דוד האָט זיך געזעצט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און באַטראַכט די גבאים און די בעלי בתים שווייגענדיג.

— איך האָף אַז איהר שטויסט זיך אָן, ר׳ יואל דוד, צוליב וואָס מיר האָבען נאָך אייך געשיקט — האָט אַ גבאי אויסגערופען — אין אמת׳ן האָט עס אייך געדאַרפט ערקלעהרען דער גבאי ראשון, אָבער אַזוי ווי דער

נייער גבאי ראשון איז אייער שווער, און א שטיקעל נוגע בדבר, ווענד איך זיך דאס צו אייך. איך וועל עס מאכען אהן צערעמאניעס. מיר ווילען איהר זאלט מיט אונז שליסען א קאנטראקט אויף נאך פינף יאהר!

— פינף יאהר! האט יואל דוד אויסגערופען.

— יא, פינף יאהר. איהר פארשטעהט, צוליעב וואס דארפען מיר יעדען יאהר זיין באזארגט. מיר זיינען דאך צופרידען און דו ועסט אויך זיין צופרידען.

— המ... איך פארשטעה! — האט יואל דוד א שמייכעל געטאן.

— נו, הייסט עס, ביזטו ניט דאגעגען, הא?

— צו וואס דארף מען אין גאנצען א קאנטראקט!

— א פיינע שאלה, ווען מיר האבען מיט אייך ניט קיין קאנטראקט, בין איך זיכער אז איהר וואלט שוין פארבליבען אין ווארשע ביז איבער די ימים נוראים, הא, ניט אמת?

— עס קען זיין!

— נו, זיינען מיר טאקע צופרידען אז איהר זייט געווען געבונדען צו אונז מיט א קאנטראקט.

— צי איך בין געווען צופרידען איז אבער א פראגע! — האט יואל דוד צוגעשמייכעלט.

— דעריבער זאג איך, אז א לאנגער קאנטראקט וועט אונז אלעמען צופרידענשטעלען.

— וואס איז דא וואס צו רעדען! — האט יואל דוד געזאגט — מעהר ווי אויף איין יאהר וועל איך קיין מאל ניט אונטערשרייבען קיין קאנטראקט.

— נו, איהר הערט דאך! — האט ר' שמעון זיך אנגערופען — זאל זיין איין יאהר, און איבער־א־יאהר, אם ירצה השם, וועלען מיר זיך ווידער דא פארזאמלען און נאך אמאל פארהאנדלען. און אין א גוטען אופן. מיר וועלען שוין דורכקומען. זאל מען אריינרופען דעם סופר און מיר וועלען שרייבען א קאנטראקט.

— אויב איהר מיינט אז איך וועל זיך אונטערשרייבען אויף א קאנ־טראקט מיט די אלטע באדינגונגען, איז אן עבירה אייער ארבייט. איך וועל די אלטע באדינגונגען מעהר ניט אננעהמען.

— נו, מילא, מיר וועלען צום רב ניט געהן. מיר האבען אלע איינס באשטימט דיר צו געבען אן הוספה פון צוויי רובעל.

— פאר וואס ניט צוויי און א האלב? — האט יואל דוד מיט חוזק א זאג געטהאן.

— אז דו ווילסט דוקא צוויי און א האלב, זאל זיין אזוי! — רופט זיך אן א גבאי.

— איך זעה אז איהר האט מיך דא גערופען צו טרייבען לצנות! — האט יואל דוד זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ — אויב אזוי האב איך דא ניט וואס צו טאן.

—וואס רעדסטו! וואס הייסט לצנות! מיר זיינען ערנסט. מיר ווילען

דיר געבען אַ הוספה... צוליעב נאָך אַ רובעל וועלען מיר זיך דאָך ניט פּאַנאַנדערגעהן. זעץ זיך צוריק, לאָמיר זיך ניט אויפרעגען. לאָמיר רעדען געלאַסען. אדרבא, זאָג דו וויפיעל ווילסטו קריגען אַ הוספה?

— איך האָף אַז איהר ווייסט, אַז אין װאַרשע האָט מען מיר אַנגעבאָטען פופציג רובעל אַ וואָך.

— יאָ, מיר ווייסען! — האָט נאָך אַ גבאי זיך אָנגערופען — אָבער פון אָנבאָטען ביז געבען איז אַ גרויסער מהלך!

— ווען איך שטים איין; דאַרט צו בלייבען, וואָלטען זיי מיר געגעבען!

— האָט יואל דוד אויסגערופען — און אויב איהר ווילט ניט גלויבען, דאָס איז אייער זאַך!

— אָבער וואָס האָבען מיר צו טהאָן מיט וואַרשע. מען רופט דאָך דיך ניט דער "וואַרשעווער באַלעבעסעל", מען רופט דיך "ווילנער באַלעבעסעל"! און דו באַלאַנגסט צו אונז — האָט ר' שמעון געזאָגט.

— איך באַלאַנג צו קיינעם ניט! איך באַלאַנג צו זיך. איך קען טהאָן וואָס איך וויל! און ווען איך האָב די מעגליכקייט צו פאַרבעסערען מיין מצב, וועל איך זיך ניט רעכענען מיט אַזעלכע קליינינגקייטען...

— מיר זעהען איין אַז דו האָסט רעכט און מיר וועלען דיר געבען די זעלבע הוספה וואָס מיר האָבען דיר געגעבען לעצטען יאָהר! — האָט אַ גבאי אויסגערופען — נו, זאָל נעהמען אַ סוף. צוליעב וואָס זאָלען מיר זיך אַמפּערען און אויפרעגען. דו קריגסט ביי אונז פופצעהן רובעל אַ וואָך און דו בלייבסט ביי אונז מיט מזל. געהט רופט דעם סופר און מיר וועלען טאַקע אויך ברענגען אַהער לעקאַך און בראָנפען.

— ווי איך זעה זיינען מיר ווייט איינע פון די אַנדערע ווי מזרח פון מערב! — האָט יואל דוד אויסגערופען — צוליב וואָס זאָלען מיר ברייגען אין ניוועץ אונזער צייט. דעריבער זאָג איך אייך, אַז איהר זאָלט זיך זוכען אַן אַנדער שטאָדט חזן אויף מיין פּלאַץ.

— וואָס דו ביזט נאָך ניט צופרידען? — רופט אויס נאָך איינער. נו, אדרבא, זאָג דו וויפיעל מ'זאָל דיר געבען אַ הוספה!

— איך זאָג אייך גאַנץ אָפען, אַז אונטער פופציג רובעל אַ וואָך בלייב איך ביי אייך ניט! — האָט יואל דוד מיט רוהיגקייט און געלאַסענקייט זיך אָנגערופען.

— וואָס?!

— וואָס זאָגסטו?!

— ביזטו ביים פולען זינען!

— דו מאַכסט שוין גאָר חוזק פון אונז!

— ווייסטו וואָס דו רעדסט?

אַזוי האָבען די גבאים איינע נאָך די אַנדערע זיך אָנגערופען. גלייך ווי יואל דוד האָט זיי געלאָזט וויסען וועגען זיין פּאַרלאַנג.

— וואָס שווייגט איהר, ר' מרדכי? — האָט זיך דער געוועזענער

גבאי ראשון אָנגערופֿען — וואָס הייסט! איהר דערלאָזט ער זאָל חוזק מאַכען פֿון אונז.

— איך האָב דאָך אייך פֿריהער געזאָגט, אַז איך וויל זיך יעצט גאָר ניט מישען.

— אַ שעהנע מעשה, כ'לעבען! — איהר ווילט זיך ניט מישען! איהר זייט דאָך דער גבאי ראשון... וואָס מיינט ער אַז צוליב דעם וואָס זיין שווער איז גבאי ראשון האָט ער אַ רעכט צו פֿאַרלאַנגען פֿון אונזער דאָס טעלערעל פֿון הימעל...

— אַלעס וואָס מיר קענען טהאָן איז זיך דינגען מיט איהם! — האָט ר' מרדכי געזאָגט.

— שייך צו זאָגען דינגען! מען קען זיך דינגען מיט איינעם וועלכער בעט איבער אַ פּאָר רובעל מעהר... נו, איז אַ רובעל אַרויף, אַ רובעל אַראָפּ און מען קומט קיין דורך. אָבער ער פֿליהט דאָך אין די הויכע הימלען... גיב איהם פֿופֿציג רובעל אַ וואָך.

— איך פֿרעג אייך, ר' יואל דוד — רופֿט זיך צו איהם אָן איינער פֿון די בעלי בתים, פֿון וואַנען אַ שטייגער וועט ווילנער קהלה נעהמען אייך צו געבען פֿופֿציג רובעל אַ וואָך?

— און פֿון וואַנען זאָל איך נעהמען צו דערלייגען פֿינף און דרייסיג רובעל יעדע וואָך!

— אַ פֿאַרגלייכעניש! וואָס הייסט דו דערלייגסט! — רופֿט זיך אָן אַ גבאי.

— איך דערלעג שוין מיט דעם, אַז אין וואַרשע קען איך קריגען פֿופֿציג רובעל און דאָ ווילט איהר מיר געבען בלויז פֿופֿצעהן.

— נו, אַז וואַרשע וועט דיר געבען הונדערט רובעל? מאַלע וואָס מען באַט דיר אָן. קען זיין אַז די וואַרשעווער אידען זיינען רייך און זיי קענען באַהויפּטען. אָבער דו ווייסט גאַנץ גוט אונזער לאַגע... מיר טראַכטען און ברעכען שוין אונזערע מחות פֿון וואַנען וועלען מיר נעהמען די נייע פֿינף רובעל'דיגע העכערונג וואָס מיר גיבען דיר, קומסטו און מאַכסט אַזאַ ווילדע פֿאָדערונג... שעהמען מעגסטו זיך, יואל דוד.

— אויב איהר קאָנט ניט באַהויפּטען, דאַרף זיך אייך ניט געלוסטען צו האָבען אַזאַ חזן ווי איך, וועלכער קען קריגען באַלד פֿיער מאָל אַזוי פֿיל. דאָס וואָס איך האָב פֿאַר אייך געדאַוועגט פֿאַר די לעצטע עלף יאָהר כמעט אומזיסט באַרעכטיגט דאָך אייך ניט צו פֿאַרלאַנגען איך זאָל עס ווייטער טאָן. ניין. איך וועל מיין באַשלוס ניט ענדערען. אויב איך וועל ניט קריגען דאָס וואָס איך פֿאַרלאַנג, וועלען מיר זיך צוגעהן. איהר זייט פֿריי צו טהאָן וואָס איהר ווילט און איך וועל טהאָן וואָס מיר געפֿעהלט.

די גבאים און די בעלי בתים זיינען געבליבען זיצען ווי געפּלעפּטע. אויף דעם האָבען זיי זיך גאָר ניט געריכט. זיי האָבען זיך איבערגעוואָרפֿען מיט בליקען און געגומען קוקען אויף ר' מרדכי'ן וועלכער איז געזעסען אויף זיין פּלאַץ און געשוויגען.

— נו, וואס זאגט איהר צו דעם ר' מרדכי ? — האט זיך איינער פון די אנוועזענדע אנגערופען — איהר האט דאך געהערט וואס אייער איידים האט געזאגט — ער וויל דאך אונז פארלאזען.

— איך האב אייך געזאגט אז איך וויל זיך ניט מישען, נאר פונדעסט־וועגען גלויב איך, יואל דוד, אז דאס איז עקשנות פון דיין זייט ! דו ווייסט גאנץ גוט אז דאס וואס דו פאדערסט איז אונמעגליך צו קריגען. פארוואס זאלסטו זיין אזוי איינגעשפארט ?

— אויב עס איז אונמעגליך פאר מיר דא צו קריגען, וועל איך עס קרי־גען אנדערשוואו. איך וויל ניט פארלירען אזוי פיעל געלד... עלף יאהר געווען חזן דאס איז גענוג. עס זיינען פאראן גענוג גוטע חזנים וועלכע וועלען זיין צופרידען מיט אזא שכירות.

— איך האב אבער אייך געזאגט אז מיר טארען איהם ניט לאזען פאה־רען קיין ווארשע. ווען ער וואלט דארט ניט געווען, וואלט ער זיך אזוי ניט געענדערט.

— וואס הייסט ניט לאזען ? מיר קאנען איהם דאך איבערגעוואלט ניט האלטען !

— נו, אט האט איהר דאך ! ער איז אוועק אויף עטליכע וואכען און ער איז איבערגעפיהרט געווארען.

— איך האב מעהר מיט אייך ניט וואס צו ריידען ! האט יואל דוד זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און געוואלט נעהמען געהן.

— וואוהין לויפסטו? — האט זיך שוין ר' מרדכי צו איהם געווענדעט.

— איך לויף ניט שווער. איך זעה אז מיר וועלען זיך ניט צונויפקומען, טא פארוואס זאל איך פארברייננגען מיין צייט אין ניוועץ.

— איך בעט דיך יואל דוד, זיי ניט קיין עקשן. זעץ זיך צוריק און לאָ־מיר זעהן דורכצוקומען. איך האב קיין רעכט ניט צו זאגען צו קהל וויפיל מען דארף דיר געבען. אבער איך גלויב אז מען וועט קאנען דורכקומען.

— איך האב דאך אייך שוין געזאגט שווער, אז איך וועל ניט אפטרע־טען פון מיינע פאדערונגען אויף א האר.

— איך זאג דיך יואל דוד, אז עס איז זעהר ניט שעהן פון דיר. דו נעהמסט אונז אז פאר'ן גארגעל און מאנסט "דאוואי", גיב ! פון וואנען זאלען מיר נעמען ? עס דארף דאך זיין א שיעור ! — האט ר' שמעון זיך אנגערופען.

— איהר האט קיין רעכט ניט צו ריידען אזוי. איך נעהם קיינעם ניט אז ביים גארגעל. איך לאז אייך צו רוה. לאזט מיך צו־רוהה און זאל זיין גענוג. וויפיעל איז דער שיעור צו זיין פארשקלאפט ?

דו ווייסט גאנץ גוט אז מיר וועלען דיך ניט אפלאזען ! — האט ר' שמעון געזאגט — דאריבער ביזטו ביי זיך אזא תקיף. אבער יושר ? פון וואנען זאלען מיר נעהמען אזוי פיעל געלט ? לאמיר מאכען א פשרה !

— אמאל בין איך איינגעגאנגען אויף א פשרה. איך בין געווען נאריש. היינט אבער וויל איך ניט קיינע פשרות. דאס פארלאנג איך פאר מיין סחורה,

און אויב איהר קענט ניט צאָהלען דעם מקח וועל איך זי פארקויפען צו אַן אנדער קונה. איך האָב צו אייך גאָר ניט און איהר דארפט צו מיר אויך ניט האָבען!

די גבאים האָבען געקוועטשט מיט די פּלייצעס, געשאָקעלט מיט די קעפּ.

— וואָס מיינסטו יואל דוד, מיר וועלען דיר לאָזען אוועקפאָהרען פון ווילנע? דו ביזט דאָך אונזערער און מיט אונז וועסטו בלייבען!

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט אויף וואָסערע באדינגונגען איך בלייב. אויב איהר ווילט איז רעכט און ניט איז אויך רעכט! אזוי וועט עס זיין; און מעהר האָב איך אייך ניט וואָס צו זאָגען. א גוטען!

יואל דוד האָט זיך אויפגעהויבען און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— נו, וואָס? מיר וועלען איהם לאָזען אוועקגעהן? — רופט זיך אָן ר׳ שמעון.

— וואָס קאָנען מיר טאָן?

אז יואל דוד איז שוין געווען הינטער דער טיר, האָט זיך דער געוועזענער גבאי ראשון געווענדעט צו ר׳ מרדכי׳ן.

— עס איז אייער פליכט צו זעהן אז ער זאָל פארבלייבען מיט אונז! וואָס וועלען מיר טאקע טאָן אָהן איהם. איהר ווייסט גאנץ גוט ווי אומעטיג די שבתים זיינען געווען אָהן איהם, ווען ער איז אָפּגעפאָהרען אויף עטליכע וואָכען פון דאנען. יע, ר׳ מרדכי, אלס זיין שווער און אלס גבאי ראשון איז עס אייער פליכט.

— עס איז אייך גרינג צו זאָגען. האָט איהר דען ניט געזעהן וואָס פאר אן עקשנות ער האָט ארויסגעוויזען? גלויבט מיר אז איך האָב שוין מיט איהם גערעדט מיט א פּאָר טעג צוריק, ווען איך האָב געהערט אז ער פּלאנט צו פארלאָזען ווילנע און פאָהרען קיין ווארשע. איך און מיין פרוי האָבען זיך גוט אויסגע׳טענה׳ט מיט איהם. מיר האָבען אפילו זיך דורכגערעדט מיט אונזער טאָכטער און זי האָט אונז צוגעזאָגט אז זי וועט איהם אָפּריידען פון פאָהרען. אפשר וועט זי ביי איהם פּועל׳ן ער זאָל בלייבען. א פרוי איז די איינציגע וועלכע קאָן איהם באוועגען צו ענדערען זיין פּלאַן.

— אונז ארט ניט ווי אזוי איהר וועט עס טהאָן, אבי זעהט ער זאָל בלייבען ביי אונז... עס וואָלט דאָך פאר אייך אליין ניט שעהן געווען. גראדע אין דער צייט וואָס איהר זייט גבאי ראשון, וויל ער אוועקגעהן פון אונז. איהר פארשטעהט. אַט בין איך געווען גבאי ראשון, זיינען מיר מיט איהם דורכגעקומען. די פריהערדיגע גבאים פאר מיר זיינען מיט איהם דורכגעקומען. און אזוי שנעל ווי איהר זייט געוואָרען גבאי ראשון, איז ער געוואָרען אזא עקשן... עס קומט אויס אזוי ווי ער וואָלט אייך געוואָלט טהאָן להכעיס.

— אויב איהר דענקט, אז איך שטעה אייך אין וועג און אז ווען אימיצער אנדערש וואָלט געווען גבאי ראשון וואָלט ער געקענט בעסער פּועל׳ן ביי איהם, קאָן איך באלד אויפ׳ן אָרט אויפגעבען מיין אמט. מאכט אייך וועמען איהר ווילט און זאָל יענער פּרובירען.

— וואָס רעדט איהר, ר׳ מרדכי — האָט איינער פון די גבאים אויס-

גערופען — אויב אייך וועט ניט געלינגען צו פארהאלטען אייער איידים, וועט קיין אנדערער געווים עס ניט קענען טהאָן... אָבער איך גלויב אז איהר און אייער טאָכטער וועלען אויסאיבען אויף איהם אייער איינפלוס... מיר ווייסען אז ער האָט ליעב זיין פרוי און קינד און אפשר וועט ער בלייבען.

— איהר דארפט זיכער זיין אז איך וועל טהאָן אלעס וואָס איז מעגליך. אָבער ווען מיר טראַכטען זיך אריין אין דעם, איז ער אינגאַנצען ניט אומ־גערעכט. עס פארשטעהט זיך אז דאָס וואָלט איך קיין מאָל ניט געזאָגט אין זיין געגענוואַרט. אָבער איצטער אז ער איז אוועקגעגאַנגען קאָן איך אייך זאָגען אז עס איז איהם אויך ניט צו פארדיינקען. דער נסיון איז צו גרוים. אין ווארשע באָט מען איהם פאָרט אָן פופציג רובעל א וואָך... ער איז נאָך א יונגער מאַן און ער דאַרף זאָרגען פאַר דער צוקונפט. וואָס וועט ער חס וחלילה טהאָן ווען ער פארלירט פּלוצלונג זיין שטימע? אזא זאַך קען פּאַסי־רען. און זינגט ער דאָווענט אין ווילנע אלס שטאָדט חזן, ווייס איך ניט אויב ער האָט דורך דער צייט אָפּגעשפּאָרט א צוויי הונדערט רובעל. און דאָס, פארגעסט ניט, איז ער מיט מיר. איך רעכען איהם ניט קיין דירה געלט און באהייצונג. ווען ער וואָלט אויך פאר דעם געדאַרפט צאָהלען, וואָלט ער קוים אויסגעקומען. איהר פארשטעהט שוין פאר וואָס ער איז אזוי איינגעשפּאַרט. ער וויל גאַנץ פּשוט פארדינען מעהר געלט. איז עס אַן עולה?

— קיין עולה וואָלט עס ניט געווען ווען מיר קאָנען באהויפּטען. אָבער אז אונז קומט אָן גאַנץ שווער צו צאָהלען איהם זיינע קליינע שכירות.

— נו, איהר הערט דאָך וואָס ער טענה'ט: אויב איהר קאָנט ניט דאַרף עס אייך ניט גלוסטען!...

— מיר שטרענגען זיך דאָך אָן און מיר גיבען איהם א הוספה. טאָ וואָס נאָך וויל ער?

— דאַרף איך דען ווידערהאָלען וואָס ער וויל? פארשטעהט זיך אז ער פארלאַנגט צופיעל און מיר גיבען איהם ניט גענוג. יע, עס וואָלט געווען גאַנץ גענוג ווען ער האָט ניט קיין אָנבאָט פון ווארשע.

— ווארשע! ווארשע! ניט געדאַכט זאָל זי ווערען אָט די ווארשע... פארוואָס האָבען מיר איהם געלאָזט אהין פאָהרען.

— מיר וואָלטען גאָר ניט געקענט טהאָן מיט איהם. איהר פארגעסט אז ער איז שוין ניט קיין אינגעל. איך בין געווען דאַגעגען זיין פאָהרען. אָבער ווען ער האָט געהאַט געקראָגען די הוצאות און דערצו נאָך איז עס געווען א מצוה, האָבען מיר גאָר ניט געקענט אויפּטאָן.

—אלזאָ, וואָס איז אייער עצה, וואָס דאַרפען מיר איצט טהאָן? מיר קאָנען דען דערלויבען איהם צו לאָזען אוועקפאָהרען פון ווילנע? זאָגט אדרבא, ר' מרדכי וואָס דאַרפען מיר טהאָן?

— עס איז שווער פאַר מיר צו ריידען. איהר פארשטעהט דאָך מיין לאַגע. מען וועט נאָכהער זאָגען אז ווייל איך בין זיין שווער, האָב איך גע־וואָלט קריגען פאר איהם א הוספה. אָבער גלויבט מיר, אז איך וואָלט געוועזן מעהר צופרידען ווען ער בלייבט דאָ פאַר די זעלבע שכירות. ווייל איך ווייס

גאַנץ גוט אַז אַזוי שנעל ווי ער קריגט אַ הוספה, וועט ער זיך אַרויסקלייבן פון אונזער הויז. און איך דאַרף אייך ניט זאָגן ווי שטאַרק איך און מיין פרוי ווילן ניט אַז דאָס זאָל פּאַסירן. ער איז ביי אונז ווי אַן אייג׳ן קאָפּ און מיין חנה׳לע און אייניקל. איהר פאַרשטעהט שוין אַז איך וואָלט געוועזן אַ סך מעהר צופרידען ווען אַלעס בלייבט ווי איצט. אָבער אַזוי ווי דאָס איז אונמעגליך, בלייבט איבער פאַר אונז איין ברירה און דאָס איז איהם נאָכ־צוגעבען.

— וואָס ? נאָכצוגעבען און צאָהלען איהם פופציג רובעל אַ וואָך ! — האָט דער געוועזענער גבאי ראשון אויסגערופען. — דאָס איז דאָך אַ...

— אַז איהר לאָזט מיר ניט ענדיגען ! — האָט ר׳ מרדכי אויסגערופען. איך מיין איהם נאָכצוגעבען אַ העלפט פון זיינע פאָדערונגען. ער בעט פופציג דאַרפען מיר איהם געבען פינף און צוואַנציג און אויף אַזאַ פּשרה בין איך כמעט ווי זיכער אַז איך וועל שוין ביי איהם פועל׳ן ער זאָל איינגעהן !

— אַ קלייניגקייט, פינף און צוואַנציג רובעל אַ וואָך. און פון וואַנען, איך בעט אייך, וועלען מיר עס נעהמען ?

— איך ווייס ווי שווער עס וועט זיין פאַר אונז אָבער דאָס איז דער איינציגער אויסוועג. ווינציגער ווי דאָס וועל איך זאָגאַר ניט אונטעו נעהמען צו ריידען מיט איהם.

— מיר גיבען איהם שוין פופצעהן רובעל, און איהר ווייסט אַליין, ר׳ מרדכי אַז מיר וועלען זיך דאַרפען גוט אָנשטרענגען אויך אויף דעם. ווי אַזוי וועלען מיר איהם קאָנען צושטעלען יעדע וואָך פינף און צוואַנצ ג רובעל ? עס איז דאָך אַ געוואַלד !

— איך בין איצט אין אַ זעהר ניט אַנגענעהמע לאַגע — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט. — עס קומט אויס אַז איך דינג זיך פאַר מיין איידעם. אַז איך וויל אַרויסקריגען וואָס מעהר. אָבער גאָט איז מיין עדות, אַז ווען איך האָב מיט איהם גערעדט אין מיין הויז, האָב איך זיך מיט איהם געדונגען. איך האָב איהם געזאָגט אַז אויב ער וועט קריגען אַ פינפערעל אַ הוספה וועט ער זיך דאַרפען צופרידען שטעלען. און איך האָב ביי איהם ניט גע׳פועל׳ט. איצט ווייס איך ניט וואָס צו טאָן. איך גלויב אַז מיט פינף און צוואַנציג רובעל וועל איך קענען ביי איהם פועל׳ן ער זאָל איינגאַנצען אויפגעבען דעם געדאַנק וועגען פאָהרען קיין וואַרשע.

— אפשר וועט ער איינגעהן אויף אַביסעל ווייניגער — האָט ר׳ שמעון געזאָגט.

— איהר האָט דאָך געזעהן ! וואָס קאָן איך טהאָן ? פּרובירט איהר ר׳ שמעון זיך מיט איהם דורכצוריידען. איך קאָן זיך ניט אונטערנעהמען עס צו טהאָן אונטער פינף און צוואַנציג רובעל. גלויבט מיר אַז פריהער וועל איך פּרובירען ריידען מיט איהם וועגען צוואַנציג רובעל. איך וועל אָנוועגדען אַלעס וואָס עס איז נאָר מעגליך... איך וועל איהם אויפקלערען ווי עס לוינט זיך בעסער פאַר איהם צו בלייבען דאָ פאַר ווייניגער איידער זיך צוברעכען און פאָהרען אַזוי ווייט מיט זיין משפחה... וואָס נאָך קאָן איך טהאָן ? אָבער

איידער איהר באפּאלמעכטיגט מיך ניט איהם אנצובאטען פינף און צוואנציג רובעל, וועל איך זיך ניט אונטערנעהמען צו ריידען מיט איהם. זאל אימיצער אנדערש עס טהאן!

— נו, וואס זאגט איהר, ר' שמעון, גלויבט איהר אז אייך וועט געלינגען?
— האט איהם איינער פון די גבאים געפרעגט.

— איהר רעדט נארישקייטען — האט ר' שמעון איהם געענטפערט — אויב זיין שווער וועט ביי איהם ניט פועל'ן, ווי קאנט איהר דערווארטען אז איך זאל פועל'ן ביי איהם?

— גראד איהר קענט אמאל האבען אויף איהם א שטארקערע ווירקונג ווי זיין אייגענער שווער. איך וויים אז יואל דוד האלט פון אייך. זינט דאן ווען איהר האט מיט איהם שלום געמאכט און זיך געקומען איבערבעטען מיט איהם, איז ער צו אייך געווארען גאנץ פריינדליך.

— גוט, איך וועל מיט אייך געהן — האט ר' שמעון זיך אפּגערופען.
— ווען זאלען מיר געהן?

— מיר מוזען זיך צואיילען, ווייל באלד וועלען זיך אנפאנגען די ימים נוראים. מיר מוזען עס פארענדיגען פאר ראש השנה.
— לאמיר אריבערגעהן באלד!

— מיין עצה איז איהר זאלט צוואווארטען ביז מארגען. אפשר וועט ער זיך ביז מארגען בארוהיגען — האט ר' מרדכי געזאגט.

— איך גלויב אז מיר זאלען איצט געהן צו איהם — האט ר' שמעון געזאגט. מיר וועלען זיך דורכריידען אין געגענווארט פון זיין פרוי. און איך בין זיכער אז זי וועט אונז ארויסהעלפען.

— גוט, טהוט ווי איהר ווילט! — האט ר' מרדכי געזאגט — איך וועל דא בלייבען ביז וואנען איהר וועט צוריקקומען. מיר וועלען הערען וואס איהר האט אויפגעטאן.

— איהר דארפט אבער וויסען אז מעהר ווי צוואנציג רובעל זאלט איהר איהם ניט אנבאטען, איהר הערט ר' שמעון?

— נו, עס פארשטעהט זיך, אויב אונז וועט עס ניט געלינגען, דאן וועט ר' מרדכי איהם אנבאטען די גאנצע פינף און צוואנציג.

ר' שמעון און ר' נפתלי זיינען אוועק צו סטראשונען אין הויז. יואל דוד איז נאר וואס געקומען און איז געווען שטארק אויפגערעגט. ער האט ארומגעשפּרייזט א צערודערטער אהין און צוריק איבער'ן צימער, און חנה'לע האט מורא געהאט איהם צו פרעגען וואס עס האט פּאסירט.

ווען ר' שמעון און ר' נפתלי זיינען אריינגעקומען, האט חנה'לע זיי אויפגענומען.

— וואו איז אייער מאן? — פרעגט זי ר' שמעון.

— ער איז אין זיין צימער. ער קומט דאך, דוכט זיך, פון קהל שטיבעל.

—יע, ער איז פון אונז נאר וואס אוועק, און די גבאים האבען אונז געשיקט צו ריידען מיט איהם... איך בעט אייך, חנה'לע, זאגט איהם אז מיר זיינען געקומען.

— אָט, וואַרט צו א ווײַלע — האָט זי געזאָגט.

— מיר וועלן אײַך בעטן נאָך א זאַך — האָט ר׳ שמעון זיך צו איהר געווענדעט — מיר וואָלטען געוואָלט אז איהר זאָלט זײַן דערבײַ ווען מיר וועלען ריידען מיט איהם... מיר ווילען אז איהר זאָלט אונז אביסעל ארויסהעלפען.

— איך! — האָט חנה׳לע א קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס — וואָס קאָן איך טהאָן. איך וויל איהם קיין דעות ניט זאָגען... איך גלויב אז ער ווייסט וואָס ער טהוט. אויסער דעם, מיט וואָס קאָן איך אײַך ארויסהעלפען?

— גלויבט מיר, חנה׳לע, אז גראָד איהר קאָנט אויף איהם ווירקען מעהר ווי יעדער איינער פון אונז... מיר שטעלען זיך פאָר אז איהר וואָלט אויך בעסער געוואָלט ער זאָל בלייבען אין ווילנע, וואו אייער משפּחה געפינט זיך, איידער פאַרוואָגעלט צו ווערען אזוי ווייט, ווייס איך וואו, אזש קיין וואַרשע... עס וועט גאָרניט שאַדען אז איהר וועט אריינוואַרפען א פּאָר ווערטער.

— ער איז איצט זעהר צעטראָגען און אויפגערעגט, און ווען איהר פאָלגט מיך וואָלט איהר איצט איהם איינגאַנצען באַדאַרפט צו־רוה לאָזען.

— ער וועט איינזעהן אז מיר זיינען אויסען זיין טובה — האָט ר׳ נפתלי געזאָגט — און איך בין זיכער אז גראָד בײַ איהם אין הויז וועלען מיר בעסער קאָנען מיט איהם דורכקומען.

— אויב איהר וועט אונז נאָך דערצו ארויסהעלפען — האָט ר׳ שמעון צוגעגעבען — דאַן וועלען מיר שוין בײַ איהם פּועל׳ן. איהר פאַרשטעהט, אייער טאַטע האָט זיך צופיעל ניט געקאָנט מישען... נו, האָבען מיר זיך אונטערגענומען... איהר ווייסט גאַנץ גוט, אז ווילנע וועט אייער יואל דוד׳ן ניט אַפּלאָזען. אלא וואָס דען? ער פאַרלאַנגט צופיעל געלט, וועט ער דאַרפען עפּעס ארונטערלאָזען.

— עס ווענדט זיך וויפיעל! — האָט חנה׳לע געזאָגט.

— וואָס דאַרפט איהר מעהר! ביז פאַראיאָהרען פלעגט ער באַקומען בלויז פינף רובעל. נו, ווייסט איהר דאָך אז פאַראיאָהרען האָבען מיר איהם געגעבען א העכערונג פון פינף רובעל, וואָס איז געווען צוויי מאָל אזוי פיעל. און איצט האָט קהל באַשלאָסען איהם צו געבען א הוספה פון נאָך צעהן רובעל, וואָס עס מיינט, אז די וואָך גלייך נאָך סוכות פאַנגט ער אָן צו קריגען צוואַנציג רובעל. יע, אזוי פיעל האָט מען אונז געהייסען איהם אָנבאָטען און איהר, חנה׳לע, וועט דאַרפען זעהן אז ער זאָל ניט זיין איינגעשפּאַרט און נאָכגעבען און זאָל זיין מיט גליק.

— איך בעט אײַך, פאַרלאַנגט פון מיר ניט... איך וועל זיך גאָרניט מישען...

—איהר מוזט אונז ארויסהעלפען — האָט ר׳ שמעון געזאָגט — און גלויבט מיר, אז עס וועט זיין אויך פאַר אייער טובה. געהט זאָגט איהם אז מיר זיינען געקומען.

חנה איז אריין אין צימער, וואו יואל דוד האָט נאָך אלץ געשפּרייזט הין און צוריק.

— יואל דוד, ר׳ שמעון און ר׳ נפתלי זיינען געקומען זיך דורכריידען מיט דיר.

— איך האב מיט זיי ניט וואס צו ריידען!

— אבער דו וועסט זיי דאך ניט פארשעהמען. זיי זיינען געקומען צו דיר אין הויז און דו דארפסט זיי אויפנעמען.

— וואס ווילען זיי האבען פון מיר! — האט יואל דוד אויסגערופען — גוט, איך וועל באלד אריינקומען צו זיי.

— איך בעט דיך, מיין טייערער, זיי נים אזוי אויפגערעגט — באַרוהיג זיך.

— גענוג, גענוג, לאז מיך שוין צורוה. איך בין ניט אויפגערעגט. אט געה איך!

יואל דוד האט צורעכט געמאכט זיין יארמעלקע און איז ארוים אין דעם גאסט צימער.

— נו, דו זעהסט יואל דוד, אט זיינען מיר גאר צו דיר געקומען.

— אז איהר זייט געקומען זייט איהר אנגעלייגטע געסט, זעצט זיך! חנה׳לע, היים מאכען דעם סאמאוואר און זאלען זיי האבען טהעע.

— א דאנק. מיר וועלען דא לאנג ניט קאנען פארבלייבען — האט ר׳ שמעון געזאגט — די פארשטעהסט? אין קהל שטיבעלווארט מען אויף אונז... זיי האבען אונז געשיקט צו דיר, ווייל דו ביזט אוועק צו שנעל. דו האסט זיך גארניט געלאזען ריידען. זיינען מיר געקומען אהער צו פארענדיגען.

— אויב דאס איז דער צוועק פון אייער קומען, האט איהר זיך באמיהט אומזיסט! — האט יואל דוד געזאגט — איך האב מעהר ניט וואס צו פארהאנדלען... איהר פארברייננגט אייער צייט אין ניוועץ.

חנה האט געקוקט אויף איהר מאן און איהרע געפיהלען זיינען געווען געמישט פון שרעק און שטאלץ. זי זעהט ווי מען בעט זיך ביי איהם ער זאל בלייבען. זי דארף זיך שעצען די גליקליכסטע. א קלייניגקייט צו זיין די פרוי פון אזא מאן נאך ווען די צוויי גרעסטע קהלות יאגען זיך... און ער איז ביי זיך שטאלץ און בויגט זיך ניט ווי די אנדערע חזנים טהוען עס פאר זייערע בעלי בתים. אבער פון דער צווייטער זייט, האט זיך איהר הארץ געשראקען. אויב ער וועט בלייבען אזוי פאר׳עקשנ׳ט, קען דאך זיין אז ער מיינט גאנץ ערנסט צו פאהרען נאך ווארשע... און דער געדאנק האט אויף איהר אנגעיאגט אן אימה... דאס וועט מיינען ווידער זיך צושיידען אויף גאט ווייסט ווי לאנג. ווייל זי וועט דאך ניט קאנען גלייך מיטפאהרען מיט איהם צוליב דער עופה׳לע. פונדעסטוועגען האט זי, דערזעהענדיג ווי שטייף ער איז ביי זיך, ניט געוואלט זיך אריינמישען. זי האט געקוקט אויף איהם און געשוויגען.

— דו האסט נאך גארניט געהערט און דו זאגסט שוין אז מיר פארברייגגען אונזער צייט אין ניוועץ? הער אונז אוים!

— נו, גוט, לאמיר הערען וואס איהר האט צו זאגען. איך מיין וואס פאר א נייעס איהר האט.

— מיר זיינען געקומען צו דיר ריידען וועגען א פשרה!

— א פשרה, דאס איז שוין פאר מיר קיין נייעס ניט. דאס האב איך דאך געהערט אויך אין קהל שטיבעל.

— די נייעס איז אז מיר זיינען געקומען דיר אנבאטען גאנצע צוואנציג רובעל א וואך שכירות — האט ר' שמעון געזאגט.

יואל דוד האט אויף איהם א קוק געטהאן און האט זיך אנגערופען:

— איהר מוזט הפנים מיינען, אז איר האט צו טאהן מיט א בר מצוה אינגעל. איהר האט געהערט ווי איך האב געזאגט אז איך פארלאנג פופציג רובעל א וואך. פונקט אזויפיעל ווי מען באט מיר אן אין ווארשע, קומט איהר און זאגט צוואנציג!

— און אז דו האסט געזאגט פופציג איז וואס? — האט ר' שמעון אויסגערופען — דיינע רייד זיינען דאך נאך ניט קיין תורת לאקשען...

מענשען זאגען און מען קומט דורך. איך האב נאך ניט געהערט אז אימיצער קריגט אלעס וואס ער פארלאנגט. דו האסט געזאגט, מאלע וואס דו האסט געזאגט!

— איך האב געזאגט און איך זאג אייך אויך איצט, אז איך וועל א פרוטה ניט ארונטערלאזען... אזוי פיעל פארלאנג איך. און אויב איהר קאנט ניט אדער איהר ווילט ניט געבען, וועלען מיר בלייבען די זעלבע גוטע פריינט, נאר פון דערווייטענס. איך וועל פאר ווינציגער ווי פופציג רובעל א וואך ניט פארבלייבען...

— דו ווייסט גאנץ גוט, יואל דוד, אז וועלען וואלטען מיר געוואלט, נאר מיר קאנען ניט...

— נו, אז איהר קאנט ניט דארף זיך אייך ניט וועלען! ווארשע איז אזא אידישע שטאט ווי ווילנא... און איך האף אז זיי וועלען זיין צופרידען פון מיר, פונקט ווי איהר זייט צופרידען...

— און ביי דיר וועט זיין רעכט צו פארלאזען דיין היים, דיין משפחה, דיינע קרובים און פריינט און זיך אוועקלאזען אזוי ווייט?

— מיין משפחה וועט קומען צו מיר שפעטער א ווייל... מיין חנה'לע ווייסט גאנץ גוט, אז עס איז די פליכט פון יעדען מאן צו פארבעסערען זיין לאגע ווי ווייט מעגליך. און זי ווייסט אויך אז פופציג רובעל א וואך איז צוויי און א האלב מאל אזוי פיעל ווי צוואנציג רובעל. דאריבער זאג איך אייך נאך אמאל, אז מיר האבען ניט וואס צו פארהאנדלען... אזוי וועט זיין! א דאנק גאט, איך בין צו קיינעם ניט פארקויפט, איך קאן טהאן וואס מיר געפעלט.

— נו, חנה, וואס זאגט איהר, פארוואס זאגט איהר איהם ניט אז איהר ווילט בעסער בלייבען אין ווילנא צוזאמען מיט אייערע עלטערען, מיט אייערע שוועסטער און מיט אייערע קרובים...

— מייז חנה'לע ווייסט אליין וואס עס איז בעסער פאר אונז און זי וועט טהאן, וואס איך פארלאנג! ניט אמת, חנה'לע?

חנה'לע האט שווייגענדיג צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— נו, ווי איך זעה, איז טאקע אונזער גאנצע ארבייט ארויסגעווארפען

— האָט ר׳ נפתלי געזאָגט — לאָמיר גען צוריק אין קהל שטיבעל און זיי זאָגן.

— איך זאָג דיר דעם אמת, יואל דוד, אז איך האָב זיך ניט געריכט אויף אַזוי פיעל עקשנות פון דיין זייט! נו, מילא, לאָמיר גען, ר׳ נפתלי. זיי זיינען ביידע אַוועק ניט זאָגענדיג אפילו קיין "גוטען טאָג".

— וואָס האָבען זיי זיך אַלע אָנגעזעצט אויף מיר! — האָט יואל דוד אויסגערופען, ווען זיי זיינען שוין געווען אויף יענער זייט טיהר — וואָס מיינען זיי איך בין צו זיי פאַרקויפט! האָסטו געהערט אין דיין לעבען, זיי ווילען מיך צווינגען איך זאָל בלייבען ביי זיי און דערלייגען דרייסיג רובעל א וואָך.

— איך וויל זיך ניט מישען, יואל דוד, אָבער אפשר וואָלסטו ניט באַדאַרפט האַנדלען אַזוי... נאָך אַלעמען זיינען מיר שוין דאָ איינגעזעסען, און פאָהרען אין דער פרעמד איז גאָרניט אַזוי גוט.

— צווישען אידען איז מען ניט פרעמד, און לאָמיר דיר זאָגען, חנה׳לע, ווען דו וואָלסט געווען אין ווארשע אויף א ווייל וואָלסטו אליין ניט געוואָלט אַוועקפאָהרען פון דאָרט... ווילנא געגען ווארשע קוקט אויס ווי א דאָרף... אין ווארשע איז פאַראַן א סך צו זעהן און צו הערען. און צו ווערען שטאָדט חזן אין ווארשע איז ניט קיין קליינינקייט... מילא, ווען איך וואָלט דאָרט ניט געקראָגען מעהר, וואָלט איך אפשר שוין פאַרבליבען דאָ, אָבער ווען איך האָב א געלעגענהייט דאָרט רייך צו ווערען . . . טאָ פאַרוואָס זאָל איך עס ניט טהאָן?

— אָבער...

— איך וויל ניט וויסען פון קיין "אָבער". דו אליין דאַרפסט איינזעהן אז איך בין גערעכט... און זאָל זיין גענוג. איך וויל מעהר פון דעם ניט הערען. איך האָב זיי איבערגעגעבען מיינע באַדינגונגען און אַזוי וועט עס בלייבען... איך וועל מעהר מיט קיינעם ניט פאַרהאַנדלען סיידען זיי וועלען מיר נאָכגעבען. עלף יאָהר האָב איך פאַר זיי געפּראַצעוועט און גאָרניט געקראָגען דערפאַר. גענוג! איך וויל אז דו זאָלסט מיר צוזאָגען זיך ניט אריינצומישען.

— איך וועל זיך ניט מישען, יואל דוד — האָט חנה׳לע געזאָגט — איך פאַרלאָז זיך אינגאַנצען אויף דיר! איך זאָג דיר צו.

— אָט אַזוי, מיין טייערע — האָט יואל דוד זי א קוש געטהאָן — איך וויים וואָס איך טהו.

דערווייל זיינען ר׳ שמעון און ר׳ נפתלי צוריק געקומען אין קהל שטיבעל, וואו ר׳ מרדכי און די אנדערע האָבען אויף זיי געוואַרט מיט גרוים אומגעדולד. ביידע זיינען אריינגעקומען מיט פאַרכמורעטע פנים׳ער.

— נו, ווי האָט איהר אויסגעמאַכט? — האָט א גבאי זיי א פרעג געטהאָן.

— אויסגעמאַכט? קאָנט איהר עפּעס אויסמאַכען מיט אן עקשן! — שאָקעלט ר׳ שמעון מיט׳ן קאָפּ...

— אַזאַ עקשן האָב איך נאָך ניט געזעהן — זאָגט ר' נפתלי — האָט זיך אפילו ניט געלאָזט רעדען.

— גיב איהם פופציג רובעל א וואָך! אַזוי וויל ער און געהט טהוט איהם עפּעס. — האָט ר' שמעון געמאַכט מיט זיינע הענט — אַנדערש וויל ער ניט... איי, פון וואַנען קאָן אונזער אָרימע קהילה קריגען אַזוי פיעל געלט, דאָס געהט איהם ניט אָן. ער וויל קיין פּרוטה ניט אַרונטערלאָזען!

— איך האָב אָבער גלייך געזאָגט, אַז זאָל בעסער זיין שוועהר ריידען מיט איהם. ער ווייסט שוין ווי צו ריידען מיט איהם.

— איהר ווייסט דאָך, אַז מיר זיינען געווען באַגרעניצט ניט צו געהן העכער פון צוואַנציג רובעל, כאָטש איך בין ניט-זיכער, אַז ער וועט איינשטימען אויף פינף און צוואַנציג... נאָר אפשר, אַז איהר, ר' מרדכי וועט מיט איהם זיך דורכריידען... מיט אונז האָט ער אפילו ניט געוואָלט פאַרהאַנדלען.

— איך האַלט, אַז מען וועט דאַרפען די פאַרהאַנדלונג מיט איהם אָפּלייגען אויף א פּאָר טעג שפּעטער און אפשר טאַקע אויף די עשרת ימי תשובה.

— טהוט ווי איהר פאַרשטעהט, מיר פאַרלאָזען זיך אין גאַנצען אויף אייך, ר' מרדכי, ער איז אייער איידעם און איהר ווייסט בעסער ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַגעהן מיט איהם, אָבער איין זאַך דאַרפט איהר וויסען, אַז מיר ווילען איהם ניט פאַרלירען... מיר ווילען זיך אָנשטרענגען און איהם צאָהלען פינף און צוואַנציג רובעל א וואָך. אבי ער זאָל פאַרבלייבען מיט אונז...

— איך וועל טהאָן אַלץ וואָס איך קאָן, איך וועל אָנווענדען אַלע מיטלען! — האָט ר' מרדכי געזאָגט — אָבער צוזאָגען קאָן איך אייך אויך ניט. איהר פאַרשטעהט, יענע יאָהרען ווען איך האָב געהאַט א דעה איבער איהם זיינען אוועק... איצט איז אפילו מיר שוועהר איהם צו באַאיינפלוסען... איך וועל דאַרפען וואַרטען אויף א שעת הכושר. ער וועט זיין אין א בעסערע שטימונג, וועל איך מיט איהם אָנפאַנגען ריידען וועגען דעם.

* * *

ראש השנה איז די ווילנער שטאָט-שוהל געווען מעהר געפּאַקט ווי אַלע אַנדערע יאָהר. ווי דאָס האַרץ האָט יעדען געזאָגט, אַז דאָס איז דער לעצטער ראש השנה וואָס זייער באַליבטער שטאָדט חזן, דער ווילנער באַלעבעסל דאַווענט.

א דאַוונען האָט יואל דוד אוועקגעגעבען וואָס איז נאָך זיין גלייכען ניט געווען. ווען ער האָט געזונגען "ונתנה תקף", האָט אויסגעבראָכען אַזאַ יאָמערליכער געוויין אין שוהל, אַז דער שמש האָט געמוזט קלאַפּען, עס זאָל זיין שטיל, ווייל מען האָט ניט געקאָנט הערען... צעהנדליגע פרויען האָט מען געדאַרפט מינטערען מיט חלשות טראָפּענס.

נאָכ'ן דאַוונען, ווען מען האָט איינע די אַנדערע זיך געוואונשען א גוט יאָהר, האָט מען צוגעגעבען:

"זאָל גאָט געבען, אַז מיר זאָלען דערלעבען איבער אַ יאָהר און ווייטער הערען דאַוונען דעם ווילנער באַלעבעסל.

— איך ווייס ניט וואָס דאָס איז — האָט איין בעל הבית זיך אָנגערופען צום צווייטען, אָבער מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז מיר וועלען איהם פאַרלירען. איך האָב געהערט, אַז אין וואַרשע באָט מען איהם אַן פופציג רובעל אַ וואָך און אונזערע גבאים קאָנען מיט איהם ניט דורכקומען.

— וואָס מיינט איהר, זיי וועלען איהם לאָזען אוועקפאָהרען קיין וואַר־שע ?

— וואָס דען קאָנען זיי טהאָן ? קאָנען זיי דען איהם צאָהלען פופציג רובעל אַ וואָך ?...

— מיר טאָרען איהם ניט פאַרלירען. מיר דאַרפען זיך אָנשטרענגען מיט אַלע מעגליכקייטען.

— וואָס מיינט איהר, מען טהוט גאָרניט ! מען רעדט, מען פאַרהאַנ־דעלט מיט איהם. אָבער ער איז איינגעשפּאַרט. ער וויל ניט אַרונטערלאָזען פון זיין פאָדערונג. אפשר וועט זיין שווער, ר' מרדכי סטראַשון, קאָנען ביי איהם עפּעס פּועל'ן. די טעג וועלען מיר מסתמא וויסען. איהר ווייסט דאָך, אַז צוליב דעם האָט מען ר' מרדכי'ן אויסגעקליבען גבאי ראשון... איהר פאַרשטעהט, ער וועט דאָך ניט וועלען, אַז זיין טאָכטער זאָל אוועקפאָהרען אַזוי ווייט... דערפאַר גלויבט מען, אַז ער וועט אויף איהם ווירקען.

זיי האָבען אָבער אויך געמאַכט אַ טעות. ר' מרדכי האָט אויף איהם ניט געקאָנט ווירקען. כאָטש ער האָט מיט איהם ניט אויפגעהערט איינצו־טענה'ען. אין דער זעלבער צייט איז אויף די ימים נוראים געקומען מאָטעל, יואל דוד'ס אינגערער ברודער, וועלכער האָט דעם גאַנצען יאָהר געלערענט אין אַ ישיבה ערגיץ אין אַ קליין שטעטעל.

מאָטעל איז שוין אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר און ער פלעגט קומען אויף אַלע ימים טובים קיין ווילנע, וואו ער פלעגט זיין ביי זיין ברודער, אין ר' מרדכי'ס הויז.

ר' מרדכי האָט צו איהם גענומען ריידען אויף מאָרגען נאָך ראש השנה, אום צום גדליה, זיי האָבען אַלע געפאַסט און נאָכדעם ווען זיי האָבען פאַר־פאַסט האָט ר' מרדכי זיך געווענדעט צו זיין איידעם.

— איך מוז דיר זאָגען, יואל דוד, אַז גאַנץ ווילנע געהט דאָך אויף רעדלאָך וועגען דיין דאַוונען. זיי זאָגען, אַז היינטיגס יאָהר האָסטו זיך אַליין אַריבערגעשטיגען. צעהנדליגע ווייבער האָבען אַוועקגע'חלש'ט. נו, וואָס זאָגסטו אויף דעם, מאָטעל ? האָסטו נאָך אַזאַ דאַוונען ווי דיין ברודער'ס אַמאָל געהערט ?

מאָטעלע האָט שעמעוודיג געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ אויף ניין. ער איז געווען אַ שעמעוודיגער ישיבה בחור און ער האָט אויף זיין ברודער שטענדיג געקוקט מיט יראת הכבוד.

— דו האָסט נאָך מסתמא ניט געהערט, מאָטעל, אַז דיין ברודער פּלאַנט צו פאַרלאָזען ווילנע.

— פארלאזען ווילנע! — האט מאטעל אויסגערופען, — פארוואס?

— ווייל, ווען ער איז געווען אין ווארשע, האט מען איהם דארט אנגע־באטען א גרעסערען געהאלט.

— א גרעסערען געהאלט! דו הערסט, מאטעל, דא קריג איך צעהן רובעל א וואך, און דארט גיט מען מיר פופציג.

— אבער מען האט דאך דיר שוין דא אויך אנגעבאטען צוואנציג רובעל! — האט ר׳ מרדכי געזאגט.

— צוואנציג איז אבער נאך אלץ וייט פון פופציג, שווער, עס איז א גאנץ גרויסער מהלך.

— איך גלויב, אז צוואנציג רובעל צו בלייבען דא אויף אן ארט מיט דיין משפחה, איז מעהר ווערט ווי די פופציג רובעל אין דער פרעמד.

— ווארשע איז ניט אין דער פרעמד. דארט זיינען פאראן מעהר אידען ווי דא אין ווילנע, און צווישען אידען איז מען ניט אין דער פרעמד.

— דאס איז אלץ גערעדט... דא ביזטו פארט צווישען אייגענע און פריינט, מיט וועלכע דו ביזט צונויפגעבונדען זינט דיין קינדהייט. אויסער דעם, האסטו דאך דא דיין פרוי און קינד.

— איך האף צו גאט, אז אויך דארטען וועט זי זיין מיט מיר! הא, וואס זאגסטו, חנה׳לע?

— אודאי, א פרוי׳ס פלאץ איז ביי איהר מאן! — האט חנה געענט־פערט.

— וואס זאל איך מיט דיר לאנג ריידען, יואל דוד. איך וויל דיר זאגען, אז איך האב זיך דורכגערעדט מיט אלע גבאים און חשוב׳ע בעלי בתים און זיי האבען מיר באפולמעכטיגט דיר אנצובאטען פינף און צוואנציג רובעל א וואך. און זאל זיין מיט גליק, הא, וואס וועסטו איצט זאגען?

— איך וועל זאגען די זעלבע זאך, אז אונטער פופציג רובעל בלייב איך דא ניט!

— נו, איצט רעדסטו שוין ווי א פאר׳עקשנ׳טער איגנגעל. דו ווייסט וואס דאס באדייט. די ווילנער קהילה וויל זיך אנשטרענגען מיט אלע איהרע קרעפטען, דו זאלסט בלייבען דא, און דו ווייזט ארויס אזא עקשנות!

— רופט עס וואס איהר ווילט, שווער, איך האב ביי זיך כמעט ווי א נדר געטהאן, אז אונטער פופציג רובעל וועל איך ניט בלייבען און איך וועל זיך האלטען ביי מיין באשלוס. וואס מיינט איהר, וויפיעל איז דער שיעור צו בלייבען אויף איין פלאץ. לאמיר פרובירען ווארשע. אז מיר וועט ניט געפעלען, וועל איך זיך אומקעהרען קיין ווילנע.

— איך וויים ניט וואס דיר צו זאגען, יואל דוד — האט ר׳ מרדכי א קוועטש געטאן מיט זיינע פלייצעס — אבער איך בעט דיך, טהו די געפע־ליגקייט און בלייב דא אמוועניגסטענס אויף נאך א יאהר... דערווייל וועט זיך די ווילנער קהלה אן עצה געבען. זי וועט זוכען מיטלען, כדי נאכצוקומען דיינע פאדערונגען אויף דעם צווייטען יאהר.

— שווער, ניט אלע יאהר קאן קומען צו א מענשען אזא זעלטענע געלע־

געזונטהייט, און אויב איך זאָל זי איצט פאַרנאַכלעסיגען, וועל איך זי מעהר ניט קריגען.

— וועט אויך ניט זיין קיין אומגליק. איך גלויב, אז מיט פינף און צוואַנציג רובעל א וואָך קאָן מען אין ווילנע פיהרען א פיינעם בעל־הבית'ישען לעבען מיט שטאָאט ווי עס פּאַסט פאַר איינעם אין דיין שטאַנד. הא, וואָס זאָגסטו, מיין איידים? מאַך גלייך דיין באשלוס און אלע וועלען זיין צופרידען.

— איך וועל קיין מאָל צופרידען זיין, וויסענדיג אז איך האָב אויפ־געגעבען אזא שטעלע, וואו מיין הכנסה וואָלט געווען צוויי מאָל אזוי פיעל...

— זינט ווען ביזטו געוואָרען אזוי געלט־גייציג? — האָט ר' מרדכי געפרעגט — זינט איך געדענק האָסטו זיך קיינמאָל ניט גערעכענט מיט געלט.

— דאָס איז געווען מיין טעות. ווען איך וואָלט שכל געהאט מיט צעהן יאָהר צוריק, וואָלט איך איצט פיליכט געווען א נגיד.

— און דו מיינסט, אז דו וואָלסט געווען גליקליכער ווי איצט?... וואָס מיינסטו וואָלט געווען ווען דו האָסט שוין אָפּגעשפּאָרט א פּאָר טויזענט רובעל.

— איהר, שווער, ווייסט גאַנץ גוט דעם אונטערשייד צווישען דעם וועלכער האָט געלט און דער וועלכער האָט ניט... שטעלט זיך פאָר, וואָלט יודעל דער בעל־תקיף געווען אזא חשוב'ער בעל־הבית ווען ער האָט קיין געלט ניט?... און ר' קלמן דער שעהנער, פרומער איד, דער למדן און חכם, וואָלט ער ניט געווען צווישען די גבאים, מיט וועמעס מיינונג מען וואָלט זיך גערעכענט, ווען ער פאַרמאָגט א פּאָר הונדערט רובעל... איצט אָבער, אז ער איז א קבצן, פאַרבלייבט ער אין הינטערגרונד. קיינער רעכענט זיך ניט מיט איהם. ער קריגט זעלטען אן עליה... און כאָטש אלע ווייסען אז איז לערנען, אין חכמה און אין מידות שטעהט ער א סך העכער פון פיעלע פון די וועלכע קריגען אלע כבודים און מיט וועמענס מיינונגען מען רעכענט זיך.

— נו, אָט נעם דיך אליין. דו האָסט ניט קיין געלט, פונדעסטוועגען פעהלט דיר ניט קיין כבוד... דו ווייסט עס גאַנץ גוט.

— אָ, טאַטע, וואָס איז עס א פאַרגלייכעניש! דו ווייסט גאַנץ גוט, אז אפילו גויים אכטען און שעצען יואל דוד'ן, ווען זיי הערען איהם בלויז איין מאָל זינגען... ער איז דאָך איינער אין א מיליאָן...

— עס איז זעהר פיין פון דיר, מיין טאָכטער, צו ריידען אזוי וועגען דיין מאַן, כאָטש קיינער לייקענט עס ניט... אָבער טאָקע צוליב זיין גרויס־קייט און וויכטיגקייט וואָלט ער ניט געדאַרפט מאכען קיין וועזען וועגען געלט...

— איך דאַרף שוין אויך טראַכטען פון א תכלית! ביז ווי לאַנג וועל איך עקזיסטירען בלויז אויף כבוד? — האָט יואל דוד זיך אָנגערופען — דאָ ווילען זיי מיר געבען פינף־און־צוואַנציג רובעל. קאָנען געבען קאָנען זיי ניט, נאָר וואָס דען — זיי וועלען זיך אָנשטרענגען. דאָס מיינט, אז איך

וועל זיך שטענדיג פיהלען ווי איך בין א גרויסע לאסט אויף זיי... און זיי טהוען מיר א טובה... ניין, איך וויל עס ניט. אין ווארשע וועט מיר קיינער קיין טובה ניט טהאן... און דעריבער, שווער, וועל איך פאהרען קיין ווארשע.

— דו שטעלסט מיך אין א פארלעגענהייט, יואל דוד. דו פארשטעהסט, גראד איצט, ווען איך בין אויסגעקליבען געווארען פאר גבאי ראשון, זאלסטו נעמען און פארלאזען ווילנע... ווארט אמוועניגסטענס נאך א יאהר און איך וועל שוין געפינען אן אויסרייד אויפצוגעבען מיין אמט אלס גבאי ראשון. אבער איצט ווייס איך טאקע ניט וואס איך וועל טהאן. וואס וועלען די גבאים זאגען, אז גראד ווען איך בין גבאי ראשון דארף פאסירען אז דו זאלסט אוועקגעהן.

— איך האב אייך דען ניט געזאגט, שווער, אז איהר זאלט עס איצט ניט אננעמען, ווייל זיי זיינען עפעס אויסען דערמיט און די שוויגער איז נאך אויף מיר צוליב דעם אין כעס געווארען און זי האט מיר געזאגט, אז אויב איך וויל קאן איך געהן געזונטערהייט.

— דו ווייסט גאנץ גוט, אז איך האב עס ניט געמיינט — האט ריינקע, וועלכע איז די גאנצע צייט געזעסען און געשוויגען, זיך איצט אפגערופען.

— יא געמיינט, ניט געמיינט, אזוי איז דאס... דאס איז מיין באשלוס!

— הייסט עס, אז דו וועסט אוועקפאהרען קיין ווארשע?

— יא, גלייך נאך סוכות, אזוי האף איך!

— און חנה'לע און דיין טעכטערל וועסטו לאזען דא?

— איך וועל פריהער אליין פאהרען און זעהן אלעס איינצוארדענען, און אזוי שנעל ווי עס וועט ווערען ווארעם און עס וועט ניט זיין קיין געפאהר פאר דבורה'לען, וועל איך נאך זיי שיקען.

— דאס הייסט, אמוועניגסטענס וועט עס דארפען נעמען אכט מאנאטען... נו, ווילסטו זיין צעשיידט פון חנה'לע אכט מאנאטען צייט?

— נו, אז עס איז נויטיג וועלען מיר עס דארפען טהאן. הא, וואס זאגסטו, חנה'לע?

— חנה'לע האט זיך שוין מעהר ניט געקאנט באהערשען און אויסגעברופען מיט א שטימע געשטיקט פון טרערען:

— א, ניין, ניין, יואל דוד, איך קען ניט! איך וועל ניט קאנען זיין צעשיידט פון דיר. די עטליכע וואכען וואס דו ביזט געווען אין ווארשע זיינען פאר מיר געווען ווי יאהרען... איך בעט דיך, יואל דוד, בלייב דא... איך וועל זיך שעצען א סך גליקליכער ווען דו וועסט בלייבען דא און פארדינען ווענינגער...

— נו, לאמיר מעהר וועגען דעם ניט ריידען! — האט יואל דוד אויסגערופען — עס איז נאך פאראן צייט.

— די צייט איז קורץ, יואל דוד — האט ר' מרדכי געזאגט — און די בעלי־בתים ווילען שוין וויסען.

— איך וועל טהאן וואס עס איז בעסער פאר מיר... דערווייל וועל איך דאך דאווענען דא יום כפור און סוכות. און דאן וועל איך זעהן. קום, חנה'לע, קום אריין אין צימער. דו טארסט זיך ניט אויפרעגען. דו ווייסט דאך, אז

אויפּרעגנז און קלעמעניש איז ניט געזונט פאַר דיר און פאַר אונזער קינד.
א זויגענדע מאַמע דאַרף וויסען ווי זיך צו באַהערשען.

ווען יואל דוד און חנה'לע זיינען אריין צו זיך אין צימער, האָט ריינקע זיך אָנגערופען צו איהר מאַן מיט א שמייכעל:

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט, מרדכי, ווען די צייט וועט זיך דער־נעהענטערען און יואל דוד וועט בלייבען ביי זיין עקשנות, וועט ערשט דאַן חנה'לע איהם ניט לאָזען פאָהרען... אזוי האָט זי די גאַנצע צייט געהאַלטען מיט איהם... זי האָט אזוי באַדאַרפט האַנדלען. נישקשה, מיר קאָנען זיך פאַרלאָזען אויף אונזער טאָכטער. זי ווייסט ווי אזוי צו האַנדלען... איך זאָג דיר, אז זי וועט איהם ניט לאָזען פאָהרען און ער וועט בלייבען אין ווילנע... אַלעס וואָס עס קאָן פּאַסירען איז, אז זיי זאָלען זוכען א באַזונדערע דירה.

* * *

זייענדיג אין זייער צימער אליין, האָט זיך יואל דוד גענומען ברוגז'ן אויף זיין פרוי:

— איך ווייס ניט וואָס מיט דיר איז געשעהן, חנה'לע. דאַכט זיך, אַט האָלטסטו מיט מיר, דו פאַרשטעהסט מיין לאַגע און דו זאָגסט מיר צו אז דו וועסט זיך נישט מישען, און ווי נאָר דו הערסט דיין טאַטענ'ס אָדער דיין מאַמע'ס רייד, אזוי ווערט דיין האַרץ צעשמאָלצען און דו פאַנגסט אָן צו האַלטען מיט זיי.

—אָ, יואל דוד, מיין טייערער... איך האָב די גאַנצע צייט ניט געוואוסט אז דו ביזט אזוי ערנסט, אז דו האַלטסט ווירקליך ביים אוועקפאָהרען קיין וואַרשע.

— וואָס האָסטו געמיינט, אז איך שפּאַס?

— ניין, איך האָב געמיינט אז דו האַלטסט עס ווי א בייטש איבער די גבאים, זיי זאָלען דיר געבען א גענוגענדע הוספה... אָבער איצט, אז איך זעה אז דו האָסט געקראַגען אזא גרויסע העכערונג וואָס מיר האָבען קיינמאָל ניט דערוואַרט, און דו בלייבסט פאָרט ביי דייניגען, שרעקט מיר מיין האַרץ. איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלען אז דו זאָלסט זיין אָפּגעשיידט פון מיר פאַר גאַנצע אכט חדשים... און ווער ווייסט אויב ניט אויף לענגער!

— רייד ניט קיין נאַרישקייטען, חנה'לע. דו ווייסט גאַנץ גוט אז פּיעלע מענשען פאָהרען אוועק אין מרחקים צוליב פּרנסה פאַר פּילע יאָה־רען. אכט חדשים איז א קלייניגקייט. איך וועל זיך דאָרט דערווייל איינ־אָרדענען. איך וועל צוגרייטען פאַר דיר און פאַר אונזער קינד א שעהנע, פּרעכטיגע דירה, מיט טייערע מעבעל. דו וועסט האָבען א דינסט און אונז וועט זיין וואויל און גוט. די שעהנסטע קליידער וועסטו טראָגען, די טייער־סטע צירונג וועל איך דיר קויפען... דו וועסט זיך דאַך באַדאַרפען שעצען גליקליך, צום סוף האָסטו זיך פאַנאַנדערגעוויינט, ווי עס וואָלט חס־וחלילה געוועזען דער גרעסטער אומגליק. שעהמען מעגסטו זיך!

— וואָס זאָל איך טהאָן, יואל דוד מיין טייערער, אז עס איז מיר שווער זיך צו שיידען פון דיר אפילו אויף א קורצע צייט!...

— אַ מענש טאָר אַזוי ניט זיין! מען דאַרף זיך צוגעוואוינען צו אַלעס. אַט בין איך געווען אַוועק פאַר צעהן וואָכען און געקומען צוריק, און הלואי ווייטער, גאָרנישט האָט פּאַסירט! איך בעט דיך נאָך אַמאָל, חנה׳לע, דו זאָלסט זיין רוהיג און זעהן זיך צו באַהערשען.

ער האָט זי אַרומגענומען און געדריקט צו זיך... חנה׳לע האָט זיך צו איהם געטוליעט.

— מיין טייערער מאַן, איך בין דאָך די גליקליכסטע אין דער וועלט... אַלע פרויען זיינען מיך מקנא... איך ווייס, אַז איך בין ניט ווערט צו טראָגען אויף דיין שטויב... אָבער איך האָב דיך אַזוי ליב און איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלען אַז פאַר גאַנצע אַכט מאָנאַטען וועל איך דיר ניט זעהן און ניט הערען דיין שטימע.

— דאָס זיינען קלייניגקייטען... מען ווערט צוגעוועהנט. מיר דאַרפען טראַכטען פון אַ תכלית... ניט אַזוי צוליב אונז, ווי צוליב אונזער טעכטערל. ווען זי וועט אויסוואַקסען און דאַרפען טהאָן אַ שידוך, וועלען מיר איהר קאָנען געבען אַ גרויסען נדן און אויסקלייבען פאַר איהר דעם בעסטען מאַן.

— אַזאַ מאַן ווי דו, יואל דוד, וועט ניט זיין צו געפינען. און איך וואָלט אַזוי געוואָלט, אַז אונזער דבורה׳לע זאָל קריגען פּונקט אַזאַ גוטען מאַן ווי איך האָב געקראָגען. אפילו ווען דו וואָלסט ניט געווען אַזאַ גרויסער זינגער וואָלסטו נאָך אַלץ געשטאַנען העכער און בעסער פון אַלע אַנדערע מענער אין דער וועלט...

— זאָל גאָט געבען זי זאָל זיין געזונט און אויסוואַקסען אַ שעהנע און ווירדיגע אידישע טאָכטער. מיר וועלען שוין קיין זאָרג וועגען אַ שידוך פאַר איהר ניט האָבען... איך בין שטענדיג מתפּלל פאַר איהר געזונט.

— איך בעט גאָט ער זאָל איהר געבען געזונט און אריכת ימים! — האָט חנה׳לע געזאָגט.

— גאָט וועט צו אונזער תפלה זיך צוהערען!... — האָט יואל דוד אַרומגענומען חנה׳לען און מיט איהר צוגעגאַנגען צום וויגעלע, וואו דבורה׳לע איז געלעגען און זיי האָבען אויף איהר געקוקט מיט צערטליכע בליקען...

## קאַפּיטעל 19

עס איז אַוועק דער יום כפּור, די טעג פון תשובה, אומעט און געוויין זיינען פאַראיבער. אידען האָבען זיך געפיהלט פרעהליכער, מען איז געווען זיכער, אַז מען האָט אויסגעבעטען ביים רבונו של עולם אַ גוט יאָהר. מען האָט זיך געשטעלט בויען סכות. אין שוהל און אין בית המדרש האָבען אידען גערעדט וועגען אתרוגים און וועגען אַנדערע זאַכען, אָבער די הויפּט געשפּרעכען זיינען נאָך אַלץ געווען וועגען ווילנער באַלעבעסעל, וועגען זיין דאַווענען יום כפּור. יעדער איינער האָט מיט גרויס באַגייסטערונג צוגעגעבען:

— אַזאַ דאַווענען ווי ער האָט אונז היי־יאָהר געגעבען, האָב איך נאָך ניט געהערט. און גלויבט מיר, אַז איך האָב דעם ווילנער באַלעבעסעל נאָך קיינמאָל ניט פאַרפעהלט צו הערען. יעדעס מאָל געפין איך אין זיין דאַווענען

א באזונדערע מתיקות. אָבער היינטיגס מאָל האָט זיין שטימע געקלונגען ניט ווי פון א בשר ודם, עפּעס ווי א מלאך וואָלט געזאָגט די תפילות.

— יאָ, און איצט ווילט זיך אפילו גאָרניט טראַכטען פון דעם אז עס איז מעגליך אז דאָס האָט דער ווילנער באלעבעסעל פאַר אונז געדאַווענט צום לעצטען מאָל יום כפּור.

— און ווער הייסט אייך טראַכטען פון דעם, ער וועט נאָך דאַווענען פאַר אונז פאַר פיעלע, פיעלע יאָהרען.

— ווי עס ווייזט אויס, האָט איהר קיין באגריף ניט וואָס עס טהוט זיך! ער האָט ארויסגעשטעלט נייע פאָדערונגען, און די גבאים ווילען איהם ניט נאָכגעבען.

— וואָס הייסט זיי ווילען ניט! מיר וועלען זיי צווינגען... מיר וועלען בשום אופן ניט דערלאָזען אז ער זאָל אוועק פון ווילנע.

— איך האָב אפשר ניט ריכטיג זיך אויסגעדריקט. ווילען ווילען זיי יאָ, אָבער זיי קענען ניט. ער פאַרלאַנגט פופציג רובעל א וואָך.

— דאָז איז קיין תירוץ ניט, ער איז דאָס ווערטה... ער איז ווערטה צעהן מאָל אזויפיעל.

— אָבער פון וואַנען וועלען זיי דאָס נעמען?

— דאָס איז קיין תירוץ ניט. מען קען געפינען א וועג.

— וואָלט איהר זיך געקענט פאַרפליכטען בייצושטייערען יעדע וואָך וויפיעל ניט איז?

— איך וואָלט געטהאָן אלעס וואָס וואָלט געווען מעגליך... איך וואָלט אפּגעשפּאָרט פון ברויט און בייגעשטייערט, אבי ער זאָל בלייבען.

— דאָס איז מעהר ניט ווי געזאָגט. איהר וואָלט עס געטהאָן פאַר איין וואָך, צוויי וואָכען, און אפשר דריי וואָכען, נאָכהער וואָלט עס אייך זעהר שווער געוואָרען... ניין, קהל קען זיך אויף אזעלכע גבירים ווי מיר זיינען ניט פאַרלאָזען.

אזעלכע סאָרטען געשפּרעכען האָט מען געפירט אין יעדער גרופּקע אידען. די גבאים און די חשוב׳ע בעלי־בתים פון ווילנע זיינען ארומגעגאַנגען פאַרזאָרגטע. ר׳ מרדכי האָט זיי געגעבען ווינציג האָפנונג אז מען וועט קענען דערגרייכען צו א פּשרה.

— מיין איינציגע האָפנונג איז, מיין טאָכטער חנה׳לע... אָבער ווער ווייסט, ווען מיר ריידען מיט איהר, באשליסט זי אז זי וועט זיך שטעלען דאגעגען און זי וועט איהם ניט לאָזען פאָהרען. ווי אָבער זי רעדט מיט איהם דורך, גיט זי איהם געדערבכט און זי זאָגט מיר אז ער וועט מוזען פאָהרען. אפשר, ווען זי וועט זעהן אז ער האלט טאַקע ביים אוועקפאָהרען, וועט זי איהם דאָן ניט לאָזען...

— איהר טאָרט ניט נאָכלאָזען, ר׳ מרדכי. די אויגען פון אלע ווילנער אידען זיינען געווענדט אויף אייך. וואָס הייסט, איהר זיין שווער, זאָלט איהם ניט קענען פאַרהאַלטען?!... טהוט וואָס איהר קענט!... ווילנע וועט אייך קיינמאָל ניט מוחל זיין ווען איהר וועט איהם לאָזען אוועקפאָהרען פון דאַנען. אפשר זאָל מען איהם געבען נאָך א פינפערל?!...

— איך האָב געטהאָן אַלעס וואָס איך האָב געקענט. גלויבט מיר, אַז איך האָב געגנוג איינגע'טענה'ט מיט איהם... אָבער איך האָב מורא אַז עס איז אומזיסט. איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, ווען איך ווייס אַז נאָך אַ פינפעריל וואָלט געהאָלפען, וואָלט איך שוין פון מיין אייגענער קעשענע דער־לייגט דאָס פינפעריל ער זאָל עס ניט וויסען... אָבער ער וויל קיין פּרוטה ניט ארונטערלאָזען, און וואָס קען איך טהאָן!...

דעם גאַנצען סוכות האָט די טיהר פון ר' מרדכי'ס הויז ניט גערוהט. גבאים און בעלי־בתים זיינען געקומען און גענומען איינ'טענה'ן מיט יואל דוד'ן, מיט זיין פרוי, אָבער יואל דוד פלעגט אַלעמען אויסהערען און שוויי־גען... ער האָט גאָרניט גערעדט... אַפילו ר' שלמה'לע האָט אויף איהם ניט געקענט ווירקען. מען האָט איהם שוין אַנגעבאָטען נאָך פינף רובעל, אָבער ער איז געבליבען פאַר'עקשנ'ט.

ווען ר' מרדכי און ריינקע האָבען געזעהן אַז עס העלפט גאָרניט, האָבען זיי זיך גענומען צו חנה'לען. די מאַמע האָט איהר דערצעהלט פאַרשידענע מעשיות וועגען מענער וועלכע פאַרלאָזען זייערע ווייבער און דערנאָך בלייבען זיי עגונות.

— איך זאָג ניט, מיין טאָכטער, אַז דאָס זעלבע קען חלילה פּאַסירען מיט דיר. איך ווייס אַז יואל דוד, זאָל געזונט זיין, האָט דיך ליעב מיט זיין לייב און לעבען, אָבער דו דאַרפסט געדענקען, אַז ער איז זעהר באַריהמט און איהם וועלען קומען הערען די גרעסטע גבירים... ווער ווייסט וואָס עס קען פּאַסירען... ווי זאָגט מען: „ביזטו מיט מיר, האָב איך דיך ליעב אָהן אַ שיעור, ביזטו אַוועק איז אַלעס אויס, אַז עק!" פאָלג מיך, מיין טאָכטער, איידער עס איז צו שפּעט... דו וועסט זיך קיינמאָל ניט מוחל זיין, — האָט איבער ריינקע געוואָרענט.

— וואָס קען איך טהאָן, אַז ווען איך רייד מיט איהם איבערצייגט ער מיר אַז ער איז גערעכט...

— ווי אַזוי קענסטו זיך לאָזען איבעררעדען... וואו איז עס געהערט געוואָרען אַז אַ מאַן זאָל פאַרלאָזען זיין פרוי, אַפילו לאָמיר זאָגען, אויף אַכט חדשים, אין דער צייט ווען פּרנסה, קיין עין הרע, פעהלט איהם ניט... גלאַט אַ משוגעת איז איהם אריין אין קאָפּ... איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, חנה'לע, עס וועט אין גאַנצען זיין דיין שולד... דו ווייסט שוין אַז מען באָט איהם אַז דרייסיג רובעל... עפּעס אַ קלייניגקייט, מיט דרייסיג רובעל קען מען לעבען ווי דער גרעסטער נגיד... צו וואָס דאַרפסטו איהם לאָזען זוכען בעסערע גליקען אין דער פרעמד?!...

— דיין מאַמע איז גערעכט, חנה'לע — האָט ר' מרדכי צוגעגעבען, — ווען אַ מאַן האָט פּרנסה בשפע, טאָר זיין ווייב ניט דערלאָזען ער זאָל פאָה־רען זוכען גליקען אַזוי וויט... ער איז אַ יונגער מאַן, ער וועט זיך צוזאַמען־קומען מיט, דער גוטער יאָהר ווייסט מיט וועמען, און דיין וואַכזאַמע אויג וועט דאָרט ניט זיין... איך דאַרף דאָך דיר קיין פינגער אין מויל ניט אריינ־לייגען, דו קענסט אַליין פאַרשטעהן וואָס פאַר אַ פאָלגען פון דעם קענען ארויסקומען... געדענק, ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען.

— טאטע, גלויב מיר, אז איך האָב שוין געגוג גערעדט מיט איהם, איך האָב זיך ביי איהם געבעטען און געוויינט, אָבער ווען ער פאנגט אָן מיט מיר צו ריידען און ערקלערען, ווייס איך שוין מעהר ניט וואָס צו ריידען מיט איהם.

— הער זיך איין, טאָכטער מיינע, — האָט רייזקע זיך אָנגערופען, — ווען דו ביזט קוים פופצעהן יאָהר אַלט געווען, האָסטו געהאט געגוג שכל איהם אריינצוקריגען פאר דיין מאַן, און איצט ביזטו שוין באלד זעקס־און־צוואַנציג יאָהר און דו האָסט קיין שכל ניט ווי אזוי איהם איינצוהאַלטען. איך פרעג דיך איין זאַך, חנה'לע, ווען דו פארמאָגסט א גרויסען טייערען אוצר, וואָלסטו דען אָנפערטרויט דעם אוצר אימיצען אנדערש? וואָלסטו דען איהם ניט אָפגעהיט טאָג און נאַכט? יואל דוד איז אַ אוצר וואָס זיין גלייכען איז שווער צו געפינען... און ביי דיר איז רעכט ארויסצולאָזען דעם אוצר פון דיינע הענט... און איהם אָנפארטרויען פרעמדע מענשען, וועמען דו קענסט ניט און ווייסט ניט... פון וואַנען ווייסטו אז זיי וועלען דיר דעם אוצר צוריקקעהרען אינגאַנצען?

די דאָזיגע רייד פון איהר מוטער האָט אויף חנה'לען אזוי שטארק גע־ווירקט, אז זי האָט זיך היסטעריש צעוויינט.

ווען זי האָט זיך עטוואָס בארוהיגט, האָט זי זיך געווענדעט צו איהר:

— זאָג מיר, מאמע, וואָס זאָל איך טהאָן? ער איז דאָך פאָרט דער שטארקערער... ער קען אזוי שעהן ריידען, אז ווען איך בלייב מיט איהם אליין און ער פאַנגט אָן ריידען, פארליר איך זיך און איך זאָג איהם צו אז איך וועל איהם ניט שטערען.

— דו דארפסט איינמאָל פאר אלע מאָל ביי זיך באשליסען אז דו לאָזט איהם ניט פאָהרען און אזוי וועט עס בלייבען... א פרוי דארף וויסען ווי צו האַלטען איהר מאַן... ווייל א פרוי איז די שוואַכערע, האָט איהר גאָט געגעבען מעהר קראַפט אין איהר צונג. נישקשה, דו וועסט איהם קענען איבעררריידען.

— האָב איך דען ניט פּרובירט? — האָט חנה'לע געווישט איהרע אויגען — איך האָב שוין געגוג גע'טענה'ט מיט איהם, אָבער...

— טענה'ן איז ניט געגוג. דו דארפסט איהם איינמאָל פאר אלע מאָל זאָגען, אז דו ווילסט ניט אז ער זאָל פאָהרען... דו ווילסט ניט און דאָס איז אלעס... דו ביזט אפילו ניט מחוייב איהם אָנצוגעבען אַן אורזאַכע. דער־פאר ביזטו דאָך זיין פרוי... זאָג איהם אז דו האָסט גע'חלומ'ט, אז דיין באָבע איז דיר געקומען צו חלום.

— ווי קאָן איך איהם זאָגען אזא ליגען!

— נישקשה, טאָכטער, פון דרך שלום וועגען שאַדט ניט אז מען זאָגט א מאַן אַ אומשולדיגען ליגען... מיר געפעלט ניט וואָס ער איז אזוי איינגע־שפּארט. עפּעס ציהט איהם ווי א מאַגנעט... א מאַן דארף וויסען אז ער איז ניט אינגאנצען פריי צו טהאָן וואָס ער וויל, זיך ניט רעכענענדיג מיט זיין פרוי בפרט נאָך ווען ער לאָזט איהר איבער מיט א זויגיג קינד.

— מאמע, איך ווייס ניט ווי אזוי צו ריידען צו איהם. ווען איך פאנג אן איהם אפצורייידען פון פאהרען, ווערט ער אויף מיר אין כעס און זאגט מיר אז איך בין אונטער אייער איינפלוס.

— נו, איז וואס? מיר מיינען דען אייך ביידען שלעכטעס צו טהאן? אזא יאהר אויף אונז אלעמען ווי גערעכט מיר זיינען... זאג מיר, חנה'לע, וואס פעהלט אייך ביידען דא, אין ווילנע? פרנסה אהן עין הרע וועט איהר האבען גענוג... וואס עס איז שייך כבוד, דארף איך דאך דיר ניט זאגען. דו ווייסט עס אליין. וואו מען געהט און וואו מען שטעהט רעדט מען נאר פון איהם, דעם ווילנער באלעבעסעל... ווען ער דאווענט אין שטאדט שוהל, שטעהט מען דאך אויף די קעפ. אויב איהם איז ענג ביי אונז אין הויז, ווייסטו גאנץ גוט אז מיר וועלען אייך ניט שטערען צו געפינען א גרויסע, פיינע דירה. ווי שטארק איך וואלט געוואלט אז איהר זאלט בלייבען וואוי־נען מיט אונז די גאנצע צייט, איז דאך פאר אונז פארט בעסער, איהר זאלט זיך ארייןנקלייבען אין א גרויסע דירה ניט ווייט פון אונז, איידער אינגאנצען אוועקפאהרען פון ווילנע. איך זאג דיר נאך אמאל, מיין טאכטער, אז עס איז דיין פליכט איהם בשום אופן ניט צו לאזען אוועקפאהרען פון דאנען.

— איך וועל טהאן אלעס וואס איך קאן, מאמע — האט חנה געוויישט איהרע אויגען, אבער איך האב מורא אז איך וועל ביי איהם ניט אויספיהר־רען... אדרבא, גיב מיר אן עצה, וואס זאל איך טהאן?

— אן עצה! וואס פאר אן עצה? וואס פאר אן עצה קען איך דיר געבען, מיין טאכטער! דו ווייסט בעסער ווי אזוי זיך צו באגעהן מיט איהם. דו ווייסט שוין אלע זיינע קאפריזען, אלע זיינע שוואכקייטען, און דו האסט גענוג שכל, גלויב איך, אויסצונוצען זיי און איהם באווייזען צו טהאן וואס דו פארלאנגסט. איין זאך מוזטו וויסען, אז דו דארפסט אנווענדען אלע מיטלען, כשר'ע און ניט כשר'ע, איהם ניט לאזען אוועקפאהרען פון דאנען אהן דיר. דו וועסט איהם זאגען, אז אויב עס איז איצט פאר דיר אוממעגליך מיטצופאהרען מיט איהם צוליעב'ן קינד, זאל ער אמווייניגסטען צוואווארטען ביז וואנען עס וועט מעגליך ווערען. זאל ער לכל הפחות בלייבען נאך א יאהר, און ביז דאן וועלען מיר שוין זעהן.

— יא, מיין טאכטער, דאס ווענדעט זיך נאר אן דיר! אז דו וועסט ניט וועלען וועט ער ניט פאהרען — האט ר' מרדכי צוגעגעבען.

— א, טאטע, איך וויל אויסמיידען קריגערייען. איך האב שוין געמאכט אייניגע פארזוכען, און ער ווערט זעהר אויפגערעגט. ווען איך זעה אז ער ווערט אויף מיר אין כעס, פארליר איך זיך גלייך און גיב איהם נאך.

— בעסער זאל ער אויף דיר זיין אין כעס און בלייבען, איידער דו זאלסט איהם נאכגעבען... ווייל א כעס פארשווינדט שנעל... צווישען יעדען מאן און פרוי קומען פאר איבעררייידענישען און קריגערייען, מען בעט זיך אבער שנעל איבער. אזוי איז די נאטור פון יונגע פארלעך. אט צעקריגט מען זיך און אט קושט מען זיך... דאס איז גאר נישט.

— מיר זיינען שוין עלף יאהר פארהייראט און מיר האבען זיך קיין מאל ניט געקריגט, טא ווי קאן איך עס טהאן איצט?

— עס וועט דיר גאר ניט שאדען... גלויב מיר, אז ער וועט דיר נאכהער דאנקבאר זיין!

— אבער איך האב מורא, אז ער זאל חלילה ניט קראנק ווערען פון אויפרעגונג.

— פון אזעלכע זאכען ווערט מען ניט קראנק — האט ריינקע געזאגט.

— איך וועל דיר זאגען דעם אמת, טאכטער. איך גלויב, אז דו אליין נעהמסט זיך ניט שטארק צום הארצען וואס ער וויל אוועקפאהרען.... אפשר טראכסטו זיך אז ער וועט זיין בעסער פאר איהם צו זיין דארט און פארדינען מעהר איידער צו בלייבען דא...

— וואס רעדסטו, טאטע? דו ווייסט גאנץ גוט, אז איך וואלט אפילו געווען צופרידען צו בלייבען דא נעבען איך, ווען איך ווייס אז מען זאל איהם דארט געבען צעהן מאל אזוי פיעל. גלויב מיר אז ניט איין נאכט האב איך ניט געשלאפען טראכטענדיג פון דעם. איך ליג אין מיין בעט און איך וויין אין דער שטיל.

נו, אויב אזוי קאן איך שוין ניט פארשטעהן, ווי אזוי ביי דיר איז רעכט איהם צו לאזען פאהרען... אז דו ועסט וועלען, וועסטו עס קאנען פארמיידען. עס ווענדעט זיך בלויז אן דיר. מעהר וועל איך מיט דיר ניט ריידען וועגען דעם. און אויב ער וועט אוועקפאהרען, וועסטו זיין די איינציגע שולדיגע.

— יע, טהו ווי דו פארשטעהסט, חנה'לע. מעהר וועלען מיר זיך ניט מישען.

— איך וועל טהאן אלעס וואס איך וועל קענען.

* * *

דאס איז געווען חול המועד סוכות, ר' מרדכי און ריינקע זיינען געווען אין זייער געשעפט. זיי האבען מיט א כיון איבערגעלאזען חנה'לען און יואל דוד'ן אליין, ווייל זי האט געגעבען אנצוהערעניש אז זי וויל היינט ריידען מיט איהם.

יואל דוד איז געזעסען אין סוכה און חנה'לע האט דארט אריינגעבראכט דאס עסען. עס איז געווען זעהר א פיינער טאג, ניט צו קאלט. דאס קינד איז געשלאפען און חנה'לע האט אנגעזאגט דער דינסט אז אויב דאס קינד וועט זיך אויפכאפען, זאל זי איהר אנזאגען.

חנה'לע איז געווען אויסגעפוצט אין איהרע יום־טוב'דיגע קליידער. זי האט אויך געטראגען די ראטענדע וואס יואל דוד האט פאר איהר געבראכט פון ווארשע.

— דו ווייסט, יואל דוד? ווען איך טהו אן די ראטענדע וואס דו האסט מיר געבראכט, בענש איך דיר... עס ליגט אויף מיר פונקט ווי איך וואלט באשטעלט ביי א שניידער... איך פיהל זיך אין דעם אזוי ווארעם...

— יע, חנה'לע, אין ווארשע קען מען אלעס קריגען... די שעהנסטע זאכען זיינען דארט פאראן... אבי עס זאל נאר זיין געלט... אם ירצה השם וועו מיר וועלען דארט זיין איבער א יאהר סוכות וועל איך פאר דיר קויפען דארט א פוטערנעם מאנטעל... דו וועסט זעהן ווי ווארעם דו וועסט זיך פיהלען. אונזער דבורה'לע וועט שוין דאן זיין באלד צוויי יאהר... און פאר איהר וועל איך קויפען א ווארימען מאנטעלע און וואליקלעד... מיר וועלען זיך דורכפאהרען אויף א שליטען. אלע וועלען אונז מקנא זיין.

— ווער וועט אונז מקנא זיין? — פרעגט איהם חנה'לע.

— ווער? די מענשען פון ווארשע.

— וואס ארט מיך וואס די דארטיגע מענשען וועלען מיר מקנא זיין צי ניט... זיי זיינען דאך פרעמדע...

— דו וועסט דארט קריגען א סך מעהר פריינד ווי דו האסט דא, חנה'לע.

— איך דארף ניט די ווארשעווער פריינד. זאלען זיי זיך מקנא זיין איינע די אנדערע. איך וויל פון זיי ניט וויסען.

— וואס רעדסטו, חנה'לע? ערשט דארט וועלען מיר קריגען די ריכ־טיגע פריינד.

— איך בין צופרידען מיט מיינע פריינד דא אין ווילנע... איך זוך ניט קיין אנדערע פריינד.

— וואס מיינסטו, חנה'לע?

— איך מיין אז איך וועל קיין ווארשע ניט פאהרען.

— איך וויל אויך ניט אז דו זאלסט גלייך אהין פאהרען. אם ירצה השם ארום שבועות, וועו עס וועט זיין ווארעם און דער וועג גוט, וועל איך דאן שיקען נאך דיר און נאך אונזער קינד.

— איך וועל קיין מאל ניט פאהרען קיין ווארשע!

— וואס רעדסטו?

— איך האב פיינט ווארשע. איך האב פיינט די ווארשעווער מענשען. איך וועל אהין ניט פאהרען. אויב דו ווילסט דוקא אהין פאהרען, קאן איך דיך ניט אפהאלטען. אבער איך פאהר ניט.

— אהא, איך זעה שוין. דיינע עלטערען האבען שוין ווידער מיט דיר גערעדט. זאג מיר, חנה'לע, וויפיעל מאל דארף איך מיט דירריידען און ערקלערען ווי וויכטיג עס איז פאר מיר און פאר אונז אלעמען, איך זאל פאהרען קיין ווארשע.

— איך בין נאך אלץ ניט איבערצייגט אין דער וויכטיגקייט, דו קריגסט איצט דא אין ווילנע א גאנץ פיינע שכירות, און איך זעה ניט קיין סיבה פארוואס דו זאלסט דארפען אוועקפאהרען פון דאנען.

— דו זעהסט ניט! וואס ביזטו בלינד, חלילה! וואס הייסט דו זעהסט ניט קיין סיבה און די שכירות איז ביי דיר א קלייניגקייט... דארט אין ווארשע וועל איך זיך ערשט דערשלאגען צו א תכלית, אבער ניט דא, אין ווילנע!

— דארפסטו דען ווינשען א בעסערען תכלית ווי דו האסט זיך דא אין ווילנע דערשלאגען... א דאנק גאט, דו האסט ניט וואס צו זינדיגען! פינף און צוואנציג רובעל גיט מען דיר שוין און דו ועסט געווים קריגען נאך פינף רובעל... און וואס איז שייך כבוד, ווייסטו דאך אליין ווי מען האלט פון דיר. מען טראגט דיך דאך ממש אויף די הענט... איך גלויב, אז מיר קאנען זיך לעבען זעהר באקוועם אויף דיינע שכירות, טא פארוואס זאלען מיר דארפען פארוואגעלט ווערען אין דער פרעמד?

— וואס איז דאס מיט דיר וואס דו פאנגסט ניט אן צו פארשטעהן די לאגע. דו אליין ווייסט גאנץ גוט ווי שווער עס איז זיי אנגעקומען נאכצור קומען בלויז אויף א העלפט פון מיינע פאדערונגען... וואס וועט זיין, אז ווען עס וועלען פאראיבער עטליכע חדשים און זיי וועלען ניט קאנען באהויפטען צו צאהלען מיר אפילו אט די דאזיגע סומע?...

— דו וועסט דאך האבען א קאנטראקט מיט זיי.

— נו, איז וואס וועל איך זיך מיט זיי גיהן משפט'ן?... איך פארשטעה וואס זיי מיינען. זיי וועלען זיך אנשטרענגען אויף עטליכע חדשים און מיר צאהלען און דאן וועלען זיי מיר זאגען, אז זיי האבען ניט מעהר, אז זיי קאנען ניט באהויפטען. דערווייל וועל איך דאך האבען פארלארען די געלעגענהייט אין ווארשע... ניין, חנה'לע, ביי מיר וועט עס ניט געהן. געוגוג. איך בין ביי זיי אפגעוועזען אזוי פיעל יאהרען און וואס האבען מיר פון דעם איצט?

— ניט צו פארזינדיגען, פרנסה פעהלט דאך אונז ניט און פון איצט אן און וויטער וועלען מיר אויך קאנען אפשפארען א פאר רובעל. וואס נאך קאנען מיר זיך ווינשען? צו וואס פארוואגעלט ווערען?...

— שוין, זי פאנגט שוין ווידער אן! — האט זיך יואל דוד א הויב געטהאן פון זיין פלאץ — מיר דאכט זיך אז מיר האבען שוין ער ערליידיגט. איך פאהר און דאס איז אלץ.

—איך קאן דיך ניט אפהאלטען. אויב דו ווילסט פאהרען, קענסטו עס טהאן! אבער איך זאג דיר גאנץ דייטליך אז איך וועל ניט פאהרען! איך און דבורה'לע וועלען בלייבען אין ווילנא!

— נו, פארשטעהט זיך! איהר וועט בלייבען אין ווילנא ביז וואנען איך וועל נאך אייך שיקען.

— מיר וועלען קיינמאל ניט פאהרען קיין ווארשע! איך האב פיינט ווארשע!

— נו, מילא, אז דו וועסט ניט וועלען פאהרען, איז ניט! איין זאך וויל איך דיר זאגען: איך וועל אין ווילנא ניט פארבלייבען, אפילו ווען זיי וועלען מיר נאכגעבען אלע מיינע פארלאנגען. ווי באלד עס געהט שוין אין עקשנות, בין איך אויך אן עקשן! איך וועל פאהרען! — האט יואל דוד מיט כעס א קלאפ געטהאן אין טישעל.

חנה איז געבליבען זיצען אויף איהר פלאץ א בלאסע און צעשראקענע.

זי האָט באַמערקט ווי זיין פּנים ווערט רויט, ווי זיינע אויגען צינדען זיך אָן און זי האָט געוואוסט, אַז אין אַזאַ צייט דאַרף זי גאָרניט ריידען, ווייל ער וועט זיך נאָך מעהר אויפרעגען.

— איך בעט דיך, יואל דוד, רעג זיך ניט אויף! דאָס עסען ווערט קאַלט — האָט זי געזאָגט אין אַ ווייַלע אַרום.

— איך וויל ניט עסען! — האָט ער אויסגערופען — איך וויים ניט וואָס מיט דיר איז. מען קאָן זיך אויף דיין וואָרט ניט פאַרלאָזען. אָט זאָגסטו, אַז דו וועסט טהאָן אַלץ, וואָס איך וועל פאַרלאַנגען און איצט האָסטו שוין ווייטער געביטען דיינע רייד. איצט זאָגסטו מיר גאָר, אַז דו וועסט מיט מיר קיינמאָל ניט פאָהרען קיין וואַרשע... וואָס דאָס מיינט אַנצוהערעניש, אַז איך זאָל בלייבען דאָ... איך פאַרשטעה שוין, אַז דיין מאַמע און טאַטע האָבען שוין מיט דיר איינגעקנעלט...

— ניין, יואל דוד, קיינער האָט מיט מיר ניט גערעדט... אָבער איך האָב געהאַט אַ חלום לעצטע נאַכט... יע, מיין באָבע איז מיר געקומען צו חלום און מיך געוואָרענט ניט צו פאָהרען קיין וואַרשע, ווייל דאָרט וועט פאַר מיר ניט זיין מזל'דיג.

— און דו גלויבסט אין פּוסטע חלומות!

— ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי קלאָר און דייטליך אַלץ איז געווען... איך האָב געהערט איהרע רייד פּונקט ווי זי וואָלט געשטאַנען אַ לעבעדיגע נעבען מיר... דערפאַר האָב איך געביטען מיין מיינונג און איך בעט דיך זיך צו באַזינען... אפשר וועלען מיר פאָרט פאַרבלייבען אין ווילנאַ... איך קאָן דעם חלום פון קאָפּ ניט אַרויסלאָזען.

— מען דאַרף אַ חלום ניט נעהמען ערנסט... דו האָסט אַ גאַנצען טאָג געטראַכט פון דעם, האָט זיך דיר גע'חלום'ט ביינאַכט...

— אָבער דו דאַרפסט אויף מיר קיין פאַריבעל ניט האָבען וואָס איך האָב זיך געביטען נאָך דעם חלום... מיין האַרץ שרעקט מיר אַזוי.

— רייד ניט קיין נאַרישקייטען... ווי קומט דיר דיין באָבע צו חלום ווען דו האָסט מיר אַליין געזאָגט אַז ווען דיין באָבע איז געשטאָרבען ביזטו געווען אַ קליין קינד! . . . אפשר האָט דיין מאַמע געהייסען דיר זאָגען וועגען דיין באָבע'ס חלום.

חנה האָט געשוויגען. איהר איז זעהר שווער געווען צו זאָגען איהם דעם ליגען, און איצט, אַז ער האָט געטראָפען, איז איהר נאָך שווערער אָנגעקומען צו פאַרלייקענען. יואל דוד האָט באַלד איינגעזעהן, אַז ער איז גערעכט וועגען חלום און ער האָט ווייטער גערעדט:

— איך בין זעהר ערשטוינט צו הערען פון דיין מויל אַ ליגען! איך קאָן עס ניט ערקלערען, סיידען דיין מאַמע איז צו דיר צוגעשטאַנען...

— איך בין זיך מודה, אַז איך האָב עס ניט גע'חלום'ט....

— און דיין מאַמע האָט דיר געהייסען מיר דערצעהלען די מעשה מיט דיין באָבע'ס חלום! האַ, ניט אמת?

חנה האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— נו, איצט זעה איך שוין, טאָג און נאכט זיצט מען און מען שושקעט זיך... זאָג מיר, חנה'לע, פארוואָס איז דיין מאמע אזוי פאראינטערעסירט איך זאָל בלייבען... האָט זי מיר דען ניט געזאָגט, אז איך קען געהן געזונ־טערהייט... יע, איך פארשטעה. זי וויל, אז דו זאָלסט בלייבען נעבען איהר און דערפאר האָסטו מיר געזאָגט, אז אפילו ווען איך פאָהר, וועסטו בלייבען דאָ. דו וועסט קיינמאָל צו מיר ניט קומען. נו, מילא, זאָל זיין אזוי! דו ווילסט בלייבען נעבען דיין מאמען, קאָנסטו בלייבען. איך וועל דיך ניט צווינגען צו קומען צו מיר!

— אָ, יואל דוד, וואָס רעדסטו? דו ווייסט גאנץ גוט ווי שווער עס איז פאר מיר צו זיין אָהן דיר אפילו פאר א קורצער צייט, און דאריבער וויל איך, אז דו זאָלסט אויך צואווארטען ביז'ן זומער און דאן וועלען מיר פאָהרען צוזאמען.

— דאָס קאָן איך ניט! איך וויל ניט פארלירען די געלעגענהייט. ווען דאָרט אין ווארשע וועט מען זעהן, אז איך קום ניט, וועט מען דאן אנשטעלען א צווייטען חזן.

— אזא חזן ווי דו ביזט וועלען זיי קיינמאָל ניט געפינען — האָט חנה געזאָגט.

— אָבער ווען זיי וועלען האָבען אָנגעשטעלט א צווייטען, וועל איך שוין מעהר קיין געלעגענהייט ניט האָבען... ניין, חנה'לע, איך קאָן ניט ווארטען אפילו אן איבעריגע וואָך. איך וועל אוועקפאָהרען קיין ווארשע עטליכע טעג נאָך סוכות . . . אזוי האָב איך באשלאָסען און אזוי וועל איך טהאָן. און דו וועסט קומען מיט'ן קינד, ווען איך וועל נאָך דיר שיקען.

— ניין, ניין. איך וועל ניט פאָהרען קיין ווארשע, קיינמאָל ניט! — איז שוין חנה'לע געוואָרען היסטעריש. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז איך האָב פיינט ווארשע און וויל ניט אָנקוקען די שטאָדט און איהרע מענשען.

— דאָס וועלען מיר שוין זעהן דאן, ווען די צייט וועט קומען — האָט יואל דוד געזאָגט — נישקשה, דו וועסט זעהן, אז איך פארדין א סך געלט, און איך האָב דאָרט אויך א גרויסען נאָמען, וועסטו שוין קומען.

— ניין, יואל דוד, דו מאכסט א טעות. איך וועל קיין ווארשע ניט פאָהרען!

— איך וועל זיך מיט דיר איצט איבער דעם ניט קריגען... דו וועסט ניט קומען צו מיר, איז ניט! ניט איך קאָן דיך צווינגען צו קומען צו מיר קיין ווארשע, און ניט דו קאָנסט מיך צווינגען צו בלייבען אין ווילנאָ... אויב דו גלויבסט, אז איך האָב ניט פארדינט ביי דיר דו זאָלסט טהאָן וואָס איך פארלאנג פון דיר, טאָ זאָל זיין אזוי!...

— אָ, ניין, יואל דוד, דו ווייסט גאנץ גוט, אז יעדעס וואָרט וואָס קומט ארויס פון דיין מויל איז ביי מיר הייליג, אָבער דאָס קאָן איך ניט! עס איז פאר מיר שווער זיך צו שיידען מיט מיינע טייערע עלטערען, מיט

מיין שוועסטער און מיט אלע מיינע קרובים און באקאנטע. איך קאן אהן זיי ניט זיין!

— אהן מיר, הייסט עס, קאנסטו יא אויסקומען, אבער אהן זיי ניט! זעהר פיין... אלע דיינע קרובים און פריינד שטעהען ביי דיר העכער ווי איך!

— א, יואל דוד, מיין טייערער, דו ווייסט גאנץ גוט, אז אהן דיר וואלט איך גארניט געוואלט לעבען... דיינע רייד שניידען מיין פלייש ווי שארפע מעסערס... מיט וואס האב איך ביי דיר אזוי פארזינדיגט... פארוואס זאלסטו עס טהאן צו מיר?

— איך טהו עס, כדי צו פארבעסערען אונזער מצב. איך וויל, אז דיר זאל קיינמאל גארניט פעהלען.

— מיר פעהלט אויך איצט גארניט!

— דיר פעהלט גארניט, ווייל דו האסט ניט פארזוכט דעם טעם פון גוטעס... מיר לעבען זעהר שפארעוודיג... דו ווייסט בלויז פון דיין ענג וועלטעל... ווארט, דו וועסט קומען קיין ווארשע, וועסטו זעהן ווי מענשען לעבען דארט... ערשט דארט ווייסט מען פון א לעבען. מען טראגט דארט שעהנע קליידער און מען וואהנט אין טייערע דירות. עס איז א גאנץ אנדער לעבען.

— איך בין צופרידען מיט אונזער לעבען דא אין ווילנא.

— דו ווייסט דאך וואס מען זאגט, חנה'לע, אז ווען א ווארים ליגט אין כריין, מיינט ער, אז קיין זיסערס איז ניטא. ווען מען קאן זיך ניט העלפען, איז עפעס אנדערש, דארף מען זיך צופרידען שטעלען מיט וואס מען האט, אבער אין אונזער פאל, ווען מיר קאנען פארבעסערען אונזער לאגע, טא פארוואס זאלען מיר עס ניט טהאן?

— מיין הארץ שרעקט מיר אבער, עס זאל, חס וחלילה, קיין אומגליק ניט פאסירען... עס איז דאך אזוי ווייט.

— איצט איז ניט אמאל... דער וועג איז היינטיגע צייטען זיכער. בוידען פאהרען הין און צוריק כמעט יעדען טאג און מען האט נאך דערווייל ניט געהערט פון אן אומגליק.

— איך מיין ניט וועגען דעם... אבער ווער ווייסט וואס עס קאן אין ווארשע גופא פאסירען.

— אין ווארשע זיינען פאראן א סך אידען. א היבש ביסעל מעהר ווי אין ווילנא און דו האסט ניט וואס מורא צו האבען... איך בעט דיך איין זאך, חנה'לע, זיי ניט אונטער דעם איינפלוס פון דיינע עלטערען. עס פארשטעהט זיך, אז זיי וואלטען בעסער וועלען האבען זייער טאכטער נעבען זיך... וואס ארט זיי וועגען א תכלית... איך וויל ניט בלייבען זיצען אויף זייער קארק.

— די מאמע האט מיר אליין געזאגט, אז מיר וועלען קאנען, אויב מיר וועלען וועלען, דינגען א גרעסערע דירה און זיין פאר זיך.

— אויף ווי לאנג גלויבסטו וועלען מיר עס קאנען טהאן, פאר די איצטיגע שכירות וואס איך קריג איצט אודאי ניט.

— אָבער מען גיט דאָך דיר א הוספה!

— איך קאָן זיך אויף זייערע הוספות ניט פארלאָזן. איך ווייס ווי שווער עס איז פאר זיי מיר צו צאָהלען די איצטיגע שכירות. יע, זיי וועלען מיר צוזאָגען און טאקע זיך אָנשטרענגען מיר צו צאָהלען די ערשטע עטליכע חדשים, אָבער ווי לאַנג דאָס וועט אָנהאלטען, ווייסט קיינער ניט... ווארשע אָבער פארמאָגט א רייכע אידישע קהילה און דאָרט וועלען מיר ערשט קאָנען קומען צו זיך.

—וואָס איז דאָ וואָס צו ריידען, יואל דוד, איך וועל קיין ווארשע ניט פאָהרען.

— דו וועסט פאָהרען, מיין טייערע! זאָל נאָר גאָט געבען אז אלץ זאָל געהן ווי געהעריג, וועסטו אם ירצה השם קומען אין ווארשע מיט אונזער טעכטערעל אויף שבועות.

— דו מאכסט א טעות, יואל דוד, איך וועל אהין ניט פאָהרען אפילו ווען מען גילט מיך אָפּ, איך האָב דיר שוין געזאָגט, אז איך האָב פיינט ווארשע.

— ווי קען מען פיינט האָבען א זאך, וואָס מען האָט קיינמאָל ניט פארזוכט און אפילו קיינמאָל ניט געזעהן. איצט ביזטו שוין אן עקשן. אָבער עס וועט דיר גאָרניט העלפען. צי דו ווילסט, צי דו ווילסט ניט, איך פאָהר!

יואל דוד האָט שוין מעהר ניט געגעסען, און חנה איז מיט איהם אריין אין הויז צו זייער צימער. און ערשט דאָרט האָבען זיי פאָרטגעזעצט זייער איבעררײדעניש. חנה'לע האָט זיך ביי איהם געבעטען. זי האָט געוויינט און גע'טענה'ט, אז ער דארף בלייבען אין ווילנא, אָבער יואל דוד איז באשטאנען אויף דעם, אז ער וועט פאָהרען.

יענער שמחת תורה איז ביי סטראשונען אין הויז געווען א פאר־שטערטער. חנה'לע איז ארומגעגאנגען א ברוגז'ע, א פאר'צער'טע, זי האָט זיך געשעהמט צו ווייזען איהר פנים פאר איהרע עלטערען, ווייל זיי זיינען געווען זיכער, אז זי באזיצט די מאכט איהם צו באוועגען צו בלייבען, און איצט וועלען זיי איינזעהן וואָס פאר א ווערדע זי האָט ביי איהם... זי האָט שוין געוואוסט, אז עס וועט איהר גאָרניט העלפען...

די מאמע האָט שוין פארשטאנען, אז איהר טאכטער האָט גאָרניט גע'פועל'ט און זי האָט אויסגעמיטען זי צו פרעגען וועגען דעם.

שמחת תורה נאָכ'ן דאַווענען האָבען זיך אריינגעלאָזען אין ר' מרדכי'ס הויז עטליכע גבאים און בעלי בתים. זיי זיינען שוין געווען אביסעל בגילופין'דיג און ריינקע האָט ערשט געשטעלט שנאפּס, וויין און פיראָזשקעס אויפ'ן טיש און מען האָט ווידער זיך גענומען צום טרינקען.

ווען יואל דוד האָט זיי דערזעהן אָנקומענדיג, איז ער אריין צו זיך אין צימער. ער האָט געוואוסט, אז זיי וועלען זיך ווידער נעהמען צו איהם איינ'טענה'ען און ער האָט אָנגעזאָגט חנה'לען, אז זי זאָל זיי זאָגען, אז ער האָט א קאָפּ־וועהטאָג.

— קום ארוים אויף א ווײַלע, עס פאסט דאך ניט! האט זי זיך צו איהם אנגערופען. די גבאים און די חשוב'ע בעלי בתים זיינען געקומען אהער צוליב דיר.

— איך וויל זיי ניט זעהן! — האט יואל אויסגערופען. — מיר איז שוין מיאוס און געוואָרען ריידענדיג מיט זיי, איך וויים אלע זייערע טענות אויף אויסוועניג.

— אבער היינט איז דאך עפעס שמחת תורה, קום ארוים אויף א קליינע ווײַלע, איך בעט דיך, פארשעהם מיך ניט.

יואל דוד האט איינגעזעהן, אז ער וועט זיך ניט קאָנען ארויסדרעהען האט ער זיך אנגערופען:

— זעהר גוט, דו געה איצט ארוים, איך וועל ארויסקומען א ווײַלע שפעטער.

דערווייל האבען די געסט געגאָסען אין זיך איין קעלישעקעל שנאפס נאָכ'ן אנדערען און זיי האבען זיך גענומען נאָכפרעגען אויף יואל דוד'ן.

— ער קומט באלד ארוים! — האט חנה געזאָגט.

— איהר הערט, אידען, — האט א גבאי, וועלכער איז שוין געווען שכור'לעך, זיך אנגערופען — מיר וועלען איהם פון דאנען ניט אוועקלאָזען.

—ניט אפלאָזען! — לחיים אידען, לאָמיר טרינקען פאר'ן געזונט פון ווילנער באלעבעסעל! — האט איינער אנגעפילט זיין כוסה.

— לחיים, זאל גאָט געבען מיר זאָלען אלע דערלעבען איבעראיאָהר און יואל דוד וועט אלץ זיין ווילנער שטאָדט־חזן.

— מיר וועלען ניט דערלאָזען ער זאל פון אונז אוועקגענומען ווערען, הא, וואס זאָגט איהר, ר' מרדכי?

— איך האב געטהאָן אלץ וואס איך האב געקאָנט, מעהר קאָן איך ניט אויפטהאָן — האט ער געזאָגט מיט אן אומעטיגער שטימע.

— איהר מיינט צו זאָגען, אז ער געהט טאקע אוועק פון אונז.

— איך וויים ניט, וואס איך זאל אייך זאָגען, — האט ר' מרדכי א קוועטש געטהאָן מיט זיינע פלייצעס.

— וואס הייסט איהר ווייסט ניט, ר' מרדכי — האט ר' שמעון אויסגערופען — ווען ער וואָלט געווען מיין איידעם, וואָלט איך שוין געוואוסט.

— אלץ, וואס איך וויים, איז, אז מיין איידעם האט באשלאָסען צו פאָהרען קיין ווארשע.. מיר האבען געטהאָן אלץ, וואס מיר האבען געקאָנט און מיר האבען גאָרניט גע'פועל'ט. איצט ווייסט איהר שוין.

—מיר ווילען פון גאָרניט וויסען. מיר וועלען איהם פון דאנען ניט אפלאָזען.

— מיר וועלען איהם געבען אלץ וואס ער פארלאנגט — האט נאָך א שכור'ער גבאי אויסגערופען — מיר וועלען אונזער לעצטע העמד פארקויפען, אבי ער זאל דא בלייבען.

— איהר ווייסט ניט וואָס איהר רעדט! — האָט א צווייטער אויסגערופען, — ווי אזוי קענט איהר זאָגען, אז מיר זאָלען איהם געבען אלץ, וואָס ער פארלאַנגט! פון וואנען וועלען מיר דאָס נעמען? א מענש זאָל האָבען א לאַנגע צונג און פּלוידערען.

— איך פּלוידער ניט! — האָט יענער א קלאַפּ געטאָן מיט זיין פויסט אין טיש — איך ווייס וואָס איך זאָג. מיר מוזען זעהן, אז יואל דוד זאָל בלייבען מיט אונז. מיר טאָרען זיך ניט רעכענען מיט געלט.

— אדרבא, זאָגט איהר אליין, וויפיעל זייט איהר זיך מתחייב בייצושטייערען יעדע וואָך צוליב דעם צוועק?

— וויפעל אלע וועלען זיך מתחייב זיין, אזויפיעל וועל איך געבען!

יואל דוד האָט אויפגעעפענט די טהיר און איז געבליבען שטעהן א ווייַלע. די געסט האָבען איהם ניט באמערקט און האָבען פאָרגעזעצט זייערע רייד.

— ענטשולדיגט! — האָט זיך יואל דוד צו זיי פּלוצלונג אָנגערופען.

— אָה, יואל דוד, גוט יום טוב! מיר ריידען דאָך טאַקע וועגען דיר! — האָט א גבאי זיך אויפגעשטעלט און צוגעגאַנגען צו איהם און איהם געגעבען די האַנט.

— יאָ, איך האָב געהערט, אז איהר רעדט וועגען קלייבען צדקה פאר מיר, ווייל איהר לאָזען וויסען, אז געלויבט איז השם יתברך, איך נויטיג זיך ניט אין קיין צדקה... איך וויל ניט אייערע ביישטייערונגען. איך וויל ביי אייך ניט בלייבען.

— ווער רעדט וועגען צדקה, וואָס איז מיט דיר, יואל דוד? — דו ווייסט גאַנץ גוט, אז קיינער האָט דאָס ניט געמיינט . . .

— איך ווייס די לאַגע גאַנץ גוט — האָט יואל דוד געזאָגט — ווילנער קהילה קאָן ניט באהויפּטען צו צאָהלען איהר חזן אזא סומע ווי איך פארלאַנג, טאָ וואָס וועט איהר טאָן, ווען עס וועט אייך אָנקומען געלט צו צאָהלען מיינע שכירות, וועלען אייניגע פון אייך נעהמען פּאטשיילקעס און מען וועט זיך לאָזען איבער די הייזער צו קלייבען נדבות פאר אייער חזן...

— וואָס רעדסטו! א נייע זאך, פּאטשיילקעס, נדבות! וואָס זיינען דאָס פאר א דיבורים?

— איהר קאָנט מיר ניט פאררייִדען די ציינער! איך ווייס וואָס איך רייד. איך בין נאָך דערווייל ניט שכור, כאָטש היינט איז שמחת תורה — איך פארלאַנג גאָרניט פון קיינעם. אלץ וואָס איך וויל איז, אז איהר זאָלט מיר צורוה לאָזען און איך וועל טהאָן, וואָס עס איז בעסער פאר מיר.

— איך מוז דיר זאָגען, יואל דוד, — האָט זיך שוין אן עלטערער גבאי אָנגערופען — דו האָסט געקראָגען פליגען אין נאָז — וואו איז דאָס געהערט געוואָרען? מיר דוכט זיך, אז א בעסערע באהאנדלונג, ווי מיר באהאנדלען דיך, וועסטו אין ערגיץ ניט קריגען. דאָ ביזטו ערצויגען געוואָרען. דאָ אין ווילנע ביזטו געוואָרען באריהמט... ווען דו ביזט נאָך

גאר א אינגעל געווען, האבען מיר דיך אנגעשטעלט צו ווערען אונזער שטאדט־חזן. מיר האבען צגעקוקט ווי דו וואקסט, מיר האבען אנגעקוואלען פון דיר און, צום סוף, ווילסטו אונז פארלאזען. פארוואס, זאג אונז?

— ווייל איך וויל פארבעסערען מיין מצב. איך האב שוין, גלויב איך, גענוג געטהאן פאר ווילנא.... איך האב צעהן יאהר געדאווענט כמעט אומזיסט... איך באשולדיג קיינעם ניט! איהר האט אנדערש ניט געקענט... איך וויים די לאגע פון ווילנער קהילה, איהר האט מעהר ניט געקענט באהויפטען צו צאהלען, און אויך איצט קענט איהר ניט באהויפטען די הוספה, וואס איהר ווילט מיר צוזאגען. בלייבט פאר אייך איבער איין וועג, און דאס איז געהן מיט פאטשיילקעס איבער די הייזער און דאס וועל איך ניט דערלאזען . . .

— וואס הייסט געהן מיט פאטשיילקעס... פון וואנען מיינסטו נעהמט מען געלט צו צאהלען כלי קודש און פאר אנדערע הוצאות... פארשטעהסט זיך, דער עולם איז מנדב... יעדער לויט זיין מעגליכקייט... אזוי האט מען זיך נוהג געווען פון קדמונים. אפילו אין בית המקדש פאר די כהנים און לוויים האט מען געזאמלעט פון פאלק.

— אבער איך וויל אויף אזא אופן ניט קריגען מיינע שכירות!

— און אויף וואס פאר אן אופן מיינסטו וועט מען דיר קריגען צו צאהלען שכירות אין ווארשע? — האט ר׳ שמעון זיך אנגערופען.

— ווארשע איז עפעס אנדערש. ווארשע פארמאגט א רייכע אידישע קהילה און געלט איז דארט פאראן גענוג...

— דארט זאמעלט מען אויך דאס געלט פון ביישטייערונגען... עס איז גאר קיין אונטערשייד ניט! — זאגט ר׳ שמעון — עס איז מעהר ניט ווי אן אויסרייד.

— איהר מאכט א טעות, ר׳ שמעון, — אין ווארשע האבען זיי גענוג געלט און זיי וועלען זיך ניט דארפען זארגען יעדע וואך פון וואנען צו נעמען שכירות פאר מיר.

— און איך זאג דיר, אז אויך דא וועלען מיר שוין באזארגען, אז דו זאלסט קריגען דיינע שכירות אהן שוועריגקייטען.

— איהר דארפט מיר ניט זאגען. איך וויים די לאגע גאנץ גוט, איהר וועט אפשר קאנען צאהלען די ערשטע עטליכע וואכען, אבער שפעטער? איך בין זיכער, אז אייך וועט זיין זעהר שווער און איך וועל זיך פיהלען שולדיג געגען אייך מיט דעם, וואס צוליב מיר דארפט איהר טראגען אזא שווערען יאך.

— איך זעה שוין, אז עס איז אן עבירה אונזערע רייד. וואס מיר זאלען דיר ניט זאגען, וועסטו שוין געפינען א חסרון, נו, מילא!

— וואס מיינט איהר "מילא". עס איז אויסגעשלאסען, יואל דוד, מיר לאזען דיך ניט פאהרען, דו הערסט.

— זעהר גוט, לאזט מיך ניט פאהרען! — האט יואל דוד זיך אנגערופען מיט א שמייכעל, — איהר וועט מיר פארשטעלען דעם וועג!

— א געלעכטער אהן א זייט, יואל דוד — האט ר׳ שמעון אויסגערופען — פארוואס זאלסטו וועלען טהאן צו אונז אזא זאך?.... דו ווייסט ווי איינגעבאקען דו ביזט ביי יעדען אין הארצען... וואס איז פלוצלונג געשעהן מיט דיר?

— איהר ווייסט שוין אלע וואס עס איז געשעהן. איך וועל פרובירען מיין מזל אין ווארשע און אויב איך וועל איינזעהן, אז איך האב געמאכט א טעות, וועל איך דעם קומענדען יאהר קומען צוריק . . . און איך האף, אז איהר וועט מיך צוריקנעמען!

ווידער אמאל זיינען געקומען די זעלבע טענות און איבעררעדענישען. און ווען די האלב שכור׳ע גבאים און די בעלי הבתים האבען געזעהן, אז זיי קאנען מיט איהם גארניט אויפטהאן, האבען זיי זיך גענומען צו ר׳ מרדכי׳ן.

עס קאן זיין, אז ווען זיי וואלטען אלע געווען ניכטער, וואלטען זיי אזוי ניט גערעדט צו ר׳ מרדכי׳ן, זייער נייעם גבאי ראשון. איצט אבער, אז יעדער פון זיי האט שוין געמאכט עטליכע "לחיים׳ס", האט מען גענומען ארויסברענגען אויפ׳ן צונג, וואס עס איז געווען אויפ׳ן לונג.

איך קאן ניט פארשטעהן פארוואס איהר, ר׳ מרדכי, שווייגט די גאנצע צייט — רופט זיך אן צו איהם איין גבאי — איהר זייט זיין שווער און איהר דארפט ווירקען אויף איהם.

— איך האב מיט איהם גענוג גערעדט, און וואס זאל איך טהאן, אז ער וויל מיך ניט פאלגען... ער איז דאך שוין ניט מעהר קיין איינגעלע.

— נייז, ר׳ מרדכי, ווען איהר וואלט געוואלט זעהר שטארק, וואלט איהר שוין גע"פועל׳ט. נאך אלעמען ווייסט איהר, אז מיר האבען אייך געמאכט פאר גבאי ראשון נאר צוליב דעם, כדי איהר זאלט קענען ווירקען אויף אייער איידעם!

— אויב דאס איז געווען די איינציגע אורזאך, בין איך אייך מוחל דעם כבוד! — האט זיך ר׳ מרדכי א שטעל געטהאן פון זיין פלאץ.

— א, וואס רעדט איהר, ר׳ מרדכי! — האט א צווייטער זיך אנגערופען — מיר אלע ווייסען אייערע פארדינסטען פאר דער שטאט שוהל. איהר האט געווים פארדינט צו זיין גבאי ראשון.

— ער האט דעריבער קיין רעכט ניט געהאט צו ריידען אזוי — האט ר׳ מרדכי געשטורעמט.

— ער האט ניט געמיינט דאס. ער האט געמיינט צו זאגען, אז תמיד קלויבט מען אוים א גבאי ראשון גלייך נאך סוכות, און אייך האט מען איבערגעגעבען דעם אמט פאר ראש השנה, כדי איהר זאלט צייט האבען זיך דורכצוריידען מיט אייער איידעם און ניט דערלאזען ער זאל פון אונז אוועקגעהן.

— נו, שווער, וואס האב איך אייך געזאגט? איך האב באלד פארשטאנען, און ווען איך האב עס געהאט געזאגט, איז די שווינער אויף מיר אין כעס געווארען.

— איך בין גרייט אויפצוגעבען די גבאות — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט,
— איך וויל ניט זיין קיין גבאי ראשון, אויב מען האָט מיך אויסדערוועהלט צוליב דעם צוועק.

— רעדט ניט קיין נארישקייטען! זייט איהר דען אמאָל ניט געווען קיין גבאי ראשון? יע, נאָך איידער מיר האָבען אַלע געוואוסט וועגען יואל דוד׳ן, זייט איהר געווען גבאי ראשון, און זינט דאן זייט איהר דאָך גבאי, טאָ ווי קומט איהר אזוי צו ריידען.

— אידען, פארוואָס זאָלען מיר זיך אמפּערען, היינט איז דאָך שמחת תורה, לאָמיר מאכען "לחיים" און לאָמיר מעהר היינט ניט ריידען וועגען דעם... מיין הארץ זאָגט מיר, אז אונזער באלעבעסעל וועט בלייבען מיט אונז... און זאָלען מיר הערען ישועות אויף אידען.

— אָמן! — האָבען אלע געענטפערט און מען האָט זיך ווידער גענומען צום טרינקען.

יואל דוד האָט זיך דערווייל ארויסגערוקט פון צימער.

## קאפּיטעל 20

אויף מאָרגען נאָך סוכות, ווען יואל דוד האָט זיך אומגעקעהרט אהיים פון דאַוונען, האָט ער זיך געזעצט עסען פריהשטיק א ברוגז׳ער. ער האָט לעצטע נאכט געהאַט א גאָר שטארקען איבעררייד מיט חנה׳לען זיין פרוי, וועלכע האָט ווידער אמאָל גענומען איינ׳טענה׳ן מיט איהם. אָט דעם מאָל האָט שוין די שוויגער איהר אויך געהאָלפען. חנה׳לע האָט מיט א כיון געלאָזט אָפען די טיר פון איהר צימער, ווען זי האָט גענומען ריידען. פריהער האָט זי גערעדט געלאַסען און איהם געגעבען אָנצוהערען, אז מענשען וועלען ריידען, אז ער האָט זי ניט ליעב און דערפאַר וויל ער זי פארלאָזען. און ער האָט איהר פארזיכערט, אז ער האָט זי ליעב און אז עס וועט לאנג ניט נעמען און זיי וועלען זיין צוזאַמען.

חנה׳לע האָט זיך פאנאנדערגעוויינט און איהם געזאָגט, אז זי וועט קיינמאָל ניט פאָהרען קיין ווארשע. ערשט דאן איז ארייגעקומען ריינקע אין צימער און זי האָט זיך גענומען צו איהם.

— אָט אזוי באהאנדעלסטו מיין טאָכטער, וועלכע איז דיר געווען אזוי געטריי און איבערגעגעבען. ביי דיר איז רעכט צו פארלאָזען דיין געטרייע פרוי און קינד און אוועקפאָהרען אין די הרי חושך... פע, יואל דוד, עס איז זעהר ניט שעהן פון דיר.

— שוויגער, איך בעט אייך זיך ניט צו מישען אין מיינע עסקים! — איז שוין יואל דוד אין כעס געוואָרען — איהר האָט שוין פארגעסען, אז איהר האָט מיר געזאָגט, אז איך קאָן געהן געזונטערהייט. און איך וועל טאָקע אזוי טהאָן. נישקשה, חנה׳לע וועט קומען צו מיר. דאָס איז די פליכט פון יעדער פרוי צו געהן נאָך איהר מאן... בפרט ווען זי וועט זעהן, אז דאָרט בין איך געקומען צו א תכלית...

— איך זאָג דיר, אַז איך װעל קיין װאַרשע ניט פֿאָהרען! — האָט חנה׳לע אַרױסגעװיזען עקשנות.

— דאָס װעלען מיר זעהן דאַן, װען די צייט װעט קומען פֿאַר דיר צו פֿאָהרען... איין זאַך װייל איך, אַז דו זאָלסט װיסען, אַז איך װעל מיין באַשלוס ניט ענדערען. איך װעל פֿאָהרען און טאַקע גאָר אין גיכען.

— מעהר האָב איך מיט דיר ניט צו ריידען! — האָט חנה׳לע אַ ברוגז׳ע גענומען אַרױסגעהן פֿון צימער און זאָגענדיג צו איהר מאַמען:

— קום, מאַמע, דו זעהסט דאָך, אַז ער איז אַן עקשן!

חנה׳לע האָט אפילו געװאָלט שלאָפֿען יענע נאַכט אין אַן אַנדער צימער. זי האָט געװאָלט איבערטראָגען די װיגעלע אַהין, אָבער רײנקע האָט איהר פֿון דעם אָפּגעשלאָגען.

— מיט דעם װעסטו גאָרניט געװינען, מיין טאָכטער, דו װעסט נאָך ערגער מאַכען! דיין פּלאַץ איז דאָרט — האָט זי אָנגעװיזען אויף איהר צימער. מען קאָן האָבען אַן איבערררייד מיט׳ן מאַן, אָבער אַװעקגעהן פֿון אייער שלאָפֿצימער איז ניט פיין.

חנה׳לע האָט אייגגעזעהן, אַז איהר מאַמע איז גערעכט. דאָס װאָלט איהם נאָך מעהר אויפגעבראַכט. זי איז דעריבער געבליבען נעכטיגען אין זעלביגען צימער, אָבער זי האָט געשפּילט איהר ברוגז. זי האָט מיט איהם ניט גערעדט. זי האָט אָבער ערװאַרט, אַז ער זאָל קומען צו איהר און זיך זעצען אויף איהר בעט און זי איבערבעטען.

יואל דוד איז אויך געװען צאָרענדיג און ער איז צו איהר ניט צוגעגאַנגען. ער האָט געלייענט קריאת שמע און געמאַכט אַ קליין פֿייערעל אין קעראָסין לעמפּעל און זיך געלייגט שלאָפֿען.

ניט יואל דוד און ניט חנה׳לע האָבען געקאָנט איינשלאָפֿען. חנה׳לע איז געלעגען מיט װאַכענדע אויגען און געזעהן װי איהר מאַן דרעהט זיך און װאַרפֿט זיך פֿון זייט צו זייט. זי האָט געפֿיהלט זעהר שלעכט. ניט איינמאָל האָט זי געװאָלט אַרונטערגעהן פֿון איהר בעט און צוגעהן צו איהם, אַרומנעמען איהם און קושען און האַלזען און זיך ביי איהם װידער בעטען. אָבער זי האָט געװאוסט, אַז עס איז אומזיסט. ער װעט איהר ניט פֿאָלגען. און זי װעט זיך דאַרפֿען אונטערגעבען צו איהם. נייז, זי װעט עס ניט טהאָן! ער האָט קיין רעכט ניט איהר אַזוי צו באַהאַנדלען. ער האָט זי ניט מעהר ליעב. אַז ניט, װאָלט ער ניט געװען אַזוי נייגעריג זי צו פֿאַרלאָזען . . .

און איצט, אַז ער איז געקומען פֿון דאַװנען און זיך געזעצט עסען, האָט חנה׳לע איהם דערלאַנגט דעם פֿריהשטיק שװייגענדיג. זי האָט איהם ניט באַגריסט און גאָרניט געפֿרעגט.

ער האָט געגעסען שװייגענדיג און אַזוי שנעל װי ער האָט געענדיגט בענשען, האָט ער זיך אויפגעהויבען פֿון זיין פּלאַץ. ער האָט אָנגעטהאָן זיין מאַנטעל און ער האָט גענומען געהן.

חנה׳לע האָט איהם געװאָלט פֿרעגען װאוהין ער געהט, אָבער זי האָט עס ניט געטהאָן . . . זי װעט מיט איהם ניט אָנפֿאַנגען צו ריידען . . .

ביז וואנען ער וועט צוגעהן צו איהר און זיך איבערבעטען . . . ער באגעהט אן עוולה געגען איהר און ניט זי געגען איהם.

די מאמע האט אפילו נעגעבען א וואונק צו איהר, אז זי זאל איהם פרעגען, אבער חנה'לע איז געבליבען זיצען א שווייגענדיגע אויף איהר פלאץ. זי האט געהערט דעם קלאפ פון טיר, און זי האט ניט גערירט פון ארט.

ריינקע האט זיך געשטעלט נעבען פענסטער און געקוקט ווי איהר איידעם שטעלט שנעלע טריט . . . ער איילט זיך ערגעץ. זי האט אבער אויך געשוויגען.

יואל דוד איז אוועק צו קרוזשענסקי'ן אין הויז צו מאכען די נויטיגע הכנות פאר זיין רייזע קיין ווארשע.

— איך האב ערהאלטען איינינע בריוו פון מיין טאכטער נאסטאשא און זי שרייבט מיר וועגען אייך.

— וועגען מיר?

— יע, זי שרייבט, אז אין ווארשע ווארטען שוין די ליבהאבער פון דער אפערא מיט גרויס אומגעדולד אויף דער עפענונג פון דעם אפערא סעזאן, ווען דער פאן סטראשונסקי וועט אנהויבען שפילען. און אט האב איך ערשט נעכטען דערהאלטען א בריוו פון איהר, און איך האב געוואלט אריבערגעהן צו אייך, אבער איך האב עס ניט געטהאן, ווייל איך האב מורא געהאט טאמער שטעל איך אייך אין א פארלעגענהייט.

— גוט האט איהר געטאן, פאן קרוזשינסקי, — האט יואל דוד איהם געזאגט — איהר פארשטעהט, מיין משפחה ווייסט שוין, אז איך פאהר קיין ווארשע, אבער זיי זיינען אונטער דעם איינדרוק, אז איך פאהר אהין אנצונעמען א בעסערע שטעלע אלס חזן . . . זיי האבען קיין אהנונג ניט וועגען דער אפערא . . . איך וועל זיי וועגען דעם ניט זאגען ביז וואנען איך וועל זיין זיכער מיט מיין ערפאלג . . . ווייל זיי וועלען עס ניט פארשטעהן.

— און ווען האט איהר בדעה צו פאהרען? — פרעגט איהם קרוזשענסקי.

— איך וויל פאהרען אזוי שנעל ווי מעגליך. מיין פרוי און איהרע עלטערען זיינען דאגענען. איך האב דורכגעמאכט א שווערען קאמף . . . איך וועל, זעה איך, מוזען פאהרען געגען זייער וואונש . . . איך ביז דאריבער געקומען צו אייך איהר זאלט האבען אלעס צוגעגרייט פאר מיין רייזע — האט יואל דוד געזאגט.

— זעהר גוט טהוט איהר וואס איהר פאהרט אזוי שנעל ווי מעגליך! — האט קרוזשענסקי געזאגט — מיין טאכטער שרייבט מיר, אז דער פאן מאניושקא מאכט רעפיטיציעס יעדען טאג, און כאטש ער ווייסט, אז מיט אייך וועט ער ניט דארפען אזוי שווער ארבייטען, וואלט ער דאך זעהר געוואלט איהר זאלט קומען אין ווארשע וואס שנעלער . . . נאסטאשא שרייבט מיר, אז כמעט אלע פלעצער פאר דער ערשטער נאכט פון דער אפערא "האלקא" זיינען שוין אויספארקויפט א דאנק דעם, וואס די

ציימונגען האָבען באַריכטעט, אַז דער פּאַן סטראַשונסקי פון ווילנע וועט שפּילען די הויפּט ראָלע. איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַז אויך איך האָב באַשלאָסען צו פאָהרען קיין וואַרשע. מיר האָבען אַלע געזאָלט פאָהרען, איך, מיין פרוי און מיין זוהן. אָבער מיין פרוי איז ניט געזונט און דער וועג איז איצט ניט אַזאַ גוטער. עס פאַנגען זיך אָן די שנעען און רעגענס... האָב איך באַשלאָסען אַליין צו פאָהרען, ערשטענס זיך צו זעהן מיט מיין טאָכטער, און צווייטענס, צו זיין ביי דער עפענונג פון דער אָפּערע. מיין טאָכטער האָט שוין באַשטימט אַ פּלאַץ פאַר מיר אין דער לאָזשע. און עס קאָן זיין, אַז מיר וועלען פאָהרען צוזאַמען.

— דאָס וואָלט געווען זעהר גוט! — האָט יואל דוד אויסגערופען — נאָר קיינער פון מיינינגע וועט וועגען דעם ניט טאָרען וויסען . . . איך וועל אייך זאָגען אָט וואָס. איך נעהם ניט מיט זיך צופיעל זאַכען, בלויז קליינינגקייטען, און איך גלויב, אַז איך וועל זיי ביסלעכווייז צופיהרען צו אייך אין הויז און מיר וועלען אָפּפאָהרען פון דאַנען . . .

— און אייער פרוי? וועט זי דען ניט אַרויסקומען זיך געזעגענען מיט אייך?

— ניין, מיין פרוי איז ברוגז אויף מיר! און איך מוז אייך זאָגען, אַז איך בין גראָד צופרידען פון דעם. אַז ניט, וואָלט פאַר מיר געווען זעהר שווער אַוועקצופאָהרען. איצט אָבער, אַז זי רעדט צו מיר ניט, וועל איך אַוועקגעהן ווען איך וויל. אַלץ, וואָס איך וועל טהאָן, איז איבערלאָזען אַ צעטעל, אַז איך פאָהר קיין וואַרשע.

— איך קאָן ניט פאַרשטעהן פאַרוואָס אייער משפּחה זאָל זיין דאַגענען. דוכט זיך זיי האָבען באַדאַרפט זיך פיהלען שטאָלץ און גליקליך . . . עפּעס אַ קליינינגקייט צו שפּילען די הויפּט-ראָלע אין מאָניושקאָ'ס אַן אָפּעראַ . . .

— איהר זעהט, מיין משפּחה וואָלט עס אָנגענומען פאַר אַן אומגליק. זיי טאָרען אפילו ניט פאַרדעכטיגען, אַז איך פאָהר ניט אָננעהמען אַ שטעלע אין אַ שוהל . . . איך האָב זיי געזאָגט, אַז דאָרט באָט מען מיר אָן פופציג רובעל אַ וואָך און דאָ האָבען זיי מיר שוין אויך געהעכערט מיינע שכירות. זיי זיינען צו מיר צוגעשטאַנען איך זאָל בלייבען און אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אָבער איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך פאָהר . . . נו, איז מיין פרוי ברוגז און איהרע עלטערען זיינען אויך אויף מיר אין כעס. אָט בין איך איצט אַוועק פון דער היים. קיינער האָט מיך ניט געפרעגט וואוהין איך געה. ביז אהער פלעג איך קיין טריט ניט קאָנען מאַכען איידער איך פלעג זיי זאָגען וואוהין איך געה. איצט אָבער פרעגט מען מיך ניט, און איך בין צופרידען.

— אויב אַזוי וועלען מיר קאָנען איבערמאָרגען אַרויספאָהרען! — האָט קרושענסקי געזאָגט, — איך וועל באַשטעלען די בויד און איהר וועט צוקומען אַרום ניין אַזייגער אין דער פריה.

— איבערמאָרגען איז פרייטאָג — האָט יואל דוד געזאָגט — און

אין אָוונט וועל איך שוין ניט קאָנען פאָהרען ביז זונטאָג, ווייל דאָז פאַנגט זיך אָן אונזער שבת.

— גוט, וועלען מיר זיך אָפּשטעלען פאַר א טאָג אין א דאָרף אָדער אין א שטעדטעל, סיידען איהר ווילט שוין וואַרטען ביז קומענדען מאָנטאָג.

—ניין, פאַר מיר וועט זיין א סך בעסער צו פאַרלאָזען ווילנאַ וואָס שנעלער. עס וועט זיין גרינגער פאַר מיר . . . אז איך זאָל בלייבען נאָך עטליכע טעג, וועל איך נאָך מוזען אויסהערען געגוג טענות . . .

— אויב אזוי איז אָפּגעמאַכט — האָט קרוזשענסקי געזאָגט — יע, איך וויל אייך זאָגען, אז דער אז מאַניושקאָ האָט מיר צוגעשיקט הונדערט רובעל פאַר אייך, אויב איהר וועט זיך נויטיגען אויף הוצאות און איבער־צולאָזען אייער פרוי.

— מיין פרוי וועל איך איבערלאָזען דאָס גאַנצע געלד וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט די אַלע יאָהרען — האָט יואל דוד געזאָגט.

— יע, וועט איהר צוקומען אהער פרייטאָג אין דער פריה נייז אזייגער.

— היינט און מאָרגען וועל איך אהער צוברענגען איינינע קליינינקייטען כדי עס זאָל פאַר מיר ניט אָנקומען שווער אוועקצוגעהן פון הויז פרייטאָג אין דער פריה, ווען אַלע זיינען אין הויז.

יואל דוד איז אוועק אהיים. ער איז אריינגעקומען אין הויז אז אָנגע־כמורעטער און ניט ריידענדיג מיט קיינעם, איז ער אריין צו זיך אין צימער און ער האָט זיך פאַרטיפט אין א ספר.

חנה׳לע האָט זיך ארומגעדרעהט אין הויז. זי איז א ווילע אריין אין צימער עפּעס מיט אן אויסרייד . . . זי האָט געוואָרפען א בליק אויף יואל דוד׳ן פון א זייט. זי האָט געזעהן ווי ער איז איבערגעבויגען איבער׳ן ספר און קוקט זיך אפילו ניט ארום.

זי האָט א הוסט געטהאָן כדי צו ציהען זיין אויפמערקזאמקייט, אָבער ער האָט זיין קאָפּ ניט אויפגעהויבען. זי איז ארויס פון צימער און איז באַלד צוריק אריין. זי איז צוגעגאַנגען צום וויגעלע און א קוק געטהאָן אויפ׳ן קינד . . . זי איז געבליבען א ווילע שטעהן און דאן האָט זי זיך געפּאַסט מוט און זיך אָנגערופען:

— וועסטו געהן עסען?

— איך בין נאָך ניט הונגעריג — האָט ער קורץ געענטפערט און זיך ווייטער פאַרטיפט אין ספר.

— עס איז שוין צייט אז דו זאָלסט זיין הונגעריג. דו האָסט דאָך היינט כמעט גאַרניט גענעסען ביים פריהשטיק.

— איך בין נאָך ניט הונגעריג זאָג איך דיר! — האָט ער מיט עטוואָס אויפרעגונג געזאָגט.

— ניט, איז ניט! — האָט חנה געזאָגט — איך האָב דאָך א רעכט דיך צו פרעגען...

— אז איך וועל זיין הונגעריג וועל איך דיר לאָזען וויסען!

— דו וועסט לאָזען וויסען! דו רעדסט דאָך מיט קיינעם ניט... דו געהסט ארום אָן אָנגעבלאָזענער, אָן אָנגעשטויסענער פּונקט ווי מיר זיינען דאָס די שולדיגע.

— קיינער איז דאָ ניט שולדיג! — האָט יואל דוד גע͏ענטפערט.

— און דו פּיהלסט זיך גאָרניט שולדיג צו נעהמען און פארלאָזען דיין פרוי מיט אַ עופה'לע...

— דו פאנגסט שוין ווידער אָן! — האָט זיך יואל דוד א שטעל געטאָן פון זיין פּלאָץ — איך וויל מעהר וועגען דעם ניט הערען. איך האָב שוין געהערט גענוג!

— זעה, מען טאָר א וואָרט מיט דיר ניט ריידען! וואָס בין איך א פרעמדע?

— דו ווייסט דאָך אז מיר האָבען שוין וועגען דעם גענוג גערעדט, און דו ווייסט אויך אז איך האָב מיין באשלוס ניט געענדערט, טאָ צוליב וואָס זאָלסטו ווידער אָנפאנגען די זעלבע זאַך... זאָל זיין גענוג! אומזיסט זיינען דיינע רייד!

— זיי ניט אזוי אויפגערעגט! — איך האָב געהערט אז מען וויל דיר געבען נאָך א הוספה... אזוי רעדט מען...

— אפילו ווען זיי זאָלען מיר געבען צעהן הוספות, וועל איך דאָ ניט בלייבען! דאָס, דאכט זיך, האָב איך פאר אלעמען קלאָר געמאכט.

— הייסט עס, אז דו ווילסט ניט אוועקפאָהרען קיין ווארשע צוליב דעם וואָס דו וועסט דאָרט קריגען מעהר נאָר צוליב עפּעס אנדערש.

— וויפיל מאָל וועל איך דיר דארפען אריינקלאַפּען אין וויבערשען מח אז דאָס וואָס זיי זאָגען מיר דאָ צו די הוספות מיינט עס גאָרניט... זיי האָבען ניט פון וואנען און איך וועל ניט דערלאָזען אז מען זאָל זיך יעדע וואָך ארויסלאָזען מיט א פאטשיילע צונויפצוקלייבען מיינע שכירות. איצט פארשטעהסטו שוין! אפילו ווען זיי זאָלען מיר צוזאָגען הונדערט רובעל א וואָך מיינט עס גאָרניט. קומסטו און ווילסט מיר דערצעהלען אז זיי ווילען מיר געבען נאָך א הוספה! איך וויל ניט דערגעהן צו א מדרגה אז מען זאָל זיך אריבערלאָזען איבער דער שטאָדט און פארלאנגען א נדבה פאר דעם ווילנער שטאָדט חזן... איצט, האָף איך, וועסטו שוין פארשטעהן און דו וועסט מיך מעהר ניט באלעסטיגען מיט דיינע נארישקייטען.

חנה'לע איז ארוים פון צימער שווייגענדיג. זי איז נאָך אלץ געווען ברוגז און זי האָט באשלאָסען מיט איהם ניט צו ריידען ביז וואנען ער וועט צוגעהן צו איהר זיך איבערבעטען.

שפּעטער איז ער אריין אין סטאָלאָווע. ער האָט זיך געוואַשען צום עסען און חנה האָט דערלאנגט צום טיש. זי האָט זיך אויך געזעצט עסען און ביידע האָבען געשוויגען.

— נאָכן עסען און בענשען, האָט יואל דוד אָנגעטאָן זיין מאַנטעל. ווען חנה איז געווען פארנומען האָט ער אונטער זיין מאנטעל אריינגעלייגט א פּאָר

העמדער און נאָך קלײניקײטן און ער איז גלײך אַװעק צו קריזשענסקי׳ן און זיי דאָרט איבערגעלאָזן.

— מאָרגן װעל איך צוברײנגען נאָך אײניגע זאַכען — האָט ער געזאַגט — איך װעל אײך זאָגען דעם אמת, אַז עס איז מיר זעהר שװער אַזױ צו טהאָן, אַװעקצופאָהרען פון דאַנען צעקריגט מיט מײן פרױ און איהרע עלטערען. איך האָב פריהער גערעכענט אַז די בױך זאָל צופאָהרען צו אונזער הױף און אַלע װעלען אַרױסקומען זיך געזעגענען מיט מיר, איצט אָבער האָב איך קײן אַנדער ברירה ניט נאָר צו אַנטלױפען, װי איך װאָלט געװען אַ גנב... אַפילו אָהן אַ "זײ געזונט"... זײ װילען ניט און קאָנען ניט מיך פאַר־שטעהן און איך קאָן זיך פאָרשטעלען װאָס פאַר אַ סצענעס עס װאָלטען פאָר־געקומען װען איך פאָהר אָפּ פון אונזער הױף און זײ קומען אַרױס זיך געזעגענען.

— אונטער אַזעלכע אומשטענדען גלױב איך אַז איהר טהוט זעהר גוט, פאַן סטראַשונסקי, װאָס איהר װעט אַװעקגעהן אָהן זײער װיסען. װען איהר װעט שױן זײן אין װעג װעט איהר קאָנען שרײבען אײער פרױ און איהר ערקלערען פאַרװאָס איהר זײט געװען געצװאונגען אַזױ צו האַנדלען.

אױף מאָרגען האָט יואל דוד אַריבערגעפיהרט בשתיקה נאָך אײניגע קלײניגקײטען צו קריזשענסקי׳ן אין הױז אױסמאַרקירענדיג אַז מען זאָל איהם ניט באַמערקען.

חנה׳לע איז פאַרבליבען מיט איהרע עלטערען. זי האָט זיך באַראַטען װאָס צו טהאָן, װי אַזױ צו האַנדלען.

— מײן טאָכטער, עס איז שװער דיר אַן עצה צו געבען — האָט רײנקע געזאָגט — ער האָט זיך לעצטענס אַזױ שטאַרק געענדערט אַז ער איז גאָרניט דער זעלבער. אָבער פונדעסטװעגען גלױב איך אַז דו טהוסט ניט גוט װאָס דו שפּילסט אַ ברוגז מיט איהם... עס זײנען שױן פאַראיבער עטליכע טעג און דו רעדסט ניט מיט איהם. ניט דו װײסט פון זײנע פּלענער. ער געהט אַװעק פון שטוב און קומט צוריק און דו װײסט ניט װאוהין ער געהט און פון װאַנען ער קומט... אפשר װאָלט שױן געװען אַ סברה איהר זאָלט זיך איבערבעטען.

— איך האָב געגען איהם גאָרניט געזינדיגט, ער באַגעהט אַן עולה געגען מיר, דאַרף ער צוגעהן צו מיר זיך איבערצובעטען.

— חנה׳לע איז גערעכט! — האָט ר׳ מרדכי געזאָגט — ער דאַרף װיסען אַז עס איז זײן פליכט זיך דער ערשטער איבערצובעטען.

— איך װײס ניט װאָס צו טאָן — האָט חנה זיך אָנגערופען — יואל דוד געהט אַרום אַ באַזאָרגטער, אַ דערשלאָגענער. איך װײס אַז ער לײדט נעבעך זעהר שטאַרק. איהר מײנט אַז איהם איז גוט... ער װאָלט אױך גע־װאָלט בעסער פאַרבלײבען אין װילנע.

— טאָ װער לאָזט איהם ניט? — פרעגט רײנקע.

— װער װײסט, אפשר איז ער אינגאַנצען ניט אומגערעכט. ער װיל ניט אַז מען זאָל זײן געצװאונגען צו זאַמלען נדבות כדי איהם צו צאָהלען גרױסע שכירות.

— דאַס זאָלסטו איהם ניט גלויבען... אַלע כלי קודש קריגען זייערע שכירות אויף אַזאַ אופן... ווען דער עולם וואָלט ניט מנדב געווען אויפ׳ן שוהל וואָלט דאָך קיין פּרוטה ניט געווען פון וואַנען צו צאָהלען די כלי קודש. אַזוי פיהרט מען זיך פון קדמונים און אין וואַרשע וועט אויך אַזוי זיין!

— טאָ פאַרוואָס וויל ער ניט פאַרבלייבען אין ווילנע? — פרעגט חנה.

— פאַרוואָס? גאָר פּשוט. ער איז געווען אין וואַרשע. עס איז אַ גרעסערע שטאָדט און דאָרט זיינען פאַראַן אַ סך מעהר אידען. געפעלט איהם דאָרט בעסער. איך בין זיכער אַז ווען ער וועט דאָרט אָפּזיין איין יאָהר צייט וועט ער שטאַרק בענקען. סיידען דו וועסט צו איהם אָוועקפאָהרען מיט׳ן קינד, דאַן קאָן זיין וועט ער ניט האָבען נאָך וועמען צו בענקען. און דאַן וועט איהר שוין דאָרט אַלע פאַרבלייבען פאַר פילע יאָהרען, — האָט ר׳ מרדכי געענטפערט חנה׳לען.

— אוי, מיין טאָכטער! — זאָגט ריינקע געבראָכען מיט איהרע הענט — איך ציטער ווען איך טראַכט נאָר פון דעם, אַז דו זאָלסט אָוועקפאָהרען פון דאַנען אַזוי ווייט מיט׳ן קינד... גאָט ווייסט אויב מיר וועלען זיך שוין ווען עס איז זעהן... איך וואָלט געשטאָרבען פון בענקשאַפט.

— גלויב מיר מאַמע, איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל קיין וואַרשע ניט פאָהרען און איך וועל מיין וואָרט האַלטען — האָט חנה׳לע געזאָגט.

— דו טאָרסט אָבער אַזוי ניט ריידען, מיין טאָכטער, אַ פרוי׳ס פּלאַץ איז נעבען איהר מאַן.

— און אַ מאַנ׳ס פּלאַץ דאַרף זיין נעבען זיין פרוי! — רופט אויס חנה — איך פאַרלאָז דאָך איהם ניט. ער פאַרלאָזט מיך!

— אַ פרוי אָבער דאַרף טהאָן דעם מאַנ׳ס וואונש! — האָט ריינקע ווייטער גערעדט — איך ווייס ניט וואָס צו זאָגען. עס איז אַזוי שווער דיר צו געבען אַן עצה אין אַזאַ לאַגע... עס קאָן זיין אַז אויב דו וועסט אויסהאַלטען דעם ערשטען יאָהר און ניט וועלען קומען צו איהם אין וואַרשע, וועט ער זיך אומקעהרען אהער. אָבער עס קאָן דאָך אויך זיין אַז... איך וויל עס גאָר ניט ארויסברייינגען אויף מיינע ליפּען... אַ מאַן טאָר ניט זיין אָהן ווייב אַזוי לאַנג...

— איך האָב שוין געמאַכט איינינע פאַרזוכען אָנצופאַנגען צו ריידען צו איהם. אָבער ער ווערט אַזוי שנעל אויפגערעגט און אויפגעקאָכט אַז איך ווייס ניט וואָס איהם צו ענטפערען... פונקט ווי איך וואָלט דאָ באַגאַנגען די עולה ניט ער... דעריבער האָב איך באַשלאָסען ניט אָנצופאַנגען צו ריידען צו איהם ביז וואַנען ער וועט זיך מיט מיר איבערבעטען... אָבער איך מוז דיר זאָגען, מאַמע, אַז עס איז מיר שווער, זעהר שווער צוצוקוקען ווי ער ליידט נעבעך... איך האָב איהם דאָך אַזוי ליב און ער ליידט אַזוי פיל יסורים. איך בין געווען אויף כמעט די גאַנצע נעכטיגע נאַכט, און איך האָב באַמערקט ווי ער האָט זיך געוואָרפען פון איין זייט אויף דער צווייטער, ווי ער האָט זיך געדרעהט און געקאָרטשעט פון יסורים, און אויך יעדע ווײַלע אַרויס־

געלאזען א קרעכץ, וואס האט מיר א ריס געטאן אין הארצען... וואס זאל איך טהאן, וואס זאל איך טהאן?

ריינקע האט זיך צוגעבויגען צו איהר טאכטער און עפעס אריינגעשושקעט אין אויער.

— ניין, ניין, מאמע, דאס וועל איך קיינמאל ניט טהאן! — האט חנה אויסגערופען — דאס קיינמאל ניט!

— ווען עס איז נויטיג, טאכטער מיינע, פארבויגט א פרוי איהר כבוד און שטאלץ...

— עס איז ארויסגעוואָרפענע רייד, דאס וועל איך ניט טהאן, — האט חנה געשאקעלט מיט איהר קאפ אויף ניין.

— וועגען וואס רעדט איהר? — האט זיך שוין ר' מרדכי אריינגעמישט.

— עס איז ניט דיין עסק, — האט ריינקע געזאגט, — מיר ריידען יועגען ווייבערשע ענינים.

## קאפיטעל 21

ווידער האט יואל דוד פארבראכט א שלאפלאזע נאכט. ער איז געלעגען וואך אויף זיין בעט און געטראכט פון דעם וואס ער וועט באלד אפטהאן. ער וועט אוועקפאהרען פון דאנען און אפילו זיך ניט געזעגענען מיט זיין אייגענער פרוי. ווי קומט עס צו איהם? פארוואס זאל ער אזוי באהאנדלען זיין חנה'לע. זי איז דאך איהם אזוי ליעב און טייער... אט ליגט זי אין צווייטען בעט, זי שלאפט... זי ווייסט ניט אז היינט איז די לעצטע נאכט וואס ער געפינט זיך דא. ער האט געוואלט ארונטערגעהן פון בעט צוגעהן צו איהר און זי ארומנעהמען און קושען און האלזען... אבער ער ווייסט אז דאס וועט מאכען שווערער פאר איהם דאס אוועקפאהרען פון דאנען... איצט אז זי איז ברוגז אויף איהם און זי רעדט צו איהם ניט, וועט ער האבען אן אויסרייד פארוואס ער ער איז געווען געצוואונגען אוועקצוגעהן ניט געזעגענדיג זיך... ער האפט נאר אז זי וועט ניט אויסגעפינען איידער זי פאהרט צו איהם קיין ווארשע אז אנשטאט צו זיין חזן אין ווארשעווער שוהל איז ער גאר אין דער אפערא... דאן וואלט ער געהאט שוועריגקייטען מיט איהר.

טראכטענדיג ווייטער וועגען זיין שריט וואס ער וועט מארגען מאכען, איז איהם געקומען אויף'ן געדאנק וועגען זיינע משוררים, איבערהויפט וועגען זיין באס שייקע פייפער, וועלכער האפט נאך אז ער וועט איהם מיטנעמען קיין ווארשע, כאטש ער האט איהם קיינמאל ניט צוגעזאגט.

— ווער ווייסט, — האט ער ווייטער געטראכט, — צי ער וועט נאכהער קיין חרטה ניט האבען פאר זיין שריט. ווער ווייסט ווי לאנג ער וועט דארט קענען פארבלייבען. אמת, ער איז פון אלעמען אויפגענומען געווארען מיט גרויס באגייסטערונג, איבערהויפט פון דער יונגער גרעפין זאמאיסקא וועלכע האט פריהער זיך באשלאסען צוריקצוציהען פון דער אפערא, ווען זי האט זיך דערוואוסט אז א איד וועט שפילען די הויפט ראלע. זינט אבער זי האט

איהם געהערט זינגען האָט זי זיך אַזוי גענענדערט צו איהם אַז זי האָט גע־וואָלט ער אַל זיין אַז אָפטער אריינגעהער צו איהר... ווער ווייסט אָבער אויף ווי לאַנג דאָס וועט אָנהאַלטען... עס קען דאָך ווידער אין איהר צופלאַ־קערען די איינגעוואָרצעלטע שנאה צו אידען און דאַן... אָבער וואָס עס זאָל ניט געשעהן, וועט ער מוזען מאַכען דעם שריט... ער פיהלט אַז דאָס וועלטעל אין וועלכען ער געפינט זיך איצט איז איהם צו ענג... איבערהויפּט איצט נאָכדעם ווי ער האָט פאַרזוכט דעם טעם פון וואַרשע וואו מען האָט איהם צוגעטיילט אַזוי פיעל כבוד, וואו מען האָט וועגען איהם געשריבען אין די פּוילישע און אַפילו אין די אויסלענדישע צייטונגען. ניין, ער וועט קיינמאָל קיין חרטה ניט האָבען... ער מוז האָבען אַ ברייטערע און גרעסערע וועלט פאַר זיך ווי דאָס אידישע ענגע וועלטעל... ער וועט ווערען גרויס באַריהמט און קיין געלט וועט איהם ניט פעהלען... דאַן וועט חנה'לע שוין איינזעהן ווי גערעכט ער איז געוועזען ווען ער האָט פאַרלאָזט ווילנע.

ער איז אויפגעשטאַנען זעהר פריה. חנה'לע און דאָס קינד האָבען נאָך געשלאָפען. עס האָט נאָר וואָס אָנגעפאַנגען צו טאָגען... אַ פּאַס ליכטיגקייט האָט זיך אריינגעריסען אין צימער. ער איז ארוים זיך וואַשען... און ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט האָט ער געטראָפען ווי חנה'לע זויגט דאָס קינד... דאָס האָט איהם פאַרקוועטשט ביים האַרצען... ער האָט געוואָלט צוגעהן צו איהר און בעטען מחילה פאַר אַלעס.. אָבער ער האָט עס ניט געטהאָן. ער האָט געוואוסט אַז ווען ער טוט עס וועט ער היינט ניט קענען אוועקפאָהרען, און די בויד וואַרט דאָך אויף איהם נעבען קרוזשענסקי'ס הויז. ער מוז זיך שטאַרקען... אריינקומענדיג אין סטאַלאַווע האָט ער געטראָפען זיין שווער וועלכער איז שוין געשטאַנען מיט'ן טלית און תפילין אונטער'ן אָרעם גרייט צו געהן אין שוהל אריין.

— דו געהסט אפשר דאַווענען צום ערשטען מנין? — פרעגט איהם ר' מרדכי.

— ניין, שווער, איך וועל דאַווענען מיט'ן צווייטען מנין, — האָט יואל דוד געענטפערט.

— טאָ פאַרוואָס ביזטו אויפגעשטאַנען אַזוי פריה? .

— איך האָב מעהר ניט געקענט שלאָפען — האָט יואל דוד געענטפערט.

-- טאָ לאָמיר געהן דאַווענען מיט'ן ערשטען מנין, איך וועל אויף דיר וואַרטען.

— ניין, שווער, וואַרט ניט אויף מיר. איך וועל דאַווענען מיט'ן צווייטען מנין. איך וועל פריהער טרינקען אַ גלאָז טהעע.

— דער סאַמאָוואַר זידט שוין, איך וועל הייסען דער דינסט איהם שטעלען אויפ'ן טיש.

יואל דוד איז געוועזען צופרידען וואָס זיין שווער רעדט צו איהם, און וואָס ער געהט איצט דאַווענען. ווען ער וועט זיך אומקעהרען פון בית המדרש, וועט ער דאַן נאָר וואָס האָבען אוועקגעגאַנגען און אַזוי וועט ער אויסמיידען

א לענגערען געשפּעך. און איצט ווען ער אָנשרייבען אַ פּאָר ווערטער צו חנה'לען און אַריינלייגען דאָס געלד מיט'ן בריעף אין אַ קאָנווערט.

ווען יואל דוד איז געבליבען אַליין, האָט ער גענומען טינט און פּעדער און אָנגעשריבען פאָלגענדעס:

"טייערע חנה'לע, איך וויל אַז דו זאָלסט מיר מוחל זיין וואָס איך שרייב דיר די דאָזיגע ווערטער און איך זאָג זיי ניט מיט'ן מויל. איצט ביזטו אויף מיר ברוגז און דו רעדסט מיט מיר ניט. איך בין זיכער אַז מיט דער צייט וועסטו זיך ארומזעהן אַז איך בין געווען גערעכט, און דיין ברוגז אויף מיר וועט אין גאַנצען פאַרשווינדען... דערווייל אָבער האָב איך קיין אַנדער ברירה ניט. איך געזעגען זיך מיט דיר שריפטליך... איך פאָהר היינט אַוועק... איך וועל דיר שרייבען פון וועג און אויך אַזוי שנעל ווי איך וועל אָנקומען קיין וואַרשע... זיי מיר מוחל, מיין טייערער, אויב איך האָב דיר דורך דעם פאַרשאַפט עגמת נפש. קוש דבורה'לען פאַר מיר און גיב איבער דיינע עלטע־רען מיין בעסטען וואונש... איך לאָז דיר איבער די צוויי הונדערט רובעל וואָס מיר האָבען אָפּגעשפּאָרט, און איך האָף אַז איך וועל דיר קענען שיקען נאָך געלד פון וואַרשע... איך האָף אויך אַז ווען די צייט וועט קומען וועסטו קומען צו מיר אין וואַרשע מיט אונזער טייער ליעב קינד, דבורה'לע... איך וועל שוין זעהן אַז אַלעס זאָל זיין אין אָרדנונג... און גלויב מיר, טייערער חנה'לע, אַז דאָס וואָס איך טהו איצט, איז מיט דער כוונה צו פאַרבעסערען אונזער מצב כדי די און אונזער קינד זאָלען קענען געניסען דאָס בעסטע פון לעבען, זיי געזונט, איך קוש דיך און דעם קינד נאָך אַמאָל... פאַרגיב מיר.

"דיין געטרייער און איבערגעגעבענער מאַן, וועלכער האָט דיך ליעב מיט זיין לייב און לעבען.

"יואל דוד".

ער האָט איבערגעלייענט דעם בריעף און דאַן האָט ער איהם אַריינגע־לייגט אין אַ קאָנווערט צוזאַמען מיט די צוויי הונדערט רובעל אין אַסיגנאַ־ציעס און איז אַריין אין שלאָף־צימער. ער האָט געזעהן ווי זיין חנה'לע ליגט נאָך אַלץ מיט'ן קינד אין בעט. זיי שלאָפען ביידע געשמאַק. ער איז צוגע־גאַנגען צו זיין בעט און אַריינגעלייגט דעם פאַרמאַכטען קאָנווערט אין ציכעל פון קישען. ער האָט געוואוסט אַז היינט, פרייטאָג, וועט חנה'לע איבערציהען די ציכלעך לכבוד שבת, וועט זי געפינען דעם בריעף. זי טהוט עס שטענדיג נאָך האַלבען טאָג... און דאַן וועט ער שוין האָבען אַרויסגעפאָרען פון ווילנע... עס קען זיין אַז איידער זי וועט געפינען דעם בריעף וועט זי זיין באַזאָרגט וואָס ער איז נאָך ניט געקומען פון דאַוונען אַזוי שפּעט. זי וועט געוויס וואָר־טען מיט פריהשטיק אויף איהם, אָבער ער האָט קיין אַנדער אויסוועג ניט.

ער איז אַ ווײַלע געבליבען שטעהן אין צימער און געקוקט אויף זיין פרוי און קינד... ווי שווער עס איז איהם געווען זיך צו שיידען פון זיי... ער האָט געוואוסט אַז ווען ער וועט איצט פאַרלאָזען דאָס צימער וועט עס זיין צום לעצטען מאָל... ער וועט זיי ניט זעהן גאַנצע אכט חדשים, און ווער ווייסט

אויב זי וועט דאן איינוויליגן צו פאהרען קיין ווארשע... ער האט גענומען צוגעהן נעהנטער צו זיין פרוי׳ס בעט. ער האט עס געטהאן אויף די שפּיץ פינגער כדי זי ניט אויפצואוועקען.

א היבשע ווייל איז ער אזוי געשטאנען עטוואס איבערגעבויגען און געקוקט אויף איהר און אויף זיין טעכטערל, וועלכע איז געלעגען נעבען איהר. מוטער׳ס ברוסט... ווי שטארק עס גלוסט זיך איהם א קוש צו טהאן זיינע טייערסטע און ליעבסטע... ער האט זיך נאך מעהר איבערגעבויגען, אבער דא האט זיך חנה׳לע גענומען ריהרען... און ער האט דאריבער שנעל אפּגעטרא־טען פון איהר בעט.

איבער׳ן גאנצען הויז האט זיך צוטראגען דער געשמאקער אנגענעהמער ריח פון די נאר־וואס געבאקענע חלה וואס די דינסט האט שוין געהאט ארויס־גענומען פון אויווען... עס האט גערייצט די נאזלעכער און יואל דוד האט זיך געפיהלט הונגעריג... איהם האט פארשמעקט די פרישע חלה, אבער ער וועט דאך ניט עסען פאר׳ן דאוונען. ער האט זיך דאריבער באנוגענד מיט טרינקען א גלאז טהעע. דאן האט ער אנגעטאן זיין שבת׳דיגען ראק און זיין וואכע־דיגען קאפּעליוש. ער האט מיטגענומען זיין שבת׳דיגען טלית און תפילין. ער האט ארויפגעצויגען אויף זיך זיין ווינטערדיגען מאנטעל און אנגעטאן זיינע קאלאשען און איז דאן אוועק אין בית המדרש דאוונען... אויפ׳ן וועג האט ער געטראפען זיין שווער, וועלכער האט איהם געזאגט:

— אייל זיך צו, יואל דוד, מען שטעלט זיך באלד דאוונען.

— איך אייל זיך, — האט יואל דוד א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפּ, און ער איז אוועק אין בית המדרש.

יואל דוד האט זיך געשטעלט דאוונען אויף זיין שטענדיגען פּלאץ אין מזרח. ער האט געדאווענט מיט גרויס כוונה. עס איז געווען פרייטאג, דער ערשטער טאג ראש חודש, און מען האט געלייענט די תורה, און גראד האט מען איהם אויפגערופען צו דער תורה, ווי זיי וואלטען געוואוסט אז דאס איז היינט דער לעצטער טאג וואס ער געפינט זיך דא.

נאכ׳ן דאוונען האט ער צוזאמענגעלייגט זיין טלית און תפילין. אייניגע בעלי בתים זיינען צו איהם צוגעקומען און געוואלט זיך אריינלאזען אין א געשפּרעך מיט איהם, אבער ער האט יעדען פון זיי געענטפערט קורצע אפּ־געהאקטע זאצען... ער האט בכלל אויסגעמיטען צו ריידען מיט זיי.

ער איז ארויס פון בית המדרש, עס איז געווען פאר ניין דעם זייגער... ער דארף זיין ניין אזייגער אין קרוזשענסקי׳ס הויז. ער האט גענומען דורכ־געהן ווילנער גאס... ער איז פארבייגעגאנגען א בעקערי און האט געזעהן אין פענסטער פארשידענע חלות און קיטקעס... ער האט זיך דערמאנט אז ער האט גאר קיין שפּייז ניט מיט זיך. ער האט אבער ניט געוואלט אריינגעהן אליין אין דער בעקערי, ווייל מען וואלט זיך געוואונדערט ווי קומט עס אז ער, דער ווילנער שטאט חזן, קויפט אליין חלות.

ער האט דערזעהן א אידיש אינגעל פארבייגעהענדיג און ער האט איהם צוגערופען און איהם געגעבען א זילבערנע מטבע און איהם געבעטען ער זאל

אריין אין בעקערי און קויפען פאר איהם עטליכע חלות... און דערפאר וועט ער פון איהם קריגען צוויי קאפּיקעס.

דאס אינגעל האט גענומען דאס געלד און איז אריין אין קראם. יואל דוד האט געווארט אויף איהם אין א זייט, און ווען דאס אינגעל איז ארויס־געגאנגען פון דארט איז ער צו איהם צוגעגאנגען, איהם געגעבען די צוויי קאפּיקעס און פון איהם גענומען די חלות. מיט שנעלע טריט איז ער אוועק צו קרוזשענסקי'ם הויז.

דורכ'ן אפענעם טויער האט יואל דוד באמערקט די בויד אין קרו־זשענסקי:ם הויף. ער איז באלד אריין אין הויז. קרוזשענסקי און זיין פרוי האבען איהם פריינדליך באגריסט.

— איהר זייט פּינקטליך, פאן סטראשונסקי — האט ער געזאגט — איך בין אויך באלד פארטיג. אייערע זאכען זיינען שוין אין בויד.

— אט וועל איך ארויסטראגען די פּעקלעך שפּייז וואס איך האב צו־געגרייט פאר דער רייזע — האט זי געזאגט און זי איז ארויסגעגאנגען פון דארט.

— מיין פרוי איז ניט איבעריגס צופרידען וואס איך פאהר איצט קיין ווארשע — האט קרוזשענסקי זיך אנגערופען צו יואל דוד'ן — זי מיינט אז עס איז נאך צו פריה, ווייל דער סעזאן פון דער אפּערא וועט זיך אנפאנגען ערשט אין עטליכע וואכען ארום. אבער צוליב דעם וואס אונזער טאכטער נאסטאשא איז איצט אין ווארשע, און איך בין אזוי נייגעריג זי צו זעהן, קען שוין מיין פרוי ניט זיין דאגעגען.

זיין פרוי איז אריינגעקומען מיט די פּעקלעך שפּייז. נאך איהר איז אריינגעקומען זייער זוהן קאזימיר.

— איך האף, פאן סטראשונסקי, אז איהר וועט העלפען מיין טאכטער צו דערגרייכען איהר ציעל. איהר וועט רעדען מיט דעם פאן מאניושקא, ער זאל איהר געבען א ריכטיגע ראלע אין דער אפּערא ניט נאר אין כאהר.

— אויב מיינע רייד וועלען העלפען וועל איך אייער וואונש ערפילען — האט יואל דוד געזאגט.

— לויט אייער ערפאלג ביים קאנצערט אין ווארשע און אורטיילענדיג פון דער גוטער מיינונג וואס דער פאן מאניושקא האט וועגען אייך, בין איך זיכער אז אייער ווארט וועט א סך העלפען. איך בין זיכער אז איהר וועט טהאן אייערס.

— פארוואס זאלסטו אזוי רעדען, קאטערינא — האט קרוזשענסקי גע־זאגט — דו ווייסט גאנץ גוט אז כדי צו שפּילען א ראלע אין דער אפּערא, דארף מען האבען עטוואס מעהר ווי א גוטע שטימע. און דאס וועט שוין מאניושקא אליין אורטיילען.

זיי זיינען אלע ארויס אין הויף. קרוזשענסקי האט זיך צוקושט מיט זיין פרוי און זוהן, און יואל דוד האט זיך געזעגענט מיט זיי. דאן זיינען זיי אריין אין בויד. דער פוהרמאן האט א שמיץ געטהאן די פערד און זיי זיינען

אַרויסגעפֿאָהרען פֿון הויף. די בויד איז דורכגעפֿאָהרען די ווילנער גאַסען און יואל דוד האָט זיך איינגענורעט אין א ווינקעל, כדי מען זאָל איהם ניט באַמערקען. און אַזוי זיינען זיי אַרויסגעפֿאָהרען פֿון דער שטאָדט.

* * *

אין ר׳ מרדכי׳ס הויז האָט מען זיך דערווייל גענומען גרייטען צום פֿריהשטיק, ר׳ מרדכי אַליין האָט שוין אָפּגעגעסען, אָבער ריינקע און חנה׳לע האָבען געוואַרט ביז וואַנען יואל דוד וועט זיך אומקעהרען. די פֿרישע חלה און קוילעטשעס האָבען געשמעקט איבער׳ן גאַנצען שטוב. אין אויווען האָט זיך געוואַרעמט א טאָפּ גרויפּען, ווייל פֿרייטאג פֿלעגט דער פֿריהשטיק אויך פֿאַררעכענט ווערען פֿאַר מיטאָג־מאָלצייט. נאָך׳ן פֿריהשיק האָט מען שוין מעהר ניט געגעסען, כדי צו האָבען אַפּעטיט פֿרייטאג צו־נאַכט ווען מען קומט פֿון שוהל צו עסען דעם שבת׳דיגען גרויסאַרטיגען מאָהלצייט.

דער גרויסער וואַנט־זייגער האָט געשלאָגען ניין. און חנה׳לע איז צוגעגאַנגען צום פֿענסטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסען צו זעהן אויב יואל דוד קומט אָן.

— דער צווייטער מנין האָט שוין געוויס געמוזט ענדיגען דאַווענען — האָט חנה׳לע זיך אָנגערופֿען צו איהר טאַטען.

— דו פֿאַרגעסט חנה׳לע, אַז היינט איז ראש חודש, מען זאָגט הלל, מען לייענט אין דער תורה.

—אָ, יע, איך האָב גאָר פֿאַרגעסען! — האָט חנה׳לע זיך עטוואָס פֿאַרשעהמט —איך בין צומראָגען, אַז איך ווייס גאָר ניט אויף וואָסער וועלט איך בין...

— דו ווייסט, חנה׳לע, וואָס איך וועל דיר זאָגען — האָט ר׳ מרדכי זיך אָנגערופֿען — מיר דוכט זיך אַז דיין מאַן קומט שוין צום שכל... איך מיין אַז זיין עקשנות איז שוין געבראָכען. ער איז היינט אויפגעשטאַנען גאַנץ פֿריה. ער איז שוין ניט געוועזען אַזוי פֿאַרכמורעט... ער האָט מיט מיר גערעדט און ער איז געוועזען גאַנץ פֿריינדליך. דו ווייסט דאָך, אַז די לעצטע עטליכע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען מיט א פֿאַרכמורעטען פּנים און מען האָט גאָר מיט איהם ניט געקענט רעדען. איך גלויב אַז ער וועט זיך שוין לאָזען בויגען.

— הלואי, רבונו של עולם! — האָט ריינקע אויסגערופֿען.

— יע, מאַמע, איך גלויב אויך אַז אַן ענדערונג קומט פֿאַר אין יואל דוד׳ן. ווען ער איז אויפגעשטאַנען אין דער פֿריה איז ער צוגעגאַנגען צו מיין בעט. איך האָב זיך געמאַכט שלאָפֿענדיג... צוויי מאָל איז ער צוגעגאַנגען צו מיין בעט... דעם צווייטען מאָל נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעגאָסען נעגעלוואַסער. איך האָב געהערט ווי ער געהט אַרויין אין צימער אויף די שפּיץ פֿינגער. איך האָב דאַן געזוייגען דבורה׳לען. איך האָב זיך ווידער געמאַכט שלאָפֿענדיג אָבער איך האָב געפֿיהלט זיין הייסען אָטהעם, ווען ער האָט זיך איבער מיר אַריבערגעבויגען. ער איז אַזוי געשטאַנען א היבשע ווײַלע.

— נו, און דאָן ?... האָט ריינקע געפרעגט.

— דערנאָך איז ער אַרויס פונ׳ם צימער.

— איך פאַרשטעה דיך ניט טאָכטער ! — האָט ריינקע אַ ציה געטאָן מיט איהרע שולטערן — פאַרוואָס האָסטו ניט אויפגעעפענט די אויגען און איהם געענטפערט מיט צערטליכקייט... אין אַזאַ צייט קען אַ פרוי אַלעם פועל׳ן ביי איהר מאַן. דו זעהסט ווי זיין האַרץ צוגעהט פון ליעבע און צערט־ליכקייט צו דיר און דו מאַכסט זיך גאָר שלאָפענדיג.

— ווען ער וואָלט מיר אַ קוש געטאָן וואָלט איך זיך געמאַכט ווי איך כאַפּ זיך אויף... אָבער ער איז אַזוי געשטאַנען איבערגעבויגען און זיך ניט געריהרט פון אָרט... און ווען איך בין שוין מיער געוואָרען ליגענדיג אַזוי אויף דער זייט און איך האָב זיך געגעבען אַ ריהר איז ער באַלד פאַרשוואונ־דען געוואָרען.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגען, מיין טאָכטער, דו ביזט אויך געוואָרען אַ גרויסע עקשנ׳טע. אַט האָסטו געהאַט אַ געלעגענהייט זיך מיט איהם איי־בערצובעטען... ביזטו גאָר פאַרביסען אַזוי ווי ער. מילא ער איז באַרעכטיגט צו אַביסעל איינגעשפּאַרטקייט. פאַרט דער ווילנער באַלעבעסעל, וועלכער איז אַזוי באַריהמט און באַליבט ביי יעדען איינעם... אָבער דו, ניין, חנה׳לע, איך האָב ערוואַרטעט אַז דו זאָלסט האָבען מעהר שכל.

— איך ווייס אַליין ניט מאַמע, וואו איך האָב גענומען כח דאָס אַרי־בערצוטראָגען. איך האָב זיך באַהערשט און איינגעהאַלטען מיט די לעצטע כחות, איך האָב זיך געוואָלט אַ הויב טהאָן און איהם אַרומנעמען און קושען און דריקען איהם צו זיך, אָבער איך האָב עס ניט געטאָן... מסתמא האָב איך נאָך אַלץ געוואַרט אַז ער זאָל אָנפאַנגען.

— איך האָף אַז ווען עס וועט פּאַסירען נאָך אַמאָל וועסטו שוין ניט זיין אַזוי פאַר׳עקשנ׳ט — האָט ריינקע געזאָגט.

אַז דער זייגער האָט שוין געשלאָגען עלף און יואל דוד איז נאָך אַלץ ניט געקומען, האָט שוין חנה ניט געקענט איינרוהען.

— וואָס קען עס זיין ? ער איז נאָך קיין מאָל ניט געקומען אַזוי שפּעט פון דאַוונען. איך וועל זיך אַריבערכאַפּען אין בית המדרש.

— ניין, ניט דו. דער טאַטע וועט געהן — האָט ריינקע געזאָגט.

— אַט געה איך טאַקע ! — האָט ר׳ מרדכי גענומען זיין מאַנטעל. איך וועל צולויפען צום בית המדרש. דער שמש וועט מיר שוין זאָגען מיט ווען יואל דוד איז אַוועקגעגאַנגען.

— ר׳ מרדכי איז געקומען אין בית המדרש, וואו יואל דוד פלעגט דאַוונען יעדען טאָג. עס איז שוין געוועזן לאַנג נאָכ׳ן דאַוונען. דאָ און דאָרט זיינען געזעסען איינציגע אידען אין טלית און תפילין איבער גמרות און משניות׳ן, אַנדערע אידען האָבען געזאָגט תהלים.

— מיין איידעם האָט דאָך געדאַוונט דאָ, האַ ? — האָט ר׳ מרדכי גע־פרעגט דעם שמש.

— יע, ער האָט געדאַוונט דאָ מיט'ן צווייטען מנין... מיר האָבען איהם אפילו אויפגערופען צו דער תורה.

— נו, און נאָכ'ן דאַוונען?

— נאָכ'ן דאַוונען... וואָס הייסט נאָכ'ן דאַוונען?

— איך מיין, האָט ער גערעדט מיט בעלי בתים, מיט די גבאים!

— גערעדט, מסתמא. נאָכ'ן דאַוונען מעג מען זיך דאָך אביסעל דורכ־שמועסען... פאַרוואָס זאָל מען ניט ריידען.

א ווײַלע איז ער געבליבען שטעהן אין דרויסען און ביי זיך ניט געקאָנט באשליסען וואָס צו טאָן. זאָל ער זיך אריינכאַפּען צו ר' שמעונ'ען אין הויז... טאָמער איז ער טאַקע דאָרט, וועט עפּעס ניט פּאַסען... וואָס הייסט ער לויפט איהם נאָך פּונקט ווי ער וואָלט נאָך געווען א קליין אינגעל... און ווידער פאַרקערט, טאָמער איז ער דאָרט ניטאָ, וואָס פאַר א פּנים וועט עס האָבען ווען ער וועט איהם געהן דאָרט זוכען. פאַרוואָס זאָל ר' שמעון וויסען... אז ער איז נאָך ניט געקומען אהיים.

— עס קאָן זיין, אז יואל דוד איז שוין איצט גאָר דאָ אין שטוב — האָט ער זיך געטראַכט, ער וועט זיך דעריבער אומקעהרען אהיים.

ער האָט פאַרשנעלערט זיינע טריט און איז אריינגעקומען אין שטוב, און באלד האָט ער דאָרט דערזעהן אן איבערקעהרעניש: ריינקע איז גע־שטאַנען איבער חנה'לען און איהר געמינטערט מיט קאַלטע וואַסער. די דינסט האָט געהאַלטען א נאַסען האַנטוך און צוגעלייגט צו חנה'לעס שטערען.

— וואָס איז געשעהן? — איז ר' מרדכי צוגעלאָפּען צו דער בעט אויף וועלכער חנה'לע איז געלעגען.

— אוי, פרעג שוין גאָרניט, מרדכי, פרעג שוין גאָרניט! — האָט ריינקע געבראָכען מיט די הענט — אזא אומגליק, אזא אומגליק!

— זאָג מיר, וואָס האָט פּאַסירט? — האָט ר' מרדכי מיט שרעק אויסגערופען.

— ער איז דאָך אוועקגעפאָהרען קיין וואַרשע!

— אוועקגעפאָהרען??!

— יע, אוועקגעפאָהרען אָהן א זיי געזונט... ער האָט זיך מיט קיינעם ניט געזעגענט, וועה איז מיר, וועה איז מיר! מיין אָרימע חנה'לע, אוי א בראָך צו מיר! וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען?

—פון וואַנען ווייסטו, אז ער איז אוועקגעפאָהרען קיין וואַרשע?

— אָט נאַ, גיב א קוק, לייען דורך דעם בריעף... ער האָט איהר איבער־געלאָזען די צוויי הונדערט אָפּגעשפּאָרטע רובעל און א בריעף... ווי דאָס האַרץ האָט איהר נעבאך געזאָגט... דו ווייסט דאָך, זי איז ארומגעגאַנגען א צע־טראָגענע, באַזאָרגטע... זי האָט נאָך אַלץ געוואַרט אויף זיין קומען. זי האָט ניט געוואָלט עסען קיין פריהשטיק אָהן איהם... האָט זי זיך גענומען אויפ־ראַמען איהר צימער און פאַרבעטען די בעטען... זי האָט גענומען אראָפּציהען דאָס ציכעל פון זיין קישען, זי טהוט א קוק — א פאַרמאַכטער קאָנווערט. זי האָט איהם שנעל אויפגעעפענט און באלד א געשריי געטהאָן: מאַמע!

לויף איך שוין אריין אין איהר צימער. איך זעה, זי האלט דעם בריעף מיט די געלט אין איהרע הענט... איהר פנים איז טויט־בלאס... א קאלטער שוויים באדעקט איהר קערפער... און מיט א שוואכע שטימע רופט זי אוים: "וואסער"... און איידער איך האב באוויזען זיך א קעהר צו טהאן, האט זי גענומען אומפאלען... איך האב גלייך געשריען נאך דער דינסט... מיר האבען זי ביידע געלייגט אויפ'ן בעט און מיר האלטען נאר איהר אין איין מינטערען... אוי, אוי, וואס פאר אן אומגליק!

ר' מרדכי האט זיך אריבערגעבויגען, חנה'לע האט געעפענט איהרע אויגען און זי האט ניט אויפגעהערט צו קרעכצען...

— חנה'לע, טאכטער מיינע, קרוין מיינע! — האט ריינקע איהר געוווישט דעם שוויים פון שטערען — קרעפטיג זיך, דו טארסט זיך ניט אפלאזען... דו זויגסט דאך... דו האסט דאך געוואוסט, אז ער פאהרט אוועק... די גאנצע זאך איז, וואס ער איז אוועקגעפאהרען אזוי פלוצלונג, ניט גוזעגענענדיג זיך...

ר' מרדכי האט גענומען לייענען דעם בריעף... אויך איהם האבען זיך טרעהרען געשטעלט אין די אויגען... ער האט דעם בריעף ארייגעלייגט אין קעשענע און זיך אויף גענומען מטפל זיין מיט חנה'לען. באלד האט זיך געהערט דאס געוויין פון קינד.

— דו האסט נאך היינט אין מויל ניט געהאט! — האט ריינקע זיך אנגערופען — אויפ'ן ניכטערען הארצען אזא אומגליק!...

— אז זי וואלט געגעסען, וואלט זי ניט גע'חלש'ט! — האט ר' מרדכי געזאגט — ברייננ איהר א טעלער גרויפען — האט ער זיך געווענדעט צו דער דינסט.

ריינקע האט ארויסגענומען דאס קינד און איז מיט איהר געגאנגען איבער'ן צימער און זי ווי עס איז איינגעשטילט.

— חנה'לע האט זיך אויפגעזעצט.

— נעהם עפעס אין מויל! — האט ר' מרדכי געזאגט

— איך וועל געהן צום טיש — האט זי געזאגט און זיך אויפגעשטעלט

ר' מרדכי האט איהר אונטערגעשטיצט זי זאל ניט אנידערפאלען און זי צוגעפיהרט צום טיש.

ריינקע האט זיך אויך אוועקגעזעצט מיט איהר אייניקעל.

— זי איז נעבאך הונגעריג. אבער דו האסט דאך גארניט וואס צו געבען איהר זויגען... האסטו געהערט אין דיין לעבען? געהט ארום ביז האלבען טאג אהן פריהשטיק. פון וואנען וועסטו נעהמען צו זויגען דיין קינד... אט וועל איהר געבען אביסעל באטשקע מיט זיסע וואסער...

— מאמע, דו האסט נאך אויך ניט געגעסען — האט חנה'לע מיט א שוואכע שטימע געזאגט.

— וועגען מיר דארפסטו ניט זארגען, טאכטער, איך דארף דאך ניט זויגען קיין עופה'לע... עס, חנה'לע!

חנה האָט זיך אנידערגעזעצט און גענומען עסען. אָבער זי האָט ניט גע־קענט אראָפּשלינגען. זי האָט זיך ערשט פאַנאַנדערגעוויינט.

— אָ, מיין ליבער יואל דוד, מיין טייערער מאַן... עס איז אין גאַנצען מיין שולד. איך האָב געשפּילט א ברוגז מיט איהם דאריבער איז ער אזוי אוועק...

— איך האָב דיר אָבער געזאָגט, מיין טאָכטער, אז דו טהוסט ניט ריכ־טיג! — האָט די מאַמע צו איהר זיך אָנגערופען.

— נו, האָסטו איהר געזאָגט. עס איז דאָך פאַרפאַלען. פאַרוואָס דארפסטו איהר שיטען זאַלץ אויף די וואונדען?... ער בעט דאָך אין זיין בריוו צו דיר דו זאָלסט איהם מוחל זיין... טאַ עס און קרעפטיג זיך. מיר דארפען שוין זיין צוגעוואוינט צו דעם געדאנק. און גלויב מיר אז ער וועט דאָרט קוים אויסזיין דעם יאָהר. ער וועט אזוי בענקען אז ער וועט זיך אומ־קעהרען פאר דער צייט און איהם וועט זיך שוין מעהר קיין מאָל ניט געלוס־טען צו פאָהרען צוריק קיין ווארשע.

שפּעטער א ווײַלע, אז זיי זיינען שוין ווי עס איז געקומען צו זיך פון דער שאקירונג און חנה'לע איז געווען אין איהר צימער מיט'ן קינד, האָט ריינקע געבעטען איהר מאַן ער זאָל פאר איהר איבערלייענען דעם בריוו.

— דו ווייסט דאָך אז מיר איז שווער צו לייענען געשריבענע. איך האָב עפּעס געלייענט אָבער ניט אַלעס.

ר' מרדכי האָט גענומען איבערלייענען דעם בריוו. ער האָט געלייענט און ריינקע האָט פאַרגאָסען ביטערע טרעהרען. און ווען ער האָט געענדיגט לייענען האָט ר' מרדכי א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— אוי, וואָס פאר א דימענטענע הארץ ער האָט — האָט זי געווישט איהרע אויגען און גענומען שנייצען דעם נאָז — ער בעט זיך נעבעך ביי איהר זי זאָל איהם מוחל זיין וואָס ער געזעגענט זיך מיט איהר שריפטליך און ניט מיט'ן מויל, ווייל זי איז ברוגז אויף איהם... און ווי הארץ רייסענד עס איז דער אופן ווי ער שרייבט זיך אונטער: "דיין געטרייער און איבער־געבענער מאַן וועלכער האָט דיך ליעב מיט זיין לייב און לעבען"... איך גלויב אז חנה'לע האָט נאָך אליין דעם גאַנצען בריוו ניט געלייענט... זי האָט בלויז דורכגעלייענט די ערשטע שורות און זי האָט שוין אָנגעפאנגען צו חלש'ן. מען וועט איהר דארפען הייסען איבערלייענען אין גאַנצען.

— זאָל זי פריהער אביסעל קומען צו זיך — האָט ר' מרדכי געזאָגט — איצט דארף מען איהר דעם בריוו נאָך אמאָל ניט ווייזען.

— איך מוז דיר זאָגען, מרדכי, אז איך קאָן ניט פארשטעהן וואָס עס איז געוואָרען מיט חנה'לען. זי איז דאָך אזא קלוגע. זי האָט די גאַנצע צייט געוואוסט ווי זיך צו באַגעהן מיט איהם. זי האָט פארשטאַנען אַלע זיינע קאפּריזען און צום סוף פאָהרט ער אוועק פון איהר אָהן א זיי געזונט...

— גלויב מיר אז איך האָב זיך קיין מאָל ניט גערעכנט אויף יואל דוד'ן ער זאָל אָפּטאָן אזא זאך — האָט ר' מרדכי געפינגערט זיין באָרד.

— עס וואָלט שוין געווען א סך בעסער, ווען מיר גיבען איהם אונזער צושטימונג. א סוף אן עק. אויב ער מוז פאָהרען, טאָ זאָל זיין מיט גליק.

— נו, האָט דאָך חנה'לע זאָל געזונט זיין טאַקע פון אָנפאַנג אזוי געהאַנדעלט. זי האָט צוגעשטימט, אָבער דו ביזט געקומען און איהר גענומען אָנריידען.

— איך? ! דו הערסט, ער וואַרפט שוין די שולד איינגאַנצען אויף מיר! דאַכט זיך דו האָסט מיט חנה'לען אייגגע'טענה'ט זי זאָל ניט אויפהערען איינצו'טענה'ן מיט איהם... זי זאָל איהם ניט נאָכגעבען. זי זאָל...

— איך, דו... וואָס איז דער אונטערשייד. עס איז דאָך שוין א פאַרפאַלענע זאַך. מיר וועלען דאָך איהם שוין צוריק פון וועג ניט ברייגגען. איצט דאַרפען מיר זעהן צו טרייסטען חנה'לען. מיר וועלען דאַרפען מאַכען די גאַנצע זאַך צו קלייניגעלד... דו פאַרשטעהסט. איך וועל איהר ערקלעהרען אַז דאָס וואָס יואל דוד דריקט אוים זיינע געפיהלען צו איהר אויף'ן פּאַפּיר, איז עס מעהר ווערט ווי צעהן מאָל געזעגענען זיך. זי טאָר זיך ניט אָפּלאָזען. זי דאַרף איצט זאָרגען פאַר זיך און קינד און אם ירצא השם עס וועט ניט פאַראיבער דאָס יאָהר און ער וועט זיך אומקעהרען. און לאָמיר דיר זאָגען ריינקע, אַז ווילנע וועט איהם אויפנעהמען מיט אָפענע אָרעמס... א קלייניגקייט. אַלע וועלען דאָך אזוי בענקען נאָך איהם... מיין הארץ זאָגט מיר אַז די קומענדע ימים נוראים וועט ער ניט דאַווגען אין וואַרשע נאָר אין ווילנע.

— אָבער דערווייל... וואָס וועט דערווייל זיין ? ... אָרעמע חנה'לע! גאָט ווייסט, וואָס פון איהר וועט ווערען... עפּעס א קלייניגקייט. זי האָט דאָך איהם אזוי ליעב. וויפיעל זי האָט זיך אָנגעליטען די לעצטע עטליכע וואָכען... און דאָס איז נאָך גאָר א פאַרביזסען...

ריינקע האָט גענומען יואל דוד'ס בריוו און איז אריין אין חנה'ס צימער. זי האָט איהר געפונען ליגענדיג אין בעט און וויינענדיג.

— איך בעט דיך חנה'לע, באַרוהיג זיך! האָט ריינקע זיך צו איהר אָנגערופען. דו האָסט דאָך אפילו אין גאַנצען ניט דורכגעלייענט זיין בריוו, וואָס ער שרייבט דיר. אזא יאָהר אויף מיר וואָס פאַר א שעהנער בריוו דאָס איז... עס איז דאָך ניט געווען זיין שולד... ער האָט געוואָלט נעבעך זיך געזעגענען ווי ער האָט עס געטאָן לעצטען מאָל. ער איז צוגעקומען צו דיר. אָבער דו ביזט געווען אזוי פאַר'עקשנ'ט. דו האָסט ניט געוואָלט רידען צו איהם, האָט ער דאָך קיין אנדער ברירה ניט געהאַט. אדרבה, נאַ, לייען דורך זיין בריוו נאָך אמאָל וועסטו זיך איבערצייגען ווי שטאַרק ער האָט דיך ליעב און אז אָהן דיר וועט ער לאַנג דאָרט ניט פאַרבלייבען. פאָלג מיר טאָכטער מיינע, לייען דורך דעם בריעף נאָך אמאָל.

— חנה'לע האָט גענומען איבערלייענען דעם בריוו און זי האָט זיך נאָך מעהר צוכליפּעט.

— מיין טייערינקער יואל דוד! אַ, פאַרוואָס האָב איך אזוי געהאַנדעלט געגען דיר. ער איז דאָך אזא ליעבער, אזא זיסער... אוי, מיר זאָל זיין

פאר זיין מינדסטען נאגעל... ער איז נעבעך אוועקגעפאהרען און גאר ניט מיטגענומען מיט זיך... אוי וועה איז מיר!...

— זאל עס זיין אז ער האט גאר ניט מיטגענומען מיט זיך? — האט ריינקע געפרעגט. אבער חנה'לע האט נאך אלץ ניט אויפגעהערט צו וויינען.

באלד איז אריינגעקומען ר' מרדכי און ער האט אויסגערופען:

— נו, זאל זיין געזונט. עס איז ערב שבת און דעם שבת טאר מען ניט פארשטערען. דאס יאהר וועט שנעל אוועקפליהען און ער וועט זיך אומקעהרען צוריק.

— א, פארוואס האב איך איהם אזוי שלעכט באהאנדעלט? — האט חנה'לע טרויעריג צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ. ער איז דאך צו מיר געווען אזוי גוט, אזוי ליבליך. איך האב קיינמאל פון איהם קיין העכערען ווארט ניט געהערט... פארוואס האט איהם געקומט אזא שלעכטע באהאנדלונג? אוי, וועה איז מיר, ווי גרויס איז מיין בראך...

— וואס זיינען דאס פאר א דבורים, טאכטער, דו באקלאגסט איהם ווי ער וואלט געווען חלילה טויט... פע, עס איז ניט שעהן!

— א, מאמע, גאט ווייסט אויב איך וועל איהם שוין אמאל זעהן. — האט חנה געבראכען מיט איהרע הענט... מיין הארץ איז מיר אזוי שווער. עפעס האב איך א געפיהל אז ער איז פון מיר אויף אייביג אוועק.

— בייס זיך אפ א האלבען צונג, דו נאר איינע, דו בהמה! — האט זיך די מאמע אויף איהר אנגעבייזערט. — ווי וואגסטו גאר ארויסצוברייינגען אזעלכע רייד אויף דיינע ליפען... זאלען מיר אלע אזוי שנעל אויפגעריכט ווערען, ווי שנעל איהר וועט זיך זעהן. ער וועט ניט אויסהאלטען דעם יאהר, ער וועט קומען פאר דער צייט. ניט אזוי מרדכי?

— געוויס! — האט ר' מרדכי צוגעגעבען. — ער וועט אזוי בענקען אז ער וועט קומען אהער אין מיטען זומער. סיידען דו וועסט ארויספאהרען צו איהם.

— איך, פאהרען צו איהם! קיינמאל נישט! — האט חנה אויסגערופען.

— דאס טארסטו אויך ניט זאגען! — האט ריינקע זיך אבגערופען. — איך דארף דאך דיר ניט דערצעהלען חנה'לע ווי מיר וואלטען ניט געוואלט דו זאלסט אוועקפאהרען פון ווילנע מיט דיין קינד, אבער אויב דיין מאן וועט עס פון דיר פארלאנגען, וועסטו דארפען פאהרען. א פרוי דארף טהאן איהר מאנ'ס פארלאנג, בפרט נאך אזא מאן ווי יואל דוד.

באלד זיינען אנגעקומען איין שטוב, לאה'לע, זייער איינגערע טאכטער מיט איהר מאן לייב.

— וואס איז געשעהן! — האט לאה'לע אויסגערופען. — איז דאס אמת וואס איך האב נאר וואס געהערט אין יאטקע?

— וואס האסטו געהערט?

— אז יואל דוד איז אוועקגעפאהרען קיין ווארשע.

— יע, מיין טאכטער. — האט ריינקע געענטפערט אין דער שטיל. —

עס איז איינגאנצען דיין שוועסטער׳ס שולד. זי האָט זיך אויף איהם געגומען ברוגז׳ן, ער האָט צו איהר געוואָלט ריידען, אָבער זי האָט זיך געמאכט ניט הערענדיג און ניט זעהענדיג... וואָס דארפסטו מעהר, היינט איז דער פריה איז ער צוגעקומען צו איהר בעט. ער איז געשטאנען נעבען איהר א היבשע ווייל׳ע, אָבער וואָס האָט חנה׳לע געטאָן? זי האָט זיך געמאכט שלאָפענדיג... נו, וואָס איז דא וואָס צו ריידען... האָסטו זיך ווען עס איז געקאָנט פאָר־שטעלען אז דיין שוועסטער זאָל זיין אזא עקשנ׳טע?

יאכע איז אריינגעקומען אין צימער און גענומען ברעכען מיט איהרע הענט.

— אוי, מיין טייערער יואל דוד, פארוואָס קומט עס אונז! פארוואָס האָסטו געטאָן אזא זאך... מיר זאָל זיין פאר דיינע ביינדעלער.

— יאכע, וואָס יאָמערט איהר אזוי! — האָט ריינקע זיך אָנגערופען. — ער לעבט דאָך און איז געזונט!

— אָבער ער איז דאָך אוועקגעפאָהרען אָהן א זיי געזונט. ער האָט זיך מיט קיינעם ניט געזעגענט...

— אפשר איז עס געווען בעסער אזוי. — האָט ריינקע געזאָגט. — דאָס געזעגענען זיך קאָסט דאָך אזוי פיעל געזונט...

— א בראָך צו מיינע יאָהרען. — האָט יאכע געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. — מיין ליעבער פלימעניק איז אוועקגעפאָהרען אזוי ווייט און איך האָב זיך אפילו מיט איהם ניט געזעגענט. וואָס הער איך אז ער האָט איבערגעלאָזען חנה׳לען צוויי הונדערט רובעל.

— אָ, ציפּע האָט אייך שוין איבערגעגעבען די פּאָטשט. — האָט ריינקע געזאָגט.

— וואָס שרעקט איהר זיך? ווער עס פארגינט איהר ניט זאָל אליין ניט האָבען, זאָל זי עס נוצען געזונטערהייט. אָבער איך האָב אזוי שטארק געוואָלט זיך מיט איהם דורכריידען איידער ער פאָהרט אוועק... וואו איז חנה׳לע? איך וואָלט געוואָלט זיך מיט איהר דורכריידען. אזא אומגליק! אזא אומגליק!

— פאָלגט מיר יאכע, געהט איצט אהיים, חנה׳לע האָט שוין גענוג היינט... זאָל זי זיך פריהער בארוהיגען, מיר וועלען צייט האָבען צו ריידען אין איינינע טעג ארום.

— וואָס טרייבט איהר זיך, וואָס? — האָט זיך שוין יאכע באליי־דיגט. — וואָס הייסט, איך בין דען א פרעמדע? האָט ער זיך דען ניט אויפ־געהאָדעוועט אויף מיינע הענט? האָב איך דען ניט פארדינט אז ער זאָל פון מיר אויך טראכטען. וואָס איז עס מיין שולד אז חנה׳לע איז אויף איהם גע־ווען ברוגז און ער האָט געמוזט אוועקגעהן אפילו זיך ניט געזעגענען מיט זיין אייגענער מומען, זיין פלייש און בלוט, און איצט טרייבט איהר מיר פון הויז.

— קיינער טרייבט אייך ניט. אלעס וואָס איך זאָג אייך אז עס וואָלט געווען בעסער ווען איהר לאָזט חנה׳לען צורוה איצט... זי האָט שוין געהאָט

גענוג. מיר וועלען נאָך צייט האָבען צו ריידען מיט איהר וועגען אַלעם אָבער ניט היינט אויף דער הייסער מינוט. איהר פאַרשטעהט.

— איך פאַרשטעה שוין גאַר גוט. איך בין אייך אַלע מאָל געווען גרויס אין די אויגען. איהר האַלט מיר אין אייער קאַלטער נאַסער דירה, מיינט איהר אז איהר האַלט מיר אויף ביים לעבען... ווען יואל דוד איז געווען דאָ, פלעגט ער מיר געבען יעדע וואָך א רובעל אויף צו לעבען, און איצט וואָס וועל איך טהאָן ?

— איהר וועט פון הונגער ניט שטאַרבען ! — האָט ריינקע געזאָגט. — חנה'לע וועט אייך געבען דעם זעלבען רובעל א וואָך... איהר קאָנט דאָך חנה'לען, זי וועט אייך ניט פאַרלאָזען.

— אוי, זאָל איהר גאָט געבען געזונט. — האָט יאַכע אויסגערופען. — אייער חנה'לע איז דאָך א מלאך. ניט קיין מענש. זי איז דאָך א מענש אָהן א גאַל... א דימענטענע הארץ האָט זי. דעם לעצטען ביסען פון מויל וועט זי יענעם אוועקגעבען... זאָל גאָט געבען אז זי זאָל זיך אויסלעבען איהרע יאָהרען מיט איהר מאַן און קינד... זאָל עס מיר אָנקומען א העלפט וואָס איך ווינש איהר.

— פאַר וואָס זאָלט איהר ווינשען שלעכטעס ! — זי האָט אייך קיינמאָל קיין שלעכטעס ניט געטהאָן... האָט זי אייך דען פאַרגעסען אויף יום טוב און ווען זי האָט פאַר זיך גענייט א קלייד, האָט זי דען אויך פאַר אייך עפּעס ניט אויפגענייט.

— וואָס רעדט איהר, ריינקע לעבען, קרוין, זי איז ביי מיר איינגעבאַקען אין הארצען. ווי זי וואָלט געווען מיין אייגענע טאָכטער... דערפאַר וויל איך זיך זעהן מיט איהר און איהר טרייסטען.

— איצט איז ניט די צייט צו טרייסטען. זי דאַרף האָבען רוה א פּאָר טעג. זי וועט קומען צו זיך, דאַן וועלען מיר מיט איהר קאָנען ריידען. איהר זעהט דאָך אז לאה'לע, איהר אייגענע שוועסטער, איז צו איהר איצט ניט צוגעגאַנגען.

— אָבער איהר האָט לאה'לען ניט געהייסען געהן אהיים ! — האָט יאַכע זיך נאָך אַליין געפיהלט באַליידיגט.

— לאה'לע האָט פאַרשטאַנען אז איצט איז ניט די צייט צו ריידען מיט איהר. זי איז געקומען צו מיר. אָבער איהר האָט שוין געוואָלט אריינגעהן צו חנה'לען און זיך מיט איהר דורכריידען. איהר האָט געוואָלט איהר מיטהעלפען וויינען און קלאָגען. נו, האָב איך אייך געזאָגט אז איצט איז בעסער אז איהר זאָלט געהן אהיים און זי צורוה לאָזען. טאָ וואָס האָב איך דאָ אזוינס געזאָגט וואָס איהר האָט זיך באַליידיגט. איהר ווייסט גאַנץ גוט, אז ביי אונז זייט איהר אַלעמאָל ווילקאָמען אין שטוב...

— יע, עס רעדט זיך אזוי ! — האָט יאַכע זיך ווייטער גענומען באַקלאָגען — איהר האָט אפילו אָפּגעפרעמדט יואל דוד'ן פון מיר. אמאָל פלעגט ער מיט מיר ריידען. ער פלעגט מיך פרעגען, וואָס איך מאַך, וואָס איך טהו, לעצטענס אָבער האָט ער דאָך מיט מיר קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

איך פלעג צו איהם קומען יעדען דאָנערשטאג, פלעגט ער ארויסנעהמען א רובעל און מיר געבען און אפילו קיין וואָרט ניט גערעדט.

— גלויבט מיר יאַכע, אז קיינער האָט צו איהם קיין שלעכטען וואָרט וועגען אייך ניט גערעדט. אויב ער פלעגט צו אייך ניט רעדען קיין סך איז עס געווען אייער אייגענע שולד, ווייל אז ער פלעגט אייך ענטפערען, פלעגט איהר איהם שוין ניט אָפּלאָזען. איהר פלעגט איהם אָנקלאפּען א מח מיט אייערע נארישע פּלוידערייען. איהר פלעגט צו איהם ריידען אָהן אן אויפהער, ביז ער פלעגט פארנודיעט ווערען. נו, האָט ער איין מאָל פאר אלע מאָל, באַ־שלאָסען זיך ניט אריינצולאָזען מיט אייך אין א געשפּרעך. ער פלעגט אייך געבען דעם רובעל און פארטיג. און אויב איהר ווילט יע וויסען, וועל איך אייך עפּעס זאָגען. דוקא מיין חנה'לע האָט איהם אויסגערעדט וועגען דעם און ער האָט עס איהר אָנגעגעבען די אורזאכע. איצט זעהט איהר שוין ווער עס האָט איהם אָפּגעפרעמדט פון אייך... גלאט איהר פּלוידערט און איהר אַליין ווייסט ניט וואָס.

— אז גאָט האָט מיך געשטראָפט און איך בין אן אָרימע מוהמע, באַ־האנדעלט מען מיך אזוי — האָט יאָכע א קרעכץ געטהאָן. ווען איך וואָלט געווען א רייכע מוהמע וואָלט איך שוין געווען קלוג און ניט געפּלוידערט, מען וואָלט מיר אָפּגעגעבען כבוד און ניט געהאלטען פאר א בייזע אָנשיקעניש, אז מען דערזעהט מיך, הערט מען אויף צו רעדען.

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, יאַכע, איהר האָט ליעב צו צעפּוי־קען אַלעם וואָס איהר הערט: אז איהר ווייסט פון עפּעס וואָס מיר האָבען געטאָן און גערעדט, ווייסען אויף מאָרגען גאַנץ ווילנע. פארשטעהט זיך אז ווען מיר ווילען אז עפּעס זאָל בלייבען צווישען זיך, רעדען מיר ניט וועגען דעם אין אייער געגענוואַרט.

— און איהר האָט פיינט צו רעדען? — האָט יאַכע אויסגערופען — וואָס מיינט איהר, מען האָט מיר ניט איבערגעגעבען אז איהר האָט אויף מיר אָנגערעדט אז איך האַלט אייער דירה שמוציג.

— נו, איז דאָס דען ניט קיין אמת! — האָט ריינקע אויסגערופען — איהר האָט ניט וואָס צו טאָן א גאַנצען טאָג, איז אנשטאָט צו זיצען אין הויז און פיהרען בעלי בית'ישקייט געהט איר ארום און טרייבט רכילות, וואָס מיינט איהר, מיר ווייסען ניט! אפילו אויף חנה'לען האָט איהר אָנגערעדט.

— איך האָב אָנגערעדט אויף חנה'לען? — האָט יאָכע אויסגערופען — דאָס זעהט איהר איז שוין א ליגען.

— זאָגט מיר, האָט איהר ניט געזאָגט ברײַנטשע די גענזלערקע, אז חנה'לע איז אַליין שולדיג וואָס איהר ערשטע קינד איז געשטאָרבען.

— אָט די בריינטשע, איך וועל איהר די צונג אויסשניידען! אזא פּאסקודסטווע, האָט איהר געהערט אין אייער לעבען... וואָס האָב איך איהר געזאָגט, וואָס? איך האָב איהר געזאָגט אז בעת חנה'לעס ערשטע קינד איז געווען קראַנק, האָב איך איהר געהייסען געהן צו א טאָקטער, וועלכער וועט איהר געבען אזא גראָז, האָט זי ניט געוואָלט געהן. וואָס האָב איך געטאָן,

ביז איך אליין אוועק צום טאטער און איהם געגעבען צוויי גילדען פון מיין אייגענער קעשענע און ער האט מיר געגעבען קרייטיכער און מיר געזאגט אז איך זאל די קרייטיכער לאזען ווייקען אין זאלץ וואסער פיער און צוואנציג שעה, דערנאך זאל איך דאס לאזען אויסטריקענען און אריינלעגען אין א רויטע פאטשיילקע און עס לאזען צופוסענס פון קראנקען קינד, וועט זי אויף מארגען געזונט ווערען. נו, האב איך אזוי געטאן, איך האב די גראזען און די אנדערע קרייטיכער געהאלטען פיער און צוואנציג שעה אין וואסער און דערנאך האב איך עס געלאזען אויסטריקענען. און איך קום ארויף און הייס חנה׳לען דאס לייגען צופוסענס פון איהר קראנק קינד. נו, האט זי עס געטאן? א נעכטיגער טאג. זי האט עס אפילו ניט אנגערירהרט... נו, און אויף מארגען איז טאקע דאס קינד נעבעך געשטארבען.

— איהר זייט א נארישע אידענע! — האט ריינקע געזאגט — איהר ווייסט גאנץ גוט אז מיר האבען געהאט די גרעסטע דאקטוירים און זיי האבען איהר ניט געקענט העלפען, וועט אן אונוויסענדער טאטער איהר העלפען מיט שמוציגע גראזען... איהר שעהמט זיך גאר ניט צו דערצעהלען פאר אנדערע פרעמדע מענשען ווי נאריש איהר זייט.

— און אז איך האב איהר געהייסען אבשפרעכען אז עין הרע, האט זי מיך געפאלגט? איך זאג אייך נאך אמאל, אז אייער שוועסטער חוה, האט א בייז אויג... זי פלעגט קומען צו אפט און האלטען דאס קינד אויף די הענט... נו, האט זי איהר געוויס אן עין הרע געגעבען.

— פון וואנען ווייסט איהר דאס, אז מיין שוועסטער חוה האט א בייז אויג?

— איך קען שוין דערקענען א בייז אויג... אויסער דעם מוז איך אייך זאגען, אז אייער שוועסטער איז א גרויסע ניט פארגינערקע. ווען זי האט געזעהן ווי גליקליך אייער חנה׳לע איז מיט מיין יואל דוד׳ן, אז איהר פעהלט, אהן עין הרע, קיין זאך ניט, נו, האט זי געברענט מיט קנאה, ווייל איהר טאכטער באשע האט חתונה געהאט פאר א ווייסטען קבצן, פאר א בלעכער, און ער געהט אוים פון הונגער א גאנץ יאהר... בלויז ערב פסח פארדינט ער אביסעל געלד, ווייל דאן וואיסט מען ביי איהם די כלים. נו, פארשטעהט זיך, ווען זי קומט אריין צו אייך אין שטוב און זעהט ווי גליקליך חנה׳לע איז, צינדען זיך אן איהרע אויגען פון קנאה און נאכהער לאזט זי אוים איהר בייז אויג אויף חנה׳לעס קינד... נו, איצט ווייסט איהר שוין אז זי האט איהר קינד אן עין הרע געגעבען?

— איהר זאלט מיר מוחל זיין, יאכע, איהר ווייסט אליין ניט וואס איהר פלוידערט. זאל עס מיר און חנה׳לען אנקומען וואס מיין שוועסטער חוה ווינשט אונז... א קלייניגקייט! זי איז אונז אזוי איבערגעגעבען אז ווען דאס קינד איז קראנק געווארען, איז איהר דאס לעבען ניט איינגעגאנגען. זי האט געפאסט, זי איז געגאנגען אויף קבר אבות... זי פלעגט ניט אפטרעטען פון אונז, פונקט ווי עס וואלט געווען איהר אייגען קינד, קומט איהר און דערצעהלט א מעשה אז זי האט איהר אן עין הרע געגעבען, אז זי האט איהר

ניט פארגונענען איהר גליק... איי, האט איהר יאכע, א לאנגען צונג... איהר האט ליעב צו פלאפלען... איהר לויפט און שמאיעט און איהר ווייסט אליין ניט-אויף וואסער א וועלט איהר זייט. אט לויפט איהר צו א טאטער... דערנאך לויפט איהר אבשפרעכען אן עין הרע...

— הלואי וואלט זי מיר געפאלגט וואלט דאס קינד ניט געשטארבען.

— איהר הערט, איך וויל אז איהר זאלט מעהר אזוי ניט רעדען! — האט ריינקע זיך א בייזער געטאן אויף איהר. וואס מיינט איהר, דער אונ־וויסענדער טאטער איז ביי אייך א גאט! שעהמען מעגט איהר זיך... מילא יוען איהר וואלט מיר געזאגט אז מען זאל געהן צו א צדיק און ער זאל מתפלל זיין, נו, דאס, זעהט איהר, לייגט זיך אויפ'ן שכל. אבער א טאטער, א פראסטער כאמולע... מען דארף שוין טאקע זיין גאר א גרויסע בהמה אום צו גלויבען אין אזעלכע נארישקייטען.

— נו, און אן עין הרע?

— זעהט איהר, אז אן עין הרע האט מען איהר אבגעשפראכען. יואל דוד איז אליין אוועק צום שמש, וועלכער שפרעכט אפ עין הרע'ס און ער האט ארויפגעלעגט די פאטשיילקע אויף איהר קעפעלע. אבער אז עס איז געווען באשערט צו שטארבען העלפט קיין זאך ניט.

— און וואס מיינט איהר אז מיין יואל דוד'ן האט מען ניט געגעבען אן עין הרע? — האט יאכע געווישט איהרע אויגען. עפעס א קלייניגקייט מען גיט איהם שוין דרייסיג רובעל א וואך ער זאל בלייבען אין ווילנע. ער וואלט דאך געווארען אן עושר אין איין יאהר צייט, נו, האבען די פארגינער ניט פארגונענען חנה'לען איהר גליק, און איהר אן עין הרע געגעבען. איצט איז איהר מאז אוועקגעפאהרען אהן א זיי געזונט... און חנה'לע נעבעך האלט אין חלש'ן.

— זי האלט ניט אין איין חלש'ן — האט ריינקע געזאגט — מאלע וואס ציפע די לאנגע צונג האט אייך געזאגט — און איך בעט אייך געהט ניט ארום און דערצעהלט אלעמען אז חנה'לע חלש'ט און מ'קען זי קוים אפ־מינטערען.

—וואס רעדט איהר, ווי קום איך צו דערצעהלען! זאגט מיר אבער, ריינקע, ווי פיהלט זי זיך? אז מען קען ניט אריינקומען צו איהר אויף א ווייל... וואס בין איך דען א פרעמדע?

— איצט רוהט זי. איהר וועט ארויפקומען מארגען.

— נו, מילא! — האט יאכע געזאגט און איז ארויס פון שטוב.

---

אין א ווייל ארום זיינען אנגעקומען איינגע גבאים, צווישען וועמען עס איז אויך געווען ר' שמעון.

ר' מרדכי איז צו זיי ארויסגעקומען און צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— וואס הערען מיר, אייער איידעם איז טאקע אוועקגעפאהרען קיין ווארשע?

— יע, וואס דען, איהר האט געמיינט אז ער סטראשעט נאר — האט ר' מרדכי מיט אומעט אין זיין שטימע אויסגערופען.

— אבער ווי קומט עס אז ער זאל אוועקפאהרען גלאט אזוי זיך. האט א צווייטער גבאי א זאג געטאן.

— וואס הייסט גלאט אזוי זיך?

— איך מיין אז ער האט זיך געקענט געזעגענען מיט די גבאים. נאך אלעמען האבען מיר איהם גאר ניט אזוי שלעכט באהאנדעלט. ער האט ניט געדארפט אוועקפאהרען פון אונז א ברוגז'ער. מיר האבען געקענט מאכען א לחיים און ווינשען איהם א גליקליכע רייזע.

— אבער וואס הער איך, אז ער האט זיך אפילו מיט זיין אייגענער משפחה ניט געזעגענט?

— נו, איהר זעהט דאך מיר זיינען געוועזן דאגעגען. מיר האבען מיט איהם גע'טענה'ט אז ער זאל ניט פאהרען... איז ער נאך אויף אונז צוליב דעם געווארען אנגעשטויסען... האט ער איבערגעלאזען א בריעף צו אונזער טאכטער און איז זיך אוועקגעפאהרען.

— עס וועט שוין אונז ניט פעהלען קיין צרות! — האט איין גבאי געזאגט, דער עולם וועט ווארפען די גאנצע שולד אויף די גבאים, פונקט ווי עס וואלט זיך געווענדט אן אונז.

— מיר קענען ניט זאגען, אז מיר זיינען א היבש ביסעל ניט שולדיג! — האט נאך א גבאי געזאגט — מיר האבען געזעהן אז אנדערש וועט ער ניט פארבלייבען, האבען מיר איהם געדארפט נאכגעבען. אויב עס לוינט זיך פאר ווארשע איהם צו געבען אזא גרויסע שכירות לוינט זיך פאר ווילנע אודאי!

ווען זיי זיינען אלע אוועקגעגאנגען איז ר' מרדכי אריין צו זיין טאכטער אין צימער. ער האט געפונען חנה'לע אין בעט און ריינקע האט איהר געלעגט א קאלטען קאמפרעס צו איהר קאפ.

— נו, וואס, זיי זיינען שוין אוועקגעגאנגען? — האט ריינקע איהם געפרעגט.

— אוועקגעגאנגען! — די גאנצע שטאדט ווייסט שוין.

— מיין ארימער יואל דוד! — האט חנה'לע געקרעכצט, פאר וואס האב איך געבראכט דערצו אז דו זאלסט אוועקפאהרען און אפילו זיך ניט געזעגענען מיט אונז... עס איז מיין שולד.

— גענוג שוין צו ווארפען די שולד אויף זיך. גאט וועט געבען און דו וועסט פון איהם באקומען א בריעף און דו וועסט איהם ענטפערען. און גלויב מיר, אז עס וועט לאנג ניט דויערען און ער וועט קומען צוריק.

— ניין, מאמע, איך גלויב ניט אז ער וועט זיך אומקעהרען צוריק קיין ווילנע, האט חנה'לע געזאגט.

— נו, אז עס וועט זיין נויטיג וועסטו פאהרען קיין ווארשע מיט איהם.

— איך ווייס ניט, מאמע, וואס דאס איז, אבער מיין הארץ זאגט מיר, אז איך וועל איהם שוין מעהר גאר ניט זעהן.

— אַ, דו נאַר, ביים זיך אָפּ א האַלבע צונג? וואָס זיינען דאָס פאַר אַזעלכע רייד?

— איך האָב דורך די לעצטע צעהן יאָהר געהאַט אַזוי פיעל גליק אַז איך שרעק זיך טאַמער וועל־איך מעהר ניט ווערט זיין צו געניסען גליק אויף ווייטער.

— איהר וועט נאָך זיין גליקליך מיט אייער קינד! דיין מאַן איז דאָך ניט אַבי ווער... ער וועט דיר נאָך געבען גליק און איהר ביידע וועלען נאָך האָבען נחת פון אייער טעכטערל. און אפשר וועט גאָט געבען אַז איהר וועט נאָך האָבען אַ זוהן אויך. דאַן וועט אייער שמחה אין גאַנצען פאַרפולט ווערען... קיין געלד וועט אייך דאָך ניט פעהלען און כבוד געווים ניט.

— גאָט ווייסט, גאָט ווייסט! — האָט חנה'לע זיך ווידער פאַנאַנדער־געוויינט — מיין האַרץ שרעקט זיך זעהר.

— דאָס איז ווייל דו האָסט אַ קאָפּ־וועהטאָג און דו ביזט שטאַרק צע־טראָגען און צעקלעמט... עס וועלען פאַראיבער עטליכע טעג וועסטו אַנדערש פיהלען. ער איז דאָך ניט אַוועקגעפאָהרען חלילה צוליעב דעם וואָס... איך וויל דאָס אַפילו ניט ברייננגען אויף מיינע ליפּען.

— יע, האָט ר' מרדכי געזאָגט — וואָס ווינציגער דו וועסט רעדען אַלץ געזינטער וועט עס זיין פאַר דיר.

## קאַפּיטעל 22

כאָטש פאַר די עטליכע טעג וואָס יואל דוד איז געווען אויף דעם וועג קיין וואַרשע, האָט ער ניט אויפגעהערט צו טראַכטען פון זיין חנה'לען און זיין טעכטעריל, ווענען ער האָט פאַרלאָזען און אַפילו זיי ניט געקושט פאַר'ן אַוועקפאָהרען; ער האָט געפיהלט ווי זיין האַרץ נאָגט און דריקט איהם, און גאַנץ אָפט זיינען זיינע אויגען אַנגעפילט געוואָרען מיט טרעהרען, און זיין געוויסען האָט איהם געפּלאָגט, האָט ער אָבער אַלעס פאַרגעסען, אַזוי שנעל ווי ער איז אַנגעקומען קיין וואַרשע. די וואַרעמע אויפנאַמע וואָס ער האָט געקראָגען פון מאַניושקאַ'ן און פון דער גרעפין זאַמאָיסקאַ, וועלכע איז גלייך געקומען צו פאָהרען צו מאַניושקאַ'ן ווען ער האָט איהר געלאָזט וויסען וועגען זיין קומען, דאָס אַלעס האָט איהם אינגאַנצען אַוועקגענומען פון זיין אַלטער סביבה און איהם אריינגעבראַכט אין אַ גאַנץ נייער וועלט.

איין טאָג האָט ער זיך אויסגערוהט פון דער רייזע און אויף מאָרגען איז ער שוין געווען אין טעאַטער פאַר די רעפּעטיציעס. ער איז געקומען אין זיין לאַנגער קאַפּאָטע וואָס ער פלעגט טראָגען אין ווילנע אַלס שטאָדט חזן. ער איז געווען באַוואַקסען. זיינע פאות זיינען געווען לאַנג און געקרייזעלט.

פריהער פון אַלעס האָט סטאַניסלאַוו מאַניושקאַ איהם דערצעהלט דעם אינהאַלט פון דער אָפּערא "האַלקאַ" און וואָס ער וועט דאַרפען שפּילען די הויפּט ראָלע אַלס יאַנטעק, האַלקאַ'ס געליבטער.

"האַלקאַ, די שעהנע דאָרפסמיידעל, איז פאַרליבט אין דעם דאָרפס יונג

יאַנטעק. פֿאַהרט איינמאָל דורך דעם דאָרף דער יונגער רייכער פּריץ יאַנוש און ער דערזעהט די שעהנע דאָרפֿס־מיידעל. ער רופט זי צו זיך. ער זאָגט איהר צו גאָלדענע גליקען, אַז ער וועט מיט איהר חתונה האָבען און ער פֿאַרפֿיהרט זי. יאַנטעק גיסט אויס זיין האַרץ פֿאַר זיין געליבטע. ער בעט זיך ביי איהר. ער וואָרענט איהר אַז זי וועט האָבען אַ ביטערען סוף, ווייל דער רייכער פּריץ האָט זי ניט ליעב, ער איז נאָר אויסען איהר שעהנעם קערפּער און ווען ער וועט זיך אָנזעטיגען מיט איהר וועט ער זי אַוועקוואַרפֿען, אָבער זי ווערט הינגעריסען פֿון די שעהנע פֿאַלירטע רייד פֿון פּריץ און גיט זיך איהם איבער. שפּעטער לאָזט מען איהר וויסען, אַז דער פּריץ פֿייערט זיין חתונה מיט אַ רייכע כלה פֿון זיין גלייכען, און יאַנטעק קומט צו איהר, ער טרייסט איהר און אין דער זעלבער צייט מאַכט ער איהר פֿאָרוואורף פֿאַר וואָס זי האָט זיך צו איהם ניט צוגעהערט, האָט ער איהר דען ניט געוואָרענט אַז זי וועט האָבען אַ ביטערען סוף. "האַלקאַ וויל אָבער ניט גלויבען, אַז דער פּריץ האָט זי ניט ליעב געהאַט אויף אַן אמת. זי איז נאָך אַלץ זיכער אַז ער וועט קומען צו איהר בפֿרט איצט ווען זי שוואַנגערט פֿון איהם, אַלעס וואָס זי דאָרף איז לאָזען איהם וויסען. זי געהט אַוועק צו דעם פּאַלאַץ פֿון פּריץ. דאָרט איז פֿרעהליך, לוסטיג, אין דרויסען הערט זיך מוזיק און געזאַנג און טענץ. זי פֿרעגט דעם היטער פֿון טויער וואָס עס קומט איצט פֿאָר ביים פּריץ אין פּאַלאַץ און יענער דערצעהלט איהר, אַז דער יונגער פּריץ פֿייערט היינט ביינאַכט זיין חתונה, האַלקאַ פֿאַנגט אָן צו זינגען אַ טרויעריג ליעד. זי וויינט און קלאָגט אויף דעם פֿאַרראַט פֿון איהר רייכען געליבטען, אויף דעם וואָס זי איז פֿון איהם פֿאַרפֿיהרט געוואָרען. דאָ באַווייזט זיך יאַנטעק און ער זינגט איהר זיין ליעבעס ליד און אין דער זעלבער צייט ברויזט ער מיט צאָרן אויף דעם רייכען פּריץ, וועלכער האָט פֿאַראומגליקט זיין געליבטע... ער בעט זיך ביי האַלקאַ'ן זי זאָל פֿון דאָרט אַוועקגעהן, זי זאָל פֿאַרגעסען פֿון אַלעס און געהן מיט איהם. ער וועט מיט איהם הייראַטען און זיי וועלען זיין גליקליך.

"האַלקאַ געהט צוריק, אָבער איהר האַרץ טרויערט און וויינט. זי זינגט אַ טרויעריג ליעד ווי אַ רויב פֿויגעל האָט פֿאַרצוקט אַ יונגע צאַרטע טייבעלע. אַזוי זינגענדיג פֿאַרשווינדט זי פֿון יאַנטעק'ן און ער זינגט צו איהר זיין טרויעריג ליעד, אַז זיין האַרץ בלוטעט פֿאַר איהר, אַז דער טרויער נאָגט איהם און ער געהט אויס פֿון ליעבע נאָך איהר... אָבער עס איז שוין צו שפּעט. מען קומט איהם אָנזאָגען אַז האַלקאַ האָט זיך פֿון פֿאַרצווייפֿלונג אַריינגעוואָרפֿען אין טייך און איז דערטרונקען געוואָרען".

— דאָס איז דער אינהאַלט פֿון דער אָפּערא — האָט מאַניושקאַ איהם געזאָגט — דו וועסט דאַרפֿען שפּילען די ראָלע פֿון יאַנטעק דעם דאָרפֿסיונג און די גרעפֿין זאַמאָיסקאַ וועט שפּילען האַלקאַ; וואָס אַנבעלאַנגט די ראָלע פֿון דער גרעפֿין קאָן איך דיר זאָגען, אַז זי שפּילט זי אויסגעצייכענט. מיר האָבען געהאַט גאַנץ אָפֿטע רעפּעטיציעס. איהר שטימע איז אויך זעהר גוט, אָבער מיין גאַנצע האָפֿענונג אויף אַן ערפֿאָלג ווענדט זיך אָן דיר, פֿאָן

סטראַשונסקי, ווייל כאָטש די גרעפין האָט אַ סך פאַרעהרער קאָן מען דאָך אָבער אויף איהר ניט זאָגען אַז זי איז די איינע און איינציגע. אָבער דו — האָט מאַניושקאַ איהם אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע, — דו ביזט איינער און די אַלע וועלכע האָבען דיך געהערט אויפ'ן קאָנצערט גיבען צו אַז אַזאַ שטימע ווי דו באַזיצסט איז נאָך ניטאָ. און דאריבער ערוואַרטען אַלע דיין אויפטריט אין דער אָפּערא מיט דעם גרעסטען אומגעדולד. איך האָף אַז קיינער וועט ניט ענטוישט ווערען.

— איך וועל טהאָן אַלעס וואָס איז נאָר מעגליך, פאַן מאַניושקאַ, — האָט יואל דוד געזאָגט — כאָטש איך אַליין שרעק זיך זעהר שטאַרק... אָבער איך דערמאָן זיך אַז דעם זעלבען געפיהל פון אונזיכערקייט און שרעק האָב איך געהאַט אויך מיט אַ פינף חדשים צוריק איידער איך בין ארויפגעטראָטען ויף דער ביהנע צו געבען מיין קאָנצערט.

— יע, נאָך זאַך וויל איך דיר זאָגען, פאַן סטראַשונסקי, דו וועסט זיך דאַרפען ארומשערען און אָפּראַזירען.

— וואָס, אָפּראַזירען מיין באָרד! — האָט יואל דוד אויסגערופען און צוגעלעגט זיין האַנט צו זיין קליין רונד בערדעל, — ניין, דאָס קאָן איך ניט! איהר געדענקט דאָך, פאַן מאַניושקאַ, אונזער אָפּמאַך אַז איך וועל גאָרניט דאַרפען טאָן וואָס זאָל זיין געגען מיין רעליגיע. און אונזער רעליגיע פאַרבאָט זיך צו גאָלען.

מאַניושקאַ האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופען:

— איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, פאַן סטראַשונסקי; כאָטש אין די פריהערדיגע אויפפיהרונגען פון "האַלקאַ" איז דער דאָרפס־יונג יאַנטעק געווען גלאַט געראַזירט, פונדעסטוועגען גלויב איך אַז דער איצטיגער יאַנטעק וועט קאָנען טראָגען אַ קליין בערדעל און דאָס וועט איהם צוגעבען נאָך מעהר חן. דיינע פאות וועסטו דאַרפען אָפּשערען. איך ווייס אַז דאָס איז ניט קיין גרויסע זינד. איך האָב זיך געטראָפען אין ווינען און אין בערלין מיט פרומע אידען וועלכע זיינען געווען אייראָפּעאיש געקליידעט און אָהן פאות. יע, דו וועסט קאָנען בלייבען דער זעלבער פרומער איך אפילו ווען־דו וועסט טראָגען אַזעלכע קליידער וואָס פאַסען זיך פאַר דיר אין דיין איצטיגען שטאַנד. פאָלג מיך, אויב דו ווילסט האָבען ערפאָלג אין אַלעם דאַרפסטו זעהן עטוואָס ענדערען דיין אויסזעהן. איך האָב געטראַכט וועגען דעם אַז עס איז גאַנץ מעגליך אַז יאַנטעק זאָל האָבען אַ קליין רונד בערדעל בפרט ווען דאָס גיט דיר צו מעהר חשיבות... דו דאַרפסט ניט פאַרגעסען אַז די ליעבהאָבער פון דער אָפּערא זיינען אינגאַנצען אַנדערש פון די וועלכע פלעגען קומען צו דיר אין דער סינאַגאָג צו הערען דיר זינגען... איך בעט דיך, קום מיט מיר און איך וועל דיר קויפען בגדים וואָס דו וועסט קאָנען טראָגען אין גאַס און זיך מיט זיי ניט דאַרפען שעהמען.

אַ היבשע ווײַלע האָט זיך יואל דוד געשלאָגען מיט דער דעה צי זאָל ער עס טהאָן. ער האָט זיך גענומען שרעקען פאַר זיך אַליין... אויב ער זאָל זיך

לאזען אפשערען די פאות, וועט ער דערמיט באגעהן אן עבירה און איין עבירה קאן מיטברייינגען א צווייטע.

— נו, וואס זאגסטו, פאן סטראשונסקי, זאל איך שיקען רופען מיין שערער.

— המ... איך וויים ניט. ניין. איך קאן ניט לאזען אפשערען די פאות איינגאנצען — האט ער ארויסגעשטאמעלט.

— אויב אזוי וועט דער שערער זיי עטוואס ארומשערען. ער וועט זיי ניט אפשערען איינגאנצען. גוט, איך וועל איהם שיקען רופען. ער איז א קינסטלער אין זיין פאך, ער שערט אלע מיינע פריינד.

מאניושקא האט געשיקט רופען זיין פאריקמאכער און ער האט איהם געבעטען ער זאל ארומשערען סטראשונסקי'ס בערדעל.

— איך וויל אז דו זאלסט מאכען דאס בערדעל רונד, אז עס זאל איהם פאסען נאך שעהנער צו זיין פנים, און וואס אנבעלאנגט דאס שערען פון די האר פון קאפ, וועט דיר דער פאן סטראשונסקי אליין זאגען. אין דעם וויל איך זיך ניט מישען.

ווען יואל דוד האט זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל און דער שערער האט איהם שוין איינגעהילט אין א ווייסען לייליך, האט ער איהם אנגעזאגט אז ער זאל די פאות ניט אפשערען איינגאנצען. ער זאל איבערלאזען אם ווייניגסטען א העלפט פון זייער איצטיגער לענג. ער האט אבער ניט באמערקט ווי מאניושקא האט צו איהם א וואונק געטאן אז ער זאל טהאן ווי ער פארשטעהט, כדי ער זאל אויסקוקען מעהר אייראפעאיש.

פריהער האט דער שערער זיך גענומען אויסרונדערען יואל דוד'ס בערדעל און ארומגעשארען זיינע באקען־בערד און ער האט איבערגעלאזען בלויז א קליין רונד בערדעל וואס האט איהם אזוי שעהן געפאסט, אז ווען ער האט איהם געוויזען דעם שפיגעל, האט ער אויסגעדריקט זיין צופרידענהייט.

דערנאך האט זיך דער שערער גענומען צו זיינע האר פון קאפ, ער האט איהם אזוי אפגעשארען אז די פאות האבען זיך אויסגעגלייכט מיט די איבעריגע האר פון קאפ.

ווען ער איז פארטיג געווארען און יואל דוד האט אריינגעקוקט אין שפיגעל האט ער זיך אליין ניט דערקענט... ער האט אויסגעקוקט אזוי אנדערש:...

מאניושקא איז אוועק מיט יואל דוד'ן צו זיין שניידער און ער האט באשטעלט פאר איהם צוויי גארניטורען און א נייעם אויבערמאנטעל. ער האט איהם אויך געקויפט א נייעם קאפעליוש וואס די ארטיסטען פלעגען טראגען.

עס האט געדויערט איינינע טעג ביז וואנען די בגדים זיינען פארטיג געווארען און דערוויל האט מאניושקא מיט איהם איינגעשטודירט די ראלען. ער האט ניט געוואלט מאכען קיין פולע רעפעטיציעס ביז וואנען סטראשונסקי וועט קענען זיינע ראלען אויסגעצייכענט.

קיינע שוועריגקייטען האט מאניושקא מיט איהם ניט געהאט. ער האט

איהם ערקלערט די ראָלע און איהם אנגעוויזען ווי אזוי ער דאַרף שפּילען און ער האָט איהם געשיקט אהיים צו זיין האָטעל ער זאָל זיי גוט איינשטודירען און קענען אויסוועניג ביז מאָרגען. און ערשט דאַן וועט ער איהם איבערגעבען די נאָטען און ער וועט זיי זינגען.

סטראַשונסקי האָט פלייסיג איינגעשטודירט אַלעס וואָס ער האָט געדאַרפט און ווען מאַניושקא האָט איהם אויסגעהערט איז ער ענטציקט געווען.

— דו ווייסט, פּאַן סטראַשונסקי — האָט איהם מאַניושקא קאָמפּלימענטירט — דו קענסט אַלעס אויסגעצייכענט. אפילו דיין אויסשפּראַך און אקצענט איז עכט פּויליש, קיינער וואָלט ניט געגלויבט אַז דו ביזט ניט קיין פּאָלאַק. און וואָס אנבעלאַנגט דיין אויסזעהן, האָב איך ניט גענוג ווערטער דיך צו לויבען. איך קען זיך פאָרשטעלען וואָס די גרעפין וועט זאָגען ווען זי וועט דיך איצט דערזעהן... עס איז דאָך איבעריג פאַר דיר צו זאָגען וואָס פאַר אַן איינדרוק דו האָסט אויף דער גרעפין געמאַכט נאָך דאַן ווען זי האָט דיך צום ערשטען מאָל געהערט זינגען. דו געדענקסט דאָך אַליין אַז זי האָט לכבוד דיר געוואָלט מאַכען א גרויסע פייערונג, אָבער דו האָסט זיך ענטזאָגט צו קומען. פון דעסטוועגען האָט זי ניט איין מאָל אויסגעדריקט איהר מורא, אַז דאָס וואָס דו ביזט אזוי איינגעשפּאַרט און ווילסט ניט ענדערען דיינע אידישע אויפפיהרונגען, קען עס שאַדען צו דער אויפפיהרונג פון דער אָפּערא, ווייל עס וואָלטען זיך געפונען פילע אריסטאָקראַטישע פּאַליאַקען וועלכע וואָלטען זיכער אויסגענוצט דיין ניט עכט פּוילישען הילוך אַלס ציעל ברעט פאַר זייער חוזק און שפּאַס. איצט אָבער קוקסטו אויס אזוי עכט פּויליש אַז עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אַז אפילו מיט דיין אויסזעהן אַליין, וואָלסטו געווען עכט צוגעפּאַסט צו דיין ראָלע... יע, מאָרגען וועלען מיר האָבען א רעפּעטיציע מיט דער גרעפין. אויף נאָכמיטאָג האָב איך די רעפּעטיציע באַשטימט.

מאַניושקא'ס פאַרגעפיהל האָט איהם ניט גענאַרט. ווען די גרעפין זאַמאָיסקא איז געקומען צו דער רעפּעטיציע און דערזעהן סטראַשונסקי'ן ארומגעשאָרען און אין די נייע בגדים, איז זי אזוי ענטציקט געוואָרען אַז זי איז צו איהם צוגעגאַנגען און געדריקט זיין האַנט מיט פיעל וואַרימקייט און באַגייסטערונג.

— אַ, פּאַן סטראַשונסקי, איהר קוקט אויס אזוי וואונדערשעהן און עלעגאַנטיש. איך האָב זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אַז איהר וועט זיך אזוי ענדערען.

יואל דוד'ס פּנים איז רויט געוואָרען. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען איהר. כאָטש ער האָט פאַרשטאַנען אַז ער דאַרף איהר צוריקצאָהרעדען.

— זאָגט מיר, פּאַן סטראַשונסקי, ווי קוק איך אויס אין אייערע אויגען? — האָט זי איהם געפרעגט — האָב איך זיך געענדערט־פאַר די לעצטע עטליכע חדשים.

— אויב איהר האט זיך יע געענדערט, איז עס נאר צום בעסערן, גרעפין, האט ער געענטפערט.

— נו, גענוג שוין צו געבען זיך קאמפלימענטען — האט מאניושקא מיט א צופרידענעם שמייכעל אויסגערופען — עס איז שוין צייט אנצופאנגען די רעפעטיציע. ביז איצט האב איך אייך געהערט באזונדער און איצט וועל איך אייך הערען ביידע צוזאמען.

ער איז צוגעגאנגען צו דער פיאנא און האט גענומען אויסשפילען די אריעס וואס האלקא דארף זינגען. די גרעפין האט געזונגען מיט אזוי פיעל הארץ און געפיהל אז איהר זינגען האט געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף איהם, זיין באגייסטערונג האט גענומען שטייגען און ער האט געזונגען זיין אריע צו זיין גליעבטער האלקא'ן. מיט אזוי פיעל פאטהאס, מיט אזוי פיעל צערטליכקייט, אז ווען ער האט געענדיגט האבען זיך באוויזען טרעהרען אין די אויגען פון דער גרעפין. וואס ווייטער זיינען זייערע טענער געווארען אלץ געשמאקער און מיט אזוי פיעל בענקשאפט און מיט זיסקייט...

עס זיינען פארבליבען בלויז צוויי וואכען צו דער עפענונג פון דעם אפערא סעזאן. אלע בילעטען פאר דער ערשטער פארשטעלונג זיינען געווען אויספארקויפט. מאניושקא'ס פנים האט געלויכטען פון גליק. ער איז געווען זיכער מיט אן ערפאלג די צוויי הויפט שפילער, די גרעפין זאמאיסקא און סטראשונסקי שפילען זייערע ראלען אויסגעצייכענט, נאך בעסער ווי ער האט ערווארטעט. די אנדערע אנטייל-נעמער אין דער אפערא זיינען אויך צופרידענשטעלענד. און דער כאר איז ניט שלעכט. ער האט איצט גענומען מאכען אלגעמיינע רעפעטיציעס מיט דער גאנצער טרופע און מיט'ן גאנצען כאר.

כאטש סטראשונסקי איז שוין געווען אין ווארשע דריי וואכען, האט נאך נאסטאשא, די טאכטער פון קרויזשענסקי'ן איהם ניט געזעהן. זי איז די גאנצע צייט ניט גערופען געווארען צו די רעפעטיציעס און היינט איז דאס ערשטע מאל וואס דער כאר דארף אנטייל נעהמען, און זי איז צוגעפאהרען צו דעם טעאטער מיט איהר פאטער, וועלכער איז געבליבען זיצען אין די לעצטע רייהען פון דעם אפערא הויז, און זי נאסטאשא, איז אוועק הינטער דער ביהנע. נאסטאשא'ס הארץ האט גענומען העפטיג קלאפען. זי האט דעם יונגען פאן סטראשונסקי'ן שוין לאנג ניט געזעהן און כאטש זי האט זיך געשעהמט מודה צו זיין פאר זיך אליין אז זי איז אין איהם פארליעבט, האט זי מיט גרויס אונגעדולד געווארט אויף דער געלעגענהייט איהם צו זעהן אין זיין ראלע אלס יאנטעק. זי איז געווען אנגעטאן אין א ווייסע זיידענע קלייד, ווי די אלע אנדערע מיידלעך פון כאר, און יואל דוד האט זי ניט דערקענט ווען ער איז שוין געשטאנען אויף דער ביהנע.

נאסטאשא האט פון איהם איהרע אויגען ניט געקענט ארונטערנעהמען. ער איז אזוי אנציהענד, אזוי עלעגאנט אז זי איז איינפאך פארכאפט געווארען. ווען אבער זי האט איהם געזעהן שפילען מיט דער גרעפין, וועלכע האט זיך צו איהם אזוי געלאסטשעט און איהם ארויסגעוויזען אזוי פיעל

ליעבע, האָט זיך אין איהר צופלאַקערט די אייפערזוכט, כאָטש זי האָט גע־וואוסט אז דאָס איז א טייל פון זייערע ראָלען. זי האָט געהערט זיין זינגען, זיין וואונדערשעהנע שטימע. און זי האָט געפיהלט א איהר נשמה געהט אוים נאָך איהם... זי האָט זיך דערמאָנט יענעם אבענד ווען ער איז געקומען צו זיי אין הויז און זי האָט פון איהם אָבגעשפּאָט און אָפּגעלאכט. זי האָט אפילו ניט געוואָלט ארויסקומען איהם אָנקוקען... זי האָט זיך געפיהלט שטארק באליידיגט וואָס איהר פאָטער האָט איינגעלאדען א זשידאָק צו זיין אין הויז... און איצט איז זי פארליעבט אין דעם זעלבען זשידאָק... יע, זי איז ניט די איינציגע. זי איז זיכער אז אויך די גרעפין זאמאָיסקא האָט איהם ליעב... כאָטש זי ווייסט אז די גרעפין האָט א געליעבטען, און דאָס איז דער גראף פאסקעוויטש, אָבער זי קען מערקען פון איהר שפּילען אז זי איז ווירק־ליך פארליבט אין איהם, סיידען זי שפּילט איהר ראָלע אזוי רעאליסטיש אז זי מאכט א טעות.

נאָך דער רעפּעטיציע, ווען די מיידלעך פון כאָר זיינען אריין אין זייער גרויסען צימער זיך איבערצוטאָן, האָבען זיי צווישען זיך גערעדט וועגען דעם פּאַן סטראַשונסקי׳ן, וועלכער האָט זיי פאר׳כשוף׳ט מיט זיין וואונ־דערליכען זינגען.

— אזא שטימע האָב איך נאָך ניט געהערט זינט איך לעב! — האָט איין מיידעל אויסגערופען — איך בין זיכער אז ער וועט אפילו די גרעפין פארטונקלען.

— די גרעפין זאמאָיסקא האָט א זעהר שעהנע סאָפּראַנאָ שטימע. אָבער געגען איהם איז איהר שטימע נול — רופט זיך אָן א צווייטע.

— איך האָב געהערט אז ער איז א זשידעק, איז עס אמת? פרעגט נאָך א מיידעל.

— איך גלויב אז ער קומט פון ווילנע, פון דער זעלבער שטאָדט פון וואַנען נאסטאשא קומט. זי מוז איהם קענען.

— א פראַגע צי זי קען איהם! געוויס קען זי איהם... און אויב איך מאַך ניט קיין טעות איז זי אפילו טאקע פארליעבט אין איהם, הא, ניט ריכטיג, נאסטאשא — האָט זיך יענע מיידעל צו איהר געווענדעט.

— איך בעט דיך, לאָז מיך צורוה! — האָט נאסטאשא אויסגערופען — איך בין איצט ניט אין א שטימונג צו ענטפערן דיר אויף אזעלכע פראַגען.

— אָבער דאָס קענסטו דאָך אונז זאָגען, איז ער ווירקליך א זשידעק?

— וואָס איז דער אונטערשיעד וואָס ער איז... מיר זיינען דאָך פאר־אינטערעסירט אין זיין קונסט, אין זיין זינגען. און איך קען אייך זאָגען, אז ווען ניט ער וואָלטען מיר דאָ אלע איצט ניט געווען. דער פּאַן מאניושקא וואָלט היינטיגען יאָהר ניט געעפענט דעם אָפּערא סעזאָן אָהן דעם פּאַן סטראשונסקי.

— ווען איך האָב געהערט אז א זשידאָק וועט שפּילען די הויפּט ראָלע אין האלקא, האָב איך זיך געפיהלט זעהר ניט אנגענעהם — האָט די ערשטע

כאַר מיידעל אויסגערופען — אויב די גרעפין איז ניט דאַגעגען, טאַ פאַר וואָס זשע זאָל איך זיין דאַגעגען.

— די גרעפין איז ניט דאַגעגען זאָגסטו, האָסטו ניט געזעהן ווי ליי־דענשאַפטליך זי האָט זיך צו איהם געטוליעט.

— נו, דאָס האָט זי דאָך בלויז געשפּילט!

— איהר שפּילען איז אָבער געווען צו רעאַליסטיש — האָט נאָך איינע אויסגערופען — איך האָב זיך גוט נאָכגעקוקט. איך האָב געזעהן ווי איהרע אויגען ברענען פון ליידענשאַפט צו איהם. איך האָב געזעהן ווי זי האָט זיך געטוליעט...

— זי שפּילט דאָך די ראָלע פון האַלקאַ, און האַלקאַ איז דאָך געווען שטערבליך פאַרליעבט אין יאַנטעק'ן ביז וואַנען זי איז פאַרפיהרט געוואָרען... נו, דאַרף זי דאָך אַרויסווייזען איהר ליבע צו איהם.

— איך האָב אָבער אַ שאַרף אויג. איך האָב געזעהן ווי זי האָט אויף איהם געקוקט נאָך דער רעפּעטיציע, ווען זי איז צו איהם צוגעגאַנגען און געדריקט זיין האַנט... איך דערקען אמת'ע ליבע ווען איך דערזעה זי!

— עס איז ניט אמת! — האָט שוין נאַסטאַשאַ זיך מעהר ניט געקאָנט באַהערשען — איך וויים אַז די גרעפין זאַמאָיסקאַ האָט אַ געליבטען. איך האָב איהם געזעהן. ער איז דער גראַף פּאָסקעוויץ... זעהר אַ שעהנער און הויך געבילדעטער... ער איז, האָב איך געהערט, אַ גרויסער ספּאָרטסמאַן. ער איז אַ רייטער, אַ יעגער און אַ פעכטער...

— אָבער די גרעפין איז אַ זינגערין, אַ מוזיק ליעבהאָבערין, און ווער נאָך ווי דער פּאַן סטראַשונסקי קאָן איהר אַזוי פאַר'כשופ'ען מיט אַזאַ וואונדערבאַרער שטימע...

— אָבער ער איז דאָך אַ זשידאָק! — האָט אַן אַנדער מיידעל צו־געגעבען.

— ווי עס ווייזט אוים איז דאָס גראָד ניט קיין שטערונג... איך געדענק גאַנץ גוט, אַז ווען מאָניושקאַ האָט צום ערשטען מאָל ערקלערט אַז ער האָט ענטדעקט אַ גרויסען זינגער און ער וועט איהם אַנגאַזשירען פאַר דער אָפּערא האַלקאַ, צו שפּילען די הויפּט ראָל, האָט די גרעפין, ווען זי האָט אויסגעפונען, אַז ער איז אַ זשידאָק, זיך גלייך ענטזאָגט צו שפּילען אין דער זעלבער אָפּערא...

— פון וואַנען ווייסטו עס?

— מיין מוטער איז באַפריינדעט מיט דער מוטער פון דער גרעפינ'ס קאַמער־מיידעל און זי ווייסט אַלעס וואָס קומט פאָר אין איהר פּאַלאַץ.

— נו, און וואָס זאָגט איצט דיין מוטער? — פרעגט זי נאַסטאַשע.

— איהר ווילט עפּעס הערען, מיידלעך, וועל איך אייך דערצעהלען זעהר אַ פיינע זאַך.

די כאַר מיידלעך זיינען צו איהר נעהענטער צוגעגאַנגען און זי אַרומ־גערינגעלט און יענע מיידעל האָט דערצעהלט:

— דאָס איז נאָך געווען אָנהויב זומער. די גרעפין זאַמאָיסקאַ האָט

אונטערהאלטען אייניגע פון איהרע נאהענטע פריינד מיט זינגען און שפי־לען פיאנא. קומט אן דער גראף פאסקעוויץ און זאגט דער גרעפין, אז עפעס א זשידאק שטעהט אין דרויסען און הערט זיך צו צו איהר שפילען און אז ער האט פארקרימט די נאז, און ווען ער, דער גראף פאסקעוויץ, פרעגט איהם פארוואס ער קרימט זיך אזוי, ענטפערט איהם דער זשידאק, אז דארט שפילט מען ניט ריכטיג. נו, האבען אלע באשלאסען צו האבען שפאס מיט'ן זשידאק און מען האט איהם אריינגערופען. מען האט פרובירט טרייבען שפאס מיט איהם און געבעטען ער זאל די זעלבע זאך איבערשפילען, און נאך לאנג בעטען, האט ער עס געטאן. די גרעפין האט דאן צוגעגעבען אז ער האט רעכט, און דאן האט זי איהם געפרעגט אויב ער קאן עס פאר איהר אויס־זינגען... און די קאמער מיידעל האט דערצעהלט איהר מוטער, וועלכע האט עס דערצעהלט צו מיין מוטער, אז ווען ער האט געענדיגט זינגען, איז די גרע־פין צוגעגאנגען צו איהם און איהם א קוש געגעבען.

— א קוש געגעבען א זשידאק! — האט איין מיידעל געשווידערט.

— געוויס איז עס דער זעלבער פאן סטראשונסקי!

— נו, זעלבסטפארשטענדליך. אבער דאן האט זי נאך ניט געוואוסט אז דאס איז ער... און דער גראף פאסקעוויץ האט געברענט פון אייפערזוכט און ווען די גרעפין וואלט איהם ניט אפגעהאלטען וואלט ער אנגעבראכען דעם זשידאק די ביינער אז ער וואלט שוין פארבליבען א קאליקע זיין גאנ־צען לעבען.

— נו, מיידלעך, בין איך ניט גערעכט וואס איך זאג אז די גרעפין איז אין איהם פארליבט?

— ניין, איך גלויב עס ניט! ווען דאס וואלט געווען ריכטיג וואלט דער גראף פאסקעוויץ איהם ארויסגערופען אויף א דועל און קיין לעבעדיגער וואלט ער פון איהם ניט אוועק.

— איך קאן זיך ניט פארשטעלען ווי אזוי א גוטע קריסטין זאל זיך קא־נען פארליבען אין א זשידאק! — האט די ערשטע מיידעל ארויסגערופען — ווען א זשידאק ריהרט מיך אן וואלט איך אוועקגע'חלש'ט פון עקעל און שרעק.

— פונדעסטוועגען ווען אזא זשידאק ווי דער פאן סטראשונסקי ריהרט דיך אן וואלסטו שוין ניט גע'חלש'ט פון עקעל...

אלע מיידלעך האבען זיך פאנאנדערגעלאכט, און יענע מיידעל האט ווייטער גערעדט:

— א זשידאק איז א זשידאק, ווער ער זאל ניט זיין!

— פונדעסטוועגען גלויב איך אז מיר טארען אזוי ניט ריידען וועגען אידען — האט נאסטאשא אויסגערופען — מיר דארפען ניט פארגעסען אז אונזער האר יעזוס איז אויך געווען א איד.

— סוויענטי מאריע! — האבען זיך די מיידלעך געגומען צלמ'ען — ווי אזוי קאנסטו ארויסברייגגען אזעלכע רייד אויף דיינע ליפען... זאל דיר יעזוס מוחל זיין!

— אָבער איך האָב עס געהערט פון גרויסע מענשען. אפילו מיין פּאָטער אליין האָט עס אויך געהערט.

— וואָס האָט ער געהערט?

— אז דער האַר יעזוס שטאַמט פון דעם אידישען פאָלק!

— עס איז א ליגען! עס קאָן ניט זיין! די אידען האָבען דאָך איהם געקרייציגט...

— יע, דאָס איז אמת. און דערפאר ליידען זיי דאָך. זיי זיינען פאר־טריבען פון זייער לאנד און זיי זיינען פּאַרשפּרייט איבער דער וועלט — האָט נאסטאשא געזאָגט — אָבער לייקענען קאָנען מיר ניט אז יעזוס שטאַמט פון אידען. דערפאר, גלויב איך, איז ניט ריכטיג פון אונז צו זאָגען אז עס עקעלט אונז אָפּ פון א אידען.

— נו, וואָס האָב איך אייך געזאָגט? — האָט יענע מיידעל זיך פאַ־נאנדערגעלאכט — נאסטאשא איז ווירקליך פארליבט אין דעם פאַן סטראַ־שונסקי.

— און אפשר וועט זי דארפען ארויסרופען די גרעפין אויף א דועל — האָט נאָך א מיידעל זיך א רייץ געטאָן מיט איהר. זי חלש'ט דאָך אוועק נאָך דעם זשידאָק...

נאסטאשא איז זעהר אויפגערעגט געוואָרען און איז צוגעגאנגען צו יענער מיידעל און איהר ארונטערגעלאָזען א פּאַטש...

עס איז געוואָרען א טומעל און א געשלעג. זיי האָבען זיך געריסען פאר די האָר און געקוויטשעט. אייניגע האָבען געהאָלפען נאסטאשא'ן און אנ־דערע זיינען געווען אויף דער זייט פון יענער מיידעל. עס איז געוואָרען א געשלעג. מען האָט היסטעריש געשריען. קליידער זיינען צעריסען געוואָרען... נאסטאשא'ס קלייד איז אינגאנצען צעריסען געוואָרען. א טייל פון איהר לייב האָט זיך ארויסגעזעהן. איין מיידעל איז ארויסגעלאָפען פון צימער אין קאָרידאָר און געמאכט א גוואַלד.

— וואָס איז געשעהן? — איז מאַניושקא ארויסגעלאָפען פון זיין צימער.

— די מיידלעך האָבען זיך צעקריגט, זיי שלאָגען זיך און מערדערען זיך!

סטראשונסקי און די גרעפין זיינען אויך ארויסגעקומען, און ווען זיי האָבען דערהערט די געשרייען און קוויטשערייען זיינען זיי באלד ארייגעקו־מען מיט מאַניושקא'ן אין דעם גרויסען ברייטען צימער וואו די כאָר מייד־לעך זיינען געווען. פאר זייערע אויגען האָבען זיך ענטפּלעקט ווילדע סצענעס: אייניגע מיידלעך זיינען געלעגען אויף דער ערד און אייניגע אויף זיי. די קליי־דער זיינען געווען צעריסען, די האָר צופּליקט און צעפּאַטעלט, די פּנים'ער צעגראבעלט, די הענט צעביסען...

מיט גרויס שוועריגקייט איז געלונגען מאַניושקא'ן און סטראשונסקי'ן זיי פאַנאנדערצורייסען... אייניגע האָבען זיך ניט געקאָנט ריהרען פון אָרט. מען האָט זיי געמוזט העלפען זיך שטעלען אויף די פיס.

נאסטאשא'ס פּנים איז אזוי צעדראַפּעט געווען אז בלוט האָט זיך באַ־

וויזעז, דער אויבערשטער טייל פוז איהר קלייד איז געווען אינגאנצען צעריסען און איהר ענטבלויזטער אָרעם און יזולטער זיינען געווען צעביסען.

מאניושקא האָט גלייך ארונטערגעכאַפּט פון זיך זיין אויבער ראָק און ער האָט איהם אריבערגעדעקט איבער נאסטאשא'ס פּלייצע.

— וואָס איז געשעהן? אָ, ווי שרעקליך! ווי שווידערליך! — האָט מאניושקא אויסגערופען — ווי קומט עס צו אייך? פארוואָס האָט איהר זיך צעשלאָגען?

די מיידלעך זיינען געשטאנען פארשעהמטע, מיט געבויגענע קעפּ. אייניגע האָבען פארשטעלט די טיילען פון זייערע קערפּערס וואָס האָבען זיך ארויסגעוויזען דורך די צעריסענע קליידער.

— ווי אזוי איז עס געקומען אז איהר האָט זיך צעשלאָגען! — האָט מאניושקא געשטורעמט — ווער איז שולדיג אין דעם! ווי אזוי האָט זיך עס אָנגעפאנגען?

די מיידלעך האָבען געשוויגען. אלע האָבען זיך געפיהלט פארשעהמט, קיינער האָט ניט געוואָלט אָנווייזען ווער עס איז געווען שולדיג אין דעם. ערשטענס האָבען זיי מורא געהאט פאר דער גרעפין, ווייל אויב זיי וועלען אויסזאָגען דעם אמת, וועלען זיי דאָך דארפען דערצעהלען וואָס יעדע פון זיי האָט גערעדט וועגען דער גרעפין און וועגען דעם פּאן סטראשונסקי און דאן קאָן זיין אז מען וועט זיי ארויסווארפען אינגאנצען פון כאָר.

— נאסטאשא, נאסטאשא! — האָט מאניושקא זי געהאלטען איינגעהילט אין זיין מאנטעל — ווי קומט עס צו דיר, אז דו זאָלסט זיך צעשלאָגען? ווער איז שולדיג אין דעם? איך וועל יענע ארויסיאָגען פון דאנען.

נאסטאשא האָט שווער געאָטעמט. זי האָט זיך נאָך מעהר איינגעהילט אין מאניושקא'ס אויבער־ראָק. זי האָט גענומען אָפּווישען דאָס בלוט פון איהר פּנים.

— איך קאָן זיך פאָרשטעלען וואָס דיין פאָטער וועט זאָגען ווען ער וועט דיך דערזעהן! — האָט מאניושקא געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ — זאָג מיר, ווער האָט זיך אָנגעפאנגען? ווער איז שולדיג אין דעם?

— מיר זיינען אלע שולדיג! — האָט נאסטאשא קוים ארויסגערעדט, און זי האָט זיך פאנאנדערגעוויינט.

די אנדערע מיידלעך האָבען אויף איהר רחמנות געקראָגען. זיי האָט שוין פארדראָסען וואָס זיי האָבען זיך מיט איהר אָנגעפאנגען. זיי האָבען גוט געוואוסט אז מאניושקא איז שטארק באפריינדעט מיט נאסטאשא'ס פאָטער, און ווען זי וועט ווייזען אָז אויף אייניגע פון זיי אז זיי האָבען זיך אָנגעפאנגען, וואָלט מאניושקא זיי גלייך אוועקגעשיקט... דאריבער האָבען זיי פרייער אויפגעאָטעמט ווען זיי האָבען געהערט אז זי זאָגט: "מיר זיינע אלע שולדיג". איצט זיינען זיי זיכער אז ער וועט קיינעם פון זיי ניט אוועקשיקען.

מען האָט באלד געבראכט וואסער און באנדאזשען און פּלאסטערס און מען האָט יעדע פון די צעגראבעלטע באשמירט מיט זאלבען און אנדערע זאכען.

— איך האָב אַז ביז דער עפענונג פון דער אָפּערא וועלען די גראַבלען פאַרשווינדען פון אייערע פּנים׳ער! — האָט מאַניושקא אויסגערופען — עס וועט זיין זעהר ניט שעהן אויב אימיצער פון אייך וועט דאַרפען טראָגען א פּלאַסטער־אויף׳ן פּנים זינגענדיג אין כאָר.

— איך האָב ניט איינמאָל געזעהן א קאַמף צווישען יונגע לייט! — האָט די גרעפין מיט א שמייכעל באַמערקט צו סטראַשונסקי׳ן ווען זיי האָבען פאַרלאָזען דעם צימער — אָבער צווישען מיידלעך זעה איך עס צום ערשטען מאָל... איך וואָלט זעהר געוואָלט וויסען צוליב וואָס זיי האָבען זיך געשלאָגען.

— ווי עס ווייזט אויס איז דער חיה׳שער אינסטינקט אין אונז געוואָג שטאַרק — האָט יואל דוד באַמערקט — מען דאַרף ניט האָבען א וויכטיגע זאַך וואָס זאָל ברייגגען צו א סכסוך. יעדע קליינינגקייט קען עס אַרויסרופען.

— קיינע פון זיי וויל ניט זאָגען צוליב וואָס זיי האָבען זיך אזוי צושלאָ־גען — אפשר שפּעטער וועלען מיר אויסגעפינען — האָט מאַניושקא צוגע־געבען. איך וועל ניט דולדען אַזעלכע זאַכען אין מיין כאָהר. דאָס קען נאָך שאַדען אונזער פאַרשטעלונג.

— איך בין שטאַרק פאַראינטערעסירט אויסצוגעפינען די אורזאַכע פון דעם געשלעג — האָט די גרעפין זאַמאָיסקא זיך אָנגערופען.

— אָ, עס איז ניט כדאי אפילו צו טראַכטען וועגען דעם — האָט מאַ־ניושקא געזאָגט — איך וועל זיי אָנזאָגען מיט׳ן הארבען וואָרט אַז אַזעלכע זאַכען זאָלען מעהר ניט פאָרקומען, אויב ניט וועל איך מוזען צוזאַמענשטע־לען אַן אַנדער כאָר.

פאַר די לעצטע עטליכע טעג האָט מאַניושקא שווער געאַרבייט מיט די רעפּעטיציעס. ער פלעגט מאַכען דריי רעפּעטיציעס א טאָג און ער איז געווען צופרידען. ער איז געווען זיכער מיט א גרויסען ערפאָלג. סטראַשונסקי׳ס פעהיגקייטען שנעל אויפצופאַסען די שווערסטע אריע האָט אַרויסגערופען באַוואונדערונג און באַגייסטערונג פון די אַלע אַנטייל נעמער אין דער אָפּערא. די גרעפין אַליין האָט איהם ניט אויפגעהערט צו לויבען און ניט איינמאָל האָט זי באַמערקט צו מאַניושקא׳ן:

— ווי לייכטזיניג און נאַריש איך בין געווען דאָז, ווען איך האָב זיך ענטזאָגט צו שפּילען מיט איהם צוליב זיין רעליגיע. איך זעה איצט איין אַז אין קונסט טאָר ניט הערשען קיין רעליגיע און ראַסען פאָראורטיילען.

## קאַפּיטעל 23

די גאַנצע אַריסטאָקראַטישע און רייכע וואַרשע האָט זיך געגרייט צו דער עפענונג פון מאַניושקאַ׳ס אָפּערא "האַלקא". די אָפּערא הויז איז געווען באַצירט און דעקאָרירט מיט פאָהנען. אויף אַלע גאַסען זיינען געווען אויס־געקלעפּט גרויסע אַפישען וועגען דער אָפּערא וואָס ווערט געשפּילט פון צוויי פון די גרעסטע לייטענדע שטערען אין דער אָפּערא וועלט, די גרעפין זאַ־מאָיסקאַיאַ און פּאַן סטראַשונסקי.

מאַניושקא האָט בכיון געהייסען שטעלען זאַמאָיסקאַיאַ׳ס נאָמען פריהער

כדי ניט ארויסצורופען אייפערזוכט אין איהר. ער האט זי שוין גוט געקאנט... זי מיט איהרע משוגע'נע קאפריזען קאן נאך אמאל אין דער לעצטער מינוט בייז ווערען און זיך ענטזאגען צו שפּילען. דאריבער איז ער געווען זעהר פארזיכטיג צו זעהן אז זי זאל זיך ניט פיהלען באלײדיגט... נאכדעם ווי זיי וועלען שוין האבען געשפּילט און דאס פּובליקום און די פּרעסע וועלען ארויסזאגען זייערע מיינונגען, וועט ער שוין מעהר ניט דארפען ציטערען פאר איהר. איצט אבער דארף ער זיין זעהר פארזיכטיג.

א היבשע צייט פריהער אין אווענד איידער די אפּערא האט זיך באַדארפט אנפאנגען, האבען זיך שוין באוויזען רייכע קארעטען און עקיפּאזשען נעבען דער אפּערא הויז. עס זיינען פון דארט ארויסגעקומען רייכע פּריצים אנגעטאן אין צילינדער היט און פראקען און זייערע פרויען איינגעהילט אין פוטערנע פּאלערינעס אונטער וועלכע זיי האבען געטראגען די רייכסטע באל קליידער מיט טיפע דעקאלטע. פון זייערע אויערען און הענט האבען געשימערירט און געבלישטשעט דימאנטען און גאלדענע אוירינגלעך, בראנזלעטען און רינגען. אין די הענט האבען זיי געהאלטען לארנעטען און זיינען אריינגעגאנגען אין דער אפּערא הויז מיט געהויבענע קעפּ און אנגעבלאזענקייט. יענע האבען פארנומען זייערע פּלעצער אין זייערע לאזשעס.

ביסלעכווייז זיינען אלע אנדערע פּלעצער פון דער אפּערא פארנומען געווארען. דער גאנצער זאל איז געווען ליכטיג פון די בליץ-לאמפּען און די רייכע פּריצישע פרויען האבען געהאט א געלעגענהייט צו באטראכטען איינע די אנדערע פון דער וויטענס און טרייבען אביסעל רכילות צו זייערע מענער וועגען יענער פרוי'ס קליידונג, וועגען איהר אויסזעהן און וועגען איהר מאן וועלכער "ווארפט אויגען" אויף אנדערע פרויען.

אין די ערשטע רייהע לאזשעס זיינען געווען דער גענעראל גובערנאטאר און זיין פרוי און די אנדערע הויכע בעאמטע אין זייערע אוניפארמען מיט די גאלדענע עפּאלעטען און זייערע שווערדען און די מעדאלען האבען ארויסגעבליאסקעט פון דארט.

די פארעהרער און ליבהאבער פון דער אפּערא האבען גענומען אריינשיקען אין טעאטער גרויסע קערב מיט בלומען און לארבער קראנצען מיט סטיינגעס פון פארשידענע קאלירען.

באלד איז אין זאל געווארען טונקעלער. דינער מיט לאנגע שטעקענס זיינען צוגעקומען צו די בליצלאמפּען און מיט איין ריהר האבען זיי טונקעל געמאכט די פייערען פון די לאמפּען.

נעבען דער ביהנע אונטען זיינען שוין געזעסען די מוזיקאנטען און האבען גענומען אנשטעלען זייערע פידלען, אויספּרובירענדיג מיט זייערע פינגער די סטרונעס.

באלד האט זיך באוויזען דער באליבטער פּוילישער קאמפּאזיטאר סטאַניסלאוו מאניושקא. ער איז געווען אנגעטאן אין א שווארצען פראק. ער האט אין זיין האנט געהאלטען א דין שטעקעלע.. אין זאל ווערט שטיל. אלעמענ'ס

אויגעז זיינעז איצט געווענדעט צו מאניושקא'ן וועלכער האלט דעם שטעקעלע אין האנט אוןווארט אויף עפעס...

די שטילקייט ווערט נאך שארפער. דאס פובליקום האלט אפילו איין דעם אטעם.

מאניושקא הויבט אויף זיין שטעקעלע אלס צייכען אז באלד פאנגט דער ארקעסטער אן צו שפילען אן אומעטיגע אווערטיורע און וואס עס הערען זיך פוילישע פאלקס מעלאדיען.

לאנגזאם הויבט זיך אויף דער פארהאנג. אויף דער ביהנע באווייזט זיך א ברייטער רייכער צימער פון א פאלאץ. דארט קומט פאר א באל און די געסט טראגען קאלירדרייכע קאסטיומען. מען טאנצט און מען איז זיך משמח. דאס פייערט מען די חתונה פון דעם יונגען שעהנעם פריץ מיט א שעהנער רייכער כלה. מען טומעלט, מען לאכט, מען איז פרעהליך. אבער פלוצלונג ווערט שטיל. דורך דעם פענסטער פון פאלאץ דערטראגט זיך א זיסע שטימע פון א יונגער מיידעל. זי זינגט א מעלאנכאלישע ליד. דער פריץ־חתן ווערט בלאס. ער דערקאנט די שטימע. דאס זינגט האלקא, די דארפס מיידעל וועמען ער האט פארפיהרט און צוגעזאגט מיט איהר חתונה צו האבען. ער הייסט צומאכען די פענסטער.

די צווייטע סצענע קומט פאר אין דרויסען נעבען דעם פאלאץ פון פריץ. עס באווייזט זיך סטראשונסקי אלס דער דארפס יונג יאנטעק. ער פאנגט אן צו זינגען א ליד צו זיין געליבטער וואו ער בעט זי זאל פארגעסען אן דעם רייכען פריץ, ווייל ער ליבט זי מיט דעם פייער פון זיין נשמה... זיין שטימע קלינגט אזוי וואונדערבאר שעהן, אזוי ליריש זיס, אז דאס פובליקום ווערט פאר'כישופ'ט, און ווען ער צעלאזט זיך אויף די גאר הויכע טענער און ער ענדיגט זיין זינגען, ברעכען אוים אין זאל אזעלכע שטורמישע אפלאדיסמענטען אז די ווענט פון זאל טרייסלען זיך.

עס הערען זיך געשרייען פון פובליקום "ביס", "בראוואָ" און דער גובערנאטאר אליין אין זיין פולער רעגאליע וועלכער איז געזעסען מיט דער גובערנאטארשע אין זייער לאזשע נעבען דער ביהנע, האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און ער האט גענומען קלאפען מיט די הענט אהן אויפהער.

סטראשונסקי זינגט איבער די זעלבע אריע און די אפלאדיסמענטען ווידערהאלען זיך.

דערנאך זינגט די גרעפין אלס די פוילישע דארפסמיידעל האלקא. זי זינגט מיט איהר שעהנער סאפראנא שטימע און אויך זי רופט ארוים שטורמישע אפלאדיסמענטען.

דאן קומט פאר דער ליבעס דועט צווישען יאנטעק'ן און האלקא. דאס פובליקום איז פארגאפט... יעדער זיצט צוגעשמידט צו זיין פלאץ. מען פיהלט זיך אז מען איז אין א וועלט פון צויבער. וואס ווייטער קלינגט סטראשונסקי'ס שטימע העלער און מעכטיגער און ווען ער ענדיגט, ווערען די אפלאדיסמענטען נאך שטורמישער.

דער דריטער אקט קומט פאר אין דארף. עס איז זונטאג און די

פּויערים טאַנצען און זינגען. עס באַווייזט זיך האַלקאַ אַ פּאַרטרויערטע, אַ דערשלאָגענע. זי זינגט אַ ריהרענדע טרויער לידעל, וועגען אַ רויב פויגעל וואָס האָט מיט איהרע שאַרפע נעגעל פאַרצוקט אַ יונגע אומשולדיגע טייבעלע. די דאָרפס־מיידלעך ווייזען איהר אַרוים רחמנות און זיי זינגען אין כאָר אַ מיטלייד ליעד און זוכען איהר צו טרייסטען... עס הערט זיך פון ווייטען ווידער די מעכטיגע שטימע פון יאַנטעק׳ן וואָס ווערט באַגלייט מיט מאָניושקאָ׳ס אָרקעסטער.

אין דעם לעצטען אַקט אַנטפּלעקט זיך אַ בית עולם. די גרעבער גראָבען אַ גרוב און זינגען דאַביי וועגען דעם ביטערען סוף פון האַלקאַ׳ן וועלכע האָט זיך גענומען דאָס לעבען, ווייל זי האָט גענומען פיהלען די פרוכט אונטער איהר האַרצען פון איהר אומגליקליכער ליבע מיט דעם רייכען אויסגעלאַסענעם פריץ. און ערשט דאָ האָט סטראַשונסקי אַ געלעגענהייט אַרויסצוּווייזען זיין וואונדערבאַרען טאַלאַנט אַלס יאַנטעק, דער אומגליקליכער ליעבהאַבער פון וועמען דער גרויזאַמער טויט האָט אוועקגעריסען זיין געליבטע און ער זינגט זיין מעלאַנכאָלישע טרויער־ליעד: דער ווינט יאָמערט צווישען די בערג, דער וואַלד זשומעט און רוישט, ביי מיר איז אָבער פּוסט אויף דער נשמה, מיין האַרץ בלוטיגט, מיינע געדאַנקען פּלאָגען מיר און דער טרויער דריקט מיך...

סטראַשונסקי גיסט זיך פאַנאַנדער מיט זיין געטליכער שטימע. ער זינגט די לידער פון זייערע גליקליכע צייטען, ווען זיי ביידע זיינען געווען שטערבליך פאַרליבט איינע אין צווייטען. ווען זי פלעגט אויף איהם קוקען מיט איהרע מילדע, צאַרטע אויגען און ווען ער פלעגט איהר ברייגנען פרישע בלומען פון פעלד... דערנאָך האָט ער געזונגען פון זיין ענטוישונג אין איהר, וואָס זי האָט איהם פאַרלאָזען און איהם אויסגעביטען אויף אַ צווייטען. זי האָט געגלויבט די פאַלשע רייד פון דעם פריץ, וועלכער האָט אַזאַ גלאַטען צונג, אָבער וועלכער האָט געזוכט בלויז צו זעטיגען זיין ווילדע תאוה מיט איהר שעהנעם קערפּער און דערנאָך האָט ער זי אוועקגעוואָרפען ווי מען וואַרפט אַוועק אַן אויסגענוצטען בגד. ער פאַרענדיגט אַז אַלע אַנדערע מיידלאַך דאַרפען פון דעם אַראָפּנעמען אַ מוסר השכל, און זוכען אמת׳ע, ריינע ליעבע אין זייער גלייכען, און ניט פאַרבלענדעט ווערען פון דעם פריץ׳ס רייכקייט און ניט הינגעריסען ווערען פון זיינע שעהנע פאַלירטע, אָבער פאַלשע קאָמפּלימענטען. ער האָט עס אַרויסגעזונגען מיט אַזוי פיל עקסטאַז און געפיהל מיט אַזוי פיל לירישקייט און געשמאַקייט און ער האָט זיינע לעצטע ווערטער פאַרענדיגט אויף דער העכסטער אָקטאַווע אַז דער גאַנצער אָפּערא זאַל האָט גענומען שטורמען און פּאַטשען אָהן אויפהער. מען האָט אויסגערופען זיין נאָמען טויזענדע מאָל.

באַלד האָבען זיך אַ לאָז געטאָן דאַמען מיט בוקעטען בלומען וועלכע זיי האָבען געוואָרפען צו סטראַשונסקי׳ן וועלכער האָט געהאַלטען די גרעפין׳ס האַנט און זיך הונדערט מאָל פאַרנייגט.

יעדעס מאָל וואָס מען פלעגט איהם צוואַרפען אַ בוקעט בלומען,

פלעגט ער זיך א נייג טאָן, באַדאַנקען און איבערגעבען די בלומען צו דער גרעפין. די גאַנצע ביהנע איז פאַרפלייצט געוואָרען מיט בלומען.

אויך די גרעפין האָט געהאַט פילע פאַרעהרער אָבער ניט אַזוי פיעל ווי סטראַשונסקי. איהרע פריינד און פאַרעהרער זיינען באַלד אַרויף אויף דער ביהנע הינטער די קוליסען. צווישען זיי איז אויך געווען דער גראַף פאָס־קעוויץ. כאָטש ער אַליין האָט אויך געהאַט גרויס פאַרגעניגען פון זיין זינגען, האָט איהם אָבער געדריקט א געפיהל פון אייפערזוכט... ער האָט געזעהן אַז דער זשיד ריהרט אָן דער גרעפין׳ס האַנט, אַז ער דריקט זי צו זיך און אַז ער שפּילט א ליבעס סצענע מיט איהר. ער ווייסט אַז דאָס דאַרף אַזוי זיין, אַז ער דאַרף זיך שטאַרקען און פאַרטרייבען די אייפערזיכטיגע געפיהלען פון זיך, אָבער ער האָט געברויזט מיט כעס, קנאה און שנאה... און בפרט נאָך איצט ווען ער האָט געזעהן אַז דאָס פּובליקום ווייזט אַרויס גרעסערע באַ־גייסטערונג פאַר איהם, איידער פאַר דער גרעפין, אַז זי ווערט גאָר אינ־גאַנצען פאַרטונקעלט פון זיינע שטראַהלען, און ווען ער איז צוגעקומען צו דער גרעפין און געדריקט איהר האַנט, האָט ער אויסגערופען:

— מיין ליבסטע. דו האָסט געזונגען אויסערגעוועהנליך וואונדערבאַר!

— און וואָס זאָגסטו אויף מיין ליעבהאָבער יאַנטעק! — האָט זי איהם א פרעג געטאָן האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט.

— המ... — האָט פּאַסקעוויץ אָנגעפאַנגען שטאַמלען. איך... ער... יע, מען קען ניט זאָגען אַז ער האָט זיין ראָלע שלעכט געשפּילט — אָבער איך בין זיך מודה אַז מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָב איך געשאָנקען נאָר דיר, מיין טייערע.

— דאָס איז א באַווייז אַז דו האָסט זיך נאָך ניט באַפרייט פון דיינע פאָראורטיילען. — יעדער איינער פון פּובליקום וועט צוגעבען אַז עס איז ניטאָ איינער פון די בעסטע זינגער וועלכער זאָל זיך קענען פאַרגלייכען מיט דעם פאַן סטראַשונסקי... ביזטו דען געווען טויב צו די שטורמישע אַפּלאָ־דיסמענטען? — ביזטו דען געווען בלינד און ניט געזעהן אַז אַלע בוקעטען בלומען זיינען געווען געווענדעט צו איהם, פאַר זיין געטליכע שטימע און פאַר זיין אויסגעצייכענט שפּילען? א מענש דאַרף זיך ניט לאָזען הינרייסען פון זיינע געפיהלען. מען דאַרף אָפט קוקען דעם אמת גלייך אין די אויגען... זעהסטו, אויב אייפערזיכטיג האָב איך דאָך גאָר באַדאַרפט זיין... שטעל זיך פאָר איידער דער פאַן סטראַשונסקי האָט זיך באַוויזען אין וואַרשע בין איך דאָך געווען דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט. אַלע האָבען גערעדט וועגען מיין זינגען, אַלע האָבען געלויבט מיין שפּילען ביז׳ן הימעל, און איצט בין איך פאַרשטויסען געוואָרען אין הינטערגרונד... איצט זיינען אַלע־מענס אויגען און אויערען געווענדעט צו איהם צו דעם לייכטענדען שטערען וואָס האָט זיך באַוויזען אויף דעם וואַרשעווער הימעל אַליין, נאָר די הימלען פון די גרעסטע הויפּט־שטעדט פון אייראָפּע, פּאַריז, וויען, לאָנדאָן און בערלין. יע, איך זאָג פאָראויס פאַר איהם א גלענצענדע צוקונפט. מיר וועלען נאָך קאָנען שטאָלצירען מיט דעם וואָס ער איז אונזער פריינד...

דער גראַף פּאַסקעוויץ האָט עפּעס געוואָלט זאָגען, אָבער האָט זיך באַ־הערשט. ער האָט געזעהן אַז איצט איז דער צייט פון איהר גרויסער באַ־גייסטערונג וועט זיין בעסער פאַר איהם ווען ער וועט גאָר ניט ריידען וועגען דעם זשידאָק. ער וועט וואַרטען אויף א בעסערע געלעגענהייט, ווען איהר באַגייסטערונג וועט זיך אויסוועפּען. איצט, אויף דעם הייסען מאָמענט ווען אין זאַל הערען זיך נאָך די אַפּלאָדיסמענטען פון פּובליקום וואָס וויל גאָר ניט אוועקגעהן און די צאָהל פון די קערב בלומען פאַרגרעסערט זיך מיט יעדער רגע, איצט דאַרף ער שווייגען... ער האָט ארויסגעקוקט פון דער אָפּע־נער טיר אין קאָרידאָר. פונקט געגענאיבער איז געווען סטראַשונסקי׳ס צימער. די מענשען האָבען אהין געשטראָמט. דאַמען און הערען פון דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע זיינען געקומען און געדריקט סטראַשונסקי׳ס האַנט. ער הערט זייערע שטימען. אָט באַמערקט ער, ווי דער גענעראַל גובער־נאַטאָר אַליין געהט צו צו איהם און דריקט זיין האַנט. ער זאָגט: א דאַנק אייך, פּאַן סטראַשונסקי, פאַר׳ן גרעסטען גייסטיגען פאַרגעניגען וואָס איהר האָט מיר און מיין פרוי פאַרשאַפט.

מאַניושקא, וועלכער איז די גאַנצע צייט געווען נעבען סטראַשונסקי׳ן פרעהענדיג זיך מיט דעם ערפאָלג פון זיין נייעם ענטדעקטען שטערן, האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט אַן דער גרעפין. ער איז נאָך ניט געווען אין איהר צימער צו באַגריסען און באַדאַנקען... זי וועט געוויס זיין צאָרענדיג... ער וועט מוזען גוטמאַכען. ער האָט אריינגעשושקעט אין אויער סטראַשונסקי׳ן און נאָך אייניגע פון די וויכטיגע פּערזענליכקייטען וועלכע זיינען געקומען באַגריסען סטראַשונסקי׳ן צו זיין ערפאָלג, און אין א רגע האָבען זיך אַלע א לאָז געטאָן צו דעם צימער וואו די גרעפין זאַמאָיסקא איז געווען.

— דעם הארציגסטען דאַנק פאַר אונזער גרעסטען ערפאָלג קומט אייך, ליבע גרעפין — איז מאַניושקא צו איהר צוגעגאַנגען און אָנגענומען איהרעביידע הענט און צוגעטראָגען צו זיינע ליפּען. — איהר האָט אייער ראָלע געשפּילט אויסגעצייכענט. בעסער ווי ערוואַרטעט. אייער שטימע האָט גע־קלונגען אַזוי העל, אַזוי זיס, אַז אַלע זיינען באַצויבערט געוואָרען.

— עס איז זעהר פיין פון אייך, פּאַן מאַניושקא, מיר צו געבען אַזעלכע ניט פאַרדינטע קאָמפּלימענטען און איך דאַנק אייך פון טיפסטען הארצען. און איך פאַרזיכער אייך אַז איך בין ביי זיך ניט גענאַרט... איך ווייס אַז מיין בייטראַג צו דעם ערפאָלג פון אייער אָפּערא איז נול אין פאַרגלייך מיט דעם בייטראַג פון דעם פּאַן סטראַשונסקי. איך וויל אַז איהר זאָלט ניט מיינען אַז איך זאָג עס אייך ווייל איך בין אייפערזיכטיג. ניין. גלויבט מיר, אַז איך בין שטאָלץ וואָס איך שפּיל מיט איהם און זיין ערפאָלג פאַר־שאַפט מיר דאָס גרעסטע גליק. און אַלס באַוויז אַז זי איז ערנסט איז די גרעפין צוגעגאַנגען צו סטראַשונסקי׳ן און פאַר אַלעמען אין די אויגען איהם ארומגענומען און איהם א שטאַרקען לאַנגען קוש געטאָן.

— בראַוואָ, בראַוואָ! — האָבען די באַזוכער צוזאַמען מיט מאַניושקא׳ן איהר אַפּלאָדירט.

— איך ווינש אייך — האָט מאַניושקאַ אויסגערופען — אז איהר זאָלט ביידע שפּילען צוזאַמען פאַר פילע יאָהר און באַרייכערען די פּוילישע אָפּערא. יע, מיר ווילען אַלע צוגעבען אַז אַזאַ וואונדערבאַרער זינגער ווי דער פּאַן סטראַשונסקי איז, וועט ברייננען כבוד דעם גאַנצען פּוילישען פאָלק.

— דעם גאַנצען פּוילישען פאָלק! — האָט זיך אַרויסגעריסען פון דעם גראַף פּאַסקעוויץ'עס מויל. ער האָט געוואָלט זאָגען אַז דער פּאַן סטראַשונסקי איז אַ איד און דאָס פּוילישע פאָלק איז ניט פאַראינטערעסירט צו פאַרשאַפען כבוד אַ אידען, אָבער דאָס האָט ער ניט דערזאָגט, ווייל ער האָט באַמערקט דעם בייזען בליק פון דער גרעפין און ער איז באַלד פאַרשטומט געוואָרען.

מאַניושקאַ האָט אויף איהם אויך געוואָרפען אַ בליק.

— וואָס האָט איהר געוואָלט זאָגען גראַף פּאַסקעוויץ? — האָט ער זיך צו איהם געווענדעט.

— ער האָט געוואָלט זאָגען, אַז קונסט באַלאַנגט ניט צו איין פאָלק נאָר צו דער גאַנצער וועלט, האַ, ניט אמת, גראַף פּאַסקעוויץ?

— המ... יע — האָט ער אַ ברום געטאָן און גלייך געווענדעט זיינע אויגען אין אַן אַנדער ריכטונג.

אין איהם האָט דער צאָרן געברויזט. ווי אַזוי האָט זי, די גרעפין זיך געקאָנט אַזוי דערנידעריגען. ווי אַזוי האָט זי געקענט אַ קוש טאָן דעם שמוציגען זשידאָק, אַ שוידער איז דורך זיין קערפּער, ווען ער האָט פון דעם אַ טראַכט געטאָן... ווען ער וואָלט נאָר געקענט וואָלט ער דעם זשידאָק דערשטאָכען אויף אָן אָרט... זי האָט עס געטאָן פאַר אַלעמען אין די אויגען... מילא ווען זי האָט עס געטאָן אויף דער ביהנע איז עס דאָך אין נאָמען פון קונסט, פונדעסטוועגען האָט ער אויך אויפגעציטערט. אָבער איצט... וואָס פאַר אַן אויסרייד האָט זי געקענט האָבען... זי האָט זיך ניט געשעהמט און איהם אַרומגענומען... איהם דעם שמוציגען זשידאָק. ער איז געווען זעהר שטאַרק דערשיטערט... ער האָט זיך גענומען שרעקען... ווער ווייסט... דער זשידאָק מיט זיין שעהנער שטימע קען נאָך פון איהם אַוועקרויבען זיין געליבטע... אָבער ניין, עס וועט דערצו ניט קומען. זי איז איצט צוטומעלט. זי איז באַרוישט פון זיין גלענצענדען ערפאָלג. זי וועט זיך אויסניכטערען און זי וועט איינזעהן אַז צווישען דעם זשידאָק און איהר ליגט אַ טיפער תהום, אַז ער איז פון אַ גאַנץ אַנדער וועלט. ער קומט פון אַ וועלט פון שמוץ און העסליכקייט און זי — פון אַ וועלט פון ריינקייט און הערליכקייט. ער וועט עס איהר זאָגען ביי דער ערשטער געלעגענהייט. ער וועט זיך פאַר איהר ניט שעהמען. ער האָט בלויז געוואַרט אַז זי זאָל זיין גרייט צו געהן אַהיים... ער וועט זי באַגלייטען אין איהר עקיפּאַזש און דאַן וועט ער קריגען די געלעגענהייט זיך דורכצורייִדען מיט איהר.

זיין אויפרעגונג איז אָבער שטאַרקער געוואָרען ווען ער האָט דערהערט ווי די גרעפין רופט זיך אָן:

— פאַן סטראַשונסקי, איך לאַד אייך און דעם פאַן מאַניושקאַ צו מיר אַהיים, און דאָרט וועלען מיר פייערען אייער גרעסטען ערפאָלג.

— אַ דאַנק אייך גרעפין, אָבער...

— קיין אָבער... היינטיגס מאָל באַשטעה איך אויף דעם אַז איהר זאָלט מיין איינלאַדונג אָננעהמען...

— יע, מיין פריינד סטראַשונסקי — האָט מאַניושקאַ אַנגענומען זיין האַנט. מיר וועלען זיך אָט דעם מאָל מוזען אונטערוואַרפען דעם וואונש פון דער גרעפין. מיר וועלען געהן צו איהר פייערען אייער ערפאָלג.

— ניין, ניט מיין ערפאָלג נאָר אונזער אַלעמענס ערפאָלג! — האָט סטראַשונסקי אויסגערופען — איבערהויפּט דעם ערפאָלג פון דער גרעפין, ווייל אָהן אייך וואָלטען מיר קיין ערפאָלג ניט געהאַט.

— זעהר גוט האָסטו געזאָגט פאַן סטראַשונסקי — האָט מאַניושקאַ מיט צופרידענהייט געדריקט זיין האַנט — די רייצענדע גרעפין האָט גרויסע פאַרדינסטען פאַר דער אָפּערא, סיי מיט איהר זינגען און סיי מיט איהר שפּילען. אַלע וועלען צוגעבען אַז איהר האָט היינט געזונגען געטליך.

— איהר זייט אַלע זעהר גוט צו מיר. אָבער איך וועל אייך איצט ניט ווידערשפּרעכען. איך נעהם אָן אייערע ניט פאַרדינטע קאָמפּלימענטען אָבער ערלויבט מיר צוצוגעבען אַז איך און די אַלע אַנדערע גרויסע און ערפאָלג־רייכע זינגער וואָס איך האָב אין מיין לעבען געהערט זיינען ווי שטויב אונ־טער אייערע פיס, פאַן סטראַשונסקי, און איך וויל האָבען דעם גרעסטען כבוד און פאַרגעניגען צו פייערען צוזאַמען מיט אייך אונזער ערפאָלג. אָט וועט איהר צוואַרטען אַ ווײַלע און איך וועל אומבייטען מיינע קליידער.

די גרעפין זאַמאָיסקאַ איז פאַרשוואונדען געוואָרען אין אַ קליינעם צימער וואו איהר קאַמער מיידעל האָט אויף איהר געוואַרט און איהר געהאָלפען זיך איבערטאָן.

יואל דוד סטראַשונסקי איז אַריין צו זיך אין צימער און זיך שנעל איבערגעטאָן.

אין דרויסען האָט אָנגעפאַנגען שנייען. אין די עקיפּאַזשען פון דער גרעפין און פון דעם גראַף פּאַסקעוויץ וואָס זיינען געשטאַנען נעבען דעם אַריינגאַנג פון דער אָפּערא זיינען געזעסען די קוטשערס און האָבען זיך געזוכט אָנצוואַרעמען, פּאָכענדיג מיט די הענט... זיצענדיג אַזוי לאַנג אויף זייערע פּלעצער אין אַ ווינטערדיגע נאַכט האָבען זיי אָנגעהויבען צו פרירען. ווען זיי האָבען דערזעהן אַז די גרעפין, דער גראַף קומען אַרוים זיינען זיי אַרונטערגעשפּרונגען פון זייערע פּלעצער און גליך אויפגעעפענט די טירען פון די עקיפּאַזשען.

דער גראַף פּאַסקעוויץ האָט געהאַלטען די גרעפין אונטער זיין אָרעם, און ער האָט זיך צו איהר אָנגערופען:

— זאָל דער פאַן מאַניושקאַ און סטראַשונסקי אַריינזעצען זיך אין מיין קאַרעטע און איך וועל זיך זעצען מיט דיר.

— אָה, ניין, גראַף פּאַסקעוויץ, — האָט זאַמאָיסקאַ אויסגערופען. —

זיי זיינען דאָך ביידע מיינע טייערע געסט, און זיי וועלען מיטפאַרען מיט מיר אין מיין עקיפּאַזש... איך האָף, אַז דו וועסט פאַרשטעהן און מיר פאַרגעבען. דו וועסט מוזען פאָהרען אַליין אין דיין אייגענעם עקיפּאַזש.

פאַסקעוויץ האָט זיך העפליך פאַרנייגט און אַז אַנטוישטער האָט ער זיך אריינגעזעצט אין זיין עקיפּאַזש.

— פּראַשע! — האָט די גרעפין זיך געווענדעט צו סטראַשונסקי'ן און מאַניושקאַ, — איהר וועט פאָהרען אין מיין קאַרעטע.

זיי האָבען זיך אַלע אריינגעזעצט אין דער קאַרעטע און זיי זיינען צו־געפאָהרען צו איהר פּאַלאַץ. דאָרט, אין פּרעכטיגען גאַסט־צימער, זיינען די טישען געווען געדעקט פון אַלדאָס גוטס. דאָס האָט די גרעפין אָנגעזאָגט איהרע דינסטען, אַז זיי זאָלען צוגרייטען אַלעס פאַר דער פייערונג.

אויסער מאַניושקאַ, סטראַשונסקי און פאַסקעוויץ, זיינען אָנגעקומען נאָך אייניגע געסט, אינטימע פריינד פון דער גרעפין, אָבער זי, זאַמאָיסקאַ, איז אינגאַנצען געווען פאַרנומען מיט סטראַשונסקי'ן. זי האָט אויסגעמאַר־קירט, אַז ער זאָל זיצען לעבען איהר. זי האָט אַליין אָנגעפילט צוויי גלעזלאַך וויין און זי האָט דערלאַנגט איינע צו איהם.

— לאָמיר טרינקען פאַר דעם געזונד פון אונזער באַליבטסטען קאָמפּאָ־זיטאָר, מאַניושקאַ, וועלכער האָט אַלעס מעגליך געמאַכט.

יואל דוד האָט די בראַנפען גענומען צו זיינע ליפּען און ער האָט אויס־געררופען: „פאַר דעם געזונד פון דעם פּאַן מאַניושקאַ!"

מען האָט פאַרבראַכט און די געסט האָבען ניט אויפגעהערט צו לויבען סטראַשונסקי'ן און די גרעפין פאַר זייער וואונדערבאַרען שפּילען אין דער אָפּערא. דער גראַף פאַסקעוויץ אָבער איז געזעסען פונדערווייטענס אַז אָנגע־כמורעטער. אין איהם האָט זיך צעפלאַקערט די אייפערזוכט... זי, די גרעפין, ווידמעט איהר גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צו דעם זשיד... און אויף איהם קוקט זי זיך גאַר ניט אום. ווען ער וואָלט זיך ניט געשעהמט וואָלט ער זיך אויפגעשטעלט און אוועקגעגאַנגען פון דאָרט.

ביז פאַרטאָג האָט מען פאַרבראַכט דאָרט און דאַן האָט די גרעפין גע־הייסען איהר קוטשער אָפּצופיהרען סטראַשונסקי'ן און מאַניושקאַ'ן צו זייערע וואוינונגען.

יואל דוד איז אריינגעקומען אין דעם צימער פון זיין האָטעל. ער איז געווען נאָך אַלץ צעטומעלט און באַרוישט פון אַלעס, וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט. די בראַנפען, וואָס ער האָט גענומען, האָט איהם שטאַרק צעוואָ־רימט, און אַזוי שנעל, ווי ער האָט זיך געלעגט אין בעט, האָט ער אייגגע־שלאָפען, ניט פאַרענדיגענדיג ליינען „קריאת שמע".

ווען ער האָט זיך אויף מאָרגען אויפגעכאַפּט פון שלאָף איז שוין געווען נאָך האַלבען טאָג... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען, אַז ער האָט אַזוי שפּעט פאַר שלאָפען... ער האָט זיך שנעל געוואַשען און גענומען ליינען תפילין.

נאכדעם, ווי ער האט אפגעדאווענט און געגעסן פריהשטיק, האט ער צייט געהאט צו טראכטן פון אלעם וואס מיט איהם איז פארגעקומען.

מאניושקא האט מיט איהם אפגעמאכט, אז ער וועט קריגן א וועכענט־ליכע געהאלט פון הונדערט רובעל א וואך, אבער נעכטן גלייך, ווי ער האט געענדיגט שפילן, און מאניושקא איז איהם אריין באגריסן, האט ער איהם געלאזט וויסן, אז ער וועט איהם צאהלן צוויי מאל אזוי פיעל און אז מארגן וועט ער קריגן ביי איהם טויזענד רובעל פאראויס, כדי ער זאל זיך קאנען איינארדנען אין א בעסערן האטעל ווי עס פאסט פאר איהם, און כדי ער זאל האבן גענוג געלד צו שיקן אהיים.

ערשט איצט, ווען ער האט פון דעם געטראכט, האט ער זיך דערמאנט אז זיין חנה'לען... זי האט אפילו קיין באגריף ניט וואס מיט איהם קומט דא פאר... זי מיינט, אז ער איז א חזן אין א שוהל... ער איז שוין אין ווארשע איבער זעקס וואכען און ער האט איהר קיין איינציגען בריעף ניט געשריבען... זי מוז זיין זעהר באזארגט וועגען איהם... יא, ער איז באגאנגען אן עולה געגען איהר. אבער ווי אזוי האט ער געקאנט שרייבען צו איהר?... שרייבען איהר א ליגען, אז ער איז אנגעשטעלט געווארען אלס חזן, קאן ער ניט... און דעם אמת שרייבען קאן ער דאך אודאי ניט... ניט חנה'לע און ניט איהרע עלטערען וועלען פארשטעהן... אויסער דעם האט ער אליין ניט געוואוסט ווי עס וועט זיין... טאמער פאלט ער דורך... איצט אבער אז ער איז זיכער מיט זיין ערפאלג, דארף ער איהר שרייבען.

ער האט גענומען די פעדער אין האנד און זי איינגעטונקט אין טינטער און זיך גענומען צום שרייבען, אבער איידער ער האט אנגעשריבען איין ווארט, האבען זיך זיינע געדאנקען פארנומען אין אן אנדער ריכטונג... ער האט געטראכט פון דער גרעפין. ווי שעהן ווי עדעל זי איז... זי איז געבילדעט, עס איז א פארגעניגען מיט איהר צו ריידען... זי האט איהם א קוש געטאן נאך דער פארשטעלונג... ער פיהלט נאך איצט איהר ווארימען אטעם... וואס פאר אן אונטערשיד עס איז צווישען דער גרעפין און זיין חנה'לע...

ער האט געוואוסט, אז ער טאר אזעלכע געדאנקען גאר ניט האבען. ווי קומט ער צו טראכטען פון איהר... ווער איז ער?... אבער זי האט דאך פארט ארויסגעוויזען אזוי פיל צערטליכקייט צו איהם... זי זוכט זיין נאהענטקייט... זי איז אזוי באגייסטערט... ער האט געפיהלט אז ער ווערט אינגאנצען באהערשט פון מאדנע געפיהלען... עס ציהט איהם צו איהר... ער ווייסט אז ער וועט פארברענט ווערען פונקט ווי דער שמעטערלינג וואס ציהט צום פייער און ווערט נאכהער פארברענט... ער איז אבער הילפלאז... ער האט צו איהר דערפיהלט אזא נאהענטקייט, אזא ווארעמקייט... זאל עס זיין אז זי האט איהם ליעב באקומען!... ווען ער דערמאנט זיך אן איהרע צארטע ליבליכע בליקען מיט וועלכע זי האט איהם דורכגעדרונגען, ווערט ער ביי זיך זיכער אז זי איז אין איהם פארליעבט... אבער פון דער צווייטער זייט, ווען ער טראכט פון דעם גראף פאסקעוויץ וועגען וועמען מאניושקא האט איהם געזאגט אז ער איז דער געליבטער פון דער גרעפין, קומט איבער איהם אן

אומעט... ער זעהט דאך אז ער האט ניט וואס צו טראכטען פון איהר... זי ווייזט איהם ארויס אט די פריינדליכקייט און צערטליכקייט צוליב זיין שטימע און זיין שפּילען אין דער אפּערא. זי איז פארליבט אין זיין מוזיק און ניט אין איהם. ער, אלס איד, איז איהר געווים אפּשטויסענד, פונקט ווי ער איז געווען אפּשטויסענד קרוזשענסקי'ס טאכטער, איידער זי האט איהם געהערט זינגען. און איצט האט זי זיך געביטען. די שנאה צו אידען איז ביי זיי אלע־מען איינגעוואָרצעלט פון קינדווייז אן און זיי קאָנען זיך קיינמאל ניט באַ־פרייען פון דעם... יע, ער וועט מוזען זי ארויסשלאגען פון זיינע געדאנקען... ער וועט זיך האלטען פון דער ווייטענס פון איהר... ער וועט בלויז דארפען שפּילען זיין ראָלע אלס איהר געליבטער אין דער אפּערא, אבער אויסער דער אפּערא פארבלייבען זיי צוויי פרעמדע וועלטען... ער וועט דארפען אויס־מיידען איהר געזעלשאפט אויסער דער ביהנע. ער דארף ביי זיך ניט זיין גע־נארט. ער דארף וויסען אז זי איז א פּוילישע גרעפין און ער איז א איד, א פרומער איד און ער האט א ווייב און קינדער און ער געהערט בלויז צו זיי...

א קלאפּ אין דער טיר פון צימער האט יואל דוד'ן איבערגעשלאגען זיינע געדאנקען, ער האט אויפגעעפענט די טיר און איז געווען איבערראשט צו זעהן קרוזשענסקי'ן.

ער האט איהם פריינדליך אויפגענומען און איהם געבעטען זיך זעצען.

— איך בין געקומען צו אייך אויסדריקען מיין טיפסטען דאנק פאַר אייער געטליכען זינגען און שפּילען לעצטע נאכט. — האט קרוזשענסקי געזאגט. — אין אמת'ן האב איך געוואלט נאך נעכטען צוקומען צו אייך צוזאמען מיט נאסטאשא'ן מיין טאכטער. אבער מיר האבען געוואוסט אז בילכערע און וויכטיגערע מענשען פון אונז זיינען צו אייך געקומען. האבען מיר אייך ניט געוואלט שטערען, און איצט איידער איך פאָהר אָפּ קיין ווילנע בין איך זיך געקומען געזעגענען מיט אייך און אויסדריקען מיין הארציגסטען דאנק פאר דעם גייסטיגען פארגעניגען וואס איהר האט אונז פארשאפט.

— איהר פאָהרט צוריק קיין ווילנע, פאן קרוזשענסקי? — האט יואל דוד איהם געפרעגט.

יע, איך בין דא שוין צו לאנג. איך בין דאך אנגעקומען צוזאמען מיט אייך. איך האב געמיינט אז דער אפּערא סעזאן וועט זיך אנפאנגען א סך פריהער. מיין פרוי און זוהן ערווארטען מיר אין ווילנע שוין א פאר וואכען. איך האב זיי געשריבען אז איך וועל פארלאזען ווארשע נאך דער ערשטער פארשטעלונג. אבער גלויבט מיר פאן סטראשונסקי אז מיר איז זעהר שווער אוועקצופאהרען וויסענדיג אז אין א וואך ארום וועט איהר ווידער שפּילען און זינגען. אבער א מענש האט דאך אויך אנדערע פליכטען, און דאריבער געזעגען איך זיך מיט אייך מיט גרויס באדויער, וואס איך וועל אייך דעם יאהר שוין מעהר ניט קאנען הערען... איך וועל אבער קאנען בריינגען אזא פרעהליכען גערוס אייער פאמיליע, ווען איך וועל אנקומען אין ווילנע און איך קאן זיך פארשטעלען ווי שטאלץ זיי וועלען זיין ווען זיי וועלען הערען וועגען אייער גרויסען ערפאלג.

— אָ, ניין, פאַן קרוזשענסקי, טוט עס ניט, איך בעט אייך... איהר פאַר־שטעהט, מיין משפחה איז אונטער'ן איינדרוק אז איך בין חזן אין א וואַר־שעווער סינאַגאָגע. און ווען זיי וועלען הערען אז איך זינג נאָך אין דער אָפּערא! וועט עס פאר זיי זיין א שטאַרקער קלאַפּ...

— דאָס איז מיר שוין שווער צו פארשטעהן! — האָט קרוזשענסקי געזאָגט. — איהר האָט געמאַכט אזא ערפאָלג, דורך נאַכט ווערט איהר א וועלט־באַריהמטהייט און איהר גלויבט אז אייער משפחה וועט זיך פיהלען דערשלאָגען פון דעם?

—מיין משפחה איז געקנאַטען פון א גאַנץ אַנדער טייג. — האָט יואל דוד געזאָגט — און דערפאר גלויב איך אז עס וועט זיין בעסער אז איהר זאָלט זיי גאָר נישט איבערגעבען פון מיר, און איך בעט אייך אויך ניט צו ריידען מיט קיינעם פון דעם ווייל עס קאָן נאָך דערגרייכען זייערע אויערען.

— נו, אויב דאָס איז אייער פארלאַנג וועל איך עס גערן ערפילען. — האָט קרוזשענסקי זיך אָנגערופען. — יאָ איך האָב אייך פארגעסען צו זאָגען, מיין טאָכטער וואַרט אונטען אין עקיפּאַזש. זי האָט זיך געשעהמט ארויפצו־קומען. זי האָט אויך אייך געוואָלט באַדאַנקען פאר אייער זינגען. און איצט קאָן איך אייך זאָגען דעם אמת. איהר געדענקט אז מיט עטליכע טעג צוריק האָט זיך מיין טאָכטער צעשלאָגען מיט די אַנדערע מיידלעך, ווייסט איהר פארוואָס.

— ניין — האָט יואל דוד א צוק געטאָן מיט זיינע שולטערן.

— זי האָט זיך צעשלאָגען צוליעב אייך...

— צוליב מיר?

— יע, צוליב אייך. זי האָט מיר אפילו ניט געוואָלט אויסזאָגען. נאָר איך בין צו איהר אזוי צוגעשטאַנען אז זי האָט מיר אויסגעזאָגט דעם אמת. עפּעס א מיידעל פון כאָר האָט געמאַכט ווענען אייך א באַמערקונג, ניט ווענען אייך פּערזענליך נאָר ווענען אייער אידישקייט און מיין טאָכטער האָט עס ניט געקאָנט פארטראָגען. ווייל איהר מוזט דאָך וויסען אז אין איהרע אויגען זייט איהר הייליג און זי לאָזט אויף אייך קיין שפּרינקעלע ניט פאַלען. נו, אז יענע מיידעל האָט עפּעס געזאָגט א שלעכט וואָרט ווענען אייך האָט זי איהר דערפאַר א פּאַטש געטאָן און פון דעם איז ארויסגעקומען דער געשלעג.

— אָה, עס טהוט מיר זעהן לייד, וואָס אייער טאָכטער האָט צוליב מיר געדאַרפט ליידען — האָט יואל דוד א זאָג געטאָן.

— זעהט איהר, מיין טאָכטער איז געווען צופרידען פון דעם... זי האָט מיר געזאָגט, אז פון דאַן אָן וואָגט שוין קיינער ניט צו זאָגען א שלעכט וואָרט ווענען אייך... איך גלויב, אז איך וועל איהר הייסען ארויפקומען צו אייך, ווייל זי וויל האָבען א געלעגענהייט אויסצודריקען אויך איהר דאַנק צו אייך פאר אייער זינגען. זי איז זעהר נייגעריג עס צו טאָן, אָבער זי האָט זיך געשעהמט. און איידער איך פאָהר אוועק פון דאַנען, וואָלט איך אייך בעטען, אז איהר זאָלט האַלטען אז אייג אויף מיין טאָכטער. ניט ווייל זי וועט זיך נויטיגען אין אימיצען ווער זאָל אכטונג געבען אויף איהר. ניין,

מיין טאַכטער קען זיין זעלבסטשטענדיג, אָבער זי איז דאָ עלענד. איהר זעהט דאך אליין, אז צווישען די כאַר מיידלאך האָט זיי קיינע פריינד און דאריבער האָף איך, אז איהר וועט איהר מקרב זיין מיט וואָס איהר וועט קאָנען און אז עס וועט זיך מאכען א געלעגענהייט, זאָלט איהר זאָגען א גוט וואָרט צו דעם פאָן מאַניושקא וועגען איהר, איך גלויב, אז זי האָט פעהיגקייטען און וואָלט געקאָנט שפּילען א קליינע ראָלע אין דער אָפּערא און ניט דארפען זיין בלויז אין כאָר. כ'וועל אייך זאָגען דעם אמת, אז איך האָב שוין געהאַט אין זינען אליין צו ריידען מיט מאַניושקאַ'ן וועגען דעם, אָבער זינט יענעם געשלעג צווישען מיין טאָכטער און די אנדערע מיידלאך, האָב איך פאַר־לאָרען מיין מוטה. איך האָף דאריבער, אז איהר וועט עס טאָן פאַר אונז. איהר וועט זי דערמאָהנען צום גוטען.

— איך וועל עס טאָן פאַר אייך, פאָן קרוזשענסקי, אָבער אויב מיינע רייד וועלען האָבען א ווירקונג, דאָס ווייס איך ניט.

— אלעס וואָס איהר וועט דארפען טאָן איז צו ציהען זיין אויפמערק־זאמקייט צו דעם און ער אליין וועט שוין וויסען וואָס ער דאַרף טאָן פאַר אונז... מאַניושקא איז אונזער פריינד פאַר פיעלע יאָהרען, און ער אליין ווייסט גאַנץ גוט, אז ווען ניט איך, וואָלט ער אייך איצט ניט געהאַט... איך האָב דאָך איהם געזאָגט וועגען אייך, און לאָמיר אייך זאָגען, אז איך האָב געהאַט געגוג שוועריגקייטען איידער איך האָב איהם איבערגערעדט ער זאָל אייך געהן הערען זינגען.

— דאן האָב איך אייך אויך זעהר פיעל דאנקבאַר צו זיין! — ווען ניט איהר, וואָלט איך איצט נאָך געווען אין ווילנע.

— איך האַלט, אז אזא טאַלאַנט ווי איהר וואָלט מען ענדליך ענטדעקט און ארויסגעבראַכט פאַר דער ברייטער וועלט... איך האָב אליין געהערט ווי מאַניושקא האָט געזאָגט, אז צו אייך איז קיין גלייכען ניטאָ אין היינטיגען דור און ער ווייסט וואָס ער רעדט... יע, איך האָב זיך פאַררעדט און פאַר־געסען, אז מיין טאָכטער וואַרט אונטען... אָט וועל איך זי ארויפשיקען.

ער איז ארויסגעגאַנגען, און אין א ווייַלע ארום האָט זיך געהערט א קלאַפּ אין טיר.

ער האָט אויפגעגעפּענט די טיר און ער האָט דערזעהן נאַסטאַשאַ'ן. זי איז געווען אָנגעטאָן אין א פוטערנעם מאַנטעל און איהר פּנים האָט זיך גע־רויטעלט, ווען זי האָט אויף איהם אַ קוק געטאָן.

— קומט אריין — האָט ער צו איהר געזאָגט — וואו איז אייער פאָטער?

— ער איז פארבליבען אין דרויסען! — האָט זי געענטפערט און איהר פּנים איז נאָך רויטער געוואָרען.

זי איז אריין אינווייניג און ער האָט זי געבעטען זיך זעצען.

— איך דאַנק אייך זעהר! — האָט זי געזאָגט און זיך געזעצט.

זי האָט אויף איהם געקוקט מיט מאָדנע בליקען און יואל דוד האָט געוואונדערט זיינע אויגען איז אַן אנדער ריכטונג... אין זיינע געדאַנקען זיינען דורכגעפלויגען עראינערונגען פון זיין ערשטען באזוך אין קרוזשענסקי'ס

הויז, ווען זי האָט איהם באַליידיגט און דערנאָך חרטה געקראָגען... און א צווייטען מאָל האָט זי איהם ווידער באַליידיגט, ווען ער האָט זיך ענטזאָגט צו טרינקען וויין. זי האָט איהם גערופען ״זשיד״, יע, דאָס וועט ער קיינמאָל ניט פאַרגעסען. ווי שטאַרק זיין צאָרן האָט איין איהם דאַן געברענט... זעהר אָפט פלעגט ער, פון דעם טראַכטען און אפילו איצט, אַז ער ווייסט, אַז זי האָט חרטה מיט איהר גאַנצען האַרצען אויף דעם, וואָס זי האָט איהם דאַן געזאָגט, איז ביי איהם קיין צווייפעל ניט, אַז זי איז א פאַרביסענע אַנטי־סעמיטקע, נאָר צו איהם אַליין האָט זי זיך געענדערט.

א קליינע ווײַלע האָבען ביידע געשוויגען... נאַסטאַשאַ האָט געקוקט אויף איהם מיט צאַרטע בליקען... זי האָט געפיהלט, אַז איהר האַרץ געהט אויס נאָך איהם... און וואָס מעהר זי האָט אויף איהם געקוקט, אַלץ מעהר האָט זיך איהר אויסגעדוכט, אַז זי זעהט די געשטאַלט פון יעזוס׳ן ווי זי שטעלט זיך איהם פאָר...

— פאַן סטראַשונסקי! — האָט זי אונטערבראָכען די שטילקייט פון צימער — איך בין געקומען צו אייך אויסדריקען מיין טיעפסטען דאַנק פאַר דעם פאַרגעניגען וואָס איהר האָט מיר פאַרשאַפט... איך מוז אייך אויך זאָגען, אַז איך פיהל זיך זעהר שטאָלץ מיט דעם, וואָס איך האָב געהאַט דעם כבוד אייך צו קאָנען פריהער פון די אַלע, וועלכע האָבען אייך אַזוי שטאַרק געלויבט... איך בין שטאָלץ וואָס איך קום פון דער זעלבער שטאָדט ווי איהר... איך פיל זיך גליקליך, אַז איך האָב די געלעגענהייט אייך צו זעהן אַזוי אָפט און צו הערען אייער וואַנדערבאַרע שטימע.

— א דאַנק אייך! — האָט סטראַשונסקי זיך א נויג געטאָן — איך האָב נאָר וואָס געהערט פון אייער פאָטער, אַז איהר האָט זיך איינגעשטעלט פאַר מיין כבוד און דערפאַר קומט אייך א באַזונדערען דאַנק. אָבער איהר האָט עס ניט באַדאַרפט טאָן. איהר דאַרפט וויסען גאַנץ גוט, אַז עס איז זעהר שווער אויסצוואָרצלען ראַסען־פאָראורטייל, וואָס עס איז איינגעפלאַנצט געוואָרען פון קינדווייז אָן. איך גלויב, אַז איך איבערטרייב ניט, ווען איך זאָג, אַז א קריסטליך קינד, ווען עס זויגט דער מאַמע׳ס ברוסט, זאַפּט איין זיך איין האַס און גיפט פאַר דעם אידישען פאָלק... איהר אַליין וועט עס ניט קאָנען אָפּלייקענען.

— די דאָזיגע באַהויפּטונג איז אמת — האָט נאַסטאַשע צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ — אָבער איך גלויב, אַז אייער ערשטע באַהויפּטונג, אַז עס איז שווער אויסצואוואָרצלען ראַסען־פאָראורטייל, וואָס איז איינגעפלאַנצט פון קינדווייז אָן, איז ניט אין גאַנצען ריכטיג. איך גלויב אַז ווען מיר קריסטען וואַקסען אונטער און מיר האָבען א געלעגענהייט צו זעהן אין א גאַנץ אנדער ליכט די דאָזיגע מענשען, וועמען מיר האָבען אָנגעפאַנגען האַסען צוליב דעם איינפלוס פון אונזער אומגעבונג, דאַן מוז דער גאַנצער פאָראורטייל פאַר־שווינדען... אָט נעהמט מיך אַליין, ביז וואַנען איך האָב געהאַט די געלעגענהייט זיך מיט אייך צו באַקאָנען, האָב איך כמעט קיינמאָל ניט אויס־גערעדט קיין וואָרט מיט א אידען. פון מיינע פריינד האָב איך זיך אָנגעהערט

בלויז שלעכטעם וועגן אייער פאלק. איך האב זיך קיינמאל ניט אפגעשטעלט טראכטען, אויב די אלע באשולדיגונגען געגען אידען זיינען באגרינדעט אדער ניט... איך האב געוואוסט, אז ווען איך זעה א אידען, דארף איך פון איהם וייכען, איך דארף איהם האסען און אפשפאטען פון איהם, ווייל א איד איז א נידעריגע באשעפעניש, א בלוט-זויגער, וועלכער איז שולדיג אין קרייציגען אונזער האר יעזוס'ן... איך האב זיך קיינמאל ניט אפגעגעבען קיין חשבון צי האב איך א רעכט צו טראכטען אזוי וועגען א גאנץ פאלק און צי איהר, אדער אנדערע אידען, זיינען ווירקליך שולדיג אין דער זינד פון אייערע אור-עלטערען, וועלכע האבען אנשטאט דאנקבאר צו זיין אונזער האר יעזוס'ן פאר וועלען זיין זייער אויסלייזער, האבען זיי איהם גאר ערמארדעט.

— איך זעה, אז אפילו נאך איצט, נאכדעם ווי איהר באהויפטעט, אז איהר האט זיך באפרייט פון אלע אייערע פאראורטיילען געגען אונזער ראסע, גלויבט איהר נאך אלץ, אז מיר אידען האבען געקרייצט יעזוס'ן, אז מיר זיינען שולדיג, אז מיר דארפען ליידען פאר ניט אנערקענען זיין פרעדיגען... יעדער איינער, וועלכער האט א באגריף וועגען דער געשיכטע פון יענער צייט, און וועלכער וויל זיין עהרליך אין איבערגעבען די פאקטען, וועט צו-געבען, אז אין יענער צייט זיינען די אידען דאן געווען אונטער דער הער-שאפט פון רוים און האבען קיין רעכט ניט געהאט דורכצופיהרען א היני-ריכטונג, אפילו ווען יענער איז שולדיג געווען טויט שטראף... אויסער דעם וויל איך, אז איהר זאלט וויסען, אז הינריכטען דורך קרייציגען איז קיינ-מאל ניט געווען א אידישע שטראף, נאר א רוימישע... און אנשטאט צו ווארפען די גאנצע שולד אויף רוים, וואס האט פון אנפאנג אזוי שטארק אונטערדריקט די קריסטליכע רעליגיע, ווארפט מען די שולד אויף די הילפ-לאזע אידען.

— אבער די רוימער זיינען דאך שפעטער אליין געווארען קריסטען! — האט נאסטאשע געזאגט.

— נו, איצט זעהט איהר שוין, אז מיר אידען ווערען געפלאגט און גע-פייניגט דורך די קריסטען ניט צוליב דעם, וואס זיי גלויבען, אז מיר האבען ערמארדעט יעזוס'ן, נאר ווייל מיר ווילען ניט אננעהמען זיין פרעדיגען...

— איך פארשטעה טאקע ניט, פארוואס איהר ווילט ניט זעהן דעם אמת'ן גליק, וואס עס שטעהט פאר דעם מענשען, וועלכער גלויבט אין יעזוס'ן.

— און מיט וואס קענט איהר מיר, צום ביישפיל איבערצייגען, אז אמת גליק באלאנגט בלויז צו דעם, וועלכער גלויבט אין יעזוס'ן?

— ווייל איך פיהל זיך גליקליך ווען איך קום אין קלויסטער און גיס אויס מיין הארץ פאר'ן האר יעזוס.

— און איך פיהל זיך גליקליך, ווען איך גיס אויס מיין הארץ צו אונזער גאט, דער גאט פון ישראל... איהר פארשטעהט, מיר אלס אידען זוכען ניט ארויפצוצווינגען אונזער רעליגיע אויף א פרעמדען... אפילו ווען מיר זיינען געווען א זעלבסטשטענדיגע מלוכה אין ארץ ישראל

און א פרעמדער פלעגט צו אונז קומען און ערקלעהרען, אז ער וויל אננעהמען אונזער רעליגיע, פלעגען מיר איהם אפריידען דערפון, אנ־ ווייזענדיג די אלע שווערינקייטען, וואס ער וועט האבען אלס איד... בלויז דאן, ווען יענער באשטעהט אויף זיין פארלאנג, נעהמען מיר איהם אריין צו אונז. אויב אבער איהר קריסטען זוכט צו צווינגען מען זאל אננעהמען אייער רעליגיע, און מיר ענטזאגען זיך, האסט איהר אונז און איהר אונ־ טערדריקט אונז.

— מיר טוען עס כדי אייך זאל זיין גוט שפעטער, פונקט ווי עלטערען שטראפען זייערע קינדער כדי זיי זאלען אויסוואקסען בעסערע מענשען — האט נאסטאשא געזאגט.

— מיר זיינען אייך מוחל אייער גוטסקייט! — האט יואל דוד גע־ זאגט.

— אבער איך בעט אייך, לאמיר איצט ניט ריידען וועגען דעם. איך בין זיכער אז די צייט וועט אפווישען אונזערע אלע שווערינקייטען. איהר זייט א וואונדערבארער מענש... אייך האט גאט געשאנקען א זעלטענע קראפט, א קראפט צו דערפרעהען טויזענדע מענשען מיט אייער געטליכער שטימע... איך בין זיכער אז עס וועט לאנג ניט דויערען און איהר וועט באריהמט ווע־ רען איבער דער וועלט... איך האב געהערט פון מיין פאטער'ס מויל אז דער פאן מאניושקא זאגט פאראויס פאר אייך א גלענצענדע צוקונפט. ער האט געזאגט אז איהר וועט נאך זינגען פאר פרינצען און קעניגען. אז איהר וועט ווערען דער שטאלץ פון פוילען... איך וויים אז איהר זייט א פארנינפטיגער מענש און איהר וועט איינזעהן אז אין דעם וועג צו אייער העכסטען גליק ליגט א שטרויכלונג... וועט איהר דען ניט באזייטיגען די דאזיגע שטרויכ־ לונג כדי צו דערגרייכען אייער העכסטען גליק?

— איהר מאכט א טעות — האט ער זיך אנגערופען — איך געפין מיין העכסטען גליק אין מיין אמונה, פאר וואס איך בין גרייט אפילו מיין לעבען מקריב צו זיין... ווען איך האב איינגעשטימט צו זינגען פאר מאניושקא'ן אין זיין אפערא, האב איך מיט איהם אויסגענומען א באדינג, אז מיינע פליכטען צו דער אפערא דארפען מיר ניט שטערען אין מיינע פליכטען צו מיין אמונה... אויף אט דעם באדינג האט ער איינגעשטימט. און גלויבט מיר, אז ווען איך זאל וויסען אז מיין גאנצע קאריערע אין דער אפערא וועט זיין אין געפאהר, וועל איך ניט אפטרעטען פון אט דעם דאזיגען באדינג. ווען איך זאל זיין געצוואונגען צו שפילען אין א שבת אדער א יום טוב, דאן פארלאז איך די אפערא.

— און איך האב געמיינט אז קונסט איז ביים קינסטלער העכער פון אלעם אין דער וועלט...

— פון אלעם אין דער וועלט יע, אויסער מיין גלויבען...

— און ליעבע?... — האט נאסטאשא א זאג געטאן, און איהם גענומען דורכדרינגען מיט איהרע בליקען.

יואל דוד האט געשוויגען, און נאסטאשא האט איהם ניט אפגעלאזען.

— פאַרוואָס ענטפערט איהר מיר ניט אויף מיין פראַגע? איך פרעג דאָך אייער מיינונג... דאַרף דען ליבע ניט שטעהן העכער פון אַלעם?

— און וואָס איז אייער מיינונג? — האָט ער איהר געענטפערט מיט אַ פראַגע.

— איך האָב דאָך אייך געפרעגט צום ערשטען. איך וויל וויסען וואָס איהר האָט וועגען דעם צו זאָגען.

— איך וויל אייך טאַקע פאַרענטפערען מיט אַ פראַגע... אַט לאָמיר אננעהמען אַז איהר האָט זיך פאַרליבט אין אַ מאַכמעדאַנער, אָדער אפשר גאַר אין אַ אידען, און אייער ליבע קאָן ניט פאַרווירקליכט ווערען סיידען איהר נעהמט אָן דעם גלויבען פון אייער געליבטען. נו, פרעג איך, וואָלט איהר אויפגעגעבען אייער גלויבען צוליב אייער ליבען?...

— אָ ניין, ניין! — האָט זי זיך גענומען צלמ׳ען.

— אַט האָט איהר אייער ענטפער... איהר זעהט שוין אליין אַז רעליגיע שטעהט העכער אפילו פון ליבע...

— עס קאָן אָבער זיין — האָט זי ווייטער געזאָגט — אַז... יע, איך מיין, עס ווענדעט זיך ווי שטאַרק מיין ליבע וואָלט געווען... אויב איך האָב יענעם ליעב מעהר ווי מיין אייגען לעבען, וואָלט איך געטאָן אַלעס וואָס עס איז מעגליך כדי איהם צו קריגען. איך וואָלט אפילו געגאַנגען אַזוי ווייט ווי אָנ־צונעהמען מיין געליבטענ׳ס גלויבען. און איהר, פּאַן סטראַשונסקי? איך וואָלט מיין אמונה קיינמאָל ניט געביטען.

— אפילו ווען איהר זייט פאַרליבט מיט אייער לייב און לעבען?

— מיר אידען זיינען שטענדיג גרייט מקריב צו זיין אונזערע לעבענס פאַר אונזער אמונה. מען האָט אונז געברענט אויף אָטאָ־דאַ־פעס און מיר זיינען געגאַנגען צו דער שחיטה זינגענדיג אונזערע הייליגע תפילות...

— איך בין מיט אייך ניט איינשטימיג, פּאַן סטראַשונסקי. איך גלויב, אַז אמת׳ע ליעבע דאַרף געשטעלט ווערען העכער פון אַלעס אין דער וועלט...

— איך וואָלט געוואָלט זיין דערביי צו זעהן ווי איהר נעהמט אָן דעם אידישען גלויבען צוליב אייער ליעבע צו אַ אידען.

— עס איז ניט אויסגעשלאָסען, אַז איר זאָלט זיין דערביי ווען די צייט וועט קומען — האָט נאַסטאַשאַ אויסגערופען און איהר פּנים איז רויט גע־וואָרען — איך האָף אַז מיט דער צייט וועט איהר מיך פאַרשטעהן.

יואל דוד האָט פאַרשטאַנען... ער האָט געפיהלט אַז זי איז אין איהם פאַרליבט... ער האָט עס געזעהן אין איהרע אויגען, ער האָט עס געפיהלט אין איהר שטים, אין איהר האנדלונג... ער טאָר ניט דערלאָזען אַז זי זאָל אפילו טראַכטען פון דעם. איהר פּאָטער איז זעהר פריינדליך צו איהם און ער האָט איהם אַ סך צו פאַרדאַנקען... ער וועט אָבער דאַרפען וויסען ווי צו האַנדלען... זי טאָר ניט ערמוטיגט ווערען. איין זאַך קאָן ער ניט פאַרשטעהן, ווי קומט עס אַז איהר פּאָטער זאָל אויסען בלייבען אין דרויסען און דער־לאָזען אַז זי זאָל אַרויפקומען צו איהם אין צימער אַליין. איז עס מעגליך אַז ער ווייסט דערפון און וויל איהר אין דעם אַרויסהעלפען... ער וועט

דאַרפֿן האַנדלען מיט טאַקט. קרוזשעווסקי וועט דאָך זײַן אין ווילנע און ער וועט דאַרפֿן האַלטן זײַן סוד.

— איך דאַנק אײַך זייער פֿאַר אײַער קומען! — האָט יואל דוד זיך אָנגערופֿן צו איר — און איך האָף אַז דער פּאַן מאַניושקאַ וועט אײַער וואונש ערפֿילן און אײַך געבן אַ ראָלע אין דער אָפּערע...

נאַסטאַשאַ האָט וואַרעם געדריקט זײַן האַנט און איז אַוועק פֿון אים מיט פֿיל האָפֿנונג. ער איז געווען צו איר אַזוי פֿרײַנדלעך און העפֿלעך. זי פֿילט אַז ער וועט נאָך געהערן צו איר... זי איז געווען גליקלעך און ווען איר פֿאָטער איז איר אַנטקעגן געקומען, האָט זי אים אַ קוש געטאָן.

— אַ פֿאָטער, איך בין אַזוי גליקלעך! — האָט זי אויסגערופֿן, — ער האָט מיר געגעבן האָפֿנונג אַז מײַן וואונש וועט ערפֿילט ווערן...

— איך בין געווען צופֿרידן, מײַן טאָכטער — האָט קרוזשעווסקי אויסגערופֿן — און איך קען זיך פֿאָרשטעלן ווי דײַן מוטער וועט אויפֿנעמען די נײַעס אַז דו ביסט ניט מער אין כאָר, נאָר דו שפּילסט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אָפּערע. און ווען דאָס וועט געשען, האָף איך אַז דײַן מוטער וועט שוין דאַן וועלן פֿאָרן נאָך וואַרשע דיר צו זען שפּילן אין דער אָפּערע און קאַזימיר וועט אויך קומען.

נאַסטאַשאַ האָט אים ניט געוואָלט זאָגן אַז זי האָט געמיינט עפּעס אַנדערש מיט דעם וואָס זי האָט געזאָגט אַז ער האָט איר געגעבן האָפֿנונג אַז איר וואונש וועט ערפֿילט ווערן. ווען די צײַט וועט קומען וועט זי אים אַלעס דערציילן.

# קאַפּיטל 24

מיט יעדן מאָל שפּילן אין דער אָפּערע אין סטראַשונסקי אַלץ מער באַליבט געוואָרן בײַ אַלעמען. דער טעאַטער איז געווען געפּאַקט, די בילעטן זײַנען אויספֿאַרקויפֿט געוואָרן פֿאַר וואָכן פֿאָראויס און די רײַכע פּוילישע אַריסטאָקראַטן פֿלעגן קומען הערן מער ווי איינמאָל.

יואל דוד אַליין האָט זיך געפֿילט בײַ זיך זיכערער און דרײַסטער. די ערשטע פּאָר מאָל האָט ער זיך געשראָקן פֿאַר אַ דורכפֿאַל, אָבער ווען ער האָט געזען מיט וואָס פֿאַר אַ באַגײַסטערונג מען נעמט אים אויף און האָט געהערט די אַלע לויב־געזאַנגען, איז שוין די שרעק אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן פֿון אים. ווי נאָר ער פֿלעגט זיך באַווײַזן אויף דער בינע פֿלעגן אין טעאַטער אויסברעכן אַזעלכע הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן אַז די ווענט פֿלעגן זיך טרייסלען און ווען ער האָט אויפֿגעעפֿנט זײַן מויל און אָנגעפֿאַנגען צו זינגען, זײַנען אַלע געבליבן זיצן פֿאַרגאַפֿטע, צוגעשמידטע צו זייערע פּלעצער.

באַטש די גרעפֿין זאַמאָיסקאַ, וועלכע איז געווען צוגעוואוינט צו זײַן דער הויפּט צענטער פֿון אַטראַקציע, האָט זיך גענומען פֿילן ווי פֿאַרנאַכלעסיקט און גאַנץ אָפֿט פֿלעגט זי באַנומען ווערן פֿון אַ קנאה געפֿיל, האָט זי אָבער

איינגעזעהן · אז דער יונגער שעהנער זינגער האָט עס פאַרדינט... און מיט יעדען מאָל שפּילען זיין געליעבטע האָט זי דערשפּירט אַז איהרע געפיהלען צו איהם פאַנגען אָן צו ווערען ווירקליכע... ווען ער האָט זי אין זיינע אָרעמס געהאַלטען האָט זי זיך צו איהם געטוליעט און נאָך יעדען ארויסטריט צוזאַ־מען אויף דער ביהנע, ווען דער פאָרהאַנג איז געפאַלען און זיי זיינען גע־בליבען הינטער די קוליסען, פלעגט די גרעפין איהם נעהמען קושען און האלזען אויסרופענדיג דערביי: "דאַוויד, דו ביזט געוועזן וואונדערבאַר! געה ארויס, דו הערסט דאָך ווי דאָס פובליקום אַפּלאָדירט, מען וויל דיך זעהן".

— אז איהר וועט מיט מיר ארויסגעהן וועל איך געהן.

— איך? ווייסטו דען ניט אז דאָס פובליקום איז אין מיר ניט פאַראינ־טערעסירט? דאָס אַפּלאָדירען זיי דאָך דיר. געגען דיר בין איך ביי זיי גאָר־ניט, נול, דו פארשטעהסט?

זי האָט עס ארויסגערעדט מיט אזוי פיעל צערטליכקייט און ליעבע אז סטראַשונסקי האָט גאָרניט געפיהלט אז אין דעם ליגט עטוואָס קנאה.

די אַפּלאָדיסמענטען האָבען ניט אויפגעהערט און ער האָט אָנגענומען די גרעפין'ס האַנד און איז מיט איהר ארויס פון הינטער די קוליסען אויף דער ביהנע, און ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען האָבען זיך די אַפּלאָדיסמענטען פארשטאַרקט און אויסגעשריען "בּיס, בראַוואָ, פּאַן סטראַ־שונסקי" האָבען אָפּגעהילכט איבער'ן גאַנצען זאַל.

די גרעפין האָט ווירקליך געפיהלט אַן אינערליכע צופרידענהייט אין זיין קאָלאָסאַלען ערפאָלג. ער איז איהר געוואָרען נעהענטער מיט יעדען טאָג. זי האָט פון איהם ניט אויפגעהערט צו טראַכטען... פארשטעהט זיך, אז די איינציגע מחיצה צווישען איהם און איהר איז זיין רעליגיע... אָבער זי איז געוועזן זיכער אז זי וועט אָט די דאָזיגע מחיצה אוועקנעמען. ער האָט שוין איצט זיך א סך געענדערט. ער טראָגט שוין איצט מאָדערנע מלבושים. זיינע פאות זיינען שוין פארשוואונדען און זיין בערדל איז ארומגעשאָרען... עס גיט איהם צו מעהר ווירדיגקייט, מעהר פערזענליכקייט... זי געדענקט אז מאַניושקא האָט איהר געוואָרענט וועגען דעם אז ער וועט ניט אָפּטרעטען פון זיינע אידישע זיטען... זי האָט מורא געהאט אז ער וועט זיך ניט לאָזען ארומשערען... אָבער איצט זעהט זי אז ער ווערט אנדערש און דאריבער איז ביי איהר קיין צווייפעל ניט אז זי וועט אויף איהם קענען ווירקען ער זאָל זיך שמד'ן... זי האָט פון דעם גענומען טראַכטען טאָג און נאַכט. זי האָט איהם ליעב... און ער באַלאַנגט צו איהר... זי האָט געוואוסט אז ער איז פארהייראַט, אָבער ווי קומט יענע אומוויסענדע פרוי צו איהם... אזוי שנעל ווי ער וועט זיך שמד'ן וועט ער זי אָפּ'גט'ן און הייראַטען מיט איהר.

איינמאָל, ווען זי איז געוועזן אין מאַניושקא'ס סטודיאָ, האָט זי איהם פאַרטרויט וועגען איהר ליעבע צו סטראַשונסקי'ן.

— שלאָגט זיך עס ארויס פון אייערע געדאַנקען, — האָט מאַניושקא

איהר געווארענט, — סטראשונסקי איז א רעליגיעזער איד, און איך האב מורא אז דורך דעם וועלען מיר איהם אין גאנצען פארלירען.

— איהר מיינט, פאן מאניושקא אז איך בין ניט אנציהענד גענוג, אז איך באזיץ ניט גענוג פרויען־רייץ וואס קען אויסאיבען איהר מאכט איבער א יונגען מאן?

— איהר ווייסט גאנץ גוט, גרעפין, אז דאס מיין איך ניט. איהר זייט אזוי שעהן, יונג און רייצענד, אז א יונגער מאן דארף זיין א שטיק אייז אויב ער זאל זיך אין אייך ניט פארליעבען, ווען דאס איז פאר איהם מעגליך. אבער פארגעסט ניט אז דער פאן סטראשונסקי איז געבוירען און ערצויגען געווארען אין א גאנץ אנדער וועלט. ער האט אין זיך איינגעזאפט זיין אידי־שע רעליגיע און פון דעם וועט איהם זיין שווער אוועקצורייסען. דאריבער האב איך מורא, אז ווען ער וועט זעהן אז ער ווערט אין אייך פארליעבט און איהר וועט פארלאנגען ער זאל אננעהמען דעם קאטוילישען גלויבען, וועט ער נאך אוועק אין גאנצען פון אונז.

— איך בין זיך אבער מודה אז איך ליעב איהם מיט'ן גאנצען פייער פון מיין נשמה... ער מוז געהערען צו מיר, און איהר, פאן מאניושקא, מוזט מיר העלפען אין דעם.

— איך קען אייך געבען בלויז איין עצה, און דאס איז, אז איידער איהר זייט זיכער מיט זיין ליעבע צו אייך זאלט איהר אפילו קיין אנדייטונג איהם ניט געבען וועגען זיין רעליגיע. איהר פארשטעהט... איהר דארפט איהם פריהער האבען אין אייער מאכט און דאן וועט איהר שוין זעהן וואס איהר האט צו טאן.

— איהר זייט גערעכט, פאן מאניושקא, איהר זייט אלע מאל געוועזען גערעכט, — האט זי געזאגט. — איך געדענק אז איהר האט מיר געזאגט וועגען אייער ענטדעקונג, און איהר האט דאן פאראויסגעזאגט אז ער וועט נעהמען ווארשע מיט שטורעם און עס איז איצט ווירקליך ווי איהר האט געזאגט. און דאריבער וועל איך אייך פאלגען.

— אויב איהר וואלט מיך טאקע געפאלגט וואלט איך אייך אפגערעדט אין גאנצען פון דעם. איהר פארשטעהט, איהר פארנעהמט זיך אויף א זעהר געפעהרליכען וועג... פארגעסט ניט אז איהר זייט פארשפראכען פאר דער כלה פון דעם גראף פאסקעוויץ און ווען ער וועט זיך דערפון דערוויסען, וועלען שוין קיינע צרות ניט פעהלען, ניט אייך און ניט סטראשונסקי'ן.

— איהר מאכט א טעות. איך בין ניט פארשפראכען פאר זיין כלה... אמת, ער האט מיך ליעב און ער האט שוין ניט איינמאל זיך ערקלעהרט אין ליעבע צו מיר, אבער איך האב איהם קיינמאל ניט ערמוטיגט... איהר ווייסט אליין אז ער איז ניט פאר מיר. ער איז ניט מוזיקאליש גענייגט, פון קיין אנדערע פארגעניגענס ווי יאגד און שווערד ווייסט ער ניט.

— אויב אזוי, טא פארוואס האט איהר איהם די גאנצע צייט ערלויבט זיך צו געפינען אין אייער געזעלשאפט?

— איז דען דער גראף פאסקעוויץ דער איינציגער וועלכער איז אין מיר פאראינטערעסירט? — האט זאמאיסקא געלאכט, — איהר ווייסט גאנץ גוט אז פיעלע יונגע גראפען און אזוי רייכע יונגע לייט געהען אויס נאך מיינע טריט. זיי גיבען מיר קאמפלימענטען און ערקלעהרען זיך מיר אין ליעבע, אבער איך נעהם עס אז פאר שפאס און זיי האבען צו מיר קיינע טענות ניט.

— אבער דער גראף פאסקעוויץ איז עפעס אנדערש. אלע ווייסען אז ביז ניט לאנג צוריק פלעגט איהר מיט איהם געהן אומעטום. איהר פלעגט געזעהן ווערען אין זיין געזעלשאפט זעהר אפט. אויף די בעלער פלעגט איהר מיט איהם טאנצען.

—עס איז אמת, אז ביז וואנען איך האב געטראפען דעם פאן סטראשונסקי'ן האב איך געהאט א ווארעמען פונק אין מיין הארצען פאר דעם גראף פאסקעוויץ. אבער איצט איז דער פונק אין גאנצען אויסגעלאשען און איך האב זיך אפגעקיהלט צו איהם.

— נו, און וואס איז מכח זיין פונק פאר אייך?... איך גלויב אז פון זיין פונק איז געווארען א פלאם־פייער און ער וועט אייך פארצעהרען.

— איך גלויב אז ער פיהלט אליין אז איך בין געווארען גלייכגילטיג צו איהם.

— אט טאקע דערפאר האב איך מורא. ווען ער וועט אויסגעפינען די אורזאכע וועט אין איהם ברענען זיין צארן. ער וועט זיך קיינמאל ניט אונטערגעבען. אין זיינע אויגען איז דער פאן סטראשונסקי ניט מעהר ווי א איד און זיין שטאלץ וועט שטארק ליידען ווען ער וועט אויסגעפינען אז א איד האט פון איהם אוועקגערויבט זיין כלה. איך קען פאראויסזעהן זעהר שלעכטע פאלגען, און דערפאר ווארען איך אייך, גרעפין זאמאיסקא, איידער עס וועט זיין צו שפעט, זאלט איהר זיך באהערשען און אויפגעבען דעם פאן סטראשונסקי.

— ניין, דאס קאן איך קיינמאל ניט טאן! איך בין אין איהם פארליעבט... ביז איצט האב איך נאך קיינעם אזוי ניט געליעבט ווי איהם... און איך דארף אייך ניט דערצעהלען, אז איך האב געהאט גענוג ליעבעס... אבער צו קיינעם האב איך אזוי ניט געפיהלט ווי צו איהם... און צו דעם גראף פאסקעוויץ'ן געוויס ניט!

— אבער ווי אזוי וועט ער פיהלען?... איך ווייס, אז ער איז אין אייך זעהר פארליעבט.

— איך וועל שוין וויסען ווי זיך צו באגעהן מיט דעם גראף פאסקעוויץ. פאר איהם האב איך קיין מורא ניט... אלץ וואס איך וויל איז, אז פאן סטראשונסקי זאל מיך ליעב האבען אזוי שטארק, אז ער זאל איינוויליגען אנצונעמען מיין גלויבען...

— איך זעה פאר אייך זעהר א שווערע אויפגאבע, גרעפין — האט מאניושקא געזאגט.

— איהר האט מורא, אז ער האט ליעב זיין פרוי אין ווילנע?

— ניין, זעהט איהר וועגען דעם האב איך שוין גאר קיין מורא ניט...

מיר דוכט זיך, אז ער איז אָפּגעפרעמדט געוואָרען פון איהר... ער האָט מיר דערצעהלט, אז ער איז אוועק פון זיין היים און אפילו זיך ניט געזעגענט מיט זיין פרוי...

— דאָס אַלץ וואָס איך האָב געוואָלט הערען! — האָט די גרעפין מיט צופרידענהייט געזאָגט — איצט גלויב איך וועט מיין אויפגאַבע ניט זיין אזוי שווער... איהר וועט נאָך זעהן פאַן מאַניושקא, אז דאַוויד וועט ווערען א קאַטאָליק און דאַן וועל איך מיט איהם הייראַטען.

— איך ווינש אייך ערפאָלג, גרעפין! — האָט מאַניושקא אויסגערופען — איהר אַליין קאָנט דאָך פאַרשטעהן, אז איך וואָלט זיך אויך געפיהלט א סך גליקליכער ווען דאָס קאָן אויסגעפיהרט ווערען און ער ווערט איינער פון אונז... איך האָף, אז איהר וועט קיין שוועריגקייטען ניט האָבען... כאָטש איך קאָן איהם זעהר גוט און איך ווייס ווי שווער עס וועט זיין פאַר איהם זיך אוועקצורייסען פון זיין רעליגיע... קאָן איך דאָך אָבער פאָרט ניט אונטערשעצען אייער צויבער וואָס איהר באזיצט און אייער שעהנעם פרויען רייץ... איך ווייס אויך, אז איהר זייט קלוג און איהר וועט וויסען ווי אויסצונוצען אייער וואפען אין דער ריכטיגער צייט.

— איהר מעגט זיך אויף מיר פאַרלאָזען! — האָט זאַמאָיסקא זיך אָנגערופען.

— אויב איך וועל אייך קאָנען מיט וואָס עס איז באהילפיג זיין וועל איך עס טאָן.

— איך וועל אזוי טאָן — האָט די גרעפין געזאָגט — איך האָב באשלאָסען, אז ער וועט געהערען צו מיר און איך וועל קיין זאך אין דער וועלט ניט לאָזען שטעהן אין מיין וועג... אייך פאַרטרוי איך, פאַן מאַניושקא, אז איך האָב נאָך קיינמאָל אזוי ניט געליבט ווי איצט... און מיינט ניט אז איך בין פאַרליעבט אין זיין וואונדערבארער שטימע... פאַרשטעהט זיך, אז אויך זיין שטימע האָט א סך צו טאָן מיט מיינע געפיהלען צו איהם. אָבער אין דער אמת'ן האָט זיין פּערזענליכקייט מיר פאַר'כשופ'ט. ווען ער איז צום ערשטען מאָל אריינגעבראַכט געוואָרען אין מיין הויז איז ער געוועזן באוואקסען... זיין הילוך איז געווען אָפּגעלאָזען און ער האָט אפילו זיין הוטעל ניט געוואָלט ארונטערנעמען. איך געדענק, אז איך האָב איהם געהייסען אריינברענגען כדי איך און מיינע געסט זאָלען קאָנען טרייבען שפּאס מיט איהם... אָבער ווען ער האָט גענומען שפּילען און זינגען, האָב איך דערפיהלט, אז ער ווערט מיר אזוי נאָהענט, אזוי טייער...

— נו, איצט זעהט איהר, אז זינגען און שפּילען האָבען אייך באצויבערט — האָט מאַניושקא לאַכענדיג געזאָגט — אָבער ניט זיין פּערזענליכער צויבער.

— איהר פאַרשטעהט, איידער איך האָב אויסגעפונען, אז ער באזיצט אזא טאַלאַנט, האָב איך זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט. איך האָב ניט באַמערקט זיינע קלוגע, טיפע און מילדע אויגען. זיין איידעלען צאַרטען פּנים...

דאָס אַלץ האָב איך געקומען מערקען נאָכדעם, ווען איך האָב זיך שוין גע־נומען פאַראינטערעסירען אין איהם, איהר פאַרשטעהט?

— איך פאַרשטעה, גרעפין, פונדעסטוועגען וועט ניט שאַדען, ווען איך וועל אייך נאָך אמאָל וואָרענען צו זיין פאָרזיכטיג... ער איז אין גאַנצען אַנ־דערש פון די יונגע לייט מיט וועמען איהר זייט געוואוינט געוואָרען.

— ווען עס האַנדעלט זיך אום ליעבע איז דער אונטערשייד א גאַנץ קליינער! א יונגע פרוי מיט ערפאַהרונג קאָן שטענדיג קריגען דעם מאַן וועמען זי ליעבט זעהר שטאַרק ווען זי צעגערט ניט און ווענדעט אָן אַלע איהרע וואַפען מיט וואָס די נאַטור האָט איהר באַשאָנקען... האַ, ניט אמת?

— איהר ווייסט בעסער, גרעפין, איהר זייט דאָך א פרוי און דערצו מיט טויזענט מעלות... אַלץ וואָס איך קאָן, איז ווינשען אייך גליק.

— איהר קאָנט מיר אָבער פאָרט אַרויסהעלפען! — האָט די גרעפין זאַמאָיסקא געזאָגט.

— מיט וואָס?

— הערט זיך איין, איך וועל דאַרפען האָבען אַן אויסרייד... ווען איך וועל איהם איינלאַדען גלאַט אַזוי אָהן אַן אויסרייד, וועט ער אפשר זיך אָנ־שטויסען... איך וויל, איז איהר זאָלט איהם זאָגען, אַז מיר דאַרפען אָנפאַנ־גען איינשטודירען אייער צווייטע אָפּערא "די ציגיינער", נו, וועל איך איהם בעטען ער זאָל קומען צו מיר און אַרויסהעלפען... איהר פאַרשטעהט!

— יע, איך פאַרשטעה! עס איז א גאַנץ גוטער איינפאַל. די שווערסטע אַריע פון דער דאָזיגער אָפּערא האָט ער שוין מיט א צייט צוריק איינגע־שטודירט... איהר וואַרט דאָ צו נאָך א קליינע ווייַלע, איך ערוואַרט איהם אין א האַלבע שעה אַרום, וועט איהר האָבען א געלעגענהייט מיט איהם צו ריידען.

די גרעפין זאַמאָיסקא האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען זיין פּיאַנאָ און גע־נומען אויסשפּילען איינינגע זאַכען. מאַניושקא האָט איהר אָנגעוויזען אויף איינינגע פעהלערען און זי האָט איבערגעשפּילט.

באַלד איז אַריינגעקומען יואל דוד. ער איז געבליבען שטעהן ביים אַריינגאַנג א ווייַלע, און ווען ער האָט דערזעהן, אַז מאַניושקא איז פאַרנו־מען אין אַרויסהעלפען דער גרעפין, האָט ער זיך שוין געוואָלט צוריקציהען.

— קומט צו, פּאַן סטראַשונסקי! — האָט מאַניושקא זיך אָנגערופען ווען ער האָט איהם באַמערקט. איהר זייט געקומען אין צייט.

— אָ, פּאַן סטראַשונסקי! — האָט די גרעפין אויסגערופען און זיך אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ — איך בין זעהר צופרידען וואָס איהר זייט געקומען. איך האָב אביסעל שוועריגקייטען מיט אָט דער דאָזיגער אַריע פון דער אָפּערא "די ציגיינער", און איך ווייס, אַז איהר האָט דאָך אַזאַ שאַרפען אויער, אַז איהר קאָנט ענטדעקען די מינדסטע ניט פּינקטליכקייט אין מיין זינגען.

— זי איז גערעכט, די גרעפין! — האָט מאַניושקא געזאָגט — איך אַליין מוז צוגעבען, אַז אייער אויער פאַר מוזיק איז שאַרפער פאַר מיינעם!

און דאַריבער וועט ניט שאַדען, אַז איהר וועט אַרויסהעלפען דער גרעפין אין איהרע שוועריגקייטען.

— איך בעט אייך, פאַן סטראַשונסקי, קומט מאָרגען אין אָוועגט אַרי־בער צו מיר אין הויז, מיר וועלען איבערגעהן די אַריע אויף מיין פּיאַנאָ און איהר וועט מיר העלפען איינשטודירען.

— המ... איך...

— אָהן קיין ענטשולדיגונגען. איך האָף, אַז איהר וועט מיר ניט ענט־זאָגען... איהר וועט זיין צו מיר אַ גרויסע הילף... איך בין זיכער, אַז נאָכ־דעם ווי איהר וועט מיר העלפען איינשטודירען וועט דער פאַן מאַניושקאַ זיין צופרידען מיט די רעזולטאַטען, זאָגט איהר מיר צו?

— איהר מוזט זיך אַרויסהעלפען איינע די אַנדערע — האָט מאַניושקאַ געזאָגט — ווייל אין דער אַנדערער אָפּערא וועט איהר אויך שפּילען אַ פּאַר־ליבטע פּאָר צוזאַמען.

— וועל איך אייך ערוואַרטען מאָרגען אין אָוועגט — האָט די גרעפין זיך צו איהם געווענדעט — איהר וועט זיכער קומען. מיר וועלען אַ סך אַר־בייט אויפטאָן. קיינער וועט אונז ניט שטערען...

יואל דוד האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי צוצוזאָגען. עס איז פאַר איהם ווירקליך געווען אַ גרויסער כבוד, אַז די גרעפין האַלט אַזוי שטאַרק פון איהם אלם מבין... אַז זי גלויבט, אַז ער קאָן איהר אַ סך באַהילפיג זיין.

שפּעטער ווען ער איז געווען ביי זיך אין צימער, האָט ער ווידער גענו־מען נאָכדענקען פאַרוואָס האָט זי איהם איינגעלאַדען צו קומען צו איהר? זי האָט איהם געזאָגט, אַז זיי וועלען זיין אליין. קיינער וועט זיי ניט שטערען. זיי וועלען קאָנען אויפטאָן אַ סך אַרבייט... זיין האַרץ האָט איהם גענומען שרעקען... אָבער ער איז דאָך געווען זעהר נייגעריג צו קומען צו איהר... ער האָט געטראַכט פון איהר רייץ, פון איהר אויסערגעוועהנליכער שעהנקייט און זי האָט איהם פאַראינטריגירט...

אויף מאָרגען איידער ער איז געגאַנגען צו דער גרעפין האָט ער גע־שיקט רופען זיין פאַבריקמאַכער, וועלכער האָט איהם אַרומגעשאָרען, דאַן האָט ער זיך אַרומגעוואַשען און אָנגעטאָן זיינע נייע מלבושים און זיין פּור־טערנעם מאַנטעל און איז אוועק צו איהר פּונקט צו דער באַשטימטער צייט.

אַ דינער האָט פאַר איהם געעפענט די טיר און אַ קאַמער מיידעל פון דער גרעפין האָט פאַר איהם אויפגעעפענט אַ טיר צום צווייטען צימער פון וואַנען עס האָבען זיך דערטראָגען די קלאַנגען פון פּיאַנאָ.

ער איז געבליבען שטעהן אַ ווייל אין מיטען צימער. די גרעפין האָט זיך אַ קעהר געטאָן און דערזעהענדיג איהם, האָט זי זיך אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ און איז איהם אַנטקעגען געקומען אויסשטרעקענד איהרע ביידע הענט.

— אַ, איהר זייט זעהר פּינקטליך, פאַן סטראַשונסקי. איך בין אייך זעהר דאַנקבאַר... טוט אויס אייער מאַנטעל.

זי האָט אַ וואונק געטאָן צו איהר קאַמער מיידעל, וועלכע איז געשטאַ־

נען נעבען דעם אריינגאנג, און יענע איז אריין אינוועניג און גענומען פון איהם זיין מאנטעל און הוט.

— נו, איצט זעצט זיך אַט דאָ — האָט זי איהם אָנגעוויזען אויף א שטוהל נעבען דער פּיאנאָ.

די קאמער מיידעל וועלכע האָט געהאַלטען זיין מאנטעל און הוט, איז געבליבען שטעהן א ווײַלע.

—דו קאָנסט געהן! — האָט די גרעפין צו איהר זיך אָנגערופען — אז איך וועל דיך דארפען וועל איך דיר לאָזען וויסען.

די קאמער מיידעל האָט זיך א נייג געטאָן און איז ארוים פון דאָרט.

די גרעפין זאמאָיסקא האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דעם פּיאנאָ שטוהל און האָט א פיהר געטאָן איהרע צארטע פינגער איבער די קלאוויישען פון דער פּיאנאָ... זי האָט באלד אויפגעהערט, זיך א דרעה געטאָן מיט'ן פּנים צו איהם און זיך אָנגערופען:

— איהר ווייסט, פּאן סטראשונסקי, איך האָב געהאט אין זינען אייך איינצולאדען צו אָווענט ברויט, אָבער איך האָב זיך דערמאָנט, אז אייער רעליגיע ערלויבט אייך ניט צו עסען אונזערע שפּייזען... האָב איך אייך ניט געוואָלט שטעלען אין א פארלעגענהייט...

— איך דאנק אייך! — האָט יואל דוד א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— איהר געדענקט, אז ווען מיר האָבען געפייערט ביי מיר דעם ערפאָלג פון דער ערשטער פאָרשטעלונג און איהר האָט ניט געוואָלט טרינקען קיין וויין, האָב איך אייך קיין פראגעס ניט געפרעגט, ווייל איך ווייס, אז איהר היט אָפּ אייער רעליגיע... איך וויל אייך איצט אויך זאָגען, אז וואָס אנבא־לאַנגט אייער גלויבען, וועל איך אייך ניט שטערען... אָבער איך וואָלט זעהר געוואָלט איהר זאָלט ביי מיר עפּעס צובייסען. זאָגט מיר דעם אמת, איז אייך קיין זאך ניט ערלויבט צו עסען אין א קריסטליך הויז.

— בלויז פליישיגע זאכען און וויין.

— נו, אויב אזוי וועל איך הייסען צוגרייטען פאר אייך מילכיגע מאכלים. און איהר וועט טאקע צובייסען אין א ווײַלע ארום.

— ניין, גרעפין, איך דאנק אייך, איך בין ניט הונגעריג!

— איך ערוואַרט, אז איהר וועט דאָ ביי מיר פארווײַלען א היבשע ווײַלע און איהר וועט זיכער הונגעריג ווערען.

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, גרעפין, כאָטש מילכיגע מאכלים קאָנען מיר עסען אפילו אין א קריסטליך הויז, איז אָבער פאראן אן אנדער אָפּהאַלט און דאָס איז די כלים... ביי אונז, אידען, זיינען פאראן צוויי־ערליי כלים, פליישיגע און מילכיגע, און מען איז זעהר אָפּגעהיט זיי ניט צו פאר־ביטען. און ווען זיי ווערען דורך א טעות פארביטען, דאן טאָר מען די שפּיי־זען ניט עסען. איצט קאָנט איהר פארשטעהן פארוואָס אונז איז ניט ערלויבט צו עסען אין א קריסטליך הויז...

— איך פארשטעה! — האָט די גרעפין געשמייכעלט. נו, מילא היינט איז שוין פארפאלען, אָבער פאר א צווייטען מאָל וועל איך פאר אייך האָבען

צוגעגרייט נייע כלים וואָס וועלן באנוצט ווערן בלויז פאר אייערע שפייזן.

— עס איז ניט נויטיג, גרעפין!

— איך גלויב, אז עס איז יע נויטיג — האָט זי אָנגענומען זיין האנט, ווייל איך האָף, אז איהר וועט מיך פון היינט אָן באזוכען גאנץ אָפט און איך וועל דאָך אייך ניט קאָנען פארהאלטען צו לאנג אָהן שפייז.

יואל דוד האָט א שמייכעל געטאָן. ער האָט באטראכט די גרעפין. זי איז געווען אָנגעטאָן אין א ראָזאָווער, זיידענער קלייד מיט טיפער דעקאלטע און קורצע ארבעל, פון וואָס עס האָט ארויסגעבליאסקעט איהר שניי־ווייסער האלז און שולטער. זי איז געווען אזוי באצויבערענד שעהן, אזוי פארכאפענד, אז די בלוטען אין איהם האָבען זיך גענומען זידען... ער האָט איינגעגעסען זיינע בליקען אין די ענטבלויזטע טיילען פון איהר קערפער... זיין פנים האָט געברענט.

די גרעפין האָט געפיהלט זיינע תאוה'דיגע בליקען... זי האָט איהם אריינגעקוקט אין די אויגען און האָט געהאלטען זיין האנט...

— זאָג מיר, דאוויד — איז זי געוואָרען אינטים — וועגען וואָס טראכסטו?

— המ... איך טראכט! — האָט ער איהר געענטפערט — ווי באצויבערענד שעהן איהר זייט...

— נו, און וואָס ווייטער! — האָט זי איהם שוין ניט אָפגעלאָזען.

— אייערע בלויע אויגען זיינען בלויער פון דעם לויטערען הימעל און אייערע גאָלדענע לאָקען באצירען אייער אלבאסטער האלז... אייערע צייהן זיינען ווי צוויי שנירלאך פערל.

— רייד ווייטער, מיין ליבסטער — האָט זי זיך גענומען דערנעהנטערען צו איהם — זי האָט א לייג געטאָן איהר קאָפ צו זיין בוזים. יואל דוד'ס קערפער האָט געציטערט פון אויפרעגונג... ער האָט געפיהלט איהר נאָהענטקייט... פון איהר קערפער האָט געשלאָגען א ווארעמקייט. דער דופטענדער ריח פון פארפיום האָט איהם נאָך מעהר פאר'שכור'ט. ער האָט אָנגעריהרט איהר קערפער און די גרעפין האָט זיך א וואָרף געטאָן אין זיינע אָרעמס און איהם געקושט.

סטראשונסקי איז געווען אזוי בארוישט, אז ער האָט זיך קיין חשבון ניט אָפגעגעבען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פארטאָג איז ער ארוים פון פאלאץ און איז אוועק צו זיין האָטעל. דער קאלטער פריהמאָרגען און דער ווייסער שניי וואָס איז געלעגען אויף די גאסען האָבען איהם אויסגעניכטערט פון זיין שכרות... ער איז אריין אין זיין צימער און ארונטערגענומען זיין מאנטעל און זיך געלייגט מיט זיינע קליידער. ער איז געלעגען אויף זיין בעט און ער האָט גענומען טראכטען פון דעם וואָס מיט איהם איז פאָרגעקומען... ווי אזוי האָט עס פאסירט... ער האָט געטראכט פון יוסף'ן און פוטיפר'ס ווייב. יוסף איז בייגעשטאנען דעם נסיון... יוסף האָט דעם יצר הרע פון זיך פארטרייבען... אפילו ווען ער האָט גע־

וואוסט, אז ער וועט צוליב דעם ליידען. ער איז געזעסען אין געפענגניש... און ער... וואס האט ער געטאן?... איצט זעהט ער ווי די היילינע חכמים זיינען געווען גערעכט ווען זיי האבען געזאגט: "עבירה גוררת עבירה", איין עבירה ברענגט צו א צווייטער... ער האט ארומגעשארען זיינע פאות און זיין בערדל האט ער געבראכט דערצו, אז די גרעפין זאל איהם געלוסטען... און ער האט געזינדיגט... א, פארוואס האט ער זיך ניט געשטארקט ווי יוסף הצדיק, וועלכער האט פונקט אין אזא מאמענט זיך ניט פארלוירען און איז אנטלאפען געווארען פון זליכה'ן...

סטראשונסקי איז אזוי געלעגען עטליכע שעה... זיין געוויסען האט איהם געפלאגט. ער האט גענומען טראכטען פון זיין חנה'לען, וועלכע איז דאך אזוי ריין, אזוי צנועה'דיג... זי ליגט אין בעט און טראכט פון איהם, פון איהר מאן... זי איז אזוי באזארגט וועגען איהם. זי מוז וויינען... זי טראכט זיך, אז ער ליידט... אז ער איז עלענד דארט אין דער פרעמד... באלד האבען זיינע געדאנקען ווידער געוואנדערט... ער האט געטראכט פון דער גרעפין... פון איהר רייץ און איהר ליידענשאפט... ווי שטארק איהר ליעבע איז צו איהם... ער וואלט זיך קיינמאל ניט געגלויבט, אז די שטאלצע, די שעהנע גרעפין פאר וועמען גראפען און פרינצען פאלען... זי זאל איהר ליעבע געבען צו איהם, א אידען, א געוועזענעם חזן... וואס וועט איצט זיין? וועט ער וויטער קאנען אנגעהן מיט זיין שפילען אין דער אפערא צוזאמען מיט איהר... ער איז אזוי צעטומעלט און צערודערט זיין קאפ טוט איהם וועה... ער דארף רוהען, ווען ער וואלט געקאנט א ווייליע שלאפען... אפשר וואלט ער אן אלץ פארגעסען פאר א ווייליע.

ער איז אזוי וויטער געלעגען אויף זיין בעט אין זיינע זאכען... ער האט א קוק געטאן אויף זיין זייגער, עס איז שוין עלף און ער האט נאך קיין תפילין ניט געלייגט... אבער ווי אזוי קאן ער לייגען תפילין ווען ער איז אזוי זינדיג... ווי קאן ער אנריהרען די היילינע תפילין מיט זיינע הענט וואס האבען אנגעריהרט איהר קערפער... ער איז א זינדיגער... ער טאר ניט ארויפ־ברענגען די היילינע תפילות אויף זיינע ליפען...

יענעם טאג האט ער שוין קיין תפילין ניט געלייגט... דאס איז געווען דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען אז ער האט קיין תפילין ניט געלייגט. עפעס האט איהם געדריקט אויף דער נשמה... איהם האט זיך גענומען דוכטען, אז ער זינקט וואס טיפער אין אפגרונד אבער עס איז שוין פארפאלען... פאר איהם איז שוין קיין אנדער אויסוועג ניטא... דער שטן האט איהם געפאנגען, ער איז אין זיינע הענט און קאן טאן מיט איהם וואס איהם געפעלט.

שפעטער איז ער ארונטער עפעס עסען... ער האט זיך געוואשען צום עסען און געמאכט המוציא, און דערביי האט ער געטראכט, אז ער טוט עס אויס געוואוינהייט. נאכדעם ווי ער איז באגאנגען אזא עבירה, קאן ער שוין ניט מאכען קיין ברכה מיט'ן גאנצען הארצען.

נאכ'ן עסען איז ער א ווייליע ארוים אין גאס. דער פראסט האט גע־ברענט און ער האט אזוי שפאצירט לאנגזאם... ער האט געוואלט אריבערגעהן

צו מאַניושקאַ׳ס סטודיאָ, אָבער ער האָט עס ניט געטאָן. איהם האָט זיך גע־דוכט, אַז מאַניושקאַ וועט פון זיין פּנים לייענען וואָס ער האָט געטאָן און ער האָט זיך איינפאַך געשעהמט צו ווייזען זיין פּנים פאַר איהם. אויסער דעם האָט ער מורא געהאַט טאָמער וועט ער דאָרט טרעפען די גרעפין...

ער איז אוועק אהיים צו זיך אין צימער און ער איז אַ ווײלע געזעסען אויף זיין שטוהל און גענומען טראַכטען פון זיין חנה׳לען, פון זיין טעכטערל, פון ווילנע און די גבאים און די בעלי בתים... פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן? אַלע האָבען איהם דאָרט אַזוי ליעב געהאַט. מען האָט דאָך איהם ממש אויף די הענט געטראָגען... וואָס וואָלט איהם איצט געפעהלט, ווען ער בלייבט ווילנער שטאָט חזן... שכירות וואָלט ער געקראָגען גרויסע. ער וואָלט זיך געקאָנט פאַרגינען צו לעבען ברייט אין זיין אייגען היים, מיט אַ דינסט פאַר חנה׳לען... צו איהם וואָלטען געקומען די וויכטיגסטע בעלי בתים, מען וואָלט פאַרבראַכט, אָט איז אין גיכען חנוכה... ער בענשט חנוכה ליכט. זיין חנה׳לע באַשעפטיגט זיך מיט באַקען לאַטקעס. איהר פּנים פלאַמט... זי טראָגט איהם צו אויף אַ גאָפּעל די ערשטע פאַרטיג געוואָרענע לאַטקע... ער ענטזאָגט זיך צו עסען, סיידען זי זאָל פריהער אַ ביים טאָן פון דער לאַטקע. זי פאָלגט איהם... זיי עסען צוזאַמען. ער נעמט זי אַרום און ער קושט זי און זי האַלזט איהם און זאָגט:

— מיין ליעבסטער יואל דוד! מיין טייערסטער מאַן... איך האָב דיך אַזוי ליעב.

אומעטיגע געדאַנקען האָבען זיך געפּלאָנטערט אין זיין מח, ווי אַזוי האָט געקאָנט באַגעהן אַזאַ פאַרברעכען געגען זיין חנה׳לען, זיין טייערע ליעבע הייליגע צנועה׳דיגע ווייבעלע, ווי וועט ער איהר קאָנען קוקען גלייך אין די אויגען?...

אַ גאַנצען טאָג האָט איהם געדריקט אונטער׳ן הארצען און איהם גע־נאָגט אויף דער נשמה... אָ, פאַרוואָס האָט ער זיך אַזוי שנעל פאַרלוירען? פאַר וואָס האָט ער דאָן ניט געטראַכט פון זיין חנה׳לע פון זיין קינד... ער וואָלט געווייס דאַן גובר געווען זיין יצר הרע.

פונדעסטוועגען האָט איהם אויף מאָרגען ווידער גענומען ציהען צו דער גרעפין... ער האָט געהאָפט, אַז זי וועט איהם איינלאַדען נאָך אַמאָל און אַז ער האָט פון איהר ניט געהערט איז ער אוועק צו מאַניושקאַ׳ן אין סטודיאָ.

מאַניושקאַ האָט גלייך אָן זיין פּנים דערקענט, אַז עפּעס איז מיט איהם געשעהן... ער איז אַזוי צערודערט און צעטראָגען.

ער האָט איהם אָבער גאָרניט געפרעגט. ער האָט איהם געוויזען אַ פאַר־שריבענעם פּאַפּיר מיט מוזיק און ער האָט געהייסען איהם דאָס שפּילען אויף דער פּיאַנאָ.

אַזוי שנעל ווי זיינע פינגער האָבען אָנגערירט די קלאַווישען פון דער פּיאַנאָ, האָט ער זיך אינגאַנצען געענדערט. ער איז ווידער אריין אין זיין

איינגען וועלטעל פון געזאנג און מוזיק. ער האָט גענומען אויסזינגען די אריע און מאַניושקא האָט איהם ניט אויפגעהערט צו לויבען.

פאַרגעסען האָט יואל דוד אַלץ וואָס מיט איהם איז פאַרגעקומען, די מוזיס האָט איהם צוריקגעבראַכט אין אַ הייטערער שטימונג. ער האָט געזונגען, פריהער אויף די נידעריגע טענער און דערנאָך אויף די העכערע טענער און ער איז ווידער געוואָרען דער זעלבער יואל דוד... ער האָט פון קיין זאַך ניט געטראַכט נאָר פון זיין מוזיק. ער האָט גאָרניט באמערקט ארום זיך. ער איז געוועזען אַזוי פאַרטיפט אין זיין זינגען, אַז ער האָט אפילו ניט געמערקט דאָס אריינקומען פון דער גרעפין זאַמאָיסקא, וועלכע האָט לאַנגזאַם געעפענט די טיר פון דער סטודיאָ און איז געבליבען שטעהן צוגעשמידט צו איהר פּלאַץ. זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט איהר האַנט צו מאַניושקא'ן, וועלכער האָט זיך געוואָלט אויפשטעלען אַז ער זאָל בלייבען זיצען אויף זיין פּלאַץ, כדי סטראַשונסקי זאָל ניט געשטערט ווערען אין זיין זינגען.

ווען ער האָט געענדיגט זינגען האָט די גרעפין גענומען איהם אַפּלאָדירען. יואל דוד האָט זיך אַ קעהר געטאָן, און ווען ער האָט זי דערזעהן האָט ער זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ. ער האָט געוואָלט צולויפען און זי באַגריסען, אָבער עפּעס האָט איהם אָפּגעהאַלטען.

די גרעפין אָבער איז צוגעגאַנגען צו איהם. זי האָט געדריקט זיין האַנט און געזאָגט שוין גאַנץ אינטים:

— דיין שטימע איז נאָך מעהר וואונדערבאַר היינט!

— אַ דאַנק, גרעפין! — האָט ער געענטפערט און ער האָט ניט געוואוסט וואוהין ער זאָל ווענדען זיינע בליקען. ער האָט זיך עפּעס געשעהמט איהר צו קוקען גלייך אין די אויגען.

די גרעפין איז געווען אַזוי אויפגעלייגט, אַזוי לוסטיג און פרעהליך, אַז זי האָט ניט געקאָנט פאַרבאָרגען איהרע געפיהלען. זי האָט אָנגענומען יואל דוד'ס האַנט און זי האָט זיך אָנגערופען צו מאַניושקא'ן:

— איהר ווייסט, פּאַן מאַניושקא אַז איך קאָן די גאַנצע אריע פון דער "ציגיינערין" זעהר גוט, און דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען דאַוויד'ען. ער האָט מיר אַ סך ארויסגעהאָלפען פאַרגעסטערן אין אָוונט. הא, ניט אמת, דאַוויד?

— יואל דוד האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, אָבער די ווערטער זיינען איהם געבליבען שטעקען אין האַלז. און ער האָט בלויז צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איך בין זעהר צופרידען, גרעפין! האָט מאַניושקא געזאָגט — ווייל איז גיכען וועלען מיר אָנפאַנגען שפּילען די "ציגיינערין" און איצט וואָלט איך טאַקע וועלען מאַכען מיט אייך ביידען אַ רעפּעטיציע...

מאַניושקא האָט זיך געזעצט ביי דער פּיאַנאָ און גענומען באַגלייטען, פריהער דעם טייל וואָס די גרעפין האָט געזונגען און דערנאָך וואָס סטראַשונסקי האָט געזונגען.

— איך זעה, אַז איהר קאָנט ביידע אייערע ראָלען אויסגעצייכענט — האָט מאַניושקא געזאָגט — און דעריבער קאָן איך אייך געבען די וייטער-

דיגע אַריעס און מיר וועלען האָבען נאָך רעפּעטיציעס היינטיגע וואָך. איך וועל אייך שוין לאָזען וויסען. און איצט וועל איך זיך מוזען אַפּגעבען מיט'ן כאָר... איך האָב אַ שווערע אויפגאַבע מיט זיי, ווייל צווישען זיי געפינען זיך אייניגע מיט פאַרגרעבטע קעפּ... גראָד פון די וועלכע האָבען פיינע שטימען...

— און ווי איז די דאָזיגע מיידעל, איך מיין אָט די פּאַניענקע, וועלכע קומט פון דער זעלבער שטאָט ווי פּאַן סטראַשונסקי? — האָט די גרעפין אַ פרעג געטאָן.

— פון איהר האָב איך קיין צרות ניט. זי איז מוזיקאַליש, כאָטש איהר שטימע איז ניט אַזוי קרעפטיג ווי איך האָב ערוואַרטעט — האָט מאַניושקא געענטפערט — איך בין זיך מודה, אַז איך בין אין איהר עטוואָס ענטטוישט. זי שטימט ניט מיט די אַנדערע מיידלאַך. זי ווערט שנעל אויפגערעגט און ווייזט אַרויס אַ סך קאַפּריזען... גאַנץ אָפט טראַכט איך, אַז ווען זי וואָלט ניט געווען די טאָכטער פון מיין גוטען פריינט קרושענסקי, וואָלט איך ניט אַרויסגעוויזען אַזוי פיל געדולד צו איהר.

— אפשר איז זי גאָר פאַרליבט! — האָט די גרעפין לאַכענדיג אויס־גערופען, האַ, וואָס זאָגט איהר?

— דאָס אינטערעסירט מיך ניט! — האָט מאַניושקא געזאָגט — אַלץ וואָס איך וויל איז, אַז דער כאָר זאָל האַרמאָנירען מיט דער אָפּערא, כאָטש אין אַ געוויסער הינזיכט בין איך פאַראַנטוואָרטליך פאַר איהר מאָראַלישער אויפפיהרונג. איהר פאָטער האָט מיך געבעטען פאַר זיין אָפּפאָהרען איך זאָל האַלטען אַן אויג אויף איהר...

— נו, לאָמיר מעהר וועגען איהר ניט ריידען! — האָט די גרעפין גע־זאָגט און ווענדענדיג זיך צו יואל דוד'ן האָט זי געזאָגט:

— און די, טייערער ווענסט דאָך געוויס קומען צו מיר היינט אין אָווענט נאָך אָווענט ברויט. מיר וועלען ביידע איבערגעהן די אַריע און דו ווענסט מיט מיר איינשטודירען די שווערע טיילען וואָס זיינען פאַר מיר ניט גאַנץ פאַר־שטענדליך.

יואל דוד האָט געשוויגען, ס'בלוט האָט איהם אַ זעץ געטאָן אין פּנים... ער האָט געקוקט אויף דער שעהנער גרעפין און ער האָט געוואוסט אַז ער וועט ביי איהר זיין. ער קאָן ניט זאָגען ניין!

און ער איז געקומען. דעם מאָל האָט די גרעפין איהם אויפגענומען מיט קושען... ער האָט זיך אפילו פאַרלוירען פון איהר פּלוצליכען ליידענשאַפטלי־כען אויסברוך, אָבער ער איז באַלד צו זיך געקומען...

די גרעפין האָט זיך געזעצט אויף דער זאָפאַ וואָס איז געווען באַצויגען מיט אַ גרינעם פּליוש. יואל דוד איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ און ער האָט גענומען אויסשפּילען די אַריע פון דער אָפּערא ציגיינער. זי האָט געזונגען און ווען זי האָט געענדיגט זינגען האָט זי זיך אָנגערופען:

— קום אהער, מיין ליבסטער! זעץ זיך אָט דאָ נעבען מיר.

ער האָט זיך געזעצט און די גרעפין האָט זיך געטוליעט צו איהם...

— פארוואס נעמסטו מיך ניט ארום? פארוואס דריקסטו מיך ניט צו דיר, דאוויד, האסטו מיך דען ניט ליעב?

— א, גרעפין! — האט ער אויסגערופען — איך וויים ניט וואס מיט מיר איז! איך בין אזוי ניט ווירדיג... איהר זייט א גרעפין און ווער בין איך?

— דו? דו ביזט א קינסטלער... דו ביזט צו מיר ווי א מלאך... דו ביזט אזוי נאבעל, אזוי אידעל, דו באזיצסט איבערמענשליכע מעלות, אין דיינע אויגען ליגט א פארבארגענער צויבער... אבער זעה, ווי איך רעכען אויס אלע דיינע גוטע מעלות און דו שווייגסט? זעהסטו גארניט אין מיר?

— מיר דוכט זיך, אז עס איז א חלום... איך קאהן קוים גלויבען, אז דאס איז אין דער ווירקליכקייט...

— נו, האסטו מיך ליעב? — האט זי זיך נאך מעהר גענורעט צו איהם.

— מעהר ווי מיין לעבען! — האט ער אויסגערופען און ער האט זי ארומגענומען און באדעקט איהר מיט קושען.

— דאוויד, איך האב דיך אויך זעהר ליעב! ערשט איצט וויים איך וואס אמת'ע ליעבע איז... דאס לעבען איז אזוי טייער, אזוי אנגענעהם ווען מען לעבט דורך אמת'ע ליעבע.

פון דאן אן האט יואל דוד אינגאנצען אויפגעהערט צו טראכטען פון זיין חנה'לען און זייער קינד און פון אלע זיינע נאהענטע פריינט. ער איז ארומגעגאנגען ווי פאר'שכור'ט פון זיין ליעבע צו דער גרעפין. ער האט גע־פיהלט, אז ער איז אינגאנצען אין איהר מאכט. און ווען זי האט נאר איין ווארט געזאגט איז ער שוין ביי איהר געווען און זיך אונטערוואַרפען אלע איהרע קאפריזען און פארלאנגען.

זייער ליעבע איז שוין אויך קיין סוד ניט געווען, ווייל יעדעס מאל נאך דער פארשטעלונג פלעגט זי ארייקומען צו איהם אין צימער הינטער די קו־ליסען... זי פלעגט איהם קושען און האלזען, ניט אכטענדיג אויף דעם וואס פרעמדע מענשען זיינען דארט געווען. און עס פלעגט פאסירען, אז ער פלעגט ארייקומען צו איהר אין צימער.

פריהער פון אלעמען האט עס מאניושקא באמערקט... ער האט געוואוסט שוין פון לאנג, אז די גרעפין איז פארליעבט אין איהם, אבער ער האט ניט געוואוסט אויף ווי וויים סטראשונסקי ליעבט זי. און איצט אז ער האט זיך איבערצייגט, אז אויך ער איז שטארק פארליעבט אין איהר, האט עס איהם שטארק הנאה געטאן. ער האט געגלויבט, אז איצט וועט שוין ניט זיין שווער צו ווירקען אויף איהם ער זאל אננעמען דעם קאטוילישען גלויבען. און ווען דאס וועט געשעהן, וועט דער ערפאלג פון זיין אפערא פארגרעסערט ווערען. ער וועט קאנען האבען פארשטעלונגען פרייטאג ביינאכט און שבת בייטאג...

נאך מאניושקא'ן האבען די מיידלאך פון כאר גענומען ריידען צווישען זיך... זיי האבען גערעדט גאנץ אפען אפילו אין דער געגענווארט פון נאס־טאשא'ן, וועלכע האט מיט א צייט צוריק זיך צעשלאגען מיט איהרע חבר'טעס ווען זיי האבען אנגעדייטעט וועגען דעם.

נאסטאשא איז געווען שטארק פארביטערט... זי איז איינמאל פאר־

בייגעגאַנגען די טיר פון דער גרעפינ׳ס צימער און זי האָט געזען ווי סטראַ־שונסקי איז פון דאָרט אַרויסגעקומען... אַ צווייטן מאָל האָט זי באַמערקט די טיר פון זיין צימער אַביסעל אָפן. און ווען זי איז מיט אַ כיון פאַרביי־געגאַנגען, האָט זי געהערט ווי די גרעפין רופט איהם "ליעבסטער מיינער", "מיין טייערער דאַוויד" און אויך ער ענטפערט איהר מיט ליעבעס רייד. זי איז דאַן אַוועק צו זיך אַהיים אַ דערשלאָגענע און אַ צעקלעמטע. און דאַן האָט זי באַשלאָסען צוריקצופאָהרען אַהיים קיין ווילנע. זי האָט דערוויל מיט קיינעם וועגען דעם ניט גערעדט, אָבער זי האָט געשריבען איהרע עלטרן, אַז זי בענקט שטאַרק אַהיים און אַז זי ערוואַרט אַן ענטפער פון זיי...

## קאַפּיטעל 25

דער גראַף פּאָסקעוויטש האָט שוין פון לאַנג געפיהלט, אַז די גרעפין ווערט צו איהם גלייכגילטיג. זי מיידט איהם אויס, און זי לאַדעט איהם שוין ניט איין אַזוי אָפט ווי פריהער, אָבער ווען מען האָט איהם איבערגעגעבען, אַז די גרעפין האָט זיך פאַרליעבט אין דעם אידישען זינגער האָט אין איהם זיין צאָרן געברענט ווי פייער... פריהער ווען ער פלעגט זעהן ווי די גרעפין שענקט דעם זשידאָק אַזוי פיעל אויפמערקזאַמקייט, האָט ער געמיינט, אַז דאָס צייגט זי אַרויס אַזאַ באַציהונג צו איהם בלויז צוליב זיין אויסערגע־וועהנליכען טאַלאַנט, און זי איז פאַראינטערעסירט בלויז אין קונסט... און כאָטש דאָס אַליין איז איהם אויך ניט געווען צום האַרצען, האָט ער געקענט פאַרשטעהן. ער האָט אַפילו אויך געקאָנט פאַרשטעהן, וואָס זי לאַדעט איהם ניט איין אַזוי אָפט צו זיך. זי ווייסט, אַז ער איז ניט מוזיקאַליש גענייגט, און איצט איז רעכטען ברען פון אָפּערא סעזאָן איז זי איינגאַנצען אַריינגעטאָן אין מוזיק. ער איז דעריבער געווען געדולדיג. ער האָט געהאָפט, אַז ווען דער סעזאָן פון דער אָפּערא וועט זיין צו ענדע, וועט זי זיך ענדערען צום בעסע־רען, דאַן וועלען זיי ביידע זיי אַוועקפאָהרען, אין אויסלאַנד וואו זיי וועלען חתונה האָבען און זיך אומקעהרען אַהער...

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלען דעריבער ווי דער גראַף האָט געפיהלט ווען ער האָט אויסגעפונען אַז די גרעפין און דער אידישער זינגער פיהרען אַ ליעבע?

פּאָסקעוויץ איז אַריין אין הויף פון דער גרעפין זאַמאָיסקאַ. דער שווייצער האָט זיך פאַר איהם פאַרנייגט און אויפגעעפענט די טיר וואָס פיהרט צו דעם קאָרידאָר פון פּאַלאַץ.

— גיה מעלד דער גרעפין אַז איך, גראַף פּאָסקעוויץ בין געקומען. — האָט ער זיך געווענדעט צו דעם שווייצאַר.

באַלד איז אַרויסגעקומען די גרעפין. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העל-בלויע זיידענע קלייד. איהרע בלאָנדע האָר געקאַמט אין פּאָמפּאַדור און באַצירט מיט קאַמען און שפּילקעס איינגעפאַסט אין בריליאַנטען, וואָס האָט געגעבען דעם אויסזעהן פון אַ דיאַדעם (אַ קרוין). איהרע בלויע אויגען האָבען געגלאַנצט און איהר פּנים איז געווען צעפלאַמט.

זי האָט איהם געענטפערט אויף זיין באגריסונג און זי האָט אויסגערופען:
— וואָס עפּעס אזוי שפּעט? איז עס זעהר וויכטיג?
— איך וואָלט געוואָלט זיך מיט דיר דורכריידען פאר א ווייל. — האָט ער געזאָגט.
— אבער איך בין איצט שטארק פארנומען! — דו האָסט איצט ניט באדארפט קומען.
— איך גלויב אז דו וועסט מיר קאָנען אָפּגעבען עטליכע מינוטען פון דיין צייט.
די גרעפין האָט אויף איהם געוואָרפען א בליק. זי האָט געזעהן ווי אויפגערעגט ער איז, ווי זיינע אויגען ברענען פון צאָרן און זיין פּנים איז בלאס, האָט זי באשלאָסען ניט צו זיין צו שטרענג מיט איהם.
— גוט, קום אריין אין יענעם צימער און איך וועל הערען וואָס דו האָסט צו זאָגען! — האָט זי זיך אנגערופען.
זיי זיינען אריין אין צווייטען צימער, זי האָט איהם געבעטען זיך צו־זעצען, און ווען ער האָט זיך געזעצט, האָט זי זיך געזעצט אויף א שטוהל ניט ווייט פון איהם.
— נו, איצט, זאָג מיר פאר וואָס דו ביזט געקומען צו מיר אזוי שפּעט.
— אַ, גרעפין, איך בעט דיך זיי מיר מוחל, אבער צו מיר האָבען זיך דערטראָגען אזעלכע קלאנגען וואָס האָבען מיר שטארק דערשיטערט.
— און וואָס פאר א קלאנגען זיינען דאָס? — האָט זי זיך פאנאנדער־געלאכט.
— דו ווייסט דאָך גרעפין אז מיר זיינען אין אלעמענס אויגען פאר־רעכענט פאר חתן כלה...
— דאָס הער איך צום ערשטען מאָל! — האָט זי א צוק געטאָן מיט איהרע שולטערען.
— דו ווייסט אז פאר די לעצטע עטליכע יאָהר זיינען מיר פריינד.
— פריינדשאפט מיינט נאָך ניט חתן כלה! — האָט זי ווי צוגעלאכט.
— דו ווייסט גאנץ גוט וואָס איך מיין, גרעפין! איך האָב דיר ליעב געהאט און ניט איינמאָל האָב איך פאר דיר מיינע געפיהלען ענטפּלעקט.
— און איך? האָב איך דיר דען ערמוטיגט?
— אמת, דו האָסט מיר קיינמאָל קיין קלאָרע תשובה ניט געגעבען, אבער אין דערזעלבער צייט האָסטו מיך אויך ניט ענטמוטיגט. מיר פלעגען פארברייגען צוזאמען.
— ביזטו דען געווען דער איינציגער מיט וועמען איך פלעג פאר־ברענגען? דו ווייסט גאנץ גוט אז איך האָב א סך פריינד פוןביידע גע־שלעכטער.
— אבער מיט מיר פלעגסטו פארברייגען א סך מעהר ווי מיט די אנדערע.
— נו, גוט, אבער וואָס איז דער ציעל פון דיין איצטיגען קומען?

— איך ווייס אַז דאָרט אין דיין מוזיק צימער געפינט זיך דער "זשי־דאַק". — איז ער געוואָרען עטוואָס אויפגערעגט.

— איך בעט דיך רייד ניט אַזוי וועגען איהם! פאַרוואָס זאָל איך דיך אָנפאַנגען צו האַסען.

— וואָס טוט ער דען איצט ביי דיר?

— דאַרף איך דיר דען ערקלערען אַז ער העלפט מיר איינשטודירען די אַריעס פון דער צווייטער אָפּערא וואָס מען וועט היינטיגען סעזאָן שפּילען.

— ווען איך וואָלט געקענט זיין זיכער אַז דאָס איז דער איינציגער צוועק פון זיין קומען צו דיר, וואָלט איך ניט געווען אַזוי אויפגערעגט... אָבער איך ווייס אַז...

— אַז וואָס?

— איך ערלויב זיך גאָרניט אַרויסצוברייננגען אויף מיינע ליפּען. אָבער איך האָב עס געהערט פון זיכערע קעלען.

— וואָס האָסטו געהערט? — האָט זי מיט אַ געלאַסענעם שמייכעל געזאָגט.

— איך האָב געהערט אַז דו ביזט פאַרליבט אין איהם.

— דו האָסט געהערט דעם אמת, איך לייקען עס ניט! איך האָב איהם ליעב ניט נאָר פאַר זיין אויסערגעוועהנליכען טאַלאַנט נאָר אויך פאַר זיין פּערזענליכקייט.

— וואָס! — איז דער גראַף אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ. — דו ביזט פאַרליבט אין דעם זשידאָק? ביזטו פון זינען אַרונטער?

— איך בין אין מיין פּולען פאַרשטאַנד און דאָך האָב איך איהם ליעב.

— און דו שעהמסט זיך ניט מודה צו זיין!

— איך האַלט ניט אַז ליעבע איז אַ שאַנדע!

— און דו וועסט מיט איהם געהן אין אַ סינאַגאָג און הייראַטען ביי אַ רב...

— דאָס וועט ניט נויטיג זיין! — האָט זי געענטפערט. — איך האָף אַז דיין צאָרן וועט איינגעשטילט ווערען ווען דו וועסט אויסגעפינען אַז איך וועל ניט הייראַטען מיט איהם אין אַ סינאַגאָג.

— אָבער ער איז דאָך אַ זשיד! געדענקסטו דען ניט ווען ער איז צום ערשטען מאָל אַריינגעקומען אהער צו דיר און מיר אַלע האָבען אָפּגעשפּאַסט פון זיין הילוך, זיינע פּאות און זיין באַוואַקסען באָרד?

— איצט אָבער האָט ער זיך אין גאַנצען געענדערט.

— דאָס איז שאַנדע און אַ באַליידיגונג פאַר מיר. איך וועל איהם ניט שענקען. ער אַ זשיד זאָל מיך פאַרבייטען... איך וועל איהם פון וואַרשע פאַר־יאָגען! איך וועל איהם אויף אַ דועל אַרויסרופען.

— אויף אַ דועל? האָט די גרעפין אויסגעדופען. — ניין, עס וועט זיין מאָרד פון דיין זייט, ווייל דער גרויסער קינסטלער פאַן סטראַשונסקי האָט אין זיין לעבען ניט אָנגעריהרט אַ רעוואָלווער אָדער אַן אַנדער שעד־ליכע וואַפען.

— דאָס וועט ניט זיין מיין שולד. איך וועל איהם געבען צוויי וואָכען צייט זיך אויסצולערנען צו שיסען און איך וועל איהם דאַן ארויסרופען אויף א דועל. איך וועל ניט דערלאָזען ער זאָל פארשמוציגען דעם נאָמען פון דיין פאמיליע און אין דערזועלבער צייט מיך אזוי שטאַרק באַליידיגען... ווי אזוי וועסטו גאָר קענען זיך באווייזען אין דער הויכער פוילישער געזעלשאפט ווייסענדיג אז דו האָסט חתונה געהאט מיט א זשיד.

— אויב אזוי מעג איך דיר שוין זאָגען אז דער פאַן סטראשונסקי וועט פריהער אָננעהמען אונזער גלויבען. ער וועט זיך שמד'ן פאר א קאטאָליק און מיר וועלען ביידע קריגען די צושטימונג פון דער קאטוילישער קירכע צו אונזער הייראט. נו, איצט האָף איך אז דאָס וועט דיר צופרידענשטעלען.

דער גראף פאסקעוויץ איז געבליבען שטעהן א פארגליווערטער. אויף דעם האָט ער זיך ניט געריכט. ער האָט זיך גענומען דערמאָנען וועגען דעם ויכוח וואָס ער האָט מיט איהם געהאט דעם ערשטען מאָל ווען ער איז געקומען צו דער גרעפין. ווי שטאָלץ ער איז געווען אויף זיין רעליגיע. ווי ער האָט גערעדט מיט אזוי פיעל איבערצייגונג און באגייסטערונג וועגען דער אידישער אמונה, אז ער קאָן קוים גלויבען דאָס דער דאָזיגער זשיד זאָל זיך שמד'ן.

די גרעפין האָט געמערקט אז איהרע לעצטע רייד האָבען געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף דעם גראף פאסקעוויץ און זי האָט פאָרטגעזעצט:

— איך גלויב אז דו אליין דארפסט זיין צופרידען און אפילו שטאָלצירען מיט מיר אז מיר איז געלונגען צו ברייננגען אזא וויכטיגע פערזענליכקייט אונטער דעם קאטוילישען גלויבען. ניט יעדער איינער וואָלט געקאָנט אזוינס באווייזען. דו אליין וועסט אויך צוגעבען אז עס וועט זיין א גרויס געווינס פאר דער קאטוילישער קירכע אין פוילען ארייננצוקריגען אזא חשוב'ן יונגען מאַן אונטער די פליגלען פון דער קאטוילישער אמונה... איצט מעג איך דיר זאָגען נאָך א זאך: איך האָב שוין וועגען דעם גערעדט מיט דעם גלח פון אונזער קירכע און ער האָט מיר געזאָגט אז איך טהו איינע פון די נאָבעלסטע זאכען פאר אונזער קירכע און אז ער האָט ניט גענוג ווערטער מיר צו לויבען פאר מיין שריט. נו, וואָס וועסטו זאָגען דערצו? וועסטו איהם נאָך אלץ ארויסרופען אויף א דועל?

— המ... אויב ער ווערט א קאטויליק, דאַן ציה איך צוריק מיינע ווערטער. — האָט דער גראף אויסגערופען. — איך האָף אז דו וועסט מיר איינלאָדען צו זיין טויף צערעמאָניע.

—איצט רעדסטו ווי מיינער א גוטער פריינד. איך פיהל זיך גליקליך אז דו זעהסט איין די וויכטיגקייט אז אזא טאלאנטפולער זינגער ווי דער פאַן סטראשונסקי זאָל אָננעהמען אונזער גלויבען און ווערען איינער פון אונז — האָט די גרעפין אויסגערופען און איהם געגעבען איהר האנט.

— ענטשולדיג מיר גרעפין! — האָט ער געדריקט איהר האנט — איך גיב צו אז איך בין באזיגט און איך ווינש דיר גליק פון דער טיפעניש פון

מיין האַרצען... און נאָכדעם ווי ער וועט ערקלערט ווערען פון דער קירכע אַלס קאַטויליק, וועל איך זיין האַנט דריקען.

די גרעפין האָט אַרויסבאַגלייט דעם גראַף פּאַסקעוויץ און זי האָט זיך באַלד צוריקגעקערט צו סטראַשונסקי׳ן וועלכער האָט אויף איהר מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט.

— וויסטו וועד עס איז געקומען איצט?

— איך שטויס זיך אָן. עס האָט געמוזט זיין דער גראַף פּאַסקעוויץ!

— יע, געטראָפען. דו ביזט זעהר קלוג, דאַוויד! — ער איז געקומען זיך מיט מיר אויס׳טענה׳ן, פּונקט ווי איך וואָלט איהם געווען עפּעס שולדיג. ער איז געקומען אַז אויפגערעגטער, אַ פאַרצאָרענטער. ער האָט מיר געזאָגט אַז ער האָט געהערט קלאַנגען אַז איך בין פאַרליבט אין דיר. נו, האָב איך ניט געלייקענט... — האָט די גרעפין איהם ווידער אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן. — איך האָב איהם גאַנץ אָפען געזאָגט אַז איך שטאַלציר דערמיט.

* * *

אויף מאָרגען בייטאָג איז די גרעפין צוגעפאָהרען צו מאַניושקאַ׳ן אין סטודיאָ.

— איהר זייט געווים איבעראַשט, פאַן מאַניושקאַ, וואָס איך קום צו אייך אין סטודיאָ אַזוי פריה? — האָט זי איהם דערלאַנגט איהר האַנט.

— איהר זייט שטענדיג ווילקאָמען, גרעפין! — האָט ער אָנגענומען איהר האַנט און צוגעטראָגען צו זיינע ליפּען.

— היינט בין איך צו אייך געקומען ניט וועגען מיין מוזיק, — האָט זי געזאָגט, — איך קום צו אייך זיך האַלטען אַן עצה וועגען זעהר אַן ערנסטען ענין.

— זעצט זיך אַוועק, גרעפין, און מיר וועלען זיך דורכרעדען, — האָט ער אָנגעוויזען אויף אַ שטול נעבען דער פּיאַנאָ.

די גרעפין האָט זיך געזעצט. מאַניושקאַ האָט זיך געזעצט נעבען איהר.

— איהר ווייסט דאָך, פאַן מאַניושקאַ, אַז איך בין עלענד. איך האָב ניט קיין עלטערען און מיט מיינע קרובים בין איך פון דערווייטענס... אמת, איך האָב אַ סך גוטע פריינט, אָבער איהר זייט ביי מיר פאַררעכענט ווי איהר וואָלט געווען מיין אייגענער פאָטער. אייך קאָן איך אָנפאַרטרויען אַלע מיינע סודות... און איך האָף אַז איהר וועט מיר געבען די ריכטיגע עצה.

— איך האָף אַז איך וועל עס קאָנען באַווייזען, גרעפין.

— געוויס ווייסט איהר אַז איך בין פאַרליבט אין דאַוויד׳ן.

— איך ווייס? עס איז דאָך שוין מעהר קיין סוד ניט. אַלע ווייסען וועגען דעם. איהר באַהאַלט דאָך שוין מעהר ניט אייערע געפיהלען.

— עפּעס קלינגען מיר אייערע רייד ווי אַ פאָרוואורף... זאָגט מיר דעם אמת, פאַן מאַניושקאַ, האָט איהר עפּעס וואָס אויסצוזעצען געגען דעם?

— ניין, גרעפין, אייך איז גאַנץ גוט באַוואוסט ווי איך שאַץ אָפּ דעם פאַן סטראַשונסקי׳ן סאַי אַלס מענש און סאַי אַלס קינסטלער, אָבער מיין האַרץ שרעקט מיך... איך מיין די רעליגיע.

— אָט וועגען דעם בין איך צו אייך געקומען! איהר האָט מיר אַמאָל געהאַט געזאָגט אַז דאַוויד וועט קיינמאָל ניט איינשטימען צו בייטען זיין רעליגיע סיידען ער זאָל זיין שטאַרק פאַרליבט.

— דאָס זאָג איך איצט אויך!

— נו, וויל איך אייך ענטדעקען דעם סוד אַז דאַוויד איז אויך אין מיר פאַרליבט. יע, ער ליבט מיך זעהר שטאַרק... נעכטן ביינאַכט, ווען ער איז ביי מיר געווען, איז פּלוצלונג געקומען דער גראַף פּאָסקעוויץ. ער איז געווען זעהר שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט זיך געפיהלט באַליידיגט וואָס איך האָב איהם פאַרביטען אויף אַ אידען. ער האָט מיר אפילו געסטראַשעט אַז ער וועט איהם אַרויסרופען אויף אַ דועל. ווען אָבער איך האָב איהם ערקלערט אַז דער פּאַן סטראַשונסקי וועט זיך טויפען אויף אַ קאַטאָליק, האָט ער זיך באַרוהיגט. איך האָב איהם געזאָגט אַז איך האָב שוין גערעדט מיט'ן גלח און דאָס איז אמת. ווען איך בין געקומען צו איהם זיך מתודה זיין האָב איך איהם דערצעהלט וועגען מיין ליבע צום אידישען זינגער און ער האָט מיר געזאָגט אַז ווען ער וועט זיך טויפען וועל איך קריגען די צושטימונג פון דער קירכע. יע, דער גראַף פּאָסקעוויץ האָט איינגעזעהן אַז אַזאַ קינסטלער ווי דער פּאַן סטראַשונסקי וועט זיין אַ גרויס געווינס פאַר דער קאַטוילישער קירכע און דעריבער האָט ער גאָר ניט געקאָנט זאָגען געגען דעם. איצט וויים איך ניט וואָס איך זאָל טאָן. איך האָב באַשלאָסען מיט איהם צו רעדען, האָב איך מורא איך זאָל ניט קאַליע מאַכען. ער איז נאָך אַלץ אַזוי פרום אַז ער וויל אין מיין הויז גאָרניט פאַרזוכען אַ חוץ וואַסער. וואָס איז אייער עצה, פּאַן מאַניושקאַ: זאָל איך מיט איהם רעדען וועגען דעם, אָדער איך זאָל וואַרטען?

— איהר זאָגט אַז ער איז אויך אין אייך פאַרליבט, עס ווענדט זיך אָבער ווי שטאַרק זיין ליבע איז צו אייך!

— איך גלויב, אַז איך מאַך קיין טעות ניט... ער האָט מיך זעהר שטאַרק ליב, אָבער מיר איז שווער צו פאַרשטעהן פאַרוואָס ער זאָל זיך נאָך אַלץ ענטזאָגען צו טרינקען וויין מיט מיר, אָדער עפּעס צוביסען מיט מיר.

— דאָס איז נאָך קיין באַוויז ניט. איך וויים פון פילע גע'שמד'טע אידען וועלכע פלעגען זיך די ערשטע צייט ניט קאָנען צוגעוואוינען צו אונזערע שפּייזען און געטראַנקען... דאָס איז אַזאַ געוואוינהייט פון וואָס מען דאַרף זיך אָפּגעוואוינען ביסלעכווייז... פונדעסטוועגען וואָלט איך אייך געראַטען זיך ניט צו איילען מיט דעם דאָזיגען פאַרלאַנג אייערען. איהר דאַרפט וואַרטען ביז דער צייט ווען ער וועט זיין אַזוי פאַרליבט אין אייך אַז ער וועט אָהן אייך קיין איין טאָג ניט קאָנען זיין. און זאָל דער הייראַט פאָרשלאַג קומען פון איהם. דאַן וועט איהר וויסען וואָס פאַר באַדינגונגען איהם צו שטעלען... איהר פאַרשטעהט?

— איך קען איהם, דאַוויד'ן זעהר גוט, איך וויים אַז ער איז זעהר שעמעוודיג און באַשיידען און ער וועט ניט אַזוי שנעל קאָנען באַשליסען ביי זיך צו רעדען מיט מיר אַזוי... עס האָט מיר לאַנג גענומען ביז וואַנען ער

האָט מיר גענומען ארויסווייזן ליבע. איך פיהל אז איך וועל איהם דאַרפען פאַרשלאָגען צו הייראַטען מיט מיר:

— ער איז דאָך אָבער נאָך פאַרהייראַט!

— וועגען דעם בין איך ניט באַאומרוהיגט, — האָט די גרעפין גע־זאָגט. — איך האָב ניט לאַנג צוריק געהאַט א געשפּרעך מיט איהם וועגען א גט אין אַלגעמיין. איך האָב איהם געזאָגט ווי שווער עס איז פאַר א קאַ־טוילישע פאַר זיך צו גט'ן, און איך האָב איהם אזוי זיך א פרעג געטאָן אויב אויך פאַר א אידישער פאַר איז זיך שווער צו גט'ן, האָט ער מיר געזאָגט אז עס איז זעהר גרינג... מען קאָן צושיקען א גט אפילו פון דערווייטענס... פון דעם האָב איך פאַרשטאַנען אז ער האָט מיר געגעבען אָנצוהערען אז דאָס וואָס ער איז פאַרהייראַט וועט קיין אָפּהאַלט ניט זיין.

— נו, דאַרף ער דאָך פאַרשטעהן, אז דער איינציגער אָפּהאַלט איז דער אונטערשייד אין רעליגיע?

— וויים איך טאַקע ניט וואָס צו טאָן: זאָל איך איהם געבען אָנצו־הערעניש וועגען דעם און איהם פאַרשטעלען פאַר'ן גלח, אָדער איך זאָל נאָך צוואַווארטען?

— איך גלויב אז עס וואָלט געווען ראַטהזאַם איהר זאָלט צוואַווארטען!
— האָט מאַניושקא געזאָגט, — ווייל עס איז ניט אזוי גרינג אויסצוואַוואָרצ־לען א רעליגיע צו וואָס מען איז צוגעבונדען אזוי שטאַרק. איהר דאַרפט וואַרטען... זאָל ער אַליין אייך ערקלערען אז ער איז גרייט צו טאָן אַלעס אין דער וועלט פאַר אייך... איך וויים אז מען קאָן זיך אויף אייך פאַרלאָזען, איהר וועט שוין וויסען ווען די ריכטיגע צייט וועט קומען. פון איילעניש קאָן קיין גוטס ניט ארויסקומען; געדולד און פאַרזיכטיגקייט, דאָס איז מיין עצה.

## קאַפּיטעל 26

פינף חדשים זיינען פאַריבער און חנה'לע האָט גאָר ניט געהערט פון איהם. בלויז איינמאָל האָט ער איהר געשיקט געלט, דאָס איז געווען אין די ערשטע וואָכען, און זינט דאָן זיינען פאַריבער טעג, וואָכען און חדשים און — ווי אין וואַסער אריין.

טאָג און נאַכט פלעגט זי זיצען און וויינען. זי האָט זיך אַליין באַשול־דיגט: ווען זי וואָלט אָנגעפאַנגען מיט איהם צו ריידען איידער ער איז אָפּ־געפאָהרען וואָלט ניט פּאַסירט...

אין ר' מרדכי'ס הויז האָט געהערשט אומעט און טרויער. ריינקע איז ארומגעגאַנגען א פאַרכמורעטע און פאַרזאָרגטע. זי האָט ניט געקאָנט צוזעהן דעם צער פון איהר טאָכטער.

ניט איינמאָל האָט זי איבערגערעדט מיט ר' מרדכי'ן, איהר מאַן, אז ער זאָל זעהן עפּעס טאָן.

דען איהם צווינגען צוריקצוקעהרען זיך קיין ווילנע? האָבען מיר דען — וואָס קען איך טאָן? — האָט ר' מרדכי אויסגערופען. — קאָן איך

ווינציג געטאָן, איידער ער איז אוועק פון אונז... עפּעס א בייזער גייסט האָט זיך אין איהם ארייגעכאפּט. ער האָט זיך מיט קיינעם ניט געזעגענט און ער האָט געטאָן וואָס איהם געפעלט.

עס האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טיר. ריינקע איז געגאַנגען עפענען די טיר און זי האָט דערזעהן א בלאָנדע שיקסע אָנגעטאָן אין רייכע קליידער.

— וואָס ווינשט די פּאניענקע? — פרעגט זי ריינקע.

— איז די פּאַניע סטראשונסקא אין דער היים?

— יע, זי איז דאָ. וואָס ווילט איהר זאָגען.

— איך בין נאָר וואָס געקומען פון ווארשע און איך האָב א גערוס פאר איהר פון איהר מאַן.

— חנה'לע, חנה'לע, דו הערסט, א גערוס פון דיין מאַן! — האָט זיך ריינקע ניט געקאָנט באהערשען און אויסגעשריען מיט אלע איהרע כחות.

חנה'לע, ר' מרדכי און לאה'לע זיינען ארייגעלאָפען אין קיך וואו די שיקסע איז געשטאנען נעבען טיר.

איהר האָט א גערוס פון מיין מאַן? — האָט חנה'לע זי געפרעגט און דאָס בלוט האָט איהר אין פּנים א זעץ געטאָן.

— וואָס מאכט ער, ווי פיהלט ער זיך? — האָבען איהר אלע גענומען פארוואַרפען מיט פראגען.

— איך וויל זיך זעהן מיט אייך אליין, פּאַניע סטראשונסקא!

— קומט אריין צו מיר אין צימער! — האָט חנה'לע זי אָנגענומען ביי דער האנט.

זי איז מיט איהר אריין אין צימער און זי האָט צוגעמאכט די טיר. איהר הארץ האָט איהר שטארק גענומען קלאַפּען. ווי קומט עס אז א שיקסע זאָל ברייגען א גערוס פון איהר מאַן, אָבער ווען זי האָט געהערט אז זי זינגט אין דער ווארשעווער אָפּערא, האָט זי שוין געקאָנט פארשטעהן. עס ליגט זיך אויפ'ן שכל, אז אימיצער וועלכער איז אליין א זינגער זאָל זיך פאראינ־טערעסירען אין איהר יואל דוד'ן. מעגליך אז זי האָט איהם געהערט זינגענריג אין שוהל.

חנה'לע האָט איהר דערלאנגט א שטוהל און זי געבעטען זיך זעצען. נאסטאשא האָט זיך געזעצט און חנה'לע האָט זיך אנידערגעזעצט נעבען איהר.

— געוויס ווייסט איהר אז אייער מאַן זינגט אין דער ווארשעווער אָפּערא.

— וואַ־אָ־אָ־ס? אין דער אָפּערא... ניין, פּאַניעקא איהר מאכט א טעות. מיין מאַן זינגט אין א סינאַגאָגע. ער איז א חזן. פּונקט ווי ער האָט געזונגען דאָ אין ווילנער שטאָדט שוהל.

— איך מאַך ניט קיין טעות... איך קאָן אייער דאוויד'ן זעהר גוט... ער האָט נאָך לעצטען יאָהר געשלאָסען א קאָנטראקט מיט דעם פּאַן מאניושקא צו שפּילען אין זיין אָפּערא. דעם קאָנטראקט האָט אייער מאַן אונטערגע־שריבען ביי מיין פאָטער אין הויז. מאניושקא האָט איהם געהערט דאווגען

אין אייער שוהל און ער איז אזוי ענטציקט געוואָרען פון זיין שטימע, אז ער האָט איהם איינגעלאַדען צו שפּילען אין דער אָפּערא. און נאָך א לאַנג בעטען האָט ער איינגעשטימט, און אָנפאנג היינטיגען סעזאָן האָט ער אָנגעפאַנגען צו שפּילען, און ער האָט געהאט דעם גרעסטען ערפאָלג. איך וואונדער זיך ווי אזוי איהר האָט פון דעם ניט געהערט. עס איז דאָך געווען אין אַלע פּוילישע צייטונגען. אָט וועל איך אייך ווייזען א פּאָר אויסשניטען פון צייטונגען.

נאסטאשא האָט פון איהר האַנט-בייטעל ארויסגענומען א פּאָר אויסשניטען און איהר געוויזען.

— איהר קאָנט לייענען פּויליש? — פרעגט זי נאסטאשא.

— יע, איך קאָן! — האָט חנה'לע געזאָגט און גענומען לייענען.

די קאָלירען אין איהר פּנים האָבען זיך געביטען... איצט איז איהר שוין פארשטענדליך פארוואָס ער האָט די גאַנצע צייט ניט געשריבען... ער האָט זיך געשעהמט אויסצוזאָגען אז ער איז ניט קיין חזן נאָר אז ער זינגט אין דער אָפּערא... איהר ארט עס גאָר ווינציג... פארקעהרט, לויט ווי מען שרייבט וועגען איהם אין די פּוילישע צייטונגען, האלט ער ביים ארויפקלעטערען אויף דער העכסטער שטופּע פון ערפאָלג. אמת, איהר טאטע וועט זיך נעהמען שטארק צום הארצען. פארוואָס זאָל עס איהר פארדריסען? זי לייענט אין די צייטונגען אז ער קריגט צוויי הונדערט רובעל א וואָך און ער וועט נאָך קריגען מעהר... א קלייניגקייט!

— דזשענקויע באַרדזאָ! — האָט חנה'לע מיט פרייד אויסגערופען פאר דעם וואונדערבארען גערוס. א דאַנק גאָט וואָס ער איז געזונט און ער איז אזוי ערפאָלגרייך... זאָגט מיר, פּאניענקא, ווען האָט איהר איהם געזעהן דאָס לעצטע מאָל?

— מיט דריי וואָכען צוריק זאָגט מיר איך בעט אייך, ווי קוקט ער אויס?

— אויב איהר ווילט דעם אמת, וועל איך אייך זאָגען, אז לעצטענס איז ער ארונטער פון פּנים... ער קוקט אויס זעהר שלעכט.

— אוי, גאָט מיינער, איז ער אפשר ניט געזונט?

— ניין, ער איז געזונט און שטארק נאָר שולד'ג איי אין דעם די גרעפין זאמאָיסקא!

— וואָס מיינט איהר?

— די גרעפין זאמאָיסקא שפּילט אין דער אָפּערא די הויפּט ראָלע, זי איז די העלדין און אייער מאַן איז דער הויפּט העלד. אין דער אָפּערא "האלקא" האָט זי געשפּילט די געליעבטע האלקא און ער האָט געשפּילט איהר געליעבטער יאנטעק... נו, ווייזט אויס אז פון אזוי לאַנג שפּילען ליעבהאָבער, האָבען זיי זיך פארליעבט אין דער אמת'ן... איך ווייס ניט אויף וויפיל אייער מאַן איז שולדיג אין דעם, אָבער די גרעפין האָט זיך אין איהם שטארק פארליעבט און זי האָט איהם ארייַנגעקראָגען.

— ניין, ניין, עס איז ניט אמת, איהר מאכט א טעות! — האָט חנה

אויסגערופען און איהר קערפּער איז באַגאָסען געוואָרען מיט אַ קאַלטען שווייס.

— איך מאַך שוין גאָר קיין טעות ניט. גאַנץ וואַרשע רעדט וועגען דעם. איך האָב געהערט אין קלויסטער אז דער דאָרטיגער גלח וועט דעם פאַן סטראַשונסקי'ן פריהער אָפּשמד'ן כדי די גרעפין זאָל מיט איהם קאָנען הייראַטען.

— איך גלויב עס ניט! — האָט חנה'לע זיך געשטאַרקט. בייזע צינגער האָבען עס פאַרשפּרייט. מיין מאַן וואָלט אזא זאַך קיינמאָל ניט געטאָן...

— איך האָב פאַרשטאַנען אז איהר וועט מיר ניט גלויבען. — האָט נאַסטאַשאַ געזאָגט, און אַרויסגענומען אַ צווייטע אויסשניט פון אַ פּוילישער וועכענטליכער צייטונג.

— איהר זעהט, דאָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין צייטונג צוויי וואָכען איידער איך האָב פאַרלאָזען וואַרשע. לייענט עס איבער.

חנה'לע האָט גענומען לייענען. איהרע אויגען האָבען איהר געשווינדעלט, דער קאָפּ האָט זיך איהר געדרעהט. זי האָט זיך באַמיהט צו לייענען, אָבער עס איז איהר געווען זעהר שווער. קוים מיט צרות האָט זי עס דורכגעלייענט. דאָרט איז געווען געשריבען אז די גרעפין זאַמאָיסקאַ און דער פאַן סטראַשונסקי פּלאַנעווען צו הייראַטען און אז דער פאַן סטראַשונסקי וועט אינגיכען אָננעהמען דעם קאַטוילישען גלויבען כדי זייער חתונה זאָל קאָנען פאַרקומען אין קירך.

דער קאָפּ האָט זיך איהר גענומען דרעהען נאָך שטאַרקער. חנה'לע איז געפאַלען אין חלשות.

נאַסטאַשאַ האָט איהר אונטערגעהאַלטען זי זאָל ניט אומפאַלען און זי האָט גענומען שרייען:

— שנעלער קומט אַריין! ברייננגט וואַסער. זי האָט גע'חלש'ט!

די טיר פון צימער האָט אויפגעפּראַלט מיט האַסט. ריינקע, מרדכי, לאה'לע און יאַכע זיינען אַריין אין צימער.

—טאָכטער מיינע, גאָט איז מיט דיר, וואָס איז געשעהן? מרדכי ברענג וואַסער, פאַרוואָס שטעהסטו, זי האָט דאָך גע'חלש'ט.

ר' מרדכי האָט גלייך געבראַכט אַ קענדעל וואַסער און מען האָט איהר אָפּגעמינטערט. מען האָט זי געלייגט אויפ'ן בעט.

— וואָס האָט פּאַסירט? מיין קרוין מיין טאָכטער.

חנה'לע האָט שווער געאָטעמט. זי האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסריידען.

— וואָס אזוינס האָט איהר דערצעהלט, פּאַניענקאַ, אז זי האָט גע'חלש'ט? — האָט ריינקע זיך געווענדעט צו נאַסטאַשאַ'ן.

— איך האָב איהר דערצעהלט דעם אמת! — עס טוט מיר לייד וואָס דאָס האָט איהר פאַרשאַפט שמערצען. אָבער עס איז ניט מיין שולד. איך האָב עס געפונען פאַר מיין פליכט איהר צו דערצעהלען אַלעס וואָס עס איז געשעהן... דאַווידזעניאַ!

נאַסטאַשאַ איז אַרויס פון צימער. ריינקע האָט אַ וואונק געטאָן צו

לאה'לען און צו איהר מאן זיי זאָלען בלייבען מיט חנה'לען אין צימער און זי איז ארויסגעגאנגען נאָך נאַסטאַשא'ן.

—איך בעט אייך, פּאַניענטשקא, דערצעהלט מיר אלעס וואָס איהר האָט מיין טאָכטער דערצעהלט.

—ניין, אייער טאָכטער וועט זיך פיהלען בעסער ווען זי אייך אליין דערצעהלען... איך האָב מורא איהר זאָלט אויך ניט חלש'ן.

— איז עס אזוי שלעכט? איז ער אזוי געפעהרליך? זאָגט מיר איך בעט אייך.

— ער איז געזונט און שטארק!

— אויב אזוי, קאָנט איהר מיר אלעס דערצעהלען. איך האָב ניט קיין נאטור צו חלש'ן... איך בעט אייך! זאָגט מיר וואָס איז געשעהן מיט איהם?

— אלעס וואָס איך וועל טאָן איז צו געבען די אויסשניטען פון די וואר־שעווער צייטונגען און לייענט אליין.

— איך קאָן אָבער קיין פּויליש ניט לייענען! לייענט עס איהר פאר מיר. איך פארשטעה אלעס אין פּויליש אָבער לייענען קאָן איך ניט.

— איך וועל אייך פריהער פון אלעס זאָגען אז אייער איידעם איז ניט קיין חזן אין א ווארשעווער שוהל נאָר ער שפּילט די הויפּט ראָלע אין דער ווארשעווער אָפּערא. איצט אז איהר ווייסט שוין דאָס, וועל איך פאר אייך פארלייענען וואָס די פּוילישע קריטיק שרייבט וועגען איהם און וועגען דער גרעפין זאמאָיסקא וועגען זייער שפּילען און זינגען.

ווען זי האָט געענדיגט לייענען, האָט ריינקע זיך געשטארקט און אויס־געגרופען:

— איך זעה ניט איין פארוואָס מיין טאָכטער זאָל האָבען גע'חלש'ט. מען שרייבט דאָך אז ער איז דער גרעסטער און בעסטער זינגער פון דער אָפּערא פאר פיעלע דורות.

—פון דעם אליין האָט זי ניט גע'חלש'ט. איך האָב איהר געוויזען דעם צווייטען אויסשניט פון דער צייטונג מיט עטליכע וואָכען צוריק... דאָרט וואו עס שטעהט געשריבען, אז דער פּאַן סטראשונסקי וועט ווערען א קאַ־טויליק און חתונה האָבען מיט דער גרעפין זאמאָיסקא אין ווענען ער איז שטערבליך פארליעבט.

— עס איז א ליגען!

— נו, זאָל זיין אזוי. איך האָב אייך איבערגעגעבען אלץ וואָס איך וויים — האָט נאַסטאַשא געזאָגט. — אייער טאָכטער האָט שוין איינגעזעהן, אז איך זאָג איהר ניט קיין ליגען... זי האָט זיך איבערצייגט אין דעם. עס פארדריסט מיך זעהר וואָס איך בין געווען די יעניגע, וועלכע האָט איהר געבראכט די ניט גוטע נייעס... דאָווידזשעניא!...

נאַסטאַשא איז ארוים פון איהר הויז, און ריינקע איז געבליבען שטעהן א ווייל'ע אין מיטען צימער א פארגליווערטע... גאָט, זאָל עס זיין אמת! ער, יואל דוד, דער ווילנער באלעבעסל... דער באליעבטער שטאָדט חזן... ער זאָל פארלאָזען חנה'לען. זיך פארליעבען אין א גרעפין... ער זאָל זיך שמד'ן...

אלץ אין צימער האָט זיך געגומען דרעהען ארום איהרע אויגען ווי אין א קאראהאָד... וואָס איז דאָס? וואָס איז פּלוצלונג געשעהן?... יואל דוד א משומד! ניין, עס קאָן ניט זיין. עס איז א בלבול... ווי איז עס מעגליך?

ר' מרדכי איז ארויסגעקומען פון חנה'לעס צימער און דערזעהענדיג ווי זיין פרוי ריינקע שטעהט א צעטומעלטע און זי איז באוועגלאָז איז ער שוין צו איהר צוגעקומען און זיך אָנגערופען:

— ריינקע, דו ווייסט שוין אויך? וואָס איז געשעהן?...

זי האָט טרויעריג צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ...

— וואָס איז געשעהן, זאָג מיר שוין! פון חנה'לען קאָן מען דאָך קיין וואָרט ניט ארויסבאקומען!

— אוי, מרדכי, עס איז ביטער. עס איז שלעכט!

— וואָס מיינסטו, — איז ער געפעהרליך קראַנק?

— נאָך ערגער!

— איז ער טויט?

— נאָך ערגער, מרדכי, א טויזענט מאָל ערגער!

— אָ, ניין, עס קאָן ניט זיין! גלויב ניט וואָס א שיקסע וועט דיר דערצעהלען!...

— ברענג מיר אביסעל וואסער, מרדכי! איך פיהל אז איך וועל באלד פאַלען אין חלשות.

ר' מרדכי האָט געהאָלפען ריינקע'ן זיך אוועקצוזעצען און איז אריינגעלאָפען אין קיך און געבראַכט א גלאָז קאַלטע וואסער.

ריינקע האָט א זופּ געטאָן און זי האָט אָפּגעווישט דעם קאַלטען שווייס פון איהר שטערען.

— מיין אומגליקליכע טאָכטער! זי איז דאָך שוין געווען גרייט אָפּצופאָהרען צו איהם די טעג... גאָט מיינער, פארוואָס שטראָפסטו אונז אזוי שטאַרק, פארוואָס קומט עס אונז? וועמען האָבען מיר שלעכטעס געטאָן?

ר' מרדכי איז אויך געוואָרען טויט בלאַס, כאָטש ריינקע האָט פון איהרע ליפּען ניט ארויסגעבראַכט דאָס שרעקליך וואָרט, האָט ער אָבער פארשטאַנען וואָס "ערגער פון טויט" איז... יע, שמד! זי האָט עס איהם ניט באדאַרפט זאָגען, אָבער גאָט, ווי איז עס מעגליך?... וואָס האָט פּאַסירט, ווי אזוי איז ער געקומען צו דער מדרגה...

ער האָט געקוקט אויף זיין פרוי, וועלכע איז געבליבען זיצען אויפ'ן שטוהל מיט א געזונקענעם קאָפּ, און ער האָט זיך אָנגערופען:

— ניין, ריינקע, גלויב עס ניט! עס איז א ליגען! עס קאָן ניט זיין! אזא זאַך פּאַסירט ניט... וואָס הייסט דער ווילנער באלעבעסעל... ווייסטו וואָס דו רעדסט! עס לייגט זיך ניט אויפ'ן שכל... עס איז אן אויסגעטראַכטע זאַך. מאַלע וואָס א שיקסע פּלוידערט...

— הלואי וואָלט עס געווען א ליגען ווי מיר ווינשען... אָבער די שיקסע האָט עס ניט אויסגעטראַכט פון קאָפּ...

— אָבער ווי קומט אַ חזן... און נאָך אַזאַ חזן ווי יואל דוד אוועקצוגעהן פון שוהל אין קלויסטער... ניין, ריינקע, איך גלויב עס ניט!

— פון שוהל, יע, דאָס איז דאָך די צרה. ער האָט דאָך אונז די גאנצע צייט גענאַרט... ער האָט ניט אָנגענומען קיין שטעלע אלס חזן אין אַ שוהל, ער האָט גאָר געזונגען אין אַ... אין אָפּעראַ... צוזאַמען מיט אַ יונגער גרעפין האָט ער געזונגען... נו, איצט לייגט זיך שוין אויפ'ן שכל... די שיקסע דער־צעהלט, אַז ער האָט זיך פאַרליעבט אין דער גרעפין... זי זאָגט, אַז גאַנץ וואַרשע ווייסט דערפון און זי האָט אויך באַוויזען אַן אויסשניט פון צייט־טונג... איך קאָן דאָך ניט לייענען, אָבער חנה'לע, נעבאָך האָט אַליין מיט איהרע אויגען געלייענט... זי ווייסט שוין דעם אומגליק און דערפאַר האָט זי טאַקע באַלד גע'חלש'ט...

— ווי אַזוי איז עס מעגליך! ווי אַזוי איז עס מעגליך! — האָט ר' מרדכי גענומען אַרומשפּרייזען הין און צוריק איבער'ן צימער — מיין מח שפּאַלט זיך מיר! האַרציגער פאָטער אין הימעל, פאַרוואָס האָסטו אויף אונז אויסגעגאָסען דיין צאָרן?...

— שטעל זיך פאָר די שאַנדע, די חרפּה! — האָט זיך ריינקע געכאַפּט פאַר'ן קאָפּ. — גאַנץ ווילנע האָט חנה'לען מקנא געווען, און איצט... איצט וועט מען אויף איהם רחמנות האָבען, וואָס וועלען מיר טהאָן איצט?...

— דו ווייסט, איך גלויב, אַז מיר וועלען אונזער רייזע ניט אָפּלייגען. איך וועל פאָהרען מיט חנה'לען ווי מיר האָבען אָפּגעמאַכט.

— וואָס רעדסטו, אין אַזאַ צושטאַנד וועט זי פאָהרען?

— וועלען מיר צואוואַרטען אַ פּאָר טעג!

— ווער ווייסט! ווער ווייסט! — האָט ריינקע טרויעריג געשאָקעלט איהר קאָפּ. לאָמיר אַריינגעהן זעהן וואָס זי טהוט... מיר דאַרפען דערוויל זעהן, אַז יאַכע זאָל זיך פון דעם ניט דערוויסען... מיר וועלען ניט ריידען וועגען דעם אין איהר געגענוואַרט...

ריינקע און ר' מרדכי זיינען אַריין אין צימער. לאה'לע איז געשטאַנען נעבען בעט וואו חנה'לע איז געלעגען מיט אַ קאַלטען נאַסען האַנטוך אויפ'ן שטערען.

— נו, חנה'לע ווי פיהלסטו זיך? — האָט ריינקע זיך צו איהר גע־ווענדעט.

חנה'לע האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, זי האָט געשוויגען. איהרע אויגען זיינען געווען אָנגעפילט מיט טרעהרען.

— דו דאַרפסט זיך שטאַרקען, מיין טאָכטער!...

— מאַמע, פאַרוואָס קומט עס מיר? — האָט חנה'לע מיט אַ שוואַכע שטימע זיך אָנגערופען — וועמען האָב איך אין מיין לעבען שלעכטעס געטהאָן?

— אַזוי איז דאָס מיין טאָכטער, דאָס איז דער גורל פון מענשען... אייניגע ווערען באַשטראָפט און ווייסען ניט פאַרוואָס עס קומט זיי, אַנדערע בייזע און שלעכטע מענשען ווערען באַלוינט און ווייסען ניט צוליב וואָס פאַר

א מעשים טובים... מיר, פשוט'ע בשר ודם'ס קאָנען עס ניט באגרייפען. אזוי פיהרט ער די וועלט... מיר טאָרען ניט פרעגען קיין פראגעס... מיר דארפען דאנקען גאָט און זאָגען, אז אלץ וואָס ער טוט איז צום בעסטען!

— צום בעסטען... צום בעסטען — האָט חנה'לע געמורמעלט — וואָס קאָן זיין צום בעסטען, ווען אזא זאך פאסירט... מיין יואל דוד! אוי גאָט, איך קאָן דיר דערפאר ניט דאנקען און זאָגען, אז עס איז צום בעסטען! איך קאָן ניט!

— וואָס רעדסטו, טאָכטער! מען טאָר אזוי ניט ריידען! עס איז א זינד!

— וואָס פאר זינד האָב איך באגאנגען, אז ער שטראָפט מיך אזוי שטארק! וואָס קאָן שוין פאר מיר זיין ערגער... מיין זון איז פאר מיר פאר־טונקעלט געוואָרען... מיין וועלט איז אונטערגעגאנגען...

— עס איז נאָך מעגליך, אז אלץ איז ניט ריכטיג... ווער ווייסט וואָס דאָרט האָט פאסירט? — האָט ר' מרדכי געזאָגט.

— טאטע, איך האָב געלייענט וואָס איז געדרוקט געוואָרען וועגען איהם אין א פוילישער צייטונג... פינף חדשים האָב איך פון איהם ניט געהערט... ער האָט די גאנצע צייט אונז אלעמען גענארט... ער האָט אונז געזאָגט אז ער פאָהרט אָננעמען א שטעלע אלס חזן און צום סוף איז דאָס גאָר געווען די אָפּערא... ער שפּילט צוזאמען מיט א יונגע פוילישע גרעפין און ער פאר־ליעבט זיך אין איהר... גאָט מיינער! מיין יואל דוד זאָל עס טאָן!

— אין אן אָפּערא גאָר! — האָט ר' מרדכי א צוק געטאָן מיט זיינע שולטער און גענומען שפּרייזען איבער'ן צימער... ער האָט עפּעס אמאָל יע דערמאָנט אזא זאך. — אָבער ווער האָט געקאָנט טראכטען פון דעם.

— יע, ווער האָט געקאָנט טראכטען, אז מיין מאן, מיין יואל דוד זאָל אזוי טאָן צו מיר... ער האָט דאָך מיך אזוי ליעב געהאט.

— ווען דו וואָלסט מיט איהם מיטגעפאָהרען, מיין טאָכטער, וואָלט צו דעם ניט געקומען! — האָט ריינקע געזאָגט.

— ווער ווייסט! — האָט חנה'לע געענטפערט זיפצענדיג.

— א מאן טאָר ניט זיין אָהן זיין פרוי צו לאנג! — האָט ריינקע גע־זאָגט — ווען דו וואָלסט דאן מיט איהם מיטגעפאָהרען וואָלט צו דעם אומ־גליק ניט געקומען.

— פארוואָס זאָלסטו ריידען נארישקייטען — האָט זיך ר' מרדכי אויף איהר אָנגעבייזערט — דו פארגעסט מסתמא, אז דו אליין האָסטו איהר דאן פון דעם אָפּגערעדט — וואָס שיטסטו איהר זאלץ אויף די וואונדען?

— יע, איך שיט איהר זאלץ אויף די וואונדען... זיינען דען איהרע וואונדען ניט אונזערע וואונדען! איך ווייס דען וואָס איך רייד? די צרות ריידען אין מיר.

# קאפיטעל 27

די ליעבע פון דער גרעפין זאמאיסקא צו יואל דוד סטראשונסקי'ן איז געווארען שטארקער מיט יעדען טאג. פונדעסטוועגען האט זי אפגעלייגט דאסריידען מיט איהם וועגען זייער הייראט אויף שפּעטער. זי האט געפאלגט מאניושקא'ן, וועלכער האט איהר געראטען צו האבען געדולד און זיין פארזיכטיג.

זיי האבען אנגעהויבען שפּילען צוזאמען א נייע אפּערא "די ציגיינער" און ווידער האט סטראשונסקי'ס שפּילען און זינגען ארויסגערופען די גרעסטע באגייסטערונג פון אלע מוזיקער... ער האט ווידער גענומען ווארשע מיט שטורם, און די גרעפין האט געפייערט דעם ערפאלג מיט א גרויסארטיגער הוליאנקע ביי זיך אין פּאלאץ. זי האט באשלאסען, אז היינט וועט זי זעהן ער זאל טרינקען וויין און עפּעס צובייסען מיט איהר.

זי איז צו איהם צוגעגאנגען און איהם ארומגענומען, געהאלזט און געקושט און געזאגט:

— מיין ליבער דאוויד, דיין ערפאלג שטייגט מיט יעדען טאג... איך בין גליקליך מיט דיין ערפאלג און צוליב דעם וויל איך טרינקען מיט דיר! קום ליעבסטער לאמיר אויסטרינקעןביידע פאר אונזער ליעבע, פאר אונזער גליק און פאר אונזער אלעמענס ערפאלג, אט וועל איך א טרונק טהאן פריהער און דערנאך וועסטו א טרונק טאן פון זעלבען גלעזעל.

יואל דוד איז געווען אזוי פאר'כשופ'ט פון דער גרעפינ'ס אומארמונג און קושען, אז ער האט זיך גאר קיין חשבון ניט אפּגעגעבען. ער האט גענומען דאס זעלבע גלעזעל וויין נאכדעם ווי זי האט פון דעם א טרונק געטאן און אויך א זופּ געטאן.

זאמאיסקא'ס אויגען האבען אויפגעלויכטען, זי האט איהם באזיגט! האט א געדאנק דורכגעבליצט אין איהר מח. איצט, אז ער האט א זופּ געטאן פון דעם זעלבען וויין, געהערט ער שוין צו איהר... זי וועט שוין מעהר קיין שוועריגקייטען מיט איהם ניט האבען... זי איז געווען זעהר צופרידען און גליקליך. דאס מיינט, אז זיין רעליגיע וועט שוין ניט מעהר זיין א שטרויכלונג... זי האט איהם בייגעקומען. איצט וועט זי שוין דארפען נעמען דעם צווייטען שריט... זי וועט מיט איהם דארפען אוועקגעהן צום גלח... ניין, דאס וועט נים טויגען זי וועט זעהן אז ווען ער וועט קומען א צווייטען מאל זאל ער צופעליג טרעפען דעם גלח ביי איהר אין הויז... יא, אזוי וועט זיין בעסער. זי דארף טראכטען אויך פון דעם גט וואס ער וועט דארפען שיקען זיין פרוי אין ווילנע... אבער וועגען דעם איז זי ניט באזארגט. ער וועט ארויסשיקען א גט זיין פרוי אזוי שנעל ווי זי וועט איהם הייסען דאס טאן.

אויף מארגען איז זאמאיסקא אוועק צום גלח. זי האט מיט איהם גערעדט וועגען איהרע פּלענער. זי האט געזאגט, אז איצט איז שוין מעהר ביי איהר קיין צווייפעל ניט, אז סטראשונסקי וועט אננעמען דעם קאטוילישען גלויבען.

— אין שטאט האבען זיך פארשפּרייט די קלאנגען, אז דו וועסט היי־

ראטען מיט דעם גרויסען זינגער סטראשונסקי — האָט דער גלח זיך צו איהר אַנגערופען. אָבער קיינער האָט נאָך ניט גערעדט, אז ער וועט אַננעמען אונ־זער גלויבען און דעריבער האָבען זיך צו מיינע אויערען דערטראָגען מורמלען פון פילע פון דיינע פריינט און באקאנטע. זיי שרעקען זיך טאָמער וועסטו פארלאָזען דיין אייגענע אמונה.

— מען רעדט אַזוי, ווייל, ווי איך האָב אויסגעפונען, איז דער פּאַן סטראשונסקי פריהער געווען א אידישער חזן אין ווילנער גרויסער סינאגאָגע און דאָס איז אַזוי גוט ווי א אידישער גייסטליכער און דעריבער איז זיין רעליגיע שטארק איינגעוואָרצעלט ביי איהם און דו וועסט האָבען א גאַנץ שווערע אויפגאַבע... נו, זיינען מענשען דאָך בארעכטיגט צו טראכטען, אז ער קאָן אויסאיבען איבער דיר א גאָר שטארקען איינפלוס און איבעררייזען צו ביימען דיין אמונה.

— און איך זאָל ווערען א זשידאָווקע — האָט זיך די גרעפין שטארק פאנאנדערגעלאכט. ניין, פאַטערל, דאָס וועט קיינמאָל ניט געשעהן.

— אָבער ווי איך פארשטעה איז דיין ליעבע צו איהם אזוי שטארק ווי זיינע צו דיר, נו, אויב ער וועט צום ביישפּיל פון דיר פארלאנגען דו זאָלסט אַננעמען זיין רעליגיע!

— נו, וועט ער בלייבען ביי זיין פארלאנג!

— אָבער טאָמער וועט ער אנדערש ניט איינגעהן... איך מיין, טאָמער וועט ער דיר זאָגען, אז אייער ליעבע קאָן ניט פארווירקליכט ווערען אויב דו וועסט ניט ווערען קיין אידישקע, וואָס וועט דאן זיין!

— דאָס איז אונמעגליך!

— אַלעס איז מעגליך, און לויט ווי איך זעה איז דיין ליעבע צו איהם אזוי שטארק, אז דיר וועט זיין שווער איהם אויפצוגעבען.

— אָ, פאַטערל, וואָס זאָל איך טאָן, גיב מיר אן עצה! האָט די גרעפין זיך ביי איהם געבעטען. איך האָב געטראכט אפשר זאָלט איהר קומען צו מיר אין פּאַלאַץ אין דעם זעלבען אָווענט ווען ער וועט קומען פארברייננגען מיט מיר... און איהר זאָלט מיט איהם זיך דורכריידען.

— פון מיין ערפאהרונג וויים איך, אז א גלח וועט א אידען נאָך מעהר צוריקשטויסען צו זיין רעליגיע, סיידען ער זאָל צו איהם אליין קומען און זאָגען איהם, אז ער האָט באַשלאָסען זיך צו שמד'ן...

— אויב אזוי, וואָס זאָל איך טאָן? — האָט די גרעפין געפרעגט מיט זאָרג.

— איך האָב א פּלאן. אין ווארשע געהט ארוים א קאטוילישע וואָכענ־בלאט און איך גלויב, אז עס וואָלט געווען גאַנץ ווינשענסווערט צו מעלדען דארט וועגען דעם פּלאן פון אייער צוקינפטיגער הייראט און צוגעבען אַז אזוי שנעל ווי דער פּאַן סטראשונסקי וועט אַננעמען דעם קאטוילישען גלוי־בען וועט די צערעמאָניע פּאָרקומען... מען וועט, ערשטענס בארוהיגען די געמיטהער פון דיינע פילע פריינט, און עס וועט דיר העלפען... און ער וועט שוין דאן קיין אנדער ברירה ניט האָבען.

— וועט ער דען אויף מיר ניט זיין ברוגז אויב איך וועל עס טאָן אָהן זיין וויסען ? — האט די גרעפין געפרעגט דעם גלח.

— אויב ער האט ווירקליך בדעה אַנצונעמען אונזער גלויבען וועט ער דאך דארפען זיין צופרידען. און אויב ניט, דארף דיר דאך גאַר ניט אַרען, ווייל דו וועסט דאך מיט איהם אלץ איינס ניט קאָנען הייראטען, סיידען דו וועסט איינוויליגען צו פארלאָזען דיין רעליגיע.

— ניין, פאַטערל, דאס וועט קיינמאָל ניט געשעהן ! ער וועט טהאָן מיין וואונש, אין דעם צווייפעל איך ניט.

— די קאטוילישע קירכע וועט דיר זעהר דאנקבאר זיין אויב דיר וועט געלינגען צו באקעהרען דעם גרויסען אידישען זינגער צו אונזער אמונה — האט דער גלח זיך אָנגערופען.

— איך גלויב, אז ער קאָן שוין פון איצט אָן פאררעכענט ווערען פאר א קאטויליק. איך האָב נעכטען געמאכט א סימן. ביז איצט איז מיר שווער געוועזען איהם איבערצוריידען ער זאָל פארזוכען פון אונזער וויין, ווייל ווי עס שיינט איז עס געגען זיין רעליגיע ניט צו טרינקען קריסטליכען וויין, אבער נעכטען האט ער יע געטרונקען און נאָך פון דעם זעלבען גלאָז וויין, איז ער ביי מיר געוועזען א סימן, אז ער איז שוין מעהר ניט געטריי זיין רעליגיע.

— נו, אויב אזוי קאָנסטו מיט איהם שוין אָנפאַנגען צו ריידען און ווען ער וועט געבען זיין צושטימונג זאָלסטו מיט איהם אריבערקומען צו מיר און איך וועל איהם זאָגען וואס ער דארף טאָן.

— איך ערוואַרט איהם די טעג נאָך אמאָל ביי מיר אין פאלאץ און איך וועל שוין דאן מיט איהם ריידען און ביז יענער צייט וועט שוין זיין אויך די נייעס וועגען זיין אָננעמען די קאטוילישע רעליגיע אין דער וועכענטליכער קאטוילישער צייטונג.

— איך ווינש דיר גליק, גרעפין ! — האט דער גלח אויפגעהויבען דעם צלם וואס איז געהאנגען אויף זיין ברוסט און די גרעפין האט עס א קוש געטאָן און זי איז אוועק פון איהם.

---

יואל דוד סטראשונסקי איז ארומגעגאנגען די גאנצע צייט ווי בארוישט. עפּעס איז ער געוועזען אין א גאנץ אנדער וועלט, אין א וועלט פון חלומות. ער האט פון קיין זאך ניט געטראַכט נאָר פון זיין גרויסען ערפאָלג און פון דער ליבע פון דער שעהנער גרעפין... איהם האט געצויגען צו איהר, און ווען עס פלעגט פאַריבער א טאָג און ער האט זי ניט געזעהן, פלעגט ער בענקען זעהר שטארק... ער האט קוים דערוואַרט די רגע ער זאָל זי זעהן.

פון זיין פארגאַנגענהייט האט ער אפילו ניט געטראכט... אלעס איז איהם געוואָרען פרעמד... כאָטש בלויז איין יאָהר האט איהם אָפּגעטיילט פון זיין פריהערדיגען לעבען, אבער איהם האט זיך אויסגעדוכט, אז צענדליגע יאָהרען זיינען פאַריבער זינט ער איז געוועזען ווילנער שטאָט חזן... ווען ער פלעגט אמאָל יע א טראכט טאָן פון זיין חנה'לען פלעגט ער באַלד פארטרייבען דעם דאָזיגען געדאנק פון זיך און אָנפאַנגען טראַכטען פון דער גרעפין,

פון איהר ליידענשאפטליכער ליבע צו איהם... ער האט זיך געפיהלט אזוי דערהויבען, אז ער האט זיך ניט געקאנט פארשטעלען, אז ניט לאנג צוריק איז ער געווען אזוי ניט וויכטיג... צווישען מענשען מיט אזא ארימען אינ־האלט אין לעבען...

עס איז שוין לאנג, אז ער האט אויפגעהערט צו לייגען תפילין און דאווענען. ער האט שוין מעהר ניט געטראכט פון דעם... ער איז געווען צופיל פארנומען... ער פלעגט די טעג פארברייגגען אין מאניושקא'ס סטודיא וואו ער פלעגט לערנען זיך שפילען אויף א פידעל און מאניושקא האט איהם ניט אויפגעהערט צו געבען קאמפלימענטען פאר זיין וואונדער שעהן שפילען.

איינמאל האט ער געשפילט פידעל אין מאניושקא'ס סטודיא. ער האט געשפילט זעהר א שווערע זאך און ער האט זיך אזוי פארטיפט אין שפילען, אז ער האט גארניט באמערקט ווי די גרעפין שטעהט נעבען איהם.

— ווי וואונדערבאר! ווי וואונדערבאר! — האט זי איהם ארומגענו־מען און געקושט נאכדעם־ווי ער האט געענדיגט שפילען — איך האב גאר־ניט געוואוסט, אז דו באזיצסט אויך אזא גרויסען טאלאנט צו שפילען פידעל. דו מוזט קומען היינט צו מיר מיט דער פידעל. דער פאן מאניושקא וועט דיר אנפארטרויען די פידעל און איך וויל, אז דו זאלסט פאר מיר שפילען...

יואל דוד האט איהר פארלאנג דערפילט. ער האט מיט מאניושקא'ס ערלויבניש גענומען די פידעל און ער האט זיך אין אוונט אריינגעזעצט אין דעם עקיפאזש פון דער גרעפין וואס האט שוין אויף איהם געווארט נעבען זיין האטעל און ער איז געקומען צו איהר אין פאלאץ.

די גרעפין זאמאיסקא האט שוין אויף איהם געווארט מיט גרויס אומ־געדולד. זי האט ביי זיך באשלאסען מיט איהם צו ריידען היינט ביינאכט. זי וועט דארפען זיין זעהר פארזיכטיג... זי וועט מוזען זיך באנוצען מיט איהרע שטארקסטע וואפען.

זי האט זיך אויסגעפוצט היינט נאך שעהנער ווי שטענדיג, זי האט זיך באשפריצט מיט דעם בעסטען פארפום. זי האט געטראגען איהר העל ראזעווע זיידענע קלייד מיט די טיפסטע דעקאלטע...

זי וועט איהם מוזען אזוי איינשיכור'ען מיט ליבע צו איהר, אז ער זאל זיין גרייט צו טאן אלץ וואס זי וועט פון איהם פארלאנגען.

די גרעפין האט איהם אויפגענומען אין איהר צימער. זי האט איהם גע־בעטען שפילען פאר איהר אויף'ן פידעל און נאכדעם ווי ער איז פארטיג געווארען האט זי פון איהם אוועקגענומען די פידעל און זי ארויפגעלייגט אויף דער פיאנא.

זי האט זיך אוועקגעזעצט אויף דער סאפא און זיך צו איהם אנגערו־פען:

— קום, זעץ זיך אוועק נעהנטער צו מיר, מיין דאוויד! נאך נעהנטער, אט אזוי!

זי האט דורכגעפיהרט איהרע פינגער דורך זיינע געדיכטע האר און זי האט זיך גענומען טוליען צו איהם מיט איהר הייסען קערפער. יואל דוד'ס

לײדענשאַפט האָט געפלאַקערט... זי האָט זיך געדרעהט און געלאַסטשעט צו איהם...

יואל דוד האָט זי אַרומגענומען און געוואָלט באַדעקען מיט קושען, אָבער די גרעפין האָט זיך פּלוצלונג באַפרייט פון זיין אומאַרמונג.

— אַ, מיין ליבסטע! מיין טייערסטע! — האָט ער אויסגערופען און זי געוואָלט ווידער אַרומנעמען, אָבער די גרעפין האָט זיך אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ.

יואל דוד האָט איהר אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג, זיין פּנים האָט געפלאַמט און זיינע אויגען האָבען געברענט...

— איך טראַכט זיך, אַז מיר האָבען ביידע געזינדיגט... האָט די גרעפין געזאָגט — מיר דאַרפען זיך באַהערשען... איך האָב דיך ליעב, זעהר שטאַרק ליעב און אויך דו האָסט מיך ליעב. און איצט דאַרפען מיר זיך פאַרבינדען אויף אייביג... מיר דאַרפען ביידע הייראַטען... האָסטו מיך ליעב גענוג, אַז דו ביזט וויליג מיט מיר צו הייראַטען.

— מיין טייערסטע, איך בין גרייט מיין לעבען אָפּצוגעבען פאַר מיין ליבע צו דיר, האָט ער זי אַרומגענומען און זי האָט זיך שוין ווידער גענומען טוליען צו איהם.

— אויב אַזוי דאַרפען מיר באַשטימען דעם טאָג פון אונזער הייראַט! — האָט זאַמאָסקאַ געזאָגט.

— דו באַשטים דעם טאָג, מיין ליבסטע! — האָט ער געזאָגט — איך בין אַזוי גליקליך. איך לאָז עס אַלץ איבער צו דיר... דיין וואָרט, טייערסטע מיינע, איז ביי מיר הייליג.

די גרעפין האָט געזעהן אַז איצט האָט זי די געלעגענהייט און האַלטענדיג זיין האַנד האָט זי זיך אָנגערופען:

— דו ווייסט דאָך אַז מיר קאָנען ניט הייראַטען סיידען... יע, איך האָב נאָך נישט גערעדט מיט'ן גלח פון אונזער קירך... ער וועט זיין גליקליך — האָט ער מיר געזאָגט דיך צו טויפען... און אַזוי שנעל ווי דו וועסט ווערען אַ קאַטאָליק, וועלען מיר קריגען די צושטימונג פון דער קירך צו אונזער הייראַט... איצט מיין ליבסטער, זאָג מיר, וועסטו מיט מיר מאָרגען אַריבערגעהן צום גלח און ער וועט דיר זאָגען ווי אַזוי דו דאַרפסט זיך צוגרייטען צום טויף... און איצט האָט זי אָנגענומען מיט דער צווייטער האַנד דעם גאָלדענעם צלמ'ל וואָס איז געהאָנגען ביי איהר אויפ'ן האַלז — יע, מיין טייערסטער, איצט גיב אַ קוש דאָס צלמ'ל וועל איך וויסען אַז דו וועסט אָננעהמען אונזער רעליגיע, דו וועסט זיך שמד'ן פאַר אַ קאַטויליק און מיר וועלען דאַן קאָנען הייראַטען!...

יואל דוד האָט זיך שנעל אַ שטעל געטאָן פון זיין פּלאַץ אַרויסציהענדיג זיין האַנט פון איהרער, פּונקט ווי אימיצער וואָלט איהם אָפּגעגאָסען מיט אַ קאַלטען עמער וואַסער.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט זיך די גרעפין אָנגערופען.

יואל דוד האָט אויף איהר געקוקט מיט מאָדנע בליקען... זיין פּנים איז באדעקט געוואָרען מיט א קאלטען שוויים.

— דאוויד, מיין ליבסטער, וואָס איז מיט דיר געשעהן? — האָט זיך די גרעפין געגומען צו איהם דערנעהנטערען! פארוואָס ביזטו אפּגעשפּרונגען פון מיר, פּונקט ווי איך וואָלט געווען א שלאנג און דיר געוואָלט א ביס טאָן?

יואל דוד האָט ווידער געמאכט איינינע טריט אויף צוריק.

— מיין טייערסטער, דו שרעקסט מיך! וואָס איז פּלוצלונג מיט דיר געשעהן, וואָס האָב איך אזוינס געטאָן צו דיר? פאר וואָס ביזטו אזוי בלאס געוואָרען? פיהלסטו דען ניט גוט? זאָג מיר, מיין טייערער! — האָט זי איהם אָנגענומען פאר זיין האנט.

יואל דוד האָט ארויסגעריסען זיין האנט פון איהר מיט האסט און אויס־געדופען:

— ריהר מיך ניט אָן! דו ביזט לילית, דו ביזט דער שטן!... איך וויל דיך מעהר ניט קאָנען! אַ גאָט, צו וואָס איך בין געזונקען!

ער האָט געכאפּט זיין מאנטעל און זיין הוט און האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר.

די גרעפין איז איהם נאָכגעלאָפען און זיך געשטעלט נעבען דער טיר. זי האָט זיך שטארק דערשראָקען. זי האָט ניט געקענט באגרייפען וואָס עס איז פּלוצלונג מיט איהם געשעהן.

— איך בעט דיך, דאוויד ערקלעהר מיר וואָס אזוינס האָב איך געזאָגט אז דו האָסט זיך אזוי באליידיגט?

— איך בין געווען בלינד און טויב! — האָט יואל דוד געענטפערט — איך האָב ניט געזעהן צו וואָס עס פיהרט מיך און איך האָב ניט געהערט דיינע רייד. און אפשר האָב איך זיי יע געהערט און ניט באגריפען זייער באדייטונג. אָבער איצט האָט גאָט מיינע אויגען געעפענט... איצט הער איך און זעה און באגרייף אלעס... אַ, גאָט, וועסטו מיר מוחל זיין! איך, יואל דוד, דער ווילנער שטאָדט חזן, זאָל זינקען אזוי נידעריג... אז מען זאָל צו מיר וואגען צו ריידען וועגען שמד, וועגען קושען א צלם, וועגען געהן צום גלח! פארוואָס אָט גאָט האָסטו מיך לאנג ניט געטויט? ווי אזוי האָב איך אָר געקאָנט צולאָזען אז אזעלכע רייד זאָלען צו מיר גערעדט ווערען! כא! כא! איך זאָל קושען א צלם. איך זאָל געהן צום גלח. איך זאָל זיך שמד'ן אויף א קאטויליק! כא! כא! כא! כא! מיינע אור־עלטערען האָ־בען זיך געלאָזט ברענען און בראָטען דורך דער קאטוילישער אינקוויזיציע און איצט פארלאנגסטו אז איך זאָל זיך אָנשליסען צו די מערדער פון מיין פאָלק. דו ווילסט מאכען פון מיר, דעם זשידאָק א קאטויליק! איהר קריסטען וועלכע האָבען זיך שוין באלד צוויי טויזענד יאָהר געבאָדען אין אונזער בלוט, וועלכע האָבען אונז דערנידעריגט און געטראָטען מיט די פיס ווייל אייך האָט זיך פארגלוסט אויסצוקלייבען א גאָט איינעם פון אונז, וועמען מיר האָבען ניט געוואָלט אנערקענען... איצט פארלאנגסטו פון מיר איך זאָל קושען דיין צלם! אָט דעם פארבלוטיגטען סימבאָל... וויפיל הונדערטע

טויזענדע אומשולדיגע אידען, מיינע ברידער און שוועסטער זיינען אומגע־קומען דורך אָט דעם סימבאָל... אָ, איהר קריסטען, אייערע הענט זיינען פארפלעקט מיט אידיש בלוט! אייערע גלחים פרעדיגען אידען האס. זייריידען צו דעם אומוויסענדען, צעיושעטען המון צו פּאָגראָמען אויף אידען. און איצט פארלאנגסטו איך זאָל מיט דיר געהן צום גלח! ניין, איך וועל בעסער אויסציהען מיין האלז צו דעם חלף וואָס א פּאָגראָמשטשיק וועט האלטען איבער מיר... איך וועל זיך בעסער לאָזען ברענען אויף דער אויטאָ־דאָ־פע, ווי מיינע אור־עלטערען האָבען עס געטאָן איידער זיך צוריהרען צום צלם!

— דו ביזט קראנק, דאוויד! — האָט די גרעפין אויסגערופען. דו ביזט ניט ביים פולען זינען!... דו ביזט זעהר דערשיטערט, קום זעץ זיך צו א ווײַלע. איך וועל הייסען ברײנגען אביסעל וואסער!

— איך בין ניט קראנק! איך בין ביי מיין פולען פארשטאנד! איך ווייס וואָס איך רייד! א גלח, א צלם, שמד! כא! כא! כא!...

יואל דוד איז געוואָרען אזוי היסטעריש אז אָט האָט ער געוויינט און אָט האָט ער זיך פאנאנדערגעלאכט. ער האָט שנעל אָנגעטאָן דעם מאנטעל און ווען ער האָט האסטיג אָן עפען געטאָן די טיר, זיינען ארײנגעפאלען אין צימער די גרעפין'ס קאמער־מיידעל און איהר דינער וועלכע זיינען גע־שטאנען אָנגעשפּארט צו דער טיר און צוגעלייגט זייערע אויערען צוהערענדיג זיך צו סטראשונסקי'ס אויסברוך.

יואל דוד איז האסטיג ארויס פון א צושטאנד פון אויפרעגונג און צו־טומעלטקייט.

ערשט איצט אויף דער פרישער פריהלינג לופט האָט ער זיך אײנגאנ־צען אויסגעניכטערט. ער האָט גענומען טראכטען פון דער טיפער בלאָטע אין וואָס ער איז פארקראָכען... וואָס איז פון איהם געוואָרען! ווי אזוי איז דאָס אלעס געשעהן? זיין קאָפּ איז פארדרעהט געוואָרען פון זיין גרויסען ערפאָלג... האָט ער דען ניט אײנגעזעהן אז דאָס אלעס וועט איהם פיהרען אין אָפּגרונט... אָ ווי שוואך ער איז געווען. ער האָט דעם נסיון ניט געקענט ביישטעהן... איצט איז אלעס קלאָהר צו איהם. ער איז די גאנצע צייט געווען שכור... ער האָט ניט געוואוסט וואָס מיט איהם טהוט זיך. ער האָט פארלאָזען זיין אידישקייט. וויפיל טעג האָט ער ניט געדאווענט... ער האָט שוין פאר־געסען די צאָהל. ער האָט שוין מאָנאטען לאנג אין בית המדרש ניט ארײנ־געשמעקט. ווי שטארק עס ציהט איהם צו א שוהל אָדער א קלויז וואו ער וואָלט זיך איצט געשטעלט און אויסגעגאָסען זיין הארץ פאר דעם רבונו של עולם איהם געבעטען ער זאָל איהם מוחל זיין.' אָבער איז שוין דען פאר איהם פאראן א מחילה? ער איז דאָך פארזונקען אין מ"ט שערי טומאה... פאר איהם זיינען שוין די טויערען פון תשובה פארשלאָסען... ער האָט געזינדיגט געגען גאָט. יע, גאָט, דער פאָטער אין הימעל איז א פאָטער פון רחמנות. ער וועט איהם אפשר מוחל זיין. אָבער ער האָט געזינדיגט געגען זיין חנה'לע... ווי אזוי האָט ער איהר געקענט אזוי באהאנדלען. פארוואָס איז זיין הא־ץ

פארוואנדעלט געווארען אין א שטיין? ווי אזוי האט ער געקענט פארגעסען אן זיין ליבע חנה'לע און אן זיין קינד, דעם שווארצאפעל פון זיינע אויגען...

מיט אט די דאזיגע געדאנקען האט יואל דוד געוואנדערט ציעללאז איבער די ווארשעווער גאסען. די נאכט איז געווען א פרעכטיגע אין אנפאנג חודש ניסן און אלעס איז איין זיין מוח געווארען אזוי קלאהר... ווען ער האט געטראכט פון דער גרעפין איז א שוידער דורך זיין לייב... איהם האט גענומען עקלען... ווי אזוי האט ער זיך גאר געקענט צוריהרען צו איהר?... זי מיט איהר גאלדענעם צלם'ל אויף איהר האלז... זי האט געהאט איין כונה און דאס איז איהם צו שמד'ן... ווי שרעקליך! ווען ער קען נאר אויף שטענדיג אויסמעקען די דאזיגע געדאנקען פון זיך...

איצט פיהלט ער זיך פריי... אבער א ווייל פריהער ווען ער איז געווען ביי דער גרעפין, אט די עטליכע מינוט ווען ער האט פלוצלונג דערוואכט און זיך אויסגעניכטערט פון זיין שכרות, האט ער געפיהלט ווי ער וואלט געווען ארומגערינגעלט פון שלאנגען און עקדעשען וועלכע האט איהם געוואלט פארצוקען... און ווען ער האט זיך ארויסגעכאפט פון דארט, האט ער לייכט אפגעאטעמט.. ער איז פריי... וואס דארף ער איצט טאן? טויזענדע געדאנקען זיינען דורכגעלאפען זיין מח... איין זאך אבער וועט ער דארפען טאן און דאס איז באלד זיך ארויסציהען פון זיין האטעל... ער וועט זיך דערווייל באזעצען ערגעץ אין א זייטיגע געסעל אין א אידישע אכסניה און דאן וועט ער באשליסען וואס צו טאן... ער טאר אבער אין זיין האטעל ניט בלייבען, ווייל די גרעפין וועט געוויס אריינקומען צו איהם צוזאמען מיט מאניושקא'ן... שוין אוים... ער וועט שוין מעהר ניט שפילען... זיין גאנצער אומגליק איז צו איהם געקומען פון דער אפערא. קיינער טאר איהם ניט געפינען...

מיט שנעלע טריט האט ער זיך פארנומען צו זיין האטעל. ער איז אריין אין זיין צימער און האט זיך שנעל איבערגעטאן... ער האט אנגעטאן די בגדים און הוט אין וואס ער האט פארלאזען ווילנע . ער האט איינגעפאקט זיינע זאכען אין די טשעמאדאנטשיקעס און איז ארונטער זאגען דעם אייגענטימער פון דעם האטעל אז ער ציהט זיך באלד ארוים.

דעם איזוואסטשיק האט ער געהייסען צופאהרען צו דער אידישער אכסניה און ווען ער איז ארויף אויף דער דראזשקע, האט דער איזוואסטשיק א שמיץ געטאן דעם פערד און ער האט איהם צוגעפיהרט צו יענער אכסניה.

דער בעל אכסניה איז געווען א איד מיט א ברייטע, שווארצע, געדיכטע בארד, א פרומער חסיד, וועלכער האט קיינמאל ניט געהערט פון דער אפערא און פון סטראשונסקי'ן און דעריבער, ווען ער האט איהם געגעבען זיין פאספארט זיך צו פארשרייבען, האט ער אפילו קיין אהנונג ניט געהאט ווער ער איז. ער האט איהם פאררעכענט פאר א רייזענדער, וועלכער איז נאר־וואס אריינגעפאהרען אין ווארשע.

ערשט זייענדיג אליין אין דעם קליינעם ארימען צימער, האט ער דער־

פיהלט זיין הילפלאָזיגקייט און זיין איינזאַמקייט... אין איין קורצער שעה איז פאָרגעקומען אין זיין לעבען א שטאַרקער איבערברוך, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט זיין נשמה... ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי ער איז ארונטערגעפאַלען פון א זעהר הויכען פּלאַץ און ער וואָלט זיכער צעשמעטערט געוואָרען, ווען אין דער לעצטער רגע איידער ער איז געפאַלען צום באָדען וואָלט ער ניט באַוויזען זיך אָנצוכאַפּען אָן עפּעס, וואָס האָט אָפּגעשטעלט זיין האַסטיגען פאַל, און דאָס האָט איהם געראַטעוועט.

יואל דוד האָט זיך געלייגט שלאָפען און כאָטש ער האָט געלייענט קריאת שמע מיט גרויס כונה, האָט ער בשום אופן ניט געקאָנט איינשלאָפען פון אויפרעגונג. ער איז געלעגען אויף דעם בעטעל און פאַרביי זיינע געדאַנקען זיינען פאַרבייגעלאָפען בילדער פון זיין לעבען, פון זיין יוגענט... ער געדענקט אפילו דעם פּנים פון זיין טאַטען עליו השלום... ווי ער האָט אויסגעזעהן דעם טאָג פון זיין טויט, פיער טעג פאַר פּסח...

יואל דוד האָט זיך פּלוצלונג א הויב געטאָן פון זיין בעט און אָנגעצונדען א ליכט... ער האָט זיך דערמאָנט, אז איצט זיינען פאַריבער איניגע טעג חודש ניסן, און זיין טאַטע איז געשטאָרבען צעהן טעג אין ניסן. באַלד וועט ער האָבען יאָהרצייט נאָך זיין טאַטען... ער האָט ארויסגענומען פון צווישען זיינע זאַכען א קליינעם לוח און אריינגעקוקט. ער האָט אויסגעפונען, אז דאָנערשטאָג איז זיין פאָטער'ס יאָהרצייט. ער וועט דאַרפען דאַווענען פאַר'ן עמוד און זאָגען קדיש. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט פאַרפעהלט צו זאָגען קדיש צו זיין פאָטער'ס יאָהרצייט... ווי קומט עס, אז ער האָט גאָר ביז איצט אפילו פון דעם ניט געטראַכט... ער קאָן גאָרניט באַגרייפען, אז אין איהם זאָל אזוי פּלוצלונג פאָרקומען אזא ענדערונג... ער זאָל זיך אינגאַנצען אויסטאָן פון אידישקייט און פאַרגעסען אָן אַלץ...

און אזוי ליגענדיג אין בעט, האָט ער גענומען טראַכטען פון זיין חנה'לען, זיינע אויגען זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט טרעהרען. זיין ליבע, געטרייע ווייבעלע... פאַרוואָס קומט עס איהר? ווי אזוי האָט ער געקאָנט אומבייטען זיין ריינע, עהרליכע און באַשיידענע פרוי אויף אַט אזא, וועלכע איז אזוי מאָראַליש געזונקען... זי, די גרעפין איז אויסען געווען צו פאַנגען זיין נשמה.... צו דעם האָט זי געשטרעבט און זי איז געווען ביי זיך אזוי זיכער, אז זי האָט איהם אין איהר נעץ... געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט זיינע אויגען אין צייט געעפענט, וואָס ער האָט זיך אויסגעניכטערט פון זיין שכרות און ער האָט געהאַט דעם מוטה איהר אַלץ צו זאָגען... מאָרגען דאַרפען זיי ביידע שפּילען די נייע אָפּערא, אָבער ער וועט ניט קומען... קיינער וועט ניט וויסען וואו ער איז אהינגעקומען. ער וועט זיך שוין ניט מעהר באַווייזען אין די אריסטאָקראַטישע גאַסען... דאָ אין דער געטאָ צווישען זיינע אָרימע, דערשלאָגענע ברידער וועט ער זיך דערוויי̈ל אויפהאַלטען ביז וואַנען ער וועט באַשליסען ביי זיך וואָס ווייטער צו טאָן...

אַן אויסגעמאַטערטער, א דערשלאָגענער פון אויפרעגונג און פּלאָגונג פון זיין געוויסען, איז יואל דוד איינגעשלאָפען ווען עס האָט שוין אָנגעהויבען צו טאָגען.

# קאפּיטעל 28

די גרעפין זאמאָיסקא איז געבליבען אזוי דערשטוינט פּון סטראשונסקי'ס פּלוצלינגען אויסברוך, אז פאר א היבשע ווײלע האָט זי ניט געקאָנט קומען צו זיך. זי איז געבליבען שטעהן א פארגליווערטע... וואָס איז דאָ פּלוצלינג געשעהן מיט איהם? דוכט זיך, אז ער איז שוין אינגאנצען געווען אונטער איהר איינפלוס... זיין ליידענשאפטליכע ליעבע צו איהר האָט זיך נאָך מעהר צעפלאקערט און מיט אמאָל אזא איבערקערעניש... וואָס אזוינס האָט זי געטהאָן?... זי האָט בלויז אויפגעהויבען דעם צלמ'ל וואָס איז געהאנגען אויף איהר האלז און עס צוגעטראָגען צו זיינע ליפּען און געבעטען ער זאָל עס א קוש טהאָן... איז עס מעגליך, אז דאָס זאָל זיין די אורזאך פּון זיין אינערליכען אויסברוד... ער האָט צו איהר גערעדט אזעלכע שארפע רייד וואָס האָבען איהר לייב ווי מיט מעסערס געשניטען. ער האָט איהר דייטליך געזאָגט, אז די קריסטען האָבען אומברחמנות'דיג געשאָכטען די אידען און זיך געבאָדען אין זייער בלוט... עפּעס האָט ער גערעדט וועגען אן אינקוויזיציע וואו מען האָט געברענט און געבראָטען זיינע אורעלטערען און וועגען הונדערטע טויזענדע אומשולדיגע אידען, זיינע ברידער און שוועסטער זיינען אומגעקומען צוליב דעם סימבאָל פּון צלם... יע, אָט דאָס קאָן זיין די אורזאך פארוואָס דאָס קליין גאָלדען צלמ'ל האָט אין זיין נשמה אזא איבערקערעניש געמאכט...

זי האָט געפיהלט, אז זי וועט צוזאמענברעכען... איהר קאמער מיידעל און דינער, וועלכע זיינען געשטאנען איינגעבויגען צו דער טיר און זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און זיינען נאכהער אריינגעפאלען אין דעם צימער ווען ער האָט האסטיג אָן עפּען געטאָן די טיר, זיינען נאָך אלץ געשטאנען ווארטענדיג אויף איהר באפעהל. די גרעפין האָט ארויסגעשיקט דעם דינער און די קאמער מיידעל האָט זי געהייסען בריינגען א גלאָז קאלטע וואסער.

ווען זי האָט א זופּ געטאָן פּון גלאָז האָט זי זיך עטוואָס געשטארקט. זי האָט זיך אָנגעשפּארט און איהר קאמער מיידעל און איז אריין צו איהר אין שלאָפצימער. זי האָט איהר געהאָלפען זיך אויסטאָן און זי איז אריין אין בעט.

ערשט איצט ליגענדיג אין בעט, האָט זי אלץ אזוי קלאָר געזעהן. זי האָט זיך דערמאָנט, אז מאניושקא האָט איהר געהאט געוואָרענט צו זיין זעהר פאָרזיכטיג, ווייל זי קאָן נאָך קאליע מאכען... ער האָט געוואוסט... אָבער ווי אזוי האָט זי אנדערש געקאָנט האנדלען? דאכט זיך זי האָט ארויסגעוויזען גענוג פאָרזיכטיגקייט. זי האָט געהאט אזוי פיעל געדולד. זי פיהרט שוין מיט איהם א ליעבע עטליכע חדשים און זי איז געווען איבערציינט, אז ער איז אינגאנצען אונטער איהר איינפלוס...

— וואָס זאָל זי איצט טהאָן? — האָט זי געטראכט — ער האָט דאָך זי באליידיגט אזוי גראָב און ברוטאל. ער האָט איהר געזאָגט, אז איהרע הענט זיינען מיט בלוט באפלעקט... פּונקט ווי זי וואָלט געווען שולדיג אין אלע שחיטות וואָס די קריסטען האָבען געמאכט אויף אידען...

נאָך שטארקער איז איהר אויפרעגונג געוואָרען ווען זי האָט זיך דער־

מאַנט, אַז דער גלח האָט שוין געמאָלדען אין דער קאַטוילישער וואָכענבלאַט וועגען דעם, אַז זי און דער פאַן סטראַשונסקי וועלען הייראַטען אַזוי שנעל ווי ער וועט זיך טויפען פאַר אַ קאַטאָליק... און עס איז שוין מעגליך, אַז עס איז שוין געדרוקט געוואָרען... וואָס וועט איצט זיין ?...

אַ שוידער איז דורך איהר קערפּער ווען זי האָט פון דעם אַ טראַכט געטאָן. זי האָט אויפגענומען דעם גלח'ס פאַרשלאַג און איהם געהייסען עס אריינשטעלען אין צייטונג און אַפּילו זיך ניט אָנגעפרעגט ביי סטראַשונסקי'ן, אַזוי זיכער איז זי געווען מיט זיין ליעבע... עס איז ביי איהר דער מינדסטער צווייפעל ניט געווען, אַז ער וועט זיין צופרידען אָנצונעהמען דעם קאַטוילי־שען גלויבען, ווייל ערשט דאָן וואָלט ער געקאָנט שטייגען העכער און זיין ערפאָלג וואָלט געווען גרעסער. וואָס וועט איצט זיין ? זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם וואַנט זייגער אין איהר צימער און עס איז שוין געווען עלף. אַ געדאַנק איז איהר געקומען, אַז זי מוז זיך זעהן מיט מאַניושקאַ'ן. ער וועט אפשר קאָנען אַלץ גוט מאַכען. מאַניושקאַ ווייסט זיך ווי צו באַגעהן מיט סטראַשונסקי'ן. און ווען זי וועט איהם דערצעהלען וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איהם, וועט ער שוין זוכען אַ מיטעל ווי אַזוי אַלץ אויסצוגלייכען... אָבער עס איז דאָך אַזוי שפּעט און ער מוז שוין שלאָפען... אפשר זאָל זי וואַרטען ביז מאָרגען אין דער פריה... אָבער דאָן קאָן שוין זיין צו שפּעט... אויב עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט איהם צו ראַטעווען, איז עס נאָר ווען זיי זאָלען באַלד האַנדלען... זי וואָלט אַליין אַריבער צו איהם, איז זי אָבער אַזוי דער־שיטערט און דערשלאָגען פון אַלץ וואָס האָט פּאַסירט, אַז זי קאָן ניט אַרויסגעהן פון הויז.

## קאַפּיטעל 29

יואל דוד אָנגעטאָן אין זיינע אמאָליגע בגדים, איז געבליבען אין דער אכסניה. איינציגע טעג איז ער כמעט פון דער אכסניה ניט אַרויס, האָט דעם בעל אכסניה געזאָגט, אַז ער קומט פון אַ ווייטען וועג און ער איז זעהר מיעד. דער בעל אכסניה האָט איהם איין פריהמאָרגען געטראָפען דאַווענענדיג אין זיין צימער מיט זיין טלית און תפילין און זינט דאָן האָט ער פאַר איהם געקראָגען מעהר דרך ארץ. ער האָט שוין איינגעזעהן, אַז ער האָט דאָ צו טהאָן מיט אַ ליטווישען פרומען יונגען מאַן, וועלכער איז אַ בעל תורה, ניט געוואָלט באַלעסטיגען מיט צופיל פראַגען, ווען ער האָט געמערקט, אַז ער ענטפערט ניט זעהר גערן. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל זיך ניט אַרי־בערציהען אין אַן אַנדער אכסניה.

יואל דוד האָט געהאַט מיטגענומען פון ווילנע עטליכע ספרים און אַ פּאַר גמרות און איצט זייענדיג אין דער אכסניה, האָט ער געזוכט צו פאַר־געסען זיין טרויעריגע ערפאַהרונג, אין לערנען... ער האָט דאַמיט געוואָלט תשובה טהאָן... זיין הארץ האָט אין איהם געוויינט, ווען ער פלעגט אַ טראַכט טהאָן וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט... ער האָט געפיהלט, אַז ער איז אַ זינדיגער, ער האָט געזינדיגט געגען גאָט און געגען זיין חנה'לען... וויפיל יסורים ער האָט איהר פאַרשאַפט... ווי אַזוי וועט ער קאָנען ערוואַרטען זי

זאָל איהם מוחל זיין? וואָס וועט איצט זיין? וועט ער זיך קאָנען אומקעהרען אהיים... וואָס וועט ער טהאָן? יע, ער וועט זיך אומקעהרען אהיים. ער וועט פאַלען חנה'לען צו די פיס און איהר בעטען זי זאָל איהם מוחל זיין. ער וועט אויך בעטען די גבאים פון ווילנער שטאָט שוהל זיי זאָלען איהם מוחל זיין. ער וועט א גאַנץ יאָהר דאַווענען אומזיסט... ער דאַרף ניט קיין געלט. ער האָט גענוג געלט פאַרדינט דורך דער צייט וואָס ער האָט געזונגען אין דער אָפּערא... אפשר וועט ער אזוי טהאָן... ער וועט פריהער קומען צו זיך... יע, ער וועט דאָ פאַרבלייבען ביז נאָך פסח און דאַן וועט ער צוריקפאָהרען קיין ווילנע.

עס איז געקומען מיטאָג צייט און אין גרויסען עס־צימער זיינען געזעסען נאָך עטליכע אורחים און געגעסען. יואל דוד איז זיך געזעסען שווייגענדיג, ער האָט זיך ניט באַטייליגט אין די געשפּרעכען.

ווען זיי זיינען אַלע אזוי געזעסען און געגעסען, קומט אריין דער בעל אכסניה מיט א צייטונג אין האַנט.

— האָט איהר געהערט וואָס עס האָט פּאַסירט? — רופט ער זיך אָן צו אַלעמען, וועלכע זיינען געזעסען ארום טיש — די גויה, וועלכע רוימט אויף די צימערען האָט מיר נאָר־וואָס געוויזען א צייטונג וואו עס שטעהט געדרוקט, אז דער ווילנער באַלעבעסל, וועלכער איז געווען איבער עלף יאָהר שטאָט־חזן איז ווילנע און נאָכהער געוואָרען אן אָפּערא זינגער אין וואַרשע, האָט זיך פאַרליבט אין א גרעפין און ער וועט זיך די טעג שמד'ן.

— אוי וואַי, אוי וואַי! — האָבען זי די אידען געכאַפּט פאַר די קעפּ

— דאָס איז דאָך נאָך ניט געהערט געוואָרען... אזא אומגליק? אזא רשע, ימח שמו וזכרו!

— נו, וואַיזט מיר, וואָס שרייבט מען אין דער צייטונג? — האָט זיך אָנגערופען א יונגער איד מיט א שוואַרץ, שפּיציג בערדעל — איך קאָן לייענען פּויליש.

דער בעל אכסניה האָט איהם געגעבען די צייטונג און ער האָט גענומען לייענען אין דער הויך.

א קאַלטער שוויים האָט באַדעקט יואל דוד'ס קערפּער. זי, די גרעפין האָט עס איבערגעגעבען אין צייטונג... אָט, די אומווירדיגע, איצט איז שוין אַלץ פאַרפאַלען... ער האָט געהאַפט, אז קיינער וועט ניט אויסגעפינען, אז דאָס איז ער... וויל ער וועט דאָך דאָ מוזען פאַרבלייבען איניגע וואָכען... דאָ וועט איהם קיינער ניט זוכען. ער מוז פריהער קומען צו זיך און דאַן זעהן וואָס ער האָט צו טהאָן.

ער איז געזעסען ווי אויף שפּילקעס... יענער יונגערמאַן האָט געלייענט אויפ'ן קול וועגען דעם און די אידען האָבען ניט אויפגעהערט איהם צו שילטען מיט די שרעקליכסטע קללות...

— יאָ, ווען זיי ווייסען, אז ער איז דאָס דער ווילנער באַלעבעסל, זיי וואָלטען דאָך איהם צעריסען ווי א הערינג... א שוידער איז דורך זיין קערפּער ווען ער האָט געהערט די באַקאַנטמאַכונג, אז דער געוועזענער ווילנער שטאָט חזן וועט זיך שמד'ן כדי צו קאָנען הייראַטען מיט דער גרעפין

זאמאיסקא... ער האָט קוים פארענדיגט זיין מאַלציית, און אזוי שנעל ווי ער האָט אָפּגעבענשט, איז ער אריין צו זיך אין צימער.

ער האָט זיך אריינגעלייגט אין בעט. ער האָט זיך געפיהלט קראַנק. עס האָט איהם געוואָרפען אין היץ און אין קעלט, און ער איז שוין פארבליבען אין בעט דעם גאנצען טאָג. ווען ער איז ניט ארויסגעקומען פאר אָווענט־ברויט, איז שוין דער בעל אכסניה צו איהם אריין אין צימער און געפינענדיג איהם ליגענדיג אין בעט, האָט ער זיך צו איהם אָנגערופען:

— ווי איך זעה יונגער מאַן, זייט איהר ניט געזונט... זאָל איך שיקען נאָך א רופא?

— ניין. עס איז ניט נויטיג! — האָט יואל דוד געזאָגט — איך האָב זיך מן הסתם פארקעלטעוועט. עס וועט איבערגעהן.

— איך וועל הייסען די דינסט זי זאָל אייך אריינברייננגען דאָס עסען אין צימער — האָט ער געזאָגט.

— איך דאַנק אייך, אָבער איך בין ניט הונגעריג!

דער אייגענטימער האָט איהם ניט געוואָלט צופיל באלעסטיגען און ער האָט איהם צו־רוה געלאָזען.

יואל דוד איז געלעגען אין זיין בעט... זיינע געדאנקען זיינען איצט געווען פארנומען מיט דעם, וואָס עס איז געדרוקט געוואָרען אין דער קאָ־טווילישער צייטונג. עס איז ביי איהם קיין צווייפעל ניט, אז די נייעס וועט אויך באַלד דערגרייכען ווילנע... אויב דאָ אין דער אכסניה וואָס געפינט זיך אין א פארוואָרפען ווינקעל פון שטאָט, האָט מען זיך דערוואוסט... מוזען דאָך שוין אַלע אידען פון ווארשע וויסען, און אז די אידען פון ווארשע וויסען וועגען דעם, וועט שוין לאַנג ניט דויערען און די ווילנער אידען וועלען זיך אויך פון דעם דערוויסען... וואָס וועלען זיי זאָגען דערצו... זיי וועלען איהם אויך שילטען ווי היינט די אידען, וועלכע האָבען איהם אין זייער לעבען קיינמאָל ניט געזעהן. וואָס וועט חנה׳לע זאָגען אויף דעם, און וואָס וועלען זיין שווער און שוויגער זאָגען דערצו? זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך געוואָרפען ווי אין קאָנוואולסיען, ווען ער האָט פון דעם א טראַכט געטהאָן.

יואל דוד איז ארונטער פון זיין בעט, ער האָט גענומען ארומשפּרייזען היז און צוריק אין צימער... וואָס קען ער איצט מהאָן? קאָן ער זיך באַ־ווייזען אין ווילנע נאָכדעם ווי אַלע דאָרט גלויבען שוין אז ער האָט זיך גע׳שמד׳ט... ניין, ער וועט מעהר אהין ניט קאָנען קומען... מען וועט זיך פון איהם אָפּקעהרען, קיינער וועט מיט איהם ניט וועלען ריידען... זיי וועלען איהם האַלטען פאר א משומד. אפילו ווען ער זאָל לייקענען, וועט מען איהם ניט וועלען גלויבען... און ווי וועט ער קאָנען זיי קוקען אין די אויגען? ניין, ער קאָן זיך שוין צוריק אין ווילנע ניט אומקערען. יעדענפאַלס ניט אזוי שנעל. ער וועט דארפען אָפּריכטען גלות... ער וועט דארפען זיך גוט אויסלייטערען. ער וועט דארפען אָפּקומען פאר זיינע זינד. ווען ער וועט זיך האָבען גענוג אָנגעליטען, דאַן וועט ער זיך צוריקקעהרען. אפשר וועט מען איהם דאַן מוחל זיין...

ער האט זיך ווידער געלייגט אין בעט און זיין מח האט געפיבערט.

וואס איז מיט איהם געשעהן? ווי אזוי איז ער געקומען צו אזא מדרגה? ער קאן עס ניט פארשטעהן? דער שטן האט איהם געפאנגען אין זיין נעץ. א גרויל האט איהם ארומגענומען ווען ער האט בלויז א טראכט געטאן פון דעם וואס מען האט וועגען איהם געשריבען אין צייטונג... עס וואלט דאך ווירקליך געווען אמת, ווען ער כאפט זיך ניט אין צייט, ווען זיינע אויגען ווערען ניט געעפענט און ער דערזעהט ניט דעם טיפען אפגרונד אין וואס ער האט נאך א האר געקאנט ארייגפאלען...

יואל דוד האט זיך אויף מארגען געלאזט געהן זוכען א נאהענטען בית המדרש וואו ער וועט קאנען דאוונען פאר'ן עמוד צו זיין פאטער'ס יאהרצייט, וואס וועט זיין מארגען, צעהן טעג אין ניסן. ער האט לאנג ניט געדארפט זוכען. ער האט געפונען אן ארימען בית המדרש. ער איז אהין אריין און זיך געזעהן מיט דעם שמש. איהם געזאגט וועגען זיין יאהרצייט און געגעבען א מטבע. דער שמש האט איהם באטראכט, צוגעשאקעלט מיט דעם קאפ און איהם געזאגט אז ער זאל דאוונען ביים עמוד.

אין אווענט איז ער געקומען דאוונען מעריב. ער האט זיך געשטעלט ביים עמוד. ער האט געדאווענט רוהיג און געלאסען. ניט אויפהויבענדיג זיין שטימע צו הויך. ווען ער האט געזאגט קדיש און ניט געזאגט ויצמח פורקניה, האבען אלע שוין געוואוסט, אז ער איז א ליטוואק, און נאכ'ן דאוונען איז מען צו איהם צוגעגאנגען און איהם באשאטען מיט פ־אגען. יואל דוד האט ניט גערן געענטפערט. ער האט געזאגט, אז ער קומט פון א קליין שטעטעל אין ליטע און אז ער פאהרט דורך ווארשע און ער וועט דא פארבלייבען ביז איבער פסח.

אויף מארגען ווען ער האט זיך געשטעלט דאוונען פאר דעם עמוד און געזאגט חזרת הש"ץ, און ווען ער איז געקומען צו דער תפילה "סלח לנו אבינו כי חטאנו", — האט ער זיך פאנאנדערגעוויינט אוי: עס האט געדויערט עטליכע מינוט איידער ער איז געקומען צו זיך און פארטגעזעצט די שמונה עשרה.

די אידען פון בית המדרש האבען געזוכט ארייגצוגעהן מיט איהם אין א געשפרעך, זיי האבען געוואלט אויסגעפינען וואס מיט איהם האט פאסירט, אבער ער האט נאכ'ן דאוונען זיך אוועקגעזעצט אויף זיין פלאץ און גענומען זאגען תהלים.

ער האט געדאווענט אויך מנחה אין דעם זעלבען בית המדרש און געזאגט קדיש און ער האט באשלאסען אויפצוזוכען אן אנדער קלויז, וואו ער וועט קאנען דאוונען דעם גאנצען יום טוב פסח און קיינער וועט איהם ניט באלעסטיגען מיט פראגעס. ער איז געווען צופרידען, וואס די דאזיגע אידען זיינען ניט פון די אפערא געהער און האבען אפילו קיין אהנונג ניט וועגען איהם.

ער איז פארבליבען אין דער זעלבער אכסניה אויף פסח און דער בעל אכסניה האט איהם פארבעטען צו די סדרים. ער האט גענומען דעם כוס אין האנט צו מאכען קידוש אבער ער האט קיין ווארט ניט געקענט ארויס־

ריידען. ער האָט זיך דערמאָנט דעם ערשטען סדר אין ר׳ מרדכי׳ס הויז, ווען ער האָט אויסגעזונגען דעם קידוש און ער האָט אַלעמען באַצויבערט מיט זיין זינגען. דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון די עטליכע גליקליכע יאָהר, וואָס ער האָט נאָכדעם געהאַט. איצט איז אַלעס אַוועק מיט רויך... ער איז פאַרוואַרגעלט געוואָרען אין דער פרעמד... ווייט פון זיינע טייערסטע און ליבסטע... ער איז פאַרקראָכען אין א טיפען זומפּ און גאָט ווייסט ווי אַזוי ער וועט פון דעם אַרויסקריכען....

ווען ער האָט דערפיהלט די בליקען פון דעם בעל אכסניה און זיין משפחה אויף זיך, האָט ער זיך דערמאָנט אַז ער זיצט ביים סדר ביי א פרעמדען טיש און ער האָט מיט א נידעריגער שטימע געמאַכט קידוש.

אויף מאָרגען נאָך פסח, נאָכדעם ווי יואל דוד האָט באַצאָהלט דעם בעל אכסניה פאַר דער גאַנצער צייט, האָט ער גענומען זיינע פּעקלאַך און איז אַפּגעפאָהרען פון ווארשע.

⁂

כאָטש עס זיינען שוין פאַראיבער עטליכע וואָכען זינט יואל דוד האָט פאַרלאָזען ווארשע און געוואַנדערט פון שטאָדט צו שטאָדט, איז ער נאָך אַלץ ניט געקומען צו זיך פון דער שטאַרקער אויפטרייסלונג וואָס עס איז פאָרגעקומען אין זיין נשמה. ער איז נאָך אַלץ געווען ווי אין א קאָשמאַר... ער פלעגט קומען אין א פרעמדער שטאָדט און גלייך אַוועקגעהן אין בית המדרש, וואו ער פלעגט זיצען און לערנען, און ווען ער האָט געפיהלט אַז מען פאַנגט איהם אָן דערקענען, פלעגט ער אויף מאָרגען גלייך פאַרשווינדען.

אַזוי וואַנדערענדיג איז ער געקומען קיין אויסלאַנד. געלט האָט ער ביי זיך געהאַט פלעגט ער פונדעסטוועגען איינשטעהן אין א ביליגער אידישער אכסניה, כדי ניט צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון די מענשען וועלכע האָבען פון איהם געהערט און וואָלטען איהם געוויס דערקענט. ער פלעגט גאַנץ אָפט אָפּזיצען טעג און נעכט אין בית המדרש און לערנען. און ווען קיינער איז ניט געווען אַרום פלעגט ער זיך שטילערהייט צעגעהן אין א גמרא ניגון׳דעל וואָס פלעגט אין איהם אויפפרישען די זכרונות פון זיינע יונגע יאָהרען ווען ער פלעגט זיצען אין א בית המדרש אין ווילנע און לערנען גמרא. דאַן פלעגט ער פלוצלונג שטיל ווערען און זיינע געדאַנקען זיינען פאַרנומען געוואָרען מיט זיין חנה׳לען מיט זיין קליין טעכטערל פון וועמען ער האָט שוין באַלד א יאָהר ניט געהערט. אָ, ווי שטאַרק זיי מוזען דאָרט ליידען, זיינע טייערע. ער האָט זיך וועה געטאָן און נאָך מעהר יסורים האָט ער פאַרשאַפט צו די וועלכע זיינען איהם טייער פון אַלעס אין דער וועלט.

יואל דוד האָט געטראַכט פון אומקעהרען זיך צוריק אהיים, אָבער ער האָט זיך א נדר געטאָן אָפּצוריכטען גלות דריי יאָהר צייט פאַר די זינד וואָס ער איז באַגאַנגען... יאָ, ער וועט נאָך דאַרפען וואַנדערען צוויי און האַלב יאָהר, און זיך וואַלגערען אין דער פרעמד... ער האָט זעהר ווינציג גערעדט מיט מענשען, אויס מורא אַז מען זאָל זיך ניט דערוויסען ווער ער איז.

יואל דוד האָט גענוג דורכגעמאַכט ביז וואַנען ער האָט דערגרייכט

ווילנע. קיין געלד האָט ער ניט געהאַט, זיינע בגדים זיינען אויסגעטראָגען און פאַרלאַטעט, זיין פּנים איז געווען באוואַקסען, די האָר פון זיין קאָפּ האָט ער שוין מעהר ווי א יאָהר ניט ארומגעשאָרען. ער איז אָנגעקומען אין ווילנע א פּאָר וואָכען פאַר פּסח. ער איז אריין אין א בית המדרש אויפ'ן שוהל־הויף. דאָרט וואו די שנאָרער און בטלנים האָבען זיך געוואַלגערט. קיינער האָט איהם ניט דערקענט. ער האָט איבערגענעכטיגט אויף א הארטער באַנק אין פּאָלעש פון בית המדרש און ער האָט געגעסען א שטיקעל ברויט מיט וואַסער.

ער האָט פריהער געהאַט אין זינען צו קומען אהיים. אָבער ווען ער האָט דערזעהן זיין פּנים דורך א שויב פון א פענסטער, און ער האָט זיך אליין ניט דערקאָנט, האָט ער באשלאָסען צו בלייבען דערווייל אין בית המדרש. ער איז דאָך א זינדיגער, ער האָט זיך מטמא געווען, די סטרא אחרא האָט איהם ביינעקומען. און כאָטש ער האָט געלייטערט זיין נשמה, כאָטש ער האָט געפּייניגט זיין גוף שוין דריי יאָהר צייט, האָט ער אָבער נאָך אַלץ ניט דערגרייכט די מדרגה אז ער זאָל זיין ווערט צו זיין דער מאַן פון חנה'לען, די ריינע כשר'ע נשמה וועמען ער האָט פארשאַפט אזוי פיעל יסורים, אזוי פיעל טרויער.

ער האָט זיך געפיהלט אזוי נישטיג, אזוי דערשלאָגען, אז איהם האָט זיך געדוכט אז ער האָט פארלאָרען די גאַנצע ווירדע פון א מענשען. ער איז איצט פּונקט ווי איינער פון די וועלכע וואַלגערען זיך ארום ביינאַכט אויף די הארטע בענק אין בית המדרש, און בייטאָג געהען זיי איבער די הייזער שנאָרען.

ווי אזוי קען ער איצט קומען צו זיין פרוי, צו זיין שווער און שוויגער און צו זיין קינד?... וועט ער זיי קענען קוקען אין די אויגען?...

ליגענדיג אזוי אויפ'ן הארטען באַנק האָט ער געטראַכט פון יענער צייט ווען ער האָט באשלאָסען צו פאַרלאָזען ווילנע און ער האָט גענומען שטעלען אזעלכע פאָדערונגען וואָס ער האָט געוואוסט אז זיי וועלען עס ניט קענען נאָכקומען... ער געדענקט ווי חנה'לע האָט זיך ביי איהם געבעטען ער זאָל ניט פאָהרען, אז ער זאָל בלייבען שטאָט־חזן אין ווילנע, וואו איהם האָט ניט געפעלט ניט קיין כבוד און ניט קיין געלד... ער געדענקט ווי זיין שווער און שוויגער האָבען מיט איהם גע'טענה'ט און זיי האָבען איהם געזאָגט אז ער וועט חרטה האָבען... איצט זעהט ער ווי גערעכט זיי זיינען אַלע געווען... ער האָט ניט געקענט אָפּשאַצען זיין גליק... ער האָט געזוכט מעהר גליק... אזוי איז שוין דער מענש, ער איז קיינמאָל ניט צופרידען, שטענדיג זוכט ער צו קריגען מעהר וויפיעל ער איז ווערטה... דריי און א האַלב יאָהר זיינען פאַרלאָפען זינט ער האָט פארלאָזען זיין חנה'לען און וויפיעל ער האָט שוין דורך דער צייט דורכגעמאַכט... כילא, ער האָט עס פאַרדינט, אָבער זיין אָרימע אומגליקליכע חנה'לע פאַרוואָס קומט איהר אזוי פיעל צער צו לייד־דען!... זי איז דאָך אזוי אומשולדיג... ער פיהלט זיך ווי א צובראָכענער שארבען... קיינער דערקענט איהם ניט, קיינער קוקט זיך אויף איהם ניט אום.

אָט איז שוין באַלד פּסח. וואָס וועט ער טאָן... וואו וועט ער איינ־

שטעהן, ווי אזוי וועט ער קענען זיך באהערשען... ער האָט געהערט פון די אנדערע בטלנים און שנאָרער אז מען וועט פאר זיי פּראווען א סדר אין הכנסת אורחים, און אז יעדער פון זיי וועט באַזאָרגט ווערען מיט משקה. אוי, צו וואָס ער האָט זיך דערלעבט...

אָט איז געקומען דער ערשטער סדר. יואל דוד און די אנדערע פאר־וואָגעלטע און אָרימע זיינען געזעסען ביי א לאנגען געדעקטען טיש, און מען האָט יעדען געגעבען וויין, מצה, פלייש און זופּ... איינזיגע האָבען געמאכט קידוש הויך אויפ'ן קול, אנדערע האָבען געזאָגט די הגדה. ער, יואל דוד האָט קוים עפּעס פארזוכט... ער האָט אָנגעגאָסען א כוס וויין און ער האָט אין דער שטיל אָפּגעזאָגט דעם קידוש.

די טרערען האָבען איהם געשטיקט און ער האָט אפילו ניט געקענט אויס־זופּען דעם גאנצען כוס וויין. ער האָט געזעהן פרעמדע מענשען, מענער און פרויען וועלכע האָבען זיך מתעסק געווען אין הכנסת אורחים און האָבען געזעהן אז יעדער איינער זאָל האָבען גענוג צו עסען... ער האָט אָבער קיין אַפּעטיט ניט געהאט. איהם האָט געוואָרפען אין קעלט און אין היץ... אין קאָפּ האָט איהם גערוישט און געזשומעט און ער איז צוריק אוועק אין בית המדרש און זיך געלייגט אויף דער הארטער באנק.

## קאפּיטעל 30

כּאָטש אלעמען אין ר' מרדכי'ס הויז איז געווען טרויעריג אויפ'ן האר־צען, האָט מען דאָך דאָרט געפּייערט דעם סדר ווי אלע מאָל. ר' מרדכי האָט געזאָגט אז איצט איז יום טוב און מען דאַרף פארגעסען אויף א ווײַלע אין אלע צרות. ער האָט ניט דערלאָזט מען זאָל וויינען.

חנה'לע איז געזעסען נעבען איהר מאמע. זי איז געווען איינגעהילט אין א ווייס טיכעל, און כאָטש איהרע אויגען זיינען שוין רויט געוואָרען פון וויינען, האָט זי זיך דאָך באהערשט און געשוויגען. זי האָט ניט געוואָלט פארשטערען דעם סדר.

ר' מרדכי האָט געמאכט קידוש, און חנה'לע האָט אויף שנעל אָפּגעזאָגט דעם "מה נשתנה"... און מען האָט אָנגעהויבען זאָגען די הגדה.

עס האָט געהערשט אַן אָנגעשטרענגטקייט ביים סדר טיש, אָבער אלע האָבען ארויסגעוויזען זעלבסט־באהערשונג. דער סדר אין ר' מרדכי'ס הויז איז ניט פארשטערט געוואָרען.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז ר' מרדכי אוועק דאווגען אין שוהל, יאכע איז פארבליבען אין הויז מיט חנה'לען. זי האָט ניט געוואָלט זי אי־בערלאָזען אליין.

זינט יואל דוד האָט פארלאָזען די ווילנער שטאָט־שוהל, איז די שוהל זעהר זעלטען געווען געפּאַקט, אָבער היינטיגען פסח האָט מען געערדט, וועט דאווגען א חזן אויף פּראָבע און אז ער וועט אויסנעהמען וועט מען איהם אָנשטעלען אלס שטאָט־חזן. און דעריבער איז די שוהל געווען געפּאַקט.

דער חזן האָט געדאַווענט און ער האָט ניט אַזוי שטאַרק אויסגענומען, און אידען האָבען געקריַמט מיט די נעזער און געשאָקעלט מיט די קעפּ.

— נאָך דעם ווילנער באַלעבעסעל, דוכט זיך מיר, אַז קיין חזן וועט ניט אויסנעהמען!

— נו, וואָס איז דאָ וואָס צו ריידען.

— נו, נו, קריאת התורה! — האָט איין איד אַ מאַך געטאָן מיט זיין האַנד, אַנדייטענדיג, אַז מען טאָר ניט ריידען בעת קריאת התורה.

---

אין שטאָט־שוהל, גאָר פון הינטען, איז געשטאַנען יואל דוד איינ־געוויקעלט אין אַ צעריסענעם טלית...איז ער געקומען זעהר פריה און האָט געדאַווענט מיט גרויס כוונה...

אַט האָט דער חזן גענומען זאָגען דעם חזרת הש"ץ פון מוסף. און אין דוד'ס מוח האָבען זיך גענומען פּלאָנטערען פאַרשידענע געדאַנקען. ער האָט זיך דערמאָנט אַן דעם ערשטען פסח ווען ער האָט געדאַווענט מוסף... עפּעס האָט איהם גענומען פּיבערען... ער זעהט קיין זאַך ניט אַרום זיך... ער הערט בלויז דעם חזן זינגען ותתן לנו... און פאַרענדיגט: זכר ליציאת מצרים.

אין שוהל ווערט שטיל. דער שמש גיט אַ קלאַפּ אַלס צייכען אַז דער חזן וועט נעהמען זינגען דעם "ומפּני חטאינו".

פּלוצלונג דערהערט זיך אַ שטימע פון דעם הינטערשטען טייל פון שוהל. די שטימע פאַנגט אָן צו זינגען "ומפּני חטאינו". עס ווערט אַ טומעל, אַ פּאַ־טשעריי. אָבער וואָס ווייטער ווערט די שטימע אַלץ העכער און שעהנער.

— דער ווילנער באַלעבעסעל! דער ווילנער באַלעבעסעל! — האָבען זיך גענומען הערען שטימען.

— שאַ, שאַ!! — האָט דער שמש געקלאַפּט. אין שוהל איז געוואָרען רוהיג.

יואל דוד האָט פאַרגעסען וואו ער איז. איהם האָט זיך געדוכט אַז ער שטעהט עס ביים עמוד... ער האָט גענומען זינגען ווייטער... "ונתרחקנו מעל אדמתנו"...

— יואל דוד! יואל דוד לעבט! — האָט ר' מרדכי אויסגערופען און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום פּלאַץ פון וואַנען די שטימע איז געקומען.

פון דער ווייבערשער שוהל האָט זיך דערהערט אַ געשריי און ווייבער האָבען גענומען שרייען: גיכער, גיכער, וואַסער, וואַסער, ריינקע האָט גע־חלש'ט.

יואל דוד ווייסט גאָר ניט וואָס עס טוט זיך אַרום איהם, — זינגט מיט אַלע זיינע קרעפטען און זיין שטימע קלינגט אַזוי העל, אַזוי שעהן, אַזוי הויך און אַנגענעם פּונקט ווי אַמאָל. דער עולם בלייבט שטעהן ווי צוגע־שמידט צום פּלאַץ... ער הערט מיט גרויס פאַרגאַפונג... און יואל דוד זינגט ווייטער: יהי רצון מלפניך... מלך רחמן, שתשוב ותרחם עלינו ועל מקדשך ברחמיך הרבים. ער צעגעהט זיך מיט זיין שטימע און אַ גרויס געוויין ברעכט אויס אין שוהל...

ר' מרדכי איז צוגעלאָפען צו יואל דוד'ן... ער האָט געזעהן ווי ער

שטעהט און זינגט און האלט די הענט אויסגעשפרייט ווי ער וואלט זיך גע־בעטען ביי גאָט ער זאָל רחמנות האָבען אויף איהם.

— יואל דוד! יואל דוד! — האָט ר׳ מרדכי איהם אָנגעריהרט. יואל דוד׳ס שטימע איז פּלוצלונג שטיל געוואָרען... און ווען ר׳ מרדכי און נאָך אידען וואָלטען איהם ניט צוגעהאלטען, וואָלט ער געפאַלען צום באָדען.

— דער ווילנער באלעבעסעל איז צוריק געקומען! דער ווילנער באלע־בעסעל איז דאָ! — האָבען זיך געהערט פרעהליכע שטימען. א דאנק גאָט ער איז צוריקגעקומען.

— וואסער, ברענגט וואסער! ער האָט גע׳חלש׳ט!...

די מתפּללים האָבען זיך א לאָז געטאָן פון זייערע פּלעצער. עס איז געוואָרען א טומעל, א געלאָף און א געדרענגעניש...

מען האָט געבראכט וואסער פון האנט־פאס און איהם קוים אָפּגעמינ־טערט... אָבער ער איז געווען אזוי שוואך, אז ער האָט זיך קוים געהאלטען אויף די פיס...

מען האָט שוין דעם דאווגען איז שוהל ניט געענדיגט. דער חזן האָט אויף שנעל אָפּגעזאָגט דעם חזרת הש״ץ פאר בלויז א פּאָר צעהנדליג אידען, וועלכע זיינען פארבליבען אויף זייערע פּלעצער.

ר׳ מרדכי, ר׳ שמעון און נאָך איינעגע אידען האָבען געהאָלפען יואל דוד׳ן און איהם געפיהרט אונטער׳ן אָרעם צו ר׳ מרדכי׳ס הויף.

ריינקע האָט אויך גע׳חלש׳ט ווען זי האָט געהערט יואל דוד׳ס שטימע און ווען מען האָט זי דערמינטערט האָט זי אויסגערופען:

„מיין יואל דוד, מיין חנה׳לעס מאן, ער לעבט!

בארוהיג זיך מיין שוועסטער, — האָט חוה איהר געזאָגט און איהר צוגעלייגט א נאסען האנטוך צום שטערען.

— נו, גאָט צו דאנקען, גאָט צו דאנקען, — האָבען די ווייבער איהר ארומגערינגעלט.

— פון איצט אָן זאָלט איהר שוין מעהר קיין צער ניט וויסען, רופט זיך צו איהר אָן א אידענע.

— קומט, מיר וועלען מיט אייך געהן אהיים, — האָבען איינעגע ווייַ־בער זיך אָנגעבאָטען, — איהר זייט אָפּגעשוואכט געוואָרען.

— יאָ, לאָמיר געהן. מען וועט שוין היינט ניט ענדיגען דאווגען.

א קליינינקייט, דער ווילנער באלעבעסעל האָט זיך אומגעקערט.

— איי האָט מען נאָך איהם געבענקט! נו, געלויבט איז זיין הייליגער נאָמען.

— קום ריינקע, מיין טייערע שוועסטער, — האָט זיך חוה אָנגערופען און זי גענומען אונטער׳ן אָרעם.

א גרויסע צאָהל אידען מיט די טליתים שנעל צוזאמענגעלייגט אונ־טער זייערע אָרימס האָבען באגלייט דעם ווילנער באלעבעסעל, וועלכער איז געווען אָנגעשפּארט אויף זיין שווער און אונטערגעשטיצט פון ר׳ שמעון.

יאכע האָט באמערקט, אזא מחנה אידען און אידענעס קומען אָן אין דער ריכטונג פון הויף...

—חנה'לע, גיב נאָר א קוק, — האָט זי זיך צו איהר אָנגערופען, — זעה וויפיל אידען עס געהען אהער.

חנה'לע האָט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטערל און אויסגערופען:

— אוי, איך זעה כיין טאטען! ער פיהרט עפעס אימיצען. אוי גאָט וואָס!

זי האָט שנעל ארויפגעכאפט א פאטשיילקע אויף איהר קאָפּ און איז ארויסגעלאָפען פון הויז!

— וואָס האָט פאסירט? — האָט זי געפרעגט א פרוי, וועלכע איז געגאנגען פאָראוים.

— אָ, חנה'לע! — האָט יענע פרוי אויסגערופען, — דיין מאַן איז דאָך געקומען. אָט פיהרט מען איהם. ער האָט געזונגען אין שוהל און האָט אוועקגע'חלש'ט.

פייל אויסען בויגען איז חנה'לע צוגעלאָפען און דערזעהענדיג דעם פאַרוואקסענעם, אָבגעריסענעם און אָפּגעשליסענעם יואל דוד'ן האָט זי איהם קוים דערקענט. זי האָט ארויסגעלאָזען א קוויטש און איז איהם געפאלען אויפ'ן האלז...

— נו, קום, חנה'לע, לאָמיר איהם ארויפפיהרען אין הויז. ער דאַרף האָבען א סך רוה... געלויבט איז גאָט, אבי ער לעבט! — האָט רייזקע זיך צו איהר אָנגערופען.

חנה'לע האָט געוויינט פון פרייד. זי האָט גענומען יואל דוד'ן אונטער זיין אָרעם וואָס ר' שמעון האָט פריהער געהאלטען און זיי האָבען איהם אריינגעפיהרט אין הויז.

ר' מרדכי האָט געבעטען די אלע אידען, וועלכע זיינען נאָכגעגאנגען, אז זיי זאָלען געהן אהיים.

מען דאַרף איהם ניט שטערען. ער דאַרף האָבען רוה! — האָט ער זיך מיט געבעט אין זיין שטימע צו זיי געווענדעט.

די אידען זיינען זיך צעגאנגען. מען האָט יואל דוד'ן אריינגעפיהרט אין הויז. חנה'לע האָט איהם געהאָלפען זיך לייגען אין זיין בעט, וואָס איז געווען אויסגעבעט די גאנצע צייט.

יאכע איז צוגעלאָפען צו איהם און גענומען וויינען און שרייען. אָ, מיין יואל דוד! גאָט צו דאנקען דו לעבסט!

רייזקע האָט איהר קוים אוועקגעריסען פון איהם.

— ער איז זעהר קראנק, יאכע, און מען דאַרף איהם ניט אויפרעגען.

— אָט וועל איך געהן רופען דעם דאָקטאָר, — האָט ר' מרדכי געזאָגט און איז ארויס פון הויז.

דער דאָקטאָר איז געקומען. ער האָט איהם באטראכט און ער האָט געזאָגט:

— ער איז שטארק אויסגעהונגערט און ערשעפּט פון ניט עסען און ניט שלאָפען. ער מוז האָבען א סך רוה און גוטע פלעגע, ביז וואנען ער וועט צו זיך קומען.

— דאָקטאָר! — האָט חנה'לע געווישט איהר אויגען און איהם אָנ־געקוקט.

— זאָרג ניט, ער וועט זיין געזונט! — האָט דער דאָקטאָר איהר פאַר־זיכערט, — מען דאַרף איהם געבען אביסעל הינערשע זופּ און א שטיקעל הוהן, ניט קיין סך... ביסלעכווייז דאַרף מען איהם שפּייזען...

א גאַנצען טאָג און א גאַנצע נאַכט איז יואל דוד געלעגען אויף זיין בעט כמעט ווי באַוואוסטלאָז. חנה'לע איז פון איהם ניט אָפּגעטראָטען. זי האָט איהם פּרובירט שפּייזען, אָבער ער האָט גאָר ווייניג גענומען.

אויף מאָרגען איז ער צו זיך געקומען... ער האָט אויפגעעפענט זיינע אויגען און דערזעהענדיג חנה'לען האָט ער מיט א שוואַכע שטימע אויס־געררופען:

— חנה'לע!

— מיין ליבער, מיין טייערער מאַן! — האָט חנה'לע איהם אַרומ־גענומען און איהם ניט אויפגעהערט צו קושען. דאַן האָט זי אויסגערופען:

— מאַמע, מאַמע, קום אריין! ער רעדט שוין. ער האָט מיך דערקענט!

— אוי, רבונו של עולם, א דאַנק דיר! — האָט ריינקע אויסגערופען.

דעם ערשטען טאָג חול המועד פּסח האָט שוין יואל דוד געקאָנט אַרונ־טערגעהן א ווײלע פון בעט. חנה'לע האָט איהם אַרומגעוואַשען און פאַר־קאַמט. ער האָט אָנגעטאָן זיינע בגדים, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט ווען ער איז אוועק פון הויז.

יואל דוד האָט דערצעהלט פאַר חנה'לען מיט אַלע איינצעלהייטען אַלץ וואָס מיט איהם איז פּאַרגעקומען. ביידע האָבען ביטער געוויינט.

דבורה'לע האָט שוין געוואוסט, אַז איהר טאַטע איז געקומען, אָבער מען האָט איהם געזאָגט, אַז איהר טאַטע איז זעהר קראַנק און זי טאָר איהם ניט שטערען. זיי האָבען ניט געוואָלט ער זאָל זיך אויפרעגען ווען ער וועט זי דערזעהן און דאָס קאָן איהם נאָך שאַדען. יעצט, אָבער, אַז ער האָט זיך געפיהלט קרעפטיגער, האָט מען זי שוין אריינגעלאָזען.

יואל דוד האָט זי גענומען אויף זיינע הענט און זי געדריקט צו זיך.

— מיין קינד, מיין טייערער קינד — האָט ער גענומען וויינען.

— נו, יואל דוד, קרויז, הארץ, וויין ניט, פון איצט אָן וועלען מיר שוין אַלע זיין גליקליך, — האָט חנה'לע איהם אַרומגענומען. מיר וועלען זיך קיינמאָל ניט צעשיידען איינע פון צווייטען.

— יאָ, מיר וועלען אַלע גליקליך זיין! — האָט יואל דוד געענטפערט. מיר האָבען זיך שוין גענוג אָנגעליטען.

— פון איצט אָן און ווייטער וועט זיין ליכטיג אין אַלע ווינקעלאַך — האָט חנה'לע געזאָגט... און ווידער וועל איך הערען ווי די אידען וועלען זאָגען: "היינטיגען שבת וועט דאַוונען דער ווילנער באַלעבעסעל"...

**שלום.**